מייער יעלין

# זייערע בליקן האָבן זיך באגעגנט

סאָוועטסקי פּיסאטעל
מאָסקווע
1972

צווישן די ווערק פון דער ייִדיש־סאָוועטי־
שער ליטעראַטור, וואָס שפּיגלען אָפּ די יאָרן
פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע און דעם
העלדישן קאַמף מיט די פאַשיסטישע פאַר־
כאַפּער, טיילט זיך אויס מיט איר וואָרהאַפּ־
טיקייט און קינסטלערישער מייַסטערשאַפט די
שאַפונג פונעם באַוווּסטן שרייַבער מייער
יעלין, וועלכע איז דורכגעדרונגען מיט טיפן
גלויבן אינעם מענטש און אינעם אומבאַזיג־
באַרן קויעך פון פעלקער־פרייַנטשאַפט.

פיל פון די דראַמאַטישע געשעענישן, וועל־
כע ווערן געשילדערט אינעם דאָזיקן בוך,
האָט דער אויטאָר אַליין איבערגעלעבט אין
דער קאָוונער געטאָ בייס דער היטלעריסטי־
שער אָקופּאַציע פון ליטע. דאָרט, הינטערן
שטעכדראָט, האָט מ. יעלין אָנגעשריבן א
באַדייַטנדיקן טייל פון די דערציילונגען און
נאָוועלן, וואָס זייַנען אייַנגעשלאָסן אינעם
בוך „זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט”.
אַליין אַן אָנטיילנעמער פון דער ווידער־
שטאַנד־באַוועגונג, מאָלט דער אויטאָר באַ־
זונדערס בולעט די העלדישקייַט, וועלכע
ס'האָבן אַרויסגעוויזן די סאָוועטישע מענטשן
אין די געטאָס און טויט־לאַגערן.

א טייל פון די דאָזיקע דאָקומענטאַלע דער־
ציילונגען און נאָוועלן זייַנען איבערגעזעצט
אַף א ריי שפּראַכן און זייַנען באַוווּסט דעם
סאָוועטישן און אויסלענדישן לייענער.




דערציילונגען,
נאָוועלן

# ס'פרעגט די וועלט...



ײַן דערוואקסענע — מענער און פרויען פון פארשיידענעם עלטער — און א צענכאדאָשימדיק קינד ווארטן אפן טויט אין אן ארעסטשטיבל פון א קליין ליטוויש שטעטעלע. ווען אויפעלע קאָן מען עס, אייגנטלעך, ניט זאָגן. וואָס פארשטייט עס? עס ליגט פארטײַעט אינעם קינדער־וועגל, וועלכן די פּאָליצײַען האָבן אינעם געדראנג און אין דער פינצטערניש, אפּאָנעם, ניט באמערקט און געלאָזט די מענטשן ארײַנפירן מיט זיך. דאָס קינד ליגט און שווײַגט, ווי עס וואָלט געשפּירט, אז מע טאָר איצט קיינעם ניט דערקוטשען.

אלע שווײַגן. אייניקע האָבן, אײַנשפּאנענדיק די לעצטע קויכעס, דערטאפּט אין דער פינצטער א נארע און זיך אײַנגעמאָסטעט אף איר. די אנדערע, אינגאנצן אויסגעשעפּטע, האָבן זיך אראָפּגעלאָזט שטום אפן דיל. בלויז איינער, א מאנצבל אין א ברייט צעשפּיליעט העמד, סטארטשעט באם פענצטער פון דער טפיסע־קאמער. די פאנאנדערגעשפּרייט אופגעהויבענע הענט — אײַנגעקלאמערט אין די גראטעס, הינטער וועלכע ס'איז געבליבן די אָקאָרשט פארלאָזטע וועלט, — אן אײַנגעהילטע אינעם ווייכן סאמעט פון א ווארעמער זומער־נאכט. אינעם פענצטער איז צעבראָכן א שײַבל. ציט דער מאנצבל הילכיק אין זיך די ארײַנשטראָמענדיקע כּיעסדיקע לופט, ווי וועלנדיק אָנעטעמען זיך אף דער גאנצער צײַט, וואָס איז נאָך געבליבן צו לעבן.

אויסגעשעפּטע, טויט־מידע, פארגליווערטע, ווארטן אלע, מע זאָל זיי ארויספירן אין לעצטן וועג... קיינער ברענגט ניט ארויס די דאָזיקע מאכשאָווע איבער די ליפּן. עמעצער דערוועגט זיך אפילע צווייפלען, צי זייער גוירל איז טאקע געכאסמעט, כאָטש מע האָט אלעמען ארײַנגעטריבן אהער ווי פארורטיילטע צום טויט: אלץ צוגענומען, אפילע די נאָזטיכלעך און שוכשנירלעך. בא די מענער — די שלייקעס און רימענס...

דער אדוואָקאַט, וואָס געפינט זיך צווישן די פאַרשפּאַרטע, וואָלט גע־
קאָנט אויפקלערן, אַז אַזוי איז מען זיך נויהעג מיט איטלעכן, ווען ס׳איז
באַשערט פאַרשפּאַרט צו ווערן הינטער גראַטעס. דעריבער איז פּריצײַטיק
צו מאַכן פּעסימיסטישע אויספירן. נאָר ווער וועט זיך לאָזן באַרויִקן?

„דער, וועמ ס׳איז געלאָפן מיט די באָלשעוויקעס, ווערט אַרעסטירט און
שטרענג באַשטראָפט!" — שרײַען די רויטע מעלדונגען פון דער היטלערי־
שער מאַכט צו דער אָרטיקער באַפעלקערונג.

און זיי זײַנען דאָך געלאָפן. דערצו זײַנען זיי ייִדן...

אַז זיי האָבן ניט אַף וואָס צו האָפן, קאָן מען פאַרשטיין אויך פון אַזאַ
פּראַט: איידער מע האָט זיי פאַרשפּאַרט, האָט איינע פון די פרויען גע־
בעטן אַ טרונק וואַסער. האָט אַ פּאָליצײַ זי מיט רעציכע אַרײַנגעשטופּט אין
טפּיסע־קאַמער, אויסרופנדיק: „אַף יענער־וועלט וועסטו זיך אָנטרינקען!"

ס׳איז קורץ די זומער־נאַכט. דורכן טפּיסע־פענצטער זעט זיך דער אויפ־
העלנדיקער מיזרעך: אַ ראָזלעכער — באַם האָריזאָנט, אַ געלבלעך־פיִאָלע־
טעווער — אַ ביסל העכער, אַ גרין־בלוילעכער — נאָך העכער. דער הימל
איז מעקאַבל־פּאָנעם די אויפגייענדיקע זון, מאַכנדיק איר אַ פאַרבנרײַכע
וואַרע.

„צי מוז מען שיסן מענטשן דאַפקע באַ זונשײַן? — טראַכט דער מאַנצבל
באַם פענצטער. — עס זאָל נאָך שווערער זײַן דאָס שיידן זיך פון לעבן?"

אין דער וועלט, וואָס איז געבליבן אַף יענער זײַט פענצטער, באַגעגע־
נען פייגל דעם נײַעם טאָג מיט אַן אומרויִקן געצוויטשער. מענטשן וואָלטן
אויך געדאַרפט דערוואַכן, זיך פעדערן, אויפשטיין. אָבער די פאַרשפּאַרטע
אינעם אַרעסט־שטיבל ווערן דאַפקע איצט פאַרכאַפּט פון אַ זיסן דרעמל —
דעם זיסטן אין זייער לעבן. וואַך זײַנען בלויז די מוטער באַם קינד אינעם
ווענגל און דער מאַנצבל באַם פענצטער. פון הינטער די גראַטעס זעט ער,
ווי דער נײַער טאָג, אַזאַ לויטערער און אומשולדיקער, לאָזט זיך טמימעס־
דיק אַראָפּ אַף דער ערד.

אין דער פרימאָרגן־דעמערונג נעמען זיך אויסטיילן די קעגנשטאַנדן
אויך אין דער טפּיסע־קאַמער. דער וואַכנדיקער מאַנצבל רײַסט אַרויס פון
זײַנעם אַ שוך דאָס טשוועקל, מיט וועלכן ער האָט אונטערוועגנס געהאַט
צוגעקלאַפּט די אָפּגעריסענע זויל, און הייבט מיט אים אָן עפּעס אויסקריצן
אינעם וואַנט־טינק לעבן פענצטער. צוערשט מיט געשריבענע אויסיִעס איין
וואָרט, זײַן פאַמיליע: „עווענטאָוו". דאַן גייט ער אָפּ אין אַ זײַט און אַזוי
הויך, ווי עס גרייכט די האַנט, קריצט ער אויס מיט געדרוקטע אויסיִעס
שוין צוויי ווערטער: „נאָכעם עווענטאָוו". אין אַ זײַטיק ווינקל — ווי־
דער: „נ. עווענטאָוו". זײַן פרוי און טעכטערל, ווען אָפּטרעטנדיקע אַף
מיזרעך סאָוועטישע שלאַכטלײַט האָבן אַרופגענומען צו זיך אַף אַ מאַשין,
זאָלן ווען־ניט־איז זיך דערוויסן, ווו ס׳איז אהינגעקומען דאָס געביין פון
זייער מאַן און פאָטער. זאָל מען ביכלאַל וויסן, ווו ס׳איז אומגעקומען דער
זשורנאַליסט נאָכעם עווענטאָוו... צו זײַן נאָמען און פאַמיליע דערשרײַבט
ער: „20 יול 1941". ער פירט אַ כעזשבן פון די טעג און ווייסט גענוי די
הײַנטיקע דאַטע. דאָס טשוועקל וואַרפט ער דאַן אַרויס דורכן אויסגעזעצטן

שײַבל. צו דער גרוב וועט ער זיך דערשלעפּן אויך מיט דער אַפּגעריסענער זויל...

דאָס קינד שלאָפט. די מוטער, זיצנדיק אַפן ראַנד פון דער נאַרע, לענט אָן דעם קאָפּ אינעם וועגל. ענדלעך דרעמלט זי אײַן, נאָר כאַפּט זיך יעדע ווײַלע אויף. דער זשורנאַליסט וואַכט נאָך אַלץ באַם פענצטער. ער שטייט דאָרט ווי פריִער — דאָס העמד צעשפּיליעט, די הענט אײַנגעקלאַמערט אין די גראַטעס און דאָס פּאָנעם געווענדט צום קילבלעכן, דערפרישנדיקן ווינטל. אָן אופהער ציט ער אים אַרײַן אין זיך, טראַכטנדיק דערבײַ: „ווער־ווער, נאָר איך האָב ניט אַף וואָס צו האָפן. מײַנע אַרטיקלען קעגן די נאַ־ציס, קעגן פאַשיזם... פאַר מיר איז אָט די נאַכט זיכער די לעצטע".

הינטערן פענצטער — גערטענער, סעדער, באַהויכטע מיטן פּורפּור פון דער אופגײיענדיקער זון. מע זעט דײַטלעך, אַז דאָס אַרעסט־שטיבל איז אין עק שטעטל. ס'איז אָן אַלט, נידעריק הײַזל, וואָס איז איצט „אויס נויט" — צוליב דער גרויסער צאָל אַרעסטן — פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טפיסע. אַפן צעשפּאָלטענעם און זיך קרישלענדיקן טינק זײַנען פאַראַן סימאָנים פון אָנגעמאָלטע בונטע בלומען. צוויי פענצטער זײַנען פאַרקלאַפּט מיט ברעטער. דאָס דריטע — פאַרשטעלט מיט גראַטעס. דורך די־אָ גראַטעס זעט ער די וועלט און פון צײַט צו צײַט — אָן אײַלנדיקן מענטשן. וווהין אײַלט ער? מיט וואָסערע קאַוואָנעס אײַלט ער?

„ער אײַלט אַוואַדע טאָן שלעכטס זײַנעם אַ שאָכן, זײַנעם אַ ברודער. באַרויבן, מאָרדעווען אַנדערע מענטשן"... — ביטערע געדאַנקען אַקערן ווייטעקדיק דעם מויעך. און דער פאַרדראָס, האַלעמײַ ס'איז אויסגעקומען צו לעבן מיט מענטשן אונטער איין הימל און אַף איין ערד, בריט דאָס האַרץ.

ענדלעך קערט זיך עווענטאָוו אָפּ פון דער וועלט, וואָס דרינגט דורך די גראַטעס צו אים אין טפיסע אַרײַן. ער שאַרט זיך אַוועק פאַזע וואַנט און נעמט באַטאַפּן די ברעטער, מיט וועלכע ס'איז פאַרקלאַפּט איינס פון די פענצטער. שוואַך זײַנען זיי צוגעקלאַפּט, די ברעטער, וויגן זיך. פאַלט אים אײַן: מע וואָלט געקאָנט אָפּרײַסן עטלעכע פון זיי און אַנטלויפן. די פּאָליצײַען דרעמלען אַוואַדע אינעם פּירהויז, און ס'זעט זיך ניט, אַז אַ פּאָסטן זאָל שטיין אין דרויסן. מע וואָלט געקאָנט פרווון לויפן. נאָר וווהין, צו וועמען? ווער וועט דיך איבער דער שוועל אַריבערלאָזן? ווער וועט אויסשטרעקן אַ האַנט? אָט פאַרוואָס ס'ווערט דאָס אַרעסט־שטיבל ניט באַ־וואַכט פון דרויסן...

ער באַטאַפּט די ברעטער...

פּלוצעם ווערט פאַרשטעלט דאָס פאַרגראַטעוועטע פענצטער. דורכן אַרויסגעזעצטן שײַבל רוקט זיך אַרײַן אַ צעשניטענער אין דער לענג האַל־בער לאַבן ברויט. עווענטאָוו טוט אינסטינקטיוו אַ כאַפּ דאָס ברויט און ציט זיך אָפּ. נאָר באַלד איז אין זײַנע הענט אויך דער אַנדערער האַלבער לאַבן. דערצו צוויי פלעשער מילך... פונעם פענצטער אַנטלויפט אַ פרוי אין אַ זומערדיק קליידל, מיט אַ טיכל אַפן קאָפּ.

— מענטשן! ברויט, מילך! — נעמט עווענטאָוו וועקן די שלאָפנדיקע.

— שוין?! — שפּרינגט אויף פון דער נאַרע אַ מיטליאַריקער מאַן, און זײַן פּאָנעם צעקרימט זיך פון ווייטעק.

— אָט איז ברויט, מילך, — באַרויִקט עווענטאָוו די מענטשן, וואָס זײַנען זיך צונויפגעקומען אַרום אים. — איינע אַ פרוי האָט דערלאַנגט אונדז דורכן פענצטער.

— אונדז? — פאַרוווּנדערט זיך עמעצער.

— יאָ, אונדז.

אַלע אין דער טפּיסע־קאַמער — צעפּאַלאַשעטע, מיט צעשויבערטע האָר און צעקנאָדערטע מאַלבושים — זײַנען אַף די פיס. זיי דערפילן פּלוצעם דעם הונגער, וועלכן די איבערלעבענישן האָבן געהאַט אין זיי פאַרשטיקט. מע צעברעכט ווי־ניט־איז דאָס ברויט אַף צען כאַלאַקים און מע שלינגט עס מאַמעש איַין. יעדערער לויט דער ריי פאַרטרינקט מיט אַ זופּ מילך פון איין פלאַש. די צווייטע פלאַש ווערט איבערגעלאָזט פאַרן קינד.

לאַנג פילט זיך אין דער טפּיסע־קאַמער דער רייעך פון פרישן קאָרענעם ברויט און אָקאָרשט אָנגעמאָלקענער מילך. עס ווערט העלער, און די פּע־נעמער פון די מענטשן — שוין וויפל טעג ניט קיין געוואַשענע, ניט קיין געראַזירטע, אויסגעצערטע און פאַריִעשטע — ווערן נאָך בלייכער, אויס־געצויגענער און מאָרעשכוירעדיקער.

— און איר האָט זיך געהאַלטן פאַר סמערטניקעס[1], — פּרוּווט דער אַדוואָקאַט אופהייבן די שטימונג. — זעט איר, מע זאָרגט זיך וועגן אונדז. ווער איז עס, אייגנטלעך, געוועזן?

— עפּעס אַ פרוי, — ענטפערט קורץ עווענטאָוו. ער האָט דאָך בעעמעס מער קיין זאַך ניט געוווּסט וועגן איר.

די מענטשן קריכן שווײַגעוודיק אוועק איטלעכער אין זײַן ווינקל, איט־לעכער מיט זײַנע מאַכשאָוועס און איבערטראַכטענישן.

— ווי שפּעט קאָן איצט זײַן? — צעשטערט עמעצער דאָס לאַנגע שווײַגן.

— נעכטן אין דער צײַט וואָלט יעדערער פון אונדז געענטפערט אַף דער דאָזיקער פּאָשעטער פראַגע, — רופט זיך אָפּ אַ מענער־שטים פון דער נאַרע. — יאָ, נעכטן וואָלטן מיר אײַך טייקעף געענטפערט...

— און הײַנט וואַרטן מיר אַפן טויט, — רופט אָפּ זיך אַ צווייטער.

— צו וואָס? צו וואָס אַזוי? — רײַסט איבער דאָס גערייד אַן עלטע־רע פרוי, וואָס האָט זיך אופגעהויבן פון אָרט און מיט פּאַרוווּרף גענומען אַלעמען אָנקוקן.

זי זאָל אפילע ניט געווען זיך אַרײַנמישן, וואָלט דער געשפּרעך סײַווי איבערגעריסן געוואָרן. אין דער טפּיסע־קאַמער איז ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן אַ הויכער מאָגערער פאַרשוין אין דער אוניפאָרם פון די אַמאָליקע ליטווישע פּאָליצײַען — אין אַ טונקל־בלויען שטײַפן מונדיר מיט צוויי רייען גאָלדענע קנעפּ און אַ האַרטן אופגעשטעלטן קאָלנערל. זײַן קײַלעכיק פּאָנעם מיט די טונקעלע זעקלעך אונטער די אויגן — בלוי־

[1] פאַרורטיילטע צום טויט.

לעך אויסגעבלייכט. די קינבאקן באוועגן זיך אָן אופהער, ווי זיי וואָלטן עפּעס געהאלטן אין מאָלן און איבערמאָלן. צונויפּרוקנדיק די פלאקסענע ברעמען, שפּארט ער אריַין מיט ציטעריקע פינגער א סיגארעט אין מויל, צינדט זי ווי־ניט־איז אָן, נעמט דאן ארויס פון קעשענע א דין בליַיערל און א בלאָקנאָטל. גרייט אין אים עפּעס צו פארשריַיבן, צערעדט ער זיך:

— זאָל איטלעכער צוגיין צו מיר און מעלדן... זעט, וואגט נאָר ניט זאָגן קיין ליגן! מעלדן זאָלט איר, וויפל מע האָט צוגענומען בא איטלעך איינעם געלט, אין רובלס אָדער אין אן אנדער וואליוטע, נו, לאָמיר זאָגן, אין דאָלארן; וויפל האָט מען צוגענומען זייגערלעך און פון וועלכע פירמעס זיַינען זיי געווען; וויפל רינגען — כאסענע־רינגען אָדער מיט ווערטפולע שטיינער; וויפל בראסלעטן און אוירינגלעך, פארשטייט זיך, גאָלדענע. מיט איין וואָרט, איר זאָלט אָנגעבן אלע ווערט־זאכן, וועלכע איר האָט געהאט בא זיך פארן אריַינפאלן אין ארעסט־הויז. אויסער דעם, וויפל און וועלכע פערזענלעכע קליידער־שטיק זיַינען אָפּגענומען געוואָרן בא איַיך זינט דעם מאָמענט פון פארהאלטן און ביזן פארשפּארן איַיך דאָ. אויב איר וועט אלץ פינקטלעך און געוויסנהאפט אָנמעלדן, וועט עס פאר איַיך זיַין צום גוטן...

אויסגערייכערט עטלעכע סיגארעטן, אויסגעפרעגט אלעמען, פארשריבן די ענטפערס, טוט ער זיך א לאָז צום ארויסגאנג און באמערקט דאָס קינדער־וועגל. באטאפּט עס, טוט א פיר אהין־אהער, גיט זיך א ריַיע אינעם בעטגעוואנט, ווי זוכנדיק עפּעס באהאלטנס. דאן פארשריַיבט ער ווידער עפּעס אין נאָטיץ־ביכל, טוט א קלאפּ מיטן בליַיערל עטלעכע מאָל אינעם הענטל פון וועגל און גייט ארויס א פארטראכטער.

די פארשפּארטע צעזעצן זיך שוויַיגעוודיק לענגויס די נארעס. שטיל און פאָרכטיק נעמט זיך וועבן א געמורמל צווישן זיי:

— איך פארשטיי. איצט פארשטיי איך...

— וואָס פארשטייט איר?

— איך פארשטיי אויך, פארוואָס מע האָט אונדז נעכטן ניט צע...

— האָט ניט מוירע, פארענדיקט — צעשאָסן...

— אוואדע האָט מען געקאָנט פארענדיקן מיט אונדז די מאכזאָקעס נעכטן אין אָוונט.

— געוויס, אוואדע. נאָך דעם, ווי מע האָט אונדז פארהאלטן און בארויבט.

— קלאָר, אז זיי האָבן עס געקאָנט אָפּטאָן אינעם וועלדל, און קיין האָן וואָלט ניט געקרייט.

און ווי אונטערציַיענדיק א סאכאקל פון אלעמענס רייד, האָט דער אדוואָקאט אויסגעפירט:

— געקאָנט, נאָר ניט געוואָלט טאָן עס פאר איידעס. דערמאָנט זיך, ווי זיי האָבן, דראָענדיק מיט די רעוואָלווערן, אונדז באפוילן אויסזעצן זיך אף דער לאָנקע, האלטן די הענט אפן קאָפּ און גענומען אונדז איינציקוויַיז אונטערזוכן. ניט וויַיט דערביַי האָט א פויער געקאָסיעט היי... און עפּשער האָבן זיי ניט געהאט קיין רעכט צו באשטימען, וואָס מיט אונדז

צו טאָן? האָבן זיי אונדז געבראַכט אהערצו. דעם נײַ־אויסגעבאַקענעם פּאָ־
ליצײַ־שעף האָט מען צוגעוואָרפן עטלעכע זייגערלעך, א קידושן־רינגעלע,
עטלעכע געלט־באַנקנאָטן און די דאָקומענטן פון נײַן געכאַפּטע פּליטים...
די ווערטפולערע זאַכן אונדזערע האָבן זיי געוויס איבערגעלאָזט פאַר זיך.
דער פּאָליצײַ־שעף איז כוישעד, אז מע האָט אים מ׳עס אָפּגענאַרט. האָט
ער דערווײַל געמאַכט א שווײַג און, ווי מע קאָן מ׳שפּעטן לויט זײַן אויס־
זען, געשיקערט א גאַנצע נאַכט. אײַלן זיך האָט ער ניט געדאַרפט. קיינער
וועט ניט אנטלויפן. און הײַנט וועט ער מאַכן א טאָלק. זיי וועלן איצט
איינער דעם אנדערן, ווי מע זאָגט, ארײַן אין די האָר...

— אונדז וועט עס זײַן לעטויווע? — פרעגט א יונגערמאַן, אופשטייענ־
דיק פון אָרט, און נעמט אומגעדולדיק שפּאַנען איבער דער קאַמער.

„לעטויווע... מע וועט אָפּשיסן מיט עטלעכע שאָ שפּעטער", — ענט־
פערט אים עוועגטאָוו אין די געדאַנקען. נאָר עמעצער זאָגט ארויס דאָס
זעלבע אפן קאָל:

— די גאַנצע טויווע, וואָס אונדז איז אויסגעקומען צו באַגעגענען נאָך
איין זון־אופגאַנג, מיר האָבן אופגעגעסן נאָך עטלעכע ביסנס ברויט און
פּאַרטרונקען מיט א זופּ מילך.

די עלטערע פרוי, וואָס פאָלגט אָנגעשפּיצט נאָך דעם געשפּרעך, טוט
א קרעכץ:

— עך, טויווע, לעטויווע... אָט, ווען מע וואָלט... סייכל דאַרף מען
האָבן! איך האָב געזאָגט — לויפן, לאָמיר לויפן, באַהאַלטן זיך אין וואַלד...
אַלעמען איז קלאָר, וואָס זי האָט אין זינען.

ווישנדיק זיך די טרערן, נעמט די יונגע מוטער ווי פאַרענטפערן זיך:

— שולדיק זײַנען יענע אויגן. ווער וואָלט געגלייבט, אז אזוינע אויגן...
אז דאָס זײַנען אויגן פון א מערדער!

„ווי זעען אויס מערדער־אויגן? זײַנען עס ניט די זעלבע אויגן פון
מענטשן?" — עוועגטאָוו זוכט א טשוווע אף דער פראַגע און זאָגט:

— בעעמעס, זײַנע אויגן זײַנען געווען מאָדנע העלע, מאָדנע וואַרעמע.
אזויפיל מיטלײַד איז געווען אין זיי, מיטלײַד צו אונדז — געיאָגטע און
געפּלאָגטע, טויט־מידע וואַנדערער... א בעעמעס שיינער באָכער...

— און ווי העפלעך ער האָט דערקלערט, ווו דער וועג איז קירצער,
זיכערער, — רופט עמעצער זיך אָפּ.

— כ'בין געווען איבערצײַגט, אז אזוינע אויגן קאָנען ניט ארויסגעבן.
און האָבן פונדעסטוועגן ארויסגעגעבן, — באַדויערט די יונגע מוטער. —
מע האָט טאַקע געדאַרפט לויפן, באַהאַלטן זיך. אונדז האָט ער געגעבן
אייצעס און אליין אוועקגעאײַלט נאָך געהילפן.

— און ווי שנעל די גאַזלאָנים האָבן עס אונדז אָנגעיאָגט, — באַ־
מערקט מיט כידעש די עלטערע פרוי.

— זיי זײַנען דאָך אָנגעקומען אף וועלאָסיפּעדן, — דערקלערט דער
אדוואָקאַט.

— און מיט ווײַסע אָרעמבענדער. א צייכן אזא, צי וואָס? ווען זיי האָבן
ארויסגעצויגן די רעוואָלווערן, — גרוילט עס אוף די יונגע מוטער, —

איז שוין געווען שפּעט צו אַנטלויפֿן און באַהאַלטן זיך. אויך דער העל־
אויגיקער — שוין מיט אַ ווײַסן אָרעמבאַנד און אַן אָנגעצילטן אַף אונדז
רעוואָלווער...

— און איך קאָן ניט פֿאַרגעסן דעם פֿויער, וואָס האָט זיך געייסעקט
מיטן היי, — מישט זיך אַרײַן דער יונגערמאַן, וועלכער איז אַרומגעגאַנ־
גען פֿאַרמאַרעשכוירעט איבער דער קאַמער. — איך קאָן ניט! פֿאַרשטייט
איר מיך? דאָ דערבײַ אַף דער לאָנקע קלײַבט מען זיך אומברענגען אומ־
שולדיקע מענטשן, און ער, ווי ניט אים מיינט מען עס, קאָסיעט זיך ווײַ־
טער דאָס היי... דאָ וואַרפֿן אָן די באַנדיטן אַ הויפֿן צוגערויבטע זאַכן,
און דאָרט שאַרט דער שניטער צונויף אַ הויפֿן היי...

ווידער פֿאַרשטעלט עמעצער דאָס פֿענצטער. עס רוקט זיך דורך אַ
האַנט מיט אַ קריגעלע, און אַ פֿרויען־שטים טוט אַ מורמל:

— נעמט צו, האַסטיק, פֿאַרן קינד...

וועווענטאָוו אײַלט זיך אַ כאַפּ טאָן דאָס קריגעלע און דעריקער — כאַפּן
אַ קוק אַף דער פֿרוי, אַרײַנקוקן איר אין די אויגן. אָבער יענע פֿאַר־
שווינדט.

„אַ גליק, וואָס די וואַכלײַט שטעקן נאָך אַלץ אינעם פּאָדערצימער,
זויפֿן דאָרט אוואַדע צי שפּילן אין קאָרטן. און די אַלטע זאָגט, אַז מע
דאַרף האָבן סייכל. סייכל איז זיך סייכל, אָבער אַ ביסעלע גליק, מאַזל,
הייסט עס, שאַט קיינמאָל ניט", — פֿירט אויס אין די געדאַנקען וועוועג־
טאָוו.

— הערט אויס, — רודערט זיך אויף דער אַדוואָקאַט, — מע טאָר ניט
זיצן מיט פֿאַרלייגטע הענט. מע וואָלט אומבאַדינגט געדאַרפֿט צונויפֿ־
שטעלן אַ דעקלאַראַציע, אָנשרײַבן אַ דערקלערונג. מיר דאַרפֿן פֿאָדערן,
מע זאָל אונדז אויסהערן, מע זאָל די זאַך אופֿקלערן. וואָס איז עס פֿאַר אַ
ווילקיר!

— דאָס איז פּאַשיזם, — טוט ביטער אַ שמייכל וועוועגטאָוו, פֿאַרוקט
זיך אין אַ ווינקל און בלײַבט דאָרט שווײַגנדיק זיצן.

— איך ווייס, איר זײַט עפּעס אַנדערס, — קאָן דער אַדוואָקאַט זיך
מער ניט באַהערשן. זײַנע אופֿגערעגטע רייד ווענדט ער איצט בלויז צו
וועוועגטאָוון: — איר האָט געשריבן. אַלע ווייסן עס. וואָס איז אָבער שול־
דיק דאָס קינד אין וויגל? און וואָס איז שולדיק מײַן פֿרוי, מײַן זון? מיט
פּאָליטיק האָבן זיי זיך קיינמאָל ניט פֿאַרנומען.

— און זייער ראַסע? און פֿון היטלערן זײַנען זיי געלאָפֿן... — באַ־
מערקט עמעצער גאַליק.

דעם שטרײַט, וואָס האַלט אין פֿאַנאַנדערפֿלאַקערן זיך, רײַסן איבער
קוילעס און גוואַלדן אין דרויסן, אַ גערויש אינעם פּאָדערצימער. ס'פּראַלט
אוף די טיר, און אין דער טפּיסע־קאַמער ווערט אַרײַנגעשלײַדערט אַ
מאַנצבל. ער שרײַט, טײַנעט זיך אויס אין ליטוויש:

— און איר רופֿט זיך מענטשן?! איר רופֿט זיך ליטווינער?! ווײַל איך
דעמלט ניט זײַן ניט קיין מענטש און ניט קיין ליטווינער! איר הערט,
אויסוואָרפֿן! בלוטיקע הינט!

דער מאנצבל איז שטארק צעשלאָגן: אָן ארבל, א לאַץ פונעם רעקל באַמבלען זיך אָפּגעריסענע. זײַנע בלאָנדע האָר — צעפּודלט און פאַר־בלוטיקט. פון א ווונד אין קאָפּ רינט בלוט איבערן פּאָנעם. ער בלײַבט ליגן א צענעריקטער און קאָן, מאַשמאָעס, ניט אופשטיין.

לאַנג האַלט אָן אין דער טפּיסע־קאַמער א שווערע, אָטעם־פאַרכאַפּנ־דיקע שטילקײַט. די פאַרשפּאַרטע לאָזן ניט אראָפּ זייערע צעשראָקענע בליקן פונעם נײַעם ארעסטאַנט. יענער קאָן, אפּאָנעם, לאַנג ניט שווײַגן. ער הייבט אוף דעם קאָפּ און שיפּעט הייזעריקלעך:

— אויסוווּרפן! בלוטיקע הינט! נעכטן האָבן זיי אפן מארק־פּלאַץ צע־שאָסן עפּשער א האַלב שטעטל. די ייִדישע מאנצבלען — אַלע אָן אויס־נאַם. און הײַנט זאַמלען זיי שוין נײַע קאָרבאָנעס... ניין! דאָס וועט מער ניט געשען! מירן ניט דערלאָזן, היטלערס ארויסהעלפער זאָלן באַלעבאַ־טעווען... געהערט, אַז זיי פּילן ווידער אָן דאָס ארעסט־הויז... אפילע א קינד ארעסטירט... נאָר מער וועט עס ניט געשען! אפילע די מוטער פונעם נײַעם פּאָליציי־אָנפירער קערט וועלטן, שרײַט, אַז ניט קיין זון, א שלאַנג האָט זי געבוירן. און זײַן יונג ווײַבל זאָגט, אַז זי וועט אים קיין קינדער ניט געבוירן...

דער אדוואָקאַט רוימט אײַן עווענטאָוון אין אויער:

— זײַט פּאָרזיכטיק. אָט דער טיפּ... אָן אלטער פּאָליציייִשער מעטאָד — ארײַנוואַרפן צו ארעסטירטע זייערן א מענטש...

„וואָס פאַר א באַשעפעניש איז דער מענטש? — שטעלט זיך עווענ־טאָוו די פראַגע. — און ווער באַקומט אָף אים די אויבערהאַנט — דער מאַלעך צי דער סאָטן, וואָס זיצן אין אים? פאַר פילאָסאָפן איז עס א גרענעצלאָז טעטיקײַט־פעלד. און פאַר זשורנאַליסטן, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט וועלט־פּאָליטישע פראַגן, ווי איך?..”

אין דרויסן איז שוין לאַנג ארײַן אין זײַנע רעכט א הייסער זוניקער טאָג, נאָר די ארעסטירטע פיבערט פון קעלט. זייערע אויגן קלעפּן זיך. ס'איז זיי ניט ליב די זון, די וועלט, וואָס איז אײַנגעטונקט אין שײַן, ווי אין צעשמאָלצענעם בורשטין.

אין דער שווערער, דריקנדיקער שטילקײַט פאַלט אומגעריכט ארײַן עמעצנס א פראַגע אין ליטוויש. זי איז געווענדט צום נײַעם ארעסטאַנט:

— ווען, זאָגט איר, האָט מען צעשאָסן די מענטשן — פון אָוונט אָדער אינדערפרי?

— פרי־באַגינען, — ענטפערט ער טייקעף.

מיט קאָלערליי צייכנס, אָף האַלב שטומלאָשן וואָרנט אַלעמען דער אד־וואָקאַט זיך ניט ארײַנלאָזן מיט דעם אומבאַקאַנטן אין דיבורים. אליין מאָ־סטעט ער זיך אײַן לעבן זײַן פרוי און ייִנגל, ווי וועלנדיק מיט איין האַק איבערײַסן מיטן ארום און זיך מער קיינמאָל ניט שיידן מיט זײַנע אייגענע. צי קאָן ער אָבער בלײַבן גלײַכגילטיק, בײַס ער הערט זאַכן, אין וועלכע קיין נאָרמאַלער באַל־דאַס קאָן ניט גלייבן? האַלט ער זיך ניט אײַן און טוט א זאָג צום פרעמדן:

— הערט אויס, פּאָנאַס, גענוג צו שרעקן מענטשן.

— ווער שרעקט? — שפּאַרט זיך אָן אויף די עלנבויגנס דער ליטווינער, א באַליידיקטער, האַלעמײַ מע האָט צו אים ניט קיין צוטרוי. — איך זאָג נאָר דעם עמעס. נעכטן האָט מען געשאָסן אינדערפרי, הײַנט קאָן מען שיסן פון אָוונט.

קיינער פרעגט שוין מער קיין זאַך ניט. איינע זיצן, אַנדערע ליגן אויס־געצויגן אויף די נאַרעס, וועלכע פאַרנעמען א האַלבן צימער, און שווײַגן.

די יונגע מוטער און איר מאַן, וואָס האָט די גאַנצע צײַט קיין וואָרט ניט אַרויסגעבראַכט, זיצן איצט באַנאַנד, אָנגעלענט אינעם קינדער־וועגל. דער אַדוואָקאַט טוליעט זיך נאָך אַלץ צו זײַן פרוי און זון. אויך די אַנ־דערע פאַרשפּאַרטע האָבן זיך צונויפגעשאַרט, ווי אויפגעקליבן זיך אין א גורל־געמיינשאַפט. בלויז עוועגטאָוו איז איינזאַם, אָן קיינעם. און דאַפקע דערפון איז ער צופרידן: זײַן פרוי און טעכטערל זײַנען אויסער געפאַר. זיי וועלן בלײַבן לעבן. ס׳וועט בלײַבן זײַנער אַן אָפּשפּראַץ...

אוועק באַלד דער טאָג, און זיי האָט מען ניט צעשאָסן. ס׳האָט אָנגע־פויזעט דער פאַרנאַכט.

— איך וויל גלייבן, אַז דאָס מאָל וועט מען ניט שיסן אויך אין אָוונט, — צערעדט זיך פּלוצעם דער נײַער אַרעסטאַנט, ווי ער וואָלט פאָרגעזעצט דעם פרײַער איבערגעריסענעם געשפּרעך. נאָר אַז קיינער רופט זיך ניט אָפּ, ווערט ער אויך אַנשוויגן.

די וואַרגנדיקע שווײַגעניש שלעפּערט אײַן, וויל פאַרליאַפּען עוועגטאָוון די אויגן. ניט שלאָפן! די לעצטע שאָען פון לעבן דאַרף מען ניט פאַרטאַכ־לעווען אויפן שלאָף. בעסער זיך גריבלען אינעם קנויל געדאַנקען וועגן קאָמ־פּליצירטן דענקענדיקן וועזן, דער קרוין פונעם באַשאַף... דער מענטש! ער פאַרנעמט זיך ניט נאָר מיט פּאָליטיק... אַזויפיל ווידערשפּרוכן און טעמפּע ווינקלען, אַזאַ לאַבירינט... און ניין, ניין, ניט די אויגן שפּיגלען אָפּ דעם טאָך פונעם מענטש, און ניט אויפן מאַזל זאָל מען זיך פאַרלאָזן. סײַכל דאַרף מען האָבן!.. עוועגטאָוו דערפילט אין מויל דעם טאַם־גאַניידן פונעם לעצטן ביסן ברויט, און ס׳ווערט אַזוי באַנג... ווער איז עס די פרוי, וואָס האָט דאָס ברויט געבראַכט, וואָס האָט געוואַגט? און ווער איז עס דער אויסטערליי־שער, שרײַענדיקער און זייער אויפגעשרויפטער נײַער אַרעסטאַנט? צי דען טאַקע אונטערגעשיקט?.. ניין, מע טאָר ניט פאַרשלאָפן די לעצטע שאָען...

שטייט ער אויף און הייבט אָן אַרומשפּאַנען איבער דער קאַמער. און איבוויייניק אין אים נעמט מיטאַמאָל וואָרקען, ברומען. עס צעטײַנעט זיך אין אים מיט רוגזעדיק־האַרטנעקיקער דווייקעס דער ניגן פון זײַן באַליב־טער ייִדישער ליד: „ס׳פרעגט די וועלט אַן אַלטע קאַשע — טײַדי־רידי־ריי־די־ראָם...״

און עס פאַרשווינדן די מאָסן פון רוים און צײַט.

דער לאַנגער זוניקער טאָג גייט ענדלעך אויס, ווי א הויכע כיילעוונע יאָרצײַט־ליכט. די רעשט פון איר ברענענדיקן קנויט צינדט אָן דעם הימל אין מײַרעוו... די מענטשן, וואָס וואַרטן אויפן טויט, דערמאָנען זיך: נעכטן, פּונקט אין אָט דער צײַט, האָט מען זיי געכאַפּט, פאַרהאַלטן... נאָך דעם, ווי די האַקנקרייץ־טאַנקען האָבן זיי איבערגעיאָגט, איז געוואָרן א צעמישעניש

אינעם פּלייטים־שטראָם. אָפּגעריסן האָט זיך זייער צופּעליקע גרופּע מענטשן און זיך אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער; געבלאָנדזשעט אף זײַטיקע וועגן און שטעגן; גענעכטיקט אין סטויגן, אין טווע־שײַערן, בא פּויערים, וועלכע האָבן, ריזיקירנדיק מיטן קאָפּ, געהאָלפן די אַרומוואַגלער, זיי אָנגעקאָרמעט און אַדורכגעפירט אַזוי, זיי זאָלן זיך ניט אָנשטויסן אין פּאַשיסטישע לאָקערונגען. נאָר נעכטן האָבן זיי זיך פּאָרט אָנגעשטויסן...

באַלד ווערט אַ מעסלעס, ווי מע האַלט זיי פאַרשפּאַרט, און זייער גוירל איז נאָך אַלץ ניט באַשטימט. מעגלעך, אַז אינעם כוישעך, וואָס רוקט זיך אָן, וועט עס געשען. די אויסגעמאַטערטע און אויסגעהונגערטע, פון דער זומערדיקער כמימע דורכגעסאַרפּעטע מענטשן נעמט פון דעם וואַרפן אין אַ קאַלטן פיבער: באַנאַכט וועט מען זיי... באַנאַכט...

נאָך איידער די נאַכט פאַלט צו, פּראַלט אוף די טיר מיט אַ יִרגאָזן. דער היכוווקסיקער פּאָליציי־שעף איז ווידער דאָ, אַ שיקערער, קוים וואָס ער שטייט אף די פיס. ער פּאָכעט מיט אַ פּעקל פּעסער און דאָקומענטן, פּאָכעט און זאָגט אומגעדולדיק־בייז:

— צו אַלדי רוכעס און שוואַרציאָר! וואָס שלעפּט איר זיך אַרום איבער זײַטיקע וועגן? וואָס האָט אײַך אָנגעטראָגן אַהער? וואָס האָבן צו זוכן דאָ שטאָט־לײַט? צו אַלדי רוכעס!

— פון באָמבעס, גנעדיקער הער, זײַנען מיר געלאָפן, פון באָמבאַרדירונגען, — דערקלערט האַכנאָעדיק די עלטערע פרוי.

— כאַ, כאַ, פון באָמבעס! דער פּראָנט איז העט־ווײַט, דער קריג ענדיקט זיך, און זיי — לויפן, באַהאַלטן זיך, — צערעדט זיך דער פּאָליציַי. — מאָרגן וועלן צען טויזנט עראָפּלאַנען מיטאַמאָל באָמבאַרדירן מאָסקווע, און געענדיקט מיט די באָלשעוויקעס, ס'הייסט, מיט איין קלאַפּ! אַזוי, אַזוי, זײַט וויסן! און מיר, דער טײַוול זאָל אײַך נעמען, האָט איר אָנגעקאָכט די עמעסע כאַזער־יויך. אַן עמעסער אומגליק! און אַלץ צוליב אײַערע זאַכן... מײַנע ווײַבער האַלטן אין איין זעגן מיך, ס'הייסט, מאָלן מיט די צינגער...

דער ביטערער טראָפּן, וועלכן ער האָט געהאַט אַרײַנגעקערט אין זיך, בינדט אים פאַנאַנדער די צונג, און ער ברײַעט ווײַטער, צוזעצנדיק זיך אפן ראַנד פון אַ נאַרע:

— כאַ, כאַ, עס געפעלט זיי ניט, די ווײַבער מײַנע, ווי סע גייט איצט צו בא אונדז... האָבן זיי מיר, הייסט עס, אין שטוב אַן עמעסן גענעם געמאַכט. און אין שטעטל... מײַן ווײַב זאָגט, אַז זי וועט מיט מיר ניט לעבן. מיילע, וועט מען אָפּטער דאַרפן גיין צו פרעמדע מוידן... נאָר איצט וועלן זיי זיך שוין באַרוּיקן, מײַנע ווײַבער. אָט זײַנען אײַערע דאָקומענטן. איך האָב זיי קאָנטראָלירט. אין זיי איז ניט פאַרשריבן, עמעצער פון אײַך זאָל זײַן אַ קאָמוניסט אָדער פאַרנעמען זיך מיט פּאָליטיק. נעמט, צעטיילט זיך די דאָקומענטן, נאָר האָט קיין טאָעס ניט. און אַז ס'וועט אינגאַנצן פינצטער ווערן, ציט אָפּ פונדאַנען אינדערשטיל, קיינער זאָל ניט באַמערקן. מײַנע וואַכלײַט וועלן אײַך אַרויסלאָזן. טראָגט זיך אָפּ, עס זאָל פון אײַך, הייסט עס, קיין שפּור ניט בלײַבן. שרעקט זיך ניט, איך טו אַלץ לויטן געזעץ. יעכידים מעג איך אַליין צעקנאַלן. אָבער אַזאַ כאַליאַסטרע, ווי איר, איז שוין

די זאַך פון דער דײַטשישער אײַנזאַץ־קאָמאַנדע. כ׳האָב געוואַרט אַ גאַנצן מעסלעס... און זי באַווײַזט זיך ניט. פאַרשטייט איר, נעכטן האָבן מיר דאָ אַרומגערייניקט זיך, אײַלט זי ניט צו קומען. פאַראַן אַ סאַך אַרבעט אַנדערשוואו, אומעטום. איז׳ס שוין אײַער היגטישער גליק און אויך מײַנער. די ווײַבער וועלן פאַרשטומט ווערן...

עס שעפּט זיך ענדלעך אויס בײַ אים דער ווערטער־קוואַל. עפּנט ער די טיר און הויך אויף אַ קאָל, אַלע זאָלן הערן, באַפעלט ער די וואַכלײַט, זיי זאָלן אַרויסבאַגלייטן די אַרעסטאַנטן ביז הינטערן שטעטל, בײַס ס׳וועט פינצטער ווערן. ער באַפעלט אויך ברענגען וואַסער צום טרינקען, אַ ביסל ברויט, אויב עס וועט זיך געפינען. אויך זאָל מען באַזאָרגן פאַר די מענער רעקלעך אָדער אַנדערע אָפּגעניצטע בגאָדים. אויב ניט, ווי וועלן זיי אויסזען אין איינע אונטערהעמדער...

— אַ פּאַסטקע, אַן עמעסע פּאַסטקע! — צאַפּלט אויף דער אַדוואָקאַט, ווען די טיר פאַרמאַכט זיך הינטערן באַריידעוודיקן מאַכטהאָבער. — פון זון־אונטערגאַנג ביז זון־אויפגאַנג איז אויף די וועגן פאַרבאָטן יעטווידע באַוועגונג, און ער לאָזט אונדז אַרויס. שפּילט פאַר אַלעמען דעם נאָבעלן מאַן. אָבער פאַר די, וואָס באַלעבאַטעווען אויף די וועגן, קאָן ער דאָך ניט טראָגן קיין אַכרײַעס... איך וועל אײַך דערקלערן, פאַרוואָס ער האָט אונדז אָפּגעגעבן די דאָקומענטן. ווען מע וועט אונדז צעשיסן ערגעצוואו אונטערוועגנס, וועט ניט בלײַבן קיין סימען, אַז מע האָט אונדז פריִער געהאַט געכאַפּט, געהאַלטן אין אַרעסט. וועט ער ניט דאַרפן די פײַנע לײַט פון דער שיסער־קאָמאַנדע געבן אַ כיילעק פונעם רויב... אָט פאַרוואָס ער לאָזט אונדז פרײַ. אַלץ איז קלאָר. קלאָר ווי דער טאָג.

— טאָ וואָס שלאָגט איר פאָר? — פרעגט עמעצער ציטעריק. — וואָס זאָלן מיר טאָן?

נאָר דאָ קומט ווידער אַרײַן דער פּאָליצײַ.

— דאָס קינדער־וועגעלע זאָלט איר איבערלאָזן, — וואָרנט ער. — מיר וועלן עס באַדאַרפן.

געזאָגט עס, טראָגט ער זיך אָפּ.

אַלע אין דער טפיסע־קאַמער זײַנען אויף די פיס. מע איז זיך שטיל מעיאַשעוו: אַרויסגיין צי ניט?

— מיך האָבן די שיקערע הינט, קענטיק, פאַרגעסן. איכ׳ל פּרוּוון אַרויסשלײַכן מיט אײַך. אָן מײַנע דאָקומענטן... — זאָגט דער צוגעקומענער אַרעסטאַנט. — מע מוז אַרויס פון הינטער די גראַטעס. ניטאָ וואָס צו פאַרלירן.

בײַ דער זעלבער מיינונג האַלטן זיך פון אָנהייב אָן די עלטערע פרוי, די יונגע מוטער. מיט זיי איז מאַסקים איינער, אַ צווייטער פון די אַרעסטירטע.

די נאַכט — אַ מילדע, אַ צערטלעכדיקע, און די וועלט, ווי זי וואָלט ניט וועלן פרייען זיך מיט איר, — איז פאַרקראַמפּט אין אַ פאַרצאַרעטן שווײַגן. די אַרויסגעלאָזטע פונעם אַרעסט־שטיבל שלעפּן זיך אין אומאָרדענונג איבער דער אויסגעשטאָרבענער שטעטלשער גאַס. איצט זײַנען זיי צען

דערוואקסענע און איין אויפל באם פּאָטער אף די הענט. ס׳באגלייטן זיי צוויי באוואָפּנטע וואכלײַט. לאנג וועלן זיי באגלייטן? באם סאָף שטעטל נעמען זיי אָפּשטיין און פארשווינדן ביכלאל.

אויס יִשעוו. ניטאָ קיין פּלויט, קיין שטיבל. און אָט איז גאָר א וואלד. א פינצטערע, אומהיימלעכע ביימער־וואנט פון לינקס, פון רעכטס. אויבן — א פּאס טינט־בלויער הימל, באשפּרענקלט מיט שטערן. נאָך די אלע וואנדערונגען און איבערלעבענישן שטעלן די מענטשן קוים א טראָט, שלעפּן זיך שווער. נאָר זיי גייען ווײַטער. וווהין? וואָס דערוואַרט זיי?

און, בעעמעס, מע וואַרט, ווײַזט אויס, אף זיי. אין דער ווײַט — עטלעכע שווארצע סילועטן מיט ביקסן.

— אהא, האָב איך ניט געזאָגט! — רײַסט זיך ארויס באם אדוואָקאט.

— באהערשט זיך! — איז אים עמעצער מאזהיר.

און דער צוגעקומענער צענטער לײַדנס־ברודער ווענדט זיך צו אלעמען:

— דאָרט, ווו דער וואלד דערגייט ביזן וועג, לאָמיר זיך צעלויפן אין די זײַטן. שרעקט זיך ניט, אין וואלד וועלן יענע ניט קריכן.

און מאכמעס אלע בלײַבן שטיין אָפּהענטיקע, פארלוירענע, נעמט ער אָפּגעבן פאראָרדענונגען:

— מיר צעטיילן זיך — ווער אף לינקס, ווער אף רעכטס. אין וואלד באהאלטן מיר זיך ביזן זון־אופגאנג. דעמלט זוכן מיר זיך אוף. איך וועל אופזוכן. כ׳וועל אויסרופן א פאנאנדערגעצויגענעם „אאו־אאו“, ווי געוויינלעך מע רופט זיך איבער אין וואלד. גלײַך דערנאָך וועל איך צופײַפן. א סימען, אז איך בין עס. איר ענטפערט מיר אויך „אאו“. מיר געפינען זיך, און כ׳פיר אײַך ווײַטער. כ׳קען גוט די געגנט, ווייס א זײַטיקן וועג. דאָרט איז עפשער זיכערער...

א שיסערײַ נעמט פארפאָלגן די געלאָפענע, פארלירט זיך אינעם וואלדכוישעך און צעשיט זיך אף פיצלעך. ס׳ווערט ווידער שטיל. קיינער פארפאָלגט ניט.

באנאכט קאָן מען געפינען אין וואלד אן עמעסן מאָקעם־מיקלעט — אן אומגעמיטלעכן, אן איימעדיקן, אָבער זיכערן. נאָר קורץ זײַנען די זומערנעכט. די באגינען־קרירע נעמט צופן, וועקן די מענטשן פונעם אויסלייזנדיקן שלאָף, אין וועלכן זיי זײַנען געווען אראָפּגעזונקען, ווי אין א טיפן, באשיצנדיקן ברונעם.

מיט עווענטאָוון איז געווען געלאָפן דאָס פאָרפאָלק מיטן קינד. דאָס אויפל האָט די גאנצע צײַט געשוויגן. איצט נעמט עס וויינען. עפשער איז דעם קאלט? און עפשער איז עס דאָרשטיק, הונגעריק? די רעשט מילך אין פלאש איז זויער געוואָרן. פונדעסטוועגן שטילט עס אײַן דעם קליינעם, ניט איבערקלײַבעריש געוואָרענעם וועלט־בירגער.

די זון גייט פּאמעלעך אוף, צעטרײַבט די גרויע פארטאָג־נעפלען. מע מעג זיך שוין באוועגן איבער גאָטס ערד. ווער מעג?

ווּעט ענדלעך די קאַלטע פּרימאָרגן־שײַן צעוואַרעמען פאַרגליווערטע אייוורים? דאָס האַרץ איז אויך פאַרקאָוועט אין דער אַרומיקער קעלט. בלויז די אויגן... זיי זוכן, לאָקערן. עווענטאָווס בליק פאַרהאַלט זיך אויפן טאַטן מיטן קינד. גרין איז דאָס פּאָנעם פונעם טאַטן, באַוואַקסן מיט שוואַרצע יאָדלע־נעדעלעך. אויף זײַנע פּלייצעס הענגט אַ צעפליקט רעקל, איינס פון די, וועלכע מע האָט זיי נעכטן אָוונט צוגעוואָרפן פאַרן אַרויסלאָזן פון טפּיסע. אונטער די פּאָלעס פונעם רעקל האַלט ער דאָס קינד, עס זאָל דעם וואַרעמער זײַן און זײַנע קוילעס דעמפן. ווי לאַנג קאָן מען אַזוי? מע מוז זיך הייבן פון אָרט. עווענטאָוון קומט אָן מיט יעסורים יעדער טראָט — יעדער קלאַפּ אינעם נײַעם טאָג אַרײַן. די אָפּגעריסענע זויל שטערט גיין, און דאָס טשוועקל, מיט וועלכן עס איז געווען צוגעפּעסטיקט, האָט ער אַרויסגעוואָרפן דורכן אויסגעזעצטן שײַבל, וואָס האָט אים געהאַט פאַרבונדן מיט דער וועלט. ער קלײַבט זיך שווער אַרויף אויף אַ בערגל. פונדאַנען וועט ער אויסקוקן יענעם, וואָס האָט צוגעזאָגט אַרויספירן אויפן זיכערן וועג. ווען ער קומען? ווען זיך באַווײַזן דער, אויף וועמען מע ווען קאָנען זאָגן: „עקצע האָמאָ” — דאָס איז אַ מענטש? און אַז מע ווען זיך שוין מיט מאַזל אַרויסבאַקומען פונדאַנען, וואָס ווען זײַן? ווידער אַ קעסלגרוב, אַ געווירבל... מענטשן... גוטע? שלעכטע?

ביז איצט האָט ער זיך באַשעפטיקט מיט וועלט־פּאָליטישע פראַגן... אָ באַנומענער פון גאָר נײַע מאַכשאָוועס, פון פאַרגעפילן און ספּייקעס, באַוועגט זיך עווענטאָוו הין און הער אויפן אויסקוק־בערגל. „וואָס זיצט אינעם מענטש — אַ מאַלעך צי אַ טײַוול?” פאַראַן אַ פילאָסאָפיע, ווייסט ער, וואָס זאָגט, אַז דער מענטש איז בעטעווע שלעכט, פיל ערגער נאָך, ווי עס זעט אויס. אויפן סמאָך פון זײַן באַשיידענער דערפאַרונג וואָלט ער, עווענטאָוו, געקאָנט שטרײַטן מיט אַזאַ קאַטעגאָרישער אײַנשטעלונג...

און ניט ווילנדיק נעמט ער ברומען דעם ניגן פון דער אַלטער ליד מיט די שײַלעס און טשוווּעס אָן ווערטער: „ס'פרעגט די וועלט אַן אַלטע קאַשע — טײַ־די־רידי־רידי־ראָם...”

וואָס פאַר אַ קאַשע ס'פרעגט איצט די וועלט, ווייסט ער. ענטפערט זי אויף דעם, די וועלט?

# וואָס ווייַנט איר, דאָקטערן?



ער זײַנען עס די, וואָס דרינגען אַרײַן שוין צום
וויפלטן מאָל אין די קעלערס פון דער אַל־
טער שטאָט־פעסטונג, רודערן דאָ אויף די פאַר־
פרעסטע שטילקײַט און צעפּאַסעווען דעם אַרו־
מיקן כווישעך מיט דער שײַן פון עלעקטרישע
לאַמטערנדלעך, ווי מיט שווערדן? ווער זײַנען
זיי? וואָס ווילן זיי ווידער? עפשער אַרויִסלאָזן
סאָפּקאָלסאָף אף דער פרײַ די פרויען, וועלכע
מע האַלט דאָ פאַרשפאַרט הינטער דיקע מויער־
ווענט און געפּאַנצערטע טויערן?

מע זעט ניט די אַרײַנדרינגלער. מע הערט בלויז זייער פילשטימיקע פאַרשײַטע גראַגערײַ: „ווײַבער, אַלץ דאַרף מען אָפּגעבן!“, „גיט אָפּ מיט גוטן, וואָס איר האָט!“, „אַלץ, אַלץ אָפּגעבן! פאַרשטייט איר שוין, ייִדיש־קעס?“

די פרויען און מיידלעך, ווי זיי זײַנען געלעגן אויפן קאַלטן שטיינער־נעם דיל, צונויפגעקאָרטשעטע, צוגעדריקטע איינע צו דער אַנדערער, אַזוי בלײַבן זיי ווײַטער ליגן, ווילן צוּוואַקסן צו דער ערד, אײַנגראָבן זיך אין איר שויס וואָס טיפער.

און די, וועלכע פאָכען מיט די לאַמטערנדלעך, ווערן אַלץ פרעכער, ווילדער. אָנרופנדיק די פאַרשפאַרטע מיט די שענדלעכסטע נעמען, קריכן זיי אַרײַן אין דער געדיכטעניש פון די אָנגעוואַלגערטע מענטשלעכע גופים, שטויסן מיט זייערע גראָבזויליקע שטיוול ווי געטראָפן, טרעטן איבער הענט און פיס. עס גרילצן אויף ווייגעשרייען. אַ יעלאָלע, צעצויגן און האַרצרײַסנדיק, פאַרפילט ביז צום פּלאַצן דעם כאַלעל. איבער אַלע קוילעס טוט זיך דאַן אַ קוילער דער צעבערעקלטער דונער פון אַן אווטאָ־מאַטן־סעריע און פאַרטויבט אף אַ רעגע יעדן קלאַנג.

ווידער — אַן אויסברוך פון זידלערײַען און פאָדערונגען: „פאַרשאָל־טענע ייִדנווײַבער! אײַערע זייגערלעך און רינגעלעך, די גאָלדענע אוירינ־

געז און בראסלעטן, מעכאשייפעס, אהערו״ דערנאָך די שטענדיקע דראָונג: „ווען ניט, גייט איר לעבעדיק ניט ארויס פונדאנען!״

וואָס קאָן מען איצט געפינען בא די פארשפארטע? מע האָט זיי באַ־רויבט פארן ארײַנטרײַבן אהער. און פריִער נאָך, בייס די פאשיסטן האָבן זיי פארהאלטן אף די אויסנשטאָטישע וועגן און שטעגן, האָט מען בא זיי געהאט צוגענומען, וואָס עס לאָזט זיך. זיי האָבן זיך דאָך פארזיכערט — געפרווט אנטרינען, געלאָפן אף מיזרעך... מע האָט אָבער פארשפארט אין די קעלערס אויך צונויפגעכאפטע אין דער שטאָט גופע יידישע פרויען און מיידלעך, שוין ניט קיין „פארזיכערטע". אויך זיי האָט מען גלייך בארויבט. נאָר די ארײַנדרינגלער נעמען עס ניט אין אכט: „גיט אהער די גאָלד־מאטבייעס, וועלכע איר האָט פארשטעקט אין אײַערע ווײַבע־רישע באהעלטענישן! אויב ניט, וועלן מיר אליין געפינען! אויב ניט...״

א נײַע אווטאָמאטן־קנאלערײַ. די קוילן טוען א שײַער דאָס נידעריקע געוועלב, באשיטנדיק אלעמען מיט ציגל־שפּליטער. די שיסערײַ האָט געזאָלט בלויז אָנשרעקן.

אָפּגעבושעוועט אָן דערפאָלג א רעכטע ווײַלע, נעמען די רויבער באַ־לײַכטן איינצלנע פּענעמער פון די פארשפארטע. עפּעס זוכן זיי, קלײַבן, אויסרופנדיק איינער צום צווייטן: „אָט איז א שיינקײַט־קיניגן!", „אָט איז נאָך איינע!" די אָפּגעקליבענע צווינגט מען אופשטיין, הייבנדיק זיי פאר די האָר. נאָכדעם קערעווען זיך אויס די ליכט־פאסמעס צום ארויס־גאנג, שטויסנדיק אהין דעם לעבעדיקן פאנג. הינטער אים, ווי שווארצע טײַוולאָנים, באוועגן זיך די פארפאָלגער.

די דאָקטערן פּ. רײַסט אָפּ דעם קאָפּ פון דיל און קוקט נאָך די זיך דערווײַטערנדיקע ליכט־פאסן און מענטשן־שאָטנס. ווער זײַנען עס די ארײַנדרינגלער, די רויבער, די פארפאָלגער?

אָן איינצלנע ליכט־פאסמע טוט א בלאָנדזשע אינעם פינצטערן קעלער און כאפּט ארײַן אין אירע גיריקע פינגער דאָס פּאָנעם פון דער דאָק־טערן, פארבלענדט עס ווייטעקדיק, ווי אָפּגיסנדיק מיט זודיקער וואסער... זי איז יונג, די דאָקטערן, קוים א יאָר, ווי געענדיקט מעדיצין. זי איז יונג און שיין. וויסנדיק דעם ווערט פון איר שיינקײַט, האָט זי זיך גע־האלטן פאריסן לעגאבע אלע באָכערים, וועלכע האָבן איר ארויסגעוויזן אופמערקזאמקײַט. זי האָט געוואַרט אף דעם, וואָס וועט איר הארץ פארברענען... זי איז יונג און שיין...

און דאָס לאמטערנדל, ווי ס'וואָלט באקומען לאָשן: „היי, שיינקײַט־קיניגן, אויך דו קומסט מיט!"

זי פארקוועטשט די אָפּגעבריטע אויגנלעפּלעך.

עמעצער טוט זי א ריס פאר די האָר. מע נעמט זי שלעפּן איבער די אָנגעוואלגערטע פרויען, ווי איבער פארגליווערטע כוואליעס. וואָס ווילן פון איר די, וועלכע כאפּן זי אָן פאר די הענט און פיס? די ערד גליטשט זיך אוועק...

אָט איז, דאכט זיך, אויס מיט דער דושנעקײַט. א קילער לופט־שטראָם פרישט אָפּ. נאָר אַף א רעגע. א האָלדערײַ פון האָזעדיק־פּרעכע מענערשע קוילעס שטיקט, ווערגט. מע קאָן זיי איצט אָנקוקן פון דער נאָענט... ביין, ביין! איצט וויל זי עס ניט! זי האלט פאַרקוועטשט די אויגנלעפּלעך.

און די, אין וועמענס געוואַלט זי געפינט זיך, טוען דאָס זייעריקע: שלעפּן זי ערגעצווו, ניט אופהערנדיק לאכן און שיטן מיטן עקלהאפטסטן ניבלפּע.

לעסאָף לאָזט מען זי אָפּ, און זי פאלט אַף פײַכטלעכער ערד. מע האָט זי ניט אוועקגעוואָרפן, ניט איבערגעלאָזט איינינקע אליין. דערנעבן טאָפּטשען זיך פיס. „לאָמיר אָנהייבן!“ — טוט עמעצער אומגעדולדיק א בורטשע איבער איר.

זי וויל אופשפּרינגען, רײַסט אוף די אויגן און לאָזט ארויס א מוירע־דיקן קוויטש: א געשפּענסטיש פּאָנעם — פון עפּעס א ריזיקן זשוק צי פלעדערמויז — פאלט ארוף אַף איר און גריזעט זיך ווייטעקדיק אײַן.

די דאָקטערן פּרוווט זיך ווערן, אנטקעגנשטעלן. פּרוווט באפרײַען די פאַנאַנדערגעשפּרייטע הענט, צוגעטשוועקלטע צו דער ערד, ווי צו א קרייץ. זי קאָן אָבער בלויז באוועגן מיטן קאָפּ און בלויז איינע, די איינציקע, צו וועמען מע ווענדט זיך אין דער העכסטער נויט, קאָן זי רופן צוהילף: „מאמע, מאמעלע!“ ווי דערשראָקן, טאָמער איר מאמע, די טויטע מאמע, דערזעט זי אין אָט דער שרעקלעכער רעגע, פאַרבײַסט זי מיט רעציכע די ליפּן און שלינגט איר אייגן, טערפּקע־זיסלעך בלוט.

ווײַ, וויי געשריִען! מע קנעט, מע גראָבט זיך אין איר לײַב... און קיי־נער קומט ניט צוהילף.

ס'פּאַרגייט אן אייביקײַט, ביז עס ווערן דערשטיקט די ארומיקע קוי־לעס. מע ציט ארויס די טשוועקעס פון אירע דלאָניעס. פרײַ ווערן אירע הענט. זי קאָן אָבער מיט זיי ניט טאָן קיין ריר. איבער די אייגענע הענט האָט זי ניט קיין שליטע און קאָן ניט אָפּיאָגן פון זיך יענע, וואָס קנעטן, גראָבן זיך נאָך אלץ אין איר לײַב.

„וועסט זי ברענגען צו דער גרוב“, — הערט זי א ברום טאָן א דומ־פּיקע שטים, און עס דערווײַטערן זיך פון איר שווערע, שאַרנדיקע טריט.

דער, וואָס פרעסט איצט איר לײַב, טוט א גלעט איר דעם שטערן, פאַרשאַרנדיק אַף ארוף די צעשויבערטע קוטשמע האָר. עפּעס שעפּטשעט ער אופגעבראכט. עפּעס זאָגט ער, רעדט צו איר: „האָב ניט מוירע. כ'וועל דיך אָפּלאָזן. ביסט אזא שיינע...“

נאָך ווייטעקדיקער פאַרבײַסט זי די ליפּן. קיינער קנעט זי ניט. קיי־נער פּײַניקט ניט. עמעצער טוט א שטויס איר אין זײַט מיטן שפּיץ פון זײַן הארטן שטיוול: „שטיי אוף, ייִדישקע, אנטלויף. דאָ דערשיסן מיר אײַך אלעמען!“

זי קאָן ניט, און וועט ניט, און דאַרף ניט אופשטיין. דאָ וועט זי בלײַבן. צו וואָס דאָס אופשטיין? זאָל מען דערשיסן!

נאָר דער זעלבער טוט זי א נעם, א הייב און טראָגט זי אוועק, ווי א קינד. זײַנע לאַנגזאַמע וואקלדיקע טריט הוידען זי. און אזוי טראָגט

נאָך טראָט, טראָט נאָך טראָט... ביז זיי פאַרהאַלטן זיך. דער, וואָס האָט
זי געבראַכט צו טראָגן, שטעלט זי אַוועק אַף די פיס און שטופט אַראָפ
פון אַ שיפּוי: „אַנטלויף, זאָג איך דיר!"

אַנטלויפן, ניט אומקוקן זיך... קוקן נאָר אַף דער געדיכטעניש פון
קוסטעס און ביימלעך, אָפּגעטונקענע אין אַ אָוונט־בלוי, אינעם טונקעלן
גרויל און אומענדלעכן טרויער, וועלכע הויערן אַף דער וועלט. צווײַגן,
נאָדלען שטעכן, דראַפּען איר די הענט און פיס. פונדערווײַטנס דער־
קײַקלט זיך דער אָפּהילך פון איינצלנע שאָסן. דערנאָך — אַ לאַנגדויערנ־
דיקע אויטאָמאַטן־קאַנאָנאַדע, ווי דאָס בילן פון אַן אָפּגעריסענער פון דער
קייט סטײַע ווילדע הינט. „מאַמע, מאַמעלע!" די דאָזיקע יעלאָלע שנײַדט
פאַנאַנדער, ווי מיט אַ שאַרפן מעסער, איר איבערגעטריקנטע קעל און
יאָגט אַרײַן אימפּעט אין אירע פאַרשטײַפטע פיס.

אַרויסגעריסן זיך פונעם שיסערײַ־אָפּהילך, אַרויסגעפּלאָנטערט זיך פון
די צווײַגן־נעצן, דערפילט זי פעסטן באָדן אונטער זיך. אַף לינקס און
רעכטס ציט זיך אַוועק אַ טיף־גרויער פאַס אַספאַלט, — גרויער און טונ־
קעלער פונעם אָוונט. פון ביידע זײַטן אַספאַלט — הײַזער, קלענערע און
גרעסערע, מיט גערטנדלעך און צוימען, מיט אויסגעלאָשענע פענצטער
און פאַרמאַכטע טירן. ס'הייבט זיך אָן די שטאָט, די פונעם סוינע פאַר־
כאַפּטע היימשטאָט אירע.

איצט צעפלאַקערט זיך אין דער דאָקטערן דער באַלד צוויי מעסלעס
ניט געשטילטער דאָרשט. אַהיים איז ווײַטלעך. זי וועט ניט דערצײַען.
סײַדן אָנקלאַפּן אין אַ פרעמדער טיר און בעטן אַ טרונק. כאָטש אַ זופּ
וואַסער! אין וועלכער טיר? זאָל זײַן אין דער ערשטער טיר פון דער
פינפטער שטוב. זי דערשלעפּט זיך אַהין. פון אַ פענצטער שײַנט זיך דאָ
פּיאַנע־קלאַנגען. שיטן זיך זאָרגלאָז, געמיטלעך. אַ שווידער טרייסלט זי
אויף. אין מויל ווערט נאָך ביטערער. די ציינער קנאַקן איינער אין צווייטן.
וואָס איז, אייגנטלעך, געשען? עמעצער באָמבלט אַף אַ פּיאַנע... צי דען
איז דאָס, וואָס איז זיך מיט איר נאָרוואָס פאַרלאָפן, אַ שווערער כאָלעם?

אַף די גאַסן — קיין פּיצל שײַן. אויסגעלאָשן די לאַמטערנס. אויסגע־
לאָשן די פענצטער. אויסגעלאָשן דאָס לעבן? ניין, ס'קומט אָן אַנטקעגן
אַ פאַרבײַגייער. עמעצער יאָגט זי אַריבער. זעלנער, צוויי פּאָר היטלער־
זעלנער, מאַרשירן פאַרבײַ, פּויקנדיק מיט געקאָוועטע זוילן איבערן ברוק.
די פּויקערײַ טרײַבט זי אונטער. גיכער, גיכער אַהיים! וועט זי דעם וועג
געפינען? דעם וועג דורך דער היימשטאָט? זי באַוועגט זיך פאַמעלעך.
זי קאָן ניט שנעלער. נאָר אָט זײַנען שוין באַקאַנטע גאַסן. זי קאָן ניט
שנעלער. זי גייט, ווי אַף שטאָלצן. פונדעסטוועגן דערקלײַבט זי זיך.
ווייטעקדיק ציט דער אייגענער אָפּדאַך.

צוגעפאַלן צום אַרײַנגאַנג, כאַפּט זי זיך, אַז דער שליסל פון דער טיר
איז אַוועק צוזאַמען מיטן צוגערויבטן באַ איר האַנט־טעשל. איז עמעצער
אין שטוב פאַראַן? לאַנג דריקט זי אָפּן גלעקל־קנאָפּ, ביז עס דערהערט
זיך אַ הייזעריקע, דערשראָקענע שטים. ס'איז די אַלטיטשקע, די מוטער
פון דער באַלעבאָסטע, באַ וועמען די דאָקטערן וווינט אין אַ געדונגענעם

צימער. אַף דער ציטעריקער פראַגע „ווער איז?" פּרעסט זי אַרויס אַ שטילן, שולדיקן ענטפער — „איך".

...צי איז דער קאַשמאַר בלויז אַ שרעקלעכער כאַלעם? זי פּרוּווט זיך ראַטעווען, זיך באַפרײַען מיט קויעך פון זײַן ווייטעקדיקן קלעם און כאַפּט זיך אויף, אָן אָנגעטאָנענע, אַף איר ניט־אויסגעבעטער בעט. די ליפּן ברע־נען. אין קאָפּ, אין אַלע אייוורים — אַ בראַנדפײַער. טרינקען! אויך נעכטן אָוונט, אַרײַנפאַלנדיק אין שטוב, האָט זי בלויז געטרונקען, געטרונקען אָן אַ שיר, אָן אָן אָפּהאַלט. און אָט איז דער פרימאָרגן. ס'איז שווער אופצושטיין. אָנשטרענגענדיק די לעצטע קויכעס, קריכט זי אַוועק צום וואַסער־קראַן.

די גראָוע, זשוואַווע אַלטיטשקע פּאָרעט זיך שוין דאָרט. צו וואָס? פאַר וועמען זאָרגט זי זיך איצט, אַז אַלע אירע אייגענע זײַנען פאַר־שווונדן ווער ווייסט וווּ, און זי, בלײַבנדיק „היטן די דירע", איז געבליבן איינינקע אַליין.

— איר וואָלט עפּעס איבערגעביסן, דאָקטערן, — די אַלטיטשקע שטעלט אַרויף אַפן קיך־טישל דאָס ברויט־קערבל מיט עטלעכע פאַרטריקנטע סקאָרינקעס, אַ סלאָיִקל פּאָווידלע. — עסט. מער איז אין שטוב ניטאָ קיין זאַך. געגוג צו טרינקען. כאַפּט עפּעס איבער.

דער וועקזייגער אַפן שרענקל טוט זיך דאָס זײַניקע: צופּט און צופּט אַ סעקונדע נאָך אַ סעקונדע פון דער צײַט. אין אָט דער שאָ גייט גע־וויינלעך די דאָקטערן צו דער אַרבעט. נאָר ווי וועט זי איצט גיין? ווי קאָן זי גיין? זי שפּירט דאָך אַף זיך, אַז יענער קאָשמאַר איז שוין גאָרניט קיין בייזער כאָלעם.

— איך וואָלט אײַך ראַטן, דאָקטערן, גיין וואָס גיכער אין שפּיטאָל. דאָרט איז זיכערער דאָס לעבן. אין שטאָט האַלט מען דאָך אין איין כאַפּן מענטשן, איבערהויפּט יונגע. אַף דער אַרבעט וועט איר קריגן אַ ברויט־קאַרטל, — אייצעט איר די ווילע אַלטיטשקע.

צו דער אַרבעט... אין איר פּאַלאַטע... האַרט פאַרן מילכאָמע־אויסברוך זײַנען דאָרט געלעגן עטלעכע שוועער־קראַנקע. ניט קלאָר איז געווען, וואָס זיי איז. זי האָט געשיקט זייער בלוט אַף אַנאַליזן. וועלכע זײַנען די רעזולטאַטן? נאָר ווי וועט זי איצט, נאָך דעם, וואָס איז געשען, גאָר קומען צווישן מענטשן? גיין צו דער אַרבעט... די קראַנקע מיט זייערע ליידן, אירע ליידן...

די קאָלעגן פונעם אינפעקציע־אָפּטייל ווייסן קיין זאַך ניט. און טאָרן ניט וויסן, וואָס מיט איר איז געשען. זיי זײַנען קאָלעגן און העלפן אַ קאָלעגע. מאַכן ניט קיין גערייד וועגן איר פאַרשווינדן אַף עטלעכע טעג. זיי קומען אויך אַנטקעגן איר ביטע — לאָזן זי צײַטווײַליק אַרבעטן אין דער לאַבאָראַטאָריע, ביז אירע ליפּן וועלן זיך פאַרהיילן. זי וועט דער־ווײַל אָפּגעבן זיך מיט דער לאַבאָראַטאָרישער דיאַגנאָסטיק פון אירע שוועער־קראַנקע. זיי זײַנען געבליבן קימאַט אָן האַזשגאָכע די עטלעכע טעג פון דער מעהומע, די עטלעכע טעג, בייס דער פּראַגנט האָט דורכגע־וויכערט די שטאָט.

דײַטשן אין היטלעריסטישע אוניפֿאָרמעס און זײערע אַרטיקע ארויס־העלפֿער מיט װײַסע אָרעמבענדער אף די ציװילע רעקלעך, װאָס בושע־װען אין שטאָט, באַלעבאַטעװען אויך אין שפּיטאָל. שטעלן אװעק באַם ארויסגאַנג פֿון דער לאַבאָראַטאָריע א װאַך צו קאָנטראָלירן, װער עס גײט אַרײַן און ארויס. ס'איז קלאָר: מע זאָל ניט ארויסטראָגן קײן מיקראָבן־קולטורן, מיט װעלכע מע קאָן פֿאַרסאַמען ברינעמער און פֿאַרשפּרײטן עפּידעמיעס.

אויך די דאָקטוירן פּ. װערט אונטערזוכט באַם ארויסגײן פֿון דער לאַ־באָראַטאָריע נאָך דער ארבעט. אײנער א בלאָנדער האָפֿערדיקער יונג מיט א װײַסן אָרעמבאַנד און מיט א ביקס אפֿן אקסל באַטאַפּט זי פֿון קאָפּ ביז פּיס. מיסטאַמע האָט ער אויך א לאַמטערנדל אין קעשענע. עפּשער האָט ער דאָס ארופֿגעלאָזט אף איר יענע בלענדנדיקע שײַן. עפּשער איז ער אײנער פֿון יענע... װען ער רעדט ארויס א װאָרט, װאָלט זי די שטים דערקענט... ער טוט אָבער זײַן מעלאָכע שװײַגנדיק, און זי פֿאַרבײַסט די ליפּן װידער ביז בלוט.

פֿאַרשטײט זיך, אז מע געפֿינט בא איר קײן זאַך ניט. מע גיט איר נאָך א „שוץ־דאָקומענט", קײנער זאָל זי צו קײן אנדער ארבעט ניט אװעקשלעפּן. דאָס פּאַפּירל לײגט זי אַרײַן אין קעשענע און גײט אװעק א שװײַגנדיקע. אלע שװײַגן איצט. יעדערער אף זײַן אופֿן, מיט מוירע פֿאַר דער אָנקומענדיקער רעגע, פֿאַרן אומקלאָרן מאָרגן, מיט זאָרג פֿאַר זיך, פֿאַר די סאַמע נאָענטסטע. די מענטשן זײַנען איצט אָנגעשפּיצט, פֿרעגן אײנער דעם צװײטן, װאָס הערט זיך נײַס, האָפֿנדיק צו הערן עפּעס דערפֿרײענדיקס. „עס מוז דאָך קומען א סאָף צו דער בלוטיקער העפֿקײרעס", — טרײסט מען זיך.

נאָר װאָס גײט איר איצט דאָס אלץ אָן? זי שװײַגט פֿאַראַקשנט, גלײַכ־גילטיק. זי זוכט ניט און װיל ניט געפֿינען קײן טרײסט. קײן פֿונק האָפֿענונג טאָר ניט אופֿהעלן איר דורכױסיקע מאָרעשכוירע. זי װיל קײ־נעם ניט זען, װעגן קײנעם ניט טראַכטן, אפֿילע ניט װעגן אירע אײגענע אינעם קלײנעם פּראָװינץ־שטעטל. אפֿילע אינעם דימיען האָט זי מוירע צו טרעפֿן זיך מיט זײ אויג־אף־אויג. איר פּאָנעם קאָן אמאָל ארויסגעבן...

אנטלויפֿן פֿונעם ארומיקן אומגליק, זיך באַהאַלטן אין דעם אײגענעם װײ. זיך פֿאַרקלײַבן אין שאָטן פֿון טערמאָסטאַטן און פּראָבירקעס מיט מיקראָבן־קולטורן, ארומרינגלען זיך מיט פּעטרי־שיסעלעך און אװטאָ־קלאַװן. פֿון דעם אײגענעם װײ אנטלויפֿן צו די מיקראָסקאָפּן, װאָס אנט־דעקן װעלטן גאַנצע מיט פֿאַרזעעניש, פֿאַר װעלכע די צװײפֿיסיקע פֿאַר־זעענישן מיט ביקסן, לאַמטערנדלעך און אָרעמבענדער האָבן מוירע. האָבן מוירע, דער האַס צו זײ זאָל צומאָל ניט באַװעגן עמעצנס א האַנט ארויס־צולאָזן אף דער פֿרײַ די מאַגײפֿע־ און טויט־פֿאַרשפּרײטער און זײ פֿאַרטרײַבן אין דער װאַסערלײטונג, אין דער שפּײַז...

אָ, װי זײ האָבן מוירע! זײ אונטערזוכן באַזונדערס זאָרגעװודיק יעדן אײנעם, װאָס גײט ארויס פֿון דער לאַבאָראַטאָריע. אַן אָנגעכמורעטער נעפּעש מיט א פֿאַרגרעבט פּאָנעם, װאָס פֿאַרנעמט זיך דאָס מאָל מיט דער

דאָקטערן פּ., קוקט אופמערקזאַם דורך אירע קעשענעס, באַטאַפּט זי גליד פאַר גליד. זי פילט, אַז געמיינע מענערשע קאַוואַנעס באַגלייטן זײַנע האַנט־באַוועגונגען. עס ווערט איר שלעכט ביז צום כאַלעשן. זי איז אָבער גויוּער די איבלעניש. זי האַלט פאַנאַנדערגעשפּרייט אירע הענט מיט די געבײַלטע פויסטן. אין איר לינקן פויסט איז פאַרקראַמפּט אַ פינפמיליליי־טערדיקע פּראָבירקע מיט בויכטיפוס־באַקטעריעס, די סאַמע שטאַנדהאַפ־טיקסטע און אַגרעסיווסטע, וואָס זיי פאַרמאָגן אין דער לאַבאָראַטאָריע. מיט די מיליאַרדן מיקראָבן, פאַרקוועטשטע אין איר פויסט, לאָזט מען זי גיין.

איצט קאָן זי אָפּסאַמען אַ ברונעם. זי זאָל אין מעשעך פון אַ דרײַ מעסלעס האָדעווען די מיקראָבן מיט מילך, גליוקאָזע צי מיט פליישׁ־בוליאָן, וועלן זיי זיך מערפאַכיק פאַרמערן. זי זאָל זיי האָדעווען אַ וואָך און נאָכדעם ארויסלאָזן אין דער ברייטער וועלט ארײַן... אַ מאַגייפע זאָל אויסראָטן די, וועלכע האָבן געטאָן דאָס, וואָס זיי האָבן געטאָן, און מאַכן אַ סאָף צו דער וועלט, אין וועלכער עס געשעט דאָס, וואָס איז געשען, אונטער גלײַכגילטיק־זאָרגלאָזער פּיאַנע־באַגלייטונג...

— פאַרוואָס זײַט איר, דאָקטערן, ניט אַרויס הײַנט צו דער אַרבעט? מיך שרעקט עס. ס'איז אַ געפאַר צו בלײַבן אין דער היים. מע כאַפּט אָן אופּהער מענטשן פון די הײַזער. איר זײַט געווען אין שפּיטאָל און ווייסט ניט, וואָס סע טוט זיך אין שטאָט. און עפּשער פילט איר זיך ניט מיט אַלעמען? — איז באַזאָרגט די אַלטיטשקע.

אַוואַדע פילט זי זיך ניט מיט אַלעמען, די דאָקטערן. עפּעס אַ פאַר־דעכטיק ברענעניש פאַרשאַפט איר גרויסע יעסורים. ווען זי פאַרשפּאַרט אַפילו הערמעטיש די קעמערלעך פון זיקאָרן, וואָלט דאָס ברענעניש אין איר סײַווי צעוואַלגערט די מעכיצע און דערמאָנט, אַז יענער מוירעדיקער נאַכט־קאָשמאַר איז ניט קיין ווייסטער כאָלעם.

פאַרנאַכט־צו מאַכט די דאָקטערן אַ שרעקלעכע אַנטדעקונג: זי איז אָנגעשטעקט... זיי האָבן זי אָנגעשטעקט. און עפּשער האָט ער, דער לעצטער... און אָנשטאָט צו דערשיסן, אַראָפּגעשטויסן זי אַ לעבעדיקע פון שיפּוי אין שטאָט ארײַן. גיי, געניס פונעם לעבן. פרײַ זיך מיטן גע־שאָנקענעם לעבן, ווי אַ הונגעריקער הונט מיט אַ צוגעוואָרפן פאַריפעשט ביינדל.

מע האָט געשפּעט פון איר, געכויזעקט. און איצט פּלאַקערט אַ סרייפע אין איר פאַרומרייניקטן גוף. מיליאַרדן מיקראָבן פּראַווען דאָרט זייער סודע. אין דער פּראָבירקע האָדעוועט זי מיליאַרדן מיקראָבן פון אַן אַנ־דער מין, גרייט זיי ארויסצולאָזן צו אַ בלוטיקן מאָלצײַט. מע דאַרף נאָר צוקומען צו די וואַסער־ברינעמער, פון וועלכע עס טרינקען די אומרייניע, צוקומען צום ברויט, וואָס מע באַקט פאַר די אומענטשן.

די מיקראָבן אין דער פּראָבירקע פאַרמערן זיך אָן אופּהער. זיי וועלן באַלד זײַן אימשטאַנד פאַרפעסטן עפּשער די גאַנצע שטאָט. דער גוירל פון אַ גאַנצער שטאָט מענטשן איז איצט אין אירע הענט. זי וועט שפּילן מיטן גוירל פון אַנדערע, פּונקט ווי מע האָט געשפּילט מיט אירן...

מע האָט זי געהאט פאַרהאַלטן, מאַכמעס זי האָט געוואָלט נעמען איר גורל אין די אייגענע הענט. מע האָט זי פאַרשפּאַרט אין א שטאָקפינצטערן קעלער. אַרופגעלאָזט אף איר פּאָנעם דעם גיריקן רעפלעקטאָר און אַן אומשולדיקע, א ריינע זי מעאַנעס געוועזן. צעשאָסן אלע אַנדערע פּרויען, געשענדעטע און ניט באַרירטע, און זי, צוליב איר שיינעם פּאָנעם, אוועקגעטריבן אין לעבן אַרײַן אונטערן אָפּהילך פון דער מענטשן־צעשיסונג... באַשעפּענישן מיט פּענעמער פון זשוקעס און פלעדערמײַז האָבן זיך געגראָבן אין איר לײַב, איבערגעלאָזט אין איר זייערע שפּורן. ווי קאָן זי לעבן, אַז זי האָדעוועט, פאַרמערט אין זיך זייערע ברודיקע זוימען?

ווי צוימט מען אָפּ די קעמערלעך פונעם זיקאָרן און מע פאַרשפּאַרט אין זיי די געדאַנקען?!

„מאַמע, מאַמעלע!" וואָס מיט איר איז געשען און וואָס זי קלײַבט זיך טאָן!

א צווייטע דאָקטערן פּ., אויך א טאָכטער פון א מאַמען, א ריינע און אומשולדיקע, וואָס וואָרט, א באָכער זאָל איר האַרץ אָפּבריִען מיט ליבע, וועט עפּשער לעשן איר נאַטירלעכן דאָרשט מיט דער פאַרסאַמטער וואַסער. אויך די אַלטיטשקע וועט אָפּדרייען דעם קראַן און זיך אָנטרינקען מיטן סאַם־האַמאָוועס, נאָך איידער די באַשעפּענישן פון יענער ברודיקער וועלט, פאַר וועמען דער סאַם איז באַשטימט, וועלן עס טאָן.

ווי איר איז שלעכט! ווי זאָל זי זיך העלפן?

פון דער לאַסט, וואָס זי האָט אַרופגענומען אף זיך און ווערט געפּײַניקט, קאָן אויסלייזן א האַלבע שאָ. א האַלבע שאָ קאָכן די פּראָבירקע מיט די מיקראָבן.

זי קאָכט די בלוילעכע פליסיקײַט, טוט אפילע ניט א קוק אפן טיקנדיקן וועקזייגער, ווייסט ניט, צי ס'איז דורך א האַלבע שאָ, א שאָ אָדער מער. ס'האָט אויסגעדאַמפט די פליסיקײַט, קיין סימען ניט געבליבן. גילט ניט מער דאָס געזעץ, אַז מאַטעריע ווערט ניט פאַרפאַלן? גילט עפּשער אויך ניט דאָס געזעץ, אַז דער מענטש איז געבוירן געוואָרן צו לעבן?

ניטאָ קיין ברײרע? אַלץ איז באַשטימט פון פאָרויס? קיין זאַך איז ניט אָפּהענגיק פונעם מענטשנס ווילן?

— וואָס ווײנט איר, דאָקטערן?

זי ציטערט אוף. ווידער די אַלטיטשקע. ווידער האָט דער כאָלעם־קאָשמאַר אַרײַנגעקוקט דער וואָר אין די אויגן. זי ווײנט? יאָ, ניט ווילנדיק ווײנט זי. די אויסגעקאָכטע פּראָבירקע איז ליידיק. דער פּרימוס — פאַרלאָשן. בלויז אין איר פלאַקערט דאָס פּײַער. ניטאָ מער די מיקראָבן, באַשטימטע פאַר יענע מיט די ביקסן, לאַמטערנדלעך און אָרעמבענדער. פאַראַן נאָר די, וועלכע פּראַווען אין איר גוף זייער סודע, פרעסן איר לײַב, זויפן איר בלוט, פאַרמערן זיך, גרייטע באַפאַלן איטלעכן, וואָס וועט גענענען צו איר... גילט דען ווידער דאָס געזעץ וועגן דער מאַטעריע אין א שרעקלעכערער פאָרם?

א האַלבע שאָ איז גענוג געווען פאַר יענע. עטלעכע מינוט וואָלט גענוג געווען פאַר די, וואָס בושעווען אין איר... ווער זאָגט, אַז דער

מענטש קאָן ניט אַרײַנעמען דעם אייגענעם גורל אין די אייגענע הענט?

זי נעמט האַסטיק זיך ריַען אינעם שאַפּקעלע, וואָס באַ איר בעט. ווען זי געפינט אַ שאַכטל וועראָנאַל! ס׳וואָלט געקלעקט אײַנצושלאָפן אויף אייביק. אָבער די עטלעכע טאַבלעטקעס, וועלכע זי האַלט אין האַנט, קאָנען העלפן דורכשלאָפן בלויז אַ נאַכט.

— וואָס ווײנט איר, דאָקטערן?

די ליבע, זאָרגעוודיקע אַלטיטשקע שטייט אַלץ צו מיט דער זעלבער פראַגע. די דאָקטערן טוט דערשראָקן אַ קוק אויף איר. זי טאָר איצט מיט קיין מענטשן געמיינזאַם ניט לעבן. די מיקראָבן, וועלכע פאַרמערן זיך אין איר גוף... זי צעברעכט די גלאָז, פון וועלכער זי האָט געטרונקען, צעקרישלט אינעם אָפּגוס די טאַבלעטקעס וועראָנאַל. זי מוז זוכן אַן אַנדער מיטל. אַ מוירעדיק שטאַרק מיטל באַדאַרף זי.

— וווהין גייט איר, דאָקטערן? ס׳איז די פּאָליציי־שאַ, און אַ גוסרעגן. אָן אַ שטיקל פּלאַשטש...

אין דרויסן איז אַ מאַבל. די וועלט האָט אַליין געפליוכעט אויף זיך עמערס וואַסער, ווי זי זאָל וועלן אָפּוואַשן פון זיך זינד, אָפּרייניקן זיך פון רישעס, פאַרדאָרבנקייט...

דאָס לײַכטע קליידל אויף דער דאָקטערן — ווי ניט געווען. עס שטראָמט איבער איר קערפּער אײַז־קאַלטע וואַסער, שטראָמט איבער די האָר, דרינגט אַרײַן אין די אויערן, אין נאָז, פאַרכלינעט זי אַזש. אַ שאַרפקאַנ־טיקער קנויל בלײַבט ווייטעקדיק שטיין אין קעל, רײַסט, צערײַסט אים און פאַרטויבט אַלע איבעריקע יעסורים.

זי טראָגט זיך אַלץ ווײַטער און ווײַטער דורך כווישעך, דורך די וואַ־סער־שטראָמען — צו דער אײַזנבאַן, צום בריק איבערן טײַך, צום פּאָרט פון דער אַלטער שטאָט־פעסטונג, ווו עס באַלעבאַטעווען דעם טויטס מעשאָרסים מיט פּענעמער פון זשוקעס, מיט לאַמטערנדלעך און ביקסן...

# גוירלדיקער אויגנבליק



א סלופּ, פיר טריט, און ווידער א סלופּ...

דער שאַרפיורער פון עסעס פראַנץ מיולער ציילט אָפּ פיר קנאַקעדיקע טריט און ווײַזט אָן דאָס אָרט פאַר א נײַעם סלופּ. נאָך פיר טריט, און ווידער א סלופּ... לענגויס דעם גרויען פּאָרשטאָט־געסל שטעלן זיך אויס, אײַנגעגראָבענע אינעם ברוק, אָפּגעטעסעטע, מיט טערפּקן סמאָלע־רייעך שמעקנדיקע סאָסנאָווע סלופּעס.

האָריזאָנטאַלע, ווערטיקאַלע דראָטן — א שטעכדראָט־געוועב באַדעקט די סלופּעס. אַלץ ווערט געמאַכט שטרענג גענוי לויט דער „אינסטרוקציע צו איזאָלירן ראַסיש־מינדערווערטיקע וועזנס”. די דאָזיקע אינסטרוקציע האָט פראַנץ מיולער גרינטלעך אויסגעשטודירט, נאָר אף יעדן פאַל טראָגט ער זי שטענדיק מיט זיך אין דער קעשענע.

די שטעכדראָט־נעץ גאַרטלט ארום שטיבלעך, געסלעך, שנײַדט זיי אָפּ פון דער גאָרער וועלט. אזוי אָנווײַזנדיק די ערטער פאַר נײַע סלופּעס, וואָלט פראַנץ מיולער אוועקגעשפּרײַזט ווער ווייסט ווי ווײַט, ווען די, וואָס שטעלן אוף פאַר זיך די שטײַג, וואָלטן אים באַוויזן נאָכגיין.

און די זון פונעם לויטערן הימל סמאַליעט אָן ראַכמאָנעס. וואָלט כאָטש א ווינטל טאָן א בלאָז! דעם שאַרפיורער דאַכט זיך, אז די ליטווישע זון ברענט אומיסטן אזוי און וועט אויסנאָגן זײַן גאַנצן כּיעס. אים איז הייס, דושנע. ער שוויצט. עס דאָרשט אים. אין האַלדז איז איבערגעטריקנט. נאָר פראַנץ, אָנגעטאָן אין דער עסעס־אוניפאָרם, דערצו נאָך מיט א רימען, שטאַרק צונויפגעצויגן אין דער טאַליע, טרעט אף קיין רעגע ניט אָפּ פון זײַן פּאָסטן. סאַרא גליק ס'איז צו לײַדן פאַרן פיורער, וועלכן גאָט האָט אַראָפּגעשיקט דעם פאַטערלאַנד, פאַרן פיורער, וואָס אָפּפערט זיך דעם דײַטשישן פאָלק: פירט ניט קיין פאַמיליע־לעבן און האָט בּיכלאַל ניט צו טאָן מיט קיין פרויען, טרינקט ניט קיין אַלקאָהאָל־געטראַנקען און

עסט בלויז וועגעטאריש. ווי דארף מען זײַן גליקלעך צו קאָנען אויספּילן די באַפעלן פון אַזאַ מענטשן און ביז צום לעצטן אָטעמצוג זײַן טרײַ דער הייליקער האַקנקרייץ־פאָן. ער, פראַנץ, וועט זײַן טרײַ און איבער־געגעבן!

דער שאַרפיורער פראַנץ מיולער איז אַ בראַווער יונג, קוים צוויי און צוואַנציק יאָר אַלט. ער איז וווּקסיק, שטאַלטנע, בלאָנד, בלוי־אויגיק, מיט אַ קלײנער גלײַכער נאָז. ער שטאָלצירט מיט זײַן אויסזען, גרויסט זיך מיט זײַנע בוילעטע אַרישע מערקצייכנס. אַ ווערעמל טוט בלויז צומאָל אַן עגבער דאָס האַרץ, בײַס ער דערמאָנט זיך אין די צוויי מאַלאָכימלעך פון ראַפאַעלס „סיקסטינער מאַדאָנע". אַ פאַרביקע רעפּראָדוקציע פון די מאַלאָכימלעך איז געהאַנגען איבער זײַן קינדערש בעטל. די מאַמע, אַ גליקלעך־לויכטנדיקע, פלעגט זאָגן, אַז איר קלײנער פראַנץ, ס'הייסט, ער, דער איצטיקער שאַרפיורער, איז ענלעך אויף איינעם פון זיי. זי האָט בלויז ניט געקאָנט געבן אַנווײַזן, אויף וועלכן, ווײַל ביידע זײַנען ענלעך געווען איינס אויפן צווייטן — ביידע בלאָנדהאָריקע, העלפּענעמדיקע, בלוי־אויגיקע, טרוימעריש־פאַרקוקטע אויפן הימל.

נאָך הײַנט פאַסירט, אַז די מוטער אַנציקט זיך מיט דער דאָזיקער ענלעכקײַט, ניט געקוקט דערויף, וואָס דאָס דערצאָרנט אים. און ווירקלעך, ווי זאָל ער עס פאַרלײַדן? דער פיורער האָט דאָך דערקלערט, אַז ער וויל אויסהאָדעווען אַ שטאַרקע, האַרטנעקיקע, אַכזאָריעסדיקע יוגנט מיט אויגן פון רויב־חײַעס. און דאָ — גאָר ענלעך צו אַ מאַלעך... יענע פאַר־ביקע רעפּראָדוקציע האָט פראַנץ שוין לאַנג אַרויסגעוואָרפן צום שוואַרצ־יאָר, אָבער די מאַלאָכישע מילדקײַט פון זײַנע אויגן... צי דען וועט עס אים בלײַבן אויפן גאַנצן לעבן? נאָך אַ גליק, וואָס ער האָט אַ טיפן שראַם אויפן שטערן — אַ צייכן פון אַ צוזאַמענשטויס מיט אונטערמענטשן.

אין אָנגעהעריקער צו דער „היטלער־יוגענד", האָט ער מיט אַ גרופּע ברוינהעמדלדיקע צעגראָמירט עטלעכע וווינונגען פון ייִדן און אַנדערע פאָלקספאַרעמדע עלעמענטן. דערבײַ האָט ער אַרײַנגעכאַפּט אַ שפּאָר ביסל קלעפּ. אָבער איצט איז דער דאָזיקער אויף אייביק פאַרבליבענער צייכן — דאָס בעסטע וויזיט־קאַרטל. דערצו נאָך דער אָפּשטאַם־דאָקומענט, וואָס שטעלט פעסט, אַז אין זײַנע אָדערן פליסט דאָס קריגערישע בלוט פון די אוראַלטע גערמאַנער... זאָל די ליבע פראַו מאַמאַ ניט פּלוידערן סטאַם אין דער וועלט אַרײַן. איינע פון זײַנע פלאַקסהאָריקע פרײַלנס איז געווען פיל אָביעקטיווער, דערקלערנדיק אין אַן אינטימער מינוט: „דײַנע אויגן זײַנען ווי בײַ אַ וואָלף, — גרויזאַמע, פרעסערישע. דײַן בליק — שאַרפער פאַרן האַרטסטן שטאָל!" אָט דאָס איז אַ קאָמפּלימענט!

ווי עס פּאַסט פאַר אַן אָפּשפּראָץ פון די אוראַלטע גערמאַנער, דער־ווײַזט ער אָפט זײַן אומבעראַכמאָנעסדיקײַט. יעדן אינדערפרי, צום אָנהייב פונעם אַרבעטסטאָג, דערשיסט ער אַ צוים־בויער. אַזאַ, וואָס אַרבעט שלעכט, וואָס מידט זיך ניט גענוג פלײַסיק פאַרן זיג פונעם דריטן רײַך. עמעס, דאָס טוט ער לויט דער אינסטרוקציע, וועלכע לערנט, אַז נאָר אַזוי ווערט אײַנגעפּלאַנצט אָפּשײַ פאַר דער ראַסע, וואָס איז באַרופן צו הערשן

איבער דער וועלט. אָבער נעכטן האָט ער שוין לויט דער אייגענער איני־ציִאַטיוו געגעבן אַ שטרענגע לעקציע דער אַרטיקער באַפעלקערונג.

צו די פיס פון איינעם פון זײַנע צוים־בויער האָט זיך צוגעקײַקלט אַ היפּטל קרויט. דער שאַרפיורער האָט זיך אַרומגעקוקט און דערזען: עס פאָרט אַ פור, אָנגעלאָדן מיט קרויט. און אויבן — עפּעס אַ יאַט, וואָס האַלט שוין באַם וואַרפן אַ צווייט היפּטל... מיולער האָט אָן שיִעס גע־שאָסן אינעם „פּילאַנטראָפּ". דער מאַנצבל, וואָס האָט געהאַלטן די לייצעס, האָט האַסטיק אַ שמיץ געטאָן דאָס פערד, ניט באַמערקנדיק, אַז אַפן קרויט איז מיט פאַנאַנדערגעשפּרייטע הענט אומגעפאַלן זײַן מיט־פאָרער...

פּרעכטיק! נאָר אַף אַזאַ אופן וועט מען אין די טעמפּקעפּיקע היגע אײַנוווינער אײַנפּלאַנצן מוירע און אונטערטעניקײַט.

נאָך איין וויכטיקער מאָמענט אין פראַנץ מיולערס ביִאָגראַפיע. פיר יאָר האָט ער שטודירט מעדיצין. און אויב ער האָט פאַר דער צײַט ניט פאַרענדיקט אַפילע קיין צוויי קורסן, באַטײַט עס נאָך ניט, אַז ער איז אומפעיִק צי גאָר טעמפּ. דעם עקזאַמען „ראַסן־טעאָריע", און באַ אַזאַ באַרימטן פּראָפעסאָר ווי הערמאַן האָוך, האָט ער אויסגעהאַלטן אַף „אויס־געצייכנט". די מעדיצין־פּראָפעסאָרלעך, וועלכע האָבן אים פאַרשניטן אַף די עקזאַמענעס, וועט ער נאָך באַווײַזן, ווער ס'איז פראַנץ מיולער!

דער אָנגעהויבענער קריג אַפן מיזרעך איז געווען פאַר אים אַן עמעסע אויסלייזונג. פראַנץ איז מאָביליזירט געוואָרן, אוועק אַפן פראָנט אויס־קעמפן לעבנס־רוים פאַר זײַן נאַציע און רום פאַר זיך פערזענלעך.

נאָר דערוויַיל איז אים הייס, דושנע. ער דערלויבט זיך פאַנאַנדער־שפּיליען אַ ביסל דעם שטײַפן קאָלנער, אָפּלאָזן אַ קאַפּ דעם רימען. דעם ווײַטערדיקן צוים־אָפּשניט האָט ער אָקאָרשט אָנגעצייכנט, די ערטער פאַר סלופּעס — אָנגעמערקט. זײַנע וואַכלײַט פּאַסן אויף אַף דער אַרבעט, קאָן ער אַ ביסל פרײַ אַרומשוועבן מיט די געדאַנקען אין די ספערעס, אין וועלכע ער וועט אײַנגיכן באַרימט ווערן.

די מאַכשאָוועס לאָזן אים ניט צורו, בּרענגען אַרויס פון געדולד. צו וואָס וואַרטן, ביז די אונטערמענטשן מיט די געלע זעקסעקיקע שטערן אַף דער ברוסט און אַפן רוקן וועלן פאַרענדיקן בויען דעם צוים? צו וואָס וואַרטן, ביז מע וועט זיי אין דער שטײַג פאַרשפּאַרן? ווער לאָזט ניט אַ נעם טאָן זיך צו זיי שוין איצט?

ער קאָן ניט זאָגן, אַז אונטער זײַן אופזיכט אַרבעטן די דאָזיקע טיפּן ניט גענוג פלײַסיק, כאָטש ס'איז אַלגעמיין באַוווּסט, אַז ייִדן זײַנען אומ־פעיִק צו פּראָדוקטיווער אַרבעט. גיין, צו זײַנע קנעכט קאָן ער זיך ניט טשעפּען. ער האָט אַרײַנגעהאַקט אין זייערע אָפּגעשטאַנענע מויכעס די קלאָלים פון דער צוימבוי־אינסטרוקציע און אויך דאָס, אַז באַם שאַר־פיורער פראַנץ מיולער טאָר מען זיך ניט פוילן. נאָר מיט וואָס וועלן די־אָ סוביעקטן קאָנען דינען דער וויסנשאַפט און זײַנע פערזענלעכע אינטערעסן?

ער קוקט זיך אַרום.

א ווּקסיקער, ברייטפּלייציקער יונג מיט א ברעכשטאַנג אין די קרעפּ־טיקע הענט נעמט פּאַנאַנדער דעם ברוק אין די ערטער, וווּ עס דאַרף קומען א סלופּ. א גאַנץ פּײַן, ענערגיש און פאַרהאַרטעוועט פּנים. ניין, דער דאָזיקער טיפּ פּאַסט ניט פאַר ראַסישע פאָרשונג־צילן.

ניט קיין הויך מענטשל אין אַלטמאָדישע פּענסנע גראָבט פלײַסיק א גרוב פאַר א סלופּ. גראָוולעכע שלייפן, דינע ווײַסע הענט, אַן אינטעלי־גענטער אויסזען. טויג אויך ניט.

א שלאַנקער יאַט פלעכט פלינק די דראָטן... צום דאַנערוועטער! אויך ער פאַרמאָגט ניט קיין ספּעציפישע סימאָנים פון זײַן געמיינער ראַסע!

ווי זשע זאָל פאַרווירקלעכט ווערן דער פאַרטראַכט, וואָס דאַרף באַ־רימט מאַכן דעם שאַרפזיניקן? א צעקאָכטער נעמט פראַנץ אַרומ־שפּאַנען לענגויס דעם צוים, פעסטשטעלנדיק: טויג ניט, פּאַסט ניט, טויג ווידער ניט!

נאָר זע! א באַשעפעניש מיט א האַק טעסעט קלעצער, שיילט זיי אַרום פון דער קאָרע, די סלופּעס זאָלן ניט פוילן, לענגער זיך האַלטן. ס׳א קליין מענטשל, א פאַרזעעניש — קרום, לאָם, מיט א גרויסן קאָפּ, ווי אַן איבערגעקערטער דרײַעק. די הענט זײַנען בא אים לאַנגע, ביינערדיקע, ווי בא א מאַלפּע. די דאָזיקע באַשעפעניש טויג, פּאַסט זייער און זייער!

אָ, פּראָפעסאָר הערמאַן האוף! אײַער טרײַער שילער, דער סטודענט פראַנץ מיולער, זעט אײַך, ווי איר שטייט פאַר די צוהערער אין דער אוניווערסיטעט־אַודיטאָריע, און הערט דײַטלעך אײַערע טיף־רעגנדיקע אויספירן: „אין אײַך, סטודענטן, איז אַלץ געוועגדט! איר דאַרפט ענדלעך וויסנשאַפטלעך דערווײַזן די ריכטיקײַט פון דער ראַסן־טעאָריע; מיט אַנאַ־טאָמישע און היסטאָלאָגישע עקספּערימענטן באַשטעטיקן דעם פיורערס טעזיס, אַז דער גרעסטער טייל פון דער אַזויגערופענער מענטשהײַט שטעלט מיט זיך פאַר א מישמאַש פון האַלבע מאַלפּעס!״

און ער, פראַנץ מיולער, וועט ניט זײַן פראַנץ מיולער, אויב ער וועט עס ניט דערווײַזן פּראַקטיש!

נאָך איין סאָד טראָגט פראַנץ אין האַרצן. פאַרן צעשיידן זיך האָט ער געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט זײַן בעסטן קאַמעראַד יאָהאַנעס גרובע. דער שטאַרק קורצזיכטיקער יאָהאַנעס, וועלכער טויג ניט פאַרן אַקטיוון מיליי־טער־דינסט, וועט אַוועק אַרבעטן אין דעם גענעאַלאָגיע־ און ראַסן־אינסטי־טוט — „אַנענערבע״, און ער, פראַנץ, וועט אים שיקן אָביעקטן צו באַ־שטעטיקן עקספּערימענטאַל די טעאָרעטישע האַנאָכעס פון דער ראַסן־לערע. דעם דאָזיקן אָפּמאַך האָבן ביידע געשלאָסן מיט א שווּע בא קופלען ביר אינעם האַלב־פינצטערן קעלער פונעם מיטלאַלטערלעכן סטו־דענטן־שענק.

אָבער איצט, דערזעענדיק דעם אויסגעצייכנטן פאַרש־אָביעקט, פּאַלט מיולערן אײַן: צו וועלכע קלאָגן דאַרף ער שוטפים? יאָהאַנעס קאָן נאָך פאַרעפנטלעכן די וויסנשאַפטלעכע אַרבעט אין זײַן אייגענעם נאָמען, און שרײַ צו גאָט... ער, פראַנץ, וועט אַליין אין א היגן מעדיצינישן אַנשטאַלט צוגרייטן היסטאָלאָגישע הויט־, האָר־, מאַרך־פּרעפּאַראַטן, וועלכע וועלן

וויסנשאפטלעך דערווײַזן, אז די ניט־אריִער קערן זיך מער אָן צו כײַעס, ווי צו מענטשן.

אלץ איז קלאָר. נאָר ניט ארויסלאָזן דעם אויסגעצייכנטן עקזעמפּליאַר פון די הענט!

דער, וואָס טעסעט די קלעצער, דערשפּירנדיק, אפּאַנעם, דעם שאר־פיורערס לויערנדיקן בליק, קריכט מאמעש פון דער הויט. די שאַרפע האק גליטשט זיך ארויף און אראָפּ איבערן סלופּ, שינדנדיק לאנגע פּאסן קאָרע. אזא פרעכהײַט! וויל דער אונטערמענטש דערווײַזן, אז ער טויג צו עפּעס?! סײַווי איז אלץ שוין באשלאָסן! גענוג האָט ער פאַרפעסטיקט מיט זײַן אָטעם די לופט, וואָס געהערט די אריִער. אזא נישטיקע באשע־פעניש! געוויס קערט ער זיך אָן צו די טיפן, וועלכע, וועדליק דעם פּראָ־פעסאָר האוכס אויספירן, קאָנען זײַן בלויז שווינדלער, געמיינע גאנאָ־ווימלעך, געלט־פעלשער, שרעקעוודיקע באל־טײַוועניקעס — קליינע פאַר־ברעכערלעך, בײַס די פאָרשטייער פון דער נאָרדישער בלוט־גרופּע און דער הארן־ראסע זײַנען פייִיק צו באגיין פרעכטיקע פאַרברעכנס.

גענוג! מיולער באפעלט דעם טעסלער אוועקלייגן די האק און אופ־שטיין. נו, יאָ, נאטירלעך, ווי א פאָרשטייער פון זײַן ראסע, שטייט ער ניט ווערטיקאל. דער שארפיורער באפעלט אים ווײַזן די אָפּצאסן. ווידער קלאָר: אָפּגעטראָטן אף אויסן, א בוילעטער סימען פון א ייִדן. ער בא־טראכט דעם קאָפּ פונעם אָביעקט. שיטערע רויטלעכע האָר־קרויזן, זומער־שפּרענקלעך אפן פּאָנעם. ניט מעסטנדיק, שוין אפן אויג, קאָן מען פעסט־שטעלן: די פּראָפּאָרציעס פון דער לענג און דער ברייט פונעם שיידל זײַנען פון א מינדערווערטיקער ראסע. הײַנט די שטארצנדיקע אויערן, די פירקאנטיקע נעגל! עכט סעמיטיש! בלײַבן נאָר די היסטאָלאָגישע באווײַזן.

מיולער טוט א ווונק, די וואכלײַט זאָלן א נעם טאָן דעם פאַרגרייטער פון די סלופּעס.

— פאר וואָס? — פרעגט יענער, אָפּטרעטנדיק דערשראָקן אף צוריק.

דער שארפיורער באפוילט, א וואכמאן זאָל צודריקן דעם קאָפּ פונעם ייִדן צום קלאָץ, אף וועלכן ער האָט געטעסעט די סלופּעס.

— פאר וואָס? — פרעגט פאַרצווייפלט דער טויט־בלאסער מענטש, מאָדנע אויסקרימענדיק דאָס מויל.

ווען זײַנע באפעלן ווערן אויסגעפילט, שפּירט דער שארפיורער, אז א בלוטיקער נעפּל פאַרציט אים די אויגן. אָט איז ער, דער גוירלדיקער אויגנבליק, ווען דער ארישער מענטש נעמט לעבן אפּאנעמעסן! ער כאפּט די האק — די נײַע, גוט אָנגעשארפטע, אינעם דריטן רײַך פּראָדוצירטע האק.

— פאר וואָס? פאר וואָס?! — שפּאלט די לופט א הייזעריקער געשריי.

פון אָט דעם געשריי ווערט דער שארפיורער אינגאנצן דול. ער דער־הערט אין זיך די דערוואכטע שטים פונעם גערמאנישן בלוט, די שטים, וועלכע הייסט אויספילן די פליכט פאר דער ראסישער אויסבעסערונג

פונעם מענטשלעכן מין. איצט מאכט זיך אים די ערשטע בעסטע געלעגנ־הייט. פאר זײַן פֿאַלק און פיורער וועט דער קאָפּ פונעם אונטערמענטש ווערן אָפּגעהאקט. מיט איין קלאפּ! עס זאָלן אין מארך און אין די גע־וועבן ניט פאַרקומען קיינע דעפאָרמאציעס. נאָך דעם וועט דער קאָפּ ווערן פּרעפּארירט און אָפּגעשיקט דירעקט צום רעקטאָר פונעם „אנענערבע"־אינסטיטוט...

דער שארפיורער הייבט אוף די האק, צילנדיק אין קארק פונעם אני־דערגעוואלגערטן מענטשן.

פארכאפּט פונעם ברען צו דינען דער וויסנשאפט און דעם פאטער־לאנד, דערזעט ניט פראנץ מיולער, אז סײַ די צוים־בויער, סײַ זײַנע וואכלײַט זײַנען פארגליווערט געוואָרן, באמערקט ניט, ווי דער הויכ־וווקסיקער, ברייטפּלייציקער יונג, וואָס האָט פאנאנדערגענומען דעם ברוק, דערנעענטערט זיך מיט דעם ברעכשטאנג אין האנט. און איידער די האק לאָזט זיך אראָפּ, זעצט דער יונג ארײַן מיטן גאנצן קויעך דעם שפּיץ פונעם שטאָלענעם שטאנג אין קארק פון דעם שארפיורער.

# צוליב א לעבן



די לופט איז געווען אָנגעזעטיקט מיט נאכט, מיט הארבסטיקער קעלט, מיט א געדיכטן וואסער־פולווער. גוסרעגנס האָבן דורכגעווייקט די ערד אף דורך און דורך; האָט זי, אָן אָנגעטרונקענע ביז צו פלאצן, ארויסגעשטויסן פון זיך א מוטנע פליסיקייט און פארפולט דערמיט איטלעכן קנייטש אף איר אויבערפלאך. ווי פילנדיק, אז די ערד וועט אים מער ניט איינזאפן, האָט דער רעגן אופגעהערט. בלויז אן אײַלנדיקער העפ־קער־ווינט פלעגט ווײַלעווײַז אָנכאפן אן ארומ־וואָגלענדיקן וואָלקן אין דער כאשכעס, פלעגט אים א טרייסל טאָן און מיט רעציכע שלײַדערן אף אראָפ הויפנס אופגעקוואָלענע טראָפנס ווא־סער — קיינער זאָל ניט וואגן פארשטעלן ווינטן דעם וועג!

מאשמאָעס, אז דעם ווינט האָט געשטערט אויך די מאכנע געטאָ־אסי־רים, וועלכע מע האָט געטריבן פון דער צוואנג־ארבעט אף נאכטלעגער אין זייער שטעכדראָט־שטײַג, ווײַל ער האָט זײַן קאס ארויסגעלאָזט אויך צו זייערע קעפ און געבויגענע רוקנס, געשמיסן זיי די פענעמער מיט קאלטע, שנײַדיקע רעגן־בײַטשן.

פארניורעט און פארשטומט האָבן זיך געשלעפט די אסירים, ווי זיי וואָלטן גלײַכגילטיק געווען צו דער נאכט, צו דער קעלט און דעם ווינט. ס'האָט זיך געקאָנט אפילע אויסדאכטן, אז עס שרעקן זיי ניט די ביקסן פון דער באוואכונג, וואָס האָבן מיט זייער געקנאל געהאלטן אין איין וואָרענען, אז זיי זײַנען מעסוגל אינעם גרעסטן כוישעך פארשטעלן אלע אויסוועגן, פארהאלטן איטלעכן, וואָס וועט פרווון שטעלן א טראָט אין א זײַט. אײַנגעהויקערט און שווײַגעוודיק האָבן די מענטשן געבראָדזשעט איבער די לוזשעס, געקנאָטן מיט די פיס די קלעפיקע און קוואטשיקע בלאָטע.

אויך דעם דאָקטער ארנסאָנס פיס — אינעם צעטראמפלטן, פיטש־נאסן און פארבלאָטיקטן שוכווארג — האָבן זיך ניט אויסגעטיילט פון די איבע־

ריקע. זיי האָבן זיך שווער באַוועגט, דומפּ קנעטנדיק דעם באָדן־קויט, און זײַנען געווען אײַנגעקלעמט אין דער ביטערער קעלט, וואָס האָט זיך געהויבן אַלץ העכער און העכער, אָנפּילנדיק מיט זיך דעם גאַנצן קערפּער.
„קאַלטע פּיס איז אַ מאָקער פון קרענק״, — פלעגט אַמאָל ארנסאָן וואָרע־נען זײַנע פּאַציִענטן. איצט איז ער געווען גלײַכגילטיק צו דעם, וואָס זײַנע אייגענע פּיס פרירן, און ער אַליין איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ זיך וויגנדיקע אַף שטאָלצן, פאַרגליווערטע שטיק מאַסע.
א הויכער, אַ סוטולעוואַטער, האָט ער דעם קאָפּ אַרײַנגעצויגן אין די אַקסלען, ווי ניט וועלנדיק מיט זײַן ווּקס אויסטיילן זיך פון אַלעמען. דאָקטער ארנסאָן, וועלכער איז שוין איצט, אייגנטלעך, מער ניט דאָקטער, אַפילו ניט מער ארנסאָן, נאָר בלויז נומער „דרײַ טויזנט פינף״, האָט זיך בעעמעס מיט קיין זאַך ניט אויסגעטיילט פונעם אוילעם. ווערנדיק זײַנס אַ טיילעכל, האָט ער געוואָלט אין אים צעגיין, פאַרשווינדן און באַהעפטן זיך מיט דער איינציקער מאַכשאָווע, וועלכע האָט אַלעמען געעגבערט: „פאַרוואָס טרײַבט מען זיי אין געטאָ פאַר דער געוויינלעכער שאָ?״ שווער געווען צו גלייבן, אַז צוליבן שלעכטן וועטער טוט מען זיי דעם דאָזיקן כעסעד. מעגלעך, אַז די קעלט און נעץ זײַנען אַרײַן אין די ביינער אויך די וואַכלײַט, האָבן זיי געמאַכט אַ סאָף צום פּאַטשקען זיך אין די טראַנ־שייען, וואָס האָט זיך גערופן „אַרבעט״. נאָר די ייִדן האָבן מיט שרעק איבערגעטראַכט: „זאָל ניט האָבן געשען אין געטאָ עפּעס ניט־גוטס?״ איבערגעטראַכט און געטריבן פון זיך די שלעכטע פאַרגעפילן.
ארנסאָנען איז צוגעקומען נאָך אַ זאָרג: אויב אין געטאָ איז אַלץ קע־שורע, האָט ער ניט געוואָלט וועקן זײַן פרוי און קינד. ער אַרבעט אין דער נאַכט־וואַכטע, קעדיי זײַנע אייגענע זאָלן זיך קאָנען אויסשלאָפן אַף זייער איינציקן שמאָלן געלעגער. איצט וועט אים אויסקומען זיי וועקן פונעם בעסטן שלאָף. האָט ער באַשלאָסן: אויב אין געטאָ איז גאָרנישט ניט געשען, וועט ער ניט אײַלן צו די זײַניקע. ער וועט ווו־ניט־איז אי־בערקומען די געבליבענע צײַט ביזן פרימאָרגן. עפּשער זיך גאָר אײַנ־מאָסטען אַפן פאַרגלאָזטן גאַנעק פונעם שטיבל, וועלכן אים קומט אויס פאַרבײַגיין. דאָרט וועט ער עפּשער אויך קאָנען כאַפּן אַ דרעמל, ביז מע וועט נעמען וועקן צו דער טאָג־וואַכטע.
פאַרטאָן מיט די דאָזיקע געדאַנקען, האָט ארנסאָן ניט באַמערקט, ווי ער איז אַדורך דעם געטאָ־טויער. ווען זייער קאָלאָנע איז זיך צעפאַלן, און די מענטשן, ווי קליינע שוואַרצע פלעקן, האָבן גענומען פאַרשווינדן אינעם אַרומיקן כוישעך, האָט ארנסאָן זיך אַרומגעזען, אַז ער איז געבליבן אַליין.
זיך איבערצײַגט, אַז אין געטאָ איז רויִק, האָט ער זיך דערקליבן ביזן שטיבל מיטן פאַרגלאָזטן גאַנעק, דערטאַפּט דאָרט אַ באַנק און זיך צוגע־זעצט. זײַן האַלבאָשע, אַ דורכגעזאַפּטע מיט דער נעץ, איז פאַרהאַרטעוועט געוואָרן, און אירע קנייטשן האָבן געשניטן דאָס לײַב. ס'האָבן אים גע־בראָכן די אייוורים. ווי גערן וואָלט ער זיך אַרויסגעריסן פון דער וויִרק־לעכקײַט און פאַרזונקען אינעם ניט־זײַן...

שוין אינעם דרעמל האָט ער דערהערט א סקריפּ פון דער שטוב־טיר. עמעצער האָט זיך אָנגעשטויסן אין אים און מיט אן אויסגעשריי אָפּגע־שפּרונגען. אין א רעגע ארום האָט זיך ווידער געעפנט די טיר. אף דער שוועל איז געבליבן שטיין א מאנצבל מיט אן אָנגעצונדענער ליכט אין האנט.

— אנטשולדיקט... שרעקט זיך ניט... ס'איז אן אייגענער, — האָט זיך ארנסאָן פארענטפערט, אופשטייענדיק. — כ'האָב דאָ איבערגעווארט דעם רעגן.

— ס'איז אן אייגענער, — האָט איבערגעכאזערט דער מאנצבל, וועלנ־דיק בארויקן די פרוי, וואָס איז א דערשראָקענע געשטאנען לעבן אים.

אין דער צוקנדיקער שיַין פון דער ליכט האָט א רעגע אופגעהעלט ארנסאָנס לענגלעך פּאָנעם מיט די געדיכטע שווארצע ברעמען, דינער נאָז און פולבלעכע ליפּן. א פריידיק־איבעראשטע האָט די פרוי זיך א לאָז געטאָן צו אים:

— דאָקטער, איר זיַט אונדז פון הימל אראפּגעפאלן, דאָקטער!

— ש־ש־שא! — האָט פאנאנדערגעצויגן ארנסאָן, ווי וועלנדיק פאר־טושן דעם נאָכקלאנג פונעם וואָרט „דאָקטער".

די פרוי, ארנסאָנס א באקאנטע אקושערן, האָט אָבער ניט געקאָנט זיך באהערשן און ניט אופגעהערט איבערצוכאזערן:

— אזא צופאל, אזא גליק! נאָך איַך בין איך דאָך געלאָפן.

זי האָט אים א נעם געטאָן אונטערן אָרעם, און ארנסאָן האָט ניט גע־פילט, ווי זיי זיַנען אין שטוב אריַן. דאָ האָט זי, ניט פארלירנדיק קיין רעגע, דערקלערט:

— א שווערער געבורט. א גאנצן מעסלעס מאטערט זי זיך. איצט וועט איר...

— איך? — האָבן זיך אָנגעכמורעט ארנסאָנס געדיכטע ברעמען. — ווי קום איך? שוין לאנג ניט צוגערירט זיך...

— דאָקטער, טיַערער דאָקטער, — האָט די אקושערן ניט נאָכגעלאָזט, — א מעסלעס, אז זי מאטערט זיך...

— ווי קום איך? איר זעט דאָך, — ארנסאָן האָט באטאפּט זיַן הוילעך, באטראכט די הענט, געפּרוווט באוועגן די פון קעלט פארשטיַפטע פינ־גער. — איר זעט, פארגרעבט, צעשפּאָלטן זיַנען מיַנע הענט. אין די הויט־קנייטשן — איַנגעפרעסן שמוץ. איך טאָר זיך אפילע ניט צורירן... פאר־שטייט, איך בין מער ניט קיין דאָקטער. איך בין איינער פון די, וועלכע מע שיסט ניט נאָר פארן ברענגען קינדער אף דער וועלט, נאָר אפילע...

— דאָקטער! — האָט פּלוצעם ארויסגעטויכט פון דער טונקלקיַט דער מאנצבל. אָנגעכאפּט ארנסאָנען פאר די הענט, זיי געדריקט צום הארצן, האָט ער גענומען אויסטיַנען זיך: — דאָקטער, איך בין שולדיק, איך. וואָס איז זי, געבעך?.. אכט יאָר זיַנען מיר מאן און וויַב און אלץ ניט געהאט קיין קינדער. און דאָ, אז ס'האָט אָפּגעגליקט, האָב איך אלץ געמיינט, אז... האָב איך אלץ געטרייסט זיך, געטרייסט מיַן וויַב, אז אָט... אז זי וועט

דארפֿן געבוירן, וועט קומען די ישועה, וועלן מיר שוין זײַן אױף דער פֿרײַ... העלפֿט איר!

„העלפֿן דעם לײַדנדיקן מענטשן״... יאָ, ארנסאָן דערמאָנט זיך: אין דער פֿײַערלעכער שאָ פֿון קריגן דעם דיפּלאָם האָט ער עפֿנטלעך געהאט דער־קלערט, געשווירן... דאָס איז געווען אַן אַפּיציִעלער, א פֿאָרמעלער צע־רעמאָניִאל. ווען ער האָט אָנגעהויבן ארבעטן אלס דאָקטער, האָט ער אין דעם פֿארגעסן. ער האָט געהאָלפֿן מענטשן, געהיילט קראנקע ניט דער־פֿאר, ווײַל ער האָט ערגעץ־ווו, ווען־ניט־איז געשווירן... „העלפֿן דעם לײַדנדיקן! יאָ, נאָך גאָרניט אזוי לאנג איז געווען אזא פֿליכט בא מענטשן. איצט האָט זי ארויסגעשטופּט אַן אנדערע, א נײַע „מאָראל״. ס׳האָט זי פֿאָרמולירט מיט אייניקע טעג צוריק זייערער א וואכמאַן: „נײַן גראם בלײַ איז א שאָד אויסצוברענגען אױף א ייִדן. איר, די לעבנגעבליבענע, דארפֿט פֿארשווינדן, אומקומען פֿון שמוץ און לײַז, פֿון הונגער און עפּי־דעמיעס. און די, וועמען דער טויט וועט ניט נעמען, זאָלן איינער דעם צווייטן פֿארטיליקן״.

בייסמײַסע האָט מען געמוזט אראָפּשלינגען די דאָזיקע דיבורים. וואָס זאָל מען געווען טאָן? איצט, גראדע יענעם אױף צולאָכעס, וואָלט ער, ארנסאָן, געדארפֿט עפּעס טאָן. אָבער דאָס ברעכעניש אין די גלידער, דער הונגער און די אויסגעשעפּטקײַט טייטן אָפּ אין אים דעם ווילן. ווי קאָן ער העלפֿן, אז די הענט דינען אים ניט? וואָס וויל מען ביכלאל פֿון אים? ער האָט א פֿרוי, איז א טאטע פֿון א קינד. ס׳איז אין געטאָ שטרענג פֿארבאָטן צו געבוירן... די, וועלכע פֿארמערן דעם מענטשלעכן מין, שיסט מען... וואָס האָט מען צו אים, וואָס וויל מען פֿון אים? מיט פֿאָרוואורף צו אלץ און צו אלעמען האָט ער זיך ארומגעקוקט.

די נארעס זײַנען געווען ליידיק. אָן בעטגעוואנט האָבן זיי אויסגעזען, ווי פֿארלאָזטע נעסטן. ניט שווער געווען צו פֿארשטיין, אז אױף דער ביטע פֿון דער געווינערן אָדער איר מאן זײַנען די שכיינים אוועק פֿון שטוב, צי פֿאר מוירע — זיך צעלאָפֿן. ווער — צו א קאָרעוו, ווער — צו א גוטנ־פֿרײַנט. א ליאדע מינוט האָבן דאָך געקאָנט אָנלויפֿן היטלעראָווצעס. זיי וואָלטן דאָן קיינעם ניט געשאנעוועט... נאָר איין קליינע, אײַנגעשרומ־פּענע אלטיטשקע, וואָס האָט, אפֿאָנעם, ניט געהאט ווו־הין צו גיין, איז געשטאנען א צעטומלטע, געציטערט און געקרעכצט.

דער געווינערן צוקאָפּנס האָט געברענט א ליכט און באשײַנט איר גרינלעך, פֿון ווייטעק פֿארקראמפּט פּאָנעם. אפֿן פּאָן פֿון א קוטשמע לאנגע שווארצע האָר האָט דאָס פּאָנעם אויסגעזען גיכער פֿון א נויטע־לאָמוס, איידער פֿון א מענטשן, וואָס קלײַבט זיך פֿארשטארקן זײַן באהעפֿטונג מיט דער וועלט דורך נאָך א לעבן. די ברעקלעך פֿארטריקנט בלוט ארום דער פֿרויס ליפּן האָבן איידעס געזאָגט, אַז ניט לײַכט קומט איר אָן אײַנהאלטן אין זיך די ווייגעשרייען. די פֿרוי האָט אַן אופֿהער געדרייט דעם קאָפּ אין די זײַטן, ווי זוכנדיק דורך דעם צו פֿארלײַכטערן אירע יעסורים. אין דער געווינערנס אויגן, וועלכע זי פֿלעגט פֿון צײַט צו צײַט עפֿענען, האָט זיך געמיניעט פֿארצווייפֿלונג און א שטומע הילפֿרופֿעניש.

דערשראָקן פאר אָט די אויגן, איז ארנסאָן אָפּגעטראָטן א ביסל אָף צוריק און שטיין געבליבן. זײַנע מאכשאָוועס האָבן זיך אויך אָפּגעשטעלט. די פינגער האָבן געגומען פאנאנדערבינדן די שטריק פון ארום זײַנע לענדן.

לויז געמאכט די שטריק, איז אראָפּגעפאלן אפּן דיל ארנסאָנס בלעכן עס־געשיר. פון דעם אומגעריכטן בראזג האָבן אלע אינעם צימער אופגע־ציטערט און זיך א קער געטאָן צום דאָקטער. זייערע פּענעמער האָבן גע־נומען אופלײַכטן, צוזעענדיק, ווי ער טוט אויס זײַן פארבלאָטיקטן מאנטל, באפרײַט די פיס פון די אין ליים אויסגעשמירטע וויקלשנורן.

שוין בייסן אויסטאָן זיך האָט ארנסאָן אָפּגעגעבן אָנווײַזונגען:

— גרייט צו הייסע וואסער, זייף, ספּירט, אויב ס׳איז פאראן. ליכט צינדט אָן וואָס מער. א בערשטל צו וואשן די הענט...

די אקושערן, דער מאנצבל, די אלטיטשקע האָבן, אופגערודערטע, גע־נומען שמײַען איבערן צימער.

— פאראן אינסטרומענטן? — האָט געפרעגט דער דאָקטער.

— דאָס נייטיקסטע, — האָט, א גרייטע צו דינען, געענטפערט די אקו־שערן.

— אויסגעקאָכט?

דער דאָקטער האָט זיך געשטעלט וואשן די הענט. קיין זייף איז ניט געווען, שוין אָפּגערעדט — ספּירט. האָט ער מיט די נעגל געגראבלט די אײַנגעגעסענע שמוץ אין די קנייטשן אָף די דלאָניעס. די ווארעמע וואַ־סער האָט ווייך געמאכט די פארהארטעוועטע הויט. ס׳האָט זיך אָפּגע־שיילט א מאָזאָליע... און אויב מע וועט מאָרגן, דאפּקע מאָרגן, א קאָנטראָ־ליר טאָן זײַנע הענט, צי זיי זײַנען ווי געהעריק פארגרעבט פון דער ארבעט? אין געטאָ איז שטרענג פארבאָטן צו האָבן „ווײַסע״ הענט... נאָר איצט האָט ארנסאָן נאָך שטארקער גענומען זיי וואשן.

די קימפּעטאָרן האָט זיך געקאָרטשעט פון אופקומענדיקע ווייען. מע האָט מער קיין רעגע ניט געטאָרט פארלירן.

— שוועסטער, א לײַלעך! שנעלער! — האָט באפוילן ארנסאָן, האָבנדיק בעדייע זיך אײַנוויקלען אין אים אָנשטאָט א כאלאט.

דאָ האָט די קימפּעטאָרן ניט אויסגעהאלטן און הילכיק א געשריי גע־טאָן. דער מאן, פארשטעלנדיק איר דאָס מויל, האָט גענומען זיך בעטן:

— האָב ראכמאָנעס! ראכמאָנעס אָף זיך און אלעמען. דײַטשן וועלן דערהערן.

דער דאָקטער — אָן א כאלאט, אָן א לײַלעך, אין איין העמד, — האָט זיך דערנעענטערט צו דער קימפּעטאָרן. ווידער, ווי געוויינלעך: א פרוי, וואָס דארף געבוירן, א קינד, וואָס דארף דערזען די שײַן... ער האָט זיך אײַנגעבויגן איבער דער געווינערן.

— מע וועט מוזן ראטעווען די מוטער, — איז, ווי אן אורטייל, גע־פאלן אין דער שטילקײַט דעם דאָקטערס אנטשיידונג: — שוועסטער, גרייט צו דעם פּערפּאָראטאָר.

דער געווינערנס מאן — א דארער, אויסגעצויגענער, מיט א שווארצער גלאנציקער שטשעטינע אף די איַנגעפאלענע באקן — איז געשטאנען אין א זיַיט, ווי צוגעקלעפּט צו דער וואנט. דערהערט דעם דאָקטערס ווער־טער, האָט ער זיך אָפּגעריסן פון איר און גענומען שארן זיך איבערן צימער, טיַינענדיק:

— זאָל דאָס קינד לעבן, זאָל עס לעבן. כ׳וועל עס אויסבאהאלטן, אויסהיטן. א באהעלטעניש האָב איך פאר דעם צוגעגרייט. כ׳וועל עס פארשטעקן ביז דער יעשוע, ביז מירן באפריַיט ווערן.

דער מאנצבל האָט מיט זיַינע רייד אופגערעגט ארנסאָנען. פארשטייט ער ניט, אז מע מוז זיך אָפּזאָגן פונעם קינד, קעדיי צו ראטעווען די מו־טער? צי פארשטייט ער ניט, אז די מוטער איז בילכער? א נארישער ייִד! ער וועט באפריַיט ווערן פון אזא שרעקלעכער לאסט — פון א ניַיגעבוירן קינד אין געטאָ. דאָס איז פאר אלעמען גליַיכער. אויך פאר אים, דעם דאָקטער...

— אקושערן, דעם פּערפּאָראטאָר!

ווי דערפילנדיק עפּעס ניט־גוטס, האָט דער מאן זיך גענומען צורוקן צו זיַין פרויס געלעגער. ס׳האָבן זיך צעוויגט זיַינע שאָטנס, וועלכע די עטלעכע ברענענדיקע ליכט האָבן צעוואָרפן איבער די ווענט. די דאָזיקע געשפענסטישע שאָטן־שפּיל האָבן באגלייט דעם מאנס קלאָגמוטערלעכע רייד:

— אכט יאָר קיין קינדער ניט געהאט... פון דער גאנצער מישפּאָכע זיַינען מיר צוויי געבליבן — איך און זי... און געוועזן זיַינען מיר איבער דריַיסיק מענטשן. און אלעמען האָט היטלער אויסגעקוילעט. ווילט זיך, אוי, ווי עס ווילט זיך איבערלאָזן א יוירעש, א שטיקל זייכער... כ׳האָב קיין מוירע ניט...

ער האָט ניט באוויזן ענדיקן, ווי ס׳האָט הייזעריק אריַינגעשריִען אים אין די רייד די קימפּעטאָרן:

— זיַי פארשאָלטן, היטלער! ראָצכים!

דאָס שטאָלענע מעדיצינישע געצײַג, וואָס האָט געצילט אינעם קינדס קעפּל, איז שווער געוואָרן אינעם דאָקטערס הענט, ניט איַינצוהאלטן עס מער. „ראָצכים!” וואָס? אין מערצאָל? אויך אים אריַינגערעכנט? אין ארנ־סאָנען האָט מאמעש אופגעקאָכט דער קאס אף דער פרוי. וואָס ווייסט זי? וואָס פארשטייט זי? דער קאס מיט א צומיש פון פאראכטונג האָט אומגע־ריכט זיך גאָר א קער געטאָן צו אים גופע: א דאָקטער זאָל ניט קאָנען העלפן א מענטשן! א דאָקטער זאָל אומברענגען א לעבן! און ווער ווייסט, צי ברענגט ער ניט אום א ניַיעם פּאסטער, א ניַיעם טאָלסטאָי צי אייַנ־שטיין... ס׳האָט זיך אראָפּגעלאָזט ארנסאָנס האנט. ער האָט שולדיק אָנ־געקוקט די ארומיקע — דעם מאנצבל, די אקושערן, די אלטיטשקע, וואָס האָבן מיט טאכנונים אין בליק נאָכגעקוקט זיַין יעדן קער און ווענד.

— לוי סירצאָך, דאָקטער! — איז דער מאנצבל צוגעשפּרונגען, פּאָ־כענדיק מיט געבײַלטע פויסטן. — זאָל עס געבוירן ווערן!

ניין, ניט צוליב דער דראָונג, נאָר צוליבן געדאנק אליין, אז מע קאָן אים פארגלײַכן מיט ראָצכים, האָט דער דאָקטער ארויסגעכאפּט פון דער אקושערנס האנט די צוואנגען. עפּשער וועט געלינגען... און ער האָט אליין זיך געוווּנדערט, פונוואנען עס נעמט זיך אין זײַנע אויסגעמאטערטע הענט און אויסגעהונגערטן גוף אזא גוווּרע...

דער דאָקטער האָט געאָטעמט הויך אפן קאָל, געסאָפּעט, ווי טוענדיק א שווערע פיזישע ארבעט. ווײַלעווײַז פלעגט זיך אים דאכטן, אז שוין, עס גייען אים אויס די קויכעס. די טיפע קרעכצן פון דער געווינערין האָבן אים געהאָלפן אין די־אָ רעגעס, געהאָלפן זיך ראנגלען, ניט נאָכגעבן. זאָל׳ס געבוירן ווערן! זאָלן עמעסע ראָצכים זען, ווי דער נומער „דרײַ טויזנט פינף״ קעמפט אָפּ א פארבאָטן לעבן! און אלע זײַנע נערוון, מוסקלען, זײַן ווילן און אלע כושים האָבן, ווי אין א הייליקער אווידע, זיך מיסיאכעד געווען צו איין־איינציקער קאוואָנע.

די קימפּעטאָרן האָט ארויסגעלאָזט א צעצויגענעם גרילציקן געשריי. דער מאן האָט זיך ווידער געוואָרפן אײַנשטילן זײַן פרוי, נאָר עס פאר־שפּאָרט. אָנמעכטיק אויסגעדרייט דעם קאָפּ אין א זײַט, דאָס פּאָנעם באַ־האלטן אונטער צעשאָטענע קוטשמעס האָר, איז זי געבליבן ליגן א פאר־שטומטע און פארטײַעטע. איר מאן איז געשטאנען א צעכושטער און פארלוירענער אינמיטן צימער. די אלטיטשקע האָט אומבאהאָלפן געקוקט דאָ אף דעם, דאָ אף יענעם, שעפּטשענדיק אָן אופהער:

— גאָט מײַנער, טאטע זיסער...

די אקושערן האָט איבערגענומען דעם נײַ־געבוירענעם. דאָס קינד איז געווען בלוי, פארשטיקט, אָן סימאָנים פון לעבן. האָט זי עס געהויבן, גע־טרייסלט, געפּאטשט דעם איבערן געזעסל.

ניט אויסהאלטנדיק מער די שפּאנונג, איז דער מאן ארא͏פּגעזונקען אף די קני לעבן זײַן פרוי, פארגראָבן דעם קאָפּ אין איר בעטגעוואנט און זיך צעהעשעט:

— זײַ מיר מויכל, זײַ מויכל...

און די אלטיטשקע, ניט וויסנדיק, וואָס אָנהייבן טאָן, האָט באוועגט מיט פארלעגן שמייכלענדיקע ליפּן:

— מאזלטאָוו, מאזלטאָוו...

ארנסאָן, א דורכגעווייקטער פון שווייס, מיט א דולן קאָפּ, האָט זיך צוגעזעצט אפן ראנד פון א ליידיקער נארע. מע האָט אף אים מער קיין אכט ניט געלייגט. מע האָט אין אים ווי פארגעסן. נאָר ער האָט זיך ניט באליידיקט. צו קיינעם ניט געהאט קיין טײַנעס. יעדערער האָט זיך איצט זײַן פּעקל זאָרג און צאָרעס. וואָס ס׳איז נייטיק, האָט ער אָפּגעטאָן. די פליכט איז דערפילט. איצט דארף דאָס נעפעשל מיט א געשריי אָפּגעבן א שאָלעם־אליי־כעם דער וועלט, און שוין.

ס׳איז געווען געפּערלעך צו בלײַבן אפן אָרט פון באגאנגענעם „פאר־ברעכן״. נאָר דער דאָקטער האָט ניט געטראכט אוועקצוגיין. ס׳איז אים גאָר אָנגענעם געווען צו שפּירן דעם לויער פון געפאר. ער וועט דאָ בלײַבן און אויסנוצן די געלעגנהײַט איבערצוזיצן אין דער ווארעם דאָס

רעשטל נאכט און ניט דארפן וועקן זײַן פרוי און קינד. זאָלן זיי אומגע־שטערט אויסשלאָפן זיך. ארנסאָנען האָבן זיך געקלעפּט די אויגן. אין די אויערן האָט גערוישט. א פּײַערלעכער געברום איז אָנגעקוואָלן פון אלע זײַטן און פארפלייצט די גאָרע וועלט...

דער דאָקטער האָט אײַנגעדרעמלט. ווי א שטארקער זיסער געטראנק האָט דער שלאָף געריזלט איבער זײַן קערפּער, אים פארשיקערט, אײַנגע־וויגט, באצווונגען.

און אין דרויסן האָט נאָך אלץ רעגירט דער רוגזעדיקער ווינט. צאָרנ־דיק האָט ער איצט גענומען פּויקן איבערן דאך מיט רעגן־שרויט, ווי גע־וואָלט פארטויבן דאָס קאָל פונעם פארבאָטענעם לעבן, וואָס האָט, לאכ־לוטן ניט רעכענענדיק זיך מיט דער סאקאָנע פאר זיך און די ארומיקע, פּלוצעם אָנגעפילט דאָס גאנצע שטיבל מיט געשריי.

# קינדער... קינדערלעך...




ראָפּגענומען פון דער פּליטע דעם טשוהון־דעק, ארויסגעצויגן ווי א שופלאַד דעם בראָטקאסטן, האָבן זיי דורך דער לאָך, וואָס האָט זיך אנטפּלעקט אונטער אים, איינער נאָכן אנדערן גענומען זיך אראָפּלאָזן. זיי איז נאָך אויסגעקומען דורך אן ענגן קאנאל פויזען אף אלע פיר ביז צו דער באהעלטעניש גופא.

דער לעצטער איז געבליבן שטיין אין דער לאָך, מיט די אופגעהויבענע הענט האָט ער ארופּגעשטופּט צוריק אף אן אָרט דעם דעק פון דער פּליטע, אריַינגעצויגן דעם בראָטקאסטן און ערשט דאן אראָפּגעקראָכן צו אלע איבעריקע אין דער נאָרע, וואָס איז געווען אויסגעגראָבן אונטערן דיל פונעם שטיבל.

די באהעלטעניש, וועלכע ס'האָט אפילע באלויכטן א געהיים צוגעשלאָסן צו דער עלעקטרע־נעץ לעמפּל, האָט אויסגעזען צו זיַין א זיכערער מאָקעם־מיקלעט. דאָ האָט מען געקאָנט איבערווארטן פארשיידענע בעהאָלעס און אָבלאָוועס.

דאָס מאָל האָבן די היטלעראָווצעס איַינגעאָרדנט א געיעג אף ארבעטספייִקע, געלאָדן זיי אין לאסטמאשינעס און ערגעץ אוועקגעפירט. שוין ניט דאָס ערשטע מאָל, ווי סע פּאסירט אזוינס אין געטאָ. נאָר ווו די פארשלעפּטע קומען אהין, ווייסט קיינער ניט. א שוידער נעמט ארום, ווען מע הערט זיך צו צו די קלאנגען וועגן זייער גוירל.

דאָס מאָל זיַינען אראָפּ אין דער באהעלטעניש אלע איַינוווינער פונעם שטיבל, אויסער דער באָבען און אירע צוויי אייניקלעך. דער פאָטער פון די קינדער איז אין איינער א כאפּעניש פון מענער אריַינגעפאלן און ווי אין וואסער אריַין. די מוטער האָט זיך איצט אויסבאהאלטן.

ניט לייַכט איז איר געווען לאָזן אויבן דאָס דריַייאָריקע ייִנגעלע און דאָס קוים א יאָר אלט מיידעלע. זיצנדיק אונטן, אין דער קונציק פארמאסקירטער באהעלטעניש, האָט די מוטער געהאט דאָס געפיל, אז זי איז

באוואָרנט פון געפאַר. דאָס דאָזיקע געפיל האָט נאָך ווייטעקדיקער דער־מאָנט די שוצלאָזיקייט פון אירע צוויי ברעקלעך קינדער, דאָרט אויבן.

ניין, זי קאָן דאָ מער ניט בלײַבן, זי וועט אופשטיין, דורכשפּאַרן זיך דורך די ענג צונויפגעדריקטע שכיינים, אַרויסרײַסן זיך פון דער דושנער אונטערערד. זי מוז דאָך עפּעס טאָן פאַר אירע קינדערסוועגן. נאָר פון וואָס זאָל זי אָנהייבן, אַז איצט גילט דאָ איין געבאָט: שווײַגן! דער מינד־סטער שאָרך הילכט אָפּ אין דער אַרומיקער שטילקייט, ווי אַן אופרײַס. דאָ מוז יעדער איינער פאַרבײַסן די ליפּן און זיך קיין באַוועג ניט טאָן. אָבער אויבן, אויבן... דאָרט האָט זי מיט אַלע אירע קויכעס זיך געוועדט, גע־שטריטן מיטן מענטש, וואָס האָט די באַהעלטעניש געבויט און איז בא זיי אין שטיבל דער גאַנצער באַל־דייע. ער איז אַקשאָנעסדיק באַשטאַנען אָף דאָס זײַניקע:

— אַרײַנעמען די קינדער אין דער באַהעלטעניש, בייס עס דראָעט ניט קיין געפאַר קליינוואַרג, איז אַן אומזין.

— אויב זיי וועלן שרײַען, ווען די בעסטיעס וועלן אַרײַן אין שטוב, וועל איך זיי דערשטיקן, — האָט די מוטער אַ פאַרצווייפלטע אים גע־פּרוווט פאַרזיכערן.

אַליין אַ פאָטער פון קינדער, האָט דער מענטש געוויס איר מיטגעפילט. ס׳איז אים אָבער אָנגעגאַנגען צו איבערצײַגן די מוטער, אַז זי איז אומגע־רעכט:

— וואָס הייסט — דערשטיקן? עס רעדט זיך נאָר אַזוי. און אַז איר וועט עס אַפילע טאָן, וועט סײַווי זײַן צו שפּעט. איין פּיפּס, און מיר זײַנען אויסגעשפּילט. קאָנט איר ריזיקירן מיטן לעבן פון פרעמדע מענטשן? און נאָך דאַן, ווען כאַפּן כאַפּט מען נאָר דערוואַקסענע, אַרבעטספּייִקע. די ברייִרע איז בא אײַך, נאָר מיר דאַכט, אַז אײַער לעבן איז אויך עפּעס ווערט. אײַערע קינדער דאַרפן נאָך אַ מאַמע...

ס׳איז געוועזן שווער אים איבערצושפּאַרן. ס׳איז דאָך געווען לײַטיש פון זײַן זײַט, וואָס ער האָט זי מיט איר מישפּאָכע, ווילד־פרעמדע מענטשן, אַרײַנגענומען אין שטיבל. האָט זי דען געקאָנט אים פּאָרוואַרפן, האַלעמײַ ער לאָזט ניט זײַנע קינדער אויבן? זײַנע ייִנגלעך, זעקס־זיבניאָריקע, האָבן שוין סייכל...

דער שטרײַט איז פּאָרגעקומען פאַר אַלעמען אין די אויגן. דערשראָ־קענע, אופגערעגטע, נערוועז־אָנגעשפּאַנטע, האָבן די שכיינים אומגעדול־דיק געוואַרט, מע זאָל וואָס גיכער זיך באַהאַלטן. אין געטאָ האָבן דאָך שוין אַרומגענישטערט די מעכאַבלים. די מוטער, אָפּגיסנדיק זיך מיט טרערן, האָט ניט געהאַט מער וואָס צו זאָגן.

האָט זיך אַרײַנגעמישט די שוויגער, די באָבע פון אירע קינדערלעך:

— איך בלײַב אויבן מיט די קינדער. אַז ס׳וועלן קומען די דײַטשן, וועל איך זאָגן, אַז אַלע זײַנען אָף דער אַרבעט. וועלן זיי ווייניקער זוכן. מיך, אַן עלטערע פרוי, וועט מען ניט טשעפּען.

דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט דער וויקועך. די מוטער האָט נאָכגע־געבן.

און אָט איז זי אונטן, אָבער איר האַרץ, אַלע אירע כּושים זײַנען דאָרט, אויבן. זי פֿילט, זי הערט, זי זעט מאַמעש, ווי די באָבע אײַסעקט זיך אַרום איר טעכטערל, פּרוּווט עס אײַנוויגן. גוואַלד, וואָס שרײַט עס אַזוי? געוויס האָט קיין בייז ניט פּאַסירט, ווײַבאַלד איר ייִנגל לויפֿט אַרום איבער דער פּלוצעם אויסגעליידיקטער שטוב און שפּילט זיך מיט דער באָבען אין באַהעלטעניש.

דער הילצערנער דיל לאָזט אַדורך דעם מינדסטן קלאַנג. יעדער שאָרך דערגייט צו דער מוטער.

די צײַט שטייט ניט אױף אײן אָרט. שווער, לאַנגזאַם, שרעקלעך לאַנגזאַם, נאָר פֿונדעסטוועגן רוקט זי זיך. עפּשער האָבן די גאַזלאָנים פֿאַרזען צי אויסגעמיטן זייער שטיבל, און מע וועט אָפּקומען בלויז מיט שרעק? יאָ, מעגלעך. די טעג זײַנען קורצע. ס'איז שוין זיכער צוגעפֿאַלן דער פֿאַר־נאַכט, ס'ווערט טונקל אין דרויסן. ווי לאַנג קאָן אָנהאַלטן די מענטשן־כאַפּעניש? בא דער מוטער וואַקסט די האָפֿענונג, ווערט וואָס אַ רגע שטאַרקער.

די באַהעלטעניש, אַ באַלויכטענע פֿון אַ קוים זשיפּענדיק עלעקטריש לעמפּל, דער באַשרענקטער כאָלעל איבער די קעפּ פֿון די צונויפֿגעפּרע־סטע, שווער אָטעמענדיקע מענטשן נעמט אַרומשווימען אין אַ געלבלע־כער מוטנעקײַט. פּאַמעלעך, פּאַמעלעך לאָזט די מוטער אַראָפּ דעם קאָפּ, אירע אויגן שליסן זיך...

אַ פּלוצעמדיק טופּען פֿון געקאָוועטע שטיוול האָט זי אופֿגעריסן פֿון דרעמל. דאָס זײַנען זיי! אויבן זײַנען זיי!

עטלעכע פּאָר שטיוול האָבן שווער געשפּרײַזט איבערן סקריפּענדיקן דיל, געטראָטן איבער די אויסבאַהאַלטענע מענטשן, געדריקט זיי צו דער ערד, געקוועטשט, געשטיקט...

אַ הייזעריקלעכע מענער־שטים האָט אַ ברום געטאָן אין דײַטש:

— ווּ האָבן זיך אַלע פֿאַרשטעקט, אַלטע?

די באָבע האָט זיך ניט פֿאַרלוירן און קאַלטבלוטיק, מיט דער געהע־ריקער הכנעה, געענטפֿערט:

— צו דער אַרבעט אוועק, האַרעלע.

— אַלטע העקסע! — האָט איינער פֿון די אָנגעלאָפֿענע אַ צישע געטאָן.

אַ צווייטער האָט שטרענג אויסגערופֿן:

— לײַגסטו! זאָג בעסער מיט גוטן!

— אויף דער אַרבעט, ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיקע.

דער באָבעס ענטפֿער איז פֿאַרלוירן געוואָרן אין דעם האַרמידער פֿון שווערע טריט, פֿון אַ קלאַפּן אין די ווענט, אין דיל.

די מאַמע איז זיי אונטן נאָכגעגאַנגען מיטן געהער: אָט רוקן זיי פֿאַ־נאַנדער די בעטן, עפֿענען און פֿאַרמאַכן מיט אַ קנאַק די טירלעך פֿון די שאַפֿקעס. אָט נישטערן זיי שוין אַרום אין דער קיך, הייבן אויף דאָס דעקל פֿונעם קעלערל, קריכן אַהין אַראָפּ, וואַרפֿן דאָרט אַלץ פֿאַנאַנדער. אינעם טומל מישן זיך אַרײַן דײַטשישע זידלווערטער: „דאָנערוועטער", „פֿער־פֿלוכט", „הינטישע זין" און ווידער „דאָנערוועטער".

און אַט זײַנען די היטלעראָווצעס אַרויסגעקראָכן פון קעלער און זיך פאַרזאַמלט אויבן.

אַלעמענס פּנעמער אין דער באַהעלטעניש האָבן ווי אויפגעלויכטן: „זיי וועלן אונדז ניט געפינען!״ נאָר דער מאַמען איז עס ווייניק, זייער ווייניק.

ווידער האָט אויבן בײַז געגומען כריפּען די הייזעריקע שטים:

— אַנטלאָפן, אַלטע העקסע, פאַרשאָלטענע מאַכשייפע, וואָס? אָדער זיך באַהאַלטן, וואָס? אַלזאָ, קאָנען מיר געברויכן אויך קינדער...

וואָס איז געשען מיט דער מוטער? זי איז אויפגעשפּרונגען, אויסגע־שטרעקט די הענט, דאָס מויל אויפגעריסן צום שרײַען... נאָר די דראָענ־דיקע בליקן פון די אַרומיקע מענטשן האָבן זי ווי אויסגעניכטערט. זי האָט פאַרשטאָפּט דאָס מויל מיט דער האַנט, אײַנגעביסן זיך מיט די ציין אין איר אייגן פלייש, ביז בלוט, דער ווייטעק אין האַנט זאָל איבערשטײַגן אַלע אַנדערע...

„וואָס טוט מען? — האָבן מיט פאַרצווייפלונג און גרויל געפרעגט די אָנגעגאָסענע אויגן פון דער מוטער. — וואָס טוט מען, מענטשן?״

„שווײַגן, שווײַגן!״ — איז געווען דער שטומער און אומבעראַכמאָנעס־דיקער ענטפער פון איימעפולע אויגן, פאַרקראַמפּטע ליפּן און שטערנס, צעאַקערטע פון טיפע קנייטשן.

„וואָס זײַנען מיר שולדיק? מיר ווילן לעבן!!!״ — האָבן אָן ווערטער געשריִען צעקרימטע פּנעמער, קעפּ מיט פאַרבראָכענע הענט איבער זיי.

די דאָזיקע שטומע טאַכנונים האָט פּלוצעם איבערגעריסן אַ שנײַדי־קער, שווידערלעך־קלאָרער אויסרוף, וואָס האָט זיך דערהערט אויבן:

— לאָס, אַלטע! אויך דו גייסט מיט! ניט אונדזער פליכט צו טראָגן דײַנע פּרעשלעך.

די ווערטער האָט באַגלייט אַ זעץ, אַ שטויס אין עפּעס לעבעדיקס.

די אַלטע האָט אַ קרעכץ געטאָן, געגומען מורמלען, וואָרטשען. אָבער פאַרוואָס שווײַגן די קינדער? פאַרוואָס הערט מען זיי ניט? ווי נאָר ס'האָט אָנגעטראָגן די מאַשכיסים, אַזוי איז קליינוואַרג אַנשטומט געוואָרן.

— לאָס, שנעלער, שנעלער! — האָבן אונטערגעײַלט אויסרופן אין דײַטש. — גוט אַזוי, ווי ס'איז.

— זיי קאָנען, גאָט באַהיט, זיך פאַרקילן, — האָט אַ זיפץ געטאָן די באָבע.

— דאָרט קילט מען זיך ניט צו. דאָרט איז געגוג הייס. מע פּרעגלט אָף בראָטפאַנען...

אויבן האָבן מענער זיך פאַרקײַכט אין אַ געלעכטער.

ניין, די מוטער האָט עס מער ניט געקאָנט אויסהאַלטן. זי מוז זײַן מיט אירע קינדער! איז זי אויפגעשפּרונגען, אָנגעשעפּט אַ פולע ברוסט מיט לופט, גרייטנדיק זיך אַרויסצולאָזן דאָס גרעסטע געשריי צו אַלע מענטשן אין דער וועלט און צו אַלע געטער אין די הימלען. די ביז בלוט צעביסענע האַנט — אויסגעשטרעקט, האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער שוואַרצער עפענונג, וואָס קאָן אַרויספירן פון דער פאַרשאָלטענער געפענקעניש.

נאָר דאָ האָט זי זיך אָנגעשטויסן אין די איינס צום אנדערן צוגע־טוליעטע ייִנגלעך פונעם באהעלטעניש־בויער. עס האָבן אף איר געקוקט צוויי פּאָר צעשראָקענע קינדערשע אויגן... קינדער... קינדערלעך...

אויבן האָט ווידער אָפּגעהילכט א דומפּער שטויס. מע טרײַבט זיי, מע פירט זיי ארויס...

דאָרט אויבן האָט איר ייִנגעלע ארויסגעטשוויטשערט:

— באָבע, דאָס זײַנען גוטע דײַטשן, אז מיר גייען מיט זיי?

מע האָט פארהאקט אויבן די טיר. א שרעקלעכע שטילקײַט האָט פארשטיקט אלץ און אלעמען.

אָבער אונטן איז די שטילקײַט באלד אופגערודערט געוואָרן. פאנאנ־דערשטופּנדיק די מענטשן, פארטשעפּענדיק זיך אין זייערע פיס, פאלנדיק און אופשטייענדיק, האָט די מוטער זיך געריסן צום ארויסגאנג.

עמעצער האָט געפּרווט זי וואָרענען:

— ס'איז נאָך צו פרי, צו פרי. ווארט כאָטש א ווײַלע. ס'איז סאקאָ־נעס־נעפאָשעס...

וואָס פאר א באדײַט האָבן פאר איר געקאָנט איצט האָבן ווערטער? קיין קראפּט אין דער וועלט איז ניט געווען בעקויעך אַפּהאלטן, האמעווען די מוטער.

---

דער קאלטער אָוונט פון סאָף מארט האָט ווי א גרויע שטיינערנע הליבע זיך ארופגעוואלגערט אף דער געטאָ. אירע געסלעך און הויפן האָט די איימע געמאכט מענטשנריין. אלע לעבעדיק פארבליבענע האָבן צו־זאמען מיט זייער מוירעדיקן בראָך זיך פארשפּארט הינטער טיר און ריגל.

בלויז די מוטער איז ארומגעלאָפן איבער דער געטאָ, ארומגעלאָפן, און ס'האָט זי נאָכגעיאָגט איר אייגענער געיאָמער:

— אווּרעמעלע, סאָרעלע! סאָרעלע, אווּרעמעלע, קינדערלעך מײַנע!

די היטלעראָווצעס האָבן ארויסגעוויזן גרויסמוט: איר ניט געשטערט, כאָטש ס'האָט שוין לאנג אָנגעהויבן זיך די פּאָליצײַ־שאָ, און מע האָט געמעגט שיסן יעדן איינעם, וואָס ווײַזט זיך אין גאס.

# פאר איין נאכט




ינעם גרויען געפלאָנטער פון הילצערנע שטעלכ־לעך, פארקנס און שטיבלעך, וואָס דער ווינטער־פארנאכט האָט גענומען אריַינוועבן אין זיַין מעטושטעש־טונקעלן געשפינס, האָבן זיי זיך דורכגעשניטן א וועג. קעדיי אויסצומיַידן אין דער גאס א מעגלעכע באגעגעניש מיט דיַיטשן, זיַינען זיי געגאנגען איבער טיף־פארשנייטע הינטערהויפן, געקראָכן דורך שפארונעס אין פלויטן.

דריַי זיַינען זיי געווען. איינער פון די דריַי, זכאריע, האָט אָן אופהער זיך ארומגעקוקט. צו דעם, וואָס האָט געפירט, פלעגט ער זיך איטלעכע רעגע ווענדן אין דער שטיל:

— זע זיך, מאָטעלע, גוט ארום. מירן ניט פארקריכן? שפירט מען ניט נאָך?

מאָטל האָט ניט געענטפערט. אויך דאניִעל איז די גאנצע ציַיט געגאנ־גען און געשוויגן.

ענדלעך האָט זיי מאָטל דערפירט צו א נידעריק הילצערן שטיבל, וואָס האָט מיט אן אויסגעקרימטער זיַיט זיך איַינגעגראָבן אינעם שניי־איבער־בעט פון דער ערד, ווי געוואָלט אין אים פארזינקען... ארומגעקוקט זיך, צי קיינער גייט ניט, האָט מאָטל אין איינעם פון די צוגעריגלטע לאָדנס דריַי מאָל אָנגעקלאפט. ס׳האָט זיך באלד געעפנט די דרויסן־טיר און אריַינגע־כאפט די דריַי יאטן.

אינעם פינצטערן פירהויז האָט זיי באגעגנט א מיידל. נאָך דעם, ווי מאָטל האָט איר איַינגערוימט דעם אָפּגערעדטן סימען, האָט זי זיי אלע דריַי אריַינגעלאָזט אין א ליידיקן צימער מיט א נידעריקן סופיט. א שוואך פלעמל האָט זיך גערייכערט אף א טיש אין א ווינקל, געראנגלט זיך מיט דער ארומיקער כאשכעס. באם טיש איז געזעסן א מאנצבל.

די אריַינגעקומענע זיַינען געבליבן שטיין בא דער טיר.

— נעענטער, כעוורע, נעענטער, — האָט א זאָג געטאָן דער, וואָס באם

טיש, און אופגעהויבן זײַן בלאַס פּאָנעם. אַ הויכער שטערן מיט טיפע ווינקלען, אַ פּאָר געלבלעכע, אָף אַרוף פאַרדרייטע וואָנצעס — עס האָבן זיך אָף זײַן פּאָנעם געראַנגלט דער טאַלמיד־כאָכעם מיטן האַלצהעקער.

— מאָטלען קען איך פון פריִער, — האָט ער געלאַסן גערעדט, — און מיט אײַך וועלן מיר זיך איצט באַקענען, איאָ?

מאָטל איז צוגעגאַנגען צום טיש און ווי אָפּגעראַפּאָרטירט:

— מיט מיר זײַנען, כאָווער יויעל, צוויי יאַטן פונעם קעמערל „מוט"— זכאַריע און דאַניִעל. יעדערער — זיבעצן יאָר אַלט. ביידע געהערן צום קעמערל זינט זײַן גרינדונג. זכאַריע האָט אַ מאַמען, דאַניִעל — קיינעם ניט.

מאָטל האָט אופגעהערט ריידן. אָף זײַנע האַלב אָפענע ליפּן האָט גע־שוועבט אַ שמייכל: דער אָנפירער פון דער געטאָ־אונטערערד האָט דאָך דאָס אַלץ געוווּסט. אַלץ איז מיט אים געווען פון פריִער באַטראַכט, באַ־האַנדלט, אָפּגערעדט.

די געקומענע האָבן זיך געזעצט צום טיש.

יויעלס רוִקע, אַ ביסל צוגעזשמורעטע אויגן האָבן קוים מערקלעך באַטאַפּט די פּענעמער פון די צוויי אומבאַקאַנטע באַכערימלעך און זיך פאַרהאַלטן אָף מאָטלען:

— נו, מאָטל, הײַנט וועסטו דיריזשירן מיט אײַער, ווי מע זאָגט עס, קאַפּעליע. מיר פאַרלאָזן זיך אָף דיר. — דערנאָך האָט ער זיך געווענדט צו די אַנדערע צוויי: — און אײַך, כעווריע, איז געוויס אַלץ שוין קלאָר. ניט אַזוי?

די יאַטן האָבן אַ שאָקל געטאָן מיט די קעפּ אָף „יאָ".

— אַ ביסל דרייסטער, זכאַריע, זיכערער אין זיך. קיינמאָל זיך ניט פאַרלירן. ביכלאַל ביסטו אַ מאָלאָדיעץ. און דו, דאַניִעל, נעם זיך פאַר אַ בײַשפּיל מאָטלען. ביסט, קיין אײַנהאָרע, אַ יאַט מיט ביינער!

זכאַריע און דאַניִעל זײַנען נישטוימעם געווען: יויעל זעט זיי צום ערשטן מאָל, און ס'זעט אויס, אַז ער קען זיי אויסגעבונדן. ווי ער וואָלט אַרײַנגעקוקט יעדערן אין דער נעשאָמע און געוווּסט דעם סאָד פון לייע־נען יענעמס געדאַנקען.

מאָטל איז געזעסן אָנגעשטרענגט פאַרטראַכט.

מיט זײַן בליק האָט יויעל אַלץ נאָך ווי געהאַלטן אין אָפּשאַצן די דרײַ יאַטן. גלײַכצײַטיק האָט ער פּאַמעלעך גערעדט:

— פאַרשטייט איר, וואָס מיט אײַך, מיט אײַערע אייגענע און עפּשער מיט אַלע ייִדן אין געטאָ וועט געשען, אויב איר וועט דורכפאַלן? עפּשער האָט איר מוירע? דערווײַל איז נאָך ניט שפּעט... איר קאָנט כאַראָטע האָבן. ניטאָ זיך וואָס צו שעמען... — אַ ביסל אָפּגעוואַרט, האָט ער פאָרגעזעצט: — אין אַן אַנדער פאַל וואָלטן מיר געפּרוווט אַליין מיט די עלטערע כאַווײרים. נאָר הײַנט איז פּאָשעט אומעגלעך אויסצוקומען אָן אײַך. איר פאַרשטייט דאָך, כעווריע, אַז קיינער וועט ניט אַזוי גוט אָרִיענטירן זיך אָף אָרט, ווי איר.

וועלנדיק צעווייען אַלע ספּייקעס, האָט מאָטל דערקלערט:

— מיר האָבן אלץ געגוי באהאנדלט און פעסט באשלאָסן. מיר זײַנען גרייט.

ניט אויסבאהאלטנדיק זײַן צופרידנקײַט, האָט יויעל זיך געווענדט צו זכאריען:

— הענט, ברודערקע, האָסטו גאָלדענע. דעם שליסל האָסטו אויסגעמײַ־סטרעוועט... זאָל ער מיט מאזל אופשליסן... וואָס קאָן איך זאָגן, ביסט א בראווער יונג. אף אן אָרט זײַנען דיר אלע ווינקעלעך באקאנט. איך צווייפל ניט, אז דיר וועט קלעקן מוט און אקשאָנעס. שטעל זיך פאָר, וואָס פאר א מינע די דײַטשן וועלן מאכן מאָרגן אינדערפרי, ווען זיי וועלן געוואָר ווערן...

יויעל האָט ארויסגענומען פון זײַנע קעשענעס דרײַ רעוואָלווערן און דערלאנגט מאָטלען:

— זיי זײַנען אָנגעלאָדן... איר זאָלט שפּאָרן קוילן. מיר האָבן זיי ווײ־ניק. און ניט נאָר צוליב דעם. זעט, איר זאָלט דאָס מאָל אויסקומען אָן איין שאָס. דאָס געווער וועט אײַך מאָטל פארטיילן באם צוים. פארן אומקערן זיך אין געטאָ וועט איר אים צוריקגעבן. און אויב ס'וועט זײַן נייטיק, וועט מאָטלען פארבײַטן זכאריע...

דאָס זײַנען געווען די זעלבע רעוואָלווערן, אף וועלכע די יאטן האָבן זיך געלערנט שיסן אינעם געהיימען קעלער. קומט אויס, אז אלע וועגן פירן אהער, צו יויעלן. זכאריע און דאניעל האָבן מיט נאָך א גרעסערן יִיראס־האקאָוועד גענומען קוקן אף אים. ער איז כאוועריש און פרײַנטלעך. מיט אים ווערט עפּעס לײַכטער אפן הארצן. עס שטארקט זיך די האָפענונג, אז זיי וועלן זיך טאקע ארויסרײַסן פון געטאָ, קוים פירט מיט זיי אָן אזא מענטש. הײַנטיקע נאכט דארף נאָר געלינגען...

— דאָ האָסטו, מאָטל, א האנט־גראנאטע, — האָט יויעל זיך ווידער אָנ־גערופן. — די איינציקע גראנאטע, וואָס מיר פארמאָגן דערווײַל. און אָט זײַנען אײַערע מאסקיר־כאלאטן. ווען מע דארף זיי אָנטאָן, ווייסט איר. זײַט אויך וויסן, אז די הויפּט־געפאר דראָעט אײַך פונעם פּאָסטן, וואָס דרייט זיך ארום אפן שפּיטאָל־הויף. און ווידער זײַט וויסן, אז מע דארף אויסקומען אָן איין שאָס... פארגעדענקט עס, פארגעדענקט!.. נו, דאכט זיך, אלץ. יאָ, די געלע לאטעס צושפּיליען מיט זיכערנאָדלען. די, וואָס אפן רוקן, צושפּיליען אזוי, מע זאָל זי, אָן עמעצנס הילף, מיט דער אייגענער האנט קאָנען דערלאנגען און אראָפּנעמען. פארגעסט ניט: אף יענער זײַט צוים, אין גאס, האלט זיך וואָס ווייניקער צוזאמען.

די לעצטע אָנווײַזונגען האָט יויעל אָפּגעגעבן שוין שטייענדיקערהייט. די יאטן זײַנען אויך אופגעשטאנען.

— כאווער יויעל, — האָט אומדערוואַרט אָנגעהויבן מאָטל, — איך וויל אײַך בעטן. אין נאָמען פון אונדז אלעמען בעטן...

— נו?

— מיר ווילן אײַך בעטן ניט מיטגיין מיט אונדז. מירן אלץ אליין. איר טאָרט ניט ריזיקירן...

— נו, נו... קווענקלסט זיך? ביסט ניט זיכער? — יויעל האָט א שמייכל

געטאָן. — גוט! מיט אײַך װעל איך טאקע ניט מיטגײן. מירן זיך טרעפן שפּעטער, װו מיר האָבן אָפּגערעדט. און איצט — זאָל זײַן געגאנגען. אין א מאזלדיקער שאָ!

יויעל האָט אלעמען געדריקט די הענט. ארויסבאגלייט האָט זיי דאָס זעלבע מיידל, װאָס האָט זיי געהאט ארײַנגעלאָזט און די גאנצע צײַט גע־װאכט אינעם פירהויז.

דורך דער געעפנטער טיר האָט זיך ארײַנגעריסן אין צימער א קאלטער לופט־שטראָם און א שײַער געטאָן דעם דיל. אופשטײַגנדיק העכער, האָט ער זיך צעפּאָכעט איבערן קאנעצל אפן טיש. דאָס ליכט־פלעמל האָט אופ־געציטערט, געגומען זיך אײַנשרומפן, װי ס'װאָלט זיך דערשראָקן פאר לאָקערנדיקע געפארן.

װער װייסט, פארװאָס דאָס געטאָ־שטיבל איז געװוען אומגעקערט מיט א בלינדער װאנט צום שטעכדראָט־צוים — צופעליק, אויס מוירע אָדער גאָר ארויסװײַזנדיק צו אים פאראכטונג. װער װייסט אויך, װיאזוי צװישן דעם צוים און דעם שטיבל האָט זיך אופגעהאלטן א הויכער ברעטערנער פארקן. אפּאָנעם, קיינער האָט זיך ניט דערװועגט אהער קומען און פאנאנדערנעמען אים אף האָלץ — א פאָסטן האָט דאָך ארומגעשפאנט דערנעבן הינטערן שטעכדראָט. איצט האָבן צװישן דעם שטיבל און דעם ברעטערנעם פארקן זיך פארקליבן אונדזערע דרײַ יאטן.

מאָטל האָט געטשאטעװעט דורך די שפּארונעס אינעם פארקן. אויך פון יענער זײַט דראָט איז דאָס געסל געװוען װי אויסגעשטאָרבן. אפּאָנעם, אז קיינער האָט אויך דארטן ניט געװאָלט זיך באגעגענען אויג־אף־אויג מיט דײַטשן. פלעגן די מענטשן ארײַנקומען צו זיך אין די הײַזער דורך הינ־טערגענג און דורכהויפן.

אלץ טיפער איז געװאָרן די פארנאכטיקע סומנעקײַט, ביז זי האָט זיך איבערגעגאָסן אינעם געדיכטן גרוי פון דעם ערעװו־אָװנט. אין אים זײַנען פארלוירן געגאנגען די אייבערשטע צוים־דראָטן. די אונטערשטע האָבן קוים זיך אָפּגעצייכנט אפן שניי. יאָ, דער צוים איז ניט װײַט, מאמעש מיט דער האנט צו דערלאנגען. און הינטער אים, אינעם אנטקעגנדיקן צװײי־שטאָקיקן הויז, װארט שוין אף זיי די פינצטערגיש פון א טויער־געװעלב. אהין דארפן זיי זיך ארײַנכאפּן און פון דאָרט אָנהייבן דעם גאנג איבער דער שטאָט אָן די געלע לאטעס. מיט א צענדליק טריט קאָן מען דורכ־שפּרײַזן דאָס געסל, אָבער װאָס פאר א מעהאלעך די דאָזיקע צען טריט זײַנען איצט!

מיט דער גאנצער קראפט פון זײַן ריִע האָט מאָטל זיך אײַנגעגעסן אינעם סילועט פונעם װאכמאן, װאָס איז מיט דער ביקס אין שלאכטגרייט־קײַט ארומגעגאנגען הין און צוריק לענגויס זײַן װאך־אָפּשניט. מאָטל האָט אים נאָכגעפאָלגט, זיך צוגעהערט צו זײַנע טריט, געשאצט, װיפל אָן ערעך עס דויערט, ביז דער היטלעראָװעץ קומט צוריק צום אָרט, װו זיי געפינען זיך, און װיפל צײַט דארף אװעקנעמען זייער אנטרונען װערן פון געטאָ.

זכאריע און דאניִעל, אָנגעשפּארטע אינעם פארקן, האָבן געװארט. דעם

וואכמאן האָבן זיי ניט געזען, זיי האָבן בלויז געהערט זײַן ארומטאָפּטשען
און געפילט, ווי זײַנע סקריפּענדיקע טריט אינעם שניי ציִען נאָך שטײַפער
אָן זייערע געשפּאנטע נערוון.

מאָטל האָט געכאַפּט א קוק אַף זײַן האנטזייגערל. לויטן אָרט, ווו ס'האָבן
זיך געשווארצט די ווײַזערס, האָט ער דערקענט, אז ס'גייט די אכטע שאָ,
און זיך באַוועגן אין די גאסן מעג מען נאָר ביז נײַן. טאָר מען מער קיין
רעגע ניט פארלירן. ער האָט פארטיילט דאָס געווער און געגעבן א ווונק
אויסצוטאָן די לאַטעס.

באַלד האָבן אלע דרײַ זיך אײַנגעהילט אין די ווײַסע מאסקיר־כאלאטן
און, ארונטערגעבויגענע צו דער ערד, זיך צונויפגעגאָסן מיט איר שניי־
צודעק.

פּאמעלעך, אָפּגעהיט האָט מאָטל גענומען אָפּרוקן אין א זײַט דעם אונ־
טערשטן ברעג פון א שטאכעט, זייער אלטבאקאנטן און דינסטגרייטן שטאַ־
כעט, וואָס איז געהאנגען בלויז אַף איין טשוואָק צוגעפּעסטיקט אין דער
הייך. ס'האָט זיך געשאפן אן עפענונג, דורך וועלכער אלע דרײַ, איינער
הינטערן אנדערן, האָבן אוועקגעפּויזעט צום שטעכדראָט־צוים.

מאָטל האָט אָפּגעטשעפּעט די אונטערשטע צוויי רייען דראָט, וואָס זײַ־
נען פון פריִער שוין געווען פאנאנדערגעשניטן און האָבן זיך געהאלטן אַף
האטשיקעס, פארשטעקטע אינעם צוים־סלופּ, דורך אָט דער עפענונג איז
מאָטל שוין ניט איין מאָל געוועזן ארויס פון געטאָ.

דאניִעל איז געקראָכן דער לעצטער. ער האָט צוריקגעשטופּט דעם
שטאכעט אַף זײַן אָרט און אויך די אָפּגעטשעפּעטע ברעגעס פונעם שטעכ־
דראָט אופגעהאנגען אַף זייער אָרט.

די יאטן האָבן אליין ניט געפילט, ווי דער טויער אַף יענער זײַט געסל
האָט זיי ארײַנגעכאַפּט אין זײַן שיצנדיקער כאשכעס. זיי האָבן געשווינד
אראָפּגעוואָרפן פון זיך די כאלאטן, פארוקט זיי אונטער די מאנטלען און
איינציקווײַז גענומען ארויסשלײַכן פון דער באהעלטעניש. האלטנדיק זיך
איינער פונעם אנדערן אַף א שטרעקע, מע זאָל זיך זען, האָבן זיי זיך גע־
לאָזט אין וועג ארײַן.

„איצט קאָן ער אונדז שיטן זאלץ אַפן עק", — האָט מאָטל א טראכט
געטאָן וועגן וואכמאן און אזש אונטערגעטענצלט פאר פרייד.

דעם וועג האָבן אלע דרײַ אויסגעצייכנט געוווסט. זיי זײַנען דאָך
געגאנגען אין זייער אמאָליקער שול, וועלכע די היטלעראַווצעס האָבן פאר־
וואנדלט אין א מיליטערישן שפּיטאָל, געגאנגען אהין מיט א וויכטיקער
שליכעס.

זכאריע איז אוועק פאָרויס. דעם זעלביקן מעהאלעך מאכט ער דורך
יעדן אינדערפרי, בײַס מע טרײַבט צו דער צוואנג־ארבעט. די בריגאדע פירט
מען דאן איבערן ברוק, באוואכט פון אלע זײַטן. איצט גייט ער מיטן טראָ־
טואר און אָן די געלע לאַטעס. מע זאָל אים כאַפּן, איז דער טויט אַפן אָרט.
אָן שום סאָפעק... עמעס, אַפן פּאָנעם זעט ער ניט אויס ווי קיין ייִד. דערצו
שיצט פון א בייז אויג די טונקלקײַט. די פּראָסטיקע לופט כאַפּט ארום די
ברוסט, ווי מיט א פּאנצער, גארטלט אונטער. פון דעם ווערן די פיס גריכ־

גער, הייבן זיך, ווי אױף פּרוזשינעס... זכאַריע איז געגאַנגען האַסטיק, שוין עפּשער צו האַסטיק. מע האָט געקאָנט כּוישעד זײַן, אַז עפּעס שטעקט אין דער אײַלעניש... ער האָט אָבער פֿאַרגעסן אין אַלץ און אַלעמען, פֿאַרגעסן די מוטער זײַנע, וואָס האָט אים לעצטנס גענומען נאָכקוקן מיט דערשראָ־קענע פּײַכטע אויגן, פֿאַרגעסן די טויט־סאַקאָנעס, וואָס לויערן אױף שריט און טריט... ער האָט געוואָלט וואָס גיכער קומען צום ציל. אַ טאַפּ געטאָן דעם שליסל...

דעם קראַגן פֿון דער קורטקע אופֿגעשטעלט, די הענט טיף אַראָפּגעלאָזט אין די קעשענעס, האָט דאַניִעל געשפּאַנט הינטער זכאַריען. דער שניי האָט ווי אױף צולאָכעס געקרעכצט אונטער זײַן שווערן טראָט, און דאָס האָט געקאָנט צוציִען צו זיך די אופֿמערקזאַמקײַט, מעגלעך, אויך פֿון אַ בייז־וויליקן פֿאַרבײַגייער. דאַניִעלס ייִדישלעך פּאָנעם האָט פֿאַרגרעסערט די סאַקאָנע. נאָר ער איז געגאַנגען רויִק, זיכער.

מאָטל איז שוין ניט צום ערשטן מאָל אַרומגעגאַנגען איבער דער שטאָט אָן לאַטעס. ווי שטילנדיק אַ נאָגנדיקן ווייטעק, האָט ער גיריק אַרײַנגעצויגן אין זיך דעם שאַרף־געווירצטן טאַם פֿון דער געפֿאַר. דאָס מאָל האָט ער מיט זײַן דרייסטקײַט געוואָלט אָנשטעקן די כאַווײרים. פֿלעגט ער זיי אָפּט אָניאָגן, איבעריאָגן, קעדיי זיי זאָלן וויסן, אַז ער איז מיט זיי, אַז ער איז אױף דער וואַך...

גייען זיי, הייסט עס, צו זיך, אין זייער געוועזענער שול! עמעס, צוערשט אַפֿן צווינטער, וואָס גרענעצט זיך מיטן הויף פֿון דער שול.

די ווינטער־נאַכט האָט גאָר שנעל אַרופֿגעצווונגען אױף דער וועלט איר הערשאַפֿט. אָבער די העלקײַט פֿונעם שניי איז זי ניט בײַגעקומען. ס'האָט אַפֿילע אויסגעזען, אַז דער ווײַסער אָפּשײַן פֿונעם שניי האָט באַלויכטן די כמורנע פֿילגאָרנדיקע מויערן. ליידיק זײַנען געווען די גאַסן. ווען־ניט־ווען האָט אַ דורכגייער, ווי פֿון עמעצן נאָכגעיאָגט, זיך אַ טראָג געטאָן איבערן סקריפּענדיקן שניי און פֿאַרשוווּנדן. צומאָל פֿלעגט אופֿלויכטן אַ פֿענצטער און דערשראָקן זיך באַלד אויסבאַהאַלטן אונטער אַ שוואַרצן פֿאָרהאַנג. אומעטום אױף די ראָגן האָבן ווי געשפּענסטער געסטאַרטשעט היטלעריסטי־שע פּאָליצײַען.

די יאַטן האָבן זיך צוגעווינט צום איימעפּולן אַרום. די פּוסטקײַט פֿון די גאַסן, וואָס האָט לעכאַטכילע געשראָקן, איז זיי געוואָרן צום האַרצן. אין איר האָבן די דרײַ „ברעכער פֿונעם געזעץ” זיך גענומען פֿילן אַזש פֿרײַ. די פֿינצטערניש איז געוואָרן אַ פֿאַרבינדעטע: זי האָט זיי אײַנגעהילט, אויסבאַ־האַלטן, געשיצט. דערצו האָבן זיי געהאַלטן זייערע ווײַזפֿינגער אױף די אָפּ־לאָז־צינגלעך פֿונעם געווער...

ארוף אפֿן צווינטער, האָט דאָס דרײַלינג פֿונדעסטוועגן לײַכטער אָפּגעאָ־טעמט. דאָ איז געווען אַ שעפֿע פֿון שניי און שוואַרצער שטילקײַט. אין זיי זײַנען אײַנגעזונקען די אויסגעדאַרטע צלאָמים, די שטיינערנע מאַצייוועס. שניי און שוואַרצע שטילקײַט האָבן דאָ אָפּגעמעקט די סטעזשקעס, וואָס

האָבן ניט געהאַט וווּהין צו פירן און זײַנען איבעריק געווען. נידעריק, מאַמעש איבערן קאָפּ זײַנען אויף אַ געדיכטער נעץ פון נאַקעטע צווײַגן גע־האַנגען גאַנצע שניי־וואָלקנס. כּעוורע האָט זיך געדאַכט, אַז זיי האָבן געפּור־נעץ שוין אונטערן פאַנצער פון עפּעס אַ גרויסער ווײַסער טשערעפּאַכע.

נאָך זיכערער האָבן זיי זיך דערפילט אינעם ציגלנעם מויערל פון אַן אַלטן פאַמיליע־קייווער. אין אים וועלן זיי זיך אויסבאַהאַלטן, ביז די שאָ וועט שלאָגן... דאָ האָבן זיי טאַקע געפונען די ליידיקע זעק, וועלכע זיי וועלן באַדאַרפן. אַלץ, ווי ס'איז געווען אָפּגערעדט.

פאַרקראָכן אין דעם ענגן מויערל, האָבן זיי זיך אײַנגעמאָסטעט אויף דער שטיינערנער באַנק, האַרט צוגעדריקט איינער צום אַנדערן. דאָס פּרעסטל האָט מיט אַלץ מער אַזעס געקנײַפּט די באַקן, זיך דערקליבן צו די פּיס. אַנצוהייבן איז נאָך געווען פרי. דאָרט, וווּהין זיי קלײַבן זיך, שלאָפט מען נאָך אַוודע ניט.

זכאַריע האָט ווידער אָנגעטאַפּט דעם שליסל, וועלכן ער האָט אַליין בע־שטיקע אויסגעפּײַלט. קיינער האָט קיין זאַך ניט כּוישעד געווען. אַפילע די, וועלכע מע האָט צוזאַמען מיט אים געטריבן צו דער אַרבעט אין זייער געוועזענער שול, האָבן די מינדסטע אָנונג ניט געהאַט פון דעם, וואָס ער האָט פאַרטראַכט. עמעס, דעם געדאַנק האָט ער אופגעגעבן מאָטל. אויף איינעם אַ צונויפקום פון זייער קעמערל האָט ער פאָרגעשלאָגן, יעדערער זאָל זיך אַרומקוקן אויפן אַרבעט־פּלאַץ, אויסגעפינען, ווי קאָן מען אָנזאַלצן די היט־לעראָווצעס, אַרומקוקן זיך, עפּשער וועט געלינגען צולאַקכענען געווער. האָט זכאַריע זיך טאַקע אַרומגעקוקט...

ער, זכאַריע, אַ זון פון אַ שלאָסער, האָט פון קינדווײַז אָן געהאַט צו טאָן מיט שטאָל און אײַזן. אין דעם מיליטערישן שפּיטאָל, ווו מע נעמט אים אויף אַרבעט, האָט ער רעמאָנטירט די הענטלעך פון די טירן און פענצ־טער. אַ טוער פון דער שפּיטאָל־אַדמיניסטראַציע האָט אים איין מאָל אַוועקגעפירט אין שטיבל אויפן הויף, ווו ס'האָט ביז דער מילכאָמע געלעבט דער ווירטשאַפט־לייטער פון זייער שול. אין זײַן דירע האָט זיך איצט געהאַט אײַנגעקוואַרטירט דער האַר און באַלעבאָס פונעם שפּיטאָל — דער הויפּט־פעלדפעבל. די צווייטע טיר אינעם פירהויז האָט געפירט צום סקלאַד פון די ספּאָרט־מאַכשירים פון דער שול. זכאַריען האָט דער דײַטש באַפוילן אַרײַנשטעלן אַ נײַעם שלאָס אין אָט דער טיר און מאַכן אַ צוגאָב־שליסל. עפנט ער די טיר און דערזעט אָנשטאָט ספּאָרט־מאַכשירים — געווער! ווײַזט זיך אַרויס, אַז דער שפּיטאָל־פּערסאָנאַל האַלט דאָ זײַן וואָפן. פאַרוואָס זאָל ער, זכאַריע, ניט מאַכן קיין שליסל אויך פאַר זיך?..

ער האָט ריזיקירט מיטן קאָפּ, געמאַכט דעם שליסל. און איצט, ווער ווייסט, עפּשער זײַנען עס שוין די לעצטע שאָען פון זײַן לעבן...

פּאַמעלעך האָט גערוקט זיך די צײַט. אַוועקגעשטופּט אַזוי אַ שאָ, אַ צווייטע, אַ דריטע, האָט מאָטל אַ טאָרע געטאָן זײַנע כאַווײרים. די יאַטן האָבן אַרופגעצויגן אויף זיך די מאַסקיר־כאַלאַטן און אַרויסגעקראָכן פון דער באַהעלטעניש. נישטערנדיק אינעם כּוישעך, פאַרקראַמפּט אין די הענט די אָנגעלאָדענע פּיסטאָלעטן, האָבן זיי זיך באַוועגט צו דער לאַך אינעם

פּאַרקן, דורך וועלכער זיי פּלעגן אַמאָל, בײַס דער גרויסער האַפּסאָקע, זיך אַרײַנכאַפּן אױפֿן צווינטער אַ שטיף טאָן. פֿאַרשטעלט פֿון ביימלעך, איז די לאָך געבליבן, ווי זי איז געווען. פֿונדאַנען בלײַבן אַ וועלכע פּאָר צענדליק טריט ביזן שטיבל.

ווו איז דער וואַכמאַן? כעוורע האָט אים געזוכט מער מיטן געהער, ווי מיט די אויגן. קיין שפּור פֿון אים איז ניט געווען צו פֿילן. האָבן זיי דורכ־געפּויזעט דעם הויף און זיך אַרײַנגעשלײַכט אינעם פֿירהויז פֿונעם שטיבל.

מיט ציטעריקע הענט איז זכאַריע צוגעפֿאַלן צו דער טיר, אָנגעטאַפּט דעם שלאָס און פֿאָרזיכטיק אַרײַנגעשטעקט אין אים דעם שליסל. די אויגן געווענדט אין איין ריכטונג, האָט ער ניט באַמערקט, אַז די טיר, וועלכע פֿירט צום הויפּט־פּעלדפּעבל, איז פֿון דרײַ זײַטן באַזוימט מיט אַ דינינק פּאַסיקל ליכט, ער האָט אויך ניט דערהערט דאָס כאָרכלען פֿון אַ גראַמאָ־פֿאָן־פּלאַטע, וואָס פּלעגט איבערגעריסן ווערן דורך אַ קוויטשיקן געלעכטער פֿון צוויי שטימען — אַ מענערשער און ווײַבערשער.

אויך מאָטל און דאַניִעל האָבן געוווּסט, ווער עס לעבט איצט אינעם שטיבל, און באַלד דערפֿילט די דראָענדיקע געפֿאַר. אויף די שפּיץ פֿינגער, מיט אַ פֿאַרהאַלטענעם אָטעם און אָפּגעהיט טאַפּנדיק אין דער פֿינצטער, זײַנען זיי נאָכגעגאַנגען זייער כאַווער.

אין דער קאַמער איז געווען שטאָקפֿינצטער. דאָס איינציקע פֿענצ־טערל — פֿאַרהאַקט. האָט מאָטל געמוזט כאַטש אויף אַ רעגע אָנצינדן זײַן עלעקטריש לאַמטערנדל, און אַלע האָבן דערזען אַ ביקסן־פּיראַמידע און עטלעכע אווטאָמאַטן, אויפֿגעהאַנגענע אויף דער וואַנט. אונטער זיי — קעסטלעך מיט קוילן. ניט קיין גרויסער אַרסענאַל, און דאָך אַן אַשירעס. עפּעס אַ קלייניקײַט — ביקסן! עמעסער וואָפֿן אונטער דער האַנט!

אָנגעשטאָפּט די זעק מיטן געווער, האָט כעוורע אָוועקגעײַלט צום מויערל, וואָס איבערן קײַווער. זכאַריע און דאַניִעל האָבן געשלעפּט צו זעקס ביקסן. מאָטל האָט אונטערן לינקן אָרעם געטראָגן צוויי אווטאָמאַטן און אין דער רעכטער האַנט געהאַלטן גרייט דעם טויט פֿאַר איטלעכן, וואָס וועט זיי דעם וועג פֿאַרשטעלן. אַלע דרײַ האָבן זיך געבראָכן אונטער דער מאַסע. אָבער נאָכן אויסליידיקן די זעק איז אויסגעקומען, אַז צו ווייניק האָבן זיי פֿאַרכאַפּט.

— איצט וועלן מיר גיין נאָך קוילן, — האָט אַרויסגעשעפּטשעט מאָטל. — וואָס פֿאַר אַ ווערט האָבן ביקסן אָן קוילן?

זיי האָבן ווידער געפּויזעט צום ציל. דער וועג איז געווען פֿרײַ. אַרום און אַרום — שאַ־שטיל, קיין סימען פֿון אַ לעבעדיקן נעפֿעש. און אָט זײַנען זיי ווידער אין דער געווער־קאַמער.

אַרויסגייענדיק פֿון דאָרט, האָט זכאַריע באַמערקט דאָס ליכט אַרום דער טיר, דערהערט די מענטשלעכע קוילעס. ער האָט דערקענט דאָס גע־לעכטער פֿונעם הויפּט־פּעלדפּעבל, די סקריפּענדיקע שטים פֿון דער מאַר־שאַס — דער אויבערשוועסטער. אַ קלאָרע טויט־סאַקאָנע איז דערנעבן. נאָר באַלד, באַלד וועט אַלץ זיך פֿאַרענדיקן.

זיי זײַנען ווידער אינעם מויערל. דאכט זיך, ניט לאנג האָבן זיי זיך גע־מיט, און שוין ארויסגעשלאָגן זיך פון די קויכעס.

— ס׳איז גוט! — האָט זכאריע ניט געקאָנט אײַנהאלטן אין זיך די אופגעשפרודלטע פרייד.

— אוואדע איז גוט, — האָט דאניעל צוגעשטימט.

מאָטל האָט געשוויגן. געוויס האָבן זיי היינט שוין א סאך אופגעטאָן: צוועלף ביקסן, צוויי אווטאָמאטן, א היפש ביסל קוילן. דאָס איז עפּעס ווערט. אָבער וויפל הענט רײַסן זיך צום וואָפן! מאָטל האָט זיך אָפּגעקערט אין א ווינקל און מיטן לאמטערנדל באלויכטן זײַן זייגער. ס׳איז געווען פאר צוויי. ביז ס׳וועט קומען די מאשין נאָכן געווער, קאָן מען באווײַזן א דריט מאָל צוגיין אהין.

— כעוורע, — האָט ער זיך אָנגערופן, — נאָך איין מאָל מיר זאָלן זיך דורכשפּאצירן, לאָזן מיר איבער א ריינעם סקלאד...

— מע טאָר ניט! — האָט אים זכאריע איבערגעשלאָגן. — דער הויפּט־פעלדפעבל איז אוף, און מירן ארײַנפאלן.

— ס׳איז בעסער, וואָס ער איז אוף. ער שיקערט, הוליעט. פרעגט אים בעכיירעם, וואָס עס טוט זיך ארום אים.

— איך גיי ניט, — האָט זכאריע געמאָלדן.

— זיך דערשראָקן? — האָט מאָטל אים א שטאָך געטאָן.

— איך האָב אויך א דייע, — איז זכאריע אופגעשפּרונגען. — יויעל אליין האָט געזאָגט... און דו, דאניעל, וואָס זאָגסטו?

אפן ענטפער איז אויסגעקומען צוווארטן. ענדלעך האָט דאניעל א מרוקע געטאָן:

— כ׳ווייס ניט. ביקסן זײַנען אונדז זייער נייטיק, וועל איך גיין.

דערווײַל האָט זיך געענדערט דער וועטער. די לופט איז פול געוואָרן מיט לײַכט־פליגלדיקע שניילעך, וואָס האָבן לעכאטכילע פויל געשוועבט אינעם כאָלעל, זײַנען אָבער באלד שווערער געוואָרן און האסטיקער גע־נומען פאלן אף דער ערד.

מאָטל און דאניעל זײַנען בעשאָלעם אָנגעקומען צו דער געווער־קאמער, ארײַנגעלייגט אין די זעק די געבליבענע ביקסן, פארכאפּט דעם לעצטן אווטאָמאט און פּלוצעם דערהערט א שטיל סקריפּען פון טריט אינעם שניי. עס זײַנען אָפּגעשטאָרבן אין זיי אלע גלידער.

באם ארײַנגאנג אין שטיבל האָבן די טריט זיך פארהאלטן. עפּשער איז עס זכאריע? אויב זכאריע, פארוואָס קומט ער ניט ארײַן?

די טיר פון דער געווער־קאמער איז געבליבן אָפן. איצט וועסטו זי ניט פארמאכן. מאָטל האָט ארויסגענומען דעם פּיסטאָלעט.

צי איז טאקע אלץ פארלוירן? נאָר אָט איז צוריק שטיל געוואָרן, פאר־דעכטיק שטיל. עפּשער איז עמעצער בלויז פארבײַגעגאנגען? די דאָזיקע האָפענונג איז באלד צערונען געוואָרן. דער פארשוין באם ארײַנגאנג האָט

פון העלער הויט גענומען אויספּײַפן אַ לידל, צוטופּענדיק צום טאַקט מיט דעם פוס.

„מע האָט אונדז באַמערקט און אַרײַנגעכאַפּט אין פּאַסטקע“, — האָט מאָטל באַשלאָסן. ער האָט זיך דערפילט שולדיק. מע האָט טאַקע מער ניט געטאָרט גיין. איצט איז אָבער ניט די צײַט צו באַהאַנדלען, וואָס מע האָט יאָ געמעגט און וואָס ניט. איצט דאַרף מען זוכן אַן אויסוועג. אויב דעם דאָזיקן פּײַפער וועט ניט נימעס ווערן דאָ שטיין, וועט מען אים מוזן אָפּראַמען. אַ פינישן מעסער האָט ער, מאָטל, בײַ זיך. נאָר אויב עס וועט ווערן אַ גערודער? דער הויפּט־פּעלדפעבל... די היטלעראָווצעס וועלן זיך צונויפלויפן...

דאַניעל איז געבליבן רויִק. ער האָט אַפילע ניט איבערגעטראַכט, אַז ס׳קאָן זיך שלעכט ענדיקן. ער האָט נאָר געוואַרט אויף מאָטלס שטומען באַפעל.

און יענער, וואָס איז געבליבן שטיין בײַם אַרײַנגאַנג, האָט אַלץ זיך געטאָפּטשעט אויף איין אָרט און, ווי ס׳האָט אויסגעזען, ניט געטראַכט אוועקצוגיין. פון העלער הויט האָט ער זיך גאָר צעזונגען אויף דײַטש: „נאָך אַסטען, נאָך אָסטען! דאָרט ליגט, יאַ, אונדזער גליק...“

איצט איז אַלץ קלאָר געוואָרן: ס׳איז דער וואַכמאַן, וואָס דעזשורעט אויפן הויף. פאַר אים האָט יויעל געהייסן זיך באַזונדערס היטן. ווען מאָטל איז באַשטאַנען, מע זאָל גיין אַ דריט מאָל, איז דער וואַכמאַן אַרויסגעפאַלן בײַ אים פונעם כעזשבן. און אָט איז דער סאַכאַקל... אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד. אַזאַ געראָטענער אָנהייב געווען. זכאַריען וועט עפּשער געלינגען אַנטרונען צו ווערן... נאָך אַ גליק, וואָס יויעל איז ניט מיט זיי. יויעל וועט ניט אָנווערן דעם מוט. מע וועט פּרוּוון אַנדערשווו דערווערבן וואָפן... מאָטלען האָט באַנק געטאָן דאַניעל, באַנק געטאָן דאָס אַרויסגעטראָגענע געווער, וואָס וועט אַרײַנפאַלן צוריק די דײַטשן אין די הענט. די שפּורן אינעם שניי פירן דאָך צום מויערל... אַזאַ ווייטעק אין האַרצן, אַזאַ ביטערניש אויף דער נעשאָמע... און מאָטלס האַנט האָט זיך אַ ציִ געטאָן צו דער גראַנאַטע.

דער וואַכמאַן האָט נאָך אַלץ זיך אַרומגעדרייט בײַם אַרײַנגאַנג, מיט האַנאָע צוגעזונגען דאָס לידל וועגן גליק, וואָס דערוואַרט אים אין מיזרעך...

אין דער זעלבער צײַט איז זכאַריע שיר פון זינען ניט אַראָפּ: עס קערן זיך ניט אום די יאַטן! עפּעס איז מיט זיי אַוואַדע געשען. ער האָט געוואָרנט! און אָט האָבן זיי פאַרקאָכט אַ קאַשע. ווו זאָל ער זיך אַהינטאָן? ווען וועט יויעל זיך באַווײַזן? ער וואָלט געהאָלפן אַרויסבאַקומען זיך פונדאַנען. ס׳איז געווען אָפּגעמאַכט זיך צו טרעפן בײַ דער הינטערשטער קאַליטקע פונעם צווינטער... דער מאַמען האָט זכאַריע געהאַט געזאָגט, אַז ער גייט צו דער נאַכט־וואַכטע. וואַרט זי און ווייסט נעבעך ניט, אַז דער זון איז אַרײַנגעפאַלן אין אַזאַ צאָרע. ס׳האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַ יעלאָלע וואָגלט איבער די קוואָרים... איז עס ניט אַמאָל זײַן מאַמעס געוויין, וואָס באַקלאָגט שוין איר זון נאָך ניט קיין באַגראָבענעם?

ווי ראַטעווענדיק זיך פון די פּײַנפולע פאָרגעפילן, איז זכאַריע אַרויס־

געקראָכן פונעם מויערל און גענומען שאַרן זיך ארום אים, אײַנזינקענדיק אינעם הויך אָנגעשאָטענעם שניי. די געדיכט פאַלנדיקע שנייעלעך האָבן אים פאַרליאַפּעט דאָס פּאָנעם, געקלעפּט די אויגן.

פּלוצעם האָט זיך צו אים דערטראָגן א שטילער פּײַף. זכאַריע איז דערשראָקן צוגעפאַלן צו דער הינטערשטער וואַנט פונעם מויערל. עמע־צער איז דערוויַל פלינק אריַין אינווייניק.

— כעוורע! — האָט דער מענטש א רוף געטאָן, איבערטרעטנדיק די שוועל.

זכאַריע האָט זיך געלאָזט צו אים:

— כאַווער יויעל!

— דאַכט זיך, זכאַריע? אליין?

— איך... איך האָב זיי געוואָרנט. געטשײַנעט, מע זאָל מער ניט גיין. האָבן זיי ניט געפאָלגט. אוועק צום דריטן מאָל, און ניטאָ.

— ס'איז שטיל ארום?

— שטיל.

— איז גענומען וואָס פאַראַן! — האָט באַפוילן יויעל, א נעם טוענדיק צוויי אָנגעלאָדענע זעק.

שווײַגנדיק האָבן ביידע דערטראָגן אלע זעק צום לאַסט־אויטאָ, וואָס האָט געוואַרט אינעם אויסגעשטאָרבענעם געסל באַם הינטערשטן פאַרקן פונעם צווינטער. יויעל האָט געהייסן זכאַריען ארײַנקריכן אין קאַבינע צום שאָפער:

— האָב ניט מוירע. פאַראַן א דערלויבעניש צו פאָרן באַנאַכט. א גע־מעלאָכעטער, אָבער פאָרט א שטיקל דאָקומענט. און איך וועל א זוך טאָן די יאַטן. עפּשער איז עס א מײַסע מיטן דעזשורנעם פּאָסטן...

אין דעם, אז ס'איז אזוי, האָט יויעל זיך איבערצײַגט, דערהערנדיק דאָס לידל „נאָך אָסטען!", דאָס לידל, וואָס האָט מאָטלען שיר ניט אראָפּ־געפירט פון זינען און איז אויך דאַניעלן אזוי דערווידער געוואָרן, אז ער איז גרייט געווען זיך וואַרפן אַפן זינגענדיקן נעפעש און אים דערוועַרגן...

נאָר דאָ האָבן זיי ביידע דערהערט, ווי אין צווייטן עק הויף האָט עפּעס א קלאַפּ געטאָן. אויך דער וואַכמאַן האָט, אפּאָנעם, זיך אָנגעשפּיצט, ווײַל דאָס געזאַנג איז ווי דערשטיקט געוואָרן אין זײַן קעל. אונטער־קרעכצנדיק, האָט ער זיך אוועקגעשאַרט איבערן ווייכן שניי אהין, פון־וואַנען ס'האָט אָנגעטראָגן דעם פאַרדעכטיקן קלאַנג.

מאָטל האָט א שעפּטשע געטאָן:

— געגאַנגען!

דאַניעל, מיטן שווערן זאַק אַף דער פּלייצע, האָט פּאַמעלעך פאַרמאַכט די טיר פון דער אויסגעליידיקטער קאַמער.

אינעם מויערל האָבן זיי ניט געפונען ניט זכאַריען, ניט די פריִער געבראַכטע פולע זעק. ארויסגעטראָגן, אוועקגעפירט, ווי ס'איז געווען אָפּגערעדט?.. און זיי זײַנען געבליבן אַף גאָטס באַראָט...

אויסגעשעפּטע האָבן זיי זיך אראָפּגעלאָזט אַף דער באַנק. און וואָס ווײַטער?

נאָר פּלוצעם האָט א שטים זיי ווי אופגעוועקט פון דער צעכושטקייט:

— וואָס ווארט איר? אהער מיט דער סכוירע!

די יאַטן זײַנען אופגעשפּרונגען. ס'איז געווען יויעל.

— זכאריע און דאָס געווער... — האָט אָנגעהויבן מאָטל.

— זײַנען שוין אינעם לאסט־אווטאָ, — האָט פארענדיקט יויעל.

די לעצטע צוויי זעק זײַנען פארשוווּנדן אינעם אווטאָ־קוזאָוו. פון דער קאבינע איז ארויסגעשפּרונגען זכאריע. זײַן אָרט האָט פארנומען יויעל, אָפּגעבנדיק די לעצטע אָנווײַזונגען:

— פארשטעקט זיך. נאָך דער פּאָליצײַ־שאַ — הײַדא, צוריק אין געטאָ! יאָ, אָט איז ברויט. צעטיילט זיך. טאָמער פאלט עמעצער דורך, אין שטאָט צי באם צוים, איז פאראן איין טײַנע: געגאַנגען בעטלען אכילע...

עס איז נאָך אלץ געפאלן דער זעלבער געדיכטער, בענימעסדיק־שטילער שניי און פארענדיקט אײַנקוטען די וועלט. כעוורע האָט פאר־שטאנען: דער וואכמאן האָט זיך געשיצט פונעם שניי אונטערן דעכל באם ארײַנגאנג אין שטיבל. דער הײַנטיקער שניי האָט זיי געקאָנט טײַער קאָסטן.

מע האָט שוין געמעגט זיך באוועגן אין שטאָט. נאָר איבער די ליידיקע גאסן האָט דערווײַל געשפּאנט בלויז דער דרײַלינג: מאָטל, זכאריע, דאַ־ניעל.

עס האָט צוביסלעך אופגעהערט שנייען. ווו־ניט־ווו האָבן נאָך ארומ־געשוועבט אין דער לופט פארוואָרלאָזטע שנייעלעך, ווי זוכנדיק אן אָרט אראָפּצונידערן. דער פרימאָרגן האָט באטאפּט דעם הימל־זוים און גע־נומען זיך פארמעסטן אפן כוישעך פון דער וועלט.

אָפּשטייענדיק איינער פון אנדערן, האָבן די דרײַ יאַטן געאײַלט אין געטאָ. געוואָלט וואָס גיכער זיך דערוויסן, צי אלץ איז ביזן סאָף אדורך בעשאָלעם, צי דאָס געווער איז באשטאט אין א זיכער אָרט. ס'האָט זיך זיי געגלוסט אראָפּריידן פון הארצן, זיך טיילן מיט די איבערלעבענישן פון דער פארגאנגענער נאכט. מאָטלען האָט גערייצט דער נײַגער: ווי־אזוי איז עס יויעלן געלונגען אין דער סאמע לעצטער מינוט ארויסלייזן זיי פונעם קלעם? און דער אנטשיידנדיקער קלאַפּ, וואָס האָט פארנארט צו זיך דעם וואכמאן? אוואדע איז עס געווען יויעלס ארבעט... זכאריע און דאניעל האָבן געהאלטן אין איין טראכטן און איבערטראכטן: וואָס וועט ווײַטער זײַן? וועמען וועט מען באשטימען ארויסצוגיין אין וואלד מיט דער ערשטער גרופּע? וועמען וועט זײַן באשערט נעמען עמעס געווער אין די הענט? זיי זײַנען ניט געגאנגען, נאָר קימאט געלאָפן. ס'האָט זיי געטריבן די פרייד פון דער אויסגעפילטער ערשטער שליכעס.

אין זעלבן טויער־געוועלב, ווו זיי האָבן זיך באהאלטן, ארויסגייענדיק פון געטאָ, זײַנען אלע דרײַ זיך צונויפגעקומען. ווי אַף צולאָכעס איז בא דער געהיימער עפענונג אינעם שטעכדראָט־צוים געשטאנען דער פּאָסטן — א סטראשידלע אין אומגעלומפּערט גרויסע שטרויענע שטעקשיך, וואָס האָבן געזאָלט שיצן פון קעלט; דער קאָפּ — ארומגעבונדן מיט א טוך.

מאָטל האָט שוין זיך געהאַט פאַרנומען צו אַן אַנדער אָרט, ווו מע וואָלט געקאָנט אַדורכקריכן אונטערן דראָט. נאָר דער דײַטש האָט זיך מיטאַמאָל אַ צאַפּל געטאָן, געכאַפּט זיך צו דער ביקס, גענומען לויפן לענגאויס דעם צוים און שיסן אין אַ שוואַרצן שפּרינגענדיקן קנויל, שרײַענדיק דערבײַ:

— הערגאָט, סאַקראַמענט, פערדאַמט צום דאָנערוועטער נאָך אײַנמאָל!

דער היטלעראָוועץ האָט געצילט אין אַ שוואַרצער קאַץ און אַלץ ניט געטראָפן. די קאַץ איז געשפּרונגען אינעם שנײ אַרויף און אַראָפּ, זיך באַוויזן און ווידער פאַרזונקען אין דער פּוכיקער ווײַסקײַט. דער וואַכ־מאַן — אַ צערייצטער, אַ מעטורעפּער — איז איר נאָכגעלאָפן, געשאָסן און געשאָלטן. ס'איז געווען באַפּוילן פאַרטיליקן די קעץ און הימלאָזע הינט — די עפּידעמיע־פאַרשפּרייטער...

מאָטל האָט אַ ווונק געטאָן צו די כאַווײרים. אין איין אויגנבליק איז ער מיט זכאַריען געווען אויף יענער זײַט שטעכדראָט און האַסטיק פאַר־שווונדן הינטערן הילצערנעם פּאַרקן. ערשט איצט האָבן זיי זיך אומגע־קוקט, אַז דאַניִעל איז געבליבן אויף יענער זײַט.

די שיסערײַ האָט נאָך אַלץ געדויערט.

— פאַרזאַמט! — האָט מאָטל זיך אַזש געכאַפּט פאַרן קאָפּ.

נאָר דאָ האָט דער פּאַרקן אַ קרעכץ געטאָן. ס'האָט זיך אָפּגעבראָכן אַ שטאַכעט. אויסגעקאַטשעט אין שנײ, איז דורך דער לאָך דורכגעקראָכן דאַניִעל. מאָטל און זכאַריע האָבן אים אונטערגעכאַפּט און אַוועקגעשלעפּט פונדאַנען, וואָס ווײַטער פונדאַנען.

— כ'בין פאַרוווּנדעט, — האָט געקרעכצט דאַניִעל. — דער פּאָסטן... שיסנדיק אין דער קאַץ...

אויסגעמיטן די געסלעך, איבער וועלכע מע האָט שוין געטריבן געטאָ־אסירים צו דער צוואַנג־אַרבעט, ווידער דורך הינטער־הויפן און שפּאַרונעס האָבן מאָטל און זכאַריע, אונטערהאַלטנדיק דעם פאַרוווּנדעטן כאַווער, געײַלט צו יויעלן.

אין זעלבן צימער מיט די פאַרמאַכטע לאָדנס, באַם זעלבן קאַנעצל האָט יויעל שוין געוואַרט אויף זיי.

— געקומען! דאָס איז אויסגעצייכנט. און דאָס איז וואָס? — ער האָט אַנידערגעלייגט דאַניִעלן אויפן הילצערנעם טאָפּטשאַן, וואָס איז געשטאַנען אין צימער.

דער פאַרוווּנדעטער איז געלעגן מיטן פּאָנעם אַרופצו, די נאָז אויסגע־צויגן, די באַקן אײַנגעפאַלן, און שווער געאָטעמט.

— נו, נו, דאַניִעל, — האָט אים יויעל געמונטערט, — נעם זיך אָקאָרשט צונויף. און איר, כעווורע, לעבעדיקער, טוט אים אויס די קורטקע, דאָס רעקל...

דאַניִעלס זאַכן זײַנען געווען דורכגעווייקט אין בלוט.

יויעל האָט צוגעטראָגן דאָס ברענענדיקע קאַנעצל און אויפמערקזאַם באַטראַכט די אָפענע ווונד אויפן לײַב.

— ווי איך פארשטיי, האָסטו מאזל, ברודערקע. אָן סאקאָנעס, ביסט לײַכט פארוואונדעט. אָף יעדן פאל וועלן מיר ארויסרופן אן אייגענעם דאָקטער.

ער איז ארויס אין א שכיינעסדיק צימער, עמעצן עפּעס געזאָגט און אומגעקערט זיך מיט וואטע, מארליע און א פלעשעלע רעפּועס אין די הענט.

— דער כאווער יויעל איז גרעסערער פון אונדז, — האָט זכאריע א זאָג געטאָן, ווי זיך פארענטפערנדיק.

— מיט מיר קאָנט איר זיך ניט פארגלײַכן. איך בין דאָך געפאָרן אין אן אוטאָ... און וואָס שײַעך קריכן דורכן צוים, בין איך שוין א גאנצער פּראָפעסאָר, — האָט יויעל, אייסעקנדיק זיך ארום דעם פארוואונדעטן, גע־פּרוווט שפּאסן. — פארשטייט זיך, ניט קיין מעדיצין־פּראָפעסאָר. עך, יאטן, באטראכט זיך, וואָס איר האָט אופגעטאָן. און אזוי גלאטיק...

— הײַנט, כאווער יויעל, אין דער סאמע לעצטער מינוט, קאָן מען זאָגן, האָט אונדז ארויסגעהאָלפן א קאץ, א שווארצע קאץ... מײַן מאמע וואָלט עס אָנגענומען פאר א שלעכטן סימען, — זכאריע האָט א שמייכל געטאָן.

יויעל און מאָטל האָבן אויך געשמייכלט.

— און פאר מיר, — האָט דאניעל ארויסגעמורמלט, — פאר מיר איז די שווארצע קאץ...

— גאָרניט, גאָרניט, דאניעל, — האָט אים יויעל געטרייסט, — אלץ וועט זײַן גוט.

— ניט וועגן דעם... — האָט דער פארוואונדעטער א קרעכץ געטאָן. — מיט די ערשטע וועל איך שוין ניט ארויס פון געטאָ... איר פארשטייט, פון אונדזער גאנצער מישפּאָכע בין איך געבליבן אייזינקער אליין. ווער וועט נעקאָמע נעמען, אויב איך וועל אויך שוין ניט זײַן?

— וואָס הייסט, דו וועסט ניט זײַן? נאָך א מין זײַן! — יויעלס שטים האָט באקומען דעם קלאנג פון מעטאל. — דו האָסט שוין אָנגעהויבן נע־מען נעקאָמע. און וואָס איר האָט אופגעטאָן, כעוורע, פאר איין נאכט! מיר האָבן שוין ביקסן! די ערשטע ביקסן! און יעדער שאָס, וואָס זיי וועלן ארויסלאָזן אין סוינע, וועט זײַן דײַן שאָס, דאניעל. איך איבער־טרײַב ניט.

— האָט ניט קיין פאריבל, נאָר די זײַט טוט מיר שטארק וויי, — האָט זיך באקלאָגט דאניעל. — ס'ברענט, ווי פײַער...

— לײַד צו א קאפּעלע, באלד וועט קומען אונדזער דאָקטער.

און ווי וועלנדיק ארײַנגעבן אין איר קויעך, האָט יויעל געדריקט אין זײַן דלאָניע די פארכאלעשטע האנט פונעם פארוואונדעטן.

# דער קראַנקער און זײַן פרוי



אף די מײַז האָט ער קיין שליטע ניט. די גרויע מיזעסקײַטן לויפן ארום איבערן דיל, דראַפּען זיך אומפארשעמט ארויף אפן איינציקן בענקל אין קעמערל, שפרינגען ארום איבערן הוילן טישל. ניט געפינענדיק גאָרניט, נעמען זיי גריזען די פיס פון דער הילצערנער בעט, ווו עס בלאַנקען ערטערווײַז שפּורן פון דער אמאָליקער פּאָליטור. זיי דערוועגן זיך אפילע ארופצוקריכן אפן געלעגער, נישטערן אין די שמאַטעס, וואָס זײַנען אָנגעוואלגערט אפן קראַנקן.

דער קראַנקער איז שוין געוווינט צו די דאָזיקע באשעפענישן, איבער וועלכע ער האָט די שליטע פארלאָרן. אגעוו זײַנען עס דאָך די איינציקע לעבעדיקע וועזנס, צו וועמען מע קאָן אין מעשעך פון טאָג ארויסברענגען עפּעס א קלאַנג, א רוף טאָן, א דראָע טאָן.

צונויפגעקנוילט, ווי דער קראַנקער אין בעט, ליגט אינעם קאלטן קעמערל דער פארנאכט. די געדיכטע שאָטנס אף די ווענט, דער פארייכערטער סופיט דריקן צונויף אלץ מער און מער די פאַרנאכטיקע דעמערונג, האלטן זי באַם ארויסשפּארן דורכן איינציקן פענצטערל אין דער וואנט צו דער גאס־צו. דורך אָט דעם פענצטערל, כאָטש דער פראָסט האָט עס פארצויגן מיט א מאַט־גרויער בעלמע, האלט דער קראַנקער אוף דעם צובונד צום לעבן. ער האָט זיך אויסגעלערנט מעשאער זײַן, וואָס אין דער גאַס פּאַסירט, לויטן הילך פון די טריט פון די געטריבענע צו דער ארבעט באַגינען, לויטן שאָטן פון די איינצלנע פארבײַגייער באַטאָג, לויט זייער גאַנג און טנועס.

פון הונגער, צי פון דער קרענק, צי פונעם שטענדיקן פּאַכעד, אז אָט־אָט קומען די מאשכיסים און מאכן א סאָף מיט אים, שטילט זיך שוין דער ווייטעקדיקער מישמאַש אין קאָפּ ביכלאַל ניט אײַן. אויך די שטענדיקע שווינדלעניש פאַר די אויגן. דערצו די ביטערע קעלט... דער קראַנקער ציטערט מיטן גאַנצן קערפּער, קאָן זיך ניט דערוואַרעמען, האגאם

4•

ער ציט אַרויף די קאַלדרע איבערן קאָפּ, עס זאָל ניט אין גיוועץ גיין די וואַרעמקייט פונעם אייגענעם אָטעם. נאָר ווען ס'פאַרפעלט אים לופט אָדער דער הוסט נעמט שטיקן, דעקט ער זיך אָפּ אויף אַ רעגע. דעמלט טוט ער אַ וואָרטשע אויף די מײַז, כאַפּט אַ קוק צום פענצטערל.

יאָ, ס'איז סאָף טאָג. שאָטנס פון מענטשן באַוועגן זיך איבער דער פאַרפראָרענער פענצטער־שויב אין דער ריכטונג, וואָס פירט פונעם געטאָ־טויער. מע קערט זיך אום פון דער אַרבעט. באַלד וועט אויך זײַן פרידע קומען... נאָר וואָס איז געשען? די שאָטנס אויף דער שויב נעמען אײַליק זיך גליטשן, לויפן, ביז זיי פאַרשווינדן אינגאַנצן. ס'ווערט שטיל און פוסט אויף דער גאַס — קיין אָפּהילך פון אַ טראָט, קיין שאָטן אויף דער שויב. פּלוצעם שנײַדט דורך די שטילקייט אַ גרילציקער געברום פון אַן אויטאָ. אַ שוואַרצער רועך טראָגט זיך פאַרבײַ דעם פענצטער.

וואָס האָט געקאָנט פּאַסירן? דאָ איז דאָך פאַרבאָטן דער פאַרקער מיט אַ וועלכן־ניט־איז טראַנספּאָרט־מיטל... וואָלט פרידע געקומען!

אויף יענער זײַט פענצטער נעמען זיך ווידער באַווײַזן מענטשלעכע שאָטנס. עס טוט אַ ווייע אָפּן קראַנקן מיט איימע, וואָס פאַרקוועטשט זײַן האַרץ אין אַ קאַלטער, האַרטער פויסט... וואָלט שוין פרידע געקומען! די שכיינים הינטערן ווענטל באַוועגן זיך שוין. קלאָר, אומגעקערט זיך פון דער אַרבעט. און פרידע, זײַן פרוי, דאַפקע זי דאַרף פאַרשפּעטיקן!..

סאָפּקאָלסאָף קומט אויך פרידע. אַן אַרומגעוויקלטע אין שמאַטעס, שפּאַרט זי זיך דורך פאַרסאָפּעט דורך דער טיר, וואַרפט אַראָפּ פון דער פּלייצע אַ גרויסן בונט טרוקענע צווײַגן און זעצט זיך צו אָפּן בענקל, לעבן דעם בעט.

דער קראַנקער קוקט אויף זײַן פרוי, פאָלגט נאָך איר יעטווידע באַווע־גונג.

— פרידע, אַן אויטאָ... — הייבט ער אָן.

ניט ענטפערנדיק אים, נעמט זי פאַנאַנדערבינדן די שמאַטעס, אין וועל־כע זי איז אײַנגעוויקלט.

— אַן אויטאָ אין געטאָ, — כאַזערט איבער דער קראַנקער. — וואָס פאַר אַ צאָרע שוין ווידער?

וואַרטנדיק מיט אומגעדולד אָפּן ענטפער, זעצט ער זיך אויף, נאָר פאַלט באַלד צוריק אויף דעם קישן.

פון אַ פאַרבאָרגענער קעשענע אין אירע שמאַטע־בגאָדים נעמט פרידע אַרויס אַ פּענעץ ברויט און דערלאַנגט דעם קראַנקן:

— ביטע. עס.

— ניין, — שאָקלט דער קראַנקער מיטן קאָפּ. — ס'איז דײַן ברויט. דײַן פּאָרציע. דו'סט פאַרדינט. דײַנס!

— מײַנס, דײַנס. נעם, אָקשן זיך ניט, — זאָגט מילד די פרוי.

— זאָלן עסן די, וואָס דאַרפן לעבן. איך בין שוין אַ מעס. אַ לעבעדי־קער מעס. אַ שיוורע־קיילע, וואָס...

דער הוסט פאַרשטיקט זײַנע ווײַטערדיקע ווערטער.

די פרוי זעצט זיך איבער אפן ראנד פון בעט און מיט א מאָגערער, פארגרעבטער האַנט טוט זי ליבלעך א פודל דעם מאנס לאנג ניט גע־שוירענע הארטע טשופּרינע.

— נו, געגוג, געגוג שוין.

ביידן פריטשמעליעט דער אומגעריכטער געדויש פון א פארבײַ־אײַלנ־דיקן אווטאָ. דאָסמאָל יאָגט ער אין דער ריכטונג צום געטאָ־טויער. ווען דער קראנקער קומט צו־זיך, איז שוין פרידע אוועק פון אים. זי אײַסעקט זיך ארום דעם פּאק צווײַגן. הייצט אײַן דאָס אייוועלע. די טרוקענע צווײַגן צעפלאקערן זיך שנעל, ברענען הילכיק, אונטערקנאקנדיק. זייער פלאם באפארבט רויטלעך די לופט אינעם קעמערל.

דער קראנקער לאָזט ניט אראָפּ די אויגן פון זײַן פרוי.

— פרידע, פרידע, אן אווטאָ אין געטאָ. וואָס זאָל'ס באַטײַטן? — פרעגט ער מיט טאכנונים.

— כ'ווייס ניט. גלייב מיר, כ'ווייס ניט, — פרוווט זי אים בארויִקן. — האָב געדולד. כ'וועל זיך דערוויסן. עס, בעט איך דיך.

דער קראנקער קײַט דאָס ברויט, האָפּנדיק, אז ס'וועט אים אוועקנעמען דעם קאָפּווייטעק, אײַנשטילן דעם הוסט. די אויגן מאכן זיך צו... און ער באמערקט ניט, ווי זײַן פרוי ציט ארויס פונעם בינטל צווײַגן עפּעס א פּעקל, פארשטעקט עס אונטער דער פאטשיילע און שלײַכט זיך ארויס פונעם קעמערל.

פונעם סקריפּ פון דער טיר כאפּט זיך אוף דער קראנקער. ווידער איז ער אליין. און פרידע? פארשוווּנדן און אים גאָרניט געזאָגט. זיך ארויס־געגאנוועט... עפּעס באהאלט זי פון אים אויס. נו, יאָ, א קראנקער מענטש איז ווי א שיוורע־קיילע — ווער מען ברענגט זי נוצן? בלויז א לאסט... און ס'גייט אפילע ניט אָן זײַן פרוי, אז ער איז דער פאָטער פון זייער קינד. עס לעבט דאָך זייער יינגל, לעבט! איז אין זיכערע הענט... די מילכאָמע וועט זיך ענדיקן, און זייער זונעלע וועט זיך אומקערן א פרישער און געזונטער. וועט פרעגן, ווו איז דער טאטע, און וועט ניט וויסן, אז די מאמע האָט דעם טאטן, א קראנקן, צעבראָכענעם, געלאָזן אף העפקער. אין אזא שרעקלעכער רעגע געלאָזן אים — נאָכן באזוך פון אן אווטאָ אין געטאָ... דער פארדראָס אף דער פרוי זײַנער טריקנט אויס דעם גומען, סארפּעט די אויגן. און דער קראנקער ווייסט ניט, ווי־אזוי די סרייפע צו לעשן. ער האָט ניט קיין טרערן צו גיסן אפן פײַער, וואָס פלאקערט אין קאָפּ, אין גאנצן קערפּער. אויסגעגאנגען, אויסגעטריקנט דער טרערן־קוואל. ווער ווייסט, צי עמעצן איז אויסגעקומען צו וויינען אָן טרערן, ווי ער אצינד?.. נאָך גוט, וואָס ער דערהערט א דין פּישטשען, א שארף סקראָבען...

— אָ, געטרײַע מײַנע... אהער, מײַזעלעך! — ער צעפּיצלט דאָס רעשטל ברויט, וואָס איז אים אין האַנט געבליבן, שיט די ברעקלעך אפן דיל.

און הינטערן ווענטל נעמען זיך באַוועגן די שכיינים, שושקען זיך. דער אויער פונעם קראנקן כאפּט אוף אָפּגעריסענע זאצן:

— ס'האָט געפעלט... אויך הײַנט האָט געפעלט די צאָל... ווייניק, צו ווייניק מענטשן אָף דער ארבעט... דער אוטאָ, דער אוטאָ... געקומען, געמאָלדן... אויב מאָרגן וועט פעלן, וועט עס דונערן...

די ברענענדיקע צווײַגן אינעם אײוועלע קנאקן, שטערן זיך צוצוהערן צום געשפּרעך הינטערן װענטל. אָבער דעם קראַנקן ווערט סײַווי קלאָר: עס גייען ניט ארויס אין שטאָט צו דער ארבעט די, וואָס זײַנען מעכויעוו גיין. זיי באהאלטן זיך. ברענגען דערמיט אן אומגליק אף אלעמען. זעגן אונטער די צווײַג, אף וועלכער די געטאָ האלט זיך. זיי פארגעסן, אז באם געטאָ־טויער הענגט א וואָרענענדיקע אופשריפט: „איר לעבט ניט, קעדיי צו ארבעטן, נאָר איר ארבעט, קעדיי צו לעבן!" ס'הייסט, אויב מע וועט ניט ארבעטן... וואָלט שוין פרידע געקומען. זאמט זי זיך ווידער. עפשער ווייסט זי, ווי ס'וועט מאָרגן דונערן? און עפשער, וויסנדיק, אז מאָרגן וועט זײַן ביטער, זוכט זי א רעטונג פאר זיך? עפשער האָט זי עפּעס פארטראכט, וועט זיך באהאלטן. אייניע אליין וועט זי זיך לײַכטער אן אייצע געבן...

ס'איז פינצטער אין קעמערל. אף א וואנט ציטערט א גרויסער רויטער פלעק — דער אָפּשײַן פונעם פײַער אין אײוועלע, — ציטערט, ווי ער וואָלט זיך איבערגעשושקעט מיט דער וואנט... די ארומיקע טונקלקײַט ווערט אלץ געדיכטער, דריקנדיקער... הינטערן ווענטל האלט מען זיך אויך אין איין שושקען. אלע, אלע מיט זייערע סוידעס. קיינער וויל ניט, די קראנקע זאָלן זיך פּלאָנטערן אונטער די פיס... זיי, די געזונטע, גייען ניט צו דער ארבעט, דרייען זיך ארויס פון דער פליכט, און מאָרגן, אז מע וועט כאפּן מענטשן צו די צוואנג־ארבעטן, וועלן לײַדן די פארשלאפטע, די אומגליקלעכע כאלאָיִם. די געזונטע דערצאָרענען די כײַע־ראָע, דעם וואָלף, און לײַדן וועלן די שטילע, אומשולדיקע שעפעלעך. מיט וועלף טאָר מען קיין מאכזאָקעס ניט מאכן... עפשער דארף ער זיך אָנטאָן? טאָמער געפינט מען אים אין בעט, קאָן מען אים אף אָן אָרט דערהאר־געגען. ס'וועט ניט העלפן די צײַגעניש, אז ער איז בעעמעס קראנק און סימולירט ניט, כאָלילע. פרידע, ווו איז זי?

ענדלעך איז זי דאָ. שטיל קומט זי ארײַן, ברעכט אָן צווײַגן, ווארפט זיי אין דעם אויסגייענדיקן אײוועלע און בלאָזט פאנאנדער דאָס קוים זשיפּענדיקע פײַער.

דער קראנקער ווארט, זי זאָל זיך לאָזן הערן. דאָס וועט זײַן דער לעצטער אויספרווו. ער וועט זען, צי זי איז אופריכטיק מיט אים, צי זי זאָגט דעם עמעס. ער ווארט. אָט־אָט, און ס'וועט אים פלאצן דאָס געדולד. א טעמפּער הוסט נעמט שטיקן...

פרידע גייט צו, וויל צורעכט מאכן אונטער אים דאָס קישן.

— אוועק! אוועק! — סאָפּעט ער אָן אופגערעגטער.

— בארויִק זיך, — זאָגט זי געלאסן.

— כ'וועל ניט, ניין! — נעמט ער פאָכען מיט די הענט. — אלע, אלע זײַט איר ערגער... ערגער פון היטלעראָווצעס... זיי זײַנען וועלף. אָבער איר? וועגן דעם אוטאָ דערציילט. האַ? שווײַגסט!

זי ענטפערט ניט. דערלאַנגט אים אַ קוועטל אָנגעוואַרעמטע וואַסער, פאַרזיסט מיט סאַכאַרין.

— טרינק! — און זעצט זיך מיטן אויסגעשטרעקטן קוועטל אַפן ראַנד פון זײַן געלעגער. מיט אַ הייזעריקלעך, אָבער צערטלענדיק קאָל דער־קלערט זי אים, אַז ס'איז ניט קעדײַ זיך אופּרעגן צוליב דעם דאָזיקן אוטאָ. וואָס איז שוין, אויב מע איז געקומען אָנזאָגן, אַז מאָרגן זאָלן ניט פעלן קיין מענטשן אַף דער אַרבעט? ס'איז שוין ניט צום ערשטן מאָל, ווי מע וואָרנט. דאָס איז נעגייע נאָר אַרבעטספּייזקע. קראַנקע דאַרפן ניט מוירע האָבן.

— און דאָס איז גאָר? אַ־אַ־לץ? — צעציט גאַליק דער קראַנקער.

דערפילט דעם מאַנס אומצוטרוי, האַלט פרידע ניט אויס. איר שטים ווערט האַרב, שנײַדיק:

— ווילסט אַלץ וויסן? איז אָט: אויב מאָרגן וועט פעלן די געפאָדערטע צאָל, וועט עס דונערן... אַ היטלעריסטישער דונער... זיי דראָען אַרויס־צופירן די „סימוליאַנטן"...

דעם קראַנקן ווערט אַ קאַפּ לײַכטער. זי זאָגט דעם עמעס, פרידע. איצט גלייבט ער איר. זעצט ער זיך אויף און נעמט שעפּטשען:

— מאָרגן גיי איך אויך צום טויער. צו דער אַרבעט. עס וועט סטײַען קויעך.

— מאָרגן וועלן מיר זײַן צוזאַמען, — ענטפערט זי, אַרופלייגנדיק איר האַנט אַף זײַן ביינערדיקער פּלייצע. — מירן זיך האַלטן איינער לעם צווייטן. מירן גיין, גיין... אָבער ניט צו דער אַרבעט...

עס דערפרייט אים אַזוי, וואָס זײַן פרוי וועט אים ניט לאָזן אַליין, אַז ער דערהערט ניט אירע לעצטע ווערטער. אומזיסט האָט ער זי כווישעד געווען. ער דאַרף איצט בעטן באַ איר מעכילע. כאַפּט ער פון אירע הענט אַרויס דאָס קוועטל און נעמט גיריק זופּן די וואַרעמע, מיט סאַכאַרין פאַרזיסטע וואַסער.

דער הײַנטיקער אָוונט האָטביידן אויסגעזען צו זײַן געמיטלעכער, ווי די אָוונטן פאַר דער לעצטער צײַט, כאָטש פרידע האָט הײַנט, פּונקט ווי נעכטן, ווי אייערנעכטן, זיך אײַנגעמאָסטעט צופוסנס דעם מאַן, און פאַרן אײַנשלאָפן האָבן ביידע, ווי געווייגלעך, דערמאָנט זיך אין זייער בעניאָכיד. די צען יאָר איז ער אַלט געווען, בייס די מילכאָמע איז אויסגעבראָכן. די שול־קאַניקולן האָט ער דעמלט פאַרבראַכט אין אַ פּיאָנערן־לאַגער. זיי, די עלטערן, איז ניט געלונגען אַנטרונען צו ווערן פונעם אומגליק. אָבער די קינדער פונעם פּיאָנערן־לאַגער האָט מען באַוויזן אַרויספירן אין דער טיף פונעם לאַנד... די עלטערן האָבן זיך דערפון דערוווּסט, און דאָס איז אַ גרויסע טרייסט.

שלאָפט אײַן די מוטער, פאַרכאַפּט פון אַ וואַרעם געפיל, אַז איר זונעלע געפינט זיך אין זיכערקײַט, און קיין זאַך שטערט איר איצט ניט צו טאָן דאָס, צו וואָס זי האָט זיך אַנטשלאָסן.

שלאָפט אײַן דער פאָטער מיטן באשלוס מאָרגן פרי ארויסצוגיין צום טויער. מע האָט זיי פארוואנדלט אין קנעכט, אין פארשפארטע, הונגעריקע, רעכטלאָזע קנעכט, באוואכטע פון באגנעטן. ניטאָ קיין אנדער אויסוועג, מע מוז זײַן געהאָרכזאם, פּינקטלעך אויספילן באפעלן. מיט דעם וועט מען עפשער אויסמײַדן איבעריקע נעגישעס, איבעריקע ליידן און קאָרבאָנעס. געווינען צײַט הייסט — זיך דערווארטן די יעשועס... ניין, מאָרגן וועט ער ניט בלײַבן ליגן. די היטלעראָווצעס פארלײַדן ניט קיין קראנקע קנעכט. געפינענדיק אים אין בעט, וועלן זיי אים צעקוועטשן ווי א וואנץ... ער וועט מאָרגן אופשטיין, אומבאדינגט ארויסגיין מיט אלעמען צו דער ארבעט. פרידע וועט אים העלפן. דעריקער איז — דורכגיין דעם טויער. וועט ער ארײַנגערעכנט ווערן אין דער צאָל מענטשן, וואָס די געטאָ מוז צושטעלן, עס זאָל ניט דונערן...

— די געטאָ דארף מען פארהיטן, — נעמט ער מורמלען. — הערסט, פרידע, מיטן טײַוול שפּילט מען זיך ניט... אלע דארפן ארויס צו דער ארבעט. מע דארף גיין צוליב אלעמען, צוליבן קלאל און צוליב אונדזער יינגל, ער זאָל בלײַבן בא טאטע־מאמע...

נאָר די פרוי הערט אים ניט. א פארמאטערטע זויגט זי הילכיק אײַן אין זיך דעם שלאָף, ווי א מעכײַעדיקן געטראנק. עס וועקט זי אפילע ניט אוף די פּלוצעם פארשטארקטע שיסערײַ באם געטאָ־צוים, וואָס זאָגט קיינמאָל ניט אָן קיין גוטס. דער קראנקער קאָן ניט אײַנליגן. וואָלט דער פרימאָרגן זיך שוין אָנגערוקט! אָבער אף יענער זײַט שויב הויערט נאָך אלץ איבער דער וועלט א פעך־שווארצע, דאכט זיך, אייביקע נאכט...

— אופשטיין צו דער ארבעט! אופשטיין!!!

טאָגטעגלעך, באגינען וועקן די געטאָ אזוינע אויסרופן, באגלייטע פון א פּויקערײַ אין די פענצטער, לאָדנס און טירן. דערווארט זיך אף דעם, נעמט דער קראנקער זיך פעדערן: „גאָט צו דאנקען, מע וועקט, מע רופט צו דער ארבעט. דאָס איז א גוטער סימען — צום לעבן!"

— פרידע, שטיי אוף, פרידע! צו דער ארבעט!

פארוואָס האָט זי אים געצויגן, געשלעפּט אין אן אנדער ריכטונג און ניט צום טויער? ווי זאָל מען פארשטיין אירע ווערטער: „מע דארף זיך ניט לאָזן אויסשעכטן, מע דארף שטעלן א ווידערשטאנד"? זי באגרײַפט ניט, אז דאָס קאָן ברענגען נאָך א גרעסערן אומגליק אף אלעמען, נאָך מער בלוט און טרערן... כאָטש ער איז קראנק, פארשטייט ער אויסגעצייכנט די לאגע און וועט זיך ניט לאָזן ארויספירן פון דערעך־האיאָשער...

מיט גוואלד האָט ער זיך אָפּגעשיידט פון פרידען, האגאם זי האָט אים געהאלטן פעסט אונטערן אָרעם. זיך ארויסגעריסן, האָט ער זיך באהאלטן אין עפּעס אן ארײַנגאנג. זײַן פרוי האָט אים געזוכט אין דער פינצטער, גערופן. נאָר ער — קיין פּיפּס ניט. פארהאלטן דעם אָטעם, ביז איר קאָל איז פארלוירן געגאנגען. דאן האָט ער פאמעלעך זיך אוועקגעשלעפּט צום געטאָ־טויער.

א כוישעך, אז מע זעט ניט די מענטשן. מע פילט בלויז דעם שאָרך פון זייערע אָטעמס אין דער שטיַיפער פּראָסטיקער לופט. מע הערט בלויז דעם דומפּן גרילץ פון זייערע טריט אינעם ניט אָפּגעראַמטן שניי. איַילנ־דיק, טוט עמעצער א שטויס דעם קראַנקן.

ער גיט זיך א וואַקל, שפּאַרט זיך אָן אינעם שטעקן, וועלכן ער האָט אף אַלנפאַלס מיטגענומען. ס׳איז גאָרניט. ער וועט הייַנט דורכגיין דעם טויער, אוועקמאַרשירן מיט א בריגאַדע צו דער אַרבעט אין שטאָט אַריַין. דאָס בעסטע וואָלט געווען, ער זאָל אַריַינפאַלן צו די שניי־ראַמער. ער וועט זיך פאַרען דאָרט מיט א לאָפּעטע, וועט באַקומען א פּאַרציע ברויט, א טעלער זופּ. געגנוג צו זיַין אויסגעשטעלט אַפן כעסעד פון אַנדערע מענטשן, מעג עס זיַין די אייגענע פרוי... ווו איז זי, פרידע? וואָס האָט זי פאַרטראַכט? ער האָט אָבער געפילט, די גאַנצע ציַיט געפילט, אַז זי פאַרבאָרגט פון אים עפּעס, טראָגט זיך אַרום מיט א געפערלעכן סאָד. אָ, קינד מיַינס, דיַין מאַמע וועט אַרופּברענגען אָן אומגליק אף אונדזערע קעפּ!

דער קראַנקער באַוועגט זיך, אָנשטרענגענדיק אַלע קויכעס. פון אים און פון נאָך אַזעלכע, וועמען עס גייט אָן דער גוירל פון יאַכיד און פון קלאַל, הענגט אָפּ, צי וועט לעבן די געטאָ אָדער, כאַלילע, אונטערגיין. ס׳איז נאָך וויַיט ביזן טויער? האָט ער ניט פאַרבלאָנדזשעט? ניין. פּאַסמעס העלער שטויב דרינגען דורך די פינצטערניש. עס טוען א בלענד די אויגן די בליץ־לאָמפּן אַפן זאַמל־פּלאַץ.

ער שאַרט זיך צו צו א היַיפל מענער, וועלכע שטייען צונויפגעדרענגט אַפן פאַרשנייטן שטעך. אין זייער געמיינשאַפט האָפט ער זיך צו דער־וואַרעמען, הערן א טרייסט־וואָרט, אָן אָנדיַיט אַפן אויסלייז. שוויַיגן זיי גאָר. דער קראַנקער קוקט זיך אַרום, און ס׳טוט אים א ריס אין האַרצן: ער זעט באַשיַימפּערלעך, אַז היַינט, דאַפקע היַינט קומען זיך צונויף ווייַ־ניקער מענטשן. און דאָס טויג שוין גאָרניט. „ייִדן, איר מאַכט זיך אומ־גליקלעך!" — וויל ער שריַיען. דאָס האַרץ נעמט ווילד פויקן. ער צעהוסט זיך. דער הוסט הילכט אָפּ אין דער פּראָסטיקער לופט, ווי אין א פוסטער פּאַס. דעם קראַנקן האַקן זיך אונטער די פיס: „די וואַכליַיט זאָלן אָקאָרשט ניט דערהערן. כאַלאָים דאַרפן זיי ניט".

עמעצער רוימט אים אַריַין אין אויער:

— וואָס ט׳איַיך, פעטער, אַהער געטראָגן? איר האָט ניט קיין צעטל צו בליַיבן אין דער היים?

דעם צודרינגלעכן כאָכעם וויל דער קראַנקער דערקלערן, אַז א צעטל האָט ער טאַקע יאָ, נאָר היַינט דאַרפן אַלע אויספילן די פליכט פאַר דער געטאָ... שאַ, וואָס הערט ער? וואָס דערזעט ער? פרידע דרייט זיך אַרום צווישן די מענטשן, זוכנדיק, רופנדיק אים באַם נאָמען.

ער פאַרקריכט אַלץ טיפער אינעם אוילעם, באַהאַלט זיך. מיטאַמאָל דערהערן זיך שטרענגע, באַפעלערישע אויסרופן אין דיַיטש, מע זאָל זיך אויסשטעלן צו פיר. אַלע נעמען זיך רירן, באַוועגן. די ליכטער באַם טויער ווערן אומדערטרעגלעך שאַרף, פאַרבלענדן פולשטענדיק. דער

קראנקער ווערט געטראָגן פונעם מענטשן־שטראָם. ער הערט דײַטלעך, ווי מע ציילט די רייען. מע האָט אים ארײַנגערעכנט אין דער אלגעמיינער צאָל. זײַן פליכט האָט ער דערפילט...

ער גייט צו דער ארבעט. אײַנגעקלאמערט אין אָרעם פון דעם פרײַנט־לעכן שאָכן, האָט ער, דאכט זיך, גאנץ ווײַט שוין אוועקגעשפאנט. מע שטעלט זיי אָבער אָפּ. ס׳ווערט א געדראנג, א געפילדער. די רייען צע־מישן זיך. די לופט שפאלטן איינצלנע שאָסן. די וואכלײַט זידלען זיך, שלאָגן, שלאָגן... עמעצער טוט דעם קראנקן א שטופּ. עמעצער שטעלט אים אונטער א פיסל, פארקײַכנדיק זיך דערבײַ פון געלעכטער. איבערן קאָפּ דערלאנגט א זעץ עפּעס א הארטער קעגנשטאנד. אין די אויערן נעמט קלינגען. ער פאלט, אויסצײַענדיק זיך אין דער לענג, מיט אויסגעצ־שטרעקטע הענט. פון מויל טוט אים א פלייץ א זיסלעכע, קלעפּיקע פלי־סיקײַט.

די וואכלײַט כאפּן אָן דעם קראנקן פאר די הענט און פיס, וויגן אים פאנאנדער אין דער לופט, און זײַן לײַכטער, אויסגעטריקנטער גוף פליט ארײַן אין א געדעקטן שווארצן לאסט־אווטאָ...

א צעצאפּלטע האָט זיך פרידע געוואָרפן אין אלע זײַטן, זוכנדיק אין דער פינצטער איר מאן, געהאָפּט אים געפינען אפן באלויכטענעם זאמל־פּלאץ, געוואגט אפילע הויך אויסרופן זײַן נאָמען. ערשט דעמלט, ווען די מענטשן האָבן גענומען זיך רוקן צום טויער, האָט זי באמערקט די קענטלעכע בלויע טוך... מיט איר טוך האָט ער געהאט ארומגעוויקלט דעם קאָפּ... זי האָט זיך גענומען רײַסן צו אים, פאנאנדערשפּארנדיק די מענטשן.

אומזיסט זיך געריסן, אומזיסט אים נאָכגעשרײַען. ער האָט זיך ניט אָפּגערופן: ניט דערהערט, צי געמאכט זיך ניט הערנדיק. אזוי איז ער פארשוווּנדן הינטערן געטאָ־טויער.

איצט האָט פרידע גענומען רודערן קעגן שטראָם, האלטנדיק אין איין מורמלען:

— מענטשן, ווו גייט איר? גייט ניט!

— פארוואָס עפּעס, ליבינקע? — האָט געפרעגט א מאנצבל אין א קורטקע מיט אַן אופגעשטעלטן קראגן.

— גייט ניט, זאָג איך אײַך, גייט ניט!

דערגרייכט א ליידיק געסל, האָט זי גענומען לויפן.

ווי מעלדנדיק דעם אָנקום פון צוגעזאָגטן דונער, האָבן געהילכט אין די נאָך טונקעלע געסלעך שווערע סאָלדאטישע טריט, שנײַדיקע מילי־טערישע באפעלן. די טונקלקײַט האָבן פון צײַט־צו־צײַט אופגעהעלט פּראָזשעקטאָרן, באגלייטע פון א שיסערײַ. מע האָט גלײַך געזען, אז דאָס געיעג אף מענטשן וועט דאָס מאָל זײַן באזונדערס גרויזאם. ניט געקוקט אף אלע דראָונגען, זײַנען געקומען צום טויער ווייניקער מענטשן, ווי

געוויינלעך. זוכט מען מיט געוועור די, וואָס פאָלגן ניט, די, וועלכע ווילן ניט גיין אין שפּאַן.

פרידע איז געלאָפן פון די כאפּער, פון זייערע נאָכיאָגנדיקע פראָ־זשעקטאָרן־ליכטער און קוילן, געלאָפן דורך הינטערהויפן, געקראָכן אי־בער פּלויטן...

— כאַווירים, טײַערע כאַווירים! — איז זי א קוים לעבעדיקע אַרײַנ־געפאלן צו אירע פרײַנט און זיך פאנאנדערגעוויינט.

א ביזאָיען צו וויינען אין אזא רעגע. נאָר ווי באַפעלט מען דאָס האַרץ, ס׳זאָל ניט בלוטיקן? און טײַנעס, טײַנעס צו זיך האָבן צעבויטעט די ווונד אין הארצן. פארוואָס האָט זי ניט געקאָנט איבערצײַגן דעם מאַן, איבער־צײַען אים אַף איר זײַט? עמעס, זי האָט געדארפט האַלטן בעסאָד איר צונויפפרייד מיט די כאַווירים, און דאָך האָט זי ניט איין מאָל אים אָנגע־דײַט, אַף וואָס זי אנטשליסט זיך. נאָר ער האָט ניט געוואָלט פארשטיין... ווו איז ער איצט? פון אָוונט, אויב די ארויסגעגאנגענע „צו דער ארבעט״ וועלן זיך ניט אומקערן, וועט אַלץ זײַן קלאָר...

— פרידע, ס׳איז העכסטע צײַט! — האָט איר דערמאָנט א כאַווער.

זי האָט געכאַפּט איינס פון די צוגעגרייטע שפּיציקע העקלעך, וואָס מע האָט אין געהיים אויסגעשמידט. דאָס הענטל איז געמאכט פון די שטענג־לעך, וועלכע זי האָט נעכטן אַרײַנגעטראָגן אין געטאָ אינעם פעקל צווײַגן. דאָס הענטל האָט א ווארעם געטאָן די דלאָניע.

מיט נאָך צווייען איז פרידע ארופגעקראָכן אַף א בוידעם. וואָס וועט זײַן מיט איר אין א מינוט אָדער צען ארום? זי האָט אָבער געוועור! און וואכן וואכט זי באַם סאַמען ארופגאנג. ווי ס׳זאָל ניט זײַן, וועט מען מיטן העקל קאָנען פלעטן דעם קאָפּ פון אן אָנקומענדיקן היטלערוואָוועץ. נאָר עפּשער, דערשפּירנדיק, אז די פארורטיילטע לאָזן זיך דאָס מאָל ניט פירן, ווי שעפּסן צו דער שכיטע, וועלן די מעכאַבלים האמעוווען זייער ווילדע רעציכע?

זי האָט א שטיקל געוועור, א פּיצל האָפענונג... איר קינד איז ווײַט־ווײַט פונעם ארומיקן קאָשמאַר... און איר מאַן? פארוואָס, פארוואָס איז ער געגאנגען צום טויער? טראכטנדיק וועגן דעם, האָט פרידע נאָך שטאַרקער פארקראַמפּט דאָס הענטל פון איר וואָפן.

# די פּרײַז פון יענעם ברויט




וין עטלעכע טעג, ווי מיר באקומען פּינקטלעך אונדזערע ברויט־פּאַרציעס. מיר קריגן זיי צו דער צײַט און אפילע א ביסל מער, ווי אונדז קומט לויט דער נאָרמע. ווייסט איר, וואָס עס באטײַט א פענעץ ברויט פאר שטענדיק הונגעריקע, דורך שווערער קאטאָרגע־ארבעט אויסגעשעפּטע מענטשן? ברויט — נאָך דעם, ווי מע האָט אונדז דרײַ מעסלעס נאָכאנאנד געהאלטן אף א ביסל אָפּגעקאָכטע קרויטבלעטער! און איצט האָט מען צו דער פולער פּאַרציע ברויט נאָך צוגעוואָרפן א שטיקל פערדנפלייש, א מעסטל קארטאָפל, עטלעכע בורעקעס...

וועלכע האשאָרעס זײַנען ניט ארויסגעזאָגט געוואָרן אין שײַכעס דערמיט!

— מע נעמט זיך אָן אונדזער קריוודע.

— דער אינטערנאציאָנאלער „רויטער קרייץ” האָט זיך ארײַנגעמישט.

— נאָך זײַן פינצטערער מאפּאָלע בא מאָסקווע הייבט היטלער אָן מוירע האָבן פאר פאראנטוואָרטלעכקײַט...

אזוינע און צענדליקער אנדערע מיינונגען האָבן זיך געלאָזט הערן. און ווייניק ווער עס האָט געוווּסט די עמעסע סיבע, פארוואָס די געטאָ־אסירים האָבן פּלוצעם גענומען קריגן זייערע גענוג נעבעכדיקע, אָבער דאָך פולע נאָרמעס שפּײַז־פּראָדוקטן. ווייניק ווער עס האָט געוווּסט, אז קיין שום הויך־פּאָליטיק האָט דאָ ניט געשפּילט די מינדסטע ראָל, און אז דאָס שטייט גאָר אין צוזאמענהאנג דערמיט, וואָס פון געטאָ איז פארשווּנדן דער פרויען־דאָקטער ז.

לאָמיר דאָ פּרווּון אופשטעלן דעם דאָזיקן צוזאמענהאנג.

מיר וועלן זיך ניט פארהאלטן אף די אינטימע באציִונגען פונעם שפּײַז־אינטענדאנט, דעם אזויגערופענעם „פארפלעגונגס־מײַסטער” גיונטער קוואטשקע מיט זײַן סעקרעטארן קאטרין ראו. וואָס איז דער ווונדער?

זינט עס עקזיסטירן שעפן און כיינעוודיקע סעקרעטארנס, אזוי לאנג ווייסט די געשיכטע צו דערציילן פון קעגנזייטיקע סימפּאַטיע־פעדעם, וועלכע נעמען זיך וועבן אין זייערע הערצער, ווארפן זיך אריבער פון איין הארץ צום צווייטן, קניפּן זיך צונויף איינער מיטן אנדערן, פארפּלאָנטערן זיך אָפּטמאָל...

איז וואָס, אז עס גייט מילכאָמע, אז דעם פיורערס ארמייען זיינען געבליבן שטעקן אין קלעם פונעם רוסישן ווינטער? דעריבער טאָר שוין בא די דייטשישע מיליטערלייט אינעם הינטערלאנד ניט בלייבן קיין אָרט פאר געפילן און נאָרמאלע מענטשלעכע אינסטינקטן? גיונטער קוואטשקען איז געווען באשערט צו בלייבן ווייט פון פראָנט, ווייט פון טויט־געפארן און דערצו פארנעמען א כאָשעוון פּאָסטן. ס'איז ניט זיין שולד, וואָס ער האָט מאזל און קאָן קריגס־צייט האָבן צו טאָן מיט גרויסע פּאָדריאַדן שפּייז־פּראָדוקטן. ער איז, פארשטייט זיך, צופרידן און זעט, אז זיינע שעפן זאָלן אויך בלייבן צופרידן פון זייער אונטערגעאָרדנטן. ער צווינגט זיי ניט לאנג ווארטן אף א פלאש עכטן קאָניאַק, א שאכטל האוואנער ציגארן אָדער א פלאקאָן פראנצויזישן פּארפום. די שעפן זיינע באקומען קעסיידער בריוולעך פון דער היים, אין וועלכע מע גיט זיי צו וויסן, אז דאָס פּעקל כאזערפעטס, פּוטער אָדער די געפּעקלטע געגנדז „זיינען דערהאלטן געוואָרן אין בעסטער אָרדענונג". און אויב אים קלעקט דאָס אַלץ פאר זייטיקע מענטשן, וואָס איז דאן דער וווּנדער, אז ער, קוואטשקע, ווייזט ארויס אופמערקזאמקייט צו זיין כיינעוודיק־זיסער סעקרעטארן, קאָמבינירט אויס פאר איר צירונג, טייערע קליידער און פּעלצן...

נאָר דאָס אַלץ איז אגעוור־אורכע, אזוי צו זאָגן — פארביי־גייענדיק. קיין דירעקטע שייכעס צו אונדזער דערציילונג האָט עס ניט. א דירעקטע שייכעס האָט געהאט דער צארטער גלעט פון די ווארעמע פרויען־פינגער, וואָס קוואטשקע האָט פלוצעם דערפילט אפן הוילן נאקן. דעם צארטן גלעט האָט באגלייט א זיס געפליסטער פון אָנגעפארבטע פולבלעכע ליפּן, גנייוויש צוגעדריקטע צו זיין אויער:

— גיוני, וועסט ווערן א פּאפּא...

קוואטשקע האָט זיך אָנגעשפּיצט. א פיינע געשיכטע, אפּסניי ווערן... אין מיזרעך־פּרייסן האָט ער איבערגעלאָזט א געזעצלעכע פרוי מיט צוויי פלאקס־בלאָנדע ייִנגלעך.

— וואָס ביסטו אזוי אופגערעגט, גיוני? איך שווער, ס'איז פון דיר און נאָר פון דיר...

די סעקרעטארן האָט זיך טויע געווען. דעם „פארפלעגונגס־מייסטער" האָט עס א הייב געטאָן, ניט ווייל אים האָט עפּעס אומאָנגענעמס איבער־ראשט. ער איז ניט געווען פון די, וועלכע ערגערן זיך, נעמען זיך שטארק צום הארצן. ער איז אופגעשטאנען, קעדיי זיך צו באפרייען פון דער ווארעמער פרויען־האנט, וואָס איז אים איצט געלעגן אפן נאקן, ווי אַן איבעריקע לאסט.

גיונטער קוואטשקע איז געווען הויך, ברייטפּלייציק, גוט אָפּגעפּיטערט. דער דיל האָט אַזש אַ קרעכץ געטאָן אונטער זײַן שווערן קערפּער. ער האָט פון אויבן אַראָפּ באַטראַכט זײַן סעקרעטאַרן, וואָס האָט, ווי אַ פאַר־שולדיקט קעצל, זיך צונויפגעצויגן, צילנדיק אין אים דעם דורכדרינגלעכן גלאַנץ פון אירע גרין־גרויע אויגן. אָנגענומען זי פאַרן קין, אויפגעהויבן מיט אַ שאַרפער באַוועגונג איר העל פּענעמל, האָט ער צו וויסן געגעבן:

— קיטי, דאָס וועט קיינמאָל ניט געשען! איך וועל עס שוין באַזאָרגן!

געזאָגט, און אַ גוטמוטיקער שמייכל האָט פאַרגאָסן זײַן פליישיק פּאָ־נעם, אין וועלכן עס זײַנען אינגאַנצן אײַנגעזונקען געוואָרן זײַנע אַזוי אויך טיף אַרײַנגעזעצטע וואַסערדיקע אייגלעך. פון די דינע טרוקענע ליפּן איז פאַרשוווּנדן דאָס לעצטע ביסל בלוט. אויס ליפּן, אויס געזיכט־שטריכן. אַ גלאַנציקע הויט האָט שטײַף אַרומגעצויגן קוואַטשקעס פּאָנעם, דעם גלאַט געגאָלטן שאַרבן. אויסגעטיילט האָט זיך בלויז די פולבלעכע רונדע נאָז.

קוואַטשקע איז קיינמאָל ניט געווען באַריידעוודיק. ער האָט זיך ניט געריִמט מיט זײַן מאַכט און זײַנע מעגלעכקײַטן. נאָר אַז ער פלעגט שוין מעלדן, וואָס ער האָט בעדייע צו טאָן, האָט מען געמעגט זיך פאַרלאָזן: עס איז פעסט, ווי צוגעטשוועקלט. ער פלעגט זײַנע באַשלוסן פאַרווירק־לעכן, ווײַל מעגלעכקײַטן האָט ער בעעמעס פאַרמאָגט גאָר גרויסע. אַ קלייניקײַט, מילכאָמע־צײַט, ווען אַלע זיצן אויף שפּײַז־קאַרטלעך, איז ער אַ באַלעבאָס איבער ברויט, פעטס, גרינוואַרג, צוקער... ער פאַרטיילט שפּײַז אויך די לאַגערן פאַר קריגסגעפאַנגענע, דער געטאָ. ווער וועגט, ווער מעסט און ווער פון די פאַרשפּאַרטע וועט וואַגן אים צו קאָנטראָלירן? טוט ער, וואָס ער האַלט פאַר נייטיק.

איצט דאַרפן מיר ווענדן די אויפמערקזאַמקײַט אויף דער צווייטער הויפּט־פיגור פון אונדזער דערציילונג. מיר טרעפן אים, דעם דאָקטער ז., אינעם בײַדל אויפן פעלד, ווו עס ווערן דורכגעפירט ערד־ און בעטאָן־אַרבעטן. דאָס בײַדל, צונויפגעקלאַפּט פון ניט קיין געטעסעטע ברעטער, איז באַשטימט אויף צו האַלטן דאָרט די אַרבעט־מאַכשירים. דער דאָקטער ברענגט אָבער אַהער אויך די פאַרווונדעטע אָדער שלאָף־געוואָרענע צוואַנג־אַרבעטער, וועלכע נייטיקן זיך אין דרינגענדיקער מעדיצינישער הילף.

בײַס די טיר פונעם בײַדל האָט זיך אויפגעריסן און אויף דער שוועל איז אויסגעוואַקסן דער „פאַרפלעגונגס־מײַסטער", האָט דער דאָקטער זיך געוואָרעמט באַם בלעכענעם אייוועלע, האַלטנדיק בײדע הענט אויסגע־שטרעקט צום צעעפנטן טירל. דאָס פײַער האָט מיט אַ בלוט־רויטן אָפּשײַן אַרומגעזוימט דעם ווײַסן באַנט מיטן רויטן קרייץ אויפן דאָקטערס אַרבל.

דערזען דעם קרייץ, איז קוואַטשקען געווען קלאָר, אַז ער האָט גע־פּאַקט דעם, וועמען ער זוכט.

דער דאָקטער און די עטלעכע אנדערע אָנוועזנדיקע זײַנען אופגעשפּרונגען פון די ערטער, אראָפּגעכאַפּט די היטלען און זיך אויסגעצויגן. דער דײַטש האָט אָן ווערטער, מיט א ווונק, ווי צו הינט, געגעבן א צייכן אלעמען, אויסער דעם דאָקטער, זיך אָפּצוטראָגן פונדאנען, און אליין ארײַן אין בײַדל, צוקלאפּנדיק הינטער זיך די טיר.

— ביסטו עס דער פרויען־ארצט? — האָט קוואטשקע מיט כשאד באקוקט דעם קליינוווקסיקן מאנצבל מיטן פארגרעבטן, טונקלהויטיקן פּאָנעם און צעפּאטלטער טשופּרינע שווארצע האָר. — ביסטו עס? איך האָב געהערט פון דײַנע ברידער, וועלכע ארבעטן דאָ... אָ, זיי לויבן דיך, ווי דעם בעסטן ספּעציאַליסט אין שטאָט. און אזא האָב איך בייטיק.

— איצט פארנעם איך זיך ניט מיט גינעקאָלאָגיע, — האַט דער דאָקטער געענטפערט אין א גוטן דײַטש. — איר אליין האַט פארבאָטן.

קוואטשקע האָט זיך געמאכט ניט הערנדיק. ער האָט וווליונגעריש זיך אנידערגעזעצט, רײַטנדיק אַף א בענקל, און בעקיוון געלאָזט דעם דאָקטער שטיין מיטן היטל אין האנט, קעדיי צו אונטערשטרײַכן יענעמס מינדערווערטיקײַט און רעכטלאָזיקײַט.

— דאָס, וואָס דו פארנעמסט זיך ניט מיט דער ספּעציאַליטעט דײַנער, האָט ניט קיין באדײַטונג. פאר א האלב יאָר צי עפּעס מער פארגעסט מען ניט אזוינע זאכן. איך, ווען ס'איז געווען דערלויבט, האַב שטענדיק גענוצט נאָר ייִדישע ערצטע. איך האלט שטארק פון זיי. זאַגאר הײַנט־צום־טאָג...

אין קעגנזאץ צום בוכשטעבלעכן באטײַט פון זײַן פאמיליע־נאָמען, האָט קוואטשקע פײַנט געהאט א סאך צו פּלאפּלען. ס'האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט דורך זײַן שפּאָרעוודיקײַט אין רייד געוואָלט אלעמען דערווײַזן, אז ער טראָגט אזא נאָמען צוליב א נארישן צופאל. אויך מיטן דאָקטער האָט ער געמאכט בעקיצער, אים דערקלערט, אז ער דארף האָבן זײַן הילף צו „באזײַטיקן די מיספארשטענדעניש, וואָס האָט זיך באקומען בא א דאמע דורך אירע באציִונגען מיט א מאנצבל".

דער דאָקטער איז אויך ניט געווען באריידעוודיק. ער האָט אָן לאנגע שיִעס, ניט אכטנדיק, ווער סע ווענדט זיך צו אים, אָפּגעענטפערט קורץ און שארף, אז דאָס קאָן גאָר ניט קומען אין באטראכט.

קוואטשקע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט געדולדיקײַט. אויך דאָס מאָל איז אים שווער געווען צו דערצאָרענען, כאָטש אַף דער כוצפּעדיקער אומגעהאָרכזאמקײַט פונעם ייִדן האָט ער געהאט די פולע רעכט שארף צו רעאגירן.

— אלזאָ, באטראכט זיך ביז מאָרגן, — האָט ער, אופשטייענדיק, רויִק פארענדיקט דעם געשפּרעך. — מאָרגן קום איך ווידער. איך וויל נאָר אונטערשטרײַכן, אז די דערנערונג פון דער געטאָ ליגט אין מײַנע הענט.

און שוין דעם זעלבן טאָג האָט געפעלט אין יעדער ברויט־פּאַרציע פון

די געטאָ־אסירים עפשער א העלפט וואָג, און דערצו נאָך איז דאָס ברויט געווען פארשימלט.

„איז עס שוין א נאָכווייעניש פון זײַן הײַנטיקער באקאנטשאפט?" — האָט דער דאָקטער איבערגעטראכט און איז געקומען צום אויספיר, אז אזוי איז עס טאקע. צי קאָן ער אָבער, צי מעג ער העלפן היטלעראָווצעס? פון מאָראלישן שטאנדפונקט וואָלט עס געווען א כאזערײַ, פון ריין פערזענ־לעכן — א מעשוגאאס זיך ארײַנצולאָזן מיטן דײַטש אין גליטשיקע איניאָנים. ניין, ער וועט אים ניט פאָלגן, ניט העלפן, ניט טאָן קיין טויווע...

אף מאָרגן האָט באם דאָקטער זיך נאָך מער געשטארקט די איבערצײַ־גונג, אז די פלוצעמדיקע פארערגערונג פון דער אזוי שוין בידנער באַ־שפײַזונג איז א רעזולטאט פון זײַן אײַנגעשפארטקײַט. פונדעסטוועגן האָט ער דעם „פארפלעגונגס־מײַסטער", וואָס האָט זיך מאטריִעד געווען צו קו־מען נאָכן ענטפער אף זײַן נעכטיקער אופאָדערונג, בייזלעך דער־קלערט:

— ערשטנס, האָב איך ניט קיין אינסטרומענטן... און דערלויבט מיר צו ריידן אָפן: עפשער ווער איך פראָוואָצירט? כ'ווייס, יעדן איז פארבאָטן צו געבן הילף אריִער. און דאָס נאָך — אזא הילף... כ'ווייס, אײַערע געזעצן פארבאָטן שטרענג, זייער שטרענג אזוינע אָפעראציעס...

ווי נעכטן, איז קוואטשקע געזעסן רײַטנדיק אפן בענקל, די פאָלעס פון גרינעם לעדערנעם מאנטל האָבן געגרייכט דעם דיל. דאָס שטײַפע אוני־פאָרם־היטל איז געווען פאריסן אף אויבן מער, ווי אלעמאָל, און פון זײַן פּאָנעם איז אלץ ניט אראָפּ די שמאלציקע מינע. אָנשרײַען אפן דאָקטער, אָנשרעקן אים האָט ער ניט געוואָלט, עס ניט געהאלטן פאר צוועקמעסיק. האָט ער, אופהייבנדיק זיך, געלאסן, ווייך געלאָזט וויסן דעם קליינוווקסיקן אײַנגעשפארטן מענטשל:

— אלזאָ, איך וועל מיט דיר זיך ניט אמפערן, ניט אָנווענדן קיין גע־וואלט. איך וויל דיר נאָר זאָגן, אז ווען דו וועסט זיך אנטשליסן, וועסטו זיך לאָזן פון אונדזערן א פּאָסטן פירן דירעקט צו מיר אין דער אמט־שטוב. בעסער גלײַך אינדערפרי, וועט בלײַבן אין אונדזער דיספּאָזיציע דער גאנצער טאָג. כ'פארשפּאָר דיך צו וואָרענען, אז איך האָב ליב ראיע־לע ארבעט, ווייניק טומל און ס'זאָל שטרענג אָפּגעהיט ווערן די מעדי־ציניִשע געהיימניס. אף יִדן פארלאָז איך זיך. און איך וועל שוין די געטאָ ניט פארגעסן. כ'וועל זאָגאר צוווארפן אײַך עטוואָס צוגאָבלעכע שפּײַז. וואָס איך קאָן, וועסטו זען. נו, גענוג, איך האָב פּײַנט פיל צו קוואטשן.

וואָס קוואטשקע איז געווען בעקויעך צו טאָן, האָט די געטאָ באלד דער־פילט: דרײַ טעג אָן א ביסן ברויט, אף א מוטנער פליסיקײַט מיט ארומ־שווימענדיקע קרויטבלעטער...

אוועק זײַנען דרײַ טעג, דרײַ קורצע, כמורע ווינטער־טעג, דרײַ אומענד־לעך לאנגע, קאָשמארפולע ווינטער־נעכט. די געטאָ־אסירים האָבן זיך גע־קאָרטשעט אין הונגער־ווייען. קינדער האָבן מאמעש געצאנקט אף די אויגן.

אפן פערטן טאָג, גאנצפרי, ווי נאָר ער איז געקומען אפן ארבעטפלאַץ, האָט דער דאָקטער געלאָזט זיך אוועקפירן צום „פארפלעגונגס־מײַסטער״. מיט א רענצל נייטיקסטע מאכשירים און מעדיקאמענטן אין האנט, די בע־גאָדים, אף וויפל מעגלעך, — אויסגערייניקט, די שיך — אָפּגעפוצט, איז ער געשטאנען אנטקעגן דעם דײַטש, וואָס איז צעשמאָלצן געוואָרן פון צו־פרידנקײַט.

— אזוי, אזוי, פײַן, זייער פײַן. מיר דארפן דאָס מאכן זייער דיס־קרעט, — איז קוואטשקע, באנעצנדיק מיטן שפיץ צונג זײַנע דינע ליפּעלעך, גלײַך צוגעטראָטן צום איניען. — די שטאָט קענסטו?

— דאָ געבוירן, דאָ לעב איך אלע מײַנע דרײַ און פערציק יאָר.

— אלזאָ, פײַן, גוט, אויסגעצייכנט. באלד גיב איך דיר גענוי אָן דעם אדרעס. דאָרט ווארט שוין דער פּאציִענט. איך האָב געוווסט, אז דו וועסט קומען. און, פארשטייט זיך, גיין ווסטו אָן באוואכונג און אָן דעם שײַס־דרעק.

קוואטשקע איז צוגעגאנגען און גענומען אָפּרײַסן דעם צוגענייטן שאנד־צייכן פונעם דאָקטערס רוקן.

דער דאָקטער איז געשטאנען אָפּהענטיק, מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ און אויסגעזען נאָך קלענער, ווי ער איז.

— וואָס וואַרטסטו? — האָט קוואטשקע אופגעהויבן די שטים. — דאָס שײַסדרעק פון דער ברוסט ווסטו זײַן אזוי גוט אליין אראָפּנעמען.

— מע קאָן מיך פארהאלטן. איך זע אויס טיפּיש... און אָן די צייכנס, אויב מע וועט מיך פארהאלטן...

— ביסטו געגאנגען שאכערן, אײַנהאנדלען ברויט בא ספעקוליאנטן. דאָס איז אן אָפּטע דערשײַנונג. ווייניק אײַערע טוען עס און פאלן ארײַן? זײַ רויִק, אין א נויטפאל וועל איך דיר העלפן. דיר, דײַנע פאמיליע־אָנגע־העריקע... האָסטו זיי נאָך?

— א פרוי. צוויי קינדער.

— נא, זעסט, האָסט פאר וועמען צו לעבן און צו זאָרגן. זײַ רויִק, איך וועל ניט בלײַבן שולדיק, וועל דײַן געפעליקײַט פארגיטיקן. זע נאָר...

באקוועם אײַנגעמאָסטעט זיך אינעם פּאָטעל בא זײַן שרײַבטיש, האָט קוואטשקע דרײַ מאָל א פּאטש געטאָן מיט די הענט און אויסגערופן:

— ווערנער!

ס'האָט אופגעפראלט איינע פון די פיל טירן אינעם געראמען קאבינעט, און צום „פארפלעגונגס־מײַסטער״ איז צוגעגאנגען א יונג סאָלדאטל. בלײַבנדיק שטיין פאר אים, די הענט צוגעפּלאטשט צו די זײַטן, האָט ער א קנאק געטאָן מיט די אָפּצאסן און אויסגערופן:

— צום באפעל!

— וואָס איז דאָרט מיט דער שפּײַז־פארזאָרגונג פון געטאָ? — האָט קוואטשקע, אן ערנסט פארטראכטער, ארויסגעזײַט. — זיי באקומען עפּעס ניט די פולע נאָרמע, און דאָס ברויט, זאָגט מען, איז פארשימלט. ניט גוט אזוי... ווי ס'איז באשטימט, אזוי דארף פארטיילט ווערן. דערצו איז איצט

ווינטער. דער מענטש נייטיקט זיך אין מער קאלאָריעס. גיט זיי ארויס, וואָס זיי קומט פערדנפלייש, קארטאָפל, בורעקעס...

ווען דער סאָלדאט האָט ווידער אויסגערופן „צום באפעל" און אפּן ווונק פון זײַן שעף זיך אָפּגעטראָגן, האָט קוואטשקע, פארגלאָצנדיק די אויגן, געזאָגט צום דאָקטער:

— זעסט, איך האלט וואָרט.

אונטערן קעפּל „די פּרעכהײַט פון א ייִדישן אונטערמענטש" האָט אף מאָרגן זיך באוויזן אין דער אָרטיקער טאָג־צײַטונג פאָלגנדיקע אינפאָר־מאַציע:

„נעכטן פארנאכט איז אינמיטן גאס דערשאָסן געוואָרן א ייִדישער אונטערמענטש, וואָס האָט זיך געהאט ארויסגעגאנוועט פון געטאָ אָן די געלע צייכנס און זיך ארומגעשלעפּט איבער דער שטאָט, באטרעטנדיק די טראָטוארן. באם פארשולדיקטן איז געפונען געוואָרן זײַן קען־קארטע, וועלכע האָט פעסטגעשטעלט די פּערסאָנאליע פונעם ייִדן און זײַן דאָק־טער־בארוף. אין זײַן טעקע האָט ער געהאט גינעקאָלאָגישע אינסטרו־מענטן. די לעצטע זאָגן אײדעס, אז זייער באזיצער האָט אין געהיים זיך באשעפטיקט מיטן דורכפירן אבאָרטן בא דער אומבאוווסטזיניקער בא־פעלקערונג. דער וואכזאמער דײַטשישער אָפיצער הער גיונטער קוואטש־קע האָט פארהאלטן דעם דאָזיקן פארברעכער און אים ליקווידירט באם פּרוּוו צו אנטלויפן. אזוי דארף געהאנדלט ווערן: אנטשיידן, שטרענג, אָן מיטלײַד! עס איז נאָר צו באוווּנדערן, וואָס דער יודע, וועלכער האָט אויסגעזען ווי א טיפּישער פאָרשטייער פון זײַן ראסע, איז אף זײַנע גענג איבער דער שטאָט ביז איצט ניט פארהאלטן געוואָרן דורך די פּאטריאָטיש געשטימטע און פאָטערלאנדס־טרײַע בירגער".

וועגן דעם, אז די געסטאפּאָ האָט ארויסגעפירט פון געטאָ און אומגע־בראכט דעם דאָקטערס מישפּאָכע אלס שטראָף פארן „פארברעכן פונעם פאמיליע־הויפּט", האָט די פּרעסע פארשוויגן.

דער אײנציקער אײדעס פון קוואטשקעס און פרײַלן קאטרין ראוס גע־מיינזאמען סאָד איז ליקווידירט געוואָרן. דער „פארפלעגונגס־מײַסטער" האָט אָן איבעריק מאָל דערוויזן זײַן סעקרעטארן, אז מע קאָן זיך אף אים פארלאָזן. די אומאָנגענעמע געשיכטע איז אראָפּ בא זיי ביידן פון דער טאָג־אָרדענונג, ווי ניט געווען.

און כאָטש א וואָרט, וואָס ווערט געגעבן ייִדן, זײַנען דעם פיורערס מי־ליטערלײַט ניט מעכויעוו צו האלטן, האָט קוואטשקע אין דעם פאל אָפּגע־וויכן פונעם קלאל. עמעס, דאָ איז ניט געגאנגען אינעם צוזאָג. ער האָט אָפּגעדאנקט דער האזשגאָכע פארן כעסעד, וואָס זי טוט און וועט נאָך טאָן מיט אים, דעמאָנסטרירנדיק עכטן ריטערלעכן גרויסמוט: א גאנצע וואָך פינקטלעך ארויסגעגעבן דער געטאָ שפּײַז. מער נאָך — צוגעוואָרפן די אויסגעהונגערטע מענטשן הינטערן צוים עטלעכע הונדערט איבעריקע לעב־

לעך ברויט. אייגנטלעך האָט ער פּאַשעט אומגעקערט א טייל פון דעם, וואָס ער האָט פריִער ניט דערגעבן און שוין געהאט צוגעגרייט אָפּצוזעצן אפן שווארצן מארק.

שוין עטלעכע טעג, ווי מיר באקומען פול אונדזער נעבעכדיקע שפּײַז־נאָרמע. מיר קריגן אפילע גרעסערע, ווי אונדז קומט, ברויט־פּאָרציעס. אין שײַכעס דערמיט האָט ווער־ניט־ווער גענומען זיך מאכן איליוזיעס, בויען אָפּטימיסטישע פּראָגנאָזן. און נאָר די געציילטע מענטשן, ווּעמען דער דאָקטער ז. האָט געהאט פּארטרויט זײַן סאָד פארן ארויסגיין צום לעצטן מאָל אין שטאָט אף ארבעט און וועלכע ער האָט געבעטן ניט צו פארלאָזן זײַן מישפּאָכע, נאָר זיי האָבן געוווּסט די עמעסע פּרײַז פונעם דאָזיקן ברויט.

# זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט



ייערע בליקן האָבן זיך באגעגנט. איר בליק האָט זי באלד צוריקגעכאפּט, פארזשמורענדיק די אויגן. נאָר ס'איז געווען צו שפּעט.

אין א שווארצער אוניפאָרם, מיט א זילבער־נעם שארבן אפן שווארצן, שטײַף־פאריסענעם היטל, האָט ער ווי א ניטגוטער זיך ארײַנגעגער־שניטן אינעם מענטשן־געזעמל באם געטאָ־טויער. די, וואָס זײַנען אים געשטאנען אין וועג, האָבן אָפּגעפּראלט אין א זײַט. בלויז זי אליין איז געבליבן טאָרטשען אפן ברוק, וועלכן די אונטערגייענדיקע זון האָט פארצויגן מיט א פורפורנעם אָפּגלאנץ.

מיטן הענטל פון זײַן סטעק האָט ער א הייב געטאָן איר קין, פאר־וואָרפן איר פּאָנעם, און זייערע בליקן האָבן זיך ווידער באגעגנט. נאָר אירע אויגן זײַנען איצט געווען גלעזערנע, ווי בא א מעס.

— דאכט זיך, א באקאנטע, — האָט ער, אראָפּרײַסנדיק איר קאָפּ־טיכל, א שמייכל געטאָן, און זײַן אויסגעצויגן פארגליווערט פּאָנעם האָט אופגעלעבט.

ער האָט זי דערקענט. זי אים — אוואדע. זײַן ווענדונג אין דײַטש האָט זי ניט פארשטאנען, בלויז געפילט, אז אזוי מוז ריידן דער טויט.

איצט האָט ער דאָס הענטל פונעם סטעק ארײַנגעשטויסן אין דעם זעקסעקיקן געלן שטערן, וואָס איז געווען צוגעשפּיליעט צו איר קלייד אין דער הארץ־געגנט. דערשפּירנדיק די שטײַפקײַט פון דער יונגער מיידלשער ברוסט, האָט זײַן בלוט אופגעקאָכט. האָט ער דאָס הענטל פונעם סטעק אלץ שטארקער אָנגעשפּארט אינעם געלן שטערן, אין דעם מיידלס ברוסט, אין איר הארץ... אזא צופאל! אזא ווונדערלעכער צופאל!

דאָס מיידל איז אָפּגעטראָטן אויף היגטערוווּילעכס. די מענטשן, אויף טויט דערשראָקענע, האָבן געמאכט פאר ביידן א דורכגאנג. אזוי האָט ער זי צוגעשטופּט צום וואכשטיבל באם געטאָ־טויער און זי אריינגעשטופּט אהין.

— א ליטווינערן און קריכט אין געטאָ?! — האָט ער גיפטיק ארויסגעצישט.

זי האָט ניט פארשטאנען, וואָס ער זאָגט, גאָר קיין אכט ניט געלייגט אויף זיינע רייד. נאָר אירע אויגן זיינען געוואָרן אויס גלעזערנע און גענומען עפּעס זוכן, זוכן אזוינס, וואָס זאָל אָנדייטן אויף אן אויסוועג, וואָס זאָל צוזאָגן א שטיקל רעטונג. אין דעם דושנעם, שטארק אָנגערייכערטן צימערל האָט זי דערזען עטלעכע מענער, געקליידטע אין טונקל־גרינע היטלעריסטישע און אין געלבלעך־גרינע אמאָליקע ליטווישע מיליטערישע אוניפאָרמעס, וועלכע זיינען געווען פארטאָן אין קאָרטנשפּיל. ווען דער שווארץ־אוניפאָרמירטער איז אריין, זיינען זיי אופגעשפּרונגען און אים באגריסט מיט אופגעהויבענע רעכטע הענט און מיטן אויסגעשריי „הײַלן!".

אזא צופאל! אזא שווידערלעכער צופאל! אויף אלץ האָט זי זיך געקאָנט ריכטן, נאָר ניט אויף דעם, וואָס מיט איר איז איצט געשען. צוליב אירע שווארצע געקרײַזלטע האָר, דער טונקעלער הויט פון פּאָנעם און די גרויסע שווארצע אויגן איז זי צוויי מאָל אריינגעפאלן אין זיינע לאפּעס און ביידע מאָל בעשאָלעם זיך ארויסגעגליטשט אויף דער פרײַ. אך, ווען זי הייבט ניט אוף אירע בײַגעריקע אויגן. ווען ס׳וואָלט ניט געווען אזא לויטערער זומער־פארנאכט...

דער שווארץ־אוניפאָרמירטער האָט א ווונק געטאָן צו איינעם פון די וואכלײַט מיט שליפעס פון אן אונטער־אָפיצער:

— דאָלמעטשער, דערוויס זיך בא איר, ווּעמען זוכט זי אין געטאָ?

דער איבערזעצער, גרייט צו דינען דעם געסטאפּאָ־פונקציאָנער, האָט זיך פארוווּנדערט: „וווּהין זאָל נאָך דער ארבעט א ייִדישקע גיין אויף נאכטלעגער, אויב ניט אין געטאָ?"

— ווונדער זיך ניט, דאָלמעטשער, ס׳איז דײַנע א בלוט־גענאָסן, א ליטווינערן, — האָט דער געסטאפּאָוועץ, באטאָנענדיק דאָס וואָרט „ליטווינערן", א צופרידענער אוועקגעזעצט זיך באם טישל, אָפּגעשארט אין א זײַט די צעוואָרפענע קאָרטן, און א שטראָם ווערטער, ווי ארויסגעשלײַדערטע פון א קוילנוואָרפער, האָט גענומען אויסשטעפּן די געשיכטע מיטן דאָזיקן מיידל, וואָס איז צוויי מאָל (יאָ, צוויי מאָל!) פארהאלטן געוואָרן אין שטאָט צוליבן פארדאכט, אז זי איז אנטלאָפן פון געטאָ. צוויי מאָל האָט מען זי געבראכט צו אים אין אנשטאלט. ער האָט זי דורכגעלויכטן, ווי מיט רענטגען־שטראלן, וואָס האָבן ניט איבערגעלאָזט קיין פארבאָרגן ווינקעלע אין איר לײַב־און־לעבן. און ס׳האָט זיך באקומען, אז זי איז טאקע די, פאר וועלכע זי גילט אין אירע דאָקומענטן.

— טאָ וואָס זוכט זי אין געטאָ? — האָט דער איבערזעצער הויך אויסגעדריקט זײַן שטוינונג.

— דאָס וועלן מיר דאַרפֿן פֿעסטשטעלן, און זאָפּאַרט! — האָט דער גע־סטאַפּאָוועץ פֿאַרענדיקט, אַרויסגענומען אַ סיגאַרעט פֿון זײַן גלאַנציקן פּאַרטסיגאַר, אָנגעצונדן אים, אַ קנאַק טוענדיק מיט דער צינד־מאַשינקע, און טיף אַרײַנגעצויגן דעם רויך.

דער איבערזעצער, פֿילנדיק, אַז דער געסטאַפּאָוועץ וואַרט, האָט שטרענג אָנגעהויבן פֿאַרשן די פֿאַרהאַלטענע. אויף דער פֿראַגע, וואָס האָט זי געזוכט אין געטאָ, האָט דאָס מיידל קאַלטבלוטיק געענטפֿערט:

— כ׳ספּעקוליר.

און עס גענומען דערווײַזן: אַרויסגעשלעפּט פֿון אונטערן קלייד אַ שטיק שפּעק, פֿונעם בוזעם — עטלעכע שאַכטלעך סאַכאַרין.

ניט צום ערשטן מאָל ווערן פֿאַרהאַלטן ליטווינער באַם איבערגעבן אָדער פֿאַרקויפֿן ייִדן שפּײַז. געשען פֿלעגט עס געוויינלעך אויף געמיינזאַמע אַרבעט־פּלעצער, אַמאָל אויף דער גאַס, ווען מע פֿלעגט פֿאַרבײַפֿירן די קאָלאָנעס געטאָ־אַסירים. אָבער מע זאָל אַליין קריכן אין פּאַסטקע אַרײַן...

„דאָ איז עפּעס ניט גלאַטיק‟, — האָט דער געסטאַפּאָוועץ באַשלאָסן און דורכגעבויערט דאָס מיידל מיט אַ שאָדנפֿריידיקן בליק.

דער איבערזעצער האָט געציטערט פֿון קאַס. מיט פֿאַרגעניגן וואָלט ער באַ דער דאָזיקער, ווי מע זאָגט, ליטווינערן אַרויסגעריסן צוזאַמען מיט דער צונג די יעדיעס, וואָס קאָנען באַפֿרידיקן זײַן אַלמעכטיקן באַפֿעלגעבער. די אַפּטרינניקע פֿון זײַן שטאַם! וואָס זוכט זי אין דער שטײַג פֿון די פֿון גאָט פֿאַרשאָלטענע? פֿרײַוויליק, אַליין זיך אָנגעטאָן דעם געלן שאַנד־צייכן...

ווי אַנטדעקנדיק עפּעס גאָר וויכטיקס, האָט דער איבערזעצער ראַפּאָר־טירט:

— דער געלער שטערן איז באַ איר ניט צוגענייט צום קלייד, בלויז צו־געשפּיליעט. פֿאַרן אַרײַנגיין אין געטאָ, קענטיק, צוגעשפּיליעט.

דער שוואַרץ־אוניפֿאָרמירטער, מיטן נאַכלעסיק אַראָפּהענגענדיקן סי־גאַרעט אין אַ ווינקל פֿון מויל, האָט ניט רעאַגירט אויף דעם איבערזעצערס רייד. וואָס וויל ער, דער דאָלמעטשער? נאָכאַמאָל דערווײַזן, אַז זי איז ניט קיין ייִדישקע, אַז זי איז געקראָכן אין געטאָ ספּעקולירן? צו איינפֿאַך קלאָרט זיך דאָ אויס די גאַנצע געשיכטע. אים באַפֿרידיקן ניט קיין לײַכטע לייזונגען... ניין, עפּעס איז ניט גלאַטיק מיט דער דאָזיקער ליטווינערן, וואָס פֿאַלט לויטן ווילן פֿון שיקזאַל שוין צום דריטן מאָל אַרײַן אין זײַנע הענט: פֿריִער — צוליבן פֿאַרדאַכט, אַז זי איז אַנטלאָפֿן פֿון געטאָ, איצט — בייס זי האָט געפּרוווט אַרײַנשלײַכן זיך אַהין. אַ געניִאַלער אײַנפֿאַל געוועזן קו־מען אַמאָל אַהער כאַפּן אַ קוק, ווי דאָס פֿאָלק מיט די געלע דאָוויד־שטערנס קערט זיך אום פֿון דער צוואַנג־אַרבעט. ניט אומזיסט איז געוועזן זײַן מי...

ניט אומזיסט, אויב די פֿאַרהאַלטענע האָט אַ שײַכעס צו די, וועלכע ער זוכט. ווי האָט עס פֿאָרמולירט זײַן שעף? „ניטאָ קיין לאַגער, ניטאָ קיין געטאָ, וווּ עס זאָל ניט טעטיק זײַן די אונטערערד‟. כוידעש אין כוידעש

מעלדן זיי בערלין, אז זיי זײַנען אַף איר שפּור. איצט וועט מען קאָנען צו וויסן געבן עפּעס קאָנקרעטס. עפּשער וויל די פאָרטונע, אז ער, ניט קיין געהויבענער געסטאַפּאָ־פונקציאָנער, זאָל פּאנאנדערפּלאָנטערן א מעשונע־דיק פארדרייטן קנויל? ניט אנדערש, ווי גאָט אליין האָט געוואָלט, ער זאָל צוויי מאָל פרײַלאָזן דאָס דאָזיקע מיידל, קעדיי עס זאָל א דריט מאָל ארײַנפאלן אים אין די הענט אפן אָרט פונעם פארברעכן. און עס ווינקען שוין צו אים דעמבענע בלעטער צום אײַזערנעם קרייץ, וועלכן ער האָט פריִער געהאט פארדינט; אפן קראגן און אף די עפּאָליעטן — א צוגאָב־לעך זילבערן קוואדראטל — א ראנג העכער, א שטאפּל העכער אפן לעבנס־לייטער...

— צו וועמען ביסטו געגאנגען ספּעקולירן?

דראָענדיק מיט די פויסטן, האָט דער איבערזעצער איבערגעכאַזערט די פראגע פונעם געסטאַפּאָוועץ.

דאָס מיידל האָט געענטפערט מיט זיכערקײַט, ווי דערקלערנדיק עפּעס זעלבסטפארשטענדלעכס:

— ווער ס׳וואָלט זיך אונטערגעדרייט, דעם וואָלט איך אַנגעבאָטן.

— און בא וועמען וואָלסטו איבערגענעכטיקט?

דאָס מיידל האָט ווידער זאכלעך דערקלערט, אז נאָכן אויסבײַטן אירע שפּײַז־פּראָדוקטן אף עפּעס־וואָס פון קליידונג צי גאָר אף א זייגערל, האָט זי בעדייע געהאט ארויסגיין פון געטאָ מיט די, וועלכע ווערן געטריבן צו דער נאכט־וואכטע אין שטאָט ארײַן. אין דער פינצטער וואָלט זי זיך ארויסגעגאנוועט פון דער קאָלאָנע אָדער וואָלט אנטלאָפן פונעם ארבעט־פּלאץ.

אויסגעהערט עס, האָט דער געסטאַפּאָוועץ באפוילן נאָך שטארקער פארדרייען דעם מיידל די הענט און אליין דערלאנגט איר א זעץ איבערן קאָפּ מיטן הענטל פון זײַן סטעק, צוזאמען מיטן דומפּן קלאנג האָט שטרענג אופגעהילכט די פריִערדיקע פראגע:

— צו וועמען ביסטו געגאנגען?

— כ׳וועל ווײַזן, ווײַזן! — האָט ארויסגעקרעכצט דאָס צעקאַטעוועטע מיידל.

זי האָט זיי ארומגעפירט איבער די אויסגעליידיקטע געסלעך פון דער געטאָ. פארקערעוועט דאָ אין א שטיבל, דאָרט אין א שטיבל, זיך אומגעקערט אין די שוין באזוכטע ערטער, ווי וועלנדיק זיך דערמאָנען, וווּהין זי האָט געטראכט גיין. אירע באגלייטער זײַנען געדולדיק נאָכגעגאנ־גען, געוואַרט, זי זאָל געפינען די שטוב, געפינען די מענטשן, וועלכע זי האָט צוגעזאָגט אָנווײַזן. מע האָט זי איצט ניט געשלאָגן. צוויי וואכלײַט האָבן פעסט פארקוועטשט אירע הענט, געבנדיק אזויארום צו פארשטיין, אז זי געפינט זיך אין אזא קלעם, פון וועלכן מע קאָן ניט אנטרינען.

לויטן באקומענעם אדרעס, לויט דער אויספירלעכער שילדערונג האָט זי געפונען דאָס בייטיקע שטיבל און אינוויינִיק געטראָפן דעם געזוכטן

מענטשן. יאָ, אים, דעם זעלבן באָכערל, האָט זי געהאַט איבערגעגעבן אין שטאָט א פּעקל אַנטיהיטלעריסטישע ליטעראַטור. זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט...

ער איז אופגעשטאַנען, דער ניט הויכער באָכער מיט די איַינגעפאַלענע באַקן און די טיף אַרײַנגעזעצטע אויגן. א בלאַסקײַט פון א טויטן האָט באַ־דעקט זײַן פּאָנעם, ווי די פּענעמער פון די אַלע, איבער וועמענס שוועל זי און אירע באַגלייטער זײַנען אַריבערגעטראָטן. נאָר דאָס דאַזיקע באָכערל האָט זיך אַזש א וואַקל געטאָן און, קעדיי ניט אומצופאַלן, מיט די הענט זיך אָנגעשפּאַרט אינעם טיש, לעבן וועלכן ער איז געזעסן. צום גליק, האָט נאָר זי אַליין עס באַמערקט. אויך זי אַליין האָט דערזען, אַז דעם באָכערס אויגן זײַנען געוואָרן פאַרגלײַזט.

אינעם דאָזיקן שטיבל האָט זי געמוזט זיך פאַרהאַלטן א קאַפּ לענגער. דערפילנדיק, אַז דאָס באָכערל כאַפּט אוף איר בליק, ס'דערוואַכן צוביסלעך זײַנע אויגן, און ער נעמט באַגרײַפן, אַז זי וויל אים עפּעס געבן צו וויסן, האָט זי געגומען דערקלערן דעם געסטאַפּאָוועץ:

— ניין, מיט די דאָזיקע שלעפּער האָב איך ניט געהאַט צו טאָן. ניט איך מיט זיי און ניט זיי מיט מיר, ניט זיי מיט מיר...

זי האָט עס עטלעכע מאָל איבערגעכאַזערט, באַטאָנענדיק אַלץ שטאַרקער די לעצטע ווערטער. דײַטלעכער האָט זי ניט געטאָרט זיך אויסדריקן.

די פּלוצעם אופגעפינקלטע פײַערלעך אינעם באָכערס אויגן האָבן איר געזאָגט, אַז ער נעמט זי פאַרשטיין. ער דאַרף, ער מוז פאַרשטיין, אַז די גרופּע פון געטאָ טאָר הײַנטיקע נאַכט ניט קומען צום אָפּגערעדטן טרעף־פּונקט. דער סוינע לויערט דאָרט. אויב עמעצער פון געטאָ וועט אַרײַנפאַלן, וועלן לײַדן הונדערטער און עפּשער טויזנטער. מע וועט, ווי שטענדיק, ניט שאַנעווען פרויען און קינדער. דעריבער איז זי געגאַנגען אַנטקעגן אַזאַ געפאַר, פאַרלאָזן זיך אַף אירע שווארצע לאָקן און שווארצע אויגן. גע־מיינט, זי וועט זיך ניט אויסטיילן, ניט אַרופּצײַען אַף זיך קיין כשאַד. ווער האָט געקאָנט טראַכטן, אַז דאַפקע איר אויסזען וועט זי פאַראַטן? וועט עפּ־שער איר איצטיק אויסזען דערקלערן דעם באָכער דאָס, וואָס זי האָט אים געדאַרפט איבערגעבן מיט ווערטער? אירע פאַרדרייטע הענט, די אויסגע־ברענטע וווּנד אַפן שטערן, דאָס ריטשקעלע בלוט, וואָס רינט איבערן קאָפּ... זאָל ער נאָר אַלץ פאַרשטיין, וועט זי טייקעף אָוועקפירן פונדאַנען אירע שרעקלעכע באַגלייטער. זי וועט זיי ווידער אַרומשלעפּן, ווו ס'וועט איר אײַנפאַלן, אַבי וואָס ווײַטער פונדאַנען...

זי האָט זיי אַרומגעפירט, פאַרפּלאָנטערנדיק די שפּורן. דער געסטאַפּאָ־וועץ האָט זיך אַליין געוווּנדערט אַף זײַן געדולד. אָבער אַלץ אין דער וועלט האָט א ברעג, א מאָס.

— נו! — האָט ער שטרענג א זאָג געטאָן, שמײַסנדיק מיטן סטעק איבער דער גלאַנציקער כאַליעווע פון זײַן שטיוול.

דאָס מיידל האָט געשטאַמלט, אַז זי האָט פאַרגעסן, פּאַשעט פאַרגעסן, ווו יענע שטוב געפינט זיך.

האָט דער געסטאַפּאָוועץ געהייסן דעם איבערזעצער מעלדן איר, אַז ער פאַרמאָגט א ספּעציעלן מעכאַניזם, וואָס העלפט זיך אין אַלץ דערמאָנען. זאָגנדיק עס, האָט ער אַרויסגענומען א קליינע, לויט זײַן אידיי געמאַכטע מאַשינקעלע צו דרעלעווען ציינער. עמעס, מע מוז זי אָפּט אָנצײַען, אָבער די צײַט, וואָס די פּרוזשינע אַרבעט, איז גענוג אײַנבויערן זיך אינעם צאָן.

אין א סאַך ערטער האָבן זיי זיך פאַרהאַלטן. בא א סאַך שטיבלעך האָט מען געפרעגט דאָס מיידל, צי ניט אַהער איז זי געגאַנגען, און נאָך יעדער פראַגע פלעגט מען אופרײַסן איר דאָס מויל, און א מוירעדיקער ווייטעק פלעגט מיט טויזנטער נאָדלען אײַנפרעסן זיך אין אירע שיינע גע־זונטע ציין.

דאָס מיידל האָט מער ניט געשוויגן. זי האָט זיך געריסן פון זייערע הענט, געשרײַען, גרילציק געשרײַען „ניין". איין איינציק וואָרט — „ניין". דאָס געשריי האָט א ביסל פאַרטויבט דעם ווייטעק, אָף אַן אויגנבליק פאַר־טושט די יסורים.

ס'האָט אָפּגעבליאַקעוועט דער בראָנזענער פאַרנאַכט, פאַרלאָרן זײַן גלאַנץ. צוגלײַך מיט דעם האָבן אָפּגעבליאַקעוועט די טרוימען פונעם געס־טאַפּאָוועץ, וועלכער האָט נאָך גאָר ניט לאַנג צוריק דײַטלעך געזען, ווי ער האַלט שוין אין זײַנע הענט אַלע סאַבאָטאַזשניקעס, אַלע, ווי זיי רופן זיך, אַנטיפאַשיסטן און זייערע מיטלויפער; א געשיקט אויפגעבויטע סיסטעם פון אונטערערדישע קעמערלעך און גרופּעס, א כיטרע צוגעטראַכט געפלעכט פון געפערלעכע קעגנער איז אופגעדעקט און אויסגעוואָרצלט. צענדליקער, ניין, הונדערטער געכאַפּטע פאַרפולן די אונטערזוכונג־קאַמערעס. עס לויפן אונטערגעשריבענע פון אים דעפּעשעס קיין בערלין. עס קומען פון דאָרט אינסטרוקציעס, באַפעלן...

אָנשטאָט דעם אַלעם האָט ער אָף דער הינטערשטער באַנק פון זײַן מאַ־שין געפירט א קוים זשיפּענדיק מיידל, וואָס ענטפערט שוין איבערהויפּט ניט אָף קיין פראַגעס, וואָס האָט אפילע ניט אָנגעוויזן, ווו זי וווינט, און ער האָט געמוזט אונטערוועגנס פאַרקערעווען צו זיך אין קאַבינעט, קעדיי אופזוכן דאָס פרײַער פאַרפירטע אָף איר קאַרטל און דערוויסן זיך איר היימישן אַדרעס.

„ווהין פאָרט זיי?" — צום מיידל האָט זיך אומגעקערט דאָס באַוווסטזײַן. זי האָט געפרוווט אופהייבן דעם קאָפּ, נאָר א נײַער שטראָם ווייטעקן האָט א פלייץ געטאָן איבער איר קערפּער, פאַרצויגן מיט א געדיכטן נעפּל די אויגן. אויסרײַבן די אויגן... זײַנען אָבער די הענט אויסגעדרייט און פאַר־בונדן אָפן רוקן. האָט זי אָנגעטאָן זיך א קויעך און אופגעריסן די אויגן. אינעם שײַבל פונעם אײַלנדיקן אַוטאָ האָבן פאַרבײַגעשעמערירט באַקאַנטע גאַסן, פּוסגייער. מיטן זעלבן וועג וואָלט זי געגאַנגען אַהיים. איצט פירט מען זי. עפּשער אַהיים?

פון דעם־אָ געדאַנק אַליין האָט זי געוואָלט שרײַען. אין דער היים איז דאָס פּעקל אופרופן, וועלכע ענדיקן זיך מיט די ווערטער: „א טויט די דײַטשישע אָקופּאַנטן!". וויי, וויי, די אופרופן! ניט שווער וועט זײַן זיך

כאפּן, אז געדרוקט האָט מען זיי אפּן ראָטאַטאָר אין דער קאָנטאָר, ווו זי אַרבעט. און ווער האָט געגעבן די מאַטריצע, ווער האָט אָפּגעדרוקט אף איר דעם טעקסט מיט א שרײַב־מאַשינקע? צי וועט מען גלייבן, אז זי, א שיק־מיידל פון א בוי־קאָנטאָר, וואָס האָט געענדיקט קוים פיר קלאַסן, האָט דעם טעקסט אליין פאַרפאַסט, אָפּגעקלאַפּט אף דער מאַשינקע? און עפשער שווײַגן, קיין זאַך ניט ענטפערן? עפּענענדיק דאָס מויל, דערשפּירט זי א מוירעדיקן ווייטעק אין די צעעגבערטע ציין. שווײַגן וועט זײַן לײַכטער...

„אוי, ווי איך האַס אײַך!" — האָט זי פונדעסטוועגן געוואָלט אויסשרײַען אפּן גאַנצן קאָל, אָט אזוי, ווי דאַן, בייס זי איז געקומען אף דער אַרבעט נאָכן צווייטן אַרעסט. זי האָט ניט מוירע געהאַט עס זאָגן אָפּן, און דער אָנפירער פון דער קאַנצעליאַריע, איר שעף, האָט, דורכשמועסנדיק זיך מיט איר אויג־אף־אויג, געזאָגט, אז ס'איז ווייניק בלויז האַסן. שפּעטער האָט ער איר געגעבן אָפּצײַען אפּן ראָטאַטאָר ניט קיין לאַנגווײַליקע טעכנישע אינ־סטרוקציע, נאָר אַן אופרוף צום קאַמף. און פון דעם האָט זיך עס אָנגע־הויבן. וואָס ווײַטער, זײַנען די פאַרגעבונגען געוואָרן שווערער, געפערלע־כער. ביז צו דער הײַנטיקער שליכעס...

מע פירט זי אהיים! אויב מע וועט געפינען די באַהאַלטענע אופרופן, וועלן זיי אַרויסגעבן אי זי, אי איר שעף, דעם קלוגן, ליבן און נאָענטן מענטשן. דאָס האָט ער דאָך אף זײַן שרײַב־מאַשינקע אָפּגעדרוקט דעם טעקסט. און די מאַמע? וואָס וועט זײַן מיט דער מאַמען?

די שטוב איז אָבער געווען פּוסט. די מאַמע — ניטאָ. די אַרײַנגאַנג־טיר — פאַרשלאָסן.

דער געסטאַפּאָוועץ האָט אפילע ניט געפרעגט, צי זי האָט א שליסל. ער האָט געהייסן זײַנע געהילפן אופברעכן די טיר.

ווי גרויסע שוואַרצע מײַז האָבן זיי געגנישטערט אינעם איינשטאָקיקן שטיבל, אין צימערל, ווו זי האָט געלעבט מיט דער מוטער, אין דער שכייניש'ער דירע. זיי זײַנען אַרופגעקראָכן אפּן בוידעם. געזוכט אינעם גערטנדל, אינעם שטעלכל, וואָס אפּן הויף, זיך צוריקגעקערט אין שטוב, פאַנאַנדערגעוואָרפן דאָס צונויפגעלייגטע האָלץ אינעם פירהויז... ניט געפו־נען! ניט געפונען אונטערן האָלץ די אופרופן! זי האָט שיר ניט אויסגע־שרײַען פון פרייד.

ווער האָט באַוויזן אַרויסצוטראָגן די אופרופן? ווען זיי האָט געוווסט נאָר דער, וועמענס נאָמען זי האָט איצט מוירע אפילע אין די געדאַנקען אַרויסצוברענגען, וועמענס בלאָנדע האָר זי האָט נאָר אין די געדאַנקען גע־וואַגט א גלעט צו טאָן און אין וועמענס פאַרטראַכטע אויגן זי האָט נאָר זעלטן זיך דערלויבט אַרײַנקוקן.

דער געסטאַפּאָוועץ האָט געקערט וועלטן. מיט זײַן קאָל האָט ער, ווי מיט א בײַטש, אָנגעטריבן אף איר זײַנע געהילפן. דער איבערזעצער האָט די באַפעלן פונעם געסטאַפּאָוועץ איבערגעזעצט אף ליטוויש. וועלנדיק דערווײַזן, אז אים גייט ניט אָן, וואָס די פאַרזינדיקטע איז אויך א ליטווי־

נערן, האָט ער אָן ראַכמאָנעס געשלאָגן זי מיט די פויסטן, געבריקעט מיט די פיס.

קעדיי אופהאַלטן באַם לעבן דעם אָביעקט פאַר ווײַטערדיקע אויספּאַר־שונגען, האָט דער געסטאַפּאָוועץ געמוזט אָפּקילן דעם איבערזעצערס קאָר־ראַזש. דערנאָך האָט ער אַ פרעג געטאָן:

— אַ ספּעקוליאַנטן, און אַזוי אָרעם. ווי זאָל מען עס פאַרשטיין?

זי האָט געשוויגן, ניט געענטפערט אויך אַף די ווײַטערדיקע פראַגעס זײַנע. געשטאַנען אין אַ ווינקל, אָנגעשפּאַרט מיט ביידע עלנבויגנס אין די ווענט, זי זאָל ניט אומפאַלן. איר האָט געהאָלפן דער האַס. אַזוי שטאַרק האָט זי געהאַסט, אַז זי האָט האַנאָע געהאַט פון דעם, וואָס די סאָנים ווערן צעפּלאַצט פון ערגערניש, וואָס זיי שלאָגן זיך אַרויס פון די קויכעס, וואַרפן זיך אין אַלע זײַטן, ווי מעשוגענע הינט.

אין דרויסן איז שוין געווען טונקל, ווען מע האָט זי אַרײַנגעוואָרפן אין אַ פאַרמאַכטן קוזאָוו פון אַן אויטאָ. די מאַשין האָט שרעקלעך געהודעט, און דער אײַזערנער דיל, אַף וועלכן זי איז געלעגן, האָט נאָכאַנאַנד זי אונטער־געוואָרפן, צעבויטענדיק די ווייטעקן אין איר גוף. פון די צעדרעלעוועטע ציין האָט אַ כאַלעף־שאַרפע, ביז מעשוגאַס דערפירנדיקע נאָגעניש געזעצט אין מויעך.

די הודערײַ און שטויסעניש האָבן אַפּאַמאָל זיך איבערגעהאַקט. מע האָט זי אַרויסגעשלעפּט פון דער פינצטערניש, געפירט איבער טרעפּ און אַרײַנ־געשלײַדערט אין אַ קעמערל. אַ קוים זשיפּענדיק עלעקטריש לעמפּל האָט עס אַ ביסל באַלויכטן. זי איז געפאַלן אַף אַ שטרוי־זאַק, אַראָפּזינקענדיק אין אַ טהאָם פון יעסורים. אַזוי איז זי אָפּגעלעגן אַ גאַנצע נאַכט. אופגע־וועקט האָט מען זי שוין באַ טאָג־שײַן, וואָס איז אַרײַנגעדרונגען דורך אַ פאַרגראַטעוועט פענצטערל, און אונטער די אָרעמס אוועקגעשלעפּט אַרויף מיט די טרעפּ.

— קענט איר איינער דעם צווייטן? — האָט אַ גרילץ געטאָן די שטים פונעם נעכטיקן שוואַרץ־אוניפאָרמירטן געסטאַפּאָוועץ.

אַ מידער, בלאַסער, מיט טונקעלע זעק אונטער די אויגן, איז ער גע־זעסן באַ אַ שרײַבטיש אין אַ גערשמען, מיט זון פאַרגאָסענעם צימער. צום דריטן מאָל איז איר באַשערט געווען איבערצוטרעטן די זעלבע שוועל.

ניט זי אַליין, צווייען האָט מען זיי צוגעשטופּט צום שרײַבטיש. דאָס מיידל איז קוים בעקויעך געווען עפענען די אויגן. אַנטקעגן איז געשטאַ־נען אַ ניט הויך, דאַר באָכערל אין אַ צעפליקטן בעגעד. זײַן פּאָנעם — צע־בײַלט, בלוי, געשוואָלן. די אונטערשטע צעשפּאָלטענע ליפּ האָט געבלו־טיקט.

זי האָט אופגעציטערט. אים דערקענט: דער זעלבער פון געטאָ!

דאָס באָכערל האָט אַרופגעלאָזט אַף איר זײַנע גרויסע העל־קאַרע אויגן, און זייערע ביידנס בליקן האָבן זיך באַגעגנט, פּונקט ווי נעכטן אינעם שטיבל הינטערן שטעכדראָט.

— ענטפערט, איר קענט איינער דעם צווייטן?

ביידע האָבן געשאָקלט מיטן קאָפּ אַף „ניין". זיי זײַנען דאָך בעעמעס ניט געווען באַקאַנט, ניט געוווּסט איינער דעם צווייטנס נאָמען.

— איינע איז געקראָכן אין געטאָ, דער צווייטער האָט זיך ארויסגעגאַנ־ וועט פון דאָרט, זיך ארומגעשלעפּט איבער דער שטאָט. ביידע זאָגט איר, אַז איר זײַט געגאַנגען ספּעקולירן. געסטאַפּאָ וועט איר ניט אָפּנאַרן... כ'פאַרשטיי, ביידע געהערט איר צו דער אונטערערדישער באַנדע, וועלכע מיר האָבן די נאַכט אופגעדעקט. די קאַמעראַדס זײַנען איבערפולט מיט אַרעסטירטע. ביידע שווײַגט איר. כ'פאַרשטיי, מע האָט אײַך אויסגעמושט־ רירט. כ'פאַרשטיי, די אַזויגערופענע אינוווייניקסטע דיסציפּלין און די צע־ בויערטע ציין, וואָס טוען שטאַרק ווײ, לאָזן ניט ריידן. וואָס האָבן מיר אָבער געקאָנט טאָן, אַז איר געדענקט קיין זאָך ניט? הייבט אָן זיך דער־ מאָנען, און מיר וועלן נאָך הײַנט פאַרפלאָמבירן די ציין. מיר האָבן אַ פּרעכטיקן דײַטשישן פּאָספּאַט־צעמענט. קיין סימען וועט ניט בלײַבן. און דערצו נאָך — אומזיסט. איר דאַרפט אונדז נאָר העלפן אופקלערן אייניקע זאַכן, קלייניקײַטן אַזוינע...

דער געסטאַפּאָוועץ האָט נאָך לאַנג און אַ סאַך גערעדט. דער איבער־ זעצער האָט זאַץ בײַ זאַץ איבערגעכאַזערט אַף ליטוויש. אויך פון זײַן זײַט האָט ער געפּרוּווט באַווירקן די נאַרישע אַקשאָנים, צוגעזאָגט זיי קאָלערליי גליקן, אויב זיי וועלן אַלץ אויסזאָגן. טײַטלענדיק אַף דער גלעזערנער שאַ־ פע הינטערן געסטאַפּאָוועץ, ווו עס זײַנען געהאַנגען פאַרשיידענע גומענע און מעטאַלענע באַהײַקעס, ריטער, צוואַנגען, פלעקענער, האָט ער געוואָרנט, אַז אויב זיי וועלן שווײַגן, וועט זײַן גאָר פּאַסקודנע.

ביידע אַרעסטירטע האָבן געהערט און ניט געהערט, וואָס מע רעדט צו זיי. זיי איז מער אָנגעגאַנגען דער שטומער געשפּרעך, וועלכן ס'האָבן געפירט זייערע בליקן.

זי האָט געפרעגט: „ווי קומסטו אַהערצו?"

און דאָס באָכערל, פאַרשטייענדיק זי אַפן וווּנק, האָט אָן ווערטער גע־ ענטפערט: „געגאַנגען אין אַ וויכטיקער שליכעס".

ס'האָט זי געמאַטערט די פראַגע, ווער האָט צו וויסן געגעבן, אַז זי איז אַרײַנגעפאַלן, און אַרופגעלאָזט אַפן באָכערל אַ פרעגנדיקן בליק.

יענער האָט פילדײַטיק אַ צוק געטאָן מיט דער ברעם. ווי ער וואָלט זאָגן: „יאָ, דאָס האָב איך געוואָרנט".

און ביידע האָבן ביגנייווע אַ שמייכל געטאָן איינער צום צווייטן.

זי איז אים געווען דאַנקבאַר פאַרן ענטפער, דאַנקבאַר פאַרן פאַרהיטן די מוטער, פאַרן פאַרהיטן דעם מענטש, וואָס האָט זי צום שווערן אויספּרוּוו געבראַכט, דעם מענטש, וואָס איז איר אַזוי ליב און טײַער, דאַנקבאַר פאַר דער באַגעגעניש אין דער דאָזיקער שרעקלעכער שאָ, זיך אַפילע דערפרייט, וואָס זיי האָבן זיך געטראָפן... נאָר באַלד זיך אופגעוואָרפן: „געמיין צו פרייען זיך, באַגעגענענדיק דאָ אַ כאַוועַר..."

„און איך האָב געראַטעוועט די געטאָ!" — האָט זי מיט אָן אופגעהויבע־ נעם קאָפּ, אַף שטומלאָשן צו וויסן געגעבן דעם באָכערל. זי האָט נאָך

געוואָלט צוגעבן, אַז זיי האָבן ביידע, אפֿאָנעם, אויסגעצייכנט אויסגעפּילט זייערע פאַרגעבונגען. מע פֿירט זיי דאָך ניט צונויף אויג־אויף־אויג מיט קיינעם מער. הייסט עס, אַז אַרײַנגעפאַלן זײַנען בלויז זיי ביידע, זי און ער, און דער טײַוול אין שוואַרצן לײַגט נידערטרעכטיק.

— קענט איר נאָך אַלץ ניט איינער דעם צווייטן?!

ביידע האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ אויף „ניין", זיי קענען זיך ניט. געזאָגט האָבן זיי אַן עמעס און אַ ליגן צוגלײַך... זייערע בליקן האָבן זיך דערבײַ ווידער באַגעגנט, און ביידן איז לײַכטער געוואָרן צו וואַרטן אויף דעם, וואָס זיי איז באַשערט.

# אַן אָרט פאַרן קינד



דאָס קינד איז געווען נאָך גאָר קליין, קוים א יאָר
אלט. ניט דרייסט אָנגעהויבן שטעלן די ערשטע
זעלבשטענדיקע טריטעלעך. ס'איז געווען א
מיידעלע, א העלהאָריק, העל־אויגיק. ס'האָט קיין
ייִדיש ניט גערעדט, בלויז געפּלאַפּלט אַף דער
אינטערנאַציאָנאַלער קינדער־שפּראַך — „מאַ",
„פּאַ", „דאַ"... קיין איין אויסערלעכער סימען
האָט איר אָפּשטאַם ניט געקאָנט פאַראַטן.

קוקנדיק אַפן קינד, פלעגן טאַטע־מאַמע שיר
ניט אומקומען פון הארצווייטעק: זיי וועלן ניט
ווערט זײַן דעם נאָמען טאַטע־מאַמע, אויב זיי זאָלן עס ניט ראַטעווען, ניט
געפינען פאַר דעם א זיכער אָרט אויסער דער געטאָ, אַן אָרט בא גוטע,
הילפסגרייטע מענטשן. אַזא טײַער באַסיעכידקעלע — דאָס שענסטע, קליג־
סטע, געראָטנסטע קינד אַף דער וועלט!

— און אַזוינע וועט מען וואַרפן אין גרוב אַרײַן! — האָט די מוטער, אַן
אופגעשוידערטע, גערעדט צום פאָטער. — וועסטו זיצן מיט פאַרלייגטע
הענט און וואַרטן?

וואָס האָט דער פאָטער געקאָנט טאָן? ער איז ניט געווען קיין פאַכדן. ער
האָט ניט איין מאָל אײַנגעשטעלט דאָס לעבן, בייס דער הונגער האָט בע־
קאָל־קוילעס ארויסגעשריִען פון זייער קינד, אַראָפּגעקוקט מיט א גרינקײַט
פון זײַן פרויס געזיכט און בייס אים אליין האָט פון הונגער געזשומעט אין
קאָפּ און שיר ניט איבערגעקערט דאָס אינגעווייד. ער האָט געהאַנדלט
בלינד, אומבאַטראַכט, געטריבן דורך א קויעך, וואָס האָט ניט אַנערקענט
קיין מוירע. גייענדיק צו דער צוואַנג־אַרבעט, פלעגט ער אַרויסטראָגן פון
געטאָ עפּעס א כייפעץ — אַן איבערגעבליבענעם האַנטעך, א לעצטע ציך
פון א קישן, א לײַלעך צי א העמד. אַרויסגעטראָגן האָט ער עס פאַרשטעקט
אונטער די בגאָדים, אַרומגעבונדן אַפן הוילן לײַב, די וועכטער באַם געטאָ־
טויער זאָלן עס ניט דערטאַפּן, קאָנטראָלירנדיק איטלעך איינעם. אַף דער
אַרבעט פלעגט ער אָפּוואַרטן א גינציקע מינוט און, אומבאַמערקט פון דער
וואַך, פאַרשווינדן אין די קוסטעס, צווישן ביימלעך בא די זײַטן פון דעם

שאָסיי, װעלכן זיי האָבן רעמאָנטירט. פון דאָרט פלעגט ער ביגנייווע זיך אַרײַנכאַפּן אין איינס פון די צעוואָרפענע לענגויס ביידע שאָסיי־זײַטן דאָרפישע שטיבלעך, פאַרזונקענע אין גרינס, און אומבײַטן בא די פויערים דעם מיטגעבראַכטן כייפּעץ אַף ברויט, מעל, אַף א שטיקל פעטס.

ווי ס׳איז געשען מיט א סאַך אַנדערע, האָט אויך אים געקאָנט אונטערקאָסיען א קויל באַם פאַרלאָזן דעם אַרבעט־פּלאַץ אָדער בייסן צוריקער. אין די שטיבלעך האָט ער געקאָנט זיך אָנשטויסן אַף שלעכטע מענטשן. בא אים, דעם רעכטלאָזן שקלאַף, האָבן זיי געמעגט אַלץ צונעמען און אים גופע איבערגעבן דער וואַך, וואָס וואָלט שוין געוווּסט, ווי אים צו באַשטראָפן. ער האָט יעדעס מאָל אײַנגעשטעלט דאָס לעבן, אַרײַנטראָגנדיק אין געטאָ דאָס באַקומענע ביסל שפּײַז. מע האָט עס דאָך געמוזט באַהאַלטן אונטער די זאַכן, אין געהיימע קעשענעס, צי אין א „קאָמפּרעס" אַפן נאַקעטן לײַב... נאָר וואָס מוירע, ווען מע ווייסט, אַז דער הונגער האָט געטריבן!

די פרוי זײַנע פלעגט עס אים דערמאָנען מיט פאָרוווּרף:

— ווען דער מאָגן איז פּוסט, געפינט זיך אײַן אי דרייסטקײַט, אי אײַנפאַל. נאָר אַז מע דאַרף ראַטעווען דאָס קינד...

אַלץ אָפּטער האָט זי געלאָזט פאַלן דעם דאָזיקן פאַרוווּרף, ווײַל אַלץ אָפטער האָבן זיך דערטראָגן אַקשאָנעסדיקע קלאַנגען וועגן פאָרגעקומענע אין אַנדערע געטאָס „אַקציעס אַף אומפּראָדוקטיווע עלעמענטן". אויך פונדאַנען פלעגן די היטלעראָווצעס פון צײַט צו צײַט „עוואַקוירן נוצלאָזע עסערס" — עלטערע לײַט, קינדער.

— מע טאָר קיין מינוט ניט פאַרלירן, הערסטו! — האָט די פרוי געוואָרנט און געמאָנט: — דו טרעפסט דאָך מענטשן אַף יענער זײַט... צי דען װעלן זיך ניט אײַנגעפינען קיין גוטע מענטשן? אַזאַ טײַער קינד! צי וועט זיך ניט אײַנגעפינען פאַר אים קיין אָרט, קיין זיכער ווינקעלע? אַז עס וועט האָבן אַן אָרט, וועלן מיר אַליין פּרוּוון עפּעס אונטערנעמען... ניט וואַרטן! ס׳קאָן ווערן שפּעט!

וואָס האָט דער פאָטער געקאָנט טאָן? ער האָט נאָך מער ריזיקירט, אַרומגענישטערט איבער די שטיבלעך באַם שאָסיי־אָפּשניט. נאָר אָנבאָטן עמעצן צוצוטוליען זייער קינד האָט ער אַלץ זיך ניט אַנטשלאָסן. מע קאָן דאָך אַרופאַלן אַף געפערלעכע פאַרשוינען. זיי וועלן דאָס קינד לעפּאָנעמוועגן צונעמען און באַלד זוכן, ווי פון דעם פאָטער צו ווערן — איבערגעבן עס פּאָליציי און באַקומען די באַלוינונג, וואָס ווערט אין אַזוינע פאַלן אויסגעצאָלט. און טאָמער זאָגט מען אים ביכלאַל אָפּ? האָט ער אַרויסגעגעבן פרעמדע מענטשן אַזאַ גרויסן סאָד!

די פאַרשיידענע צווייפלען פלעגט צעוויען די האָפענונג, אַז דאָ, אין די דאָזיקע, צווישן בערגלעך און גרינס באַהאַלטענע שטיבלעך, וועט זיך געפינען א רעטונג, א זיכער אָרט פאַר זייער קינד. און אויב ניט דאָ, און אויב ניט אין די נאָענטסטע טעג...

אָט איז אים ווידער געראָטן אַרײַנצושלײַכן זיך אין א זײַטיק, אַלט כאַטקעלע הינטער א צעקרימטן, מיט מאָך פאַרוואַקסענעם געפלאָכטענעם

פלויט, ניט אזוי אויסצובײַטן דעם ווײַבס קאָפּטיכל אױף עסנוואַרג, ווי אויס־
צוקוקן, ווער דאָ ווױנט.

א הויכע, דאַרע פּויערטע מיט א ברוין פאַרווינטיקט פּאָנעם האָט איבערגעבונדן דעם קאָפּ מיטן טיכל, וועלכן ער האָט איר אָנגעבאָטן. אױף מעווינעס האָט זי צוגערופן דעם מאַן אירן — א נידעריקן, הינקעדיקן, א באַשײַמפּערלעך פּיל ייִנגערן פון זיך. ביידע האָבן באַטראַכט דאָס טיכל פון אַלע זײַטן, באַטאַפּט עס מיט פאַרגרעבטע הענט, זיך לאַנג געיִישעוועט, געפרעגט, וואָס זיי וועלן דאַרפן פאַר דעם געבן.

אים, דעם אייגנטימער פונעם טיכל, איז אָנגעגאַנגען עפּעס אַנדערס. ער האָט גאָר א פרעג געטאָן, ווי סע לעבט זיך זיי, ווי קומען זיי אויס קריגס־צײַט. און דערוווּסט זיך, אז זיי זײַנען אַליין, האָבן ניט קיין קינדער, לעבן זיך רויִק, מאַכמעס הינקעדיקע מאָביליזירט מען ניט, מע שלעפּט זיי ניט אױף אַרבעט. זיי מישן זיך ניט אין פּאָליטיק און וואַרטן אױף בעסערע צײַטן. זײַן אַרײַנקומען האָט דאָס פּאָרפאָלק, קענטיק, באַאומרויִקט, ווײַל ביידע האָבן בא אים עטלעכע מאָל איבערגעפרעגט, צי קיינער האָט אים ניט באַמערקט, ניט נאָכגעשפּירט, בייס ער האָט פון שאָסיי פאַרקערעוועט צו זייער שטיבל. צי האָט טאַקע קיינער זיך ניט אומגעקוקט אױף די געלע לאַטעס, וואָס זײַנען שטאַרק קענטלעך אױף זײַן ברוסט און רוקן?

ער האָט זיי באַרויִקט. קיינער האָט אים ניט באַמערקט, ניט געטשע־פּעט, ניט פאַרהאַלטן. א סימען — ער שטייט דאָ אומגעשטערט מיט דער לאָפּעטע...

די אַרומיקע געדיכטעניש פון ביימלעך און קוסטעס האָט אים געהאָלפן אומבאַמערקט זיך צוריקקערן אַפן אַרבעט־פּלאַץ און זיך אויסמישן צווישן די אסירים. ער האָט ניט פאַרגעדענקט, מיט וואָס האָט זיך פאַרענדיקט דער בײַט פונעם טיכל, געשפּירט בלויז אין דער קעשענע א שטײַפן פּעקל שפּײַז און געזען פאַר זיך זײַן מיידעלע אַרומשטיפּן אינעם גערטנדל לעבן דער כאַטקע, ווו ער איז נאָרוואָס געווען. אזוי פּיל שײַן, לופט, ראַכוועס איז פאַראַן דאָרט, אין יענעם באַשיידענעם, מיט געלע בלומען אָנגעפּיקעוועטן גערטנדל. אויך אינעם שטיבל פון דעם פּאָרפאָלק וואָלט זיך געפונען פּלאַץ פאַר זײַן קינד. עס וואָלט אַרײַנגעבראַכט אהין ליכט, פרייד. זײַן קינדס נײַע מאַמע — ניט קיין שיינע, מיט גרויסע ביינערדיקע הענט, וועט גלעטן דאָס פּיצל, האַוען אַרום דעם... וועט זי זײַן גינציק צו א פרעמד קינד? אקאָרעס, זאָגט מען, זײַנען בייז, אומגעדולדיק. אז זי איז ניט קיין שרעקעוודיקע, האָט ער באַמערקט... און דער נײַער טאַטע? עס געפעלט אים דאַפקע דאָס דאָזיקע זשוואַווע הינקעדיקע פּויערל. אזוינע צוויי וועלן עס ווערן די אַפּטראָפּסים איבער זײַן קינד ביזן סאָף פון דער מילכאָמע. און עפּשער אױף שטענדיק בלײַבן זײַנע עלטערן... דעם דאָזיקן זלידנעם געדאַנק האָט ער אָפּגעיאָגט, מיט גוואַלד געטריבן פון זיך. זאָל זײַן א סאָף צו אַלע קווענקלענישן. מע דאַרף זיך אָנעמען מיט מוט, זײַן אַנטשיידן.

אָוונט־צו, קומענדיק פון דער אַרבעט, האָט ער דער אומגעדולדיק וואַרטנדיקער פרוי פאַרטרויט זײַן באַשלוס. אױף איר פאַרשטיינערטן פּאָ־

נעם, אין דעם ניט געוויינלעכן צוקן פון אירע הענט האָט ער ארויסגעזען טרייסטלאָזן אגמעסנעפעש. זי האָט אים דאן געגומען מאטערן מיט פּראַ־געס, געזוכט באוואָרענישן.

ענטפערן איר אף אלץ, דערקלערן אלץ האָט ער בא זײַן בעסטן ווילן ניט געקאָנט. ניין, ער ווייסט ניט, ווער די פּויערים זײַנען, ווי זיי הייסן. מע וועט עס קאָנען שפּעטער דערגיין. ריידנדיק מיט זיי, האָט ער בעקיוון וועגן דער עצעם זאך קיין וואָרט ניט געלאָזט פאלן: ניט געוואָלט ריזי־קירן מיט דער לעצטער אויסזיכט. בלײַבט זייער קינד אין געטאָ, איז זײַן גוירל געכאַסמעט. דאָרט, בא די פּויערים, וועט עס עפּשער בלײַבן לעבן. זי, זײַן פרוי, האָט דאָך די גאנצע צײַט געטײַנעט: „אן אָרט, אבי אן אָרט פאַרן קינד, אן אָרט אף יענער זײַט צוים!" און אָט איז דער איינציקער אויסוועג.

— אוי־ווי, — האָט געקרעכצט די מוטער, — א קעצל, און דאָס וואַרפּט מען ניט אוועק אף העפקער.

האָט דער פּאָטער געפּרוווט דערווײַזן, אז ס'איז ניט איגגאנצן אף העפקער. אלנפאלס, ער האָט ניט קיין האָפענונג צו געפינען א בעסערן, זיכערערן אָרט. און אין געטאָ גייען ארום קלאַנגען, אז מע האָט זיך געריַעט אין דער קאַרטאָטעק, געגומען אפּן אויג די „אומפּראָדוקטיווע עלעמענטן". דער אומגליק קאָן א ליאַדן טאָג געשען — מאָרגן, איבער־מאָרגן...

— און ווי וועט זײַן, אויב כאָטשבי איינער פון אונדז בלײַבט לעבן? וויַאזוי וועלן מיר דערווײַזן, אז ס'איז אונדזער קינד? — האָט די פרוי, ווי מאַסקים זײַענדיק מיטן מאַנס פּאָרשלאָג, אוועקגעקוקט א ביסל אין דער צוקונפט אריַן. — עמעס, דער שווארצער געבורט־צייכן אפּן קינדס לינקער פּלייצע קאָן דינען אלס סימען. כ'פלעג מיך אין די געדאַנקען קלערן: דער פלעק, גרויס ווי א פלוים, וועט זיך ארויסזען פון דעקאָל־טע... נאָר דערווײַל, ווי דו זאָגסט, אבי ארויס פון געטאָ! ווי ס'זאָל ניט זײַן, דאָס קינד זאָל לעבן בלײַבן...

שפּעט אין אָוונט האָבן טאַטע־מאַמע אײַנגעפּאַקט אין א זאק זייער קליינס, וואָס א באַקאנטע קראַנקנשוועסטער האָט אײַנגעשלעפּערט מיט א ליומינאַל־אײַנשפּריצונג. מיטן טײַערן פּעקל האָבן ביידע געלויערט באם געטאָ־צוים, געוואַרט, דער וואַכמאַן, וואָס גייט ארום אף זײַן אָפּשניט, זאָל זיך דערווײַטערן אָדער גאָר זיך ערגעץ פאַרהאַלטן.

דער וועטער איז געווען גינציק: כמורנע, פאַרוואָלקנט. א וואַרעם רעגנדל האָט געשטויבט. ס'איז פּרי טונקל געוואָרן. אין דרויסן האָט מען קימאַט ניט געזען קיין מענטשן. ווייניקער פאַרבײַגייער, ווייניקער נײַ־געריקע אויגן, ווייניקער געפאַרן באַמערקט צו ווערן.

טאַטע־מאַמע האָט דערווײַל אָפּגעגליקט. איינגיכן איז דער פּאָטער מיט א גרויסן קויש, אין וועלכן ער האָט געטראָגן דעם זאק מיטן שלאָפנדיקן קינד, שוין געווען אף יענער זײַט צוים און זיך אלץ האַסטיקער און האַסטיקער דערווײַטערט פון געטאָ. ער האָט געשפּאַנט אָן די גלעע לאַ־טעס, בעקיוון — אָן א היטל, ווי וועלנדיק מיטן אָפּגעדעקטן קאָפּ און מיט

די העלע האָר צוויי מאָל אונטערשטריכן, אז ער איז ניט קיין ייִד. ייִדן איז דאָך געווען שטרענג פארבאָטן וויזן זיך אין דרויסן אָן א קאָפּ־צודעק. ייִדן, ווייסן אלע, זיינען טונקלהאָריק... אינעם אָפּגעטראָגענעם פּראָסטן הוילעך, מיטן קויש אין דער האנט האָט ער בעעמעס אויסגעזען ווי א דאָרפמענטש.

ער איז געגאנגען מיטן גוט באקאנטן וועג — איבער זייטיקע שטעג־לעך, איבער פעלדער מיט אויסגעשטעלטע צום טריקענען סנאָפּעס, איבער בערגלעך, באוואקסענע מיט קוסטעס. דער אימפּעט האָט אים געטראָגן צום שטיבל.

דעם האלבן צענדליק קילאָמעטער האָט ער דורכגעשפּריזט אין איין אָטעם. אָט טרעט ער אריבער דעם גראָבן, הינטער וועלכן עס דארף זיין דער געפלאָכטענער פּלויט... א הינטיש געביל האָט פּלוצעם ארויסגעריסן זיך פון דער נאכט־שטילקייט.

אינגאנצן אויסגעשעפּט איז דער פּאָטער ארופגעפאלן אפן פּלויט. אלץ פארלוירן! דער הונט וועט אלעמען אופוועקן, אופשטעלן אף די פיס! דער הונט האָט געריסן דעם האלדז, געריסן זיך פון דער קייט, און דאָס שטיבל איז, ווי ביז איצט, געבליבן פארזונקען אין דער שטילקייט און טונקלקייט: קיין פענצטער האָט ניט אופגעלויכטן, קיין טיר ניט געטאָן קיין סקריפּ.

דער פּאָטער האָט שנעל א שטופּ געטאָן די קאליטקע, ארוף אפן גאַ־נעק, אוועקגעלייגט דאָס פּעקל באם ארייַנגאנג אין שטיבל, פארשארצט די ראנדן פונעם זאק — דעם קינדס קעפּל זאָל זיך גוט ארויסזען, עס זאָל אים לייכטער זיין צו עטעמען, און אנטלאָפן מיטן ליידיקן קויש, מוירע האָבנדיק, עמעצער זאָל פון שטיבל ניט ארויס.

דער הונט האָט געבילט און געבילט, מיסטאמע צוליבן פרעמדן קינד, וואָס איז געבליבן אפן גאנעק. דער הונט וועט, אוודע, ניט אנשטומט ווערן, ביז מע וועט ניט ארייַנעמען אין שטוב דאָס אונטערגעוואָרפענע נעפעשל. דער פּאָטער איז געבליבן שטיין, וועלנדיק כאָטש פונוויטן דערוואַרטן די דאָזיקע גליקלעכע רעגע. נאָר באלד האָט ער זיך גערירט פון אָרט: מיט זיין אָנוועזנהייט קאָן ער באדראָען דאָס לעבן פון זיין אייגן בלוט און פלייש... אין אייַלעניש האָט ער פארגעסן א קוש טאָן דאָס טעכטערל. מעגלעך, צום לעצטן מאָל. זיך ניט געזעגנט און אנטלאָפן...

און אָט זיינען די ערשטע פּאָרשטאָט־הייזלעך. געוויס טאָר מען זיך שוין ניט באוועגן אין די שטאָט־גרענעצן. דארף מען ערגעצווו — אין א הויף צי הינטער א פּארקן, אין א שטעלכל אָדער מיסטקאסטן — באהאלטן זיך און ווארטן, ביז ס׳וועט נעמען א סאָף צו דער פּאָליציי־שאָ.

ער האָט ניט געגנוי פארגעדענקט, ווי׳אזוי ער איז איבערגעקומען די נאכט, ווי׳אזוי אים איז געלונגען ארייַנצוקריכן אין געטאָ. באוויזן איבער־געבן דעם ווייַב, אז אלץ גייט קעשורע, פּארנייט אף זיינע בגאָדים די גוואלדריסן, וואָס ער האָט זיך אָנגעמאכט, פויזענדיק דורכן שטעכדראָט, און שוין געדארפט זיך קלייַבן צו דער ארבעט. פארן ארויסגיין האָט ער פארכאפּט און באהאלטן אונטער די מאלבושים זיין מיידעלעס א קליידל.

אפן אויסגעפּרוּווטן אויפן איז ער ווידער פאַרשווּנדן פון אַרבעט־
פּלאַץ און זיך דערקליבן צום שטיבל, ווּ זײַן קינד איז געבליבן.

די פויערטע, אַן אופגערעגטע און אומגעדולדיקע, האָט אים אָפן דער־
קלערט, אַז זי וויל ניט, ער זאָל קומען און אַרופּבריענגען אַן אומגליק אַף
זייער שטוב.

ער האָט זי פאַרזיכערט, אַז ער וויל עס אויך ניט. ער וועט געוויס
זיך מער דאָ ניט באַווײַזן.

ווּ איז זײַן מיידעלע? וואָלט ער כאָטש געהערט פון הינטערן ווענטל
דעם קינדס געוויין, געשריי. נאָר דאָרט איז שטיל, שוין צו שטיל. שלאָפט
עס? עפּשער ווירקט נאָך די שטאַרקע מעדיצין?

ער האָט הייליק צוגעזאָגט דער פויערטע מער אַהערצו ניט קומען,
ניט שטערן זייער רו. בלויז הײַנט וואָלט ער וועלן אויסבײַטן אַ קליינ־
קײַט. ער וועט אָפּגעבן פאַר אַ שיבעש קימאַט אַ נײַ קינדיש קליידעלע.

ס׳האָבן געציטערט דער פויערטעס קנאָכיקע פינגער, באַטאַפּנדיק דאָס
קליידעלע, אופהייבנדיק עס פאַר די פּלייצקעס.

— ווער ווייסט, צי ס׳וועט פּאַסן? — האָט זי אַ פרעג געטאָן דעם מאַן.

דער פּאָטער האָט שיִר ניט אויסגערופן, אַז ס׳וועט באַשטימט פּאַסן.
נאָר אָנשטאָט אים האָט געפּאַסקנט דער הינקעדיקער פויער:

— ס׳טפּאַסן. נעמ׳ס.

...אין קעשענע האָט דער פּאָטער געשפּירט עפּעס האַרטס. ס׳איז אַ
פּעקעלע שפּײַז, וואָס ער האָט באַקומען פאַר זײַן קינדס קליידעלע.
געשיצט פון די טרײַע, געדיכט צעבלעטערטע ביימלעך און קוסטעס, האָט
ער מיט דער לאָפּעטע אין האַנט זיך אַרײַנגעגאַנוועט אין זײַן אַרבעטס־
גרופּע און מיט אַ ווילדן אימפּעט גענומען גראָבן, וואַרפן אין אַ זײַט
שופלען זאַמד.

# שטאבס-פעלדפעבל האנס פפאנקוך

## א צערודערונג



דעם שטאבס־פעלדפעבל האנס פפאנקוכס פליי־שיקע נאָז האָט דערשמעקט אין די קארטאָפל־קעלערס עפּעס זייער פארדעכטיקס, עפּעס זייער ניט גוטס, מע קאָן אפילע זאָגן — געפערלעכס.

ניט איין קעלער און ניט צוויי. א גאנצע סיסטעם אונטערערדישע איַינריכטונגען איז עס געווען, א טייל פון א קאָמפּלעקס מיליטערישע ווירטשאפט־ביניאָנים. געבויט האָט מען זיי אמאָל, אין די צארישע ציַיטן. איצט האָבן דאָ באלעבאטעוועט א פינף צענדליק „דעראָבערער פונעם מיזרעד־רוים” מיט א לייטענאנט אין דער שפּיץ. פול אָנגעשאָטן די קעלערס מיט קארטאָפל, האָט דער שטאבס־פעלדפעבל צופרידן זיך געריבן די הענט:

— ניכטס צו מאכן, די סאָוועטן זיַינען אויך אין ליטע פליַיסיק געווען, האָבן גוט געזייט. מיר, דעם פיורערס סאָלדאטן, האָבן אָבער נאָך בעסער צונויפגענומען די גערעטעניש. זאָ, זאָ, דאָס, פארשטיי איך, איז אן ארבעט־פארטיילונג! קיין קליגערע וואָלט זייער מארקס אליין ניט צוגע־טראכט.

פפאנקוך האָט געקוואָלן פונעם שארפזין פון זיַינע רייד. אָבער איצט, אז דער ווינטער האָט א בושעווע געטאָן מיט שניי און פרעסט, איז נא דיר א געשיכטע! נאָר גאָרניט. קיינער וועט ניט אָפּנארן זיַין כוש־האָרייעך. קיין זאך וועט זיך ניט אויסבאהאלטן פון זיַין וואכזאם אויג.

קאמפּלוסטיק געשטימט, האָט דער שטאבס־פעלדפעבל אריבערגע־טראָטן די שוועל פון זיַין שעפס קאבינעט. ארויסגעוואָרפן אין דער הייך די רעכטע האנט צום „דיַיטשישן גרוס”, וויפל די קויכעס האָבן אים דערלויבט, אויסגעצויגן זיַין נידעריק געפּאקט גופל, א קלאפּ טוענדיק

דערבײַ מיט די אָפּצאַסן פון די ביז שפּיגל־גלאַנץ אָפּגעפּוצטע שטיוול, האָט פּפאַנקוך אָפּגעראַפּאָרטירט:

— הײַל היטלער! די קאַרטאָפּל פּוילן, הער לייטענאַנט!

דער יונגיטשקער, אויסגעכאָליעטער, בלאַס־הויטיקער לייטענאַנט, וואָס איז געזעסן באַם שרײַבטיש, האָט נאַכלעסיק א בורטשע געטאָן „הײַל" און זיך אפילע ניט א ריר געטאָן פון אָרט. זײַן בלאָנדער קאָפּ האָר, אָנ־געשמירט מיט ברילִיאַנטין און מיט א שרונט אין דער סאַמע מיט, האָט אויסגעזען ווי צוגעקלעפּט צום גוף. פון צײַט צו צײַט פלעגט בלויז א צוק טאָן זײַן לינקע, אין שראַמען צעפּאַסעוועטע באַק, וואָס האָט געטראָגן אַף זיך די שפּורן פון שטורמישע סטודענטישע הוליאַנקעס און בלוטיקע דועלן.

— די קאַרטאָפּל פּוילן? נאָך א נײַס! — האָט ענדלעך אומצופרידן אַרויסגעמרוקעט דער לייטענאַנט, א שטשירע טוענדיק צווײי גרויסע, אַרויסטאַרטשנדיקע פאָדערשטע ציין.

— יאַוואָל! אַזוי איז׳ס, הער לייטענאַנט! — האָט אונטערטעניק גע־מאָלדן פּפאַנקוך, ווידער א קנאַק טוענדיק מיט די אָפּצאַסן אַזוי הילכיק, ווי צווײי ביר־באָקאַלן וואָלטן זיך צוגעשטויסן: „פּראָזיט!"

אָבער ווי נאָר דער לייטענאַנט האָט א הייב געטאָן דעם קאָפּ און מיט זײַנע גרינע אויגן געגומען דורכדרינגען פּפאַנקוכן, איז דעם שטאַבס־פעלדפעבלס האָפערדיקײַט אויסגעוועפּט געוואָרן.

די ברוסט אויסגעשטעלט, די הענט צוגעדריקט צו די זײַטן, איז פּפאַנקוך געשטאַנען פאַר זײַן שעף, ניט טוענדיק קיין ריר מיט קיין אייווער, קיין פינטל מיט אַן אויג. אָבער אינעווייניק האָט עס אין אים געעיוירט: וואָס קוקט אַף אים אַזוי דער לייטענאַנט? עפּשער געפעלט ניט דעם דאָזיקן זויגלינג זײַן, פּפאַנקוכס, ניט הויכער וווּקס, דער צו שטײַף אָנגעצויגענער רימען אַרום בײַכל? צי די אופשריפט „גאָט מיט אונדז" אַפן שנאָל פונעם רימען שאָקירט אים? עמעס, פּפאַנקוכס אויסזען איז ניט גרויסאַרטיק. דאָס אַנערקענט ער אַליין. אָבער דער שעף ווייסט דאָך, אַז ניט דער אויסערלעכער אויסזען, נאָר די עכטע סאָלדאַטישע האַלטונג, די ברוסט — פּאָרויס, דער בויך — אַף צוריק, — איז דער ערשטער סימען פון א פאָרשטייער פון דער אַרישער ראַסע. דערצו ווייסט דאָך אויסגע־צייכנט דער לייטענאַנט, אַז פּפאַנקוך האָט צוגעשטעלט זײַן „שטאַמבאַום", דעם דאָקומענטאַלן באַווײַז פונעם נאָרדישן גערמאַנען־בלוט, וואָס פליסט אין זײַנע אָדערן. דעם אַרישן אָפּשטאַם זײַנעם באַשטעטיקט אויך דאָס העלע בערדל, וואָס ער האָט בעקאַוואָנע זיך פאַרלאָזט. עס דאַרף דינען ווי א קעגנגעוויכט צו די טונקעלע אויגן, די טונקעלע ברעמען און דעם קרענצל שוואַרצע האָר, וואָס באַזוימט דעם פּליך אַפן קאָפּ.

— וואָרום דאָס זיגלאָזע האָקן אַף אַן אָרט? — האָט דער לייטענאַנט געמאַכט א סאָף צו פּפאַנקוכס איבערטראַכטענישן.

דער שטאַבס־פעלדפעבל האָט ווידער א קנאַק געטאָן מיט די אָפּצאַסן און, ווי געוויינלעך, בייס ער האָט ניט וואָס צו זאָגן קאָנקרעטס, אויס־געראָפן:

— יאוואָל, הער לייטענאַנט!

דאָ האָט דער לייטענאַנט אופגעהויבן זײַן שטים:

— וואָס הייסט, יאוואָל?

— יאוואָל, אַזוי איז׳ס, זיי פוילן!

— וואָס הייסט, זיי פוילן? — די קאַטעגאָרישקײַט, מיט וועלכער דער לייטענאַנט האָט געשטעלט די פראַגע, האָט מען געקאָנט טײַטשן אויך אַזוי: „וואָס פאַר אַ רעכט האָבן די קאַרטאָפל צו פוילן? ווער האָט זיי דערלויבט? נאָר דײַטשן דערלויבן און פאַרבאָטן!"

אַבסאָליוט אײַנשטימענדיק דערמיט, אַז די קאַרטאָפל האָבן ניט גע־טאָרט אָנהייבן פוילן אָן דער דערלויבעניש פון די דײַטשישע מאַכטהאָ־בער, האָט פפאַנקוך זיך געגעבן אַ צי אויס און, אויסגלאָצנדיק די אויגן, דערקלערט:

— מע דאַרף זיי איבערקלײַבן, הער לייטענאַנט!

דעם לייטענאַנט האָט עס אַ וואָרף געטאָן אָף צוריק, ווי די רער פון אַ האַרמאַט נאָך אַ שאָס. זײַן בליק, ווי דער אַרויסגעשאָסענער שראַפּנעל, האָט ענדגילטיק פּריטשמעליעט דעם צעטומלטן שטאַבס־פעלדפעבל.

אַוועק אַ שיינע רעגע, ביז פפאַנקוך האָט באַנומען זײַן שולד. ווי האָט ער זיך דערוועגט? ווי האָט ער געקאָנט פאַרגעסן, אַז אַן אונטערגעאָרדנ־טער דאַרף נאָר אויספילן באַפעלן און ניט רוקן דעם שנאָבל אין זאַכן פון מעלוכישער קאָמפּעטענץ, כאָטש, דעם עמעס געזאָגט, איז זײַן שנאָבל, דערצו נאָך אונטערן שטאַבס־פעלדפעבלשן קאָזירעק, שוין גאָר ניט אַזוי געמיין, פאָרט פון אַ ראַסן־ריינעם אַריער!

פּלוצעם האָט דער לייטענאַנט זיך אופגעשטעלט און, אונטערשטרײַכנ־דיק יעדן זילב, באַוויליקט צו באַפעלן:

— די קאַרטאָפל דאַרף מען איבערקלײַבן! פאַרשטאַנען?!

— יאוואָל, הער לייטענאַנט, איבערקלײַבן! — האָט פפאַנקוך מיט אַ געפיל פון דערלײַכטערונג אויסגעשריִען און שוין געהאַט אופגעהויבן די האַנט צום געזעגענונגס־גרוס.

נאָר דאָ האָט דער לייטענאַנט אַ פרעג געטאָן:

— וואָס פאַר אַ שיינהײַט האָט איר זיך אײַנגעשאַפן, הער שטאַבס־פעלדפעבל?

ווי עס פּאַסט פאַר אַן אונטערגעאָרדנטן, האָט פפאַנקוך, ניט פאַרלירנ־דיק קיין מינוט, אָפּגעראַפּאָרטירט:

— זי צירעוועט שטרימפּפע, זאָקן, הער לייטענאַנט!

— אַלס אײַער דירעקטער שעף איז מײַן פליכט אײַך צו וואָרענען, — האָט דער לייטענאַנט באַלערעוודיק אויסגעצויגן זײַנע רייד, גלײַך אַ פּאַסטאָר בייסן פרײדיקן אין דער קירך, — איך וויל אײַך וואָרענען, אַז דאָס געזעץ וועגן ראַסן־שאַנדע איז נאָך גילטיק. געזעצן בלײַבן געזעצן! אָף אײַנצושפּאָרן פּאַפּיר פאַר אַנטשולדיקונג־ביטעס און באַדויערונג־דע־קלאַראַציעס, וויל איך, אויסדריקלעך באַטאָנענדיק די ערנסטקײַט פון דער זאַך, אַן איבעריק מאָל פאַרשלאָגן די דינסטן פונעם ראַסיש־קאָנטראָלירטן באָרדעל פאַר אונטער־אָפיצערן, וואָס איז געעפנט געוואָרן אין שטאָט.

איך מעלדע עס אײַך אָפיציעל. פאַרגעסט ניט, אז ראסן־שאנדע... בא דער געלעגנהײַט, ווי אלט איז דאָס מיידל?

— זיבעצן!

פפאנקוכס שלאבעריק אראָפּגעהאנגענע באקן האָבן געפלאַמט. מאַש־מאָעס צוליב דעם, וואָס ער האָט אָפּגעבראָקט א באַשײַמפּערלעכן ליגן — דערלייגט דעם מיידל א גוטע פאָר יאָרעלעך.

— זיבעצן? — האָט איבערגעכאַזערט דער לייטענאנט. — דאן, אלזאָ, געדולד. געדולד, הער שטאבס־פעלדפעבל! איין יאָר אָפּווארטן, און די קארש וועט רײַף ווערן לויטן געזעץ.

— דאָס מיידל צירעוועט זאָקן, פרעסט אויס א העמד, הייצט אונטער אן אויוון. נו, און באדינט דאָנארן, ס'הייסט מײַן הונט. אויך מײַנער א דערצויגלינג. אויסער דעם, כ'וויל קיין זאַך ניט באהאלטן, אויסער דעם, דינט מיר דאָס מיידל פאר א מאָדעל, ווען איך ווידמע מיך דער קונסט, — האָט שוין, זאָגנדיק אַן עמעס, מיט א געוויסן שטאָלץ פארענדיקט פפאנקוך.

— א מאָדעל? געוויס פאר ספינקסן... — האָט א שמייכל געטאָן דער לייטענאנט צום ערשטן מאָל פאר זייער געשפרעך. — איר קאָנט גיין צו אײַערע ספינקסן, הער שטאבס־פעלדפעבל!

— יאוואָל, הער לייטענאנט! — האָט פפאנקוך געענטפערט און זיך אויסגעקערעוועט מיט אזא קוראזש, אז דער געפלאַכטענער, איבער זײַן ברוסט אָנגעהאנגענער שטאבס־פעלדפעבלשער זילבערנער שנור האָט זיך א הייב געטאָן אין דער לופט.

פונעם לייטענאנטס קאבינעט איז פפאנקוך ארויס אן אויסגעפארעטער. אָפּגעלאָזט דעם רימען, וואָס האָט אומבעראכמאָנעסדיק געקוועטשט דעם בויך, ארופגערוקט דאָס שטײַפע פאראד־היטל אפן קאָפּ און גוט אָפּגע־ריבן דעם פארשוויצטן שטערן, האָט ער שווערלעך אוועקגעשפרײַזט צו זיך אין צימער.

פון אלע אומאָנגענעמע רייד, וועלכע ס'איז אים באשערט געווען אָקאָרשט אויסצוהערן, זײַנען באזונדערס פארדעכטיק געווען די לעצטע ווערטער פונעם שעף. וואָס איז יענער אויסן געווען מיט די ספינקסן? וואָס אזוינס, אויב ער, פפאנקוך, האָט נעכטן אויסגעקנאָטן פון פרישן שניי א זיצנדיק געשטאלט — האלב־לייב, האלב־פרוי מיט אנטבלויזטע בריסט? בא זיך אין דיוסעלדאָרף פלעגט ער נאָך יענעם וועלט־קריג קלעפּן פיל גרעסערע אזוינע פיגורן און פלעגט נאָך אָנהענגען אף זיי די אויפשריפט: „דײַטשלאנדס האסער פואנקארע, זאָלסט צעגיין, ווי אָט דער שניי".

וואָס פאר א שײַכעס דער דעמלט בארימטער פראנצויזישער פּאָליטי־קער האָט געהאט צו זײַנע שניי־פיגורן, האָט פפאנקוך ניט געפּרווט זיך דערקלערן. נאָר דער שניי פלעגט טאקע צעגיין, פונעם בארימטן פּאָלי־טיקער איז קיין זייכער ניט געבליבן, און פראנקרײַך — א געשענדטע פּרויענצימער אין א צעריסן העמד — ליגט שוין פאר דײַטשלאנד אף די

קני... באלד וועט דערגיין די ריי פון רוסלאַנד. דאָס וועט געשען, ווי אין ערשטן פאַל, — בליצשנעל, אומפאַרמײַדלעך און מיטן דירעקטן אָנטייל פון אים, דעם שטאַבס־פעלדפעבל האַנס פפאַנקוך.

## פאַרוואָס פוילן די קאַרטאָפל?

ווי שטענדיק, אַזוי אויך נאָך דער פריִער איבערגעלעבטער צערודערונג, האָט פפאַנקוך געפונען אין זײַן אָפּגעזונדערט מויערל אַ באַהעלטעניש פון דער צאָרע, וואָס האָט אים אַזוי אומגעריכט געטראָפן.

איין געראַמען צימער האָט פאַרמאָגט דאָס מויערל מיט די אָפּגעקרישלטע ציגל־ווענט, באַדעקטע מיט גרויע פלעקן, ווי מיט לישײַעס. געשטאַנען איז דאָס מויערל אין אַ העק פון דעם אַרומגעצוימטן מיליטערישן ראַיאָן. צו וואָס האָבן די צאַרישע בוי־מײַסטערס מיט יאָרצענדליקער צוריק אויסגעבויט דאָס דאָזיקע הײַזל, איז איצט שווער צו זאָגן. פפאַנקוכן איז אָבער אויסגעקומען, אַז שוין דאַן האָט די געטלעכע פאָרזעונג געטראַכט וועגן זײַן זיכערע אײַנקוואַרטירונג צווישן אומפאַרטרויטלעכע מענטשן אויף דער פרעמדער ערד. פון דרויסן וועט קיינעם ניט אײַנפאַלן, אַז דאָ וווינט עמעצער. אינווייניק, אונטערן נידעריק אַראָפּגעלאָזטן, קרייצאַרטיק געוועלבטן סופיט, הינטער דער שווערער געפּאַנצערטער טיר, הינטער די עטלעכע שמאָלע, מיט אײַזערנע פּרענטן פאַרגראַטעוועטע פענצטערלעך האָט ער זיך געפילט באַשיצט, און זײַנע נערוון פלעגן זיך אָפּרוען. דאָ איז צו יעדער צײַט מיט אים דאַנאַר, זײַן אויסגעהאָדעוועטער, געפּעסטעטער און אויסגעדרעסירטער וואָלפהונט.

אין דער שטענדיקער סומנעקײַט פונעם צימער פלעגט אים אַרומכאַפּן אַ גרויס געפיל: ער טויכט אַראָפּ אין די טיפענישן פון דער פאַרגאַנגענהײַט, אין די סוידעספולע לאַבירינטן פון די יאָרהונדערטער, ווו ער דערפילט דעם אָטעם פון זײַנע ריינראַסיקע אורעלטערן. דאָ פלעגט זיך נאָך מער שטאַרקן זײַן איבערצײַגונג, אַז ער הערט דעם רוף פון זײַן אַריש בלוט, און אַז יעדער קלאַפּ פון זײַן פּולס ווערט געבענטשט דורך דעם אומבאַזיגבאַרן און אומבעראַכמאָנעסדיקן דײַטשישן גאָט... דאָ פלעגט ער, מער ווי וווּ־ניט־איז אַנדערס, זיך דערשפּירן אַלס איבערמענטש...

פפאַנקוך איז געווען איבערצײַגט, אַז אונטער אַזעלכע געוועלבן, ווי אין זײַן צימער, האָבן אַמאָל געלעבט די גערמאַנישע ריטער, וואָס האָבן אָנגעהויבן דורכלייגן פאַר דער דײַטשישער נאַציע איר גורל־וועג קיין מיזרעך. אין ענלעכע ציטאַדעלן האָבן זיי געהאַלטן פאַרקאָוועטע אין אומשולד־גאַרטלען זייערע ווײַבער און געהיימע האַרצדאַמען. אויך ער האָט דאָס יונגע מיידל געהאַלטן אונטער שלאָס־און־ריגל.

— איי, דו! דער טײַוול ווייסט, ווי מע האָט דיך דאַרט אָנגערופן באַם טויפן? — האָט פפאַנקוך זיך צעהאָלדערט, אַרײַנקומענדיק אין צימער.

דאַנאַר איז לויט דער געוווינהײַט געלאָפן אים אַנטקעגן. זיך געשטעלט אויף די הינטערשטע לאַפּעס, די פאָדערשטע אויף דעם באַלעבאָס' אַקסל אַרופגעלייגט, האָט דער הונט שוין געוואָלט אַ לעק טאָן דעם שטאַבס־

פעלדפעבלס בערדל. דאָס מאָל האָט אים פּפאַנקוך אוועקגעטריבן מיט רוגזע פון זיך.

פון הינטער א ווענטל, וואָס האָט אָפּגעצוימט א ווינקל פונעם צימער, האָט זיך באַוויזן א פלאַקסהאָריק אויסגעצערט מיידל.

— פון איצט אָן וועט מען דיך רופן — גרעטכען! דאָס, פאַרשטייט איך, איז א נאָמען! — האָט געמאָלדן פּפאַנקוך. א שלײַדער געטאָן אָף דער סאָפע דאָס היטל, דעם מונדיר, אראָפּגעלאָזט די הויזן־שלייקעס, האָט ער שטרענג אָנגעזאָגט דעם מיידל: — אלזאָ, גרעטכען, שטענדיק האָב גרייט זאָקן, מײַנע וואָלענע זאָקן, פאַרשטאַנען? ווי נאָר דערזעסט דעם לייטע־נאַנט, דערהערסט, אז ער גייט פאַרבײַ, גלײַך כאַפּ צירעוועון זאָקן. פאַר־שטאַנען?

דאָס מיידל האָט, ווי געוויינלעך, ניט רעאַגירט אָף זײַנע רייד. צי פאַרשטייט זי, וואָס מע וויל פון איר? דעריבער האָט פּפאַנקוך מיט פאַר־שיידענע זשעסטן זיך באַמיט איר דערקלערן, וואָס ער מיינט. נאָכדעם איז ער אראָפּגעזונקען אין טיפן, מיט לעדער באַצויגענעם פאָטעל, וואָס איז געשטאַנען אין א ווינקל, און אנשוויגן געוואָרן. ניט געשוויגן האָבן די געדאַנקען אין זײַן קאָפּ...

קיינער האָט אים ניט געכאַפּט פאַר דער האַנט און קיינער האָט ניט קיין רעכט אים פאַרצוואַרפן, אז ער פאַרומרייניקט דאָס דײַטשישע בלוט. דאָס מיידל איז צו יונג, עס זאָל איבערהויפּט אופקומען א פאַרדאַכט... אָבער אָף יעדן פאַל האָט ער געוואָלט פעסטשטעלן, צי מע קאָן אים פאַרוואַרפן ראַסן־שאַנדע.

ווער איז דאָס מיידל? ווי הייסט זי אינדערעמעסן? ווער זײַנען אירע עלטערן? ווען ער האָט באַנאַכט, אינעם ברענענדיקן דאָרף זי דערזען ארומלויפן אין איין העמד, באָרוועס, מיט צעשויבערטע האָר, איז קיין צײַט ניט געווען צו דערגיין, ווער זי איז. ער, א צאַרבאַלעכיײַמניק פון פאַרן קריג, אן אקטיווער מיטגליד פונעם „טירשוץ־פאַריין", אָפּטיילונג „הינט", האָט דאָס מיידל ארײַנגענומען אין מאַשין, ווו מע האָט געלאָדן די געקוילעטע כאַזיירים, דעם געריכערטן שפּעק, די הינער, אייער און גענדז... דאָס איז געשען ערגעץ אין „אָסטלאַנד", בא עפּעס א מאָלאָ־דעטשנע... ווער לעבט דאָרט? ווײַסרוסן, רוטענער, ליטווינער? ע, סײַווי מיסט... נאָר איין זאַך איז קלאָר: זײַן טראָפּיי, גרעטכען, איז בלאָנד, האָט גלײַכע פלאַקסהאָר. איר נעזל איז פאַריסן. א דײַטלעכער נאָרדישער טיפּ. און שוין דאָס, וואָס זײַן, פּפאַנקוכס, אריש בלוט גלוסט דאָס מיידל, איז דער בעסטער באַווײַז, אז ס'פאַרמאָגט איבערגענוג ראַסן־ריינקײַט.

קעדיי ענדגילטיק זיך צו איבערצײַגן, אז ער ווערט ניט פאַרפירט פון בייזוויליקע קויכעס, ווי אויך וועלנדיק האָבן א פעסטן וויסנשאַפטלעכן באַווײַז פאַר דער פּולווערטיקײַט פונעם מיידל, האָט ער באַשלאָסן אָנ־צווענדן דעם וויכטיקן ראַסן־קריטעריי. געהייסן איר צושפּאַרן זיך מיטן רוקן צו דער וואַנט און בלײַבן אזוי שטיין.

ערנסט און קאָנצענטרירט, ווי אָפּטועכדיק א גאָטעסדינסט, האָט פּפאַנ־קוך דורכגעצויגן א שנירל קווער דעם מיידלס פּאָנעם — פון איין אויג־

טערשטן ברעג אויערלעפל ביזן צווייטן. דאָס שנירל איז דורכגעגאַנגען העכער פאַרן נידעריקסטן פונקט פון דער נאָז. זייער גוט, פּרעכטיק — עכט אַריש!

בלײַבט די פראַגע פון איר עלטער. אָבער ווען מען קאָן עס אַנגיין, וואָס דאָס מיידל איז, לאָמיר זאָגן, צו יונג? ווער, צום דאָנערוועטער, קאָן פאַרבאָטן? אַן ערלעכער דײַטש האָט איין געבאָט — דעם פירערס ווילן! און דער פירער, צי ליגן אים אין קאָפּ אַזוינע נאַרישקייטן, ווי דעם לייטענאַנטל, וועמענס גײַסטיקע ראַסן־ריינקייט מע וואָלט גאָר געדאַרפט אַ קאָנטראָליר טאָן? וועמען האַלט אונטער דאָס דאָזיקע אָפּיצערל? און דער פיזישער ווילשטאַנד פונעם פירערס סאָלדאַטן גייט אים גאָרניט אָן, וואָס? דער לייטענאַנט איז פּאַשעט מעקאַנע, וואָס אים, דעם שטאַבס־פעלדפעבל, פאַרבײַט דאָס מײַכלדיקע העלהאָריקע פלאַטערל זײַן ווײַב — די פעטלײַביקע, צעפלאָסענע און פאַרזויערטע ליזעלאָטע. מע דאַרף זיך ניט אַרומשלעפּן, ווי דער לייטענאַנט שלאָגט פּאָר, איבער שאַנדהײַזער. אויך אָן דעם האָט ער, פּפאַנקוך, גענוג דינסטלעכע זאָרג. ער פאַרלירט ניט אומזיסט קיין צײַט, און אַלע זײַנע קרעפטן קאָן ער ווידמען דעם זיג פונעם פאָלק און פירער.

ניין, דער לייטענאַנט באַגרײַפט ניט דעם פּאַטריאָטישן זין פון פּפאַנ־קוכס שריט, זוכט אַ דאָרן אין יענעמס אויג און זינדיקט טאָגטעגלעך קעגן דעם נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם, אַוועקלאָזנדיק מיטן ווינט דאָס, וואָס איז נייטיק פאַר דער אייביקייט פון דער נאַציע. אָט... פון די אָנגעוואָר־פענע אויפן שרײַבטיש ביכער האָט דער שטאַבס־פעלדפעבל אַרויסגעשלעפּט דעם נײַעם „סאָלדאַטן־קאַלענדאַר” און נאָכאַמאָל אויפגעמישט דעם פירערס הייליקע ווערטער: „דער נויטווענדיקער טויט פון די בעסטע מענער אויפן שלאַכטפעלד איז פאַרן דײַטשישן פאָלק נאָך ניט דאָס ערגסטע. פיל ערגער איז דאָס אויספעלן פון קינדער, וואָס זײַנען אין גאַנג פון קריג דורך די לעבעדיקע און נאָכן קריג דורך די טויטע ניט פּראָדוצירט גע־וואָרן. די אַלטע קלוגשאַפט, אַז שטאַרבן רויק קאָן נאָר דער, ווער ס'האָט געבראַכט קינדער אויף דער וועלט, דאַרף הײַנט ווערן אַ געבאָט פאַר אַלע סאָלדאַטן. ווער עס לאָזט ניט קיין קינדער נאָך זיך, איז אַ דעזערטיר פונעם פאָלקישן פראָנט!”

ער, פּפאַנקוך, האָט געווויסנהאַפט אויסגעפילט די פליכט פאַרן פאָטער־לאַנד, באַרײַכערנדיק עס מיט גאַנצע פינף ראַסן־ריינע וועזנס. עמעס, ניט מיט קיין סאָלדאַטן, נאָר מיט מיידלעך. און דער לייטענאַנט? דער דאָזיקער דעזערטיר פונעם פאָלקישן פראָנט דערוועגט זיך פאַרצוּוואַרפן... רעדט פילדײַטיק וועגן ספינקסן...

פּפאַנקוך האָט איצט אַ כאַפּ געטאָן דעם „סאָלדאַטן־ווערטערבוך”. אים געגומען מישן, אונטערברומענדיק דעם מאַרש „הײַנט געהערט אונדז דײַטשלאַנד, מאָרגן — די גאַנצע וועלט”. נאָר באַלד איז אַ טאַקט פון דער האָפערדיקער מעלאָדיע אים געבליבן שטעקן אין האַלדז. ספינקס, ספינקס... לויטן גריכישן מיטאָס — אַ געשפּענסט, וואָס מאָרדעט מענטשן, אַ טויט־דעמאָן.

דער שטאבס־פעלדפעבל האָט אוועקגעשלײַדערט דעם בוך, איז אופּ־געשפּרונגען און אפן קאָל געגומען זידלען דעם לייטענאנט:

— זויגלינג! מילכשנאָבל! ביסט אליין א ספינקס! איך האָב אין איצ־טיקן קריג קיין איין מענטש ניט דערהארגעט! די ווירטשאפט, די באזע פאר יעדן זיג, איז דער טעטיקייט־געביט פון יעטווידן שטאבס־פעלדפעבל. טייטן איז אײַער פאך, הער שעף, און פון דער געסטאפּאָ...

ארויסברענגענדיק דאָס לעצטע וואָרט, איז פּפאנקוך פארציטערט גע־וואָרן, אווטאָמאטיש זיך אויסגעצויגן, די הענט צוגעפלעטשט צו די זײַטן, און אין צימער האָט בראוו אופגעקלונגען דער קנאק פון זײַנע אָפּצאסן.

„פארוואָס פוילן די קארטאָפל?״ — די דאָזיקע פראגע האָט פארטונקלט אלץ אף דער וועלט. איז שולדיק דער ווינטער? זײַנען אליין די קארטאָפל שולדיק? אָדער אזוי וויל דער שיקזאל, וואָס האָט באגליקט דאָס דײַטשישע פאָלק מיטן פיורער, געטראָגן זײַנע ארמייען פאָרויס און צײַטווײַליק זיי פארהאלטן...

אזוי איז עס, און ניט אנדערש. ער, דער שטאבס־פעלדפעבל האנס פּפאנקוך, האָט דאָ ניט די קלענסטע שולד. ער, א קאדראָווער מיליטער־מאן, האָט שטענדיק טרײַ געדינט יעדערער פון גאָט אראָפּגעשיקטער מאכט. ער איז געהאָרכזאם, פליכטבאוווסט, איבערגעגעבן. און דעריקער — זײַן ראסן־ריין בלוט איז די שטארקסטע גאראנטיע פון גוטן ווילן און ערלעכע פארלאנגען.

פונדעסטוועגן האָט ער זיך דערפילט ניט מיט אלעמען.

— גרעטכען! — האָט פּפאנקוך אומגעדולדיק אויסגעשריִען. — קאווע!

ביז וואָס־ווען איז ער צוגעגאנגען צום געטראנקען־אלמערל און גע־געבן עטלעכע הילכיקע זופּ קאָניאק דירעקט פון דער פלאש. דערפילט אן אָנגענעמע ברענעניש אין ברוסט, האָט ער באשלאָסן מער זיך ניט גריבלען. סײַווי טראכט דער פיורער פאר אלעמען. ער, פּפאנקוך, וועט ליבערשט אויספילן באפעלן.

„מע דארף די קארטאָפל איבערקלײַבן!״

יאוואָל, ער נעמט זיך דערצו!

## אן אויסוועג

מיט א גרילץ האָבן זיך אופגעשלאָסן די לאנג ניט גערירטע שלעסער. שווער האָבן זיך אונטערגעגעבן די פארזשאווערטע ריגלען. נאָך שווערער האָבן זיך גערירט פון אָרט די קעלער־טירן גופא. ס׳האָט אויסגעזעצן, ווי זיי וואָלטן זיך אנטקעגנגעשטעלט די יעניקע, וואָס קלײַבן זיך ארײַנדריננ־גען אין די אונטערערדישע באהעלטענישן און אופדעקן פארבאָרגענע דאָרט סוידעס.

פּפאנקוכס ווײַטערדיקע שריט האָבן איידעס געזאָגט וועגן זײַן אויס־גערעכנטקייט און ווײַטן בליק. מיט אן עלעקטרישן פּראָזשעקטאָר האָט ער לאנג ארומגענישטערט אין די קעלערס, ביז ער האָט זיך איבערצײַגט: די קארטאָפל זײַנען פארומרייניקט, פול שמוץ.

צום שלאקס־דאָנערוועטער! ער האָט זיך דערמאָנט, ווי די פויערים האָבן אויסגעלאָדן די קאַרטאָפל. קלוימערשט געסטאַרעט זיך אופקלײַבן פון דער ערד דאָס לעצטע קאַרטאָפעלע, און פאַקטיש אָנגעשלײַדערט בלאָטע אין די קעלערס. דערצו נאָך האָט עמעצער די ווענטיליאַציע־קאַנאַלן מיט שטרוי פאַרשטאָפּט!

דער שטאַבס־פעלדפעבל איז אַזוי צעקאָכט געוואָרן, אַז ער האָט זיך געכאַפּט צום פּיסטאָלעט. ער וואָלט געשוואָרן באַם פיורער, אַז ניט געקוקט אף דעם, וואָס ער איז געווען אַ מיטגליד פונעם „טירשוץ־פאַריין", וואָלט ער איצט אָן צערעמאָניעס דעם ערשטן אָנגעקומענעם היגן אײַנוווינער אַרײַנגעזעצט אַ קויל אין נאַקן. אָן מיטלײַד! ער איז ניט קיין אידיאָט און פאַרשטייט, אַז מע קאָן אים פאָרוואַרפן: „בראַווע דײַטשישע סאָלדאַטן האָבן זייער בלוט פאַרגאָסן, לענדער דעראָבערט, און איר, שטאַבס־פעלדפעבל, האָט דערלאָזט, די קאַרטאָפל זאָלן אונטערגיין!" מע קאָן אים צושטעקן, אַז אָנשטאָט געטרײַ צו דערפילן דינסט־פליכטן, איי־סעקט ער זיך מיט הינט און מינדעריעריקע, ראַסיש־צווייפלהאַפטע מיידלעך.

ניט לאַנג געמאַכט שיִעס, האָט ער אַליין גענומען אַרויסשלעפּן די שטרוי פון די ווענטיליאַציע־קאַנאַלן. יעדן טאָג צוביסלעך וועט ער זיי אויסרייניקן. אַ פרישער לופטצוג וועט דאָס דומפּע גערוך אַרויסווייען. אָבער וואָס וועט זײַן מיט די פאַרפוילטע קאַרטאָפל? ער טאַפּט אָן אייגע, אַ צווייטע... ווו נעמט מען מענטשן זיי אָפּצוקלײַבן און אַרויסוואַרפן? מענטשן!

פּפאַנקוך פלעגט שטענדיק זיך אָן אייצע געבן. אויך דאָס מאָל איז אים אײַנגעפאַלן אַ דערלייזערישער געדאַנק: ייִדן! ייִדן פון געטאָ — אומזיסטע אַרבעטס־קראַפט! באַוואַכטע מיט געווער, וועלן זיי, וואָס נייטיק, אָפּטאָן...

געווען בלויז איין כיסאָרן — מע האָט ווידער געדאַרפט אָנקומען צום לייטענאַנט. נאָר פּפאַנקוכן, קאָן מען זאָגן, איז געגאַנגען מיט דער פּוטער אַרוף. צופעליק האָט ער געטראָפן זײַן שעף, בייס יענער האָט וויזיטירט דעם ראַיאָן פון די שפּײַז־סקלאַדן.

אָפּיציִעל זיך באַגריסט, האָט דער שטאַבס־פעלדפעבל אָנגעהויבן:

— ניט מייַנענדיק פון פאָרויס צו באַווירקן די הויכע מיינונג און די צו דערוואַרטנדיקע באַפעלן פון דעם הער לייטענאַנט, דערוועג איך זיך פאָרצושלאָגן, דער הער לייטענאַנט זאָל באַוויליקן צו דערלויבן נעמען ייִדן אף איבערצוקלײַבן די קאַרטאָפל.

ווי געווײנלעך, ווען דעם לייטענאַנט פלעגט עפּעס איבעראַשן, האָט זײַן קאָפּ אַ צוק געטאָן אף צוריק און איז פאַרשטאַרט געוואָרן. זײַנע אויגן פון אונטער דעם אַראָפּגערוקטן דאַשעק האָבן דאָס מאָל אַרײַנגעשאָסן אין פּפאַנקוכן צוויי שטאָלענע פײַלן:

— ייִדן?!

— יאַוואָל, הער לייטענאַנט! אומזיסטע אַרבעטס־קראַפט! באַ די קריגסגעפאַנגענע הערשט טיפוס. געפערלעך זיי צוצולאָזן צו שפּײַז!

דער לייטענאַנט האָט זיך אַ רעגע פאַרטראַכט. דאָס איז געווען אַ

סימען, אז ער האָט ניט וואָס צו דערווידערן. פּפאַנקוך האָט שוין טריומ־פירט. נאָר אומגעריכט האָט זײַן שעף אַ פרעג געטאָן:

— איז דעם הער שטאַבס־פעלדפעבל ניט באַוווּסט, אַז ייִדן פאַרפּעסטן די לופט שוין אַליין מיט זייער אָטעם? — אַפּוואַרטנדיק אַ ווײַלע, האָט ער באַדײַטונגספול אופגעהויבן דעם צײַגפינגער: — לאַטײַן — פאָעטאָר יודאַי־קוס! ייִדיש גערוך!

פּפאַנקוך איז געוועזן פאַרטשמעליעט. צום טײַוול! ווי אַזוי האָט ער עס ניט געוווּסט? ווײַל ס'איז לאַטײַן? קענטיק, אַז די ראַסן־לערע זיצט נאָך ניט גענוג פעסט אין זײַן מויעך. פונדעסטוועגן איז ער באַלד געקומען צו־זיך און סוידעספול אָנגעהויבן:

— ייִדן באַווירקן מייַנסטנס דעם גײַסט. אים קאָנען זיי ווירקלעך פאַרפּעסטן מיט זייער אָטעם. אָבער שפּײַז זײַנען זיי ניט אימשטאַנד אָנצושטעקן.

דער לייטענאַנט האָט אופגעהערט דיסקוטירן. שעף און אונטערגעאָרדנ־טער האָבן שווײַגנדיק געמאַכט עטלעכע טריט. פּלוצעם איז דער לייטע־נאַנט ווידער אַרויס מיטן לאָשן:

— און ווער איז, אײגנטלעך, שולדיק?

דער געשפּרעך האָט אָנגענומען אַ נײַע, פאַר פּפאַנקוכן זייער געפער־לעכע ווענדונג. האָט ער געענטפערט מיט אַ ציטער אין שטים:

— די פאַרזעונג.

— איר זײַט גאָטפאַרכטיק, הער שטאַבס־פעלדפעבל.

— אַלץ ליגט בא גאָט אין די הענט.

— באַם קאַטוילישן?

— אויך אונדזער פיורער איז פון געבורט קאַטוילישׁ. מײַן גלויבן איז דער גערמאַנישער גאָט און זײַן געזאַלבטער — אונדזער פיורער, הײַל!

דער לייטענאַנט האָט מיט קענטיקער גרינגשעצונג געהערט דעם שטאַבס־פעלדפעבל. אופגעהויבן דעם קאָפּ האָט ער מאַיעסטעטיש גע־שפּרײַזט, ווי באַגליקנדיק די ערד, וואָס איז זוכע פון אים געטראָטן צו ווערן.

ווי אַ מיליטערמאַן פון אַ נידעריקערן ראַנג, האָט פּפאַנקוך אַרויסגע־וויזן זײַן שעף די נייטיקע אַכטונג — געשפּרײַזט פון דער לינקער זײַט, האַלטנדיק זיך אָף אַ געהעריקער שטרעקע. צײַטנווײַז פלעגט ער אומ־רויק אַ שיקל טאָן צום לייטענאַנט, אָף יענעמס וווּנדערלעך אויסגעשניצטן פּראָפיל, אָף דער אין שראַמען צעפּאַסעוועטער לינקער באַק, וואָס האָט אין פּפאַנקוכס אויגן צוגעגעבן דעם פּאָנעם ווירדע, אַנזען, מענערישע שיינקײַט. אים, פּפאַנקוכן, איז ניט באַשערט שוין צו דערגרייכן הויכביל־דונג, דערווערבן אַזוינע שראַמען, דערדינען זיך געפלאַכטענע זילבערנע אַפּיצער־שליפּעס...

— די אַרויספּאָדערונג אָף ייִדן וועט זײַן, — האָט אומדערוואַרט אַרויס־געזײַט דער לייטענאַנט, בלײַבנדיק שטיין לעבן דער קלומבע, אָף וועל־כער פּפאַנקוך האָט אויסגעקלעפּט אַ שניי־ספינקס. — דאָס איז אײַער קונסט, ניט אַזוי? קענטיק, איר האָט פיל פרײַע צײַט. און פאַרוואָס בייגט

דער ספינקס דעם קאָפּ זײַנעם? דערשפירנדיק זײַן שולד, האָט ער זיך פאַרשעמט, וואָס?

— די זון איז שולדיק, הער לייטענאַנט. זי וואַרעמט.

אַז דעם לייטענאַנטס שטאַלטנע, ריטמיש זיך וויגנדיקע פיגור איז פאַרשוווּנדן, ווי זי וואָלט צעשמאָלצן געוואָרן אינעם שימער פונעם זוניקן ווינטער־טאָג, האָט פּפאַנקוך אויסגעלאָזט זײַן ביטער האַרץ צו דער אייגענער שאַפונג — צעבריקעט, צעטראָטן די שניי־פיגור, געמאַכט זי מיט דער ערד צוגלײַך.

דערנאָך, אַרײַנפאַלנדיק צו זיך אין צימער, האָט ער גענומען רײַסן פון די ווענט זײַנע מאָלערײַען — די בילדער פון נאַקעטע פרויען, וואָס ער האָט געצייכנט פון פאַרשיידענע גרעטעס און גרעטכענס, און די איבערגעקאָפּירטע פון פּאָרנאָגראַפישע קאַרטלעך. צעריסן אַלע צייכע־נונגען אויף פּיצפּיצלעך, אַז קיינער זאָל מער ניט קאָנען טײַטלען מיטן פינגער — קוקט, מיט וואָס מע פאַרנעמט זיך, אָנשטאָט אַכטונג געבן, די קאַרטאָפל זאָלן ניט פוילן.

פאַרייינזאַמט איז געבליבן הענגען אויף דער גרויער אָפּגעקראָכענער וואַנט דער פּאָרטרעט פונעם דײַטשישן סאָלדאַט אינעם קיווער — ווי אַן איינציקער איידעס פון פּפאַנקוכס באַשעפטיקן זיך מיט מאָלערײַ. דאָס פאַרגרעבטע פּאָנעם, די אויסגעסטאַרטשטע אויגן האָבן, לויטן שטאַבס־פעלדפעבל, געדאַרפט אויסדריקן גרענעצלאָזע אָפּפערווויליקײַט, העלדיש־קײַט און ליבע צום פאָטערלאַנד.

## ווידער פאַרברעכער

פּפאַנקוך האָט מאַמעש געשטראַלט: אָט דאָס באַטײַט אָרדענונג!

יעדן פרימאָרגן ברענגט זיי אַ באַוואָפנטע וואַך — פינקטלעך אויסגע־ציילטע, אויסגעמושטערירטע, צו פיר אין אַ ריי. אויף דער ברוסט און אויפן רוקן איז בײַ איטלעכן צוגעפעסטיקט אַ גרויסער געלער, זעקסעקיקער שטערן. בײַטאָג אַרבעטן זיי אונטער אַ שטרענגער אויפזיכט, בײַנאַכט פאַרשפּאַרט מען זיי אין דער אַרומגעצוימטער געטאָ.

אַזאַ אָרדענונג געפעלט פּפאַנקוכן ביז גאָר. ווען אַלע אײַנוווינער פון די דעראָבערטע געביטן ווערן אַזוי אַרײַנגענומען אין די הענט, וואָלט געוויס ניט פּאַסירט דאָס, וואָס האָט פּאַסירט מיט די קאַרטאָפל. פאַרוואָס באַפעלט ניט דער פיורער אַרײַנצוטרײַבן זיי הינטערן שטעכדראָט, אַלע ביז איינעם? נאָר פּפאַנקוך כאַפּט זיך: דאָס וואָלט געפאָדערט צופיל דײַטשישע וואַכלײַט. געדולד! נאָכן קריג, אַז די אַרמייען וועלן קומען פון פראָנט, וועט מען שוין וויסן, וואָס צו טאָן.

און דערווײַל האָבן די ייִדן איבערגעקליבן קאַרטאָפל. אויף טראָגבערע־טער געשלעפּט פון די קעלערס די איבערגעפּירטע און צונויפגעוואָרפן אין קופּעס. פּפאַנקוך איז ניט געווען פויל אַ קאָנטראָליר צו טאָן לויטן זייגער, וויפל דויערט, אַ טרעגער־פּאָר זאָל אַראָפּגיין אין קעלער מיט ליידיקן און אויפהייבן זיך מיט פולן. די פּאַרשפּעטיקטע האָט ער מעכאַבעד

געווען מיט זײַן שפּיצרוט. ער פֿלעגט אויך אראָפּטרײַבן די וואכלײַט געבן א קוק, וואָס עס טוט זיך דאָרט אונטן. אליין האָט ער עס ניט געטאָן. ס׳קאָן דאָך זײַן, אז פֿונעם גיפֿט, וואָס די ייִדן אָטעמען ארויס, און פֿון דעם געריך פֿון די פֿוילנדיקע קארטאָפֿל שאפֿט זיך א געפּערלעכע סובסטאנץ, וואָס קאָן פֿארדארבעריש ווירקן אויף ראסן־ריינעם בלוט.

די אלץ וואקסנדיקע הויפֿנס צעפֿוילטע קארטאָפֿל, אַנגעוואָרפֿענע אפֿן שניי, האָבן גענומען שרעקן דעם שטאבס־פֿעלדפֿעבל. וואָס וועט בלײַבן אין די קעלערס? ווו וועט ער נעמען קארטאָפֿל פֿאר די מיליטערישע קיכן? די קאזארמעס ארום זײַנען אָנגעפּראָפּט. פֿון פֿראָנט ברענגט מען און מע ברענגט אין די שטאָטישע לאזארעטן פֿארוווּנדעטע. און ווו זײַנען די געליטענע פֿון די רוסישע פֿרעסט? אויך דעם דאָזיקן אומניי־טיקן סקארב שלעפּט מען אהער. פֿארן פֿאָטערלאנד איז עס אָן אבסאָליוט איבעריקער באלאסט, און ער, פּפאנקוך, דארף אלעמען שפּײַזן, בייס די קארטאָפֿל־רעזערוון צעגייען, ווי שניי אין דער ווארעם.

ניט אנדערש, אז אליין די געטלעכע פֿאָרזעונג האָט א שטופּ געטאָן פּפאנקוכס האנט א רודער צו טאָן מיט דער שפּיצרוט אין די הויפֿנס קארטאָפֿל־אָפּפֿאל. דער פֿריִער פֿארבאָרגענער אומרו איז איצט פֿאר־וואנדלט געוואָרן אין גרימצאָרן: אָ, שלאקס־דאָנערוועטער, נאָכאמאָל! אזויפֿיל גוטע קארטאָפֿל צונויפֿגעוואלגערט אינעם אָפּפֿאל! עך, די פֿאר־שאָלטענע ייִדישע אונטערמענטשן!

פֿון אלע קעלערס האָט מען צונויפֿגעטריבן די ייִדן, אויסגעשטעלט זיי אין א שערענגע. די וואך, אפֿן באפֿעל פֿונעם שטאבס־פֿעלדפֿעבל, — מיט די ביקסן אין שלאכט־גרייטקײַט. ער אליין, אין נאפּאלעאָנס פּאָזע — די פּיס פֿאנאנדערגעשפּרייט, די רעכטע האנט ארײַנגעשטעקט אין לאץ — האָט זיי אָנגעקוקט מיט א פֿינצטערן בליק פֿון אונטער די האָריקע ברע־מען. אָט זײַנען זיי, די וועלט־פֿארברעכער. זיי שטייען מיט אנטבלויזטע קעפּ, די היטלען אין די הענט. א פֿארשיידנפֿארביקער געזעמל — צעפֿליקטע מאנטלען, אָפּגעטראָגענע קורטקעס, שמוציקע רעקלעך, מיט שטריק ארומ־געגארטלטע שמאטעס. די פּענעמער — אָן א טראָפּן בלוט, ווי בא מייסים. נאָר די אויגן ברענען. געוויס מינען זיך אין זיי פֿונקען פֿונעם טײַוולס פֿײַער. אָבער פּפאנקוך איז דעם פֿיורערס א זעלנער, וועלכן עס שרעקט ניט אָפּ דער טײַוול אליין. איז ער אופּגעשפּרונגען פֿון אָרט און, ווי לאָזנדיק זיך אין אטאקע, גענומען לויפֿן לענגאויס דער שערענגע, שפּריצנ־דיק און שלײַדערנדיק פֿלאמפֿײַער:

— און איר וואגט נאָך! איר, וואָס זײַט שוין, ווי דער פֿיורער זאָגט, ניט מער, ווי א מוזעאלע זעלטנהײַט! איר, וועמענס אָרט ס׳איז באם אורפֿאָטער אבראהאם! די מערהײַט פֿון אײַך איז שוין בא אים. יאָ, יאָ, יאָ! פֿרייט זיך, אז מע לאָזט אײַך נאָך פֿויזען אויף דער ערד. פֿארן דאָזיקן גענאָד דארפֿט איר אָפּדאנקען מיט ערלעכער, איבערגעגעבענער ארבעט. און איר...

דאָ האָט זיך פּפאנקוך פֿארהאקט. ארום זײַנען געשטאנען די וואכלײַט נאָך אלץ מיט גרייטע ביקסן און געוואָרט אפֿן באפֿעל. דער שטאבס־

פעלדפעבל האָט זיך פארהאקט? ס'הייבט זיך ניט אָן! פפאנקוך ווייסט, ווען צו שטעלן א פונקט. ער זאָל אויספלאפלען, וואָס די ייִדן האָבן אָפּ־געטאָן, וועט עס דער־גיין צום לייטענאנט. יענער וועט זיך פרייען, וואָס עס פאלט אזוי שענדלעך דורך די אקציע צו ראטעווען די קארטאָפל... די צוגויפגעטריבענע האָט דער שטאבס־פעלדפעבל געדארפט זאָגן עפּעס זייער שטרענגס:

— וואנצן זײַט איר! צעקוועטשן דארף מען אײַך, קיין שפור זאָל פון אײַער שטינקעדיק געביין ניט בלײַבן! איך טראכט אָבער ניט צו פאר־שמוצן מײַנע הענט מיט קרעציקע לומפּן! כ'וועל אײַך איבערגעבן דער געסטאפּאָ! דאָרט וועט איר זיך אויסלערנען ארבעטן!

— פון אײַלעניש קומט קיין גוטס ניט ארויס! — האָט עמעצער פון דער שערענגע א זאָג געטאָן אין א גוטן דײַטש, הילכיק און דרייסט.

לויט זײַן אופגעהויבענעם קאָפּ און צוקנדיקע קינבאקן איז ניט שווער געווען צו דערקענען, ווער ס'האָט געדעדט. פפאנקוך איז געווען איבער־גליקלעך, וואָס ער האָט א גוטע געלעגנהײַט צו פארענדיקן די אָנשוי־לעכע לעקציע.

— דרײַ טריט פאָרויס, מארש! — האָט ער געגעבן א קאָמאנדע צו דעם, וואָס איז פרעך געווען. — דו וועסט גיין מיט מיר, און איר — צו דער ארבעט! איך וואָרן! איצט ווייסט איר, ווי צו ארבעטן. אָרדענונג זאָל מיר זײַן!

געשטויסן פון די ביקסן־קאָלבעס, זײַנען די ייִדן אראָפּ אין די קעלערס. דעם פארזינדיקטן האָט דער שטאבס־פעלדפעבל אוועקגעפירט מיט זיך.

## דער פארהער

ניין, ניט זײַן באלעבאָס האָט עס דאָנאר אזוי שטורמיש באגעגנט. אן אָפּגעפּיטערטער, ווי א קאלב די גרייס, איז דער הונט, שטשירענדיק די ציין, ארויסגעשפרונגען פון זײַן אָפּגעצוימט ווינקל און זיך געוואָרפן אפן פרעמדן. אָט־אָט וועט ער אים איבערבײַסן דעם גאָרגל. אין דער לעצטער רעגע האָט פפאנקוך באפוילן:

— דאָנאר, האלט!

אופגעריסן די געמבע, איז דער הונט געבליבן שטיין אף די הינ־טערשטע פיס, דערנאָך אף אלע פיר געגומען זיך דרייען ארום דעם פרעמדן און וואָיענדיק באקלאָגט דעם פעטן ביסן, וואָס מע האָט אים ארויסגעריסן פון מויל.

פפאנקוך האָט געקוועלט: אָט דאָס הייסט דרעסור, מושטרא! ווירקלעך, קלאסיש! זײַן מי איז ניט געווען אומזיסט!

דער ארײַנגעקומענער איז געשטאנען מיט אן אנטבלויזטן קאָפּ, ווי אן אָפּגעמישפּעטער. די געלע שטערן אף זײַן ברוסט און רוקן האָבן ווי אָפּגעשטעמפּלט דעם אורטייל איבער אים.

דער הונט זאָל זיך ניט פלאָנטערן אונטער די פיס, האָט אים פפאנקוך מיט איין ווונק ארײַנגעטריבן אין זײַן ווינקל. אליין האָט ער זיך א וואל־

גער געטאָן אױף דער ברײטער, זײער װײכער, מיט פרענדזלעך ארומגע־
האנגענער סאָפע און צוגעטראָטן צום פארהער:
— שפּרעכסטו דױטש?
— יאָ.
דאָס איז, אײגנטלעך, ניט געװען קײן איבעראשונג. װעדליק דער
פריִער אױסגערופענער פרעכער פראזע האָט מען געקאָנט עס דערװארטן.
דערצו מאכט דער דאָזיקער קארטאָפל־סאָרטירער אן אײַנדרוק פון א
גאנץ אינטעליגענטן מענטשן, כאָטש זײַנע זײַנע קלײדער זײַנען אָפּגעטראָגן,
דאָס פּאָנעם — פארװיניטיקט. נײן, ער זעט ניט אױס װי קײן גאָרנישט,
דער דאָזיקער װוקסיקער, גוט געבױטער יונגערמאן מיטן הױכן שטערן,
מיט דער שמאָלער גראָדליניקער נאָז, מיט די גרױסע גרױע אױגן און
העלע האָר.
— און דו װײסט אױף זיכער, אז דו ביסט א ייִד? — האָט פּפאנקוך זיך
פארװוּנדערט. — האָסטו א שטאמבױם, גענעאלאָגישע דאָקומענטן? ביסטו
זיכער, אז דיך האָבן פּראָדוצירט דײַנע ייִדישע עלטערן? דו זעסט מיר אױס
פארדעכטיק. װי אן אריִער... דערצו, זע איך, ביסטו דרײסט. װי קומט
צו װאנצן דרײסטקײַט?
דער יונגערמאן האָט גלײַכגילטיק געשװיגן.
— קום נעענטער. נעם דעם שטול. זעץ זיך, — איז פּפאנקוך מיט קו־
ראזש אופגעשטאנען פון דער סאָפע.
דער יונגערמאן האָט געפאָלגט.
— און איצט שטײ אױף!
ניט אָן א גרונט איז דער שטאבס־פעלדפעבל מעװולװל געװאָרן. װאָס
טוט זיך דאָ? דער קערפּער פון דאָזיקן סעמיט איז ניט אזױ געבױט, װי
די ראסן־טעאָריע לערנט.
— נו, דרײ זיך אָקאָרשט אױס! — איז שױן פּפאנקוך געװאָרן אומגע־
דולדיק. — װײַז דײַנע אָפּצאסן. המ... אָפּגעטראָטן פונקט אין דער מיט.
ייִדן דארפן אָפּטרעטן די אָפּצאסן אױף אױסן...
פּפאנקוך האָט געװאָלט זיך איבערצײַגן, צי באם געפּאָרשטן אָביעקט
זײַנען די נעגל פּירקאנטיק, די אױערן — אָפּגעשטאנענע. אזױ דארף עס
טעאָרעטיש זײַן בא ייִדן. ער האָט קאָנטראָלירט די „אױערן־נאָז־ליניע״.
נאָר אױך זי האָט קײן דײַטלעכן ראסן־באװײַז ניט געגעבן — ניט אהער,
ניט אהין.
— דו דארפסט... דארפסט אױסקלאָרן דײַן אָפּשטאם, — האָט דער
שטאבס־פעלדפעבל געמורמלט. ס'האָט אים צערודערט דער פאקט, װאָס
אלע זײַנע מיטלען פעסטצושטעלן די ראסן־אָנגעהעריקײַט האָבן אופגע־
הערט גילטן. װוּ איז דער ראסן־פאקטאָר? װוּ זײַנען די ראסישע מינוס־
װאריִאנטן? דעריבער האָט ער א בורטשע געטאָן: — עפּעס איז דאָ ניט
גלאטיק.
פונדעסטװעגן האָט ער זיך געטרײסט: עס זײַנען דאָך פאראן אױס־
נאמען. צום בײַשפּיל, ער אלײן: א הונדערטפּראָצענטיקער אריִער און —
טונקלהאָריק, נידעריק, מיט פּיס, װאָס טרעטן אָפּ די שיך אױף אױסן...

וועלנדיק פאַרטושן די אומאַנגענעמע געפילן, וועלכע די איבערטראַכ־טענישן האָבן בא אים אַרויסגערופן, האָט דער שטאַבס־פעלדפעבל א קערעווע געטאָן דעם פאַרהער אין א נײַער ריכטונג:

— נו, און מיט וואָס האָסטו ביזן קריג געהאַנדלט?

— איך בין א מאָלער.

— א מאָלער? אָ, דאָס איז בא אונדז אן ערעפולער באַרוף. אדאָלף היטלער איז אויך געווען א מאָלער. איצט איז ער דער פיורער. און איך אליין דין אויך די מוזעס. כ׳קלעפּ שניי־פיגורן און האָב זיך געגעבן א וואָרט, אז דעם קומענדיקן ספינקס וועל איך אויסקנעטן פון מאָסקווער אָדער אוראַלער שניי. איך צייכן, איך מאָל. ליידער, איז מיר בלויז דער־אָ פּאָרטרעט געבליבן, — פפאַנקוך האָט מיט כשיוועס א ווונק געטאָן אפן בילד פונעם סאָלדאַט מיט די אויסגעסטאַרטשעטע אויגן. — נו, און איבער־צייכענען פּאָסטקאַרטלעך אָדער, לאָמיר זאָגן, פּאָטאָס קאָנסטו?

— איך דענק, אז יאָ.

פפאַנקוך האָט אים באַלד אונטערגערוקט א ריין שטיקל פּאַפּיר, א בלײַער, א גומי־מעקער. דערלאַנגט א פּאָטאָ. דער מאָלער האָט זיך גע־נומען צו דער אַרבעט. מיט קינע האָט דער שטאַבס־פעלדפעבל נאָכגע־פאָלגט די פלינקע באַוועגונגען פונעם בלײַער. ווי געשיקט עס באַקומט זיך דאָס איבערגעצייכנטע בילד! אים, פפאַנקוכן, גיט זיך אזוי ניט אײַן. ער מוז נאָכאַנאַנד מעקן, פאַריכטן, ווידער מעקן. און דאָ — אזוי שנעל און פונעם אָריגינאַל קוים צו אונטערשיידן. ער האָט ניט אויסגעהאַלטן און באַגײַסטערט אויסגערופן:

— דו האָסט טאַלאַנט!

— טאַלאַנט... — האָט ביטער א שמייכל געטאָן דער צייכנער, — וואָס איז שוין פונעם טאַלאַנט, אז דו ביסט פאַרשפּאַרט אין געטאָ.

— און פון דאָרט וועסטו קיינמאָל ניט אַרויס! — האָט געפּאַסקנט פפאַנקוך.

ניט אומזיסט איז ער א קאַדראָווער מיליטערמאַן און בעמעשעך פון יאָרן דערפאָלגרײַך אָנגעפירט מיט ווירטשאַפט־אײַנהײַטן. געניט צו ציִען נוצן פון אלץ און פון אלעמען, האָט דער שטאַבס־פעלדפעבל באַשלאָסן: דער דאָזיקער טיפּ וועט צייכענען בילדער, פאַרגרעסערן פּאָטאָס, און ער, פפאַנקוך, וועט די דאָזיקע פּראָדוקציע אָפּזעצן ווי אייגענע אַרבעט. מע ווייסט דאָך, אז ער צייכנט. פון איין קאַמעראַד וועט ער פאַר א פאַר־גרעסערטן פּאָרטרעט באַקומען א פלאַש קאָניאַק, פון א צווייטן — אונ־טערכאַפּן עפּעס־וואָס פון די „אָרגאַניזירטע" ווערטזאַכן...

געבליבן איז צו באַטראַכטן, ווי באַגעגנט מען זיך מיטן מאָלער, עס זאָל בא קיינעם קיין פאַרדאַכט ניט אַרויסרופן. פפאַנקוך האָט ווידער געפונען, לויט זײַן מיינונג, א גענ׳אַלן אויסוועג. דעם מאָלער וועט ער באַשטימען פאַרן עלטסטן פון די קאַרטאָפל־סאָרטירער. זײַן פליכט וועט זײַן יעדן אינדערפרי צו ראַפּאָרטירן, וויפל מענער און פרויען זײַנען דערשינען צו דער אַרבעט; פון אָוונט — וואָס זיי האָבן אופגעטאָן פאַרן טאָג. ער, פפאַנקוך, וועט ניט זײַן אזוי פאַרשקלאָפט בא די פאַרשאָלטענע

קעלערס. אָן דעם האָט ער איבערגענוג דינסטלעכע זאָרג: סקלאַדן, פּערד־שטאַלן און אַנדערע אַנשיקענישן...

— פון איַילעניש קומט קיין גוטס ניט אַרויס? ס'הייסט, מע דאַרף ניט אונטערטרײַבן? — האָט דער שטאַבס־פעלדפעבל געטראַכט אַפן קאָל. באַ זיך איז ער שוין מאַסקים געווען דערמיט, אַז מע דאַרף טאַקע ניט אַרויסיאָגן די נעשאָמע פון די לעבעדיקע מייסים, ווען די קאַרטאָפּל־סאָרטירונג זײַן דערפאָלגרײַכער. יאָ, ס'זעט אויס, אַז דעם דאַזיקן מאַנס־פּאַרשוין פעלט ניט קיין פאַרשטאַנד. האָט ער אים געפרעגט:

— ווי רופט מען דיך? — און זיך פאַרכאַפּט: — דײַן נומער?

— פינף טויזנט נײַן הונדערט צוויי און זעכציק.

— שווער צו פאַרגעדענקען. אייגנטלעך, איז אויך דער נומער ווערט אַ שפּײַ. איך באַשטים דיך פאַרן עלטסטן פון דײַנע לומפּן און וועל דיך רופן... רופן... בריגאַדע־פיורער... פוי, דאָס איז דאָך דער טיטל פון אַן עסעס־גענעראַל. קאָלאָנען־פיורער? ניין, ניין! וואַנצן קאָנען קיין פיורערס ניט זײַן! דיך וועל איך טיטולירן קורץ און שאַרף: מאָלער. זאָל זײַן אַזוי, מאָלער! — פּפאַנקוך האָט ווי אויסגעפּרוווט דעם קלאַנג פונעם וואָרט „מאָלער". — אַלזאָ, מאָלער, אויב ס'וועט ניט ווערן אַן אַבסאָליוטע אָרדע־נונג מיט די קאַרטאָפּל, וועל איך דיך דעם ערשטן באַזאָרגן מיט אַן אומזיסטער רײַזע צו דײַנע אורעלטערן, זאָלסט קאָנען איבערקלײַבן זייערע קאַרטאָפּל. פאַרשטאַנען?! און מאַרש!

נאָך דעם, ווי ער האָט אַרויסגעטריבן דעם אָקאָרשט אוילע־לעגדולע געוואָרענעם אַרעסטאַנט, איז פּפאַנקוך צוגעפאַלן צו די פענצטערלעך און זיי אַלע אויפגעפּראַלט. מע האָט געדאַרפט אויסלופטערן דאָס צימער. אָטע־מענדיק, האָט דער פרעמדער געוויס דאָ פאַרפעסטעט די לופט. און ניט נאָר אָטעמענדיק. ווי הייסט עס דאָרט, פּאָעטאָר, פּאָעטאָר יודאַיקוס?.. זעסטו, ווי אָפּגעהיט מוז זײַן אַ ריינראַסיקער אַריער!

## זאָרג איבער זאָרג

פּפאַנקוכס פערזענלעכע איניאָנים זײַנען אָוועק גאָר ניט שלעכט.

אַפן ערדקײַלעך זײַנען גאַנצענע וועלטן אופגעטרייסלט געוואָרן ביזן יעסאָד. ערגעץ־ווו האָט זיך טײַכנווײַז געגאָסן בלוט. פון די טיפּענישן אַרויסגעריסענע זײַלן ערד, שוואַרצע קנוילן רויך, רויטע פלאַמען־צינגער האָבן געזעצט אין די הימלען. עס האָט געברויזט, גערעוועט דער מיל־כאָמע־שטורעם. אָבער אַלץ — ערגעץ־ווו. דאָ, אין שטאָט, וואָס איז גע־בליבן ווײַט הינטערן פראָנט, אין דעם אָפּגעצוימטן ראַיאָן, ווו ס'האָט באַלעבאַטעוועט אונדזער שטאַבס־פעלדפעבל, האָט זיך אײַנגעשטעלט רו, קימאַט אַן אידילישע שטילקײַט.

דער לייטענאַנט איז, קענטיק, שטאַרק באַשעפטיקט געווען מיט איי־סאָקים, נעענטערע צום האַרצן, און שוין לאַנג ניט געווען אַרום אַף דער טעריטאָריע פון די קעלערס און שפּײַכלערס. דעריבער האָט פּפאַנקוך געהאַט פרײַע הענט צו טאָן אַלץ לויט זײַן אײַנזעעניש. אַלע האָבן גע־

7*

קראָגן פאר אים נאָך מער אָפּשײַ... נאָר דאָס, וואָס דער לייטענאַנט האָט קימאַט דעמאָנסטראַטיוו אופגעהערט זיך מישן אין די דינסטלעכע אָנגעלעגנהײַטן, האָט געשראָקן דעם שטאַבס־פעלדפעבל. ניטאָ, ווער ס'זאָל באַפעלן פון העכער! צי לויערט ניט אָף אים דאָס דאָזיקע אויסגעכאָליעטע אָפּיצערל ערגעץ פון אַן אויסבאַהאַלט, אַזוי ווי אַ כּײַע אָף איר קאָרבן?

— יאָ, יאָ, יאָ! — האָט צוגעשטימט פּפאַנקוך. — אַ מענטש אַ מענטשן איז אַ וואָלף. אַזוי ז'געווען, אַזוי איז עס און אַזוי מוז זײַן!

אויך גרעטכען האָט אים גענומען פאַרשאַפן זאָרג. זי לעבט בײַ אים אַזוי לאַנג און נאָך קיין וואָרט ניט אויסגערעדט, קיין איין מאָל אַפילע ניט אַ לאַך געטאָן. אַ טויבשטומע איז זי, צי וואָס? הערט זי דאָך, ווען מע באַפעלט איר ברענגען קאַווע, אויסבאַקן לאַטקעס, צירעווען זאָקן, אופראַמען דאָס צימער. זי טוט עס און שווײַגט, ווי אַ פאַרשאָלטענע. קאָן, אַפּאָנעם, נאָך אַלץ ניט פאַרגעסן יענע נאַכט, ווען די שטראָף־קאָמאַנדע האָט אוועקגעלאָזט מיטן רויך איר דאָרף. עפּשער האָט זי באַמערקט, ווי מע האָט געשאָסן איר פאָטער, געזען, ווי מע האָט איר מוטער צוזאַמען מיט יאָמערנדיקע פרויען און קינדער אופגעלאָדן אין מאַשינעס און אַרויסגעפירט? אָבער אים, איר רעטער און אָפּעקון, קאָן זי אין קיין זאַך ניט באַשולדיקן. אין יענער נאַכט האָט ער, ווי שטענדיק, זיך באַשעפטיקט נאָר מיט ווירטשאַפטלעכע פראַגן. און זי, גרעטכען? אין אַזאַ שווערער קריגס־צײַט לעבט זי זיך, ווי באַם טאַטן אין ווײַנגאָרטן. זי האָט זיך גאַנץ פײַן פאַריכט, צוגעקומען אין וואָג, פאַרזוכט בײַ אים דעם טאַם פון ליבע־עליקסיר. נאָר שוין צו בלייך איז זי. און אָפּן דעק פון אירע אויגן, כאָטש זיי זײַנען העלע, — פינצטערע הינטער־קאַוואָנעס. ניין, דעם מיידלס שטימונג געפעלט אים ניט. עפּשער טראַכט זי אַנטלויפן? וועט אַלץ אויספּלאַפּלען? נאַרישקײַטן! וועסט ניט אַנטלויפן, ליבכען! דער ראַיאָן איז הויך אַרומגעצוימט. די טויערן — גוט באַוואַכט. און עפּשער האָט זײַן גרעטכען צוגעטראַכט עפּעס שרעקלעכס? וועט אים באַנאַכט קוילען... פאַרשליסט ער זי אָף באַנאַכט, און דאָנאַר איז בײַ דער זײַט. נאָר פּפאַנקוך האָט אַלץ קיין רו ניט.

און געדאַרפט האָט מען זיך גאָר פרייען: די הויפּנס אַרויסגעוואָרפענע קאַרטאָפּל זײַנען ווינציקער און קלענער געוואָרן. דער מאָלער, אַ דאַנק גאָט, האָט אים באַפרײַט פון דער קאָפּדרייעניש מיטן איבערקלײַבן די קאַרטאָפּל און אַפילע געגעבן אַ געלעגנהײַט צו פאַרדינען אַ פלאַש פּונש און צוויי פּאָר זײַדענע דאַמען־זאָקן. דער עמעסער ביזנעס איז נאָך פּאָר־געשטאַנען. אָט, אַ סעריע פראַנצויזישע פּאָטאָס פונעם אינטימען פּאַריזשער נאַכט־לעבן... דער מאָלער וועט זיי פאַרגרעסערן, איבערצייכענען אין פאַרבן. באַלאָנגים אָף אַזאַ סכוירע וועט ניט פעלן. מע קאָן שוין גרייטן פלאַץ פאַר נײַע פלעשער געטראַנקען.

יאָ, מיטן מאָלער האָט דער שטאַבס־פעלדפעבל געטראָפן. יעדע פרײַע מינוט פון זײַנע פליכטן אַלס עלטסטער פון די קאַרטאָפּל־סאָרטירער מוז ער זיצן, דער מאָלער, און צייכענען. אין אַ זײַטיק קעמערל, וואָס קיינער אין דער וועלט וועט ניט אַנטדעקן, האָט ער זיך זײַן „אַטעליע". פּפאַנקוך

כאפּט אָפּט זיך אַרײַן צו אים קאָנטראָלירן, צי ער זיצט ניט מיט פאַר־לייגטע הענט. איינמאָל האָט ער אים אָפּגעשטאַט אַ וויזיט מיט אַן אַנ־דערן ציל.

— אָן צווייפל, — האָט ער אָנגעהויבן, — זײַנען צווישן אײַך פאַראַן יוּוועלירן, גאָלדשמידן. דאָס זײַנען דאָך ייִדישע פּראָפעסיעס. אַלזאָ, זאָלן זיי מיר מאַכן אַ צירונגס־שטיק. מירן זאָגן, אַזאַ־אָ...

און ער האָט געוויזן אַ געלינקנעם באַ אַ קאַמעראַד זילבערנעם רינג מיט אַ גאָלדן פּלאַטקעלע, אויף וועלכן ס'איז געווען אויסגעגראַווירט אַ מאָנאָגראַם.

— אָט באַקומסטו רוישטאָף, — האָט פּפאַנקוך, ניט וואַרטנדיק אויפן מאָלערס צושטימונג, אַרויסגעקראַצט פון טײַסטער אַ זילבערנע מאַטבייע און באַטאָנט: — זילבער! און ניט ווייניק. דיר וועט נאָך איבערבלײַבן. דערפאַר וועסטו דערלייגן דאָס בייטיקע גאָלד פאַר דער פּלאַטקע. אַזאַ סוּ־וועניר געפעלט מיר. און אָט איז זאָגאַר די מאָס פון מײַן פינגער, — האָט ער אויסגעשטרעקט אַן אויסגעבויגן אײַן אַ רינג שטיקל דראָט.

עס זאָלן ניט בלײַבן קיין שפּורן פון דאָזיקן געשעפט, האָט פּפאַנקוך מינדלעך אָנגעזאָגט, וואָס מע דאַרף אויסקריצן אויף דער גאָלדענער פּלאַט־קע: דעם בוכשטאַב „ה", איבערגעפלאָכטן מיטן בוכשטאַב „פּ", ס'הייסט, די איניציאַלן פון זײַן נאָמען און פאַמיליע־נאָמען. אויף דער אינווייניק־סטער זײַט פונעם רינג — אַן „אָ", אַ „פּ" און די צאָל 42.

עטלעכע מאָל האָט דער שטאַבס־פעלדפעבל איבערגעכאַזערט זײַנע אָנווײַזונגען, אויסגעפּרוּווט דעם מאָלער, צי ער פאַרגעדענקט, און זיך צעשמייכלט: וועט עמעצן אײַנפאַלן, אַז „אָ" באַטײַט „אָסטלאַנד", „פּ" — „פעברואַר" און „42" — דאָס לויפנדיקע יאָר 1942? ניט יעדערער וועט פאַנאַנדערשיפרירן די דאָזיקע טיפזיניקע סימבאָלן.

פּפאַנקוך איז געווען אַזוי באַגײַסטערט פון זײַן אײַנפאַל, אַז ערשט נאָך דעם, ווי דער מאָלער האָט אַ נעם געטאָן פון זײַן האַנט די מאַטבייע, האָט ער זיך געכאַפּט: די האַנט פון אַ סעמיט האָט זיך צוגערירט צו זײַ־נער!

אויף יעדנפאַלס האָט ער אַרומגעוואַשן די הענט מיט ספּירט, דעריקער גוט אָפּגעריבן דאָס אָרט, אויף וועלכן ער האָט נאָך אַלץ געפילט די באַריי־רונג פונעם פאַרשאָלטענעם ניט־אַריער.

מע דאַרף זײַן אָביעקטיוו און אָפּמערקן, אַז פּפאַנקוכן האָבן געקאָ־ראָבעט די געשעפטן מיטן ייִדן. עמעס, קיינער ווייסט ניט פון זיי. אָבער זײַן געוויסן! קיין פולע באַרעכטיקונג פאַר די קאָנטאַקטן מיט אַ פאַר־שטייער פון סוינע האָט זײַן געוויסן ניט געפונען. שטענדיק איז שוין אַזוי: ווי נאָר ער האָט אַ שטיקל נוצן פון עפּעס, אַזוי אַנטשטייען באַלד אומאָנ־גענעמלעכקײַטן. דאָך איז ער ווידער אַוועק צום מאָלער. אַוועקלייגנדיק פאַר אים אַן אײַנגעוויקלט פּעקל, האָט ער צו וויסן געטאָן:

— דאָ האָסטו ברויט. פאַרבאַהאַלט. ווייסט, וואָס עס באַטײַט ברויט?

— מיר ווייסן עס שוין צו גוט, — האָט אָפּגעזיפצט דער מאָלער, אַרײַנשטופּנדיק דאָס פּעקל אין קעשענע. — מיר באַקומען צו הונדערט

7—1432

גראם א טאָג. דאָס ברויט איז מיט פּאָלעווע, אַף דײַטש — זעגעמעל. — און ווײַטער געטאָן זײַן ארבעט.

— זעסטו, און דאָ האָסטו ריכטיק ברויט. ניט זייער פריש. אָבער דעם שימל קאָן מען אויסשנײַדן. און אין אלגעמיין איז פארעלטערט ברויט געזינטער פארן מאָגן. מיינסט, אלע דײַטשן זײַנען שלעכט? איך, צום בײַשפּיל, האלט פון פּרינציפּ: ווער ס'איז ניט קאַפּוט געמאכט, האָט רעכט צו פרעסן. — געזאָגט עס, איז פּפאנקוך צוגעטראָטן צום איקער: — זעט דיר ניט אויס, אז פונעם זילבערנעם געלט־שטיק, וואָס איך האָב דיר גע־געבן, קאָן ארויס נאָך א רינג? לאָמיר זאָגן, פאר מײַן עלטסטער טאָכ־טער. די מאָס, לאָמיר זאָגן, פון דײַן קלענסטן פינגער.

דער מאָלער האָט צוגעזאָגט. ער וועט זיך מיִען באשטעלן אויך דעם צווייטן רינג. איצט האָט ער אליין געוואגט עפּעס בעטן: דערלויבן די, וואָס סאָרטירן קארטאָפל, מיטנעמען מיט זיך צוביסלעך אָפּפאל. זיי וועלן עס פּרוּוון קאָכן.

פּפאנקוך האָט ניט דערווידערט. זאָלן זיי זיך טראָגן מיטן מיסט! מע וועט ווייניקער דארפן ארויספירן און אײַנשפּאָרן טראנספּאָרט־הויצאָעס. וועלנדיק אונטערשטרײַכן זײַן ווילטוערישקײַט, האָט ער זיך צערעדט:

— אין פאַריקן וועלט־קריג האָט מען אויך געגעסן געפּראָרענע קאר־טאָפל. נאָר ניט צופיל אפּאמאָל. אין קעגנפאל קאָן מען זיך פארגיפטן. וואָס קאָן מען טאָן, קריג איז קריג. אָבער ווער איז שולדיק, ווער האָט דעם קריג ארויסגערופן, האַ?

דער מאָלער, ניט אופהערנדיק צייכענען, האָט געשוויגן.

— ווייסט ניט, האַ? — האָט פּפאנקוך צופרידן זיך צעשמייכלט. — אין פּאָליטיק פארשטייסטו גאָרניט. איר, ייִדן! אָט ווער ס'איז שולדיק!

דער מאָלער, ווי ער איז געזעסן איבערגעבויגן איבער דער צייכענונג, אזוי איז ער געבליבן זיצן. געזען בלויז פאר זיך דעם פארשטאַרטן שפּיץ פונעם בלײַער.

סוידעספּול שעפּטשענדיק, האָט דער שטאַבס־פעלדפעבל זיך אוועק־געלאָזט אופקלערן, ווער ס'איז שולדיק אינעם אויסברוך פון קריג. צוויי און זיבעציק ייִדן, די זיקניי־צײַען, די צוויי מאָל זעקס און דרײַסיק אומ־זיכטבארע, וועלכע מע רופט „ניסטאָרים", פירן עס די וועלט פאר דער נאָז. איין מאָל א יאָר קומען זיי זיך צונויף אין איינער א שטאָט און באשליסן, מיט וועלכע ריטער שמײַסן די וועלט אין פארלויף פון די קו־מענדיקע צוועלף לעוואָנע־כאדאָשים. דעם פּראָטאָקאָל שרײַבן זיי אונטער מיט אריש בלוט. ווו זיי האלטן אָפּ די זיצונגען, וועלכע זיי רופן „אסי־פעס", איז שווער צו דערגיין, ווײַל אלץ ווערט געמאכט שטרענג געהיים און יעדעס מאָל אין אן אנדער אָרט. פארשיידן מאסקירטע, דרייען זיי זיך ארום אַף דער וועלט, פארשטענדיקן זיך איינער מיטן צווייטן דורך א שיפר פון צייכנס און קלאנגען. מע קאָן אמאָל טרעפן א בעטלער, אן אָפּגעריסענעם, אָפּגעשליסענעם ייִדן, וואָס דערוועקט צו זיך מיטלײַד. פאקטיש אָבער איז דאָס איינער פון יענע וועלט־פארברעכער, וואָס שטרעבן דורך פארשווערונגען, עפּידעמיעס און קריגס־אקציעס אומצו־

ברענגען די ארישע ראסע. בלײַבט די אריִער איין אויסוועג: אומברענגען אלע ייִדן אָן אויסנאם, עס זאָלן אזויארום אומקומען די שולדיקע אין אלע ליידן און פּלאָגן פון דער מענטשהײַט...

— איצט פארשטייסטו שוין? — האָט פּפאנקוך פארענדיקט ברײַען די אומגעלומפּערטע טוירע, מיט וועלכער ס'איז געווען אָנגעשטאָפּט זײַן קאָפּ. — אָט ווו עס שטעקט דער שליסל צו פּאָליטיק! — און, ארויסגייענ־דיק, צוגעקלאַפּט מיט קאס די טיר פונעם מאָלערס קעמערל.

דער שטאבס־פעלדפעבל איז שוין לאנג געווען אונטערן זיכערן גע־וועלב פון זײַן צימער, ווען ס'האָט א זעץ געטאָן אים אין מויעך: ווארט נאָר, ווארט נאָר, האנס! דײַן מאָלער מיט די אומדײַטלעכע ראסישע שטריכן זאָל אָקאָרשט ניט זײַן איינער פון יענע... פון יענע פארשטעלטע...

אוי, וויפל קלעמעניש עס האָט אויסצושטיין א רייןראסיקער גערמאַ־נער! ווײַט פון דער היימאט, אָן דער מישפּאָכע, אָן פרײַנט, ארומגע־רינגלט פון אזוינע גרויסהאלטערישע און ערגײַציקע לייטענאנטן, צע־קוואטשטע גרעטכענס, אומקלאָרע מאָלערס, — צי קאָן מען רויִק לעבן? נאָר גאָט צו דאנקען, וואָס א טרײַער פרײַנט איז נאָך פאראן — דאָנאר! אף דעם דאָזיקן וואָלפהונט קאָן מען זיך פארלאָזן מער, ווי אף א צענד־ליק צווייפיסיקע וואכלײַט מיט וואָפן.

— דאָנאר, דאָנאר...

ווי דערפילנדיק די געדריקטע שטימונג פון זײַן באלעבאָס, האָט דער הונט שטיל זיך צוגעשארט צום שטאבס־פעלדפעבל און ארופגעלייגט זײַן גאווערדיקן שנוק אים אף די קני.

## פּלוצעם...

א גרוילעכער, קילבלעכער, עכט־ליטווישער מארט־פרימאָרגן איז דורך די שמאָלע פענצטערלעך ארײַנגעדרונגען צו פּפאנקוכן אין צימער. פונקט ווי נעכטן, ווי אייערנעכטן, האָט דער שטאבס־פעלדפעבל אויך הײַנט אָנ־געהויבן זײַן טאָג־אָרדענונג מיט גימנאסטיק אראָפּצוזעצן דאָס פעטס פון בויך, פאנאנדערצוטרײַבן דאָס בלוט אין די אָדערן, זיי זאָלן ניט פאר־קאלכט ווערן. באנוצט האָט ער דערבײַ זײַן אייגענעם מעטאָד: אָנשפּארן זיך מיט די הענט אין דיל, א וואָרף טאָן די פיס אף ארויף און בלײַבן שטיין אף די הענט. אזוי זיך האלטן קאָפּ־אראָפּ, וויפל עס לאָזט זיך.

אין אזא פּאָזע האָט דעם שטאבס־פעלדפעבל הײַנט געטראָפן דער מאָ־לער, בייס ער איז געקומען מעלדן וועגן אָנקום פון דער בריגאדע. פּפאנקוך האָט זיך פארוווּנדערט: צי דען זײַנען די לומפּן געקומען פריִער ווי שטענדיק? אָדער ער איז געווען אזוי פארטאָן מיט דער פראָצעדור און ניט באמערקט, ווי די צײַט איז אוועק? אזוי צי אנדערש, נאָר ער האָט ניט געטראכט איבערצורײַסן זײַן באשעפטיקונג. פארקערט, געוואָלט איבערראשן דעם מאָלער. מיט די פיס ארויף, דאָס פּאָנעם אָנגעגאָסן מיט בלוט, האָט ער געגעבן אָנווײַזונגען: וויפל מענטשן זאָלן איבערקלײַבן קארטאָפל, וויפל — ארויסטראָגן דעם אָפּפאל, וויפל זאָלן זעגן און האקן

האַלץ. (אויך אַף דעם האָט דער פּראַקטישער שטאַבס־פעלדפעבל גענוי־
מען אויסנוצן אומזיסטע ארבעטס־קראַפט.) ער האָט אויך ניט דורכגעלאָזט
די געלעגנהײַט א כויזעק צו טאָן:

— וואָס איז הײַנט פאַר א טאָג?

— מיטוואָך, — האָט, ניט זײַענדיק קיין זאַך כוישעד, געענטפערט דער
מאָלער.

— אייזל! — האָט ארויסגעפּלאַצט דער שטאַבס־פעלדפעבל. — הײַנט
איז פּײַערטאָג. הײַנט הענגט מען עפּנטלעך פּאַרטיזאַנער. און ווען וועט
מען שוין אײַך אלעמען אופהענגען?

— דאָס ווייסן מיר ניט.

— יאַוואָל! דאָס באַשטימען מיר, דײַטשן! — פּפאַנקוכס פעטלײַביקער
גוף, פאַרלירנדיק דאָס גלײַכגעוויכט, האָט דומפּ א זעץ געטאָן אין דיל.—
ארויס פונדאַנען! — האָט ער זיך צעשריִען, שווער אופהייבנדיק זיך.

פלוצעם... אזוינע „פלוצעמס" פאַרפּלאָנטערן א געשיכטע, פאַרגרעסערן
איר שפּאַנונג, גיבן זי אומדערוואַרט א ווענד אין א נײַער ריכטונג. און
אין לעבן קערן זיי אָפט אלץ איבער מיט דער פוטער אראָפּ. אזוינע „פלו־
צעמס" האָט יענער טאָג אָנגעטראָגן פּפאַנקוכן פון אלע זײַטן.

פאָטער געוואָרן פון דעם מאָלער, האָט דער שטאַבס־פעלדפעבל פלו־
צעם באַמערקט, אז זײַן גרעטכען זעט אויס פאַרדעכטיק. דאָ ניט לאַנג
זײַנען די זאַכן לויז געהאַנגען אַף איר, און הײַנט איז דאָס קליידל אָנגע־
צויגן אפן בײַכל... דער ביסן איז פּפאַנקוכן געבליבן שטעקן אין האַלדז.
ניט פאַרענדיקט דעם פרישטיק, האָט ער מיט איין שלונג אויסגעטרונקען
א גלאָז אייער־ליקער, קעדיי אויסצובּרענען מיט זײַן זיסקײַט דעם גיפט,
וואָס פאַרסאַמט דאָס לעבן, און איז האַסטיק ארויס.

פלוצעם האָט ער דערזען פונדערווײַטנס דעם לייטענאַנט. אהא, דער
שעף פעדערט זיך, נעמט שוין ווידער די לייצעס אין זײַנע הענט ארײַן.
פּפאַנקוך האָט זיך אויסגעדרייט אין דער פאַרקערטער ריכטונג.

דאָ איז האַרט פאַר זײַן נאָז פלוצעם אויסגעוואַקסן א פּאָסטן, וואָס
האָט געמאָלדן, אז דער שטאַבס־פעלדפעבל ווערט העפלעכסט דערוואַרט
בא איינעם פון די קעלערס מיט איבערגעסאָרטירטע קאַרטאָפל. וואָס פאַר
א סורפּריז דערוואַרט אים דאָרט? לאָזט זיך אויס, אז ווען מע האָט גע־
עפנט א נײַעם קעלער, האָט א זעץ געטאָן פון דאָרט א גערוך ווי פון א
גאַזקאַמער. אָנשטאָט קאַרטאָפל — א שיטערע פאַריפּעשטע קאַשע. מע
האָט געעפנט א צווייטן, א דריטן קעלער, און אומעטום דאָס זעלבע.

אָ, געטער! מע האָט אים ווידער אָפּגענאַרט! פּרעך, נידערטרעכטיק
אָפּגענאַרט! נאָר איצט וועט נעמען א סאָף! ער וועט ניט נאָכגעבן און
ניט פאַרגעבן! א צעיושעטער איז ער געלאָפן צום מאָלער. ער וועט אים
דערשיסן, ווי א קרעציקן הונט, און אלס צוגאָב אוועקלייגן א צענדליק
פון די זײַניקע!

דער שטאַבס־פעלדפעבל האָט שוין אָפּגעשפּיליעט די קאָבורע, אָנגע־
טאַפּט דעם פאַראַבעלום... נאָר פלוצעם האָט אים פאַרהאַלטן דעם לייטע־
נאַנטס א שאַלעך:

— דער הער שטאבס־פעלדפעבל ווערט דערוואַרט באַם הער לייטע־נאַנט.

און אָט שטייט ער, פּפאַנקוך, מיט אַ פאַרוועלקטן פּאַנעם און מיט אַן איַינגעפאַלענער ברוסט פאַר זיַין שעף.

— קורץ און שאַרף, הער שטאַבס־פעלדפעבל, — האָט אַן פאַרעדעס אָנגעהויבן דער לייטענאַנט, — אונדזער העכערע אָנפירערשאַפט האָט ווי געהעריק אָפּגעשאַצט איַיערע אַדמיניסטראַטיווע דערפאָלגן. ענדלעך וועט איר ווערן אַליין אַ שעף. איר ווערט באַשטימט קיין... — דער לייטענאַנט האָט זילבנוויַיז געלייענט פון פּאַפּיר: — קיין קיַי־שיא־דאַ־ריס אָנצופירן מיט דער הייצוואַרג־פאַרגרייטונג. זומער — טאָרף, ווינטער — האָלץ. אַרבעטן וועלן פאַרשיידענע אַרעסטאַנטן און אויך ייִדן...

בלויז די צוקנדיקע ברעם פון לינקן אויג האָט אַרויסגעגעבן פּפאַנ־קוכס שווערע איבערלעבעניש. פאַרשטייט זיך, ער האָט ניט געקאָנט זאָגן: ניין, איך וויל ניט, איך בין אומצופרידן! קיין אויסוועג איז ניט געווען. דעם מענטשנס שיקזאַל ווערט געפורעמט ערגעץ הויך־הויך אין די הימ־לען.

ס׳איז אַוועק אַ רעכט ביסל ציַיט, ביז פּפאַנקוך האָט זיך געכאַפּט, אַז מע דאַרף אָפּן קאָל אויסדריקן געהאָרכזאַמקיַיט. ער האָט צוגעקלאַפּט די אָפּצאַסן און אַרויסגעפּרעסט דורך די ליפּן:

— יאַוואָל, הער לייטענאַנט! אָנפירן מיט פאַרגרייטונגען!

און וואָס וויַיטער? פאַרשוויַיגן דעם אומגליק מיט די קאַרטאָפל? אַ טראַכט טוענדיק, אַז באַם איבערגעבן די ווירטשאַפט וועט די אָל סיַיווי אַרויסקריכן פון זאַק, האָט ער באַשלאָסן גליַיכער אָפּצוטעמפּן איר שפּיץ און אונטערטעניק אָנגעהויבן:

— געערטער הער לייטענאַנט, איר ווייסט...

דעם לייטענאַנטס בליק האָט אַרומגעוואַנדערט איבערן צימער.

— די קאַרטאָפל, ס׳הייסט, ניט אַלע... — האָט פּפאַנקוך געבאַלעמור־טשעט.

איצט האָט דער לייטענאַנט קאָנצענטרירט זיַין גאַנצע אויפמערקזאַמקיַיט אויף די נעגל און פלעגמאַטיש איבערגעפרעגט:

— ניט אַלע? מאָדנע... — דאָ האָט ער זיך ווי אויפגעכאַפּט פון דרעמל און גענומען באַפעלן: — זאָלן איצט איַיערע ייִדן אַרויסוואַרפן פון די קעלערס דאָס מיסט! אַרויס מיט דעם! מירן שיקן אונדזערע מענטשן אין דאָרף. זיַיט זיכער, דאָרט האָט מען אויסגעהיט קאַרטאָפל בעסער פאַר איַיך. ניטאָ מער קיין פרעסט, קאָן מען עפענען די קאַרטאָפל־גריבער. מירן ווי־ניט־איז פאַרשטאָפּן די העלדזער פון די באַשטעלער, און וויַי־טער — זאָלן אונדזערע נאָכפאָלגער זיך ברעכן דעם קאָפּ. אַלזאָ, אַ וואָך בליַיבט אונדז איבערצוגעבן די ווירטשאַפט, און דאַן... — דער לייטענאַנט האָט אַוועקגעלייגט דעם נאָגל־רייניקער און גאַליק פאַרגעזעצט: — מיך וואַרפט מען אַריבער קיין אָסטען, נעענטער צום זון־אויפגאַנג, ווו ס׳איז זודיק, און דעם שטאַבס־פעלדפעבלס פאַטריאָטישע טעטיקיַיט וועט זיך פאַנאַנדערוויקלען הינטער די רוקנס פון עטלעכע הונדערט אַרעסטאַנטן.

אײַך װעט זײַן קילער. אלזאָ, טראָגט זיך אָפּ און מאכט רײן עטלעכע קע־לערס פאר נײַע קארטאָפל, װאָס מע װעט ברענגען. איך װיל אויסמײַדן טומלערײַען, אויספאָרשונגען... איר האָט מער גליק, װי פארשטאַנד.

— יאװאָל, הער לײטענאַנט! — האָט פּפאנקוך אויסגעשאָסן.

אזוי איז עס שוין: דער מענטש טראכט, און גאָט לאכט. אזויפיל פּלע־נער האָט געהאט דער שטאבס־פעלדפעבל: זיך געקליבן דאָ פארלײגן א גרויסן גאָרטן, באַנײַען די שילדן און װײַזערס. דער מאָלער ענדיקט עט־לעכע באשטעלטע פּאָרטרעטן, און װיפל אנדערע איניאַנים װארטן דער־לײדיקט צו װערן.

קומט, הײסט עס, א סאָף צו אלץ, און אים בלײַבט נאָר ארויסצוקריכן פון דער בלאָטע און לאָזן נאָך זיך א מער־װײניק רײנעם טיש. דער לײ־טענאַנט מײנט, אז ער, דער שטאבס־פעלדפעבל, האָט מאזל. אָן אידיאָט! מאזל האָבן גאָר די ייִדן. איצט איז געפערלעך זײ אָנצולערנען פארן לאָזן אין די קעלערס צעפוילטע קארטאָפל, װאָס האָבן אָנגעשטעקט די געזונטע. ס'איז א קלאָרער סאבאָטאזש! ער דערמאָנט זיך, װי די ייִדן פלעגן אראָפּטראָגן אין די קעלערס פולע עמערס װאסער, קלוימערשט צו טרינקען. ער, א געװעזענער צארבאלעכײַמניק, האָט ניט געקאָנט פאר־באָטן לעבעדיקע װעזנס שטילן דעם דאָרשט, בײס זײ האָבן דערפילט א מעלוכיש־װיכטיקע אופגאבע. די װאסער האָבן זײ, אָן צװײפל, אויסגע־גאָסן אַף די קארטאָפל, זײ זאָלן נאָך מער פוילן. װער װײסט, מעגלעך, אז ניט קײן אָפּפאל, װי ער האָט דערלויבט, נאָר זעק מיט גוטע קארטאָפל האָבן זײ, אָנגעלאָדענע װי די קעמלען, געטראָגן אין געטאָ... עך, האנס, האנס, װי מע האָט דיך געמאכט צום נאר! און װער...

דער קאָפּ האָט געקאָנט פּלאצן פון די אלע געדאנקען און פּלוצעמדיקע איבערראשונגען. ער װאָלט געװיס געפּלאצט, װען פּפאנקוך לויפט ניט ארײַן צו זיך אין צימער, קערט ניט ארײַן אין האלדז א מעכטיקע דאָזע פון דעם סאמע שטארקסטן און ביטערסטן געטראַנק, װאָס ער האָט געפּור־נען, און, אינעם מונדיר, אין די שטיװל, װאלגערט זיך ניט ארײַן אין בעט.

דער שטאבס־פעלדפעבל האָט אלץ פארגעסן. אפילע דאָס, אז ס'איז באפוילן אָנטײלנעמען אין דער צערעמאָניע פון הענגען פּארטיזאנער.

## אין נאָמען פון בלוט

עס האָט זיך שוין געזען, װי מע זאָגט, דער ברעג: די װירטשאפט באלד איבערגעגעבן; די קעלערס — אויסגערײניקט פון דער פוילנדיקער מאסע; די טשעמאָדאנעס — קימאט אלע פארפּאקט; די פּערזענלעכע אײ־סאָקים — אויך שוין קימאט אין אָרדענונג.

בעמעשעך פון די־אָ עטלעכע טעג האָט פּפאנקוך באװיזן אויספירן נאָך א מעלוכיש־װיכטיקע ארבעט. ער האָט איבערגעגעבן, װוּ מע דארף, צװײ װאכלײַט, נאָך דעם, װי ער האָט אונטערגעהערט, אז זײ קלאָגן זיך אָפּן קריג. געװוּג, װאָס די דאָזיקע טויגעניכצן האָבן אזוי געראָטן אכטונג גע־געבן אַף דער קארטאָפל־סאָרטירונג, װאגן זײ נאָך אָכצן און קרעכצן.

נאָכן דאָזיקן פּאטריאָטישן טאט איז זײַן געדריקטע שטימונג א ביסל געלינדערט געוואָרן. ער וואָלט זיך אויך געדארפט אָפּרעכענען מיט די ייִדן. נאָר דאָס וועט מען שוין טאָן אָן אים. ס'איז פאראן, גאָט צו דאנקען, ווער ס'זאָל זיך דערמיט פארנעמען. די לעצטע צײַט זײַנען די ייִדן געוואָרן נאָך מער פארפינצטערט, גייען ארום ווי שאָטנס. ווארטן, קענטיק, אף עפּעס ניט גוטס. זאָלן זיי ווארטן! זאָלן זיי ציטערן! ער דארף בלויז ארויסבאקומען פון די לעבעדיקע מייסים דעם באשטעלטן רינג פאר דער טאָכטער. זײַנעם טראָגט ער שוין. דער רינג פארשײַנט די גאנצע האנט, און אים גיט ער צו עלעגאנץ. פּפאנקוך האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי ער וועט נאָך דער מילכאָמע, פארנעמענדיק אין רוסלאנד א הויכן אדמיניסטראטיוון פּאָסטן, אויסזען מיטן דאָזיקן צירונג־שטיק אפן פינגער און מיט אן אײַזערנעם קרייץ אף דער לינקער זײַט ברוסט.

עס האָבן ניט געהאָלפן די מאָנונגען. דעם רינג פאר דער טאָכטער האָט דער מאָלער נאָך אלץ ניט געבראכט. צופיל דראָען האָט פּפאנקוך געהאלטן פאר ניט צוועקמעסיק. וואָס טוסטו, אז דער דאָזיקער טיפּ פארשווינדט? ווי וועסטו אים זוכן? אין געטאָ באלעבאטעוועט די געסטאפּאָ. צי וועסטו איר מעלדן, אז דו האָסט נייטיק א ייִדן מיט אזא און אזא נעמען? גאָר אנדערש וואָלט אלץ אויסגעזען, ווען דער מאָלער געפינט זיך הינטערן שטעכדראָט פונעם לאגער, ווו ער, פּפאנקוך, וועט זײַן האר און הערשער. אָט וועגן וואָס עס לוינט צו טראכטן און זאָרגן, מע זאָל דעם מאָלער אײַנשליסן אינעם קאָנטינגענט פארן אויסנשטאָטישן לאגער. ערשטנס, די רינגען, צווייטנס, די בילדער, וועלכע מע קאָן צייכענען, ניט נאָר זײַענדיק דער עלטסטער פון די קארטאָפל־סאָרטירער.

מיט גאָטס הילף וועט די דאָזיקע פראגע זײַן געלייזט. ניט דערליידיקט בלײַבן נאָר די אינטימע אָנגעלעגנהײַטן, גרעטכען... ווער וועט אונטערזאָגן, ווי אופצובינדן דעם דאָזיקן שלימאזלדיקן קנופּ?

מע האָט געדארפט גלײַך אָנעמען א באשלוס. צײַט איז געבליבן ווייניק. דײַטלעך זעט מען, אז אינעם מיידל קוועלט אָן א קנאָספּ, ס'ווערט רײַף א פרוכט, אין וועלכן עס קרייצן זיך צוויי ראסעס. א קינד מיט געמישטן בלוט! אז גאָט גיט, וועט עס זײַן א מיידל, די זעקסטע בא אים... ווו וועט ער זי אהינטאָן? עפּשער וועט ער געפינען אן אָנווײַזונג אינעם פונדאמענטאלן ווערק פון דער נאצי־לערע, אין ראָזענבערגס „דער מיטאָס פון צוואנציקסטן יאָרהונדערט”?

ער האָט זיך א צי געטאָן צום בוך, ווי א זיך טרינקענדיקער צו א רעטונגס־רייף. אין דעם געפּלאָנטער פון אומענדלעך לאנגע, געדריידלטע זאצן האָט ער אויסגעלייענט, אז ס'איז שוין געקומען די צײַט פון נײַעם דײַטשישן מיטאָס, דעם מיטאָס פון ריינעם בלוט און פון דער פרײַער נעשאָמע, וואָס באטײַט דעם סאָף פונעם ראסן־כאאָס. דער מיטאָס דערוואכט צו א נײַ לעבן נאָך א לאנגן לעטארגישן שלאָף...

דער מיטאָס דערוואכט, און זײַן מויד מיט איר צוקינפטיקן אָפּשפּראָץ וועט שטערן, עס זאָלן פאר דער ארישער ראסע זיך עפענען די טויערן פון אייביקער גליקזעליקײַט. ער, פּפאנקוך, צעמישנדיק זײַן בלוט מיטן

בלוט פון עפּעס א צווייפלהאפטן ווען, פעגטעט דעם מיטאָס. וואָס טוט מען? איצט, ווען ער שטײַגט אפן דינסט־לייטער, קאָן אים די געשיכטע מיטן מיידל אלץ קאליע מאכן. דער פיורער, אליין דער פיורער וועט העלפן!

מיט א טיאָכקעניש אין הארצן האָט ער א נעם געטאָן דעם אין ברוינעם לעדער אײַנגעבונדענעם היטלערס „מײַן קאמף", מיט ציטעריקע פינגער געבלעטערט די ערזאץ־פּארמעטענע זײַטלעך פון דער עוואנגעליע פונעם דריטן רײַך, ביז ער איז שטיין געבליבן בא די שלוס־ווערטער פונעם בוך: „א מעלוכע, וואָס גיט זיך אָפּ אין דער עפּאָכע פון ראסן־פּארומרייניקונג מיטן כאָוועץ אירע בעסטע ראסישע עלעמענטן, מוז אין איינעם א טאָג ווערן דער האר איבער דער ערד".

אלץ איז קלאָר! ער, פפאנקוך, קאָן ניט ווערן אזא האר, ווײַל ער פאר־גרעסערט דעם ראסן־כאאָס, פון וועלכן עס לײַדט די מענטשהײַט. אן עכ־טער גערמאנער איז אנטשיידן און מוז, אזוי שנעל ווי מעגלעך, אנטפלעקן זײַן אײַנגעבאָרענע אייגנשאפט צו הערשן. אזוי שנעל, ווי מעגלעך!

און פפאנקוך האָט זיך גענומען אײַלן. ער האָט פלינק געגאָסן אין זיך שפּאנישן מאלאגא און דײַטשישן דאָפּעל־קימעל, געמישט פראנצויזישן קאָניאק מיט יוגאָסלאווישער סליוואָוויצא און אונגארישן טאָקײַער.

אף מאָרגן האָט ער קוים אופגעהויבן זײַן שווערן, ווי מיט עסיק אָנגע־גאָסענעם קערפּער. באם ערשטן טראָט האָט ער זיך אָנגעשטויסן אין איי־נער פון די ליידיקע פלעשער, וואָס האָבן זיך געוואלגערט אפן דיל, און זי צעבראָכן.

„שערבלעך ברענגען גליק", — האָט ער זיך געטרייסט.

די אייוורים, ווי זיי וואָלטן ארויסגעשרויפּט געווען פון זייערע שלע־סער. ביז צום ווײַנען האָט גענאָגט אין דער ברוסט. פאר די אויגן איז געשטאנען א נעפּל, אין קאָפּ — א געדיכטער טשאד, וואָס האָט אויסגע־רייכערט אלע ווונטשן און שטרעבונגען. געבליבן איז איין באגער — טרינקען. און ער האָט אויסגעזשליאָקעט ביזן דעק א פלעשל זויערווײַן.

צוליב איר, דער גרעטכען זײַנער, איז בא אים הײַנט צעשטערט גע־וואָרן די טאָג־אָרדענונג, וואָס הייבט זיך אָן מיט דער גימנאסטיק. ער האָט הײַנט אפילע ניט באמערקט דאָנארן, וועלכער האָט מיט אן אויסגע־שטרעקטער צונג געווארט אף די עטלעכע שטיקלעך צוקער, וועלכע ער באקומט יעדן פרימאָרגן אפן ניכטערן הארצן.

פפאנקוך האָט זיך אנטשלאָסן. ער האָט אָפּגעמאָסטן אפן אויג די שטרעקע פון טיש ביז צום אײַזערנעם האָק אין צענטער סופיט, ווו ס'קו־מען זיך צונויף די ריפּן פונעם געוועלב. וואָס מער ער האָט געקוקט, אלץ מער האָט אים אויסגעזען, אז דאָס אויערל פונעם האָק איז ארומגעזוימט מיט א לײַכטנדיקן אָרעאָל. דער האָק! ס'איז אן אויסגעשטרעקטע האנט פון דער גאָטהײַט...

„דירעקט אונטערן האָק צורוקן דעם טיש, ארופשטעלן אף אים א בענקל", — האָט דיקטירט דער ווילן פון שיקזאל. דער שטאבס־פעלד־פעבל איז ארופגעקראָכן אפן טיש, זיך געשטעלט אפן בענקל, אויסגע־

פּרוווט, צי דער האָק זיצט פעסט. אין דער קעשענע איז שוין געווען צוגעגרייט דער נייטיקער שטריק.

— גרעטכען, הא, גרעטכען... — האָט ער, אַראָפּקריכנדיק פון טיש, ליב־לעך צוגעוווּנקען צום מיידל: — קום אהער.

אין דעם מיידלס פּאָנעם — קיין סימען פון שרעק, בלויז קאַלטער גלייַכגילט. ווי היפּנאָטיזירט, האָט זי נאָכגעפאָלגט פּפאַנקוכס זשעסטן, וועלכע האָבן דערקלערט, אַז ער נעמט זיך ווידער צום צייכענען. צייַט צו באַצירן די הוילע ווענט פונעם צימער מיט נייַע בילדער. דעריבער מוז זי אים פּאָזירן, ווי פריִער. הייַנטיקס מאָל וועט זי זיך ניט דאַרפן אויסטאָן. זי דאַרף אָבער אַרופקריכן אַפן טיש. אָנווייַזנדיק עס, האָט ער אויסגעשטרעקט איר שאָקאָלאַד.

דאָס מיידל האָט אָפּגעשטופּט די מאַטאָנע. דאָס האָט ניט געשטערט דעם שטאַבס־פעלדפעבל צאַרט זי אַרומנעמען און צופירן נענטער צום טיש, באַגלייטנדיק יעדן טראָט מיט ליבלעכע רייד:

— האָב ניט קיין אנגסט, קינד מייַנס. איך בין טאַקע פון דיוסעלדאָרף. פון דער שטאָט, וואָס איז באַרימט מיט אירע וואָפן־פאַבריקן און דעם „דיוסעלדאָרפער וואַמפּיר". ער פלעגט מאַכן ווורשט פון מיידל־פלייש. האָב ניט קיין אנגסט. איך בין ניט קיין ווורשטמאַכער. איך בין א שטאַבס־פעלדפעבל. געווען א צייַט, ווען כ'האָב דיך געראַטעוועט פון פייַער. מיר האָבן אָבער ניט אָפּגעמאַכט אַף ווי לאַנג. זיַ דאַנקבאַר, ליבכען, פאַר די גליקלעכע מינוטן, וועלכע כ'האָב דיר געשאָנקען. און איצט דאַרפסטו פאַרשטיין, אַז יעדער מענטש ווערט געבוירן מיט זייַן און נאָר מיט זייַן אייגענעם שיקזאַל. קעמפן קעגן אים, אַנטקעגנשטעלן זיך איז נאַריש. דיר, פלאַטערל מייַנס, איז הייַנט באַשערט אופצוהייבן זיך אין די הימלען. דו ביסט דאָך פאַרשטענדיק. הייב זיך!

דאָס מיידל האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. האָט זי פּפאַנקוך מיט גוואַלד אווּעקגעשטעלט אַפן טיש. אויך איצט איז זי געשטאַנען פאַרגליווערט. די העלע האָר־פּאַסמעס האָבן באַדעקט אירע פּלייצעס. אינעם גרוילעכן ליכט פונעם צימער האָבן זיך אויסגעטיילט איר ווייַס אומעטיק פּאָנעם, די איבערגעקרייצטע אַף דער ברוסט ווייַסע נאַקעטע הענט. פּפאַנקוך מיטן בלאָקנאָט אין דער האַנט האָט קלוימערשט געמאָלן...

פּלוצעם האָבן באַם מיידל גענומען ציטערן די ליפּן.

— ניט דאַוונען! — האָט דערשראָקן אויסגעשריִען דער שטאַבס־פעלד־פעבל. דערנאָך איז זייַן שטים ווידער געוואָרן ליבלעך: — דו ביסט יונג, קיינעם קיין שלעכטס ניט געטאָן. פאַר דייַן זעל זייַנען אָפן דעם הימלס טויערן. דיך וועלן דאָרט מאַלאָכים באַגעגענען... איך וועל דיך אויספּוצן מיט בלומען, א קרייַז פון יונגע בירקען־ביימער אווּעקשטעלן. ס'איז פיל בעסער, ווי דערשטיקט צו ווערן אין א גאַזקאַמער אָדער ברענען אַף א שייַטער... נאָר דו, ווי איך זע, פאַרשטייסט סייַווי ניט, וואָס כ'דערקלער דיר... — דאָ האָט ער אויסגעשריִען: — גענוג! מיט די וואָרצלען זאָלן אויסגעריסן ווערן די, וועלכע האַלטן אוף דעם ראַסן־כאַאָס! דייַטשלאַנד

איבער אלעס! גאָטס ווילן אנטפּלעקט זיך אין די טאטן פון מענטשן. אל־זאָ, אין נאָמען פון בלוט, שיקזאל און גאָט!

דערפילנדיק זיך אלס פארווירקלעכער פון גאָטס ווילן, איז פפאנקוך ארופגעקראָכן אפן טיש, ארויסגעשלעפּט פון קעשענע דעם שטריק און האסטיק אים אופגעהאנגען אפן האָק.

— דעם שלייף אָנטאָן! אפן האלדז! — האָט ער באפוילן, ווײַזנדיק דעם מיידל, וואָס זי דארף טאָן. — אליין! מיט די אייגענע הענט, פרײַוויליק!

דאָס מיידל האָט גענומען אזוי קוויטשען, ארויסגעפלאצט מיט אזא געיאָמער, אז פפאנקוכן איז אזש שלעכט געוואָרן. איצט האָט מען שוין ניט געטאָרט לאָזן זיך באווירקן פון סענטימענטן און ווייכהארציקע גע־פילן פון א מיטגליד פונעם „טירשוץ־פאריין". ער האָט ווי מיט אײַזערנע צוואנגען אָנגעכאפּט זײַן גרעטכען, ארופ מיט איר אפן בענקל, איין איינוויגנבליק אָנגעטאָן איר דעם שלייף און, אראָפּשפּרינגענדיק פון טיש, ארויסגעשטויסן דאָס בענקל פון אונטער אירע פיס...

גלענצנד! קיינע צייכנס פון געוואלט — ניט אין צימער, ניט אפן מיידלס קערפּער. דערצו דאָס אומגעוואלגערטע בענקל אפן טיש, — אלץ האָט געוויזן, אז זי איז פרײַוויליק אוועק פון דער וועלט.

פארלאָזנדיק דאָס צימער, האָט פפאנקוך דערפילט א שארפע נאָגעניש אף דער באק. ער האָט א פיר געטאָן מיט דער האנט — בלוט! זעסט, וואָסערע נעגל דאָס דאָזיקע פלאטערל האָט זיך געלאָזט אויסוואקסן! זעסט, ווי מע דארף זײַן וואכזאם! איצט וועט עס מער זיך ניט דראפּען.

מיט א געפיל פון דערלײַכטערונג האָט דער שטאבס־פעלדפעבל אוועק־געײַלט צו זײַנע דינסטלעכע פליכטן.

## א באלעבאָס פאר זיך

ענדלעך! ענדלעך האָט ער ניט איבער זיך דעם לייטענאנט, קיינער רײַט אים ניט אפן קארק. ער איז א באלעבאָס אין זײַן אייגענעם קיניג־רײַך, אליין א שעף, א פיורער — א לאגער־פיורער.

באראקן הינטער שטעכדראָט. ארום און ארום — א דאָפּלטער צוים, וואכטורעמס. אומגעפער אזוי האָט ער זיך פאָרגעשטעלט די זאך. פאר־שטענדלעך, ווען ער אליין וואָלט געבויט דעם דאָזיקן לאגער און ניט איבערגענומען אים פון אומפאראנטוואָרטלעכע טויגעניכצן, וואָס זײַנען אפילע ניט געווען פייִק אָן שפּורן צו ליקווידירן די טויטע קערפּערס פון די קריגסגעפאנגענע, וועלכע מע האָט דאָ פריִער געהאלטן, וואָלט ער אנ־דערש פאנאנדערגעשטעלט די געבײַדעס. די וואכשטוב מיט זײַן צימער וואָלט ער אָפּגעטראָגן ווײַטער פון די ארעסטאנטישע וואנצן־נעסטן. אין צוים ארום לאגער וואָלט ער אומבאדינגט ארײַנגעלאָזט עלעקטרישן שטראָם.

דער נײַער לאגער־פיורער, שטאבס־פעלדפעבל האנס פפאנקוך האָט זיגעריש א שמייכל געטאָן: אים, דעם אלטן הינערפרעסער, דארף מען ניט לערנען! ער איז גענוג אָנגעלערנט און איז מער ניט גענייגט צו טרײַבן

שפּאָס. דער בעסטער באַווײַז: בא יעדן באַראַק איז לויט זײַן באַפעל אופגעשטעלט געוואָרן א טליע. און דאָס זײַנען געווען די איינציקע קאָנסטרוקציעס פון פרישן געהילץ אַף דער לאַגער־טעריטאָריע.

אין זײַן נײַעם קיניגרײַך איז פפאַנקוכס געדריקטע שטימונג באַלד פאַרשוווּנדן. די קאָלאָריִענפולע און וויטאַמינרײַכע שפּײַז, וועלכע די וואַכלײַט פלעגן „אָרגאַניזירן" בא די אַרומיקע פויערים, די פרילינגדיקע לופט, אָנגעזאַפּט מיטן דופט פון לאָנקעס און סאָסנע־וועלדער, האָבן געווירקט אַפן שטאַבס־פעלדפעבל ווי די בעסטע סאַנאַטאָריע. די שלאַבעריקע הויט אַף זײַן פּאָנעם איז שטײַפער געוואָרן. די שטענדיק געראַזירטע באַקן האָבן געגלאַנצט. דאָס אַקוראַט אַרומגעשוירענע בערדל האָט דערמאָנט אין דעם אָנשפּאַר אונטערן קין פון די אוראַלטע פּאַרעס, וואָס האָבן געדאַרפט האַלטן שטאָלץ פּאַריסן זייערע פּענעמער. פּיפּיקער האָבן זיך באַוועגט די פּיס, און די געדאַנקען האָבן זיך געריסן אין די הייכן.

און ווי זאָל ער ניט זײַן גוט געשטימט, אַז ער אַליין פירט אײַן אָרדענונג אַף דער וועלט. ס'איז פאַרווירקלעכט געוואָרן זײַן הייסער באַגער: איצט זײַנען שוין אויך ליטווינער, און רוסן, און פּאָליאַקן בא אים הינטערן שטעכדראָט! וואָס די קרייצטרעגער האָבן ניט דערגרייכט מיט בלוט און שווערד אין מעשעך פון יאָרהונדערטער, פאַרווירקלעכט דער פירער איינס־צוויי. דער מיזרעך, אָסטלאַנד, הייסט עס, וועט ענדלעך באַוווינט זײַן נאָר פון מענטשן מיט גערמאַנישן בלוט, און די אָרטסגעבירטיקע וועלן זײַן באַמיסטיקונג...

מע דאַרף נאָך ענדערן דעם אָפיציעלן נאָמען פון דער אָרטשאַפט. א ריינראַסיקער דײַטש קאָן זיך אויסדרייען די צונג, וועלנדיק אויסריידן דעם ליטווישן נאָמען קיי־שע־ראַ־דיס צי קײַ־שע־ראַ־מיס, דער טײַוול ווייסט, ווי סע הייסט דאָרט. האָט ער געטראַכט, געטראַכט און באַשלאָסן: פון הײַנט אָן וועט עס הייסן — קוישערדע. א פאַרבינדונג פון צוויי עכטדײַטשישע ווערטער — אומשולד און ערד. די דאָזיקע ערד דאַרף זיך אָפּגעבן די דײַטשן, ווי אַן אומשולדיק מיידל איר באַשערטן.

א סאַך צײַט און אָרט וואָלט פאַרנומען, ווען מיר זאָלן וועלן אַלזײַטיק שילדערן פפאַנקוכס טעטיקײַט, אַנטפּלעקן זײַן אָרגאַניזאַטאָרישן און מיליטעריש־סטראַטעגישן טאַלאַנט. איין מאָמענט טאָר מען אָבער ניט פאַרבײַגיין שטילשווײַגנדיק. דאָס איז די פּינקטלעכע און עפעקטפולע באַשטראָפונג פון די פאַרזינדיקטע לאַגערניקעס. ער האָט קיינמאָל ניט געשטראָפט אָן א גרונט. דעריבער איז זײַן געוויסן געווען ריין — פאַר גאָט און דער מעלוכע. ער האָט געוואָרנט מינדלעך און אויך אויסגעהאַנגען דעם מאָלערס אָן אָנגעצייכנטע, אַבסאָליוט קלאָרע מעלדונג: „דערלויבט איז דאָס, וואָס דער לאַגער־פירער באַפעלט. אַלדאָס אַנדערע איז פאַרבאָטן!"

די שולדיקע פלעגט מען פאַרשמײַסן אָדער הענגען אין אָנוועזנהײַט פון אַלע לאַגערניקעס. קעדיי זיי צו פאַרהיטן פון אַן ענלעכן סאָף, פלעגט פפאַנקוך זיך צעדאַרשענען צו די פאַרזאַמלטע:

— קוישערדער אַרעסטאַנטן! יידן, קאָמוניסטן, טעראָריסטן און אַזוינע צוליב אָרדענונג אַהער אַרײַנגעפאַלענע! האַקט זיך אַרײַן אין געהירן:

אײַער וועלט איז איצט קוישערדע! איך האָף, אַז די, וועלכע ווילן ניט פאַרזוכן דעם פאַרגעניגן פון אַ גומי־פּלאָקן אפן הוילן גערזעס אָדער אַ שלייף אַרום האַלדז, וועלן עס יאָ פאַרשטיין!

ליידער, האָט פּפאַנקוך געמוזט פעסטשטעלן, אַז זײַן לאַגער איז פול מיט טעמפּעקעפּיקע ברוזים, וואָס לייגן ניט קיין אַכט אַף זײַנע פּאָטערלעכע ווערטער. די צאָל פאַרזינדיקטע איז געוואַקסן. געווען אַפילע פאַלן פון אַנטלויפן. דעמלט האָט ער געשטראָפט די געבליבענע. דער גורל פלעגט אויסקלײַבן אָנשטאָט דעם אַנטלאָפענעם אַן אָביעקט פאַר דער באַלערנדיקער שטראָף־צערעמאָניע. מע פלעגט אים אופהענגען, און יעדער צענטער פון דער ריי האָט באַקומען שמיץ. אויב ס׳איז מעגלעך אויסדרעסירן הינט, טאָ פאַרוואָס זאָל מען צווייפיסיקע באַשעפענישן ניט קאָנען אײַנגעוווינען צו דיסציפּלין און אָרדענונג?

אָבער אופהאַלטן אין קוישערדע אַן אײַזערנע דיסציפּלין און מוסטערהאַפטע אָרדענונג איז ניט לײַכט געווען. ס׳האָט געשמעקט אין לאַגער מיט ווידערשפעניקײַט און אָפענעם סאַבאָטאַזש. צום בײַשפּיל, קלאָר איז געזאָגט געוואָרן: די טאָרף־פּליטעס לייגן אין שטאַבעלן פון לינקס אַף רעכטס. און עפּעס אַ לומפּ האָט אָנגעהויבן דאַפּקע פון רעכטס, ווי ער וואָלט געשריבן אָדער געלייענט ייִדיש. פּפאַנקוך האָט עס באַלד באַמערקט.

— וואָס טוסטו? — האָט אופגעדונערט זײַן פראַגע.

און יענער, צי ער האָט ניט פאַרשטאַנען אָדער געמאַכט זיך ניט פאַרשטייענדיק, האָט געטאָן דאָס זײַניקע. פּפאַנקוך האָט איבערגעכאַזערט, וויאַזוי מע דאַרף אַרבעטן. נאָר זעענדיק, אַז עס העלפט ניט, גענומען דערקלערן, וואָס עס באַטײַט אָרדענונג און דיסציפּלין, מיט דער פאַרשטענדלעכסטער שפּראַך — מיט דער שפּיצרוט איבערן קאָפּ, איבער די זײַטן.

דער אַרעסטאַנט האָט קיין פּיפּס ניט געטאָן. וואָלט ער כאָטש אופגעציטערט, באַוויזן, אַז דעם לאַגער־פירערס באַמיִונגען זײַנען ניט אומזיסט. שטייט ער מיט דער לאָפּעטע אין האַנט און שווײַגט. איז פּפאַנקוך געווען געצוווּנגען אָנצווענדן דאָס עפעקטיווסטע מיטל אַף בײַצוקומען טעמפּע אַקשאָנעס — אַרויסגעריסן די לאָפּעטע פונעם אַרעסטאַנטס האַנט, פאַרפאָרן מיט איר שאַרף איבער זײַן אידיאָטישן קאָפּ און אים צעשפּאָלטן.

גלײַך נאָך דעם האָט ער געכאַפּט אַ לאַגערניק שטיין און קײַען. דערצו נאָך שפּעק! צוויי צי גאָר דרײַ פאַרברעכנס אַפּאַמאָל: עסן אין דער אַרבעטצײַט, עסן שפּײַז, ניט פאַרויסגעזעענע אין דער מעלוכיש־פעסטגעשטעלטער נאָרמע פאַר אַרעסטאַנטן, און דריטנס — שפּעק!

דעם דרײַפאַכיקן פאַרברעכער, מיט וועלכן ער האָט זיך ניט געקאָנט צונויפריידן, האָט פּפאַנקוך געלאָזט שפּירן, וואָס עס באַטײַט ניט אַכטן סטאַטוטן און רעגלאַמענטן.

ניט דאָס ערשטע מאָל, אַז ער ווענדט אָן פיזישע קראַפט, אויספילנדיק זײַן היסטאָרישע מיסיע. דערפאַר האָט פּפאַנקוך זיך פאַרוווּנדערט, וואָס נאָכן צופאַל מיטן אײַנגעשפּאַרטן טאָרפגרעבער און דער געשיכטע מיטן שפּעקפרעסער איז אים אַרײַנגעפאַלן אַ ווייטעק אין רעכטן עלנבויגן.

פארנאכט־צו האָט זיך דער ווייטעק איבערגעוואָרפן אין פּלייצע. דאָס האָט אים דערשראָקן און געצוווּנגען זיך פאַרטראַכטן. עפּשער פאַרשווענדט ער שוין צופיל פיזישע קראַפט?

מאכשאָוועס זײַנען אָפּט אַ מאָקער פון קווענקלעניש. האָט פּפאַנקוך טאַקע אָנגעהויבן צווייפלען, צי ער וועט דאָ אין דער צוקונפט אויסקומען בלויז מיט דער שפּיצרוט.

פון אָוונט, ווי ס'איז געווען אײַנגעשטעלט, האָט זיך געמאָלדן דער מאָלער. ער איז שוין מער ניט קיין עלטסטער. געבליבן איז ער אָבער נאָך אַלץ אַ צייכנער פון פּאָרטרעטן, שילדן און, אין אַ געוויסער הינזיכט, דער ליפעראַנט פון זײַן מאַיעסטעט, דעם לאַגער־פיורער.

דעם רינג פאַר דער טאָכטער האָט פּפאַנקוך באַקומען נאָך פאַרן אַרויס־פאָרן אין לאַגער. איצט איז דערגאַנגען ליזעלאָטעס ריי. ס'וועט זײַן אויך פאַר איר אַ רינג. זאָל זי זען, וואָס פאַר אַן איבערגעבענעם מאַן זי האָט. אויסער ליזעלאָטען, קאָן מען באַשטעלן רינגען פאַר אַנדערע גוטעפרײַנט. ס'איז נאָר געווען שווער זיך צו פאַרבינדן מיטן יוּוועליר, וואָס איז גע־בליבן אין דער שטאָטישער געטאָ.

— ווייסטו דעם יוּוועלירס נומער! — האָט פּפאַנקוך געפרעגט דעם מאָלער. — איך וועל אים אויסבײַטן. כ'וועל אָפּגעבן אַ וועלכן־ניט־איז טויגעניכץ מיט אַ געלן שטערן און וועל האָבן אַן אייגענעם יוּוועליר. ווי איז זײַן נומער?

— איך ווייס בלויז זײַן נאָמען און פאַמיליע.

צוויי מאָל פאַר איין טאָג האָט פּפאַנקוך זיך אָנגעשטויסן אין דער אומ־פּראַקטישקײַט פון די נײַע פאַרוואַלטונגס־מעטאָדן. פריִער — דאָס ניט קענען די אָרטיקע שפּראַך, איצט — דאָס ליקווידירן פאַמיליע־נעמען. נאָר גאָרניט...

— געוויס קענסטו גוט ליטוויש, — האָט ער האַסטיק אַ ווענד געטאָן זײַן בליק צום מאָלער.

— יאָ.

— און רוסיש?

— אויך.

— פּויליש?

— אַ ביסל.

— גוט! זייער גוט! — האָט זיך דערפרייט דער שטאַבס־פעלדפעבל. — איך וועל, ווײַזט אויס, דאַרפן אַן איבערזעצער, אַ דאָלמעטשער, הייסט עס. — דאָ האָט פּפאַנקוך פאַרקנייטשט דעם שטערן, אויסגעגלאָצט די אויגן, ווי ער וואָלט צום ערשטן מאָל דערזען דעם מאָלער: — וויפל, אייגנטלעך, שפּראַכן באַהערשסטו? נאָר ניט לײַגן! ביסטו ניט אַמאָל איינער פון יענע, די דאָזיקע... ווייסט דאָך, די דאָזיקע געהיימע, וואָס ווייסן אַלץ, קאָנען אַלץ... איינער פון...

דער מאָלער איז געשטאַנען ווי צוגעוואַקסן צום אָרט, אומגעדולדיק וואַרטנדיק, דער לאַגער־פיורער זאָל שוין זאָגן, וואָס ער וויל. אָבער קיין

זאַך אויסערגעוויינלעכס איז ניט געשען. ניט פאַרענדיקט דעם זאַץ, איז פּפּאַנקוך אַריבער צום איקער:

— הער אויס. גאָלד, גאָלד דאַרף איך. בראַסלעטן, פּאַרטסיגאַרן, קייט־לעך. נאָר איבערהויפּט — גאָלדן געלט.

— דער לאַגער־פּיורער ווייסט דאָך, אַז מע האָט בא אונדז אַלץ צו־גענומען.

— איך ווייס. כ׳ווייס אָבער אויך, אַז איר האָט ניט אַלץ אָפּגעגעבן. מיך וועסטו ניט אָפּנאַרן. איר האָט פאַרשטעקט, פאַרבאַהאַלטן. און אויב דו ביסט איינער פון די, פון יענע, וואָס ווייסן אַלץ... וועסטו מיר מוזן ווײַזן, ווו עס זײַנען באַגראָבן די אַלע זאַכן... גאָלד, בריליאַנטן!

— כ׳וועל זיך באַמיִען, — האָט פּלוצעם מאַסקים געווען דער מאָלער. דער לאַגער־פּיורער, אויסשעפּנדיק אַלע איניאָנים, האָט אים געגעבן אַ צייכן זיך אָפּצוטראָגן.

נאָכקוקנדיק דעם אַרויסגייענדיקן, האָט פּפּאַנקוך באַמערקט, אַז די געלע שטערנס אויף יענעמס ברוסט און רוקן זײַנען שטאַרק אָפּגעבליאַקע־וועט. „באַנײַען זיי וועסטו פאַרשפּאָרן!״ — האָט ער זיך דערפרייט. און זיך שוין פאַרגעשטעלט, ווי עס פאַרשווינדט אויך דער דאָזיקער איידעס...

שלאָפן גיין איז נאָך געווען צו פרי, האָט פּפּאַנקוך אויף ציקאַוועס אַ בלעטער געטאָן די הײַנטיקע צײַטונג. שוין לאַנג, ווי ער נעמט ניט קיין צײַטונג אין די הענט. ניצכוינעס ווערן איצט ניט געמאָלדן... ער פלעגט קיינמאָל ניט לייענען די נעקראָלאָגן, מוירע געהאַט אַ בליק צו טאָן אויף דער אָנגעפּיקעוועטער מיט שוואַרצע ראַמלעך לעצטער צײַטונגס־זײַט. נאָר הײַנט (קענטיק, דער שיקזאַל אַליין האָט עס באַפוילן!), הײַנט האָבן די אויגן, אַנטלויפנדיק פון די נעקראָלאָגן, זיך אָנגעשטויסן אין אַ סורפּריז. דער לייטענאַנט, זײַן געוועזענער שעף, האָט געפונען דעם העלדנטויט אויפן מיזרעך־פראָנט!

פון אָנהייב איז פּפּאַנקוך צעטומלט געוואָרן. איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, האָט ער גענומען לאַכן, הירזשען. ווידער איבערגעלייענט די עט־לעכע קאַרגע נעקראָלאָג־שורעס, זיך איבערצײַגט, אַז ס׳איז זײַן געוועזענער שעף און ניט קיין אַנדערער, האָט ער זיך אָנגעגאָסן אַן איבערפולן בעכער.

— פּראָזיט, הער לייטענאַנט! פּיל גליק אויף יענער־וועלט! צום ווויל, בראַווער פראָנט־העלד! „לעקען זי מיך אם אַרש!״ ס׳הייסט, קושט מיר אין... און גיט איבער די בעסטע גרוסן דעם ספינקס׳ עלטערבאָבען.

פאַרגעסן דעם ווייטעק אין דער האַנט, האָט פּפּאַנקוך ווויליונגעריש אַרויפגעזעצט אויפן קאָפּ דאָס שטײַפע פּאַראַד־היטל, צוגערופן דאָנאַרן און, ווי שטענדיק פאַרן שלאָפן גיין, אַרויס מיט אים אויף אַ שפּאַציר. אומקערנ־דיק זיך, האָט ער, ווי יעדן אָוונט, פאַרענדיקט דעם לאַנגן, מיט דינסט־פליכטן איבערגעלאָדענעם טאָג: געבליבן שטיין אויפן גאַנעק פון דער וואַכ־שטוב, ווו ער איז געווען אײַנגעקוואַרטירט, און דורכגענישטערט מיט אַ שאַרפן בליק אַלע ווינקעלעך פונעם לאַגער. די ליכטער אין אַלע באַ־ראַקן־פענצטער — אויסגעלאָשן. געלע פּאַסן פראָזשעקטאָרן־שײַן זײַנען

צעלייגט איבערן שטעכדראָט־צוים. שטיל, רויִק אומעטום. ניט צווייפלענ־דיק, אַז אַלץ איז אין בעסטער אָרדענונג, האָט ער פאַרצויגן אויף זײַן האַרמאָניק דעם באַליבטסטן נומער פון זײַן רעפּערטואַר — „וואָלגא, וואָלגא"...

די פּאָפּולערע אין דער גאַנצער וועלט רוסישע מעלאָדיע האָט זיך אָוועקגעטראָגן אין די דערבײַיִקע וועלדער, וואָס האָבן באַזוימט דעם רויט־געלבלעכן, זיך לעשנדיקן האָריזאָנט.

## דעם הונטס סאָף

פאַקטן האָבן דערוויזן, אַז דער דיוסעלדאָרפער אַסטראָלאָג, וואָס האָט אָפּגעשטעלט האַנס פּפאַנקוכס האָראָסקאָפּ און פאָרגעזאָגט דעם הויכן אָפּשטײַג פונעם שטאַבס־פעלדפעבלס שטערן, האָט קיין טאָעס ניט געהאַט.

פּפאַנקוך פלעגט אָפט גלאָצן די אויגן צום הימל, זוכנדיק זײַן שטערן. דער סאַמע העלסטער איז דעם פיורערס. די, וועלכע שעמערירן דערנעבן, געהערן זײַנע קאַמפּס־גענאָסן גערינגן, געבעלסן, הימלערן. די בלאַסע, קוים לויכטנדיקע שטערנדלעך, גלײַך זעמדעלעך, אויסגעשאָטענע אויפן הימל, זײַ־נען פון קליינע מענטשעלעך, פון מינדערווערטיקע וועזנס. „וועלכער קאָן זײַן מײַן שטערן?" — פלעגט פּפאַנקוך פּרוּוון טרעפן. אָן צווייפל, איינער פון די פינקלענדיקע.

אָבער אַ גוירלדיקע ווענדונג אין דעם שטאַבס־פעלדפעבלס לעבן איז פאָרגעקומען דאַפּקע באַ זונשײַן, אינמיטן העלן טאָג. און דאָס האָט אים געצווונגען אָנצוהייבן צווייפלען אין די נעוויִעס פונעם דיוסעלדאָרפער שטערנזעער.

דער טאָג איז געווען אַ לויטערער, אַ זוניקער. אַלץ אַרום האָט געגרינט, געבליט, געלעבט. בלויז דאָנאַר איז געווען טויט! ער איז געלעגן אויף אַ זײַט, אויסגעצויגן אין זײַן גאַנצער אומגעווײַנלעכער לענג, מיט בייז אויס־געשטשירעטע ציין, מיט אָן אויסגעגלאָצטן מוטנעם אויג.

וויאַזוי? פאַרוואָס? קיינער וועט אײַך דערוואַיל אויף דעם קיין ענטפער ניט געבן. אַפילו ניט דעם הונטס אַלמעכטיקער באַלעבאָס. דער אומגליק האָט פּפאַנקוכן געפּלעט, ווי מיט אַ פּרענט איבערן קאָפּ.

זײַן טרײַסטן פרײַנט האָט פּפאַנקוך באַשטאַט אין אָן אָרן פון געהובלטע דעמבענע ברעטער. דער מאָלער האָט אים ברוין באַפאַרבט און אויפן דעקל אָנגעמאָלט אַן אימפּאָזאַנטן הינטישן קאָפּ. באַגראָבן האָט מען דאָנאַרן אונ־טערן פענצטער פונעם לאַגער־פיורער. אויפן פרישן אָנגעשאָטענעם, מיט בלומען באַפלאַנצטן בערגל ערד — געשטעלט אַ בערעזע־פּלעקל מיט אַ שוואַרצן שילד, אויף וועלכן דער שטאַבס־פעלדפעבל האָט אייגנהאַנטיק אָנ־געשריבן מיט ווײַסע גאָטישע בוכשטאַבן: „דאָ רוט, פון דער שיקזאַל־האַנט פאַרשניטן, ד אָ נ אַ ר, דער טרײַסטער פון די טרײַסטע באַשיצער פון זײַן האַר און געוועלטיקער, און דערפאַר — פון דעם רײַכס גרויסקײַט און דעם פיורערס אייביקן רום".

— וואָס ווייסטו, מאָלער, וואָס דאָנאַר איז געווען! — האָט דער שטאַבס־

פעלדפעבל באַ א געלעגנהייט אויסגעגאָסן זײַן ביטער הארץ. — ווען די אלטע גערמאנער פלעגן ארויס אין שלאכט, האָבן זיי געזונגען לידער צו דאָנארס ערע. ער איז געווען זייערער א גאָט און דער דעמאָן פון געוויטער, זייער ערשטער קריגער אפן שלאכטפעלד. און איצט איז אונדזער דאָנאר, דאָנארכען, ניט געוואָרן...

דער מאָלער האָט אָנגעשטרענגט געקוקט אף פפאנקוכן און אויך געוואָרפן א בליק אפן סופיט, אפן עלעקטרישן לאָמפּ, וואָס איבערן טיש.

קיין וואָרט וועגן געשעפטלעכע אָנגעלעגנהייטן. איצט זײַנען טרויערטעג, טרויער נאָך דאָנארן, און פפאנקוך האָט צום וויפלטן מאָל זיך אויסגעטײַנעט:

— וואָס ווייסטו, מאָלער, וויפל זאָרג ס'איז געווען, ביז כ'האָב אופגעהאָדעוועט אזא דאָנאר. ניט קיין הונט, אן אויבערהונט! יאָ, יאָ, ווערטער קאָן מען גלייבן און ניט גלייבן. אָבער דאָקומענטן מוז מען גלייבן.

אין א שיינער לעדערנער פאפקע האָט פפאנקוך געהיט זײַן פערזענלעכע קאָרעספּאָנדענץ. אויסדרוקספול, ערטערווײַז טיף אופגערעגט, האָט ער פאָרגעלייענט איינעם זײַנעם א בריוו, אין וועלכן ער רופט צו געריכטלעכער פאראנטוואָרטלעכקײַט דעם אייגנטימער פון דער הונט־בירזשע, ווו ער האָט געקויפט דאָנארן. באשולדיקט האָט ער דעם פארקויפער אין דעם, אז דאָס קליינע הינטל האָט פליי, לײַדט פון מאָגן־דורכפאל, איז שוואַך דערנערט...

פארענדיקט לייענען, האָט דער שטאבס־פעלדפעבל פארהאלטן אף זײַן צוהערער א זיגערישן בליק, ווי איינער זאָגט: „אָט וואָס איך קאָן! פון א קוים לעבעדיק באשעפעניש אויסגעהאָדעוועט אזא הונט!”

דער מאָלער, ערנסט צוזאמענגעצויגן די ברעמען, האָט מיטלײַדפול געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— יאָ, — האָט פפאנקוך שווער אָפּגעזיפצט, צומאכנדיק די פאפקע און אויסטרינקענדיק א דאָפּלטע פּאָרציע קאָניאק. — וויפל מי האָב איך ארײַנגעלייגט. קיינעם, אויסער מיר, האָט ער ניט אנערקענט. זאָגאר דיך, וואָס דו ביסט באַ מיר אן אָפטער ארײַנגייער, איז ער גרייט געווען צערײַסן, כ'זאָל אים נאָר געווען א ווונק טאָן. ניטאָ, ניטאָ מער אזא פרײַנט! וויסט און לער... שרעקלעך...

צעשפיליעט דעם מונדיר, האָט פפאנקוך זיך אראָפּגעלאָזט אין פאָטעל און פארגראָבן דאָס פּאָנעם אין די דלאָניעס. נאָר לאנג האָט ער ניט געשוויגן.

— עך, דיוסעלדאָרפער אסטראָלאָג, שטערנזעער מײַנער... ווער האָט דאָנארן געקאָנט אוועקשיקן אף יענער־וועלט, הא?

דער מאָלער האָט ענדלעך דערוועגט זיך זאָגן א וואָרט:

— איך מיין, אז דעם הער שטאבס־פעלדפעבלס בריוו, אייגנטלעך דאָנארס ייִכעס־בריוו, דעקט אומצווייִדײַטיק אוף די ביִאָלאָגישע סיבעס פונעם טויט. דאָס, וואָס דער הונט האָט איבערגעלעבט אין פריסטן עלטער, קאָן ניט פארגיין אָן שפּורן. בלוט, ראַסע, אָפּשטאם... ווייסט מען, ווער ס'האָט אים פּראָדוצירט?

פפאנקוך איז אופגעשפּרונגען:

— ווארט נאָר, אייגנטימער פון דער הונט־בירזשע! אויב א באָמבע האָט נאָך דיך ניט קאפוט געמאכט, וועל איך, קומענדיק אף אורלויב, מאכן פון דיר א געהאקטן דײַטשישן שניצעל!

דער שטאבס־פעלדפעבל האָט געפילט, אז מיטן טויט פון זײַן בעסטן פרײַנט איז אים ארויסגעריסן געוואָרן א שטיק הארץ. ער האָט פארלאָרן דעם זיכערן באָדן אונטער די פיס... ארום זיך האָט ער געזען די קאָנקרעטע פארקערפערונג פונעם ראסן־כאאָס: הינטער די צוימען — א באנדע אונ־טערמענטשן; ארום די צוימען — די לאגער־וואך, צונויפגעשלעפטע פון פארשיידענע לענדער קאָנוואָיִרן. זעלטן ווער פון זיי איז א רייַנבלוטיקער דײַטש. דערצו די אָרטסגעבירטיקע אײַנוווינער, וואָס דרייען זיך נאָך ארום אף דער פרײַ... אף ווּעמען בלײַבט אים זיך צו פארלאָזן? סײַדן אפן מאָלער. דעם שטאבס־פעלדפעבל האָט אויסגעזען, אז דאפקע דער דאָזיקער פארשוין ווינטשט אים ניט קיין שלעכטס. ניט נאָר אלס מאָלער, ליפעראנט און אויספילער פון באשטעלונגען, אויך אלס איבערזעצער דינט ער אים, דאכט זיך, געטרײַ. בלויז איין מאָל... פפאנקוכן איז אופ־געפאלן, אז אין די לאגערן באגעגנט מען אים אָפט און מע באגלייט אים ארויס מיט איינע און די זעלבע אויסרופן. די ליטווינער — מיטן פאר־דעכטיקן ווערטל „קײַשענע‟ צי „קיאושענענע‟. בא די רוסן און פאָליאקן הערט ער — „יאשיניצא‟ צי עפּעס ענלעכס. האָט ער געפרעגט דעם מאָלער, וואָס דאָס באטײַט.

באמערקנדיק א פארבאָרגענעם שמייכל אפן מאָלערס ליפּן, האָט פפאנקוך בייזלעך אופגעהויבן די שטים:

— שמייכלסט, שפּראכן־קענער מײַנער! דאָס שמייכלען וועט דיר אינ־גיכן פארגיין. מיין ניט, אז קוים האָסטו איבערגעלעבט דאָנארן, וועסטו אויך... אויב מיר איז באשערט, ווי דאָנארן, וועל איך באווײַזן פריִער דיך אהין אוועקשיקן...

— א דאנק פאר דער געפעליקײַט. ניט געוווּסט, אז איר האָט אונדז אזוי ליב, אז אין ערגעץ קאָנט איר אָן אונדז ניט אויסקומען. נו, וועלן מיר דאָרט צייכענען פאָרטרעטן פון מאלאָכים... — ווי וועלנדיק פארלויפן פפאנקוכס רעאקציע אף זײַנע גאנץ כוצפּעדיקע רייד, האָט דער מאָלער אים דערלאנגט א קידושן־רינגעלע: — הער לאגער־פיורער, דאָס איז פאָר־לויפיק. ביטע, עכט גאָלד!

— ווידער א רינג, — האָט זיך פפאנקוך פארקרימט. פונדעסטוועגן האָט ער אים צוגענומען. — דעם רינג, אויב ס׳איז דײַן הייראטס־רינג, קער איך דיר אום לויט דײַן ערשטער ביטע. בא מיר איז, ווי אין א פּײַער־קאסע. דו פארצי ניט און זאָג בעסער, ווו ס׳איז פארשטעקט גאָלד, בריליאנטן? פארליר ניט קיין צײַט! כ׳גיב דיר א טערמין — איין וואָך! ביז איצט בין איך געוועזן פון דיר צופרידן. ביסט א קלוגער יונג. א שאָד, ווירקלעך א שאָד, וואָס האָבנדיק אזא היפּשן אויסזען, ביסטו פאָרט ניט קיין אריִער. וואָס קאָן מען מאכן. יעדערער מיט זײַן שיקזאל־שטערן...

— הער לאגער־פיורער, — האָט דער מאָלער זיך מיליטעריש אויסגע־צויגן, — איך וויל מעלדן אײַער גנעדיקער האָהײַט, אז דאָ איז פאראן א

ליטווישער ארעסטאנט, וואָס איז אריַינגעפאלן פארן היטן אייגנטום פון ייִדן, געלאָפּענע מיט די סאָוועטן. מע זאָגט, אז ער האָט באגראָבן א גרויס פארמעגן, אַ שאַץ...

ניט באוויזן האָט ער פארענדיקן, ווי פּפאנקוך איז אופגעשפּרונגען און באפעלעריש אויסגעשריִען, א זעץ טוענדיק מיט דער פויסט אין טיש:

— זאָל ער קומען!

אויסגעשריִען און שטילער פאַרגעזעצט, אָבער נאָך אלץ מיט א טאָן פון א הערשער:

— איך וועל קאָנטראָלירן, צי דו ליַיגסט ניט. קאָנטראָלירן די דאָקו־מענטן, צוליב וואָס דיַין ליטווינער איז אריַינגעפאלן. כ׳וועל באפעלן, מע זאָל דיך לאָזן מיט אים זיך באראטן. ביסט דאָך, אזוי צו זאָגן, מיַין דאָלמעטשער. נו, און אז דו זאָלסט מעגן צו יעדער ציַיט צוזאמען מיט אים קומען צו מיר, וועל איך אויך אָנזאָגן. מיר וועלן צוזאמען אלץ אָפּריידן — ווי, וואָס, ווו. זע, עס זאָל אלץ זיַין אויסגעקלאָרט ביז דער מינדסטער אייגנצלהיַיט. פארשטאנען?! קאָנסט זאָגן יענעם מענטש, אז מע וועט אים פארקלענערן די שטראָף, אויב די זאך וועט געלינגען. זאָג, אז איך וועל אים איינגאנצן באפריַיען. פארשטאנען?! אויך דיך וועל איך ניט פארגעסן...

## די גוירל־שאָ פונעם הונטס באלעבאָס

בלויז עטלעכע טעג זיַינען פארביַי, זינט דאָנאר האָט אויסגעצויגן די פיס, און פּפאנקוך איז געוואָרן ניט צו דערקענען: בלאס, אָפּגעצערט, ווי נאָך א שווערער קרענק. ס׳האָט אים ניט געטרייסט די האָפענונג איינגיכן פאנטאסטיש ריַיך צו ווערן. ווו וועסטו באהאלטן דאָס פארמעגן, אז גע־פארן לויערן פון אלע זיַיטן? איז ער געשלאָפן בא ליכט, מיט אן אווטאָ־מאטישן פּיסטויל צוקאָפּנס. בא יעדן שאָרך אופגעכאפּט זיך. אפן גאנעק פון דער וואכשטוב האָט ער אוועקגעשטעלט א פּאָסטן, אויסגעקליבן פון די סאמע פארטרויטע — א רייַנבלוטיקן פאָלקס־דיַיטש.

איינגיכן האָט זיך באשטעטיקט, אז זיַין שרעק האָט געהאַט א גרונט.

אין אייניעם אן אָוונט האָט זיך דערהערט בא אים אפן גאנעק א פאר־דעכטיק פּאָרען זיך. עמעצער האָט אָנגעקלאפּט אין טיר: צוויי מאָל צו דריַי האסטיקע קלעפּ. גאָט צו דאנקען, אָנגעקלאפּט מיטן אָפּגעמאכטן צייכן. עמעס, א ביסל צו פרי. נאָר, גאָט צו דאנקען, ס׳איז געווען דער מאָלער. ווי שטענדיק, האָט ער אראָפּגענומען דאָס היטל, טיף זיך פאר־נייגט, זייער העפלעך געזאָגט דעם „גוטן אבענד״. פּפאנקוך האָט צוריק־געלייגט די פּיסטויל אונטערן צוקאָפּנס, און פלוצעם... ווידער א פּאטאָ־לער „פלוצעם״! דער מאָלער האָט א הוסט געטאָן, און אין דער טיר איז אויסגעוואקסן א מאנצבל אין קליידער פון אן ארעסטאנט, נאָר מיט אן אווטאָמאט אין די הענט... די רער פונעם וואָפן אָנגעשטעלט דירעקט אף אים, דעם שטאבס־פעלדפעבל, דעם לאגער־פירער!

פפאנקוך האָט שאַרף א קוק געטאָן אפן מאָלער, ווי פאָדערנדיק דער־קלערן, וואָס דאָ קומט פאָר. נאָר וואָס פאר אן אומגעהייערע פאַרוואַנד־לונג! ניט דער געהאַרכזאַמער, אונטערטעניקער מאָלער איז פאר אים געשטאַנען. דער דאָזיקער אונטערמענטש האָט ניט מיט זײַן ווייכער, געלאַסענער שטים, נאָר כוצפּעדיק־באַפעלעריש געהייסן אים, דעם לאַגער־פירער, ניט רירן זיך פון אָרט, אין קעגנפאל וועט ער דערשאָסן ווערן! און אליין, א וואַרף טוענדיק זיך צום הענגענדיקן מונדיר אף דער וואַנט, פאַרכאַפּט זײַן, דעם לאַגער־פירערס, פערזענלעך וואָפן — דעם פּאַראַ־בעלום.

פפאנקוכן איז די צונג צוגעקלעפּט געוואָרן צום גומען. ער האָט א צופּ געטאָן דאָס בערדל: צי כאָלעמט זיך עס אים ניט? דער מאָלער, וואָס איז איצט שוין אויך געווען באַוואָפנט, האָט באַפוילן נאָך מער אָפּגיין פון געלעגער, ווו ס׳איז געווען באַהאַלטן דער אווטאָמאַטישער פּיסטויל...

— דאָס געוועער נידערלייגן! לאָס! וועלכער שפּאַס!!! — האָט פפאנקוך א טופּע געטאָן מיט דער פוס.

— ניט טומלען, הער לאַגער־פירער, ניט אופרעגן זיך. ווי זאָגט מען אין דײַטש: „שטענדיק רו און קאַווע טרינקען!" — האָט קאַלטבלוטיק גע־רעדט דער מאָלער. — מירן אַלע געשעפטן דערליידיקן, ניט פאַרלירנדיק קיין טײַערע צײַט. דעם שטול — אפן טיש, און ניט הייבן די שטים!

פפאנקוך, א רויט־אָנגעצונדענער, מיט אופגעבלאָזענע באַקן און גע־בײַלטע פויסטן, האָט ארויסגעפּלאַצט:

— הערט נאָר, איר, אונטערמענטשן! פאַרגעסן, ווער איך בין?!

— ניט פאַרגעסן, ניין, — האָט געענטפערט דער מאָלער. — דערפאַר באַפעלן מיר אוועקשטעלן דעם שטול אפן טיש! שנעלער! ווען ניט, וועלן מיר שיסן!

— מיך, ע, ע, מיך? — האָט געשטאַמלט פפאנקוך. — דאָס איז אומעג־לעך. איך וועל שרײַען!

— באַם ערשטן פּיפּס — פליט א קויל!

צוויי רערן האָבן געצילט אינעם שטאַבס־פעלדפעבל. האָט ער גע־פאָלגט, ארופגעשטעלט דעם שטול אפן טיש, מורמלענדיק דערבײַ:

— ס׳איז א שרעקלעכער טאָעס, א מיספאַרשטענדעניש...

— יאָ, שיר ניט פאַרגעסן, — האָט זיך געכאַפּט דער מאָלער. — די האַרמאָניק אהער געבן!

— די האַרמאָניק, האַרמ... — האָט פפאנקוך א ביסל לײַכטער אָפּגע־עטעמט. — ביטע. גלײַך פאַרשטאַנען, אז איר שפּאַסט.

אין די רייד האָט ער ארויסגעשלעפּט פון קעשענע דאָס אינסטרו־מענטל, געפעליק עס אויסגעשטרעקט דעם מאָלער, מאַכנדיק צו אים עטלעכע טריט.

— ניט פון אָרט! — האָט דער מאָלער שטרענג געוואָרנט. — וואַרף צו! אָט אזוי. אויך די שליסלען פון געוועער־קאַמער אהער!

פפאנקוך האָט נאָך אַלץ ניט באַנומען, וואָס דאָ טוט זיך. עפּשער ווירקט אזוי שטאַרק דער אויסגעזופּטער שנאַפּס? א שרעקלעך געטראַנק

די רוסישע וואָדקאַ... דאַפּקע היינט זיך אָנגעזויפּט מיט איר... זי איז שולדיק, וואָס אין צימער זיינען אָנגעקראָכן געשפּענסטער מיט אווטאָ־מאַטן און פּאַראַבעלומס. פון לינקס, פון רעכטס — אומעטום זיינען זיי. אַפילע פון הינטן... ער האָט דערשפּירט אויף זיין רוקן דעם זודיקן אָטעם פון טויט־שפּייענדיקע פּיסקעס. דער פינגער זאָל נאָר ניט אָנקוועטשן דאָס צינגל. איין קוועטשעלע, און ניטאָ האַנס פּפאַנקוך. ווי פאַרהאַלט מען דעם פינגער? ווי פאַרציט מען די צייט, אַז די געטלעכע פּאָרזעונג זאָל באַווייזן קומען צוהילף? ער וועט פּאָלגן, אויספילן באַפעלן. אויך די פאַרלאַנגטע שליסלען זיינען שוין בא די אַריינדרינגלער, און זיי איז נאָך אַלץ ווייניק. זיי ווילן, ער זאָל אַרופקריכן אויפן טיש. ניין! דאָס איז שוין צופיל!

— וואַכמ... — האָט ער געפּרוּווט אויסרופן.

— ניט שרייען! — האָט אים איבערגעשלאָגן דער מאָלער. — דער וואַכמאַן ליגט מיט אַ צעשפּאָלטענעם שיידל. דערקענסט ניט דעם אווטאָ־מאַט? — ער האָט געוויזן אויף זיין מיטהעלפער, וואָס האָט, דראָענדיק מיטן געווער, פאַרשטעלט די טיר און ניט אויפגעהערט צילן אין פּפאַנקוכן.

ניטאָ קיין אויסוועג. מע מוז פּאָלגן. אַרופהייבן זיך אויפן טיש איז ניט לייכט אָנגעקומען פּפאַנקוכן. לייכטער איז שוין געווען זיך שטעלן אויפן שטול. ער האָט נאָר געוואָרטשעט:

— כ׳ווייס ניט, וואָס איר ווילט פון מיר. איך בין, דאַכט זיך, געווען צו דיר... צו אייך, הער מאָלער, אַזוי גוט, אַזוי גוט...

און ער, דער מאָלער, אָנשטאָט אָפּצודאַנקען זיין וווילטוער, האָט אים פרעך געדוצט און אונטערגעטריבן:

— פּרוּוו אויס דעם האָק! יענעם, אויף וועלכן ס׳הענגט דער לאָמפּ. זיצט פעסט? — און האָט דערלאַנגט פּפאַנקוכן אַ שטריק.

אויף איין ברעג פונעם שטריק איז געווען אַ קליין שלייפעלע, אויפן צווייטן — אַ גרויסער שלייף.

— און איצט דאָס קליינע שלייפעלע — אויפן האָק! — האָט געפּאָדערט דער מאָלער, פאָכענדיק מיטן פּאַראַבעלום.

דערזען, אַז מיטן מאָלער קאָן ער זיך ניט צונויפרײדן, האָט פּפאַנקוך זיך געווענדט צום צווייטן אַריינגעקומענעם, געזוכט בא אים מיטגעפיל. אָבער יענער האָט מיט פאַראַכטונג עפּעס אַ ברום געטאָן אויף אַן אומפאַר־שטענדלעכער שפּראַך, פאַרענדיקנדיק מיט די געהיימניספולע „קיישענע" און „יאַשיניצאַ", און דערצו נאָך אַ דראָע געטאָן מיטן אווטאָמאַט. מע האָט ווידער געמוזט פּאָלגן.

— און איצט דעם שלייף אויפן האַלדז! — האָט אויפגעהילכט אַ גרויזאַ־מער באַפעל, גלייך די האַק, וואָס פירט אויס די טויט־אורטיילן אינעם דריטן רייך, וואָלט זיך דומפּ אַריינגעזעצט אינעם לאַגער־פירערס נאַקן. — אויפן האַלדז!

פּפאַנקוכס באַקן — איינגעפאַלן, דאָס אויסגעטריקנטע מויל — אויפגע־ריסן, דאָס בערדל — שלאַבעריק אַראָפּגעהאַנגען... ווי האָט געקאָנט פּאַ־סירן, אַז די וועלט, וואָס מיט זיין, פּפאַנקוכס, אָנטייל האָבן די גערמאַנער

שוין באלד אײַנגענומען און געמאכט דאָרט אָרדענונג, איז איבערגעקערט געוואָרן מיט די פיס ארויף? דער ראסן־כאַאָס... די אונטערמענטשן זײַנען באוואָפנט מיט דײַטשיש געווער, און ער, דער רייןבלוטיקער זון פונעם האַרן־פאָלק, שטייט מיט הוילע הענט... א וועלט מיט געשפּענסטער... ניין, ס׳איז ניט דער מאָלער, ס׳איז איינער פון יענע צוויי מאָל זעקס און דרײַסיק... אראָפּגעוואָרפן פון זיך די מאסקע... איינער פון די, וועמענס נאָמען ער האָט מוירע איבער די ליפּן צו ברענגען...

— איצט ווייס איך! דו! דו! — אײַנגעקלאַמערט מיט ביידע הענט אין דעם אראָפּהענגענדיקן שטריק, האָט פּפאנקוך מיט שרעק געשטאמלט. — דו ביסט פון יענע מאסקירטע! פון יענע... זאָג, מײַן אורטייל איז אונ־טערגעשריבן מיט בלוט?

— יאָ, מיט בלוט!

— אָ, געטער! דאָנאר, וואָטאַן, טאָר! — האָט געכליפּעט דער שטאבס־פעלדפעבל. — איך בין פארלוירן! מײַן שיקזאל־שטונדע! גאָטס ווילן אנט־פלעקט זיך אין די טאטן פון מענטשן, האַ? — און דער שטריק, וועלכן ער האָט געהאלטן אײַנגעקלאַמערט, האָט אים געדארפט אויסלייזן פון כאַאָס, באפרײַען פון אלע שרעקן...

— פעסטער פארציִ! ווי בא דײַן גרעטכען! — האָט הארב באפוילן דער מאָלער. — מיר זײַנען בארעמהארציק — דער שטריק איז אָנגעזייפט.

ענדלעך איז דער שטול ארויסגעפלויגן פון אונטער פּפאנקוכס פיס.

דער שטריק האָט זיך אָנגעצויגן, א טרעשטשע געטאָן, שיר ניט גע־פּלאצט: די לאסט איז ניט לײַכט געווען. פּפאנקוך האָט זיך גענומען אויסציִען, ווערן לענגער. זײַן בויך איז אײַנגעפאלן אָן גימנאסטיק, די פיגור, וואָס האָט אים ניט ווייניק זאָרג פארשאפט, האָט זיך אויסגע־גליכן, געוואָרן אזוי שלאנק, אז באם לעבן וואָלט ער וועגן דעם אפילע טרוימען ניט געוואגט.

די ליכט אינעם לאגער־פּיורערס פענצטער, די לעצטע אינעם לאגער, איז פארלאָשן געוואָרן.

און דאָ וואָלט מען געקאָנט שטעלן א פּונקט. מיר האָבן פאקטיש געענדיקט די דערציילונג וועגן דעם שטאבס־פעלדפעבל האנס פּפאנקוך, וועלכן די ארעסטאנטן האָבן געגעבן די צונעמענישן „פּײַנקוכן", „קיאָר־שינענע", „יאַטשניצא", „יאיענטשניצא", בוכשטעבלעך איבערזעצנדיק זײַן פאמיליע־נאָמען אין זייערע מוטערשפּראכן יידיש, ליטוויש, רוסיש, פּויליש.

דעם שטאבס־פעלדפעבלס געשיכטע וועט אָבער בלײַבן ניט פארענדיקט, אויב מיר וועלן ניט, כאָטש בעקיצער, אינפאָרמירן וועגן די ווײַטערדיקע געשעענישן אין זײַן געוועזענעם קיניגרײַך.

ניט אָן א גרונט האָט פּפאנקוך ארויסגעוויזן דעם מאָלער מער צוטרוי, ווי עמעצן אַן אנדערן פון די לאגערניקעס. די געלע מאַגנדאָווידס אף דעם יידנס ברוסט און רוקן האָבן אויסגעזען, ווי א גאראנטיע, אז ער איז מער פון די איבעריקע איזאָלירט און פולשטענדיק פארורטיילט. אָבער די איינציקע מעגלעכקײַט פון קומען אין בארירונג מיטן אָרום — די באשטי־מונג אלס „דאָלמעטשער" — האָט דער מאָלער ווי געהעריק אויסגענוצט.

ער האָט באַקומען סאַם מעכאַבעד צו זײַן דעם קריגערישן דאַנאַר און צוזאַמענגערעדט זיך מיט מענטשן, גרייטע אָפּצוווישן פון דער ערד דעם הונטס באַלעבאָס.

און איצט האָט אַ זומער־נאַכט מיט אַ בלוילעך־שוואַרצן קיווער אײַ־בערגעדעקט די ערד. ס׳איז געווען וואַרעם, שטיל, רויִק. בלויז די שפּרינ־גערלעך האָבן אָן אויפהער געציקעט, ווי שאַרפנדיק קלײנזײַען פאַר דער אַנטשיידנדיקער שלאַכט. שטערן האָבן אַראָפּגעקוקט פון זייערע הייכן און וואַכזאַם נאָכגעפאָלגט די געשעענישן, וועלכע האָבן זיך אַנטוויקלט אַזוי, ווי די אויפשטענדלער קעגן פּפאַנקוכס מאַלכעס האָבן געפּלאַנירט.

דער מאָלער, באַוואָפנט מיטן פאַראַבעלום און אווטאָמאַטישן פּיסטויל, איז אַ ווײַלע געבליבן שטיין אויפן גאַנעק פון דעם לאַגער־פירערס וואַכשטוב און, ווי יעדן אָוונט פּפאַנקוך, אַזוי האָט ער הײַנט גענומען שפּילן אויף דער האַרמאָניק. צוערשט געפּרוווט אויסשפּילן די מעלאָדיע „וואָלגאַ, וואָלגאַ", אָבער באַלד מיט אַלע קויכעס אָנגעהויבן בלאָזן סטאַם אין דער וועלט אַרײַן. דאָס איז געווען אַ צייכן.

פון דעם נאָענטסטן באַראַק האָבן אַרויסגעשלײַכט עטלעכע מענטשן און זיך געלאָזט צו דער געווער־קאַמער, ווו ס׳האָט שוין געוואַרט מיט די שליסלען דעם מאָלערס מיטהעלפער. באַוואָפנטע אַרעסטאַנטן האָבן באַלד זיך געטראָגן צום צוים און צום לאַגער־טויער. אין די באַראַקן איז קימאַט קיינער ניט געבליבן.

די וואַכטורעמס האָבן נערוועז גענומען אַרומטאַפּן די טונקלקײַט מיט זייערע פּראָזשעקטאָרן. ליכט־פּאַסן, באַגלייטע פון אַ שיסערײַ, האָבן זיך געוואָרפן אין אַלע זײַטן. אווטאָמאַטן־סעריעס האָבן דאָ און דאָרט גע־שטעפּט די נאַכט־לופט, דעם טומל בײַ די צוימען, די געשרייען און די טופּערײַ פון לויפנדיקע מענטשן.

אונטערן צודעק פון דער וואַרעמער זומער־נאַכט האָבן הײַפלעך גע־ווען אַרעסטאַנטן זיך אַרויסגעריסן פון לאַגער, אַרײַנגעכאַפּט זיך אין דערבײַיִקן וואַלד און אַלץ טיפער, טיפער אַרײַנגעדרונגען אין זײַן שיצנ־דיקער געדיכטעניש.

# און לעב, טעכטערל...



דערוויַל האָט עס אויסגעזען אזוי, ווי מע האָט דערציילט. דעמלט האָט קיינער אין דעם ניט געוואָלט גלייבן. איצט געפינען זיי זיך אפן וועג מיט די דאָפּלטע שטעכדראָט־צוימען פוןביידע זײַטן. באַם סאָף פונעם וועג זעט זיך די ניט הויכע, געהיימניספולע באָד מיטן פּירקאַנטיקן קוימען פון רויטע ציגל, וואָס זעצט אין די הימלען געדיכטע קנוילן ברוינעם רויך. פאַר־ביסן־שווײַגנדיקע, שוואַרץ־אוניפאָרמירטע וואַכ־לײַט מיט אווטאָמאַטן און הינט באַגלייטן זיי אין באָד ארײַן. זיי זײַנען אויסגעטאָן מוטער־נאַקעט, כאָטש ס׳איז קאַלט־לעך. די קעפּ האָט מען זיי אָפּגעשוירן, און ס׳דאַכט זיך, אַז די האָר רײַסן די הויט פונעם שאַרבן...

אַלץ, ווי מע האָט דערציילט. נאָר זיי האָט מען דאַך געגעבן אַ האַנ־טעכל מיט אַ שטיקל זייף. הייסט עס, אַז זיי גייען זיך וואַשן.

דער וועג איז אויסגעשאָטן מיט שאַרפע, שפּיציקע שטיינדלעך, וואָס שטעכן די פיס, ווי מיט נאָדלען, שנײַדן, ווי מיט מעסערס. מע דאַרף קיינעם ניט אונטערטרײַבן. יעדע איינע וויל אַליין וואָס גיכער איבער־קומען דעם שרעקלעך ווייטעקדיקן וועג־אָפּשניט. בלויז פאַרן ארײַנגאַנג אינעם איינשטאָקיקן מויערל מיט דער גרויסער אויפשריפט אין דײַטש „באַדעאַנשטאַלט” נעמען די וואַכלײַט אונטערטרײַבן די פרויען. אַ ברייטע, מיט אײַזן געפאַנצערטע טיר פאַלט אויף. די פאַרביסן־שווײַגנדיקע וואַכ־לײַט באַקומען לאָשן און באַפעלן בייז:

— וואַרפן די האַנטעכער! די זייף!

פאַרוואָס עפּעס וואַרפן? ווער גייט עס אין באָד אָן זייף, אָן אַ האַנטעך?

די, וועלכע פילן ניט אויס דעם באַפעל, ווערן געשלאָגן מאַקעס־רעצעך, עס באַפאַלן זיי די הינט. באַם ארײַנגאַנג שטייט אַ יעלאַלע, וואָס ווערט לעסאָף פאַרשלונגען פון דער באָד און דערשטיקט אין איר...

זי איז געווען פון די לעצטע. די אײַזערנע טיר האָט ווי מיט א גרוי־סער קאַלטער דלאָניע אַרײַנגעשפּאַרט זי אינווייניק און צוגעפּרעסט צו די נאַקעטע, אײַז־קאַלטע, ציטערנדיקע פּרויען־קערפּערס.

די דרויסנדיקע טיר־ריגלען האָבן זיך פאַרקלאַפּט, איבערהאַקנדיק די לעצטע פעדעם מיטן לעבן. אלעמענס בליקן זײַנען איצט געווען צוגע־זאָטן צום סופיט, אף וועלכן ס'האָבן געברענט עטלעכע בלוט־רויטע לעמפּלעך. אפן סופיט — א רעד מיט רונדע דוש־נעצלעך. ווען וועט נע־מען טריפן פון זיי וואסער? אָבער אָנשטאָט עס זאָל א גאָס טאָן פון אויבן, האָבן גאָר די טיר־ריגלען פון דרויסן גענומען גרילצן. ס'האָט זיך געעפנט א שפּאַרונע. טאָג־ליכט האָט א פלייץ געטאָן איבער אלעמענס קעפּ. א קעלט האָט א ווייע געטאָן צוזאַמען מיט דער פרייד: „מע האָט אונדז נאָר געוואָלט אָנשרעקן!"

— מילמאַן! ל:א מילמאַן! — האָט עמעצער אַרײַנגעשריִען אין דער שפּאַרונע, שנײַדיק, שטרענג, אומגעדולדיק. — אהער קום!

צווישן די צונויפגעפּרעסטע נאַקעטע פּרויען, וועלכע זײַנען פאַרגלי־ווערט געוואָרן אין איין גרויליקער סקולפּטור־גרופּע, איז דורכגעלאָפן א געמורמל: „מילמאַן! לייע מילמאַן!"

דאָס מיידל, וואָס איז אַרײַנגעשטופּט געוואָרן פון די לעצטע און איז געשטאַנען בא דער סאַמע עפענונג, האָט געשטוינט: „פאַרוואָס רופט זי זיך ניט אָפּ, די דאָזיקע לייע מילמאַן?" ס'האָט איר א ברען געטאָן אין האַרצן: „פאַרוואָס איז זי ניט לייע מילמאַן?" אָ, ווען זי וואָלט געווען...

פון דרויסן האָט מען ווידער אַרײַנגעשריִען „ל:א מילמאַן!", און די טיר האָט פאַמעלעך גענומען זיך צומאַכן.

זי איז ניט לייע מילמאַן, נאָר זי וויל ניט, זי וויל ניט, די טיר זאָל זיך אַרופוואַלגערן אף איר ווי אַן אומגעהייערער שווארצער באַרג און זי אומבעראַכמאָנעסדיק צעקוועטשן.

— איך! — האָט זי מיט א קוויטש אויסגעשריִען, אַרויסרײַסנדיק זיך פון אונטער דער דריקנדיקער מאַסע, און געבליבן שטעקן אין דער טיר־שפּאַרונע.

אַן עסעסאָוועץ האָט מיטן אויסגעבויגענעם הענטל פון זײַן סטעק זי אָנגעכאַפּט פאַרן האַלדז, א שלעפּ און א שלײַדער געטאָן צו א הויכן, ברייטפּלייציקן מאַנצבל אין געשטרײַפטע אַרעסטאַנטן־קליידער און מיט א רונד מיצל פון זעלבן שטאָף.

— ס'איז ניט מײַן טאָכטער, — האָט דער מאַנצבל א ברום געטאָן, אָפּטרעטנדיק אין שרעק אף היִנטערווײַלעכס. זײַן פאַרגרעבט פּאָנעם איז אײַנגעשרומפּן געוואָרן, ווי אַן אויסגעטריקנטער עפּל.

— איר... דערקענסט מיך ניט, טאַטע?.. — האָט דאָס מיידל מאָדנע רו:יק א צוויטשער געטאָן, פאַרלייגנדיק די הענט אף דער ברוסט אין בושע פאַר א מאַנצבל. זי איז דאָך געווען מוטער־נאַקעט.

— לאָס, געגאַנגען! — האָט באַפוילן דער עסעסאָוועץ, א פּאָך טוענדיק מיטן סטעק, און אוועקגעשפּאַנט צום אַרויסגאַנג פון דער שטעכדראָטע־נער אַרומצוימונג.

דער מאנצבל אין די אַרעסטאַנטן־קליידער און דאָס נאַקעטע מיידל זײַנען נאָכגעגאַנגען דעם היטלעראָווער, אַלץ מער אָפּשטייענדיק פון אים.
די שטײַנדלעך האָבן געשטאָכן, געשניטן די פיס, און זי האָט געוואָלט לויפן, אַנטלויפן פון דער געבײַדע מיט די רויטע לעמפּלעך, וועלכע זי האָט ווי געפילט נאָכשײַנען איר אויפן רוקן. אָבער דער מאַנצבל, אין שיך מיט האַלץ־זוילן, האָט זיך שווער באַוועגט, שיר ניט בײַ יעדן טראָט געבליבן שטיין. פּלוצעם האָט ער גענומען וואָרגן זיך מיט געוויין.
אָפּטרעטנדיק אין אַ זײַט, האָט דאָס מיידל אַ קאָסיע געטאָן צו אים און זיך אויך פאַנאַנדערגעוויינט, דורך טרערן אים גענומען בעטן:
— וויינט ניט, אָנקל, וויינט ניט!
— ש־ש־ש... — האָט געוואָרנט דער מאַנצבל, ניט אומקוקנדיק זיך אויפן מיידל, — מע וועט דערהערן. — און, ווי וועלנדיק דערשטיקן אין זיך דאָס ווילד־אויפצאַפּלענדיקע כליפּען, געכאַפּט זיך פאַרן האַלדז.
— איך בין ניט, בין ניט לייע מילמאַן, — האָט זי שולדיק געשטאַמלט.
— כ׳ווייס, כ׳ווייס... — האָט דער מאַנצבל אַ מרוקע געטאָן.
— זײַט ניט אין קאַס. קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן. און איך האָב אַזוי מוירע געהאַט צו בלײַבן דאָרט.
ער האָט נאָך אַלץ ניט געקוקט אין איר זײַט, ניט געוואָלט זי, אַ נאַקעטע, מעווײַעש זײַן. און אויב ער האָט גערעדט, האָט ער גערעדט מער צו זיך, ווי צו עמעצן אַ צווייטן:
— אָבער טאָמער וועט מײַן לייעלע יאָ ארײַנפאַלן אין טראַנספּאָרט, האַ? אַ צווייט מאָל וועל איך שוין ניט קאָנען ... אוי, מײַן לייעלע...
דאָס מיידל, אונטערשפּרינגענדיק פון איין פוס אויף דעם צווייטן, האָט געפּרוּווט באַרויִקן דעם פרעמדן מענטשן:
— איר וועט זי נאָך טרעפן, טרעפן... — און אַליין זיך צעיאָמערט.
— שווײַג! — איז דער מאַנצבל געוואָרן פאַרציטערט, ווײַל ער האָט דערזען, אַז דער עסעסאָווער איז געבליבן שטיין און, קלאַפּנדיק מיטן סטעק אין דער כאַליעווע פון זײַן שטיוול, געוואַרט, זיי זאָלן אונטער־קומען.
ווען זיי האָבן זיך צו אים דערנענטערט, האָט דער דײַטש, באַ־מערקנדיק בײַ ביידן פאַרוויינטע אויגן, שעלמיש אַ פרעג געטאָן:
— צו וואָס די טרערן?
— פאַר פרייד, הער שאַרפירער, — האָט דער מאַנצבל אויסגעקרימט דאָס מויל אין אַ געצוווּנגענעם שמייכל, — פאַר פרייד...
איצט, בײַס קיינער פון זײַנע וואַכלײַט איז ניט געווען דערבײַ, האָט דער שאַרפירער געקאָנט ריידן אָפנהאַרציקער:
— אַלזאָ, פאַרגעדענק — אַ גאָלדענעם פּאַרטסיגאַר! עס טרעפן זיך אַזוינע מיט ברילִיאַנטן אויפן דעקל. הײַנט זאָל עס ווערן! טראַנספּאָרטן וועלן נאָך זײַן!
באַפוילן, פּיפּיק זיך אויסגעדרייט און, אונטערפײַפנדיק, האַסטיק אַוועק־געשפּאַנט צום אַרויסגאַנג־טויערל. דער אַרעסטאַנט אינעם געשטרײַפטן מאַלבעש און דאָס נאַקעטע מיידל האָבן זיך אויך גערירט פון אָרט.

— פארשטייסט, איך ארבעט אין דער זאַנדערקאָמאנדע, — האָט דער מאנצבל, ווי זיך פארענטפערנדיק, אָנגעהויבן. א רעגע געשוויגן און ווי־דער גענומען דערקלערן דעם מיידל: — פארשטייסט, מיר קלייַבן פאנאַנ־דער דאָס געפעק פון די, וואָס גייען אין „באדעאנשטאלט״... סאָרטירן די זאכן, איידער זיי גייען אוועק קיין דייַטשלאנד... פאר דעם אויסוואורף „אָרגאניזירן״ מיר ווערטפולע כפייצים. ס׳איז לייַכט צו זאָגן, „אָרגאני־זירן״. זעסט, ניטאָ קיין קעשענעס אין רעקל, ניטאָ אין די הויזן. מיט א קיוון זיי אויסגעשניטן, פארנייט די שפאלטן. ניטאָ ווו עפעס אהינצוטאָן. און „אָרגאניזיר״... פאַשעט, הייסט עס, — גאנווע... טאָמער כאפט מען, פירט מען צו אים, צום שארפיורער. ער ציילט אריַין שמיץ און שיקט אין באָד אריַין... מיר גליקט דערוויַיל אָפּ. מיין ניט, איך וועל אויך גיין אין באָד. אָבער דערוויַיל, קאָלזמאן א מענטש לעבט... עפשער וועט א נעס געשען... האָסט געהערט, דאָס מאָל פארלאנגט ער א גאָלדענעם פּאָרטסיגאר מיט ברילִיאנטן... דערפאר איז ער גרייט געוועזן ראטעווען מייַן לייעלען. ער האָט זי באשטימט פארן ארבעטס־לאגער. פארשטייסט, מיר האָט זיך געדאכט, אז כ׳האָב דערזען מייַן לייעלען אין אייַער טראנספּאָרט. געמיינט, מע האָט זי געבראכט פון געטאָ צוזאמען מיט אייַך... פארשטייסט, פאר לייעלען, מייַן טאָכטער, וועל איך דאָך א צווייט מאָל ניט קאָנען בעטן. און איך דארף נאָך הייַנט אויספילן דעם באפעל. אויב ניט, קאָן עס שמעקן מיט דער באָד... הייַנט בין איך דעם שאר־פיורער בעעמעס א באלכויוו. לייעלען האָט ער געזאָלט ראטעווען פונעם גאז...

ער האָט זיך אראָפּגערעדט פון הארצן. גערעדט, אָפּט געמאכט האפּ־סאָקעס אָפּצוכאפּן דעם אָטעם און ווידער גערעדט.

און אָט זייַנען זיי אָנגעקומען צום סאָף פונעם וועג צווישן די טאָפּלטע שטעכדראָט־צוימען. געוועזן דאָ א טויערל אף רעכטס, צום מענער־לאגער, אף לינקס — צום פרויען־לאגער. דאָ האָט מען זיך געדארפט שיידן.

נאָך אלץ ניט קוקנדיק אפן מיידל, האָט דער מאנצבל איר אָנגעזאָגט:

— וועסט גיין אף לינקס. וועסט באקומען ארעסטאנטסקע קליידער. דערוויַיל וועסטו ארבעטן... עפשער וועלן מיר זיי אריבערלעבן...

א רעגע האָט ער אָן קלאנג באוועגט מיט די ליפּן, דערנאָך, אָנטוענ־דיק זיך א קויעך, ארויסגעבראכט:

— זאָל דיר ווויל גיין... און לעב, טעכטערל...

# עס הייבט זיך ערשט אָן




איז שוין געוואָרן פינצטער, און מאלקינד, אָן אײַנגעשרומפּענער, אײַנגעהויקערטער, בלאָנקעט נאָך אלץ ארום איבער די איימעפּולע געסלעך פון דער געטאָ, בלאָנקעט ארום און פילט אליין ניט, ווי די ליפּן מורמלען אָן אופהער איינס און דאָס זעלבע, איינס און דאָס זעלבע:

— אויס מיט דער געטאָ. אויס מיט אונדז. אויס מיט אלץ און אלעמען...

רייפן, אײַזערנע רייפן האלטן אײַנגעקלעמט זײַן ברוסטקאסטן, דריקן אָן ראכמאָנעס. שארפּע שנעבעלעך, אָן א שיר שנעבעלעך פּיקן זײַנע שלייפן. און אין קאָפּ — א געווימל געדאנקען, ביטערע, סאמהאמאָוועס־געדאנקען... ס׳טרעפט, אז די רייפן לאָזן א ביסל אָפּ און די שנעבעלעך הערן א ווײַלע אוף צו פּיקן. מאלקינד קומט צו־זיך, אָטעמט טיף אָפּ, גלײַכט זיך אויס, הייבט אוף די אויגן און איבערצײַגט זיך אָן איבעריק מאָל: ניט געבליבן קיין זייכער פונעם גרויען פארנאכט. ס׳רעגירט א מאָרעשכוירעדיקער שפּעט־הארבסטיקער אָוונט. דער ווינטער האָט שוין געפּרוווט א שפּרײַז טאָן איבער דער ערד און געלאָזט אף איר טונקעלער אויבערפלאך שפּורן פון זײַנע טריט — ניט צעגאנגענע פלעקן שניי. אף מאלקינדן טוט עס א ווייע מיט קעלט. ס׳נעמט אים שוידערן. „מע קאָן זיך צוקילן“, — פאלט אים אײַן. די דאַזיקע מאכשאָווע ווערט אָבער באלד פארטריבן פונעם גלײַכגילטיקן אויספיר: „איז וואָס, אויב זיך צוקילן? וועט מען לעכאָלהאפּאָכעס שטארבן מיטן נאטירלעכן טויט“...

דער פּלוצעם אָנגעלאָפּענער ווינט טוט א שויבער מאלקינדס לאנג ניט געשוירענע, צעפּודלטע האָר. מאלקינד כאפּט זיך, אז ער איז אָן א היטל. ארויס, אפּאָנעם, אָן דעם. נאָר ס׳ארט אים ניט. ווען עס זאָל איצט אָנקומען א וואכמאן, וואָלט ער, מאלקינד, געדארפט אויספילן די שטרענגע פאראָרדענונג — אָפּטרעטן אין א זײַט און אראָפּנעמען דאָס היטל, טיף פארנייגנדיק זיך. פאר ארומגיין אין געטאָ בעגילוי־ראַש, שוין אָפּגערעדט

פאַר ניט באַגריסן לויט אַלע דינים אַ פֿאָרשטייער פֿון דער מאַכט, קאָן מען אים שיסן אויפֿן אָרט. נו, איז וואָס? סײַווי, פֿריִער צי שפּעטער...

און אויבן אויפֿן הימל שנײַדט דורך זיך אַ וועג אין די וואָלקן־קנוילן דאָס אָפּגעהריזעטע פּאָנעם פֿון דער לעוואָנע. איר אײַנציק פֿאַרבליבן אויג קוקט אַראָפּ אויף דער וועלט, ווי נאָר עס געפֿינט אַ שפּאַרונע. מאַלקינד דערפֿילט אַ קרויוועשאַפֿט מיט דער ווײַטער, קאַלטער, לימענע־קאָלירטער לעוואָנע, וואָס האַלט אין אויסגיין. ווען זי וועט, ווי דער סיידער־האָוילעם איז, ווידער זיך באַנײַען אינעם גרויסן מענטשלעכן פּונעם מוילעד, ווער ווייסט, צי ער, מאַלקינד, וועט נאָך אַלץ בלאָנקען איבער די אויסגעליידיקטע, מיט גרויל אָנגעזעטיקטע געסלעך פֿון דער געטאָ, ווער ווייסט?.. אָט האָט מען דאָך הײַנט ווידער ענגער געמאַכט דעם שטעכדראָטענעם גאַרטל אַרום זיי. און אַזוי פֿון צײַט־צו־צײַט, ביז עס וועט פֿון קיינעם דאָ קיין זייכער ניט בלײַבן. און אויס מיט די נאַרישע אײַנריידעניש, אַז דעם שעיירים־האָפּלייטע וועלן די ראָצכים שאַנעווען; דערשראָקענע פֿאַר דעם, אַז זיי וועלן דאַרפֿן אָפּגעבן פֿאַר אַלץ אַ כעזשבן, וועלן זיי אופֿהערן קוילען. נאַיִווע, קינדישע אײַנריידעניש... צײַט צו פֿאַרשטיין, אַז ס׳וועט אויסגעלאָשן ווערן דאָס לעבן פֿון איטלעכן, וואָס איז אַרײַנגעפֿאַלן הינטערן שטעכדראָט. סאָפּקאָלסאָף, מיט וואָס איז דער זכוס פֿון די לעבעדיקע גרעסער פֿונעם זכוס פֿון די, וואָס זײַנען שוין פֿאַרשניטן געוואָרן?

— היי, פּעטער, ווו קריכט איר?

עמעצער טוט מאַלקינדן אַ שטויס, און ער דערפֿילט אָפּסנײַ די וועלט אַרום זיך. ער דערזעט דערנעבן אַ צווייראָדערדיק וועגל, אַ באַלאָדנס מיט געפּעק. אַ פּאָר בענקלעך, איבערגעקערטע מיט די פֿיסלעך אַרויף, סטאַרטשען פֿון אויבן. עטלעכע מענערישע געשטאַלטן דרייען זיך אַרום וועגל, שלעפּנדיק און שטופּנדיק עס.

מאַלקינד פֿאַרשטייט: די מענטשן פֿאַרענדיקן זיך איבערקלײַבן פֿון דעם קוואַרטאַל, וואָס איז הײַנט אָפּגעשניטן געוואָרן פֿון דער געטאָ. אין די לעצטע מינוטן ראַטעווען זיי, וואָס עס לאָזט זיך.

— רעב ייִד, דרייט זיך ניט אַרום, ווי אַ יאָלד אויף אַ פֿרעמדער כאַסענע, לייגט בעסער צו אַ האַנט! — רופֿט צו אים אויס אײנער פֿון די, וועלכע שטופּן דאָס וועגל.

מאַלקינד שפּירט זיך ניט געטראָפֿן פֿון דער ווילינגערישער כוצפּע, מיט וועלכער מע רעדט צו אים. ער וואַנדלט בעמיילע אַרום אָן אַ באַשטימטן ציל. פֿאַלט ער צו מיט ביידע הענט צום וועגל.

ס׳איז אינגאַנצן פֿינצטער. ער זעט ניט די פּנעמער פֿון די, וועמענס בעבעכעס ער העלפֿט אַריבערפֿירן. ווער זײַנען זיי? וואָס שלעפּן זיי? עס דערוועקט זיך אין אים אַ ראַכמאָנעס־געפֿיל צו די דאָזיקע מענטשן. וואָס מאַטערן זיי זיך? מאָרגן, איבערמאָרגן וועט מען דאָך אַרויסטרײַבן אויך פֿון די נײַע ווינקעלעך, וווּהין זיי פֿאַרקלײַבן זיך, אַרויספֿירן, ווי מע שטייט און גייט, אויף וואָגל און אומקום. דער גוירל איז געכאַסמעט! און, אייגנטלעך, שוין ניט פֿון הײַנט. נאָך פֿאַרן קריג האָט ער, מאַלקינד,

פאָרגעפילט, אַז די וועלט קײַקלט זיך צום אָפּגרונט. דעם מוירעדיקן, אַלץ פאַרניכטנדיקן שטורעם האָט ער פאָרויסגעזען שוין דאַן, ווען ער איז געמיטלעך געזעסן אין די באָהעמישע קאַפע־הײַזער און געזופט שטאַרקע שוואַרצע קאַווע, וועלכע האָט פאַרטיפט די שטימונג פון קאָלו קאָל האַקיצין[1]...

— היי, פעטער, איר שטופט גאָר ניט... מיר מוזן אײַך גאָר שלעפּן!

דערהערט דעם פאָרוואורף, שפּאַרט מאַלקינד זיך אײַן אין וועגל מיט אַלע קויכעס. אין האַרצן דערוועקט זיך בײַ אים אַ לײַכטער כויזעק, אַ מילדע פאַראַכטונג צו די דאָזיקע באַשרענקטע מענטשלעך, וועלכע פאַר־טאַכלעוועץ אומזיניק זייער לעצט ביסל כּוחעס.

דאָס וועגל טאַנצט פּלוצעם אויף, פאַרקערעוועט שאַרף אין אַ זײַט און שטעלט זיך אָפּ אין אַ הויף, אַן אַרומגעצוימטן מיט אַ הילצערנעם פּאַרקן. אין אַ נידעריק שטיבל פּראַלט אויף אַ טיר. ס׳פאַלט פון איר אַרויס אַ געלער פּאַס שײַן און בלײַבט ליגן אויף דער ערד, פאַרטיפערנדיק די אַרו־מיקע כאַשכעס. עטלעכע מענטשן נעמען האַסטיק אויסלאָדן דאָס וועגל, טראָגן דאָס געפּעק איבערן אויסגעשפּרייטן פּאַס ליכט, ווי איבער אַ טעפּיך, אין שטיבל אַרײַן. מאַלקינד באַמערקט, אַז דאָס זײַנען ניט קיין באַיאָרטע מענטשן, ווי ער האָט געמיינט, נאָר יונגע, זשוואַווע.

— קומט צום כאַנוקאַס־האַבאַיִס, — רוימט אים אַרײַן אין אויער דאָס זעלבע ווײַליונגערישע קאָל, וואָס האָט פריִער געלאָזט זיך הערן.

מאַלקינד ציטערט אַזש אויף: „אַ שיינער כאַנוקאַס־האַבאַיִס. כאַנוקאַס־האַקייוועד וואָלט עס באַדאַרפט הייסן...”

אין זײַנע געדאַנקען מישט זיך אַרײַן די שטים פונעם פרעמדן:

— נישקאָשע, קומט אַרײַן.

דער אומבאַקאַנטער נעמט אים אונטערן אָרעם און פירט ערגעצווו.

אַן ענג צימערל, קוים באַשײַנט פון אַ ליכטל. אייניקע יונגעלײַט איי־סעקן זיך אַרום דעם אַרײַנגעטראָגענעם געפּעק, קוקן צומאָל פאַרלעגן אויף מאַלקינדן און שושקען זיך מיט איינעם אַ באָכער אין אַ קורצן שאָפּן פּעלצל.

אַן אויסדוכטעניש? ניין. מאַלקינד הערט דײַטלעך, ווי דער דאָזיקער באָכער טוט אַ זאָג:

— פאַרן שרײַבער מאַלקינד איז ניטאָ וואָס מוירע צו האָבן.

ס׳איז די זעלבע שטים, וואָס האָט אים אין גאַס פאַרהאַלטן, געהאַט צוגעוואָרפן עטלעכע האָזעדיקע רעפּליקעס באַם שטופּן דאָס וועגל און אים פאַרבעטן אַרײַנגיין אַהער. בלויז איר פריִערדיקע פאַרשײַטקײַט איז פאַרשוווּנדן.

„פונוואַנען ווייסט דער דאָזיקער פאַרשוין, ווער איך בין? — טוט מאַל־קינדן אַ טיאָכקע דאָס האַרץ. — איצט דאַרפן די היטלעראָווצעס זיך נאָר דערוויסן, אַז אַ לעבעדיקער ייִדישער שרײַבער דרייט זיך אַרום אין געטאָ”...

---

[1] כלו כל הקצין — ס׳האָבן זיך געענקט אַלע אויסוועגן.

דער יונג אינעם פּעלצל טוט אַ כאַפּ דאָס ברענענדיקע ליכטל, מיט אַ קענטיקן ייִראַס־האַקאָוועד לייגט ער אַרויף די אַנדערע האַנט אויף מאַלקינדס פּלייצע און פירט אים אַרײַן אין אַ דערבײַיִק קעמערל.

געבראָכענע שאָטנס פון אַ צווייִשטאָקיקער נאַרע טוען זיך אַ באַוועג בײַ דער שײַן פונעם אַרײַנגעטראָגענעם ליכטל.

— וואָס האָט איר זיך אָנגעזעצט? — ווערט שוין מאַלקינד אין כּעס. — פאַרוואָס רופט איר מיך מאַלקינד? איר האָט, יונגערמאַן, אַ טאָעס.

— אַ טאָעס? — טוט יענער אַ בליץ מיט אַ פּאָר שוואַרצע אויגן און ווערט גאָר מאָלע־סימכע: — איך דערקען ניט דעם שרײַבער מאַלקינד? מיר זײַנען דאָך עפּעס שטיקלעך קאָלעגן. איר, עמעס, זײַט אַ פּראָזאַיִקער, און איך פּלעג פאַרפאַסן לידער. איר געדענקט, עפּשער, איינמאָל האָט איר געמאַכט אויסצודרייען פון מײַן שרײַבעכץ.

— ווילט איר זיך אָפּרעכענען? נו, גיט מיך וואָס גיכער אַרויס...

— וואָס רעדט איר, וואָס רעדט איר? — ווערט דער יונג אינעם פּעלצל מאַמעש אופגעציטערט. — פאַרקערט... ביטע, ביטע, לאָמיר זיך צוזעצן.

האַלב צוגעזשמורעט קוקט מאַלקינד אויף דעם, וואָס זיצט אַנטקעגן אים. אַ געדיכטע קוטשמע שוואַרצע האָר באַקרוינט אַ טונקלהויטיק ביינערדיק פּאָנעם, אויף וועלכן עס טוקן זיך מידלעכע אויגן, פאַרצויגענע מיט אַ גלאַנציקער פײַכטקײַט.

„אָנגעהאָרעוועט, אָנגעטומלט זיך מיטן געפּעק, — באַדויערט מאַלקינד דעם פאַרמאַטערטן מענטשן. — ניט געפונען קיין אַנדערע דײַגעס... גיט זיך אָן פאַר עפּעס אַ שטיקל ליטעראַט, און זײַן גאַנצע אינטערעסן־וועלט באַשרענקט זיך אויף איבערשלעפּן בעבעכעס פון אָרט צו אָרט“...

מאַלקינדס גרינגשעצונג גייט אַריבער אין פאַראַכטונג צום מענטשן, אויף וועמענס ברוסט עס באָמבלט זיך אַ קוים צוגעטשעפּעטע די געלע לאַטע — דער ערשטער סימען, אַז ער דרייט זיך אַרום אין שטאָט, האַנדלט אַוואַדע אײַן שפּײַז־פּראָדוקטן, שמוגלט זיי אַרײַן אין געטאָ, איז אויוועך אויף די שטרענגסטע באַפעלן... ניט איינער פון די דאַזיקע טיפּן האָט דערפאַר באַצאָלט מיטן קאָפּ, מיט די לעבנס פון זײַנע קרויווים. די זיך באָמבלענדיקע לאַטעס טוען אָן צאָרעס... צאָרעס...

מאַלקינד דערפילט פּלוצעם אַ טאַמגאַניידנדיקע פײַכטקײַט אויף די ליפּן. ער כאַפּט זיך אָפּ דאָס האַרץ מיט אַ מײַכלדיק שטיק ברויט, באַדעקט מיט עפּעס אַ זיסער שמירעכץ. ניט ער — די הענט זײַנען שולדיק, וואָס זיי טראָגן שפּײַז צום מויל. דער מאַכניס־אוירעך, זעט אויס, האָט האַנאָע פון צוקוקן זיך, ווי דער גאַסט געניסט פון אַ געשמאַקן ביסן.

— עפּשער נאָך?

פאַרלעגן נעמט מאַלקינד זיך פאַרטיידיקן:

— ניין, ניין, ניין. פאַר מיר איז דאָס אויך שוין צופיל. קרעפּטן האָב איך איצט איבערגענוג. מער, ווי בייטיק.

— אויב אַזוי, — הייבט אָן דער גאַסטגעבער, — און אויב איר וועט ניט דערווידערן, וויל איך... וואָלט איך מיך אומגעקערט צו דעם... אָט, איר האָט דערמאָנט כעזשבוינעס... זיי דאַרף מען צונויפירן, ריכטיקער געזאָגט...

מאלקינד שטעלט זיך אוף, טוט אופגערעגט א פרעג:
— מיט וועמען צונויפירן?
— מיר דארפן זיך טאקע באקענען — זאליע.
— זאליע? — פארוואונדערט זיך מאלקינד. — א פאמיליע־נאָמען? א פסעוודאָנים? ניט געהערט פון אזא שרײַבער.
— דעם עמעס געזאָגט, ניט קיין שרײַבער, נאָר אײַערער א שטיקל קאָרעווו. עמעס, א גאנץ ווײַטער. פון אײַער בוך „די לעצטע יידן"...
— טאקע, טאקע, — ווערט מאלקינד א ביסל פארינטריגירט, — עמעס. פאראן דאָרט אזא... באלד פארגעסן...
— און איך טראכט אָפט וועגן אײַער זאליען. ס'איז פאלש, ער זאָל זיך האָבן אופגעהאנגען אין טפיסע. איר האָט א טיפן טאָעס געהאט. כ'האָב אײַער זאליען גאָר געזען ארויסגיין אף דער פרײַ. דאָ ניט לאנג, ווען ליטע איז געוואָרן סאָוועטיש. מע האָט אים באגעגנט מיט בלומען...
„זאליע, זאליע, זאליע", — כאזערט מאלקינד איבער אין זיך דעם דאָזיקן נאָמען, ווי וועלנדיק זיך אין עפעס דערמאָנען. און ער דערמאָנט זיך: זײַן דאָזיקער עפיזאָדישער פערסאָנאַזש האָט זיך געהאט פארמאָסטן וועלטן איבערצוקערן. איז ער אָבער ארײַנגעפאלן הינטער גראטעס, געלאָזט אף העפקער א פרוי, א קינד. אין טורמע איז ער פארייִעשט געוואָרן, אוועק פון לעבן...
— איר מיינט, ניט געדארפט דערפירן זאליען צום טראגישן סאָף? — נעמט מאלקינד, אומגעריכט פאר זיך אליין, פארטיידיקן זײַן שטאנדפונקט. — ער וואָלט זיך איצט דערוואַרט אף עפעס בעסערס?
— א שרײַבער, א שרײַבער טאָר ניט...
מאלקינד האקט אומגעדולדיק איבער יענעמס רייד:
— אויב איר זײַט אויך א שטיקל פען־מענטש, וועט איר פארשטיין. כ'האָב דערפילט, אז ס'רוקט זיך אָן דער סאָף פונעם מענטשן, דעם האָמאָ סאפיִענס. וואָס בלײַבט א מענטשן, איר פארשטייט, וואָס בלײַבט א מענטשן אנדערש צו טאָן, אויב ניט אנטלויפן? איך אנטרין אפילע פון דער געטאָ. פאר מיר איז די היטלעריסטישע הארימע־שטאָט לוי האָיאָ וועלוי ניוורא — איז אף דער וועלט ניט געווען און עקזיסטירט ניט. איך האָב מיך פארגראָבן, ווי א קראָט, ריכטיקער געזאָגט, ווי כויני האמעאַגעל, ווי יענער אין דער לעגענדע, האָב איך אף דער וואָר געמאכט ארום זיך אזא קישעף־קרײַז, וועלכן קיינער קאָן ניט אריבערטרעטן. איר דערמאָנט זיך, אין יענעם קרײַז איז כויני אָפגעשלאָפן גאנצע זיבעציק יאָר... אזא רעטונג פאר דער נעשאָמע — אײַנשלאָפן, אײַנגראָבן זיך אינעם אויסלייזנדיקן ניט־ווערן. אָ, ווען ניט די דערוואכונגען! נאָר מיר גייט סײַווי קיין זאך ניט אָן.
— אָט וועגן דעם טאקע האָבן מיר זיך געאמפערט שוין דאָן, ווען עס זײַנען נאָך קיין געטאָס בא אונדז ניט געווען, — ציגדט זיך אָן דער יונג אינעם פעלצל. — איך מיין אויך דעם שטרײַט ארום מײַנע פערזן. איר האָט דאָן געפאסקנט — באַמבאסטישע שורעס, הוילע טענדענץ. כ'בין בייסמײַסע געוועזן אין קאס אף אײַך. שפעטער פארשטאנען — ס'פעלט אין

מײַנע שורעס דאָס פּינטעלע, די ראָזשינקע, וואָס זאָל זיי פּאַרוואַנדלען אין דיכטונג. וואָס קאָן מען טאָן, ניט אַלע זײַנען באַשאָנקען מיט טאַלאַנט. און פונדעסטוועגן נעם איך ביז הײַנט די פּעדער אין האַנט, ווען ס'איז נייטיק.

ער ווערט אַנשוויגן. אויך מאַלקינד שווײַגט. זײַן אויסגעטריקנט פּאָנעם, די אײַנגעקאַרבטע קנייטשן אויפן הויכן שטערן, איבער וועלכן ס'איז פּאַרגליווערט געוואָרן אַ גראָוער שוים האָר, די אַראָפּגעלאָזטע וויִעס, די בלויע קישעלעך אונטער די אויגן, די פּאַרפּרעסטע ליפּן — אַלץ ווײַזט אָף דעם, אַז ער קלײַבט זיך ניט ריידן, שוין אָפּגערעדט — פירן אַ וויקועך. ווערט זײַן באַל־שמועס אָנגרײַפעריש:

— שרײַבער מאַלקינד! האָט אײַך עפּעס געלערנט די צײַט? די וועלט־געשעענישן? מיר דוכט, אַז איר זײַט ניט ווײַטער אוועק פון אײַערע ווערק — ניט אויפגעהערט דרעמלען צווישן אײַערע „כורוועס". דורך אַ טרערן־נעפּל קוקט איר נאָך אַלץ אָף אײַער אויסגעדיכטעטן „סאָף פונעם שטעטעלע ג.". מעגן אַרום אײַך זיך קערן וועלטן, קוויקט איר זיך אָן אויפהער מיט דער ביטערער ווײַניקײַט פון דער לופט, וועלכע ס'אָטעמען אײַערע אומבאַהאָלפענע, רעזיגנירטע „לעצטע ייִדן"...

— דאָס איז אַלץ, וואָס איר ווילט מיר זאָגן?

— נאָך אַ פּאָר ווערטער. עמעס, איר האָט דערפילט, אַז עס רוקט זיך אָן אָף דער וועלט עפּעס אַנטשיידנדיקס, און זײַט, ווי איר זאָגט אַליין, אַנטלאָפן, ניט געוואָלט, אַפּאָנעם, וואַרפן אײַער וואָרט אָף דער וואָגשאָל פון דער געשיכטע. אין ייִעש און אויסגאַנגסלאָזיקײַט האָט איר געזוכט אַ באַהעלטעניש פון די שטורעמס, אַ קלוימערשטע רעטונג פאַר דער נעשאָמע... אויך איצט צאַפּלט איר זיך אַ פּאַרלוירענער, כאָטש דאָס לעבן האָט אַ סאַך דערוויזן...

מאַלקינד ענטפערט אַלץ ניט. אָבער מיט זײַן גאַנצן מעהוס וויל ער דערווײַזן, אַז ער צאַפּלט זיך קלאָל ניט. בלויז הײַנט אין אָוונט האָט אים עפּעס אַ ניטגוטער אַרויסגעשלעפּט פון זײַן ווינקל, אָן אַ ציל אַרומגעטריבן... מאַלקינדס קאָפּ ציט זיך אײַן, באַהאַלט זיך אינעם קאָלנער פון מאַנטל, דעקט זיך איבער מיט די צעשויבערטע פּאַטלעס האָר, וועלכע די שײַן פונעם ליכטל פלעכט דורך מיט פעדעם ליכט און שאָטן.

— איר הערט, שרײַבער מאַלקינד! — ווערט די שטים פונעם יונג אינעם פעלצל נאָך מער מאָנענדיק. — איר זײַט בא אונדז אין געטאָ, ווי מיר דוכט, דער אייַנציקער שרײַבער מיט אַ נאָמען, מיט שריפטשטעלערישער דערפאַרונג. בלײַבן פון די לעצטע איז צו עפּעס מעכײַעװ. פאַרצייכנט אַלץ, וואָס אַרום אונדז טוט זיך. שרײַבט! זײַט אַ ווירדיקער אייִדעס פון אונדזערע איבערלעבענישן. ברענגט אײַערע מאַנוסקריפּטן, מירן זיי באַשטאַטן אין זיכערע הענט.

— האַ! — מאַלקינד קוקט לאַנג און דורכדרינגלעך אָף דעם, וואָס מאַכט אים דעם אומגעריכטן און זייער געוואַגטן פאָרשלאָג.

ניט צום ערשטן מאָל פאַרלאַנגט מען דאָ פון אים, ער זאָל שרײַבן. עס פאַרפאָלגט אים מאַמעש אַ מאַנצבל מיט אַן אַשקאָליריק פּאָנעם, מיט אַן ערגעץ אין דער ווײַט געוועגדטן בליק. ווען זיי זאָלן זיך ניט באַגע־

גענען, שטייט יענער צו מיט דער טײַנע: „שרײַבט איר? פֿאַרשרײַבט! זאָל אונדזער בלוט ניט פֿאַרזינקען אָן אַ שפּור, ווי וואַסער אין זאַמד!״ און אָט, ווידער דאָס זעלבע — ער זאָל שרײַבן! גאָט אין הימל, ווי קאָן מען אָנקליידן אין אַ ליטעראַרישן לעוווש פֿאַקטן, וועלכע ליגן אויף יענער זײַט פֿונעם מענטשלעכן פֿאַרשטאַנד, אויף יענער זײַט פֿון ליטעראַרישע גרענעצן?.. דאַנטעס? בײַ דאַנטען איז דער גענעם אַן אַלעגאָריע, אַ פּרוכט פֿונעם דימיען, און דאָ איז עס ווירקלעכקײַט, אין וועלכער דער אומזיניקסטער אומזין ווערט רעאַלע וואָר, ווי אין שיגאָען. האָט שוין ווער געפּרוּווט שרײַבן אונטער אַ פֿאַרמאָסטענער האַק איבערן קאָפּ? דער קוילער שעכט, און דער שרײַבער זאָל צו דער זעלבער צײַט שאַפֿן קונסט־ווערק... צו וואָס שרײַבן, אַז מיט די קסאָווים, מיט דעם שרײַבערס מי, מיטן מאַרך פֿון זײַנע ביינער וועט מען אונטערצינדן שײַטערס?.. און דאָך פֿאָדערט מען פֿון אים — שרײַבן! דער דאָזיקער יונגערמאַן, וואָס רופֿט זיך זאַליע, שלאָגט פֿאָר אויסצוהיטן די קסאָוויאַדן... און ווער זײַנען עס די „מיר״, אין וועמענס נאָמען ער רעדט?

און יענער, ווי ער וואָלט זיך אָנגעשטויסן אין מאַלקינדס געדאַנקען, ווערט נאָך אַ האַפּסאָקע, ווי ס׳זעט אויס, נאָכן יִישעווהאַדאַס מיט זיך אַליין, אָפּנהאַרציקער:

— מיר האָבן פֿאַר אײַך קיין מוירע ניט. כ׳וועל ריידן אָפֿענע דיבורים. מיר, כ׳מיין זיך און מײַנע כאַוויירים, זיצן ניט מיט קיין פֿאַרלייגטע הענט. פֿאַרשטייט איר שוין? דאָס זעלבע ווילט זיך הערן פֿון אײַך. לאָזט עפּעס איבער פֿאַר די קומענדיקע דוירעס! מע דאַרף זיך אָפּטער באַגעגענען. לאָמיר עס ניט אָפּלייגן. פֿאַראַן אַ סאַך וועגן וואָס צו ריידן, וואָס צו טאָן...

„וואָס טאָן? אין געטאָ עפּעס טאָן״... מאַלקינדן פֿאַלט אײַן אַ כשאַד: עפּשער וויל מען אים גאָר פּראָוואָצירן? אָט דער־אָ האָט אָקאָרשט גערעדט אַ לאָשן פֿון אַ פּראָסטאַק, און פּלוצעם גיט ער זיך אָן פֿאַר אַ ליטעראַט, שיט מיט ווילקלינגעוודיקער מעליצע. זײַן זאַליע איז געווען פֿון אַן אַנדער טײַג געקנאָטן...

און דער, וואָס האָט זיך אָנגעגעבן פֿאַר זאַליען, לאָזט ניט נאָך:

— ריזיקירט. קוקט ניט, וואָס כ׳בין געווען אַ ביסל האַזעדיק, גראָבלעך. געפּרוּווט שפּילן אַ פּראָסטן כײַוועקײַעם. כ׳האָב געוואָלט צוציִען אײַער אופֿמערקזאַמקײַט. אַמאָל, ווי איך געדענק, האָט איר אַרויסגעוויזן גרויס אינטערעס פֿאַר אונטערוועלט־טיפּן, געקליבן און פֿאַרעפּנטלעכט פֿאָלקלאָר... נאָר לאָמיר עס איבערלאָזן אויף מאָרגן, פֿאַרנאַכט, אָט דאָ־אָ. פֿאַרגעדענקט דעם וועג...

דאָס, וואָס האָט פּאַסירט, איז טאַקע געשען אויף דער וואָר, צי ס׳איז אַן אויסטראַכטעניש פֿון זײַן דולן קאָפּ? ווײַל אויבן, צווישן די זעלבע צעדרויבלטע וואָלקן־קנוילן, שנײַדט זיך נאָך אַלץ דעם וועג דאָס ביז העלפֿט אָפּגעהריזעטע פּאָנעם פֿון דער לעוואָנע. דער ווינט צופּט מיט רוגזע מאַלקינדס האָר, און די אַזעסדיקע קעלט קערט מײַסים אונטער די פּאָלעס פֿון זײַן פּאַנאַנדערגעשפּיליעטן מאַנטל. אַלץ, ווי געווען. בלויז די פּלוצעם דערזעענע פֿינקלענדיקע אויגן פֿון עפּעס אַ פּערסאָנאַזש אין

זײַנעם אַ ראָמאַן פֿאַרפֿאַלגט אים, און די שטים פֿון דעם נײַעם זאָליען אין פֿעלצל — אַזאַ האָפֿערדיקע, זעלבסטזיכערע, גאָר ניט ענלעך אַף דער שטים פֿון יענעם אין בוך, מישט זיך אַרײַן אין אַלע מאַכשאָוועס. זי לייגט ניט קיין אַכט אַף דעם, אַז איר שעפֿער האָט גאָר קיין קויעך ניט עמעצן אויסצוהערן, זיך פֿאַרטראַכטן איבער וועלכע־ניט־איז איניאָנים. צו וואָס, צו ווען? ער וועט גלײַכער אַזוי שוין אַרומבלאָנקען איבער די געסלעך פֿון דער גויסעסדיקער געטאָ, פֿאַרבײַגיין די אײַנגעצוירעטע שטיבלעך, דעם שטעכדראָט־צוים, וואָס האָט, ווי מיטן שאַרף פֿון אַ כאַלעף, אָפּגעשניטן די געטאָ פֿון דער שטאָט, פֿון דער גאָרער וועלט...

— שטיין, יודע! — גיט עס אַ גרילץ אין דײַטש. — וואָס זוכסטו באַם צוים?

אַ סנאָפּ ליכט וואַרפֿט זיך פּלוצעם אַף מאַלקינדן. אַ דײַטש, אַ וואַכ־מאַן, — פֿאַרשטייט ער. דאָ דערמאָנט ער זיך, אַז ער איז אָן אַ היטל, און איז זיכער, אַז דאָס איז שוין דער סאָף פֿון זײַן בינטל יאָרן. פֿאַרטיידיקט ער זיך ניט, ניין. ער וויל בלויז אופֿשטעלן דעם עמעס:

— ניט געקראָכן צום צוים. גאָט באַהיט! נאָר פֿאַרבײַגעגאַנגען... פֿונ־דערווײַטנס...

— לײַגסט נאָך, שמוציקער הונט! — טוט מען אַ ריטשע אין דײַטש שוין האַרט לעבן אים.

דעם סנאָפּ ליכט, וואָס האָט געהאַלטן מאַלקינדן אײַנגעקלאַמערט, פֿאַר־שלינגט דאָס לאַמטערנדל אין דער האַנט פֿון וואַכמאַן. אַרום ווערט שטאָקפֿינצטער, גלײַך די וועלט וואָלט זיך אָפּגעטויוולט אין שוואַרצן טינט. אַז מאַלקינד איז נאָך מעסוגל עפּעס צו זען, שטעלט פֿעסט די האַלבע לעוואָנע, וואָס כאַפּט זיך אַרויס פֿון אונטער אַ וואָלקן און באַ־לײַכט דעם וואַכמאַן מיט דער אָנגעשטעלטער ביקס.

אַ שאָס. אַ דונער. מאַלקינדס האַרץ צאַפּלט אוף און רײַסט זיך אַרויס מיט ווייטעק פֿון דער ברוסט, וועלנדיק ערגעץ זיך אויסבאַהאַלטן. נאָר עמעצער פֿאַרקײַכט זיך איבער אים אין אַ געלעכטער.

„וואָס טוט זיך דאָ?” — מאַלקינד עפֿנט פֿאַמעלעך די אויגן. ער דער־זעט אַ שניי־פֿלעק, דערפֿילט די קעלט פֿון דער ערד, צו וועלכער ער טול־ליעט זיך. ניט אַנדערש, אַז אַ נעס. די קויל האָט אים ניט געטראָפֿן! גייט דאָס נאַקעטע לעבן אין אים באַלד אַרויס מיט זײַן פּיקכעס: מע דאַרף מאַכן דעם אָנשטעל פֿון אַ טויטן, וואַרטן, דער היטלעראָוועץ זאָל זיך אָפּטראָגן...

ווידער פּריטשמעליעט מאַלקינדן אַ סנאָפּ ליכט. און ווידער הילכט אַ שנײַדיקער געלעכטער, באַגלייט פֿון ווערטער:

— זיך דערשראָקן? פֿול די הויזן, וואָס? כאַ־כאַ־כאַ... — און ווי מיט אַ בײַטש דערלאַנגט אַ שמיץ איבערן געלעכטער דער באַפֿעל: — אופֿ־שטיין! און צום קאָמענדאַנט!

שווערע, דומפּע קלעפּ פֿאַלן אַף מאַלקינדן, צווינגען אים אופֿשטיין.

— אָט אַזוי, מאַרש, מאַרש! — גוואַלדעוועט דער וואַכמאַן, באַגלייטנ־דיק איטלעך וואָרט מיט אַ שטויס אין זײַט, אין רוקן. אַזוי לאַנג, ביז

ביידע טרעטן אריבער די שוועל פון א לײדיקן, געראַמען, העל־באַלויכ־טענעם צימער.

דאָ בלײַבט מאַלקינד שטיין, וואַרט. די שײַן אין צימער — ווי זי וואָלט אָנגעשאָטן זאַמד אין די אויגן.

— אכטונג! — דערהערט זיך אַן אויסרוף.

עס קומט אַן א הויכער, שטאַלטנער מיליטערמאַן אין א גרינער אוני־פאָרם מיט א שוואַרצן קראַגעלע און בלישטשעדיקע קנעפּ אַפן מונדיר. אַף זײַן דינער נאָז זיצן גרויסהאַלטעריש אין גאָלד אײַנגערעמלטע ברילן, דורך וועלכע עס שפּריצט מיט פאַראַכטונג א פּאָר גרינע אייגלעך. ער ווענדט זיך צום וואַכמאַן:

— וואָס ברענגסטו מיר דאָס מיסט? איך אײַל גאָר אין קאַזינאָ.

— דער דאָזיקער לומפּ איז געקראָכן דורכן צוים, הער קאָמענדאַנט! — ראַפּאָרטירט דער וואַכמאַן, אויסציִענדיק זיך מיט א פאַריסענעם קאָפּ.

— עך, קראַוזע, — שמייכלט דער קאָמענדאַנט, — צי וועט אַזא שײַס־מאַיאָר עפּעס זוכן אַף יענער זײַט? אומזיסט דרייסטו מיר דעם קאָפּ צוליב איבעריקע צוויי באָרדעל־קופּאָנעס...

מאַלקינד שפּיצט זיך אָן. הייסט עס, ס׳איז עמעס! עס באַשטעטיקן זיך די קלאַנגען, אַז פאַרן ברענגען א לעבעדיקן ייִדן, וואָס איז געקראָכן דורכן צוים, באַקומען די וואַכלײַט פינף אומזיסטע קופּאָנעס אין מיליטער־רישן שאַנד־הויז, בייס פאַר א דערשאָסענעם באַם שטעכדראָט — בלויז דרײַ... אָט פאַרוואָס דער וואַכמאַן האָט געהירזשעט און געפרייט זיך.

א ניטגוטקײַט ביז צום ברעכן דערפילט מאַלקינד, אָנקוקנדיק דעם וואַכמאַן, וואָס שטייט מיט אַן אַראָפּהענגענדיקער אונטערשטער ליפּ, ווי א הינטל אַף די הינטערשטע לאַפּעס, בייס עס דערוואַרט, זײַן האַר זאָל אים צוּוואַרפן א כעסעד־גאָב. די ניטגוטקײַט מילדערט א קאַפּ דער אָנ־בליק פונעם קאָמענדאַנט, זײַן אינטעליגענטער און סאָלידער אויסזען, די אין גאָלד אײַנגערעמלטע ברילן. אַזא אייגער וועט פאַרשטיין, ווי ס׳איז בעעמעס געווען. נעמט מאַלקינד זיך פאַרענטפערן:

— אַנטשולדיקט, כ׳בין ניט געקראָכן, פאַרבײַגעגאַנגען נאָר...

דער קאָמענדאַנט טוט א רודער מיט זײַנע לאַנגע הענט, כאַפּט אַרויס פון קעשענע א פּאָר גרינע זאַמשענע הענטשקעס און נעמט זיי פּאַוואָליע אַרופציִען, צוגלעטענדיק יעדן פינגער.

— היטלערס א זעלנער זאָגט ניט קיין ליגן, קרעציקער הונט! — פּלאַצט אַרויס דער קאָמענדאַנט, און צוויי פײַערדיקע פּעטש, פון לינקס, פון רעכטס, קלינגען אוף אַף מאַלקינדס באַקן. דערנאָך צעשרײַט ער זיך אַפן וואַכמאַן: — אַז איך האָב גאָר קיין צײַט ניט צו פאַרנעמען זיך מיטן שײַסדרעק! געמעגט אים, אייזל, אוועקלייגן אַפן אָרט, און שוין. אַלץ די פאַרפלוכטע איבעריקע צוויי קופּאָנעס! וואַרף אַרײַן דעם פאַרלײַזיקטן לומפּ אין... נו, געפין דאָרט אין נײַעם געטאָ־פּערטל א פּאַסיקע שווײַנע־לאָך. און מאָרגן וועט ער שוין דערציילן, פאַרוואָס ער איז געקראָכן דורכן צוים און צו וועמען ער איז געגאַנגען אין שטאָט! ער וועט שוין דערציילן!

אינעם לעבעדיקן קייווער איז די פינצטערניש א פולשטענדיק בלינדע. אינעם לעבעדיקן קייווער איז די סטעליע נידעריק — זיך ניט אוועקצו־שטעלן. די ווענט זײַנען אײַז־קאַלט, ענג צונויפגערוקט, זיך ניט א דריי צו טאָן. מאַלקינד קאָרטשעט זיך צונויף אפן דיל. זײַן גאַנצער קערפּער ציטערט, די אייוורים צוקן, און ער קאָן זיי ניט באַהערשן. ס׳איז אים קאַלט, שווידערלעך קאַלט. נאָר די באַקן פלאַמען. עס ברענט אף זיי די כאַרפּע פון באַקומענע פּעטש. אָבער מאָרגן וועט קומען דער סאָף... דער קאָפּ ניכטערט זיך אויס. ער קאָן רויִק טראַכטן. ווען ער זאָל דאַרפן באַ־שרײַבן די לעצטע שאָען פון זײַנעם א פּערסאָנאַזש, וואָס איז אַרײַנגע־פאַלן אין אַן ענלעכער לאַגע, ווי דער אוטאָר איצט, וואָלט ער מיסטאָמע אָנגעהויבן אַזוי:

„דאָס ענגע טויט־קעמערל האָט אים אַרומגעהילט מיט א געדיכטער כאַשכעס, אַרומגעפּאַנצערט מיט א טויבער שטילקײַט. אין דער דאָזיקער כאַשכעס, אין דער דאָזיקער שטילקײַט איז צײַטיק געוואָרן די שאָ פון כעזשבן־האַנעפעש. ווי א רײַפע פּרוכט האָט זי געהאַלטן אָט־אָט באַם אָפּרײַסן זיך פון דער צווײַג פון דער צײַט, גרייט א פאַל צו טאָן אין שויס פון דעם פאַרורטיילטן — נעם מיך, בײַס אײַן, ווי דעם עפּל פון אייץ־האַדאַס... און דאָס גאַנצע לעבן זײַנס אף דער בידנער ערד האָט זיך גע־נומען פאַנאַנדערוויקלען ווי די טאַשמע פון א מעטושטעש־פײַנפולן פילם...״

בא דעם פאַרהאַלט זיך מאַלקינד. עס ווערט אומקלאָר די זעונג. בלויז זײַן אייגענער טרויעריקער סאָף, ווי דער אַרומגעהריזעטער עפּל פונעם אייץ־האַדאַס, הענגט אים פאַר די אויגן... אַזוי אויסטערליש האָבן זיך איבערגעפּלאָכטן די געשעענישן הײַנט אָוונט. אַזוי אומזיניק האָט ער זיך אַרײַנגעפּלאָנטערט אין א צאָרע. מאָרגן וועט מען אים נעמען אפן פאַר־הער. מע וועט דערגיין, אַז ער איז געווען א שרײַבער. אָ, זיי וועלן זיך ניט קאָנען אָנפרייען מיט דער מעציִע, וואָס איז אַזוי אומגעריכט אַרײַנ־געפאַלן אין פּאַסטקע. עפּעס א קלײנינקײַט, א שרײַבער! מע וועט עס מעלדן ווײַטער, העכער. אַזוי און אַזוי. אַזא און אַזא שרײַבער איז אופגע־דעקט געוואָרן. דער וואַכמאַן וועט אַוואַדע באַקומען א צוגאָב פון נאָך פינף קופּאָנען, און אים, מאַלקינדן, וועט מען נעמען פּײַניקן... וועמען געהערן עס די גאָלדענע ווערטער, אַז פונעם לאָרבערבוים פון דער קונסט קאָן מען ניט אָפּרײַסן קיין איין בלעטל, ניט באַצאָלנדיק דערפאַר מיטן לעבן?.. איצט איז געקומען זײַן ריי. מע וועט אים פּײַניקן, ער זאָל אַרויס־געבן זײַן פרוי און קינדער, וואָס דאַרפן אומגעבראַכט ווערן צוזאַמען מיטן הויפּט פון דער מישפּאָכע. קיינער וועט ניט גלייבן, אַז ער האָט ניט קיין היים, קיין מישפּאָכע. דעריבער וועלן די מעכאַבלים אים נאָך מער פּײַניקן. זיי וועלן פאָדערן, ער זאָל אָפּגעבן זײַנע לעצטע מאַנוסקריפּטן. און קיינער וועט ניט גלייבן, אַז ער האָט אין געטאָ זיך ניט צוגערירט צו דער פעדער. זיי וועלן אים פּײַניקן... נאָר מאָרגן אָוונט וועט אַלץ שוין זײַן פאַרענדיקט. מע וועט זײַן צעקאַטעוועטן קערפּער אוועקפירן הינטער דער שטאָט, צום שײַטער, אף וועלכן די געסטאַפּאָ ברענט אירע קאָרבאָ־

נעס. ער וועט אופגיין מיטן רויך. דער ווינט וועט זײַן אש צעווייען, און אויס, אויס מיטן שרײַבער מאלקינד. „פיניטא לא קאָמעדיִא"... און דער ווייטעק פון שפּורלאָזן פארגיין צעכליפּעט זיך אין זײַן הארץ... וואָלט ער כאָטש געהאט געשריבן אין געטאָ! די פּאַשיסטן האָבן שטענדיק מוירע געהאט פאר שרײַבער, געברענט זייערע ביכער. זײַנע שריפטן וואָלטן דעם קאָמענדאנט ארײַנגעבראכט אין גרימצאָרן, נאָר עס וואָלט אים שוין קיין זאך ניט געהאָלפן — זײַנע, מאלקינדס, קסאוויאדן געפינען זיך אין זיכערע הענט... דער מענטש מיטן נאָמען זאליע מאָנט גאָר, פאָדערט: כאָטש א טרוקענע גוויִעס־איידעס!.. אלע, אלע זײַנען קעגן אים! דער קאָמענדאנט ביכווידוי־וועאצמוי טוט אים אָן שפּאָגל־נײַע אינקוויזיציע־שיך, שנורעוועט זיי צונויף. די אינווייניק אָנגעהאקטע טשוועקעס שטעכן דורך דאָס פלייש פון די פיס, דרינגען אדורך די ביינער אזש ביזן מארך... ביזן מארך...

ער כאפּט זיך אוף... ליגט ער שוין לאנג אזוי, ווי אן ארויסגעשלײַדערטער, נאָך א שיף־ברוך, אף א קאלטן, שווארצן יאבאָשע־ברעג? דארף ער נאָך לאנג אזוי ליגן מיט פארפראָרענע פיס און ווארטן, עס זאָל אָנ־פויזען דער באגינען און מאכן א סאָף צו זײַן לײַב־און־לעבן? וועט עס עפשער זײַן דער באגינען, מיט וועלכן ער האָט פארענדיקט זײַן בוך „די לעצטע ייִדן"? אָ, ער דערמאָנט זיך גאנץ גענוי:

„ערגעץ אין די פארהוילענישן פון דער ערד האָט עס א קרעכץ געטאָן: עך, עך!.. נעפּלען האָבן אויסגענאָגט די נאכטיקע כאשכעס, און דאָס גליִענדיקע אפּל פון א העלער ריזן־באשעפעניש האָט גענומען ארויסקוקן פון אונטער דעם הימל־ראנד... גרויס און אײַנזאם האָט געסטארטשעט אינעם נעפּל א געבויגענער ייִד, דער לעצטער פונעם ייִשעוו — מיט א קלומעק אף דער פּלייצע, אָנגעלענט אין א סוקעוואטן שטעקן. ס'האָט ניט געוווּסט דער ייִד, וווהין דעם טראָט צו ווענדן, מאכמעס אומענדלעך פיל וועגן האָבן זיך געקרייצט אינעם פּיצל באָדן, אף וועלכן ער איז גע־שטאנען. האָט ער א קרעכץ געטאָן, ווי איבערענטפערנדיק דעם פארהוי־לענעם קאָל פון דער ערד: עך, וועלט, דעמערונג וואָס דו ביסט!"

ווײ, ווײ, וויפל מע האָט בעשײַטע ארום דעם געשטרײַט...

— מאלקינד, מאלקינד! — א שטראָם פרישע לופט ברענגט מיט זיך צו טראָגן דעם אויסרוף פון זײַן נאָמען. — אהער, שנעלער!

מאלקינד צאפּלט אוף, שפּארט זיך צו צו דער וואנט. שוין! מע ווייסט אפילע, ווי ער הייסט. און ווידער: ניט ער — דאָס נאקעטע לעבן אין אים, וואָס האָט שוין וויפל מאָל זיך געהאט צעבונטעוועט קעגן דעם ווילן פון זײַן באפעלגעבער, שטעלט א פארצווייפלטן ווידערשטאנד דער קראַפט, וועלכע קומט אים ארויספירן צום לעצטן וועג.

— קומט, זאָגט מען אײַך! — באפעלט אין ייִדיש אן אומגעדולדיקע אומבאקאנטע שטים.

און אז ער רופט זיך אלץ ניט אָפּ, נעמט מען אים שלעפּן מיט קויעך. מע שטעלט זײַן שלאבעריקן גוף ארויף אף שטאָלצן און מע צווינגט אים

גיין. ניט ער גייט. עמעצער טוט עס אָנשטאָט אים. און ער שלעפּט זיך נאָך...

א כאָלעם, צי וואָר, צי אַן אויסטראַכטעניש פון זײַן דולן קאָפּ? זאלבע־דריט זיצן זיי אַף ניט געהובלטע, מיטן טערפּקן האָלץ־גערוך שמעקנדיקע ברעטער: מאלקינד, דער זעלבער באָכער אינעם שאָפּענעם פּעלצל און א דריטער, אומבאַקאַנטער מאַנצבל מיט העלע וואָנצעס, — דער זיצט א ביסל אָפּגערוקט פוןביידן. אַנטקעגן, אין א קליינער וואַנט־נישע, ברענט א ליכט, וואָס באַשײַנט א געוועלבּ, א שטייניקן פונדאַמענט. זיי געפינען זיך, קענטיק, אין א קעלער־באַהעלטעניש, אין א „מאַלינע", ווי מע רופט עס אין געטאָ. אַראָפּגעלאָזט זיך דורך אַן אויסטערליש געדרייטער לאָך, געפּויזעט אַף אַלע פיר...

ערשט איצט באַגרײַפט מאלקינד, אַז עס איז געשען עפּעס אומגעהייערס.

— וואָס האָט איר געטאָן?! — כאַפּט ער זיך פאַר די שלייפן.

— פּאָשעט, געראַטעוועט א מענטשן פון אומקום, — ענטפערט געלאַסן דער, וואָס אינעם פּעלצל, און גיט צו מיט שטאָלץ: — דערצו נאָך א שרײַבער!

— וואָסערע וויצן מאַכט איר, יונגערמאַן! — שפּרינגט מאלקינד אויף, וויל ערגעץ לויפן. דער, צו וועמען ער רעדט, פאַרשטעלט אים דעם וועג מיט אויסגעשפּרייטע הענט. זאָגט מאלקינד שטרענג: — פאַר אַזוינע כאָכמעס קאָנען זיי אָפּווישן די געטאָ. אומשולדיקע וועלן לײַדן צוליב עפּעס א געוועזן שרײַבערל, צוליב עפּעס אַן אַראָפּגעפאַלן פון בוים פאַרטריקנט בלעטל. איר פאַרגעסט, אַז אַלע צאָלן דאָ פאַר איינעם. לאָזט, לאָזט, איך מוז צוריקגיין, מוז זיך איבערגעבן... אַן אומגליק אַפן קלאַל וועט איר אַרופּברענגען!

מאַכט צו אים דער באָכער אינעם פּעלצל:

— וואָס שײַעך דעם קלאַל, וועלן מיר שוין דאָס מאָל זאָרגן. אַן אַראָפּגעפאַלן בלעטל, זאָגט איר? אויך אַזאַ האָט זײַן ווערט. עס קערט אום דעם באָדן פּרוכטבאַרקײַט... לאָמיר באַטראַכטן די זאַך. פאַרשטייט, אויב זיי קלײַבן זיך די געטאָ ליקווידירן, דאַרפן זיי קיין צוטשעפּענישן ניט האָבן. אויב עס האַלט נאָך ניט דערבײַ, וועלן זיי דעם איניעץ מיט אײַך אַראָפּשלינגען. איר'ט זען, אַליין דער קאָמענדאַנט וועט די זאַך צונישט מאַכן. אַזאַ ביזאָיעץ פאַר אים: געטאָ־אַסירים האָבן פאַרשטאָפּט דאָס מויל בא זײַנעם א וואַכמאַן, באַפרײַט פון קאַרצער א ייִדן... איר'ט זען, דער קאָמענדאַנט וועט פאַרגלעטן די גאַנצע געשיכטע. ווען ניט, קאָן ער זיך דערדינען א לוסט־רײַזע צום מיזרעך־פראָנט, ס'הייסט, אַן אומזיסטן בײַ־לעט אַף יענער־וועלט... מיר דאַרפן, דער איניעץ זאָל דורכגיין אָן טומל, ווען ניט, וואָלט דער וואַכמאַן פאַרזוכט דעם טאַם פון א שאַרפן מעסער. מיר דאַרפן געווינען צײַט, כאָטש נאָך א ביסל צײַט. אײַער גליק, וואָס זיי האָבן פאַר א צײַטווײַליקן קאַרצער באַנוצט עפּעס א שטעלכל...

— פונוואַנען ט'איר געוווּסט?.. — פרעגט מאלקינד מיט כשאַד.

— מיר ווייסן אַלץ, וואָס געשעט אין געטאָ.

— אזוי גאָר... זאָגט דעם עמעס, איר האָט מיך ארויסגעשלעפּט אויס מוירע, טאָמער פלאפל איך? הײַנט האָב איך עפּשער צופיל געזען...

— ניין, — צעשמייכלט זיך דער, וואָס אינעם פּעלצל, — איר׳ט דאָך ניט געוווּסט, אז איר האָט געהאָלפן שטופּן א וועגל מיט וואָפן...

— וואָס? — קאָרטשעט מאלקינד זיך אזש אײַן. נאָר באַלד נעמט ער זיך פארענטפערן: — און איך האָב געטראכט, אז איר ראנגלט זיך פאר אן איבעריקע שאָ הינטיש לעבן... מאטערט זיך צוליב בעבעכעס, וואָס וועלן אײַך ניצן עפּשער א טאָג אָדער צוויי... כ׳האָב פארורטיילט אײַך, אײַערע האסאָגעס. עך, שרײַבער מאלקינד, אן אויסגעגאנגענער לועך ביסטו... — ווייכער, מילדער ווערט זײַן שטים, — ניין, ניט אינגאנצן אויסגעגאנגען. איר זאָגט, אז דאָרט איז געווען וואָפן. כ׳האָב געהאָלפן שטופּן, ס׳הייסט, צוגעלייגט א האנט...

— פון אײַך, — זאָגט מאלקינדס באל־שמועס, — דארף מען, פאר־שטייט זיך, דערוואַרטן אן אנדער האנט, די האנט פון א שרײַבער. דאָס איז א כאָשעווער, זייער כאָשעווער קעמפער, ווען ער צילט ריכטיק.

ווידער שרײַבן! וואָס באשרײַבן? ווייפילע זעונגען, קאָשמארן, הארבע וואָר? און ווו איז דער אויסוועג פון דאָזיקן שרעקלעכן מישמאש? עפּשער ווידער אנטלויפן, פארשווינדן... האלט מען אים אָבער הײַנט אָוונט אין איין פארשטעלן דעם דאָזיקן וועג. נעמט מאלקינד שטאמלען:

— זאליע... מײַן בלוט און פלייש...

רײַסט אים איבער דער באָכער אינעם פּעלצל:

— זײַט מויכל, ניט זאליע. רופט מיך פינקטלעכער — פּאווקע.

— פּאווקע?

— יאָ.

— פון בוך „ווי שטאָל האָט זיך פארהארטעוועט”?

— יאָ.

צאר אָף מאלקינדס פּאָנעם, געבראָכנקײַט אין די ווערטער, וועלכע ער ברענגט ארויס מער צו זיך, ווי צו עמעצן א צווייטן:

— ניט מער זאליע... פּאווקע, זאָגט איר...

— יאָ, כאווער מאלקינד! — דער באָכער אינעם פּעלצל באטאָנט דאָס וואָרט „כאווער”, וואָס ער האָט צום ערשטן מאָל אָנגעווענדט לעגאבע דעם שרײַבער. — איר דארפט וויסן, מיט וועמען איר האָט צו טאָן: מיר זײַנען פּארטיזאנער...

עס ענדיקט זיך אויסשמעלצן דער כיילעוו ארום דעם ברענענדיקן קנייטל, וואָס פילט אָן דעם כאָלעל מיט א געדיכטער שײַן, ווי מיט א גרוי־געלבלעכן שטויב. צי איז שטענדיק אין דער שאָ פון מישפּעט איבער א גאנץ מענטשן־לעבן אָנגעפילט דער כאָלעל מיט אזא־אָ שטויב און אזא־אָ שטימונג? מאלקינד פילט בעפּויעל־מאמעש, ווי זײַן לעבן ווערט איצט ארופגעלייגט אָף דער וואָגשאָל. עס וועט ווערן ארויסגעטראָגן דער פּסאקדין, צי ס׳איז ווערט דאָס, וואָס מע האָט געטאָן פאר אים. דער אָנ־געקלאָגטער באקומט באלד דאָס לעצטע וואָרט. מאלקינד גרייט זיך

אריינטאָן אין אים אלץ, וואָס דארף געזאָגט ווערן. ווייסט ער ניט, פון וואָס אָנצוהייבן. די עטלעכע צעשויבערטע פראַזעס פאַרענדיקט ער:

— הערט איר, איר האָט מיך בעעמעס אויסגעלייזט פון דער לייבן־גרוב. אין אזא בלוטיקער צייט אויסגעלייזט... גלייבט מיר, איך בין אזוי מיד, אזוי מיד... און וואָס טראַכט איר ווייטער צו טאָן מיט מיר?

— איר פאַרלאָזט זיך אָף אונדז? — פרעגט דער מענטש, צו וועמען ער ווענדט זיך, ווי צו א ריכטער.

פאַמעלעך נעמט מאלקינד שאָקלען מיטן קאָפּ אָף „יאָ".

דער באָכער אינעם פעלצל שטייט אוף, טוט א ווונק צום צווייטן מיט די העלע וואָנצעס, וואָס איז די גאנצע צייט געזעסן ווי א זייטיקער, און פאַרשווינדט. דער, צו וועמען דער ווונק האָט געגאָלטן, שפּרייט אויס אָף דער באַנק א בעגעד, דרייט צונויף א צוקאָפּנס און מאַכט צו מאלקינדן:

— כאַפּט א דרעמל. מאַכט עס נאָר בעקיצער. איצט זייט איר אין מיין דייע. בא אונדז, פאַרשטייט איר, איז דיסציפּלין. היינט באַנאַכט שטייט אונדז נאָך פאַר דאָס עמעסע שטיקל ארבעט. מיר וואַרטן אָפן סיגנאַל...

מאלקינד שפּאַרט זיך געהאָרכזאַם צו. די קויכעס רינען אין אים אויס, ווי טראָפּנס פון אַן אויסגעדרייט שטיקל גרעט. א זעלטענע שטילקייט נעמט אים ארום, א שוץ פון אלע ספּייקעס, זאָרגן און וואַקלעניש. און דאָס גאנצע לעבן זיינס, קאָרעוו צו די פּופּציקער, איז איצט אלט געווען בלויז איין אָוונט און א קעזאַיס נאַכט. דאַרף ער אָנהייבן ווי אַן אויפּעלע לערנען זיך גיין, שטעלן טראָט בא טראָט. ווי א זיבנטאָגיק קעצל אופּ־רייסן די אויגן און דערזען די וועלט, באַמערקן, אז אפילו אין געטאָ בארויקן זיך ניט מענטשן — לעבן, שטופּן וועגעלעך, גרייטן וואָפן, שטעלן זיך אנטקעגן דער רישעס. דאָס איז מענטשלעך. בלויז ער, מאל־קינד... מע האָט אים אין געטאָ די גאנצע צייט אונטערגעהאלטן — ווער מיט א ביסן ברויט, מיט א טעלער זופּ, ווער מיט א גוטער אייצע. מע האָט אים ניט איין מאָל מאַמעש געצוווּנגען באַהאלטן זיך בייס פאַרטיי־ליקונג־אַקציעס. היינט האָט מען אים פון א זיכערן טויט געראַטעוועט. און אלץ דערפאַר, ווייל ער איז א שרייבער, ווייל ער דאַרף געבן לאָשן זייערע אלעמענסליידן און טרוימען, ווייל ער דאַרף אָנשרייבן זייער צאַר־ און צאָרן־מעגילע, זייער צוואָע פאַר קינדסקינדער... ביז איצט האָט ער אלעמען אנטוישט. אויך זיך בעסויכעם. זיין שאַפן, דאָס טייער־סטע, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, געלאָזט איינדאַרן. זיך ניט צוגערירט אין געטאָ צו דער פּען... און דאָ, באַלויכטן פון בלענדיקע לאָמפּן, דערשיינט אין פולן גלאַנץ דער געטאָ־קאָמענדאַנט מיט די גאָלד־איינגערעמלטע ברילן און נעמט האָגלען מיט קנאַקנדיקע פּעטש. פאַרקייכנדיק זיך פון געלעכטער, כאַפּט ער אָן מאלקינדן און ווערגט...

— שאַ, שאַ, כאַווער שרייבער! — דערהערט ער איבער זיך א הייזע־ריקלעך קאָל.

געעפנט די אויגן, זעט מאלקינד, אז ס'איז דער מאַנצבל מיט די העלע וואָנצעס.

— א בייזער כאָלעם, צי וואָס? — פרעגט יענער.

— ניט קיין כאַלעם, — שאָקלט מאַלקינד מיטן קאָפּ אַף „ניין".
און ס'טוט אים האַנאָע, ווען ער דערמאָנט זיך אינעם קאָמענדאַנט, וואָס האָט ווילד געריטשעט, געוואָלט אים דערשטיקן. געוויס וועט ער האָבן אַ ביסל אומאָנגענעמלעכקײטן צוליב מאַלקינדס פאַרשווינדן, אָבער אַזוי צו גוואַלדעווען, בושעווען... סײדן ער ווייסט שוין, ווער ס'האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון זײַנע הענט. איז דען ער, מאַלקינד, אַזוי געפערלעך דעם היטלעראָווען? אָ, ווען ס'איז טאַקע אַזוי!..
דעם סאָף פון זײַן כעזשבן מיט זיך און מיט דער וועלט מאַכט שוין מאַלקינד, איבערקומענדיק אַ פאַרפּלאָנטערטן אונטערערדישן וועג, וואָס האָט מאַשמאָעס געפירט דורך קאַנאַליזאַציע־רערן, ווײַל דאָרט האָט עס דעם אָטעם פאַרכאַפּט, און געבראָדזשעט האָבן זיי איבער שמוץ און בלאָטע. אַרויסגעקראָכן אַף דער פרײַ דורך אַ ברונעם ערגעץ, קענטיק, אויסער דער געטאָ.
די שטאָט איז שוין ווײַט הינטער זיי. עטעמט זיך לײַכטער. דער ווינט בלאָזט אין רוקן, ווי אין אַ זעגל, און העלפט שפּרײַזן. מאַלקינדס באַגלייטער, אָנגעטאָן ווי אַ פויער, גייט בא דער זײַט. אויך ער, מאַלקינד, טראָגט שטיוול, אַ דאָרפיש טולעפּל, פון וועלכן עס שמעקט מיט שעפּסן־פעל. ער טוט אומגערן אַ טאַפּ די ברוסט. ניטאָ, ניטאָ די געלע לאַטע...
און אויבן הענגט דער פאַרוואָלקנטער הימל נאָך אַלץ אַ צעפּליקטער אַף שטיקער, און ס'ציטערן אין זײַנע ריסן פאַרלוירענע דימענטן — שטערנדלעך. דאָס שטיקל לעוואָנע — מיד, אויסגעשעפּט, — נידערט צום ראַנד פון דער ערד.
„די לעוואָנע ענדיקט זיך, — טראַכט מאַלקינד. — אינעם מוילעד וועט זי זיך באַנײַען, אָפּסנײַ געבוירן ווערן. אויך מיט אים האָט אַזאַ נעס פּאַסירט". און וואָס ווײַטער? די דערוואַרטונג שרעקט און פרייט צוגלײַך.
די צוויי מענער שווײַגן דעם גאַנצן וועג. פאַרטיפן זיי זיך אָבער אין אַ וואַלד, האַלט מאַלקינדס באַגלייטער ניט אויס און זאָגט אין ייִדיש:
— אונדזער פּאַווקע, ווען ער דאַרף ניט בלײַבן אין געטאָ, וואָלט אַליין אײַך באַגלייט. איך האָב נאָך דאָרט אַ ווײַב, אַ קינד. ביז איצט זיי אויסגעהיט. געטאָן פונקט קאַפּויר, ווי די יעקעס האָבן געהייסן... מײַן אייצע: טוט אויך אַזוי.
מאַלקינד גיט אַ מורמל:
— אונדזערע טאַטעס וואָלטן געזאָגט, אַז איר פאַרדינט די גרויסע מיצווע פון מאַטיר־אַסירים.
— וואָס זאָגט איר? — פאַרשטייט יענער ניט.
— כ'מיין, איר ווײַזט ווונדער.
— מיר ווײַזן, וואָס מיר קאָנען, — ענטפערט דער באַגלייטער. — מיר ווײַזן, אַז נאָך אַלעמען האָבן מיר היטלערן אין דר'ערד.
אַ סטעזשקע אינעם געדיכטן באַנאַכטיקן וואַלד. אַ ווינט לויפט אום איבער דיביימער־קרוינען און שושקעט זיך מיט זיי. אונטער די פיס טרעשטשען צווײַגן, נאָר מאַלקינדן דוכט זיך, אַז דאָס הערט ער, ווי ס'ברעכט זיך דער קרײַז, אין וועמענס שוין ער האָט געגאַרט איבערשלאָפן

כאָטשבי זיבעציק יאָר... דער קרײַז ברעכט זיך. און הינטער אים ליגט די שוועל פון א נײַער וועלט. מאלקינד טרעט זי אריבער, געפירט פון נײַע ייִדן, נײַע מענטשן...

— ווי מיינט איר, פאפיר, א פען, א בלײַער וועלן זײַן? — פרעגט ער זײַן באגלייטער.

— ווי דען, לאָזן א שרײַבער אָן זײַן קלאפערגעצײַג? — ענטפערט יענער. — אגעוו, וועלן מיר מיסטאמע נאָך האָבן צו טאָן איינער מיטן צווייטן. איך בין א דרוקער...

ערעוו־טאָג בלײַבן זיי שטיין פאר אן איינזאם, צווישןביימער און קו־סטעס באהאלטן שטיבל. און, פארשטייט זיך, ס׳באגעגנט זיי א בילערײַ. אף די קוילעס פונעם צוגעקייטלטן הונט עפּנט זיך די שטוב־טיר.

— זײַט געגריסט, אנטאנאס! — רופט אויס אין ליטוויש מאלקינדס באגלייטער צום הויכן מעגושעמדיקן מענטשן, וואָס באווײַזט זיך אפן גאנעק.

— ביטע, — בעט זיי ארײַנגיין א טיפע ברוסטיקע שטים. — האָט אײַך קיינער ניט באמערקט? לאָמיר האָפן, אז קיינער.

בייס אלע געפינען זיך אין דער טונקעלער, מיט וואַרעמקײַט און דעם רייעך פון פאראַשטשינעט ברויט אָנגעזעטיקטער שטוב, דערקלערט מאל־קינדס באגלייטער:

— איך טראָג זיך באלד אָפּ. פאווקא, אויב ער׳ט קאָנען, וועט נאָך היינט אריבערקומען און זאָגן, וואָס ווײַטער צו טאָן. און אָט דאָ, אנטא־נאס, בלײַבט בא דיר א כאווער. מע טרויט דיר אָן א כאַשעוון מענטשן, א שרײַבער.

— אָ, ביטע, ביטע, אָ! — בלײַבט הענגען אין דער טונקעלער וואַרעמ־קײַט דער ציטער פון א באסאָווער סטרונע.

מאלקינד שטייט א פארטײַעטער. איז טאקע פאר אים אויס געטאָ? אויס יעכידישע אָפּגעזונדערטקײַט? אויס איינזאַמקײַט? ווידער לעבן? דאָס לעבן גייט ווײַטער? צי עפּשער... יאָ, יאָ, פאר אים הייבט עס זיך ערשט אָן...

# האַמער, האַמער, קלאַפּ!



דעם שאָסיי שײַערן מיט רוגזע ווינטן. איבערן שאָסיי יאָגן זיך ברומענדיקע גרינע אווטאָס. און אין די האַפּסאָקעס, וועלכע קומען אוף, בײַס די ווינטן און אווטאָס פאַרהאַלטן זיך ערגעץ־ווו, דערהערט זיך א געקלימפּער פון אָנגעשלאָגענעם שטאָל אין שטיין.

לענגויס דעם שאָסיי שטייט א וואך פון עס־עסאָווצעס. לענגויס דעם שאָסיי־ראַנד זיצן מע־נער מיט געלע לאַטעס אפן ברוסט און רוקן. די מענער הייבן האַמערס און לאָזן זיי פאַלן אף די שטיינער, וועלכע זיי האַלטן אײַנגעקלעמט צווישן די פיס, פאַרוויקלטע אין שמאַטעס.

האַגאַם ס'איז שוין אָנהייב פרילינג און די זון הייבט זיך אַלץ העכער און העכער, איז נאָך קאַלט. אף די באַרג־שיפּוּים ליגט שניי, די בלאָטעס און סאַזשלקעס זײַנען פאַרצויגן מיט אײַז.

פון גליווערן די גאַנצע צײַט אף איין אָרט נעמען די וואַכלײַט פרירן. איינער הייבט אָן אונטערטאַנצן פון פוס אף פוס, א צווייטער נעמט טופּען מיט די פיס, א דריטער קלאַפּט זיך מיט די הענט אין די פּלייצעס.

באַמערקנדיק, אַז די שאָמרים זײַנען איצט פאַרטאָן מיט זיך אַליין, לייגן די שטיינהאַקער אוועק די האַמערס. ווער עס בלײַבט זיצן מיט אן אַראָפּ־געלאָזטן קאָפּ און פאַלט אַרײַן אין א דרעמל, ווער עס קוקט מיט שאָדנ־פרייד אף די גאַזלאָנים, וואָס שפּרינגען פאַרפרוירענע אַרום און קאָנען זיך ניט דערוואַרעמען.

נאָר לאַנג האַלט ניט אָן דער שטילשטאַנד. ס'איז גענוג, איינער פון די וואַכלײַט זאָל באַמערקן, אַז מע האָט אופגעהערט אַרבעטן, הייבט אָן גרילצן זײַן קאָל:

— באַוועגונג, באַוועגונג, אויסדערווײלט פאָלק! באַוועגונג, הינטישע זין!

די איבעריקע עסעסאָווצעס האַלטן אונטער דעם קאַמעראַד, פּאַכן מיט די ביקסן און שרײַען:

— באַוועגונג! אַרבעט מאַכט דאָס לעבן זיס!

ס'נעמען זיך הייבן די האַמערס, ס'דערהערט זיך אַ געבראַזג פון צע־שטויסענעם שטיין...

אויך רוּוון קרישלט מיטן האַמער דעם שטיין. ער איז פּונקט ווי אַלע אַנדערע הונגעריק, אויסגעמאַטערט, מיט אַן אײַנגעפאַלן, פאַרמעט־געל פּאָנעם. דער כּילעק צווישן אים און די איבעריקע באַשטייט עפּשער בלויז אין דעם, וואָס ער, פון שטענדיק אַ ליבהאָבער פון נגינה, כאַפּט אויך איצט אונטערזינגען — אין דער שטיל, פאַר זיך. באַזונדערס ליב האָט ער די באַוווּסטע ליד „העמערל, העמערל״, וועלכע ער פלעגט אַמאָל מיט מעסיקעס זינגען. צום אַלטן ניגון, דורך וועלכן ער גיסט אויס דעם ווייטיק אין האַרצן, האָט ער פאַרפאַסט נײַע ווערטער:

האַמער, מײַן האַמער, קלאַפּ, קלאַפּ!
קלאַפּ שטאַרקער אַ שטיין נאָך אַ שטיין,
צעשלאָג אַף פּיצפּיצלעך דעם פײַנט,
ווײַל ער פּלאַצט ניט פון אונדזער געוויין.

די ווערטער דערוועגט ער זיך ניט אַרויסברענגען פון מויל. ער זינגט די ליד אין זיך, זינגט און לאָזט די אויגן ניט אַראָפּ פון זײַן ייִנגל באַ־רעכקע, וואָס שאַרט דערנעבן צונויף די שטיין־שפּליטערס אין אַ בערגל.

באַרעכקע, זײַן מיזיניק, איז מיט אים. דער עלטערער זון איז צוזאַמען מיט דער מוטער פאַרשוווּנדן... לעבן זייער באַראַק איז איינמאָל געבליבן שטיין אַן אויטאָ מיט אַ פאַרפּאַנצערטער בויד. „די קראַנקע וועלן מיר פירן היילן אין אַ שפּיטאָל״, — האָבן דערקלערט די דײַטשן, באַפוילנדיק, מע זאָל צונויפטראָגן אַלע קראַנקע און שוואַכע אין דער מאַשין.

רוּוונס פרוי איז דעמלט געלעגן אין גרויס היץ. אירע אויגן — דער־שראָקן אויסגעגלאָצט, איבער די ביינערדיקע באַקן האָבן זיך געקײַקלט טרערן.

— זײַט געזונט, מײַנע טײַערע, — האָט זי הייזעריק געשעפּטשעט, בייס מע האָט זי געטראָגן צו דער מאַשין. — זײַט געזונט, האַרציקע...

רוּוון האָט זיך אַ ריס געטאָן צום ווײַב, געוואָלט מיטפאָרן. די דײַטשן האָבן אים מיט קויעך אָוועקגעשטופּט:

— דו מוזט אַרבעטן!

— וועל איך באַגלייטן די מאַמע, — איז צוגעשפּרונגען דאָס עלטערע ייִנגל.

די היטלעראָווצעס האָבן ניט דערווידערט. פאַרקערט, אים נאָך גע־האָלפן אַרײַנקריכן אין בויד.

אַזוי האָט דער זון פאַרלײַכטערט די לעצטע רגע פון דער מאַמעס לעבן, ווײַל שפּעטער האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דער אויטאָ איז גאָר קיין אויטאָ ניט. די, וועלכע קומען אין אים אַרײַן, ווערן דערשטיקט מיט גאַז... אָט אַזוי איז רוּוון געבליבן מיטן קליינעם, צעניאָריקן באַרעכקען.

רוווּן הייבט דעם האַמער, און פֿאַר די אויגן שטייט אים אַלץ די פּרוּוו מיטן עלטערן זון. די איינציקע טרייסט, וואָס ער קאָן פֿון צײַט צו צײַט כאַפּן אַ קוק אויף באַרעכקען. ער נעמט אים שטענדיק מיט אויף דער אַרבעט. וויסנדיק, אַז די היטלעראָוצעס פֿאַרלײַדן ניט קיין „אומזיסטע עסערס״, בעט ער ניט פֿאַר אים קיין שפּײַז־פּאַרציע; טיילט זיך מיט אים דעם ביסן. זאָל באַרעכקע קיינעם ניט זײַן גרויס אין די אויגן. זאָל מען ביכלאַל פֿאַר־געסן, אַז ס׳איז פֿאַראַן אויף דער וועלט אַזאַ ייִנגל...

— היי, יודע, באַוועגונג, אַרבעטן!

דאָס מיינט מען אים, רוווענען. גיט ער מיט רעציכע אַ הייב דעם האַ־מער און אַ זעץ איבערן שטיין. אין אַלע זײַטן צעפּלײַען זיך שפּליטערס...

נאָר וואָס איז דאָס? האָט ער ניט קיין טאָעס? רוווּן שאַרט העכער אַרויף דאָס היטל, קוקט זיך גוט צו. אים דאַכט זיך, אַז די מאַשין, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפֿן שאָסיי, איז ענלעך אויף יענער... וואָס זוכט זי? קיין קראַנקע זײַנען דאָ ניט פֿאַראַנען. ווו איז עס באַרעכקע? פֿאַרוואָס איז ער אַזוי ווײַט פֿאַרקראָכן?

די מאַשין בלײַבט שטיין לעבן ייִנגל. צוויי שוואַרץ־אוניפֿאָרמירטע שפּרינגען אַרויס פֿון דער קאַבינע און לאָזן זיך צו באַרעכקען. דערזעענ־דיק זיי, נעמט דאָס ייִנגל לויפֿן. די דײַטשן — נאָך אים. רוווּן שפּרינגט אויף און שרײַט:

— אַנטלויף, באַרעכקע, אַנטלויף!

הויך הייבנדיק זײַנע דינע, מיט שמאַטעס אַרומגעוויקלטע פֿיסלעך, שפּרינגט דאָס ייִנגל איבער שטיינער, איבער בערגלעך שטיין־שפּליטערס און פֿאַלט אַרײַן צום פּאָטער אין די אויסגעשטרעקטע אָרעמס.

די שוואַרצע מעכאַבלים זײַנען באַלד דערנעבן.

— לאָז אָפּ! — באַפֿעלט איינער.

רוווּן פֿאַרקווועטשט די אויגן, קעדיי ניט צו זען די כמאַרע, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ אויף אים. פֿעסטער, שטאַרקער דריקט ער צו זיך זײַן קינד.

— וואָס? ער וויל ניט, דער יודע, זײַן אָפּשפּראָץ זאָל האָבן אַן אומזי־סטע לוסט־רײַזע? — און עס טוט זיך אַ שאָט אויף רוווענען אַ האָגל פֿון קלעפּ. מע שלאָגט אים איבערן רוקן, איבער די הענט, ער זאָל אָפּלאָזן, אָפּלאָזן באַרעכקען.

רוווּן בייגט זיך אָן נאָך נידעריקער איבערן קינד, פֿאַלט צוזאַמען מיט אים און דעקט צו דאָס ייִנגל מיט זײַן קערפּער.

דערשטוינטע פֿון דעם אומדערוואַרטן ווידערשטאַנד, שטייען די עס־עסאָוצעס אין פֿאַרלעגנהײַט, ביז איינער נעמט אַרויס דעם פּיסטאָלעט, לייגט צו זײַן רערל צום נאַקן פֿון פּאָטער און דריקט אָפּ דאָס צינגל. דאָס קליי־מאַשכיס שווײַגט. אַ צווייט מאָל ווערט אָפּגעדריקט דאָס צינגל, און ווידער שטומט דאָס געווער. דער עסעסאָוועץ קאָנטראָלירט מיט קאַס זײַן וואָפֿן און וויל שוין שיסן. נאָר דער צווייטער שטופּט אים אָפּ:

— גענוג, קאַמעראַד! אַ דריט מאָל טאָר מען ניט, ס׳איז ניט מאַזלדיק. דעם הונט איז דערווײַל נאָך באַשערט צו לעבן. זאָל ער. ער קאָן נאָך אַרבעטן.

באַ די רייד ציט ער אַרויס פון שיידל זײַן פּיסטאָלעט, בייגט זיך אײַן, הייבט אוף אַ פּאָלע פון רוווּנס מאַלבעש, רוקט אַרונטער צום יינגל דאָס געווער און שיסט אויס — איין מאָל, צוויי, דרײַ... דרײַ מאָל נאָכאַנאַנד מעג מען...

ווי מע וואָלט אים דעם מויעך צעשפּאָלטן, אַזאַ ווייטעק צווינגט רוּ־ווענען אופשפּרינגען. באַרעכקע! אַ רויט ריטשקעלע רינט באַ אים פון מויל...

די עסעסאָווצעס פאַרציִען זיך געמיטלעך מיטן רויך פון סיגאַרעטן. אייבער פון זיי צערעדט זיך:

— ניט פאַרגונען דײַן זון אַן אומזיסטע לוסט־רײַזע... איצט לאָס, שנעלער וואַרף אים אַרײַן אין מאַשין, ווײַל...

די עסעסאָווצעס באַווײַזן ניט אָפּשפּרינגען פון דעם האַמער, וועלכן רוווּן האָט אַ כאַפּ געטאָן...

# אין דערוואַרטונג




י אויספּרוּווּנדיק זייערע שטימען, האָבן די סי־רענעס צוערשט זיך איבערגערופן, דערנאָך גע־נומען שרײַען, וואָיען, און אַלע מיטאַמאָל. זייע־רע קוילעס האָבן שיר ניט צעריסן דעם באַ־נאַכטיקן בלויען הימל־סאַמעט.

פייגל האָבן מיט אַן איימעפולן געצוויטשער אַרויסגעשאָטן זיך פון זייערע נעסטן. אַ שאַרף הינטיש געביל איז פון פאַרשיידענע זײַטן צו־געשטאַנען צום האַרמידער. ביימער האָבן זיך פאָרכטיק פאַנאַנדערגעשאָקלט. זייערע בלעטער האָבן ווי געשעפּטשעט: „וואָס וועט דאָ זײַן? וואָס וועט דאַ זײַן?" און דער מענטש, די קרוין פון דער יעצירע, האָט געוווּסט, אַז דער סירענע־געוואָי אין שײַעך אים, אַז עס באַטײַט געפאַר, און מע מוז זיך באַהאַלטן.

אויך אין געטאָ האָבן די מענטשן זיך אויפגערודערט: פאַריגלט טיר־און־טויער, שטילנער פאַרהאַנגען די פענצטער און ביכלאַל אויסגעלאָשן יעטווידע שײַן — מע זאָל זיי ניט קאָנען באַשולדיקן אין אויוועך זײַן אָף די פאַרטונקעלונג־טאַקאָנעס. די נידעריקע, קרומע און לאָמע געטאָ־שטיב־לעך האָבן, צוגעפאַלענע צו דער ערד, אײַנגאַנצן זיך פאַרטײַעט.

אין איינעם אַזאַ שטיבל איז נאָכן לאַנגן טאָג קאַטאָרגע־אַרבעט דאָס יונגע פּאָרל — זינע און שימען — שוין האַרט געשלאָפן, ווען די סירע־נעס האָבן גענומען נאָגן דעם כוישעך אין זייער צימער.

די ערשטע איז אופגעשפּרונגען זינע:

— שימען, אַליאַרעם!

ביידע האָבן זיך געכאַפּט צו די בגאָדים.

הינטער דעם אופגעהאַנגענעם שטיק לײַוונט, וואָס האָט אָפּגעצוימט זייער ווינקל פונעם גאַנצן צימער, האָבן די שכיינים זיך אויך גענומען באַוועגן. עמעצער האָט עפּעס געזוכט, טאַפּנדיק אין דער פינצטער; אַ צווייטער האָט אָף עמעצן געוואָרטשעט. קינדער האָבן זיך צעשריִען. האָט מען זיי גלײַך אײַנגעשטילט, אַ דראָע טוענדיק:

— דײַטשן גייען!

די דאָזיקע וואָרענונג האָט געווירקט אויך אף די דערוואַקסענע — אַלע זײַנען פאַרשטומט געוואָרן. און דאָ איז אַ מידע פּרויען־שטים ווי אַרופגעשווומען אף דער אויבערפלאַך:

— האַלעווײַ זאָלן די אייגענע שוין אָנפליען, טאַטע־פּאַטער... זאָל אונדז אַלעמען אַ באָמבע טרעפן, און אַן עק צו די צאָרעס...

מיטביידע הענט האָט זינע זיך אײַנגעקלאַמערט אין שימענס אָרעם:

— וואָס טוט מען?

— מע דאַרף אָפּוואַרטן, — האָט ער שטיל געענטפערט.

זינע האָט זיך געטוליעט, געזוכט שוץ באַם מאַן. שימען האָט זי אַרומגענומען, געדריקט צו זיך און געפילט, ווי איר האַרץ צאַפּלט אונטער דער וואָרעמער ברוסט.

דערווײַל זײַנען די סירענעס אויסגעגאַנגען — איינציקווײַז, צעצויגן־קרעכצנדיק. ס'האָט זיך אײַנגעשטעלט אַ בעסאַלמען־שטילקײַט, ביז זי איז ניט צעדרעלעוועט געוואָרן פון אַ דומפּער זשומערײַ, וואָס איז אָנגעקוואָלן פון אַ הימל־ראַנד. די זשומערײַ איז געוואַקסן פון רגע, געוואָרן אַלץ דײַטלעכער, שטאַרקער. אָט האָט זי זיך דערקײַקלט ביז איבערן קאָפּ פון די מענטשן.

— און עפּשער זײַנען עס דײַטשן? קומען אָפּווישן די געטאָ... מיט באָמבעס! — האָט זינע, אין הוילער שרעק, שטאַרקער זיך צוגעדריקט צום מאַן.

דער פּראָנט איז געווען אָפּגערוקט ווײַט אף מיזרעך. און דאָ — אַן אָנפלי. הויך איבער דער שטאָט האָבן פּראָפּעלערס געבויערט די הימלען.

שימען איז צוגעפאַלן צום פענצטער. אופגעהויבן דעם ברעג פּאָרהאַנג און אָפּגעווישט דעם טוי פון דער שויב, האָט ער דערזען: אַ פּולע לעװאָנע האָט מיט איר שײַן, ווי מיט קאַלך, אָפּגעגאָסן דאָס געסל — די שטיבלעך, די פּלויטן, אין שוואַרץ־ווײַס צערונצלט דעם ברוק. פּלוצעם האָט אפן הימל זיך אָנגעצונדן אַ צווייטע לעוואָנע, אַן אָראַנזשעווע, און פּאַמעלעך גענומען אַראָפּנידערן. אין דרויסן איז געוואָרן אַזוי העל, אַז די שײַן, וואָס איז אַרײַנגעדרונגען דורך דער שפּאַרונע אינעם אָפּגעצויגענעם פּאָרהאַנג, האָט באַלויכטן דאָס צימער.

באַלד האָבן זיך דערהערט ווײַטע, דומפּע אופרײַסן.

— מע פּאַטערט אונדז! — האָט אויסגערופן זינע.

— מע באָמבאַרדירט! — האָט פײַערלעך פעסטגעשטעלט שימען. — ענדלעך! די מערדער באַקומען זייער כיילעק. פאַר אַלעמענס, פאַר אונדזער בלוט!

די זעלבע מידע פּרויען־שטים האָט אים ווי אונטערגעהאַלטן:

— גערעכט, טײַערינקער. געלויבט איז דער בוירע, וואָס מיר האָבן עס דערלעבט. מיר זײַנען ניט איינגאַנצן געלאָזן אף העפקער. בעסער פון אַ באָמבע, איידער... איידער באַ דער גרוב...

זי איז אַנשוויגן געוואָרן, שטיקנדיק זיך מיט טרערן.

די אופרײַסן האָבן זיך געשטאַרקט. ס'האָט געקראַכט שוין גאָר נאָענט. די ווענט פונעם שטיבל האָבן געציטערט, זיך אַזש געוויגט, די שויבן — געקלימפּערט.

שימענען האָט מען ניט געקאָנט אָפּרײַסן פונעם פענצטער. ס'האָט ניט געהאָלפן זינעס בעטן זיך. אומזיסט פלעגט זי אים נאָך יעדן אופרײַס א שלעפּ טאָן. ער האָט זיך פון אָרט ניט געלאָזט רירן. זײַן אָנגעשפּיצט געהער האָט אופגעכאַפּט דעם אָפּהילך פון פאַרדעכטיקע מענטשלעכע שטימען ערגעץ אין דער נאָענט. פונוואַנען קומען אין דרויסן די דאָזי־קע קוילעס? ס'איז דאָך שטרענג פאַרבאָטן ארויסגיין אין גאַס. ניט קאָ־נענדיק דערקלערן זיך די זאַך, איז ער אָפּגעטראָטן פון פענצטער, ארופּ־געוואָרפן אף זיך דאָס רעקל און — צום ארויסגאַנג.

— וווהין? — האָט אים זינע א כאַפּ געטאָן פאַר דער האַנט.

— נאָר אָן פּאַניקע.

— וווהין? — האָט זי אים ניט אָפּגעלאָזט. — אַזוי שפּעט, אין אַזא נאַכט!

— נארעלע, מע מוז דאָך וויסן, וואָס עס טוט זיך. איך בין אין שטוב דער ייִנגסטער מאַנצבל.

זייער שטיבל איז געשטאַנען באַם ראַנד פון דער געטאָ. א שעטעך פון עטלעכע מעטער אף ביידע זײַטן פון צוים איז דערקלערט געוואָרן אַלס „טויט־זאָנע". צו יעדן, וואָס האָט געוואַגט דאָרט שטעלן א טראָט, איז אָן א וואָרענונג געפלויגן א קויל. נאָר איצט האָבן אף אָט דעם שעטעך זיך באַוועגט מענטשן. שימען האָט עס דערזען דורך א שפּאַרונע אין זייער הויף־פּאַרקן. וואָס טוען דאָרט אַזויפיל מענטשן, דערצו נאָך אין אַזא געפערלעכער שאָ? שווער געווען אין דער טונקלקייט פאַנאַנדערקלײַבן, ווער דאָס זײַנען. אָנגעשטרענגט אײַנגעקוקט זיך אין זיי, האָט שימען געגנומען אונטערשיידן אף די סילועטן מיליטערישע קליידונג, ביקסן. ס'האָבן זיך צו אים דערטראָגן ווערטער אין דײַטש. ווען אין הימל איז געבליבן הענגען א נײַער ברענענדיקער קנויל, האָט שימען שוין דײַטלעך דערזען, ווי אייגער נאָכן אַנדערן קריכן דורכן צוים אין געטאָ ארײַן באַוואָפנטע דײַטשישע זעלנער. ער האָט אין זייער געהאָלדער אופגע־כאַפּט א דײַטלעכע פראַזע: „שנעלער, קאַמעראַדן, שנעלער, אַהער! די געטאָ וועלן זיי ניט באָמבאַרדירן!"

זיס איז געווען די שאָדנפרייד, וואָס שימען האָט דערפילט.

— שימען, ווו ביסטו?

האַרט לעבן אים איז געשטאַנען זינע און שווער געאָטעמט.

— אין אַזא צײַט דאַרף מען זײַן צוזאַמען, — האָט זי אים פאָרגע־וואָרפן.

— נארעלע, טו א קוק, וואָס דאָרט טוט זיך, — האָט ער זי אָנגענומען פאַר די פּלייצעס און פאָרזיכטיק צוגעדריקט מיטן פּאָנעם צו דער שפּאַרו־נע: — זעסט? —

זינע איז אופגעשוידערט געוואָרן: דײַטשן!

פילנדיק, אז זי ציטערט, — פאַר שרעק צי פון קעלט, ווײַל זי איז געווען אַרויס אין איין קליידל, — האָט שימען אַרופגעוואָרפן איר אויף די פּלייצעס זײַן רעקל, ליבלעך אַרומגענומען און געזאָגט אפן אויער:

— נאַרעלע, זאָלן ציטערן יענע! זיי זוכן שוץ אין גאָט... זעסט, ווי זיי האָבן מוירע. ס'קומט אָן די שאָ פון נעקאָמע.

געזאָגט עס, האָט ער זי אָפּגעלאָזט, אויסגעגליכן זיך.

דאָס פּאָנעם פאַרגראָבן אינעם מאַנס פּלייצע, די פינגער אײַנגעקלאַמערט אין זײַן אַרבל, האָט זינע געהאַפּט ניט דערלאָזן, איר שימען זאָל ווידער זיך אַרויסגליטשן פון אירע הענט. זי האָט געפילט, אַז עס ציט אים ערגעץ.

ער האָט זיך אָבער אַרויסגעגליטשט.

— שימען! וווּהין, שימען? — איז זינע אים נאָכגעגאַנגען פּוסטריט.

שימען האָט ניט געענטפערט. ער האָט, דאַכט זיך, בּיכלאַל ניט געהערט, וואָס זי רעדט צו אים.

אין שטוב דאַרפן זײַן שוועבעלעך. מע דאַרף אַרויסנעמען די שטרוי פון זייער געלעגער, אָנבּרעכן שטאַכעטן פונעם פּאַרקן, וועט מען קאָנען מאַכן א שײַטער — א צייכן פאַר די אייגענע דאָרטן אויבן. זאָלן זיי זען, אַז דאָ באַהאַלטן זיך ראָצכים. זאָלן זיי באַמערקן די שכיינעסדיקע קאַזאַרמע... „די גאָטאָ קאָן דערבּײַ אונטערגיין!" — האָט ווי איבערגעשטראָכן זײַנע פּלענער א בליץ־געדאַנק.

„בּעסער אומקומען פון א באָמבע, איידער..." — איז די מידע פּרויען־שטים ווידער געקומען אים אונטערהאַלטן. צו אירע ווערטער האָט ער נאָר געוואָלט דערגעבן: „און דאָ נאָך, צוזאַמען מיטן סוינע!"

ס'האָט געדונערט, געקראַכט. צום הימל האָבן א זעץ געטאָן פײַער־זײַלן. סרייפעס האָבן דאָ און דאָרט אונטערגעצונדן די נאַכט.

דער פלאַמען־יאַם האָט אײַנגעשלונגען אויך שימענס פאַנאַנדערגעלייגטן שײַטער.

# א „מאַלעכל”

## 1




ער הער פיליפּ פּינקעלגאָלד האָט געוווּסט, אַז מלאָכים — גאָטס פאַרמיטלער צווישן הימל און ערד — שוועבן אַרום ניט נאָר אין די הימלישע הייכן. זיי לאָזן זיך אַראָפּ אַף דער זינדיקער ערד, צו די, וואָס פאַרדינען עס. פאַרשטייט זיך, אַז זיך גופא האָט ער צוגערעכנט צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע ערד־טוישווים. פאַרשטייט זיך, אַז גאָטס שליכים — ניט מע זעט זיי, ניט מע הערט זיי. מע פילט בלויז זייער שוץ, הילף און ישועה. גאָטס שליכים זײַנען הייליקע, רוחניעסדיקע וועזנס. דעריבער פלעגט פיליפּ פּינקעלגאָלדן שאָקירן, וואָס דער עולם האָט מיטן וואָרט „מאַלעך” גענומען באַצייכענען ריין ערדישע און אָפט ניט קיין עטיש־דערהויבענע באַגריפן. אין געטאָ, לעמאָשל, זײַנען אַוועק אין אומגאַנג די אויסדרוקן „געפינען א מאַלעך”, „שיקן אָנשטאָט זיך א מאַלעך”. באַטײַט האָט עס: דינגען עמעצן, ער זאָל דיך פאַרבײַטן אַף דער צוואַנג־אַרבעט. ס'איז א מין געשעפטלעכער אָפּמאַך, א טראַנסאַקציע אַזאַ. גיסט דעם „מאַלעך” דײַן אַרבעט־קאַרטע, באַצאָלסט אים, גייט יענער אָנשטאָט דיר מיט דער בריגאַדע אין שטאָט אַרײַן. דאָרט האָרעוועט ער אָפּ דעם טאָג, שטעמפּלט דײַן קאַרטע, און דו קאָנסט זײַן רויִק: האָסט די אַרבעט־פליכט דערפילט. דאַרפסט ניט אופציטערן בא יעדן שאָרך, ניט מוירע האָבן, מע זאָל דיך אַרויסשלעפּן פון דער וואַרעמער בעט, אַרײַנוואַרפן אַף איבער נאַכט אין קאַרצער, אַרײַנציילן די געהעריקע פּאָרציע מאַלקעס און באַגינען מיט א בריק אין הינטערכיילעך אַרויסטרײַבן צו די שווערסטע אַרבעטן. האָסטו א „מאַלעך”, קאָנסטו שלאָפן רויִק.

אַזאַ „מאַלעך” האָט ניט שלעכט באַשיצט דעם הער פיליפּ פּינקעלגאָלד. סאָפּקאָלסאָף איז עס נאָרמאַל. ניט פאַר זײַנע יאָרן (דאָ ניט לאַנג האָט ער געפּײַערט זײַן איין־און־פופציקסטן געבורטסטאָג) און ניט פאַר זײַן האַדרעסדיקן אויסזען (ער איז הויך, שטאַלטנע, האָט ניט אַנגעווירן אין

געטאָ קיין גראַם פון זײַן וואָג), ניט פאַר זײַן שטאַנד און אָנזען, אויב איר ווילט, אפילע ניט פאַר זײַן ווילקלינגעוודיקן פאַמיליע־נאָמען פאַסט צו לאָזן זיך טרײַבן מיט ווער־ווייסט־וועלכע העקדיישים, גראָבן א גאַנצן טאָג קלעפּיקע ליים, צי האַקן האָלץ אָדער גאָר, אַז גאָט גיט, אויסלאָדן וואַגאָנען שטיינקוילן און ווערן ענלעך צו א שוואַרצן טײַוול...

פיליפּ פינקעלגאָלדן האָט לעצטנס אויסגעצייכנט פּאָרטראָטן א „מאַלעך”. דעם עמעס געזאָגט, בלויז א „מאַלעכל”. אין איינעם א פאַרנאַכט איז אַף דער גאַס צוגעשטאַנען צו אים א יאַטל, בעטנדיק ראַכ־מים: „האַרעלע, אויב איר דאַרפט א „מאַלעך”, נעמט מיך. איר זעט, כ'וועל פּאַסן. נעמט מיך, אַניט גייען מיר אויס מיט דער מאַמען פון הונגער!”

אויך מיר א „מאַלעך”. א יאַטל, און מער גאָרניט. אָבער פּיפּיק, גענוג וווּקסיק. אויב ניט קיין פולשטענדיקער „מאַלעך”, איז עס באַשטימט א „מאַלעכל”. א מינדעריאָריקער? מע דאַרף אַלץ קאַלטבלוטיק אָפּוועגן און אָפּמעסטן.

הער פיליפּ פינקעלגאָלד האָט ראַכמאָנעס געהאַט אַפן יאַטל און אים גענומען אָנשטאָט זײַן פריזערדיקן „מאַלעך”. ס'איז קלאָר, אַז ער, פינ־קעלגאָלד, באַגייט אַף אַזאַ אויפן צוויי נאָבעלע טאַטן אַפּאַמאָל. ערשטנס, האַלט ער אויס א יאָסעם און זײַן אָרעמע מוטער: דאָס „מאַלעכל” באַקומט אַף דער אַרבעט זײַנע, פינקעלגאָלדס, פאָרציע ברויט און זופּ, און דער מוטער צאָלט ער אויס יעדן איבערטאָג א לעבעלע ברויט און א האַלבן קילאָגראַם אַרבעס אָדער גרויפּן. עמעס, א דערוואַקסענעם „מאַלעך” דאַרף מען באַצאָלן מער. אָבער פאַר א יאַטל איז עס איבערגענוג. מע מוז נעמען אין באַטראַכט דעם יאָקרעס אַף פּראָדוקטן מילכאָמע־צײַט און איבערהויפּט נאָך אין געטאָ. אויסער דעם, דאַרף א יאַטל ווייניקער עסן פון א דערוואַקסענעם.

דאָס איז קוידעמקאָל. און צווייטנס, באַגייט דער הער פיליפּ פינקעל־גאָלד א טאַט, וואָס איז אי הומאַן, אי אויסגעהאַלטן פון געזעלשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט: ער ראַטעוועט פון הונגער ניט נאָר א ייִדיש קינד און זײַן מוטער, נאָר ברענגט אויך נוצן דער גאַנצער איידע ייִדן, צווישן וועלכע ער לעבט. ווען מע דינגט א דערוואַקסענעם „מאַלעך”, דאַרף יענער אַר־בעטן צוויי וואַכטעס א מעסלעס — איינע פאַר זיך, די צווייטע פאַר אים, פינקעלגאָלדן. א ייִדישער מענטש ווערט מאַמעש אויסגעריסן, פאַלט פון די קויכעס. ווען דער דערוואַקסענער זאָל אַרבעטן דעם טאָג בלויז אַלס „מאַלעך”, ווערט באַגאַנגען א כעט לעגאַבע דעם קלאַל, וואָרעם עס קומט מיט א מענטש ווייניקער, ווי ס'איז באַשטימט פון העכער, דערפילן די אַרבעט־פליכט. און ווי:אַזוי עס רעאַגירן די דײַטשן, אויב די געטאָ שטעלט ניט צו די פעסטגעשטעלטע צאָל אַרבעטער, איז אַלעמען שוין צו גוט באַקאַנט. נײַע אָבלאַוועס, שיסערײַען, האַריגעס. הייסט עס, אַז פון אַלע שטאַנדפּונקטן איז מער באַרעכטיקט זיך צו באַנוצן מיט א „מאַלעכל”, איידער מיט א „מאַלעך”.

דאָס „מאַלעכל״ גייט צו דער אַרבעט, און דער הער פיליפּ פינקעלגאָלד בלײַבט אין געטאָ. ער עסט, טרינקט, טוט זיך לײַטיש אָן. אין װעמענס זכות און װעמענס פאַרדינסט איז עס? מיט גאָטס הילף געשעט עס אין זײַן, פינקעלגאָלדס, זכות, און ס׳איז זײַן אייגענער פאַרדינסט. ער האָט בעשײַטע ריזיקירט, אױסבאַהאַלטנדיק פון די באַלשעװיקעס אױסלענדיש געלט, גאָלד־מאַטבייעס, צירונג. אין געטאָ האָט ער װידער ריזיקירט: ניט אָפּגעגעבן די דײַטשן זײַן אױסגעהיט פאַרמעגן, כאָטש ער האָט געשטעלט אין טױט־געפאַר אַלע אײַנװױנער פון שטוב און עפשער אױך פון גאַנצן קװאַרטאַל. געװען כאַכאָמים, װאָס האָבן אַגיטירט אַלץ אָפּצוגעבן, קעדײ אָנזעטיקן און אײַנשטילן די מאַשכיסים, „דער נעפעש איז בילכער״, — האָבן זײ געטײַנעט.

געװיס איז דער נעפעש בילכער, און טאַקע דערפאַר האָט ער קײן זאַך ניט אָפּגעגעבן. פאַרמאַגסטו געלט, איז דײַן װעלט! װאָס דען, בלײַבן אַ בעטלער און אױסגײן פון הונגער?

דער הער פיליפּ פינקעלגאָלד האָט בעשטיקע פאַרגראָבן זײַן פאַרמעגן, ניט לייגנדיק קײן אַכט, װאָס די היטלעראָװצעס האָבן געניששטערט מיט זוך־מאַכשירים און שפּירהינט, און איצט גראָבט ער עס צוביסלעך אָפּ. עס געפינען זיך כעװרעלײַט, װעלכע בײַטן אױס אין שטאָט פאַרשיידענע כפייצים אַף שפּײַז און שמוגלען עס אַרײַן אין געטאָ. זײ ריזיקירן, פאַר־שטײט זיך, מיטן קאָפּ, אָבער ניט, כאָלילע, צוליב עפּעס אַן אידײ. געלט! נאָר צוליב געלט! עמעס, ס׳איז שװער צו קאָנטראָלירן, װיפל זײ פאַר־דינען. װאָס קאָנסטו אָבער טאָן, װען דו ביסט אָפּהענגיק פון עמעצן? דעריקער, די ספּעקוליאַנטלעך זאָלן ניט רײַסן קײן פּאַס. איז ער טאַקע אַף דער װאַך. הילכעס מיסכער דאַרף מען אים ניט לערנען. פעלט אים טאַקע קײן זאַך ניט אפילע הינטערן שטעכדראָט. טײל האָבן פאַר אים דאָ דערעכערעץ, רופן אים װידער „הער״. אױב עס זאָל אַזױ װײַטער גײן, איז ער מאַסקים איבערצוזיצן אין געטאָ די גאַנצע מילכאָמע. אַז ס׳װעט, אימירצעשעם, זיך ענדיקן די בלוט־באָד, װעלן זיך די געמיטער באַרױקן, די דײַטשן װעלן װערן געזעצטער, זײער בלינדע סינע װעט זיך מילדערן, פאַרבײַגײן. װי עס זאָל ניט זײַן, איז עס אַ ציװיליזירט פאָלק. ער קען זײ נאָך פון יענער װעלט־מילכאָמע. דרײענדיק דאַן מיט זײ אַ ראָד, האָט ער אָנגעלעבט אַ פאַרמעגן. דערנאָך איז דער פאַרמעגן גע־װאַקסן, געװאַקסן...

נאָר טאָמער װאַרפט אים עמעצער פאָר, אַז ס׳איז ניט עטיש לאָזן אָנשטאָט זיך גײן צו דער אַרבעט אַ מינדעריעריק, עמעס, אַ װוּקסיק, אָבער פּאָרט אַ זײער מאָגער און זײער בלאַס יאַטל? פינקעלגאָלד האָט װעגן דעם איבערגעטראַכט. אַלץ אַלזײַטיק אָפּגעװױגן, אָפּגעמאָסטן און זיך איבערצײַגט, אַז ער האַנדלט ריכטיק. זײַן „מאַלעכל״ אַלײן האָט דער־צײלט, אַז די מענטשן אַף דער אַרבעט לאָזן אים ניט האָרעװען, העלפן אים אױספּילן די נאָרמע. אַזױאַרום איז דער איניען רעגולירט אַפן בעסטן און ראַיעלסטן אױפן.

## 2

אזוי האָט געלעבט דער הער פיליפּ פינקעלגאָלד אין שוץ פון זײַן „מאלעכל” ביז איינעם א שלימאזלדיקן פארנאכט.

אין געטאָ האָט מען שוין אָנגעהויבן צוריקערן זיך פון דער ארבעט. פינקעלגאָלד האָט אומגעדולדיק געווארט אפן „מאלעכל”, וואָס האָט גע־זאָלט אָט־אָט זיך באווײַזן מיט דער אָפּגעשטעמפּלטער ארבעט־קארטע. דעמלט וועט מען קאָנען אָן מוירע ארויסגיין אין גאס, כאפּן פרישע לופט, געניסן פונעם מילדן סענטיאבער־אָוונט. וויפל איז דער שיר צו ליגן אין שטוב, ווי א הונט אין דער קאָנורע, שפּילן מיטן ווײַב אין קאָרטן צי פּאנאנדערלייגן א פּאסיאנס? ס'איז די רעכטע צײַט א באקאנטן צו טרעפן, אונטערכאפּן א ביסל נײַס, דערוויסן זיך, לעמאָשל, צי ס'וועט זיך געפּי־נען א גוטער סויכער אפן גאָלדענעם זייגערל, וועלכן ער קלײַבט זיך רעאליזירן.

דאָס „מאלעכל” האָט זיך פארזאמט, און פיליפּ פינקעלגאָלד איז גע־וואָרן מאָלע־כיימע אפן פארשײַטן יאטל. נאָר דאָ איז אָנשטאָט אים ארײַנגעפאלן אין שטוב זײַן מאמע, ארײַנגעפאלן מיט ווילדע קוילעס, געוואָרפן און געשלײַדערט זיך, ווי מעשוגע. פינקעלגאָלד האָט אָנגע־שטרענגט זײַן גאנצע אופמערקזאמקײַט, נאָר לאנג ניט פארשטאנען, וואָס זי וויל.

ענדלעך האָט ער פארשטאנען. ווײַזט זיך ארויס, אז א וואכפּאָסטן באם געטאָ־טויער איז הײַנט געווען אין א שלעכטער שטימונג. ס'איז אים ניט געפעלן, ווי די בריגאדע, אין וועלכער ס'האָט זיך געפונען דאָס יאטל, האָט דורכגעמארשירט דעם טויער. האָט ער גענומען שיסן אין אוילעם. געהארגעט עטלעכע מענטשן און געטראָפן אין איר יינגל, אין זײַן, פּינ־קעלגאָלדס, „מאלעכל”. אזוי האָט די יידענע געשריען: „אין אײַער „מא־לעכל”!”

און ווײַטער האָט פינקעלגאָלד פארשטאנען, אז דאָס יאטל ליגט לעבן טויער מיט א דורכגעשאָסענעם פּוס, און דער וואכמאן באפעלט אויס־גראָבן אפן אָרט א גרוב אף צו מעקאבער זײַן לעבעדיקערהייט די פאר־וווּנדעטע, ווײַל ארבעטן וועלן זיי סײַווי מער שוין ניט קאָנען...

אויסגעטײַנעט זיך, האָט די פּרוי געפּאָדערט, פינקעלגאָלד זאָל לויפן צו די עלטסטע פון דער יידישער געטאָ־פארוואלטונג, בעטן, זיי זאָלן ראטעווען איר זון, קאָלזמאן ס'איז ניט שפּעט. ער, דער הער פיליפּ פינ־קעלגאָלד, איז אָן אָנגעזעענער מענטש, מע וועט האָבן פאר אים דערעכערעץ. און אויב מע זאָל דעם צעיושעטן רויצייעך אונטערוקן א ווערטפולן כייפעץ, א גאָלדן רינגעלע צי א גאָלדענעם זייגער, וועט ער געוויס זיך מעראכעם זײַן. שוין ניט איין מאָל האָט שויכעד, אויסקויף־געלט געהאָלפן אײַנשטילן דעם צאָרן פון די ראָצכים.

פיליפּ פינקעלגאָלד איז געווען א זאכלעכער, ניכטער־דענקנדיקער מענטש. אלע איניאָנים האָט ער ליב געהאט קאלטבלוטיק און אלזײַטיק באהאנדלען, ערשטנס, איז אים אָנגעגאנגען זײַן ארבעט־קארטע. פארוואָס

האָט די ייִדענע ניט געבראַכט זײַן דאָקומענט? זי ווייסט ניט, אַז ס'איז סאַקאַנעס־נעפּאַשעס זיך וויַיזן אין גאַס אָן אים? זי האָט געקאָנט אַרויס־נעמען די קאַרטע באַם ייִנגל פון קעשענע. אַ וואָרט, אָפּגעמאַכטע טנאָים, מוזן אָרנטלעך אויסגעהיט ווערן אין אַלע אומשטענדן.

און אָט, די ייִדענע, וואָס וואָלט אָן זײַן שטיצע שוין לאַנג אויסגע־גאַנגען פון הונגער, האָט נאָר געוווּסט גוואַלדעווען, פּילדערן. פּלוצעם, ווי אַ מעטעאָרעפע, איז זי גאָר אַנטלאָפן. אַ נאַרישע ייִדענע. מיט וואָס קאָן מען שוין העלפן? אונטערוקן אַ גאָלדן זייגערל? צי מעג מען שטעלן אין קאָן אַזאַ פּאַרמעגן, ווען דער וואַכמאַן איז דערצאָרנט, און אַפן ייִנגל וואָרט שוין סײַווי דער קייווער? ווער וועט דעם קאָפּצן אויסהיילן? און נאָך אין געטאָ!

זיצן מיט צונויפגעלייגטע הענט האָט פינקעלגאָלד ניט געטראַכט. מע האָט געדאַרפט עפּעס אונטערנעמען. לעמאָשל, אויסקלאָרן, ווי די זאַך איז געשען. מיסטאמע איז דאָס יאַטל שולדיק. אוואַדע געלאָפן, ווען ס'איז געוווען באַפוילן שטיין אַף אָן אָרט. מע האָט אויך געדאַרפט וויסן, צי די געשעעניש באַם טויער האָט ניט אופגערודערט די געטאָ. ער פּערזענ־לעך דאַרף, אייגנטלעך, זיך ניט באַאומרויִקן. אַף דער אַרבעט איז זײַן קאַר־טע געשטעמפּלט, און איר נומער איז געמאָלדן דעם אַרבעטסאַמט. דאָס באַטײַט, אַז זײַן פליכט האָט ער הײַנט ערלעך דערפילט. איצט איז וויכ־טיק, מע זאָל, כאָלילע, ניט געפינען די קאַרטע באַם „מאַלעכל״. זאָל זי וואָס גיכער פאַרשווינדן צוזאַמען מיטן יאַטל. וועט ער, פינקעלגאָלד, טייי־קעף מעלדן, אַז זי איז אים פאַרלוירן געגאַנגען. מע וועט דאַן אויסשרײַבן אַ נײַע. עמעס, עס וועט זײַן אַ ביסל כלאָפּאָט מיטן געפינען אַ נײַעם, ניט קיין טײַערן „מאַלעך״. בעקיצער, אַ ביסל כלאָפּאָט וועט זײַן. וואָס קאָן מען טאָן? פאַרשפּאַרט זײַן אין געטאָ איז פאָרט ניט קיין צו גרויסער פאַר־געניגן.

אין צימער איז ווידער אַרײַנגעפאַלן דעם יאַטלס מוטער.

שוין! שפּעט! אַ סאָף צו אַלץ! ניטאָ איר בעניאָכיד, איר אויג אין קאָפּ! די ערד האָט אים צוגעדעקט אַ לעבעדיקן, אַ לעבעדיקן האָט מען אים באַגראָבן! די מוטער האָט געוויינט, געיאָמערט, געבראָכן די הענט, געריסן זיך די האָר פון קאָפּ.

צוקלײַבנדיק לאָגישע און וואָגיקע אַרגומענטן, האָט פינקעלגאָלד געפּרוּווט זי טרייסטן. אָט, אין דער זעלבער בריגאַדע זײַנען געווען עפּ־שער אַ פּאָר הונדערט מענטשן, און די קויל האָט געטראָפן דאַפקע איר זון. בעעמעס גרויזאַם, שווידערלעך! וואָס קאָן מען אָבער מאַכן? אַזוי איז שוין באַשערט. הײַנט — ער, מאָרגן — אַ צווייטער. דאָס איז שוין גאָטס ווילן... די צײַט איז אַזאַ...

דער הער פיליפּ פינקעלגאָלד האָט זיך ניט באַנוגנט מיט טרייסטווער־טער. זאָל וויסן די שווער־געליטענע, אַז מע פילט איר מיט. מיסטאמע איז זי ניט אומזיסט געקומען אַ צווייט מאָל... און האַגאַם ער האָט זײַן „מאַלעכל״ קיין זאַך ניט געקומט (נעכטן האָט ער פאַר יענעמס טירכע אַרויסגעגעבן דער מאַמען אַן אוואַנס — אַ לעבל ברויט און אַ האַלבע

קילאָ ארבעס), האָט פינקעלגאָלד ארויסגענומען פון שפּײַז־אַלמער א שטיק
ווייצן־ברויט און א פּול פּאַפּירן זעקעלע. דערלאנגענדיק עס דער פרוי,
האָט ער אונטערגעשטראָכן, אז אינעם זעקל איז צוקער. צוקער — מיל־
כאָמע־צײַט, און נאָך אין געטאָ!

אָנשטאָט צוצונעמען און אָפּדאנקען, האָט די פרוי מוירעדיק א ריטשע
געטאָן און איז גאָר אנטלאָפן.

דער הער פיליפּ פינקעלגאָלד האָט זי פולשטענדיק פארשטאנען. נאָר
אויך זי האָט געמעגט פארשטיין, אז ער איז דאָ גאָט די נעשאָמע שולדיק.
זײַן געוויסן איז אבסאָליוט ריין, האגאם די גאנצע געשיכטע איז בעעמעס
אומאָנגענעם, בעעמעס פּײַנפול.

וואָס איז אים געבליבן צו אונטערנעמען? ער האָט האסטיק זיך אָפּגע־
ראזירט, איבערגעטאָן א בעסערן בעגעד. בעשײַכעס מיטן אויסשרײַבן א
נײַע ארבעט־קארטע וועט, מעגלעך, אויסקומען זיך ווענדן צו אײַנפלוס־
רײַכע פּערזאָנען. דארף מען אויסזען לײַטיש.

מעיושעוודיק, טראָט בא טראָט איז ער געגאנגען נאָכן נײַעם דאָקו־
מענט, און זײַנע געדאנקען האָבן זיך געדרייט ארום נײַעם „מאלעך״,
וועלכן מע וועט אומבאדינגט מוזן נאָך היינט אָוונט געפינען.

# ביכער, ביכער, ביכער...



יי קומען אָן ניט אין קיין פעך־שווארצע, ביז
צו דער ערד גרייכנדיקע מאנטיעס מיט קאפּיר־
שאָנען, וואָס פארשטעלן די פּנעמער, ניט מיט
קיין הייליקע פּאָנעס, צלאָמים און ברענענדיקע
ליכט אין די הענט. ניט אין קיין זונטיק, ווי
ס'איז געווען אמאָל דער מינהעג, און ניט אין
אָנוועזנהײַט פון מעלאָכים, סראַפעס און הויכ־
געשטעלטע פּארשוינען קומט עס פּאָר. ניטאָ
אויך דער האמוין, וועמען דער פּויפּסט פלעגט
פארן אָנטיילנעמען אין דער בלוטיקער צערע־
מאָניע פארגעבן די אויירעס אף פערציק טעג פּאָרויס. איצט קומט עס
פּאָר מיט א סאך ווייניקער פּאָמפּע. מעגלעך דערפאר, וואָס דאָס געשעט
ניט אין קיין טקופע פון מיסטיק און אָבערגלויבנס, ניט אינעם פינצטערן
מיטלאלטער, נאָר אינעם אופגעקלערטן צוואנציקסטן יאָרהונדערט פון
דער נײַער צײַט־רעכענונג. פּינקטלעכער — אין סאָף יול 1944.

דורכן דרײַעקיקן בוידעם־פענצטערל זעט זיך אלץ, ווי אף דער דלאָ־
ניע. זיי זײַנען אָנגעטאָן אין אש־גרינע אוניפאָרמעס און שטאָלענע קאס־
קעס; שווארצע אווטאָמאטן, גאז־מאסקעס, אָנגעהאנגענע אף די רימענס.
אזוינע זײַנען זיי שטענדיק געווען. נאָר הײַנט האָבן זיי ברענענדיקע
שטורקאטשן אין די הענט. אָט רינגלען זיי ארום א שטיבל, באגיסן עס
מיט עפּעס א פליסיקײַט און צינדן אונטער מיט די שטורקאטשן. העלע
פלעמלעך טוען א פלאטער איבער די גרויע, פון עלטער צעשפּאָלטענע
הילצערנע ווענט. די זומערדיקע כמימע איז דער בעסטער מיטהעלפער
פונעם פײַער. לײַכט, פלאטערנדיק ציט עס זיך ארוף אלץ העכער און
העכער, גרייכט דעם געזימס, פּויזעט ארוף אפן שינדלדאך... צו די פיל־
צאָליקע זײַלן רויך, וואָס זעצן אין הימל ארײַן אפן גאנצן שעטעך פון
דער געטאָ, קומט צו נאָך איינער.

דאָס אלץ זעט ער דורכן בוידעם־פענצטערל.

וויפל קאָן עס דויערן, ביז זײַן ריי וועט דערגיין? א שאָ, צוויי, דרײַ?

איינס איז אים קלאָר: פּאַרקומען וועט עס הײַנט. צו ווייניק צײַט געבליבן, א נעס זאָל געשען. און ביכלאל, ניסים... אף זיי האָבן זיך ניט דערוואַרט די, וואָס האָבן געגלייבט, שוין אָפּגערעדט, אז הײַנטיקע צײַטן וועלן אף זיי זיך ניט דערוואַרטן די, וואָס גלייבן ניט.

אָט זעט ער, ווי פונעם שטיבל, וועמענס רײַ ס׳איז דערגאַנגען אוילע־קאָרבן צו זײַן, האָבן די מאַלאכיי־כאַבאָלע ארויסגעטריבן א מישפּאָכע. דעם פּאָטער און די מוטער אָפּגעשטויסן מיט די ביקסן־קאָלבעס אין א זײַט און די קינדערלעך ארײַנגעוואָרפן אין די פלאַמען פונעם ברענענדיקן הײַזל. לעבעדיקע! ווי מע וואַרפט שײַטלעך האָלץ אין אויוון. די רויטע פונקען, וואָס צעשפּרענקלען די רויכן, זײַנען ניט אנדערש ווי בלוטס־טראָפּנס — פון קינדער אָדער פון אזוינע, ווי ער, וואָס האָבן זיך אויסבא־האַלטן פון דער ארויספירעניש.

אויך ער וועט איצט פאַרענדיקן זײַן לעבן אין די פלאַמען, ווײַל ער ווידערשפּעניקט.

ס׳איז בלויז דאָס צווייטע מאָל, וואָס ער פאָלגט ניט. צום ערשטן מאָל — ווען ס׳איז געווען באַפוילן אָפּצוגעבן אלע ביכער. ביז דאַן האָט ער „אָרנטלעך" אויסגעפילט אלע באַפעלן פון די מאַכטהאָבער: פּינקטלעך געגאַנגען צו דער צוואַנג־ארבעט און אלץ אָפּגעגעבן, אלץ, וואָס זיי האָבן געפאָדערט, — געלט און ווערטזאַכן, בגאָדים, וועש און שוכוואַרג. ער האָט געטרייסט אי זיך, אי אנדערע: ביז די אייגענע וועלן זיך אומ־קערן, וועט מען אויסקומען אָן געלט, מע וועט קאָנען טראָגן שמאַטעס, גיין אין שיך מיט האָלץ־זוילן. זאָל מען נאָר לאָזן אויסהיטן דעם נעפעש.

עמעס, ווען ער פלעגט זען, ווי די רעקוויזירטע זאַכן ווערן צונויפגעװאָרפן אין א הויפן — אָן א סיידער, אָן א כעזשבן, ניט ארויסגעבנדיק קיין קוויטאַנציע, ניט פאַרשרײַבנדיק אין א וועלכן־עס־איז רעיעסטער, פלעגט אים ווערן ביטער אפן האַרצן. עפּעס צו העפקער איז אלץ גע־וואָרן. ער, דער אלטער בוכהאַלטער, וואָס איז א לעבן־לאַנג אָפּגעזעסן בא ציפערן, רעכענונגען און דאָקומענטן, אָפּהיטנדיק א באַשטימטע אָר־דענונג, האָט ניט טויפעס געווען, וויאַזוי קאָן מען עס ניט אָפּהיטן די עלעמענטאַרסטע פאָרמאַליטעטן. נאָר צוזעענדיק, ווי די וועלט פון געזעץ און אָרדענונג איז פאַרדרענגט געוואָרן פון ווילקיר און כאַאָס, האָט ער א מאַך געטאָן מיט דער האַנט אף דער אַבסאָליוטער אומאָרדענונג אין די רעקוויזיציע־פונקטן.

נאָר אז ס׳איז באַפוילן געוואָרן אָפּצוגעבן ביכער...

מענטשן האָבן געקוועטשט מיט די פלייצעס, בייס ער האָט געשלעפּט אין געטאָ אַרײַן זײַנע ביכער. אלע האָבן דעמלט מיטגענומען זייער ביסל אייגנס, דאָס, וואָס מע האָט דערלויבט מיטנעמען — דאָס סאַמע נייטיקסטע פאַרן קיעם. מע האָט געקוקט אף אים, ווי אף א מעשוגענעם, ווען ער פלעגט אין געטאָ אף דער גאַס ציִ גאָר אף די מיסט־הויפנס קלײַבן ביכער און שלעפּן צו זיך. גרויסע טײַנעס האָט ער געהאַט צום אָם־האָסייפער, האָלעמיי עס לאָזט אף העפקער ביכער.

די שכיינים האָבן געוואָרטשעט: ניטאָ אין שטיבל ווו זיך א קער צו טאָן. מע לעבט אין א שרעקלעכער ענגשאפט, און ער שלעפט נאָך אהער ביכער. אליין א הונגעריקער, אן אָפּגעריסענער, אָפּגעשליסענער — און ס׳ליגן אים נאָך אין זינען ביכער. אַף שריט און טריט — אויסראַטונג און טויט, און ער טראכט וועגן ביכער.

ער האָט קיין אכט ניט געלייגט אַף די פאָרווורפן און אָנגעשטאָפּט א פול שטעלכל מיט ביכער. ער האָט אופגעהאנגען אַף אים א גרויסן שלאָס, ווײַל מיטן אָנקום פון די פרעסט האָט עמעצער ארויסגעבראכט דעם געדאנק, אז ס׳וואָלט געווען א יוישער דורכצוהייצן די קאלטע שטוב מיט דעם הויפן ספאָרים, וואָס שימלט אין שטעלכל.

און אז ס׳איז ארויסגעגעבן געוואָרן דער באפעל אַפּצוגעבן אלע בי־כער, וועלכע געפינען זיך אין געטאָ...

„דאָס איז דער סאָף, — האָט ער געפּאסקנט. — זיי וועלן די ביכער פארברענען. גערעכט געווען הײַנריך היינע, זאָגנדיק, אז די, וועלכע ברענען ביכער, וועלן ווען־ניט־איז ברענען מענטשן”.

יאָרנלאנג האָט ער געקליבן א פּריוואטע ביבליאָטעק, אופגעזאמלט יעקאר־האמציִעסן, אנטיקע עקזעמפּליארן. געהאט ערשטע דרוקן פון אמסטערדאם און קראָקע, ווענעציע און ווילנע. זײַנע פּאָליצעס האָבן באצירט די ערשטע אויסגאבעס פון אײַזיק־מייער דיק און שאָלעם־אליי־כעם, מענדעלע און פּערעץ. פיל פון זיי מיט אווטאָגראפן, אווטאָרישע דעדיקאציעס. דעם עצעם זאמלען האָט ער געהאט באזיניקט. ער פלעגט זוכן אזוינע עקזעמפּליארן, וועמען ס׳האָט געדראָעט די געפאר אונטער־צוגיין. ער פלעגט זיך ראָיען אין אלטע שיימעס אַף בוידעמער און קע־לערס. ער פלעגט זיך פארבינדן מיט אלטווארג־הענדלער און בעטן, זיי זאָלן זוכן אלטע, זעלטענע ביכער. קויפן אין אנטיקווארִיאטן האָט ער אויסגעמיטן, נעמענדיק אין אכט, אז פון דאָרט וועלן די ביכער ארײַנ־פאלן אין זיכערע הענט.

אז די היטלעריסטן האָבן גענומען אין דײַטשלאנד ברענען אַף שײַטער־הויפנס ביכער, האָט ער זיך אײַנגעשאפט א רעשימע פון די ווערק, וואָס זײַנען פארורטיילט געוואָרן צו סרייפע, און גענומען זיי קלײַבן. געקליבן און, ווי געווײנלעך, געלייענט זיי ביז שפּעט אין די נעכט ארײַן.

וויפל פלעגט אים אויסקומען אמפּערן זיך מיט זײַנע אייגענע צוליב דער דאָזיקער לײַדנשאפט! און וואָס איז דער ווונדער? א גרויסן טייל פון זײַן פארדינסט האָט ער פארטאכלעוועט אַף ביכער. אליין ארומגעגאנגען אין אָפּגעניצטע בגאָדים, זיך דערנערט בעצימצעם, אַפּט זיך געמוזט אָפּזאָגן פון דעם נייטיקסטן און געקויפט ביכער.

ניט איין מאָל האָט ער זיך געשטעלט די פראגע, וואָס איז דער זין פון זײַן זאמל־ארבעט? צי דען בלויז די ביכער זאָלן שטיין בא אים אַף די פּאָליצעס? ס׳איז אופגעקומען דער געדאנק איבערגעבן זײַן זאמלונג דער שטאָטישער ביבליאָטעק, דעם ליטעראטור־אינסטיטוט צי אן ענלעכן ווישנשאפטלעכן אנשטאלט. דאָרט, האָט ער געטראכט, וועלן די ביכער געפינען דאָס זיכערסטע אָרט אַף אלע צײַטן און ברענגען דעם געהעריקן

נוצן. זײַן דאָזיקער געדאַנק איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ באַשלוס. נאָר דאָ איז דער אומגליק געשען: דאָס פאַשיסטישע דײַטשלאַנד איז אָנגעפאַלן אויפן סאָוועטנפאַרבאַנד.

ער האָט זיך ניט געלאָזט באַווירקן פון זײַן פרוי און טאָכטער, פון זײַן זון און שנור און איז ניט געלאָפן מיט זיי צוזאַמען פונעם סוינע. ער איז געווען איבערצײַגט, אַז קוים האָט ער זיך ניט געמישט אין פּאָליטיק, דראָעט אים ניט קיין געפאַר. וויפל וועלן דאָ באַלעבאַטעווען די אַרײַנדרינגלער? מע וועט זיי אָפּשטויסן, פאַרטרײַבן צו אַלדי שוואַרציאָר. און דערווײַל, אויב ער זאָל ניט זײַן אין שטאָט, איז ווער ווייסט, וואָס עס קאָן געשען מיט זײַן ביבליאָטעק.

אַ סאַך ביכער זײַנען אים פאַרלוירן געגאַנגען אין דער מעהומע. ניט אַלע איז מעגלעך געווען צו ברענגען אַהער, אַרײַנפּאַקן אין שטעלכל. האָט ער זיי צעטיילט צווישן באַקאַנטע, פאַרשווערנדיק אָפּצוהיטן, ווי אייגענע.

נאָר אַז די היטלעראָווצעס, דראָענדיק מיט טויט־שטראָף, האָבן באַפוילן אָפּצוגעבן אַלע געדרוקטע זאַכן, אָן אויסנאַם פון שפּראַך און אינהאַלט, האָבן די איבערגעשראָקענע שכיינים פאַרלאַנגט, ער זאָל וואָס גיכער אויסליידיקן דאָס שטעלכל. זיי האָבן אפילו קאָנטראָלירט, ווי ער טראָגט אַוועק אין זעק די איצט טרייף געוואָרענע קעגנשטאַנדן.

קיינער האָט ניט כוישעד געווען, אַז די זעק שלעפּט ער ניט צום רעקוויזיציע־פּונקט, נאָר אַף אַ בוידעם פון אַ פאַרלאָזט כאַרעוו שטיבל. דאָ האָט ער די ביכער פאַרוקט אין אַלע שפּאַרונעס און ווינקעלעך, אָפּגעגראָבן דעם זאַמד־אָנשיט פונעם געבעלק, אויסגעלייגט זיי אין עטלעכע שיכטן און צוריק פאַרשאָטן מיטן זאַמד.

יעדע פרײַע מינוט פלעגט ער זיך פאַרקלײַבן אַהער, געהאַלטן אין איין צודעקן די באַהאַלטענע ביכער מיט ברעטער, פאַרוואַרפן מיט שמאַטעס. בײַ טאָג־ליכט פלעגט ער זיך צוזעצן מיט אַ בוך לעבן דאַך־פענצטערל און שלינגען, שלינגען די זײַטלעך. די מענטשן אין געטאָ איז פאַרבאָטן געווען לייענען. און ער... ניין, קיינעם וועט ניט געלינגען מאַכן פון אים אַ בלינדן, טעמפּן, געהאָרכזאַמען קנעכט!

ענדלעך איז געקומען דער לאַנגדערוואַרטער טאָג: ס'האָבן זיך שוין מאַמעש געהערט די טריט פון די באַפרײַער. און דאַן האָט ער צום צווייטן מאָל ניט געפאָלגט די היטלעריסטן, וועלכע האָבן ליקווידירט די געטאָ און אַלעמען באַפוילן זיך זאַמלען צו דער עוואַקואַציע. ער איז אַרופגעקראָכן צו זײַנע ביכער, אַרופגעצויגן צו זיך דעם לייטער...

שוין דעם פינפטן מעסלעס איז ער דאָ אויבן. שוין דעם דריטן מעסלעס, ווי די פּאַרטיליקער בושעווען אין געטאָ — פאַרברענען שטוב נאָך שטוב און די געפונענע אין די הײַזער קינדער און עלטערע לײַט שלײַדערן זיי אין פײַער. די יינגערע און געזינטערע יאָגט מען אַוועק, מאַשמאָעס, צום טראַנספּאָרט.

הײַנט וועט, אַלפּי־סייכל, דערגיין אויך זײַן ריי. ער הערט גענוי די פּאָדערונגען אין דײַטש, מע זאָל אַרויסקריכן פון די באַהעלטענישן. די

הענקער זײַנען שוין גאָר נאָענט. צו וואָס רופן זיי די מענטשן? עפּשער טאַקע עוואַקויִרט צו ווערן אַף אַרבעט און ניט אַף אומקום? נאָר ער וועט זיך סײַווי ניט לאָזן נעמען, כאָטש ער האָט נאָך קויעך צו שלעפּן דעם יאָך. ער וועט ניט פאַלגן, וועט מער פאַר זיי ניט אַרבעטן, מעגן זיי צאָלן, ווי ביז איצט, א גאַנץ הויכן לוין — א טאָג לעבן פאַר א טאָג אַרבעט. דעם דאָזיקן מאַסע־אומאַטן האָט ער איבערגעריסן אין דעם מאָמענט, ווען ער איז אַרויף צו זײַנע ביכער און אַרופגעצויגן דעם לייטער.

ער ליגט אַף זײַן אויסגעשפּרייטן מאַנטל. דאָס אָפּגעטראָגענע, צעריסענע העמד — צעשפּיליעט. אַפן קאָפּ — א טשופּרינע צעפּאַטלטע גראָוולעכע האָר. דאָס פּאָנעם — פאַרייכערט, שמוציק, פאַרוואַקסן. פון אונטער די געדיכטע טונקעלע ברעמען קוקן אַרויס פעך־שוואַרצע אויגן, וואָס זוכן עפּעס אין דער ווײַט.

רויכן פאַרציִען דאָס דאַך־פענצטערל מיט א גרוי־געלבלעכן פאָרהאַנג. ער ווייסט, אַז הינטער אים שײַנט א הייסע זומערדיקע זון; איבער דער ערד איז איבערגעקערט א לויטער־בלויע הימל־שאָל. נאָר דאָ אַפן בוידעם ווערט אַלץ טינקעלער, רויכן פאַרשטעלן די העלע וועלט. דער דאַך איז אָנגעהיצט פון דער זון, פון די אַרומיקע סרייפעס, און ער, וואָס באַהאַלט זיך אַפן בוידעם, ווערט מאַמעש דערשטיקט. דאָס אָנגעגרייטע וואַסער האָט זיך געענדיקט, די סוכאַרעס — אויך...

ער איז ווידער באַם פענצטערל. א ווינטל טוט א הייב דעם רויך־פאָרהאַנג, און ער זעט ווידער דאָס באַקאַנטע בילד. די פּאַרטיליקער אײַיסעקן זיך שוין באַ די שכיינעסדיקע שטיבער. וואָס לענגער זיי וועלן זיך דאָרט פאַרהאַלטן, אַלץ לענגער בלײַבט אים צו לעבן. און די באַפרײַער זײַנען שוין ניט ווײַט. דײַטלעך הערן זיך זייערע פוסטריט אין דער דומפּער קאַנאָנאַדע, וואָס פאַרקײַכט זיך אַלץ שטאַרקער אין דער מיזרעך־זײַט. ווען ניט די ביכער, וואָלט ער דאָ איצט ניט געשטעקט. זיי האָט ער צו פאַרדאַנקען, וואָס ער איז ניט פאַרשלעפּט געוואָרן. וועט ער עפּשער אין זייער זכוס אַלץ איבערלעבן? דער נעס וועט געשען?

נאָר ניין. אָט באַטראַכטן שוין די מאַשכיסים די כורווע, ווו ער געפינט זיך.

צוזאַמען מיט די ביכער וועט ער איצט אוועק מיטן רויך. אַזוי ווי דזשאָרדאַנאָ ברונאָ, ווי יאַן הוס, ווי דער דאָקטער סערוועט, ווי וואַניני, ווי די ייִדן און די אַנוסים אין שפּאַניע, ווי די הונדערטער און טויזנטער מאַרטירער, פאַרברענטע אַף די שײַטערס פון דער אינקוויזיציע. זיי אַלע האָבן געוווסט, פאַר וואָס זיי שטאַרבן, — פאַר א גרויסן עמעס, וועלכן זיי האָבן אַנטדעקט, פאַר זייערע איבערצײַגונגען. מיט זייער טאַט און זייער טויט האָבן זיי מאַניפעסטירט אַן אידיי, געדינט די מענטשן, זייער שענערער צוקונפט... ער וועט אָבער פאַרגיין, ווי ניט געווען. צוזאַמען מיט אים — די אָנגעזאַמלטע ביכער!

רויכן, אָנגעזאַפּטע מיט דער ביטערניש פון דער גאָרער וועלט, נעמען אים ווערגן. ס'איז דער רויך פון פאַרברענטע מענטשן...

אָט פֿאָדערט מען ווידער, די אויסבאַהאַלטענע זאָלן ארויסגיין. איצט מיינט מען שוין דירעקט אים. מע פּויקט אין טויער פון זײַן לעבן. ווען ער זאָל גלייבן אין גאָט, וואָלט ער אין אָט דער לעצטער רעגע זיך געווענדט צו אים. עס וואָלט עפּשער לײַכטער געווען צו באַגעגענען דעם טויט. גלייבט ער אָבער ניט אין גאָט און ניט אין יענער־וועלט. און די וועלט, אין וועלכער ער האָט אָפּגעלעבט קנאַפּע זעכציק יאָר, האַקט מען אים ארויס פון אונטער די פיס. אוי, ווילט זיך ניט שטאַרבן! זײַן פרוי, די קינדער... זיי האָבן געוויס זיך געראַטעוועט, געפינען זיך ערגעץ טיף אין לאַנד. בעקאָרעוו וועלן זיי זיך צוריקקערן און אים ניט געפינען. דער ווינט וועט שוין האָבן זײַן לעצטן זייכער צעווייעט. אַ, ווי עס ווילט זיך ניט שפּורלאָז פאַרגיין; עס טוט אים אַ שניט איבערן האַרצן: די ביכער, זײַנע ביכער! ווען ער געפינט איצט דאַנטען! ווי זעען אויס די ליידן אין דאַנטעס פאַנטאַסטישן געגנעם אין פאַרגלײַך מיט זײַנע ליידן? ווו איז ער, דאַנטע?

ער לאָזט זיך אַראָפּ, נעמט פאַנאַנדערגראַבלען דעם זאַמד. כאַפּט דעם ערשטן בוך, אַף וועלכן ער שטויסט זיך אָן. ס׳איז לערמאָנטאָוו, אַ פּראַכט־אויסגאַבע. ער טוט אַ בלעטער און פאַרהאַלט זיך בײַ דער ליד וועגן זעגל, וועגן דעם איינזאַמען זעגל, וואָס זוכט שטורעם, גלײַך אינעם שטורעם וואָלט די רו געשטעקט... נאָר עטלעכע פערזן אַף אַ גרויס בלאַט פּאַפּיר. אַף די ברייטע ליידיקע ראַנדן קאָן מען עפּעס אָנשרײַבן, איבער־לאָזן אַ שטיקל צוואָע פאַר זײַן מישפּאָכע, פאַר אַלע די, וואָס וועלן בלײַבן לעבן. וואָלט אויך אַ זייכער פון אים געבליבן... אין דער הויזן־קעשענע טראָגט ער שטענדיק אַ בלײַערל...

ער זעצט זיך אַנידער אַף אַן אַלטער צעטריקנטער פּאַס בײַם דאַך־פענצטערל. דורך אָט דער עפענונג צו דער וועלט דרינגט אַרײַן אויסער רויך און סמאַליגעס אויך אַ ביסל טאָג־ליכט — די שײַן פון דער אומ־שטערבלעכער זון. מיט שטײַפע קלאָרע אויסיעס, ווי יעדער אָס וואָלט געווען אַ ציפער אין זײַנעם אַ באַלאַנס — אַ וואָגיקע, באַדײַטפולע ציי־פער, — נעמט ער שרײַבן...

די ווערטער — ווי זיי וואָלטן אַראָפּפליסן פונעם שפּיץ בלײַער. עס שרײַבט זיך מאָדנע לײַכט, ווי נאָך קיינמאָל ניט.

ער פאַרענדיקט, שרײַבט זיך אונטער, שטעלט אוועק אַ פּונקט און שטייט אוף מיטן בוך אין די הענט. אַ צופרידענער שמייכל — אַזאַ זעל־טענער גאַסט אין מעשעך פון דער גאַנצער צײַט פון געפאַנגענשאַפט — טוט אַ פלאַטער אַף זײַנע איבערגעטריקנטע ליפּן. אַ שווערע מאַסע האָט זיך אים אַראָפּגעקײַקלט פון די פּלייצעס.

פײַער־צונגען רײַסן זיך פּלוצעם אַרײַן דורכן פענצטערל. ער צאַפּלט אוף. מע מוז ראַטעווען, וואָס עס לאָזט זיך. אין דער לעצטער מינוט ראַטעווען. די ביכער! דעם זין און אינהאַלט פון זײַן לעבן! מיט אַלע קויכעס טוט ער אַ שלײַדער דורכן פענצטערל דעם בוך, וואָס ער האַלט אין האַנט. דאַן פאַלט ער צו צום דאַך־באָדן, גראָבט אָפּ ביכער און וואַרפט

זיי דורך רויך און פלאמען, שיקט זיי אף דער פרײַ, צום הימל־בלוי, צו דער זון...

---

דער צופאל האָט געוואָלט, איך זאָל בלײַבן לעבן און באלד נאָך דער באפרײַונג זיך געפינען אף די כורוועס פון דער פארלענדעטער געטאָ. א וואלד פון סטארטשענדיקע פארייכערטע קוימענס אפן אָרט פון שטיבער און גאסן. אינעם אָנגעוואלגער פון ציגל, זאמד און ברוכווארג — איבער־געברענטע סקעלעטן פון אײַזערנע בעטן, דעפאָרמירטע שיסלען און טעפּ, צעבויגענע מעטאלענע כפייצים. און אף אלץ און איבער אלץ — אש, אש, אש, הייסער אש פון אכזאָריעסדיק אומגעבראכטע מענטשן און זייערע פארטיליקטע היימען.

מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ זײַנען מיר, די צופעליק לעבנגעבליבענע אסירים פון געטאָ, שטום געשטאנען פאר די רעשטן פונעם מוירעדיקן אאוטאָ־דא־פע, אין וועמענס פלאמען עטלעכע טויזנט מענטשן, די לעצטע רעשטן פון א גאנצן קיבעץ, האָבן אויסגעהויכט זייערע נעשאָמעס.

אונדזער אופמערקזאמקײַט האָט צוגעצויגן ניט קיין גרויסער שטײַ־נערנער פונדאמענט פון א פארברענט שטיבל, ארום וועלכן עס זײַנען געווען אָנגעוואָרפן ביכער — פארייכערטע, פארסמאליעטע, מיט צעדרייטע טאָוולען און פארשווארצטע רוקנס, מיט פארגעלטע, פון דער זון פאר־באקענע בלעטער.

מיר האָבן זאָרגעוודיק גענומען אופקלײַבן די ביכער און גלײַך באַ־מערקט, אז אלע פארמאָגן זיי אײנעם און דעם זעלבן „עקסליבריס“, ארופגעקלעפט אפן פאָרזאץ פונעם בוך. נו, יאָ, דאָס איז ער! ווער פון די ליטעראטור־ליבהאָבער האָט ניט געקענט אָדער ניט געהערט וועגן דעם דאָזיקן מערקווירדיק לײַדנשאפטלעכן ביבליאָפיל און ביכער־זאמלער. איך האָב אים געקענט פון פאר דער מילכאָמע, זיך געהאט מיט אים באגעגנט אויך הינטערן שטעכדראָט. אוואדע זײַנען עס זײַנע ביכער.

אופקלײַבנדיק זיי, איז אונדז ארײַנגעפאלן אין האנט א פראכט־באנד לערמאָנטאָוו. ווי פון זיך אליין האָט זיך אופגעמישט די זײַט מיט דער ליד וועגן זעגל. דער ניט גרויסער געדרוקטער טעקסט איז געווען ארומ־געזוימט מיט א געדיכט אָנגעפּיקעוועטן, אָבער קלאָרן קסאוו. באם געעפנטן בוך האָט זיך באלד געשאפן א געזעמל. מיר האָבן אפן קאָל גענומען לייענען די אופשריפט...

ווי א לעבעדיקן האָב איך דערזען פאר זיך איר אווטאָר און געפּרוווט אויסמאָלן זיך אין דימיען זײַן טראגישן סאָף. און עס אָנגעשריבן. וואָס איך האָב ניט דערזאָגט, זאָל דערגאנצן די צוואָע פונעם קאָדעש.

„מענטשן! כ'האָב אין מײַן לעבן קיינעם קיין שלעכטס ניט געטאָן און ווייס ניט, פאר וועלכע זינד ווער איך גערוידעפט ווי א כײַע. צי האָב איך עמעצנס אָרט אף דער ערד פארנומען, זײַן לופט געאָטעמט? „רוים פאר אלעמען פארמאָגט די ערד!“ — האָט נאָך מיט יאָרן צוריק אויסגערופן דער דיכטער, וואָס האָט גערעדט און געשריבן אף דער זעלבער שפראך

ווי די, וועלכע פארשוועכן איצט די דאָזיקע שפּראַך און זייער פאָלק. איך בין ניט שולדיק, וואָס די היטלעריסטישע מערדער האָבן מיך דער־קלערט פאר אויס מענטש און פארן סוינע פון זייער פאָלק. מײַן בלוט, צי די פארב פון מײַנע האָר, פון מײַנע אויגן, צי די פאָרם פון מײַן נאָז איז זיי ניט געפעלן, כאָטש זיי האָבן מיך קײנמאָל ניט געזען, און קיין זאך אונטערשיידט מיך ניט פון אלע איבעריקע מענטשן. מע האָט מיך הינטער די אויגן דערקלערט פאר שולדיק און פארמישפּעט צום טויט. איצט ווערט אויסגעפירט דער אורטייל. איך וויל ניט פארהוילן: איך האָב געקליבן ביכער. איך ווייס אויך, אז אן „אידעאָלאָג" פון די נאציס האָט געזאָגט, אז ווען ער דערהערט דאָס וואָרט „קולטור", כאפּט ער זיך צום פּיסטאָלעט. קומט מיר, הייסט עס, לויט זייערע באגריפן שטראָף. וואָס זײַנען אָבער שולדיק די צוויי קינדערלעך, וועלכע מע האָט אָקאָרשט לעבעדיקע ארײַנגעוואָרפן אין פײַער? מענטשן! מיר זײַנען געווען דאָ אין שטאָט בא פערציק טויזנט יידן. איצט זײַנען מיר שוין פון די לעצטע און ווערן אומגעבראכט אין רויך און פלאמען. מענטשן! איך וויל, איר זאָלט וויסן, אז מיר אלע האָבן געוואָלט לעבן. מע האָט אונדז אומגעבראכט מיט געוואלט. און מאכמעס אָן טעראָר און בלוט קאָן דער פאשיזם ניט עקזיסטירן, האָט דער גורל געוואָלט, ער זאָל דאפקע פון אונדז ארויס־רײַסן א שוידערלעך גרויסן בלוט־צינז... מענטשן! מיט וואָס וועט איר אָפּצאָלן די מערדער? איך ווייס: זינט יאָרטויזנטער כקירען זיך פילאָסאָפן וועגן דער מאָס פון שולד און דער מאָס פון שטראָף. איך בין ניט קיין פילאָסאָף און וועל ניט פּרווון עפּעס זאָגן אינעם דאָזיקן שטרײַט. טוט איר עס. איך פארלאָז זיך אף אײַער געוויסן. איר זאָלט נאָר ניט פארגעסן! ווײַל נאָר דאַן וועט אונדזער שטויב רויִק קאָנען ערגעץ ארומשוועבן, ניט פארטונקלענדיק די הימלען איבער אײַך, צי אראָפּנידערן אף דער ערד און זי באפרוכפּערן... מענטשן! איך פיל, אז כ'קאָן מיך ניט אײַנ־האלטן און מוז אײַך וואָרענען: ראָט אויס אלדאָס כײַישע פון אײַער סוויווע, וואָרצלט אויס דעם ראסיזם און פעלקער־האס, זײַט אומבעראכ־מאָנעסדיק צום פאשיזם, אויב איר האָט אײַנזעעניש פאר אײַערע קינדער און פילט די אכרײַעס פאר זייער צוקונפט.

איינער פון די קאָרבאָנעס פונעם היטלעריזם — ג. ז., קאָוונע, 15.7.44".

# דער לעצטער




ר — פאָרויס, הינטער אים — צוויי גרין־אוני־פאָרמירטע דײַטשישע זעלנער מיט ביקסן אַף די אַקסלען.

פּאַמעלעך גייט ער דעם טויט אנטקעגן. די צוויי, וואָס הינטער אים, אײַלן אויך ניט. איי־נער פון זיי נעמט אונטערפײַפן א צעצויגענע, אומעטיקע מעלאָדיע.

ביז צום וואַלד איז ווײַטלעך. די אויסגע־טראָטענע סטעזשקע שלענגלט זיך אַהין איבער א זאַמדיקער, מיט מאָגערן גראָז פאַרוואַקסענער לאָנקע. ניטאָ אַף איר קיין ריוו, קיין קוסט, קיין פּאָר ביימלעך, הינטער וועלכע מע זאָל קאָנען פאַרענדיקן מיט אים די מאַכזאַקעס. מוז מען זיך שלעפּן צום וועלדל...

און די הייסע נאָכמיטיק־זון סמאַליעט אָן ראַכמאָנעס דעם נאַקן, באַקט דעם רוקן.

א האַרמאַטן־שאָס טוט א קרעכץ. זײַן ווידערקאָל פאַרקײַקלט זיך אין וואַלד אַרײַן. דעם ווידערקאָל יאָגט נאָך א צווייטער, א דריטער שאָס. ווען די דאָזיקע שיסערײַ הערט זיך פריִער, כאָטשבי מיט א שאָ צוריק! אַוואַדע וואָלט ער פון זײַן באַהעלטעניש ניט געוועזן אַרויסגעקראָכן. אָבער אַז דער סאַמבאַטיען, וואָס האָט דאָ אַרום און געקאָכט בא א וואָך צײַט, האָט זיך אײַנגעשטילט, און שוין צוויי מעסלעס, ווי עס הערשט אין דער געגנט רו, צי האָט ער געקאָנט זיך אײַנהאַלטן? פון זײַן לאָקע־רונג אין וואַלד האָט ער געזען, ווי קינדער קלײַבן יאַגעדעס. ער וואָלט געדאַרפט זיי פרעגן, צי זיי קומען פון דאָרף אָדער געהערן צו די מיש־פּאָכעס, וועלכע באַהאַלטן אין וואַלד זייערע בעהיימעס און דאָס אַנדערע ביסל אייגנס.

האָט ער אָבער מוירע געהאַט זיך ווײַזן פאַרן קליינוואַרג. א שמוציקער, א באַוואַקסענער, אין הוילע טראַנטעס, האָט ער געקאָנט דערשרעקן די

קינדער. זיי וואָלטן אים אָנגענומען פאַר א שעד, אַן ארויסגעקראָכענעם פון אונטער דער ערד, און אנטלאָפן, ווו די אויגן טראָגן.

זיי וואָלטן פון אים געלאָפן, בייס ער איז, מעגלעך, שוין א באפרײַטער, א מענטש מיט מענטשן גלײַך. בא אָט דעם געדאנק האָט ער פלוצעם דערפילט א מוירעדיקן הונגער. יאגעדעס, זאפט פון ביימער, וואָרצלען האָבן מער דעם מענטשלעכן הונגער ניט געקאָנט שטילן. האָט ער ניט אויסגעהאלטן, איז אוועק אין דאָרף און זיך אָנגעשטויסן אף אָפּטרעטנדיקע דײַטשן... שמוציקע, צעמיימעסטע, אויסגעשעפטע... נאַר דעם באפעל פון זייער עלטסטן וועלן אָט די צוויי, וואָס פירן אים, נאָך באווײַזן אויספילן. די מילכאָמע האָבן זיי פארשפילט, אָבער די שלאכט מיט אים וועלן זיי געווינען.

„מענדל, מענדל, — זײַנען די אלטע טײַנעס צו זיך אופגעקומען מיט א נײַער פרישקײַט, — האָסט געוואָלט איבערקליגן די וועלט, אויסמײַדן דעם גוירל... דײַנע ברידער און שוועסטער, דײַן ווײַב און דײַנע קינדער זײַנען געווען צאדיקים. זיי האָבן פארשפאָרט זיך פײַניקן דרײַ יאָר. זיי האָט מען כאָטש פארדעקט מיט ערד. און דו, מענדל, גייסט אָן א לאָפּעטע. דיך וועט מען איבערלאָזן פאר די פליגן און ראָבן...”

ערשט מיט א שאָ צוריק איז ער געווען זיכער, אז ער גייט צו דער וועלט, ווי אַן איידעס, א לעצטער איידעס פון אַן אויסגעקוילעטער איידע, א לעצטער סאָריד פון א שטעטל און עפשער פון א גאנץ פאָלק... ווייסן די, וועלכע פירן אים, אז זיי גייען אומברענגען אַן איינציקן איידעס, דעם לעצטן?.. ער האָט א קער געטאָן דעם קאָפּ צו זיי. ניין, זיי ווייסן ניט. זיי שפּאַנען הינטער אים — טעמפּע, באוואָפנטע...

ווען מע האָט אים מיט דרײַ יאָר צוריק געהאט געטריבן אין וואלד, איז עס געווען א לויטערער, קילבלעכער באגינען, און צוזאמען מיט אים זײַנען געווען נאָך א צוויי צענדליק מענער פון זייער שטעטל. זיי האָט מען דעמלט געגעבן לאָפּעטעס, און די מאכשאָוועס זײַנען געווען פארטאָן מיטן געדאנק: „אף וואָסער ארבעט טרײַבט מען זיי?”

בייס זיי האָבן אף א וואלד־לאָנקע געגראָבן א לאנגן און ברייטן ריוו, האָבן די באוואָפנטע שאָמרים דערקלערט, אז ס'איז א טראנשיי קעגן טאנ־קען... טיף אין וואלד, אין א זײַט פון וועגן און שטעגן — א טראנשיי קעגן טאנקען. דער פראָנט איז שוין העט־ווײַט, און דאָ, אינמיטנדערי־נען — א טראנשיי. גראָבן זיי א קייווער פאר זיך? איז די גרוב צו גרויס. און פארוואָס זאָל מען זיי אָן א פארוואָס און א פארווען צעשיסן אינ־מיטן וואלד?

מיט זיי איז טאקע בייסמײַסע קיין זאך ניט געשען. נאָך דעם, ווי די גרוב איז פארטיק געוואָרן, האָט מען זיי אוועקגעטריבן אין א כוטאָר, געגעבן יעדן איינעם צו א האלבן לעבל ברויט, אַן עמער וואסער פאר אלעמען און פארשפארט אין א שײַער. א גאנצן טאָג האָט זיך געהאט דערטראָגן צו זיי א ווײַטע שיסערײַ. פון קוילנוואַרפער? פון אווטאָמאטן? צי דען דער פראָנט? זיי האָבן אָנגעשטרענגט דאָס געהער ביז ווייטעק, געוואָלט דערהערן הארמאטן, א גערויש פון טאנקען... פארנאכט־צו האָט

מען דעם ריגל פונעם שײַער אַראָפּגענומען. די זעלבע באוואָפנטע שאָמ־רים, נאָך טויט־שיקערע, האָבן די צוויי צענדליק מענער ווידער געטריבן אין וואלד אַרײַן מיט די לאָפּעטעס אױף די פּלײצעס... שוין פונוויַטן האָבן די מענער דערזען די בערגלעך זאמד בא דער גרוב, וואָס זיי האָבן גע־האט אויסגעגראָבן אינדערפרי. איצט האָט מען געהייסן זי פארשיטן.

און די גרוב איז פול געוועזן מיט נאקעטע, פארבלוטיקטע קערפּערס. איינע אויף די אנדערע. ניט אלע טויט. אנדערע האָבן געצוקט מיט די אייוורים, פארשטיקט געכאָרכלט, גרויליק געקרעכצט... און זיי, די פּאָר צענדליק מענער, האָבן געמוזט פארשיטן דעם קייווער. צולעצט, ווען איין ווינקל איז געבליבן ניט פארשאָטן, האָט מען זיי באפוילן אויסטאָן זיך, לייגן זיך אויף די הארוגים...

אָן אויסגעטאָגעגנער האָט ער זיך א ריס געטאָן פון אָרט און זיך גע־לאָזט לויפן. מע האָט אים נאָכגעשאָסן. נאָר ער איז געלאָפן, פארפּלאָנ־טערט זיך אין קוסטעס, געשפּרונגען איבער גריבער, אריבערגעבראָדזשעט טײַכלעך און געלאָפן ווײַטער, געלאָפן דורך דער וואלד־געדיכטעניש. ער איז געווען פלינקער פון די, וואָס האָבן אים נאָכגעיאָגט, פלינקער פון זייערע קוילן. דער צוגעפאלענער אָוונט האָט אים פארהוילן אין טונקל־קײַט, ביז ער איז ארײַנגעפאלן אין אָפּגרונט פון דער נאכט...

די קעלט האָט אים אופגעוועקט אינמיטן שלאָף, אינמיטן כוישעך. ערשט איצט האָט ער געגומען באגרײַפן, וואָס איז געשען. נאָר אָנשטאָט צו בלײַבן ליגן און שטארבן, האָט ער אָנגעהויבן באוועגן זײַנע פאר־שטײַפטע הענט און פיס. אָנשטאָט צו אנטלויפן פון די מענטשן אין עק וועלט, איז ער אוועקגעקראָכן זוכן זייערן אָן אָפּדאך... א נאקעטער, א באָרוועסער איז ער געקראָכן דורכן באנאכטיקן וואלד. צעשטאָכן זיך די פיס ביז בלוט, צעריסן, פארוווּנדיקט דעם גאנצן קערפּער. דאָס הארץ פארפראָרן, און אין קערפּער האָט געפלאקערט א סרייפע. איז ער צוגעע־פאלן צו א באשפּרענקלטן פון זילבערנע לעוואָנע־שפּליטערן וואסער. גע־לאָשן מיט דער אײַז־קאלטער פליסיקײַט די סרייפע אין זײַן לײַב און לעבן...

אויך איצט, אונטער דער סמאליענדיקער זון, ברענט אין אים א העליש פײַער, ס׳פּײַניקט אים א מוירעדיקער דאָרשט. פאר די אויגן ליגט א ווייכע, שטויביקע סטעזשקע איבער א גרינער לאָנקע. ווו געפינט מען א טײַכל, א באשפּרענקלטס מיט זילבערנע לעוואָנע־שפּליטערן?.. ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו די, וואָס גייען אים נאָך. איינער פון די צוויי, דער, וואָס מיטן מײַזישן פּאָנעם און מיט די העלע סטארטשענדיקע וואָנצ־קעס, האָט מאָדנע א ברום געטאָן.

וווהין וועלן זיי אים הײַנט פארטרײַבן? ווו וועט ער בלײַבן ליגן א טויטער?

מיט דרײַ יאָר צוריק האָט ער ווי א בלינדער געטאַפּט אין דער וועלט פון מענטשן און, א נאקעטער, א פארבלוטיקטער, א דערפרוירענער דער־קראָכן צו אן איינזאם, האלב כאָרעוו שטיבל אין וואלד. ער האָט געקלאַפּט אין דער טיר, געריסן די פענצטער־לאָדנס. נאָר דאָס שטיבל איז געבליבן

טויב צו זײַן קלאַפּן. די מענטשן־וועלט האָט זיך ניט אָפּגערופן, איז גע־בליבן גלײַכגילטיק צו זײַן קלאַפּן אין אירע טויערן. האָט ער זיך צעשריִען אַף רוסיש:

— מענוואָלים! איר וועט ניט עפענען?! קאָליא, אַף רעכטס! וואסילי, פון הינטן פארנעם א פּאָזיציע! וואניא, די קוילנוואַרפער, די האַנט־גראַנאַ־טעס!

האָט זיך דערהערט פון אינווייניק א ציטערנדיקע הייזעריקע שטים, וואָס האָט אין א געבראָכענעם רוסיש אויסגעשטאַמלט:

— ברידערלעך, האָט ראַכמאָנעס, טשעפּעט ניט! די דײַטשן האָבן באַ־פוילן קיינעם ניט ארײַנלאָזן. זיי וועלן שיסן, אויב מע וועט ארײַנלאָזן...

און די טיר האָט לאנגזאַם גענומען זיך עפענען. אין איר איז געשטאַ־נען א גראָוובערדיקער אלטיטשקער מיט א לאַמטערן אין האַנט. פאַר די פּאָלעס פון זײַן ראָק האָבן זיך געהאלטן צוויי פארשלאָפענע קינדער.

דערזען דעם נאַקעטן מענטשן, האָט דער אלטער א הייב געטאָן די הענט אין דער הייך:

— אָ, יעזוס!

דער לאַמטערן איז ארויסגעפאלן פון זײַן האַנט און זיך צעשאָטן אַף שטיקלעך. די קינדער האָבן זיך צעשריִען. נאָר ער, מענדל, איז שוין געווען אין שטיבל, זיך צונויפגעקאָרטשעט אין א ווינקל.

— האָט ניט קיין מוירע, איך בין א מענטש, — האָט ער קוים ארויס־געבראַכט. פון קעלט האָט בא אים געקלאַפּט א צאָן אין א צאָן. — איך בין דערפרוירן. גיט מיר עפּעס אָנטאָן. כ׳וויל עסן.

דער אלטער האָט אָנגעצונדן א נאַפט־לעמפּל, צוגעוואָרפן מענדלען אַן אלטע פארשמאָלצענע קורטקע און קרעכצנדיק אופגעזוכט א האַק.

מענדל איז צוגעפאלן צום לעמפּל, עס פארלאָשן און אין דער פינצטער געלאָזט זיך צום אלטן — ארויסרײַסן בא אים די האַק!

דער אלטער האָט אים באַרויִקט:

— כ׳וועל אָנהאַקן שפּענער. אופקאָכן וואסער, זאָלסט זיך ארומוואַשן. באַרשטש וועסטו עסן?

אין אונטערוועש פון הארטן לײַן, אַן אײַנגעטוליעטער אין דער קורט־קע, איז מענדל אָפּגעשלאָפן עפּשער אַן אייביקײַט.

ווען ער האָט זיך אופגעכאַפּט, איז די זון, א רויט־צעגליטע, געלעגן אַפן ראַנד פון הימל און ארײַנגעלאָזט אין שטוב לאַנגע, בלוטיקע פּאַסן ליכט. ער האָט געמיינט, די זון גייט אוף. ערשט, ס׳איז שוין די שקיִע. דער טאָג דעמערט, טויוולט זיך אין סומנעקײַט.

לעבן זיך אַפן אויוון האָט מענדל געפונען א פּאָר אלטע הויזן, א פּאָר אָפּגעטראָגענע שיך. אַפן טיש האָט אַף אים געוואַרט א שיסל קאַרטאָפל, א קריגל זויערמילך. דער אלטער האָט נאָכגעקוקט יעדע באַוועגונג פונעם אומגעבעטענעם אוירעך און געשוויגן. צולעצט האָט ער אָנגעהויבן, אזש וויינענדיק:

— דערבאַרעם זיך אַף מײַנע אייניקלעך. גיי אוועק. די דײַטשן וועלן אונדז אלעמען דערשיסן. זיי מאַכן אָבלאָוועס. זוכן אין די וועלדער

רויטארמייער. נאָר אין שטעטל גיי ניט. דײַנע אייגענע ווײסטו דאָרט שוין ניט געפינען.

מענדל איז ארויס פון שטוב, פארכאפנדיק פון טיש א מעסער. ער וועט גיין, ער וועט כאַטש איינעם קוילען...

ניט געוועזן, וווהין צו גיין. סײַדן אין גרוב — צו די אייגענע, צו דער גאנצער אײדע, צום גאנצן שטעטל. דער וואלד האָט אים ארײַנגעכאפט אין א גרין־גרויער נעץ, לאנג אים ארומגעהוידעט אהין און אהער. אָבער צו דער גרוב ניט דערפירט.

און ווידער איז אף דער וועלט א נאכט ארופגעפאלן — א שווערע, אומגעהײער שווער דריקנדיקע נאכט. קוים אויסהאלטנדיק איר לאסט, האָט מענדל ארומגעגנײשטערט אינעם וואלד־כוישעך. עפשער וועט ער טרעפן וועלף. צוזאמען מיט זיי וועט ער באפאלן די, וואָס האָבן געשאָסן און נאָכן שיסן, ווי קיין זאך וואָלט ניט פאסירט, אוועק אהיים, געגעסן אף טישן, וועלכע ער, מענדל, האָט פונזײערטוועגן געמײַסטרעוועט; געשלאָפן ווײַטער אין בעטן, וועלכע ער האָט מיט זײַנע הענט געהובלט, געשליפן, פּאָלירט... ווו זײַנען די אלע, וואָס האָבן געשאָסן?.. אומגעקוקט זיך, גע־כאפט א בליק אף הינטן.

דער דײַטש מיטן מײַזישן פּאָנעם, אָנשטויסנדיק זיך אין מענדלס בליק, האָט ווידער א ברום געטאָן, א צוק געטאָן מיטן גאנצן קערפּער, ווי מע וואָלט אים געוואָרגן.

„דערשראָקן זיך? דײַטשן, פאר וועמען אלע האָבן מוירע, שרעקן זיך?"

דרײַ יאָר האָט ער, מענדל, אָנגעוואָרפן א פאכעד אף יעדן, וואָס איז געקומען מיט אים אין א מאַגע־מאַסע. די געפאר האָט געלויערט איבער אים, אים באגלייט, ווי א פינצטערע כמארע, און באדראָעט יעדע שטוב, וואָס איר שוועל איז ער אריבער. די פויערים, וועלכע האָבן אים אונטער־געהאלטן, פלעגן אָפט זאָגן:

— מיר וועלן דיר אוועקלייגן שפּײַז אין אן אָפּגערעדט אָרט, נאָר באַ־ווײַז זיך וואָס ווייניקער אין דאָרף...

עס האָט פאסירט: ער דערנענטערט זיך צום אָרט, ווו ס'איז געווען צוגעגרייט פאר אים שפּײַז, און דערזעט דאָרט זיך אומדרייען א געשטאלט. מענדל האָט אָנגעגרייט דאָס מעסער, דאָס זעלבע מעסער, וואָס ער האָט פארכאפּט באם אלטן... די שרעק איז געווען אומזיסט — ס'איז געווען דער פויער, וואָס האָט זיך לעצטנס געזאָרגט וועגן אים. ער איז געקומען וואָרענען:

— דאָ האָסטו ברויט, שפּעק, און פארשווינד פונדאנען. עס זײַנען אוועק קלאנגען, אז פון דער גרוב אין וואלד שטייט מען אוף טכיִעס־האמייסים... יידן מיט בערד שלעפּן זיך ארום איבער די דערפער... כאפּן אראָפּ דאָס וועש, וואָס מע הענגט ארויס טריקענען...

אין איינעם א דאָרף האָט מענדל טאקע געהאט אראָפּגענומען באנאכט א העמד, וואָס איז געווען אויסגעהאנגען צום טריקענען. עמעס, ער האָט דאָרט איבערגעלאָזט זײַן שמוציק העמד... אין עטלעכע טעג ארום האָט ער געפונען זײַנס, אן אויסגעוואשנס, הענגען אפּן שטריק... האָט ער עס

אָנגעטאָן, איבערלאָזנדיק דאָס פריִער צוגענומענע. יאָ, ער מוז די מינוט אוועק פונדאַנען...

וואָס האָט ער געטראַכט, מענדל, בייס ער האָט אוועקגעוואַנדערט אין א נײַער געגנט און אַן אויסגעשעפּטער געקלאָפּט אין נײַע טירן, אָנ־ווארפנדיק מיט זײַן אויסזען שרעק אַף נײַע מענטשן? ער האָט דעמלט גאָרניט געטראַכט, בלויז אקשאָנעסדיק געשוויגן. און וואָס לענגער ער האָט געשוויגן, אַלץ מער ווערטער האָבן זיך אים אָנגעקליבן אין הארץ, שיר ניט צעריסן די ברוסט. אויסריידן זיך! אויסשרײַען זיך! זיך אויסשרײַען פאר זיך אליין, פאר די, וואָס זײַנען פארשניטן געוואָרן. ער איז דאָך דער לעצטער!

מענדל האָט ארומגעבלאָנקעט מיטן גרייטן מעסער... געוואָלט קוילען כאָטש איינעם פון יענע, וואָס האָבן אים געצווונגען גראָבן די גרוב און דערנאָך, שיקערע, אים געטריבן זי פארשיטן, איינעם פון די, וואָס האָבן באפוילן זיך אויסטאָן און געשאָסן אין אים... כאָטש איינעם פון זיי קוי־לען, פונקט ווי ער האָט א טויט־הונגעריקער אין איינער א רעגנדיקער הארבסטיקער נאכט זיך ארײַנגעכאַפּט אין א שטאל, געקוילעט א שעפּס און אוועקגעשלעפּט צו זיך אין וואלד... ווען ער פאקט עמעצן פון יענע, וואָס האָבן געשאָסן, וואָלט ער אים מיטן זעלבן מעסער געקוילעט און אוועק־געשלעפּט פאר די הונגעריקע וועלף אין וואלד...

ניט איין מאָל האָט ער געבעטן אַף זיך דעם טויט, געוואָלט פארשילטן גאָט, די וועלט און שטארבן... און מאכמעס דער מאלכאמאָוועס האָט אים ווי בעקיוון אויסגעמיטן, האָט ער, מענדל, אײַנגעזען אין דעם א צייכן. אפּאָנעם, באשערט, דער סטאָליער מענדל פונעם ליטווישן שטעטעלע בייסאָגאלע זאָל בלײַבן לעבן און אָנווײַזן דער וועלט די פארשאָטענע גריבער...

דערווײַל האָט מען אים ווידער געוואָרנט, אַז פּאָליציי זוכט ארום שווארצבערדיקע ארומוואָגלער, וועלכע קוילען שעפּסן אין די נעכט, וואשן זיך ביַגנייווע אין די דאָרפישע בעדלעך און לאָזן דאָרט איבער קוטשמעס שווארצע האָר... די צײַטונגען שרײַבן, אַז די שווארצבערדיקע ארומ־וואָגלער טראָגן פאנאנדער די טיפוס־עפּידעמיע, פארגיפטיקן ברינעמער...

און ווידער האָט ער געהאט מאזל ניט ארײַנצופאלן אין דער אָבלאווע. ארײַנגעפאלן איז ער אָבער יאָ. און אזוי נאריש.

— יודע? — האָט דער קאָמאנדיר פונעם אָפּטרעטנדיקן דײַטשישן טייל, אַף וועלכן ער האָט זיך אָנגעשטויסן, געפרעגט, אויסגלאָצנדיק די אויגן.

מענדל האָט געשוויגן. ער האָט קיין זאך ניט געזען, בלויז געפילט, אַז עס בײַסט אים מוירעדיק די הויט אונטער דער ווילד פארוואקסענער באָרד און אַז סע ווערגט אים עמעצער מיט ביינערדיקע פינגער.

— קורט, עריך, — האָט אויסגערופן דער קאָמאנדיר, — אין וואלד אָפּפירן! באזונדערס באהאנדלען!

איצט פירן זיי אים אין וואלד ארײַן. ער — פאָרויס, זיי — הינטער אים.

„באזונדערס באהאנדלען!" באזונדערס טייטן? אויסשטעכן די אויגן? אויסשניידן די צונג? יאָ, ער, מענדל, פלעגט אָפט טראכטן, אז ס'וועט זיין גלייכער אליין זיך איבערגעבן די, וועלכע זוכן אים, מאכמעס דאן וועט מען אים בלויז שיסן, און אין קעגנפאל — פייניקן פארן טויט... און איצט? ווי וועט מען אים באזונדערס באהאנדלען? און ווער וועט אים פייניקן — קורט צי עריך? מענדל האָט זיך אומגעקוקט, וועלנדיק פעסטשטעלן, ווער פון זיי איז קורט און ווער — עריך.

דער, וואָס מיטן מײַזישן פּאָנעם, איז שטיין געבליבן, גענומען ציטערן און ארויסגעברומט:

— איך קאָן ניט מער!

געזאָגט און געבליבן צוגעוואקסן צום אָרט.

דער צווייטער דײַטש האָט גלײַכגילטיק געשפּאנט ווײַטער הינטער מענדלען און זיך פאנאנדערגערעדט, דײַטלעך ארויסברענגענדיק יעדעס וואָרט:

— אזוי לאנג, ווי עס בלײַבן לעבן, ווען נאָר אויך צען יודען, האָבן מיר דעם קריג פארלוירן. אזוי האָט געזאָגט דאָקטאָר געבעלס.

ווער האָט אים, מענדלען, איצט ארײַנגעפירט אין וואלד — קורט צי עריך? צי איז עס אָבער וויכטיק? איינער פון זיי וועט אים באלד אָפּווישן פון דער ערד, שטיל מאכן אף אייביק. די ביימער וועלן צוזען און שווײַגן. און דער, וואָס טראָגט איצט ארײַן דעם טויט אין וואלד, וועט א צופרײַ־דענער, א זיכערער אין זיג, מונטער אונטערפײַפנדיק, אומקערן זיך צו די זײַניקע, אָפּראַפּאָרטירן דעם קאָמאנדיר, אז די פארגעבונג איז אויסגע־פילט, און ווײַטער מארשירן...

— איך וואָלט, — האָט ווידער אָנגעהויבן דער דײַטש, — איך וואָלט, אייגנטלעך, געקאָנט דיך לאָזן לויפן. א פּאָר שאָסן אין דער לופט, און עס גילט, אז כ'האָב מײַן פליכט געטאָן... נאָר ניין, ליבער שפּילפויגל, ניין! קוים בלײַבט לעבן אוועלכער צענדליק פון דײַנע ברידער, האָבן מיר דעם קריג פארלוירן. און עפשער ביסטו פון ווילנא? א ווילנאער יודע? דאָקטאָר געבעלס זאָגט, אז דאָס זײַנען די געפערלעכסטע...

דער בארײדעוודיקער נעפּעש האָט שוין געהאלטן באם אראָפּנעמען די ביקס פון אקסל, ווען מענדל האָט זיך ראפּטום אויסגעדרייט, א שפּרונג געטאָן אף אים און אים אומגעוואלגערט. אין איין אויגנבליק האָבן מענדלס הענט געפונען דעם האלדז פונעם סוינע און ארײַנגעלאָזט אינעם פלייש ווילד־פארהארטעוועטע נעגל, אײַזן־שטארקע פינגער — אלץ טיפער, טי־פער...

פונעם בלוט, וואָס ער האָט דערפילט אף די פינגער, איז מענדלען ניט גוט געוואָרן. קעדיי ניט צו כאלעשן, איז ער אופגעשטאנען. די ביימער האָבן זיך געוויגט, זיך געדרייט אין א ראָד ארום אים, געביטן זיך מיט די ערטער. ער איז אָפּגעטראָטן אף הינטערווײַלעכס, אָפּגעטראָטן, ביז זיך אָנגעשטויסן מיטן רוקן אין א סאָסנע.

פונדערווײַטן האָט פלוצעם זיך דערטראָגן אן אויסגעצויגן געשריי:

— קו־ו־רט! קו־ו־רט!

קורט, עריך... איצט איז קלאָר: דער, וועלכער ליגט, איז קורט, און עריך זוכט אים.

און ווידער אַן אויסרוף שוין גאָר נאָענט:

— קורט!

אף דער וואלד־סטעזשקע האָט זיך באוויזן דער דײַטש מיטן מײַזישן פּאָנעם, מיט די הערלע סטארטשנדיקע וואָנצקעס. דערזען דעם קאמעראד זיך קאָרטשען אפן גראָז, דערזען מענדלען, האָט ער אין שרעק געבומען אָפּטרעטן אף צוריק און זיך אויך צוגעדריקט צו א בוים. זײַן קיווער האָט זיך אראָפּגערוקט אף פּאָרנט און אים פארדעקט דאָס פּאָנעם.

א הארמאטן־דונער האָט זיך דורכגעקײַקלט איבערן וואלד. די ערד האָט אופגעציטערט. דערנאָך האָט דעם וואלד דורכגעשאָבן א געוואָי פון מינעס, ווי זיי וואָלטן עמעצן געטריבן, ארויסגעיאָגט...

מענדל האָט געוואַרט, אויסגעקוקט אף די, וואָס וועלן קומען און ענדלעך אוועקנעמען אים פון די אויגן די צוויי גרויסע גרינע ווערעם — איינעם א צעקוועטשטן, וואָס וואלגערט זיך אין גראָז, דעם צווייטן א צעכושטן, א צוגעקלעפּטן צו א בוים, און אים, מענדלען גופא, אויסלייזן פונעם אלץ גרעסער ווערנדיקן קנויל, וואָס שפּארט פאנאנדער דעם האלדז, צערײַסט אָט־אָט די ברוסט... ער וועט ענדלעך ווערן אן איידעס, און ס'וועט אים לײַכטער ווערן, אים — דעם פון גרוב אנטלאָפענעם, דעם לעצטן...

# דער באַנדאַזש אונטער דער קני




י געדערים האָבן זיך אים שיר ניט איבערגע־
דרייט, ווען ער האָט דערזען אפֿן קאָנווערט, פֿון
וועמען ס'איז דער בריוו. האסטיק אופגעריסן
דעם קאָנווערט, האָט ער זיך ארופגעוואָרפֿן אפֿן
בויגן פאַפּיר, אף די געדיכט אָנגעפּיקעוועטע
שורעס — שנעלער זיך דערוויסן, וואָס דער
הער פאַפּאַ וויל פֿון אים. דעם בריוו, וואָס איז
געווען אָפּגעדרוקט אף זייער שטובּיקער שרײַב־
מאשינקע מיט איר קלאָרן און גוט באקאנטן
שריפֿט, האָט ער געלייענט שטייענדיקערהייט —
אויס פּאכעד און אָפּשײַ פארן פֿאָטער. ער האָט עטלעכע מאָל אָנגעהויבן
לייענען פֿונדאָסנײַ, אויסגעטאָן און אָנגעטאָן די ברילן, אויסגעווישט די
אויגן...

אָט וואָס אין בריוו איז געשטאנען:

„צו מײַן זון ווילהעלם ערנסט מאריִא פאָן קעפּען, יוניאָר, גריס גאָט!
אלזאָ, ווילי, שוין באלד דרײַ יאָר, ווי דאָס דײַטשישע פֿאָלק, געפֿירט
פֿון גאָט און דעם פֿיורער, ראנגלט זיך אינעם שיקזאל־קאמף פֿאר דער
צוקונפֿט פֿון דער גערמאנישער נאציִע און דער ארישער ראסע. און
דו, ווילי, ביסט געבליבן דער זעלבער טויגעניכץ, ווי געווען. ניין, ניט
קיין טויגעניכץ! זאָל דער הער גאָט אין הימל מיך ניט שטראָפֿן, אויב
איך וועל וואגן אָנצורופֿן דעם אָפּשפּראָץ פֿון אונדזער שטאם — אייזל!
יאָ, אן אייזל ביסטו! וויל איך איינמאָל פֿאר אלעמאָל ארײַנהאקן אין דײַן
אייזלשן קאָפּ א ביסל פֿארנונפֿט. דעריבער האָב איך זיך געזעצט שרײַבן,
ניט געקוקט, וואָס ארבעט האָב איך איבערן האלדז און דערבײַ, האלט
איך, אז קאָרעספּאָנדירן מיט זייערע קינדער איז א געשעפֿט פֿאר ווײַבער,
און אין קריגס־באדינגונגען איז עס אן איבעריקער באלאסט פֿאר דער
פֿעלד־פּאָטשט. באטראכט זיך, וויפֿל קאָסטבארע צײַט ווערט זינלאָז פֿאר־
שווענדעט אף שרײַבן פּערזענלעכע בריוו און צושטעלן זיי די אדרעסאטן.
ווען איר, די ריטער פֿונעם מארש אף מיזרעך, און די מענער פֿון דער

פעלד־פּאַטשט וואָלטן אויסגענוצט די דאָזיקע צײַט אַף צו שלאָגן די רוסן, וואָלט איר, אָן צווייפל, ניט געשטאַנען אַף דער ביז־איצטיקער פראָנט־ליניע און ניט פאַרנומען זיך מיט פאַרקירצן און אויסגלײַכן זי. יאָ, איר וואָלט באַזעצט מינדעסטנס האַלב סיביר.

טאָ פאַרשטיי, ווילי, אַז קוים האָב איך זיך געזעצט שרײַבן דעם דאָזיקן בריוו, איז די זאַך געגנוג ערנסט און אַזוי אָנגעווייטיקט, אַז איך מוז דיך ווידער אָנרופן — אייזל! ווי קאָן מען אַנדערש קוואַליפיצירן אַ וועזן, וואָס איז צוליב נאַכלעסיקײַט באַגאַנגען אַזאַ אומפאַרגעבלעכע זינד: האָסט פאַרשאַפט ערגערניש ניט קיין אַנדערן, ווי די צירונג פון אונדזער פאַמיליע־שטאַם, אונדזער הויכגעשעצטן הער עגאָן פאָן קעפּען, וואָס איז איצט שוין אָרטס־גרופּענפיורער, דער הויפּט פון אונדזער שטאָטישער אָפּטיילונג פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי! און דו האָסט דאָך געמעגט וויסן, אַז דו דאַרפסט אים אומענדלעך דאַנקבאַר זײַן, וואָס ער האָט דיר, אַזאַ בלינדע באַשעפעניש, געהאָלפן אַרײַנגעצויגן ווערן אין קאַמף צו דעראָבערן לעבנס־רוים פאַר די גערמאַנער און קאָנסט איצט דינען מיט האַרץ און בלוט דעם רײַך און פיורער. מיינסט, אַז אונדזער עגאָן איז געווען פאַרפליכטעט זאָרגן פאַר דיר, אײַנאָרדענען דיך אינעם עסעסישן „קאָלאָניזירונג־שטאַב"? ס'איז וואָר, אַז דו, אַ זון פונעם איצטיקן אייגנטימער און אין דער צוקונפט — דער אייינציקער נאָכפאָלגער־יורעש פון דער הונדערט יאָר אַלטער פירמע „הויז־ווירטשאַפט פאָן קעפּען און זון", האָסט די געהעריקע קוואַליפיקאַציעס צו דינען אין דער אָפּטיילונג פאַר הויז־ווירטשאַפט פונעם שטאַב. זײַ אָבער וויסן, אַז אין דער זעלבער צײַט, וואָס אַנדערע פאַרגיסן זייער בלוט אַפן שלאַכטפעלד, רײַבסטו דײַנע הויזן אַף אַ וואַרעמער שטעלע, אַף וועלכער דו וועסט דאַרפן בלײַבן, ביז איר וועט פאַרענדיקן באַפעלקערן די מיזרעך־געביטן מיט מענטשן פונעם גערמאַנישן בלוט.

ס'איז וויל, וואָס דו האָסט אויסגעפילט די שריפטלעכע אָנווײַזונג פון דער פראַו מאַמאַ און האָסט אַרויסגעשיקט דעם אָרטסגרופּענפיורער אַ קאַסטן געשיר. אָבער, ווילי, וואָסער געשיר האָסטו דאָרט צונויפגעקראַצט? דער ראַנד פון דער קרישטאָלענער וואַזע האָט אַ דעפעקט. די גאָלדענע ראַנדן פון אייניקע טעפּלעך פונעם טיי־סערוויז זײַנען ערטערווײַז מאַטלעך. נאָר די הויפּט־זאַך — ווי פאַרשיידן זײַנען די סטילן פונעם קאַווע־און טיי־סערוויז! „פּרינציפּלאָזע עקלעקטיק!" — האָט אומצופרידן אויסגעדריקט זיך דער הער אָרטסגרופּענפיורער. פאַרשטייסטו, וואָס דאָס באַטײַט? נאָר איך וואָלט געזאָגט, אַז דו ביסט אַ פּרינציפּלאָזער אייזל, און שוין!

דערצו האָט דער הער אָרטסגרופּענפיורער געפרעגט, וועלכע אויסצייכענונגען דו האָסט זיך דערדינט. וואָס האָב איך אים געקאָנט ענטפערן? כ'בין רויט געוואָרן פאַר שאַנדע.

אַלזאָ, זײַ וויסן, ווילי, אַז אַף דער וואָגשאָל ליגט די ערע פון אונדזער אַדעליק הויז און זײַן אַריסטאָקראַטיש בלוט! אין אָנגעזיכט דערפון דאַרפסטו דערווײַזן, אַז ניט אומזיסט טראָגסטו דעם טיטל „פאָן" און ניט אומ־

זיסט האָט דער הער אָרטסגרופּענפירער ארויסגעוויזן דיר אויפמערקזאַמ־קייט. אַלזאָ, ווארטן מיר אלע, זאָלסט ווערן א העלד, דערדינען זיך ענד־לעך אן אײַזערנעם קרייץ און, ניט געקוקט אף דײַן קורצזיכטיקייט, אף ווײַטער שיקן קוואליטאַטיווערע געשאנקען און נעמען שטײַגן אפן דינסטלייטער, הייבנדיק דערבײַ דעם רום פון אונדזער פאמיליע!

מײַן דאָזיקער בריוו זאָל דיר זײַן אן אָנרעגונג און וואָרענונג!!!

מיט דײַטשישן גרוס — הײַל היטלער!

דײַן פאָטער ווילהעלם ערנסט מאריִא פאָן קעפּען, סעניאָר".

אָרעמער ווילי! דעם פאָטערס בריוו האָט לאנג געציטערט אין זײַנע פוכקע פינגער. נאָך דער ביטערער פּיל, וועלכע ס'איז אים אויסגעקומען אראָפּשלינגען צום סאַף פונעם ארבעטסטאָג, איז, נא דיר, א פארבײַסן — דער בריוו. און פארוואָס דאַפקע הײַנט? בייס ער איז געגאנגען אהיים, איז אים קיין שווארצע קאַץ דעם וועג ניט פארלאָפן, מיט ליידיקע עמערס האָט אים קיינער ניט באגעגנט, הײַנט איז ניט פרײַטיק און ניט דער דרײַצנטער טאָג אין כוידעש...

ווילהעלם האָט שווער געאָטעמט, געסאָפּעט, אונטערגעקרעכצט. דער הארטער קראגן פונעם מונדיר האָט שטארק געקוועטשט דעם פעטן האלדז זײַנעם, די פולע באקן האָבן געברענט. הינטער די דיקע ברילן־גלעזער האָבן אומרויִק געציטערט רויטלעכע, זייער פארקלענערטע און זייער פײַכטע אויגן.

אוי, ווי ער האָט געוואָלט אויסוויינען זיך! אָט, ווי אמאָל אין דער שול, ווען עמעצער האָט אים באליידיקט אָדער אָנגעבויקערט די ביינער. נאָר... זייער שעף, דער אונטערשטורמפירער האָט הײַנט צום סאָף פונעם אר־בעטסטאָג אלעמען גוט אויסגעזידלט, געפּאָדערט זיך אונטערצײַען, ווײַל ניט געקוקט אף דעם, וואָס זיי זײַנען בלויז, אזוי צו זאָגן, הינטערלאנד־מײַז, ווערן זיי שוין באטראכט ווי ריכטיקע עסעס־לײַט — גאָר אינגיכן וועט מען יעדן אויסטאטויִרן אונטער דער לינקער פּאכווע זײַן בלוט־גרופּע. טאָ ווי קאָן ער, שוין באלד אן עמעסער עסעסאָוועץ, וויינען? אין צי־מער איז אָבער קיינער ניט געווען. קיינער וועט ניט זען זײַנע טרערן...

אין דרויסן איז שיין און ווארעם. הינטערן געעפנטן פענצטער — א ליטערער פרילינג־פארנאכט. שטיל וויגן זיך די צווײַגן, אָפּגעשאָטענע מיט העל־גרינע, פון די קנאָספּן פריש־אויסגעשיילטע בלעטעלעך.

ווילהעלם האָט זיך א צי געטאָן צום פענצטער אָפּצוכאפּן דאָס הארץ מיט דער מעכײַעדיקער לופט און זיך פארהאלטן באַם שרײַבטישל. ער האָט ניט וואָס צו זוכן אין דרויסן. צווערשט מוז ער ענטפערן דעם פאָ־טער, וועלכער האָט ליב פּינקטלעכקײַט און דיסציפּלין. ס'איז ווילהעלמען אָנגעקומען געגנוג שווער, ביז ער האָט, קאליגראפיש אויסדריידלענדיק די אויסיִעס, ווי מע האָט אים געלערנט אף די קאָרעספּאָנדענץ־קורסן, צונויפ־געשטעלט פאָלגנדיקן בריוו:

„צו מײַן הויכגעשעצטן פאָטער, זײַן הויכוווילגעבוירן ווילהעלם ערנסט מאריִא פאָן קעפּען, סעניאָר, גריס אים גאָט!

פאר אײַער געשעצטן בריוו, וואָס איז געווען פאר מיר א גרויסע ערע און פרייד צו דערהאלטן און וועלכן איך האָב געלייענט מיטן בעסטן וויסן און געוויסן, דאנק איך, הער פאפא, פון טיפן הארצן.

איך האָב געהאט די ערע אויסצוהערן אלע פאָרווורפן און באלערונ־גען, וועלכע איך אקצעפטיר און נעם צו קענטעניש און וועלכע איך וועל אין מעגלעכסט שנעלסטן טערמין ברענגען אין אָרדענונג, ווי עס פאסט פאר א טרעגער פונעם טיטל „פאָן" און פארן נאָכפאָלגער־יורעש פון דער פירמע „פאָן קעפען און זון".

איך בעט טויזנטער מאָל אנטשולדיקונג באם הער אָרטסגרופּענפיורער, ווײַל איך האָף בא דער ערשטער בעסטער געלעגנהײַט אויסצובעסערן מײַן אומדערלאָזבארן פארזען. איך וועל שיקן אנדערע, בעסערע ארטיקלען.

איך וויל אײַך, הער פאפא, צו וויסן טאָן, אז ניט געקוקט וואָס איך מוז מיך אנערקענען, לויט אײַער לעצטן בריוו, אלס אייזל, האָב איך, נעמלעך, פיל זאָרג, פיל ארבעט, שווערע פליכטן און אבסאָליוט ניט קיין ווארעם ערטעלע. אונדזער שעף האָט אונדז הײַנט שטארק געטאדלט, ווי מיר וואָלטן געווען שולדיק, וואָס די אָרטסגעבירטיקע באפעלקערונג איז אומדיסציפּלינירט, שטעלט ניט צו די רעקוויזיציעס, און ווי מיר וואָלטן געווען שולדיק אין די סטודענטישע אומרועו, צוליב וועלכע מע האָט געמוזט שליסן דעם אוניווערסיטעט. אויסער דעם, איז דאָ אין שטאָט גע־שען א ניט־דערלאָזבארע געשעעניש. עס זײַנען, נעמלעך, זיך צעלאָפן די מוידן פונעם... זאָל מיר דער הער פאפא אנטשולדיקן, אויב איך וועל זיך דערלויבן אָנשרײַבן אזא אומאָנשטענדיק וואָרט, ווי „שאנדהויז". עס זײַנען זיך צעלאָפן די מוידן פונעם מיליטעריש־דײַטשישן שאנדהויז, און מיר האָבן, אויסער דעם שטרענגן אויסרייד, באקומען א באפעל קאָנטראָ־לירן די מוידן, מיט וועלכע מיר וועלן האָבן צו טאָן. נעמלעך, קאָנטראָ־לירן זייערע לינקע אונטערשענקלען נידעריקער פון קני. אף דער איג־וויינ־קסטער זײַט דאָרף דאָרט זײַן אײַנגעטאטויִרט דער אנטשפּרעכנדיקער צייכן און נומער. נאָר ווי זאָל איך קאָנטראָלירן? די פראו מאמא האָט מיר פארבאָטן האָבן צו טאָן מיט פרויען, ביז איך וועל הייראטן דאָס אומשולדיקע מיידל, וואָס זי וועט מיר צוקלײַבן פון אן אדעליקן הויז.

און אויסער דעם, קומט אונדז שווער אָן די קאָלאָניזירונג פון די דער־ראָבערטע געביטן. דאָס הייסט, אונדז פערזענלעך גייט עס, א דאנק גאָט און דעם פיורער, אויסגעצייכנט. מיר זײַנען אײַנגעקווארטירט אין ערשטקלאסיקע וווינונגען, לעבן צו צוויי אין א צימער. דאָס געזעץ וועגן „איינטאָפּעסן"[1] גילט ניט פאר אונדז, און מיר באקומען טעגלעך זופּ און פלייש, מארמעלאד און קעז, זייער געשמאקע. נאָר באזעצן פאָרשטייער פון דײַטשישן בלוט אין די היגע געביטן גיט זיך זאָוויזאָ ניט אײַן. אונד־זער שעף האָט וועגן דעם פארבאָטן צו פלאפלען און באפוילן בעסער ווארפן אן אויג אף אלץ, וואָס טוט זיך ארום אונדז, עס זאָל ענדלעך אײַנגעשטעלט ווערן רו און אָרדענונג.

---

[1] עסן איין געריכט צו מיטיק.

און וואָס געהער די סערוויזן, איז שולדיק העלמוט, מײַן צימער־קאַמע־ראַד. דאָס איז ער דער עקלעקטיקער, וואָס האָט מיר זיי אונטערגערוקט. ער אַרבעט אין דעם באַקליידונגס־אָפּטייל און פאַרשטייט גאָרניט אין דער געשיר־בראַנזשע. דערצו ליגן אים אין קאָפּ די ווערק, וועלכע ער פאַר־פאַסט. ער וויל ווערן א שריפטשטעלער, איז נאָר ער טראַכט, נאָר ער שרײַבט, נאָר ער שאַפט. און איך בין דאָך קורצזיכטיק, האָב איך, נעמ־לעך, ניט באַמערקט די דעפעקטן. כ׳נעם אָן די רעקלאַמאַציע. נאָר איצט ווייס איך שוין אַלץ.

און וואָס געהער די אויסצייכענונגען, דאַרף מען אויספילן א וויכטיקן פאַרן פאַטערלאַנד העלדנטאַט. אַזוי האָט געמאָלדן אונדזער שעף. איך האָב איצט די ערע אײַך צו מעלדן, הער פאַפּאַ, אַז אַזאַ טאַט וועל איך אומבאַדינגט אויספילן, אַזוי העלפט מיר גאָט!

מיטן היטלער־גרוס און הויכער אַכטונג —

אײַער זון ווילהעלם ערנסט מאַרי:א פאָן קעפּען, יוני:אַר״.

דער בריוו זאָל וואָס גיכער אָנקומען צום אַדרעסאַט, איז ווילהעלם אוועק אים אַראָפּלאָזן אַף דער צענטראַלער פּאָטשט. ווען ער האָט זיך אומגעקערט, איז אין צימער שוין געווען העלמוט. א קליינער, נאָך קלע־נער ווי שטענדיק, איז ער געזעסן פאַרוקט אין א ווינקל לעבן זײַן בעט־שאַפקעלע און בא דער שײַן פונעם נאַכטלעמפּל עפּעס געשריבן אין א דיקן העפט.

ווילהעלם איז אים באַפאַלן, געזידלט, פאָרוואַרפנדיק, האַלעמײַ ער האָט אים אונטערגערוקט דאָס שלימאַזלדיקע געשיר.

— קאָנסט זײַן אַזוי פרײַנטלעך און מיר ניט שטערן? — האָט העל־מוט קאַלטבלוטיק געפרעגט און אפילע ניט אופגעהויבן דעם קאָפּ, ניט אָפּגעריסן זיך פונעם העפט.

באַמי:ענדיק זיך אײַנצוהאַלטן די טרערן, אָנגעקוואָלענע פון פאַרדראָס, האָט ווילהעלם נאָך שטאַרקער געשרי:ען, געפּאָכט מיט די פויסטן.

העלמוט איז אופגעשפרונגען א טויט־בלאַסער, אַרײַנגעוואָרפן דעם העפט אין שופלאָדל פון זײַן שאַפקע און, ווי א צעדולטער, אַרויסגעלאָפן פון צימער.

ווען ס׳גיט זיך אים אײַן, וואָלט ווילהעלם מיט איין זעץ נאָקאַוטירט דעם דאָזיקן גאָרנישט! זײַן גליק, וואָס ער איז אָפּגעצויגן, אַנטלאָפן, ניט פאַרלעשנדיק דאָס טיש־לעמפּל, געלאָזט אפילע שטעקן דעם שליסל אינעם שופלאָדל. געוויינלעך פאַרשליסט ער אים, באַהאַלט זאָרגעוודיק דעם שליסל אין קעשענע און קיינמאָל דערלויבט ער ניט א קוק טאָן, וואָס ער שרײַבט דאָרט.

ווילהעלם איז אַף די שפּיץ פינגער צוגעגאַנגען צו דער טיר און זי פאַריגלט. דאַן איז ער צוגעלאָפן צו העלמוטס שאַפקע, אַרויסגענומען דעם העפט. אַף דער הילע איז מיט א האַסטיקן און נאַכלעסיקן קסאַוו געווען אָנגעשריבן: „טאָגבוך״. ווילהעלם האָט א מיש געטאָן די זײַטלעך און זיך פאַרהאַלטן אַף די פאַרנאָטירונגען, אָפּגעמערקטע מיט דער הײַנטיקער דאַטע. אָהאָ, וואָס דאָ טוט זיך!

אַנגעצונדן זײַן העלן טיש־לאָמפּ, זאָרגעוודיק אויסגעווישט די ברילן־גלעזער, האָט ווילהעלם נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל איבערגעלייענט די שרעקלעכע שורעס. נײן, די אויגן פֿאַרפֿירן אים ניט... ער האָט געכאַפּט א ריין בייגעלע פּאַפּיר און, שוין ניט טראַכטנדיק וועגן קאַליגראַפֿיע, גע־נומען שרײַבן:

„געערטער הער פּאַפּא!

נאָרוואָס האָב איך אָראָפּגעלאָזט א בריוו צו אײַער הויכקייט און איך מוז שוין שרײַבן א נײַעם בריוו. איך האָב דאָרט, געמלעך, דערמאָנט מײַן צימער־קאַמעראַד העלמוט, וועלכער איז שולדיק אין די ניט־געראָטענע סערוויזן און וועלכער פֿאַרשמירט מיט זײַן שרײַבעכץ, דערצו נאָך מיט זייער א שלעכטן האַנטשריפֿט, גאַנצענע דיקע העפֿטן. איך וועל פֿון דאָרט עפּעס איבערשרײַבן, אום צו ווײַזן, וואָס ער שרײַבט. כ'וואָרן אָבער, אז קיינער זאָל, גאָט באַהיט, ניט וואגן דענקען, אז דאָס זײַנען מײַנע ווער־טער. אלץ איז העלמוטס:

„הײַנט האָב איך זיך איבערצײַגט, אז ס'איז ניטאָ קיין גאָט. ווען ער וואָלט עקזיסטירט, וואָלט ער ניט דערלאָזט, עס זאָל געשען דאָס, וואָס איך האָב הײַנט געזען מיט די אייגענע אויגן. מײַן נעשאָמע (אויב אזא איז פֿאַראַן) האָט ניט מער קיין רו און וועט מער ניט האָבן! ניט ווויסנדיק, וואָס אנדערש טאָן, בין איך אוועק צום פּאַסטאָר פֿון דער היגער עוואַנ־געלישער קירך. כ'האָב אים דערציילט, אז אין די ראַמען פֿון מײַן אַרבעט אינעם קליידער־אָפּטייל פֿונעם „קאָלאָניזירונג־שטאַב" בין איך הײַנט בײַ־געווען... אין אונדזער טערמינאָלאָגיע ווערט עס אָנגערופֿן — „אַקציע צו שאַפֿן לעבנסרוים פֿאַר דער דײַטשישער נאַציע". כ'האָב אָבער געזען אַזוינס, וואָס איך האָב מוירע צו שילדערן, ווײַל כ'וועל איינפֿאַך פֿון זינען אַראָפּגיין, אופּשטעלנדיק אפּסנײַ דאָס גרויל־בילד אין מײַנע געדאַנקען. דער פּאַסטאָר האָט מיך אויסגעהערט און געפּרוווט באַרויִקן מיט אַזוינע רייד: „אָן בלוט־פֿאַרגיסונג קאָן אויך ניט זײַן קיין מעכילע. דאָס איז א פֿינגער פֿונעם אַלמעכטיקן, גאָטס שטראָף פֿאַר אונדזערע זינד..." איך בין פֿון אים אַרויס... נײן, כ'בין געלאָפֿן, פֿילנדיק, ווי עמעצער וואָלט מיר די גאַנצע צײַט געהאַקט איבערן קאָפּ און געטריבן, געטריבן... כ'פֿאַר־שטיי ניט, פֿאַרוואָס שטראָפֿט גאָט פֿאַר אונדזערע זינד אינגאַנצן פֿרעמדע מענטשן, מעגן זיי זײַן ייִדן. איך פֿרעג: מיט וואָס האָבן זיך פֿאַרזינדיקט זויגקינדער, וועלכע מע האָט — נאַקעטע, שרײַענדיקע, לעבעדיקע און אַף באַגנעטן אַרופֿגעכאַפּטע — געשלײַדערט אין גריבער און פֿאַרוואַלגערט מיט די נאַקעטע קערפּערס פֿון זייערע צעשאָסענע עלטערן? און מיר, ווי שאַקאַלן, זײַנען אָנגעפֿאַרן לאָדן אין מאַשינעס קליידער און שוכוואַרג פֿון די אומגעבראַכטע... נײן, ניטאָ קיין גאָט!"

דאָס אלץ, ליבער הער פּאַפּא, האָב איך וואָרט אין וואָרט איבערגע־שריבן פֿון העלמוטס דיקן העפֿט, וועלכן ער רופֿט אָן „טאָגבוך", אַזוי העלפֿט מיר גאָט. איך מיין, אז אַזוינע, ווי העלמוט, זײַנען שולדיק אין אלע אונדזערע שוועריקײַטן. זיי האָבן קיין רעכט ניט צו געהערן צום

„קאָלאָניזירונג־שטאב". מאָרגן גאנצפרי וועל איך וועגן זײַן שרײַבעכץ מאכן די געהעריקע מעלדונג אונדזער שעף.

מיט דײַטשישן גרוס — הײַל היטלער!

אײַער זון ווילהעלם ערנסט מאריא פאָן קעפען, יוניאַר".

געענדיקט שרײַבן און איבערשרײַבן, אוועקגעלייגט העלמוטס העפט אויף זײַן אָרט, האָט ווילהעלם זיך דערפילט מיד, שטארק מיד. נאָר אָפּ־רוען איז ניט געווען קיין צײַט. ער האָט אוועקגעאײַלט מיטן בריוו צו דער צענטראלער פּאָטשט.

אומקערנדיק זיך, איז ער געגאנגען איבער דער גאס מיט א שטאָלץ־פאריסענעם קאָפּ און ניט געזען קיין גלײַכן צו זיך. דער פאָטער וועט אים מער ניט רופן „אייזל" אָדער „בלינדע באשעפעניש"! און דער שעף... ווילהעלם האָט א הירזשע געטאָן פון הנאה. זײַנע אויגן זײַנען אָנגע־קוואָלן מיט טרערן. דאָס מאָל אָבער — פון פרייד.

הייבנדיק זיך איבער די טרעפּ אין זייער הויז, האָט ער דערזען, אז פאר אים גייט די יונגע פרוי צי פרײַלן, וועלכע ער טרעפט דאָ שוין צום וויפלטן מאָל. מאָדנע באשעפענישן די אַרטיקע אײַנוווינער, ווייסן ניט, אז בייס קולטורעלע מענטשן באגעגענען זיך אויף טרעפּ, בא־גריסן זיי זיך, מעגן זיי אפילו זײַן ניט באקאנט. פאר דײַטשן איז דאָס באגריסן זיך א זעלבסטפארשטענדלעכע זאך. אָבער ניט פאר דער דאָזי־קער פרוי צי פרײַלן... איצט האָט זײַן בליק געגליטשט זיך פון איר רוקן און טאליע אראָפּ צו די פיס. ער האָט באמערקט... ניט געקוקט אויף זײַן קורצזיכטיקײַט, האָט ער געזען: דורכן זײַדענעם זאָק לײַכט זיך דורך א באנדאזש. א באנדאזש אויף דעם לינקן פוס א ביסל נידעריקער פון קני, דאָרט, ווו ס'ווערן באצייכנט יענע מוידן! געוויס איז די דאָזיקע אנטלאָפן פון יענעם אנשטאלט, אויסגעברענט די טאטויִרונג, ארומגעבונדן די וווּנד...

מוירעדיק שטארק האָט געפּויקט ווילהעלמס הארץ. ס'האָט זיך אים אויסגעדאכט, אז די, וואָס גייט פאר אים, הערט די פּויקערײַ און דערי־בער האָט זי פארשנעלערט די טריט. אָט איז שוין דער ארײַנגאנג אין זײַן קווארטיר. איז ער געבליבן שטיין. קלוימערשט א פּאָרע געטאָן זיך מיטן שליסל, און האסטיק אראָפּגעצויגן די שטיוול. די סקריפּענדיקע זוילן וועלן אים איצט ניט קאָנען ארויסגעבן. אין די שקארפּעטן איז ער ארופּ־געלאָפן ביזן לעצטן שטאָק. די פרוי אָדער פרײַלן מיטן באנדאזש אונטער דער קני איז פארשוווּנדן. ווו איז זי ארײַן? אפן לעצטן טרעפּן־אָפּזאץ זײַנען געווען דרײַ טירן. גאָט צו דאנקען: ס'האָט א קלימפּער געטאָן דער פארוקער אויף איינער פון זיי. ווילהעלם האָט אײַנגעקריצט זיך אין זיקאָרן: וווינונג נומער 12.

ארײַנגעפאלן אין זײַן צימער, נאָך אלץ אין די שקארפּעטן, האָט וויל־העלם זיך באלד געזעצט שרײַבן דעם פאָטער א נײַעם בריוו.

„הער פּאַפּאַ!

אנטשולדיקט מיר טויזנטער מאָל, וואָס איך האָב ווידער גענומען שרײַבן אײַך א בריוו, וועלכן איך וועל זאָפאָרט אָפּשיקן. איך בעט אלע

מײַנע בריוו לײענען לויט דער רײ, נעמלעך, לויטן פארלויף פון די גע־
שעענישן. דאָס וועט זײַן בריוו נומער 3.

איך האָב די ערע מיטצוטײלן, אז הײַנט האָב איך גליק. איך דערוויס
זיך איין וויכטיקע נײַס נאָך דער אנדערער. מאָרגן פרי וועל איך וועגן
אלץ מעלדן, און איך גלייב, אז מע וועט קאָנען איבערגעבן דעם הער
אָרטסגרופענפיורער, אז איך דין לויטן בעסטן וויסן און געוויסן אונד־
זער טויזנטיאָריקן דריטן רײַך און זײַן פיורער. פאר דעם וועל איך, אָן
צווייפל, באלוינט ווערן. איך וועל אויספילן א זייער וויכטיקן פאטריאָ־
טישן טאט. דאָס איז דערווײַל א געהיימניס. אָבער גאָר אינגיכן וועט עס
ווערן אויס געהיימניס. און געגנוג מיך רופן „אייזל"!

איך קוש דעם הער פאפא, די פראו מאמא.

מיט דײַטשישן גרוס און הויכער אכטונג —

אײַער זון ווילהעלם ערנסט מאריא פאָן קעפען, יוניאָר".

און ווידער איז ער געלאָפן מיטן בריוו אף דער צענטראלער פאָטשט.
צוריקגעקערט זיך אהיים, האָט ער שוין געטראָפן אין צימער העלמוטן.
אין דעם אָנטאָן, אין די שטיוול איז ער געלעגן אף זײַן ניט אויסגעבעטן
געלעגער, צונויפגעדרייט אין א קנויל, און שווער געשנאָרכעט, אוואדע
זיך אָנגעשיקערט. גוט. זייער גוט, וואָס ער פּאָפט.

אויסגעשעפּט פון די אלע איבערלעבענישן און מיד פון שרײַבן די
בריוו, אָבער צופרידן, זייער צופרידן פון הײַנטיקן טאָג, האָט ווילהעלם
זיך גענומען אויסטאָן. ער איז געגאנגען שלאָפן א גליקלעכער. קענטיק,
אז ס'איז טאקע אזוי: אויב קיין שווארצע קאץ לויפט דיר דעם וועג ניט
איבער און מיט ליידיקע עמערס באגעגנט דיך קיינער ניט, אויב ס'איז
ניט פרײַטיק און ניט דער דרײַצנטער טאָג אין כוידעש, איז דער טאָג
אומבאדינגט א מאזלדיקער.

אף מאָרגן איז ער זייער פרי אוועק צום אונטערשטורמפיורער. ניט
קיין לויבווערטער, נאָר פאָרוואורפן און זידלערײַען האָבן זיך א שאָט געטאָן
אף ווילהעלמען. פארוואָס איז ער, אזא אידיאָט, אזא קרעטין, אזא טויגע־
ניכץ, זאָפאָרט ניט געקומען מעלדן אזוינע וויכטיקע יעדיעס?! דער שעף
האָט זיך אפילע ניט געשטערט אים אָנצורופן אייזל... טרערן האָבן א
שפּאר געטאָן ווילהעלמען פון די אויגן. אים איז באפוילן געוואָרן אָפּ־
טראָגן זיך, און ער איז געווען זיכער, אז זײַן פארשאָלטענע טעווע צו
וויינען האָט אלץ קאליע געמאכט.

אויסגעלאָזט האָט זיך אָבער... סאָף טאָג האָט ווילהעלמען ארײַנגערופן
צו זיך דער אונטערשטורמפיורער און שוין גאָר אנדערש מיט אים גע־
רעדט. העפלעך האָט ער אים אָנגעזאָגט, אז אויך אף ווײַטער זאָל ער האָבן
א שארפן בליק, ווײַל אזוינע אויגן, ווי זײַנע, דארף זייער בייטיק דער
„קאָלאָניזירונג־שטאב". לאנג האָט אים דער שעף פארהאלטן און אלץ
אופגעקלערט...

נאָך דער ארבעט איז ווילהעלם אפילע ניט געגאנגען עסן. ער האָט
זיך פארשפּארט אין צימער, ארײַנגעלאָזט דורכן פענצטער די מעכײַע־
דיקע פרילינג־לופט און געשריבן דעם פאָטער א נײַעם בריוו:

„פאפא!
איך קאָן דיר צו וויסן געבן, אז דײַן זון איז, נעמלעך, גאָר קיין אייזל ניט, ווי דו האָסט אים אָנגערופן. און אויך ניט קיין בלינדע באַשעפעניש! לויט די ווערטער פון מײַן שעף, זײַנען אזוינע אויגן, ווי מײַנע, זייער נייטיק דעם דריטן רײַך. מע האָט געמאכט אן אונטערזוכונג אין העלמוטס שאפקע. אויסער דעם אָרט, וועלכן איך האָב דיר וואָרט אין וואָרט איבער־געשריבן, האָט מען אין זײַנע שריפטן געפונען נאָך פיל אנדערע הויך־פאַרעטערישע ערטער. העלמוט געפינט זיך שוין אין ארעסט.
בא דער פרוי פון דער וווינונג נומער 12 האָט מען ניט געפונען קיין ווונד אף דעם אָרט, ווו עס ווערן געצייכנט יענע מוידן. דערפאר האָט מען בא איר יאָ געפונען א ניט רעגיסטרירט פיריאַריק מיידעלע, וואָס רעדט יִדיש. די פרוי און דאָס מיידעלע האָט צוגענומען געסטאפאָ. און אונדזער שעף האָט געזאָגט, אז מע וועט, נעמלעך, קאָנען ריידן וועגן באַ־לוינען מיך מיט אן „אק־II״.
הײַל דעם פיורער! הײַל היטלער!
דײַן זון ווילהעלם ערנסט מאריא פאָן קעפען, יוניאָר״.
דעם הײַנטיקן לייענער בלײַבט נאָר צו דערקלערן, אז „אק־II״ איז אן אויסצייכענונג פאר קריגס־פארדינסטן — אײַזערנער קרייץ פון צווייטן קלאס.

# רעגינע, איר מוטער און דער פרעמדער

1




דריי טוענדיק דאָס הענטל פונעם ראַדיאָ־אופּ־נעמער, האָב איך מיטן סקאַלע־ווײַזער זיך פאַר־טשעפּעט אין א שטארקער דײַטשישער סטאַנ־ציע און אופגעכאַפּט אזא טיראַדע:

„אונדזער וויכטיקסטע אַלפּאָלקישע אופגאַבע איז — ענדלעך לייזן די מיזרעך־פּראָבלעם. און לייזן וועלן מיר זי, אריבערהייבנדיק ווײַט אף מיזרעך די גרענעצן פון אייראָפּע. דאָרט וואַרט אף אונדז ערד, גרייטער באָדן. דאָרט מוזן מיר ענדלעך שלאָגן וואָרצלען. שוין צײַט מיר זאָלן אויסהאָדעווען א גענעראַציע מיט שטרעבונגען צו עקספּאַנסיע און הער־שאַפט. גענוג בלויז טרוימען וועגן רוים! מיר דאַרפן אים א נעם טאָן קאָנ־קרעט און אף אַלע צײַטן!”

כ׳בין געווען זיכער, אז דאָס ברענגט מען פאַר די דײַטשישע ראַדיאָ־צוהערער א בײַשפּיל פונעם פּאָליטישן שיגאָען, וועלכן ס׳האָבן בעשײַטע געפריידיקט די היטלעריסטישע קאַרפּנקעפּ, אָדער ס׳ווערן ציטירט פלוי־דערײַען פונעם מעטורעף — דעם פיורער ביכווידע־וועאַצמוי.

די דומפּלעכע, אייַנטאָניק־קאַלטע שטים פונעם רעדנער האָט צום סאָף געקלונגען א ביסל וואַרעמער, פּאַטעטישער און איז, ווי עמעצער וואָלט זי גענומען ווערגן, אפּאַמאָל פאַרשטומט געוואָרן. דער דיקטאָר האָט דאַן הילכיק און זייער פּיפּיק געמאָלדן: „איר האָט געהערט די אַרויסזאָגונג פונעם פּראָפעסאָר דאָקטאָר קאַרל גראָגער וועגן דער געאָפּאָליטיק אין אונדזערע הײַנטיקע פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און געאָגראַפישע באַדינ־גונגען”.

פונעם ראַדיאָ־קעסטל האָט זיך אַרויסגעריסן א צעהאַקטע פון סינקאָ־פּעס סאַקסאָפאָן־וואָיעניש. ס׳האָבן זיך צעשרײַען טרומייטן, צעיאַכמערט סטרונע־אינסטרומענטן.

באגלייט פון „מאָדערנע" ריטמען און קלאַנגען, האָב איך אין די מאַכ־שאָוועס איבערגעכאַזערט: „גראַגער, גראָגער, גראַגער..." און זיך דער־מאָנט.

כ'האָב גענומען נישטערן אין מײַן פעקל ניט פאַרענדיקטע קסאָווים און זיך באַלד אָנגעשטויסן אַף א גרויסער פאַפקע מיט אַן אָפּגעבליאַקע־וועטער אויפשריפט „רעגינע, איר מוטער און דער פרעמדער". אין דער פאַפקע האָבן זיך אופגעהיט נאָטיצן, וועלכע איך האָב געמאַכט מיט אַן ערעך צוואַנציק יאָר צוריק. געשריבן זײַנען זיי געוועזן אַף אויסערגע־וויינלעך גוטן שרײַבפּאַפּיר. אינעם לינקן אייבערשטן ווינקל פון יעדן בלאַט איז געווען אָפּגעדרוקט מיט א פעטן סטיליזירטן גאָטישן שריפט: .Dr. Karl Groger, Geopolitiker

נײַגעריק האָב איך דורכגעקוקט די אמאָל פאַרשריבענע בלעטער, מיט א פרישן אינטערעס געלייענט די נאָטיצן. די געדאַנקען האָבן מיך איבער־געטראָגן אין יענע טעג, ווען אונדזער באַפרײַטע שטאָט האָט גענומען קומען צו־זיך נאָך דער גרוילפולער נאַכט פון דער היטלעריסטישער אָקו־פּאַציע. כ'האָב ווידער געהאַט א דאַך איבערן קאָפּ, א שרײַבטיש... אין יענע טעג האָב איך מיך אויסגערעדט פאַר א גוטנפרײַנט, אַז ס'בענקט זיך נאָך גלאַטן, גוטן שרײַבפּאַפּיר, איבער וועלכן די פעדער זאָל זיך גליטשן, און די האַנט זאָל ניט מיד ווערן, שרײַבנדיק.

— ס'וועט זײַן פּאַפּיר! — האָט אויסגערופן מײַן באַקאַנטער.

און טאַקע גלײַך אַף מאָרגן איז ער געקומען מיט א פעקל אונטערן אָרעם. איבערגעגעבן האָט ער עס מיר מיט פאַלגנדיקע ווערטער:

— דאָ האָט איר אויסגעצייכנט פּאַפּיר. כ'מיין, אַז די אָפּגעדרוקטע שורע אין די ווינקלען פון די בלעטער וועט ניט שטערן שרײַבן און ניט שאַטן די אומשטערבלעכע ווערק, וואָס וועלן אנטשטיין אַף זיי... אגעוו, ווי איך ווייס, שרײַבן דאָך אײַערע ברידער ליטעראַטן אַף איין זײַט פונעם בלאַט. קאָן מען, אויב אַזוי, שרײַבן אַף דער ריינער זײַט.

דער באַקאַנטער האָט אגעוו־אורכע צוגעגעבן, אַז דאָס פּאַפּיר האָט ער געפונען אין צימער, אין וועלכן ער האָט זיך אַרײַנגעקליבן גלײַך נאָכן באַפרײַען די שטאָט. בײַס דער אָקופּאַציע האָט דאָרט געלעבט עפּעס א היטלעראָוועץ, וואָס האָט זיך אָפּגעטראָגן, איבערלאָזנדיק באַ זיך אין צימער, ווי אין דער גאַנצער דירע, דאָס פריערדיקע מעבל און די גאַנצע באַלעבאַטישקײַט, אַף די ווענט — די בילדער, אפילע אייניקע פאָטאָגראַ־פיעס. אין א שופלאָד פונעם אויסגעליידיקטן שרײַבטיש זײַנען געלעגן אָט די ריינע בלעטער, אפּאָנעם די פערזענלעכע בלאַנקען פונעם אנט־לאָפענעם דײַטש.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מיר דער זעלבער מענטש געבראַכט א העפטל, א פאַרשריבנס מיט א קינדערשער האַנטשריפט. דאָס העפטל האָט ער געפונען פאַרוקט הינטער א שאַפקע אינעם צימערל, וואָס באַ דער קיך. לעבן אָט דער שאַפקע איז, ווער ווייסט פאַרוואָס, געשטאַנען א שיין קינדערש בעטל. דער ערטערוויַיז אײַליקער און אומפינקטלעכער קסאַוו און איבערהויפּט דער אינהאַלט פון די פאַרצייכענונגען, וואָס זײַנען גע־

ווען געשריבן צוערשט אין ליטוויש, שפעטער — אין דײַטש, האָט געצוווּנ־
גען מעשאער צו זײַן, אז זיי זײַנען געמאכט געוואָרן בעסאַד, היטנדיק
זיך פון א פרעמד אויג.

דורכגעלייענט דאָס העפטל, האָב איך שוין ניט געקאָנט אײַנרוען. מיט
דער הילף פונעם באקאנטן האָב איך גענומען דערגיין בא זײַנע שכיינים,
בא די אײַנוווינער פונעם הויז, ווער האָט געקאָנט זײַן דער אווטאָר פון
די פארצייכענונגען, און באלד פעסטגעשטעלט, אז דאָס איז געווען א
צוועלפיאָריק מיידעלע מיטן נאָמען רעגינע. דעריבער האָב איך אָף דער
הילע פונעם העפטל אָנגעשריבן מיט בלײַ — „רעגינעס טאָגבוך״, כאָטש
דאָס איז ניט געווען קיין טאָגבוך אין אָנגענומענעם זין, נאָר בלויז צופע־
ליק געמאכטע נאָטיצן וועגן געשעענישן אינעם פערזענלעכן לעבן, לירי־
שע פארצייכענונגען, וועלכע אנטפּלעקן ווייטעקדיקע, מאמעש טראגישע
איבערלעבענישן פון א זייער פילעוודיק און מיט א שארף אויג באשאָנ־
קען מיידל.

די ערשטע נאָטיץ פון „רעגינעס טאָגבוך״, דאטירט דעם 21 יון 1941,
ס׳הייסט א טאָג ערעוו דעם אויסבראָך פונעם מילכאָמע־שטורעם אָף
אונדזער ערד, שטעלט פעסט: „די לערערן האָט אונדז פארגעבן אײַנפירן
א העפט אָף צו שרײַבן אײַנדרוקן פון די זומער־קאניקולן״. אָף מאָרגן
האָט זיך עס אָנגעהויבן...

פון דעם, וואָס רעגינע האָט באַרירט אין אירע פארצייכענונגען, איז
שווער געווען אופשטעלן א פול בילד פון די געשעענישן ארום איר. נאָר
דאפקע די פראגמענטארישקײַט און פארנעפּלטקײַט אין איר דערציילונג
האָט מיך אָנגערעגט אויסצוקלאָרן ביזן סאָף דאָס, וואָס זי האָט געהאט
נאָר אָנגעדײַט. כ׳האָב זיך פארינטערעסירט מיטן גורל פונעם מיידל. די
פריערדיקע שכיינים און אײַנוווינער פונעם הויז האָבן גערן דערציילט
אלץ, וואָס זיי האָבן געוווּסט וועגן רעגינען, אירע עלטערן און דעם
אייגנטימער פון יענע בלאנקען, וואָס זײַנען דורך א צופאל ארײַנגעפאלן
צו מיר אין די הענט.

שווער צו זאָגן, פארוואָס איך האָב גלײַך ניט באארבעט דעם צונויפ־
געקליבענעם מאטעריאל, ניט דערפירט מײַנע פארצייכענונגען צו א גע־
וויסער שליימעס און זיי ניט פארעפנטלעכט. מעגלעך, כ׳האָב געפילט, אז
אין דער געשיכטע זײַנען נאָך פאראן א סאך „ווײַסע פלעקן״. און עפשער
איז גלײַכער, וואָס אזוי איז ארויסגעקומען. איצט, ארײַנדרינגענדיק אפסנײַ
אין דער זאך, האָבן זיך געלאָזט אופקלערן נײַע מאָמענטן, זײַנען אופ־
געשווומען נײַע פאקטן. אנטדעקטע אין די ארכיוון דאָקומענטן האָבן
באזײַטיקט ספייקעס און געוואָרפן א נײַע שײַן אָף אייניקע אומקלאָרע
סיטואציעס און פארנעפּלטע ערטער פון דער דאָזיקער געשיכטע.

כ׳האָב זיך גענומען צו דער פעדער. ארבעטן איז ארויסגעקומען, ווי
איינעם, וואָס שטעלט אוף פון קליינע שטיינדלעך א מאָזאיק־בילד. אָפט־
מאָל — ווי א פאלעאָנטאָלאָג, וואָס רעקאָנסטרויִרט אן אומבאקאנטן פאר־
היסטאָרישן באַלכײַ לויט איין געפונענעם ביין זײַנעם. אָף אן ענלעכן
אויפן האָב איך געפרוווט רעקאָנסטרויִרן דעם גאנג פון די געשעענישן,

צוגויפהעפטן אין איין געוועב די איינצלנע עפיזאָדן. אַז די דאָזיקע גע־
שיכטע זאָל ניט פארלירן איר אקטועלקייט, האָט געזאָרגט טאקע יענער
קארל גראָגער...

## 2

לעכאטכילע זײַנען עס געווען די גרינע און גרוי־גרינע, ברוינע און
געלבלעך־ברוינע, בלוילעך־פיאָלעטעווע און דעריקער שווארצע ווי די נאכט
אוניפאָרמירטע היטלעראָווצעס, וואָס האָבן פארפלייצט די שטאָט. אױף
דער רעכטער זײַט פון זייער ברוסט — ווײַסע שפּארבער, אויף די לינקע
ארבלען — שווארצע האקנקרייץ־שפּינען, אויף די פּאריסענע אױף ארוף
שטײַפע שווארצע היטלען — זילבערנע קאָקארדעס: א שארבן צווישן
געקרייצטע מענטשלעכע ביינער. ווי רויבדאָרשטיקע שפּארבער און בלוט־
גיריקע שפּינען האָבן זיי זיך ארופגעוואָרפן אויף אלץ.

און ניט בלויז אוניפאָרמירטע. אין איינעם א הייסן נאָכמיטיק...

כ׳וועל אָבער בעסער ברענגען דאָ די נאָטיץ, וועלכע איך האָב גע־
מאכט נאָך דעמלט, אָנהייבנדיק זאמלען דעם מאטעריאל:

„ס׳איז געווען א הייסער, זוניקער נאָכמיטיק. אין דער וווינונג מיט א
מאהאגאָני־טיר האָט אָנגעקלונגען א ניט הויכער, דארער בלאָנדין, גע־
קליידט אין א זאָרגעוודיק אויסגעפּרעסטן, בלוילעך־גרויען אָנצוג. אין די
הענט האָט ער געהאלטן א פול אָנגעשטאָפּטן פּאָרטפעל פון געלן סאפיאן־
לעדער, א פלאכע פּאָרטאטיווע שרײַב־מאשינקע אין א ברוינעם פוטליאר
און א שלאנג־קאָליריקן רעגנמאנטל.

עפענענדיק די טיר, איז די באלעבאָסטע פון דער דירה עלזע לייקאָן
א רעגע געבליבן אָן לאָשן, דאן אויסגעשריִען „אָך!” און גענומען ציִען
זיך אויף צוריק. דער מאנצבל האָט דרייסט אריבערגעשפּרײַזט די שוועל
און פארקלאַפּט די טיר הינטער זיך.

דאָס איז אויך געווען א דײַטש. א ציווילער. אפן לאָץ האָט בא אים
געגלאנצט דער אָפּצייכן פון דער היטלער־פּארטיי — א שווארצער האקנ־
קרייץ אויף א ווײַסן עמאל־דיסק אין א בלוט־רויטן קרײַז”.

און אָט וואָס מיר געפינען אין „רעגינעס טאָגבוך” וועגן דעם אומדער־
ווארטן גאסט:

„הײַנט האָט זיך בא אונדז אײַנגעקווארטירט דער הער קארל גראָגער.
מאמא האָט מיר דערקלערט, אַז זיי זײַנען ביידע פון בערלין, האָבן אמאָל
געלערנט אין איין קלאס און אויך שפּעטער געכאווערט זיך. איצט איז
ער באשטימט אויף ארבעט אין אונדזער שטאָט. מאמא איז עפּעס זייער
צעטראָגן. איך פארשטיי ניט, פארוואָס אונדזער גאסט האָט פארנומען
פּאפּאס קאבינעט. ווו וועט זיך אהינטאָן פּאפּא, ווען ער וועט זיך אומ־
קערן פון שפּיטאָל? אין שלאָפצימער איז קיין אָרט ניטאָ פאר זײַן צייכנטיש
און שרײַבטיש, סײַדן מע וועט מוזן ארויסטראָגן מײַן בעטל. ווו וועל
איך זיך דאן אהינטאָן? אונדזער עסצימער איז א דורכגאנג־צימער. צי
וועל איך מוזן שלאָפן אויף דער קושעטע אינעם עסצימער? מאמא זאָגט,

אז איצט איז קריג, און מע דאַרף אונטערלײַדן. מיר װעלן אונטערלײַדן און זען, װאָס װעט זײַן. די הױפּט־זאַך, פּאַפּאַ זאָל װאָס גיכער געזונט װערן".

הײסט עס, אַז אין לײקאַנס דירע האָט זיך אײַנגעפֿונען אַ נײַער אײַנװױנער.

אױפֿן סמך פֿון די אױפֿגעזאַמלטע ידיעות און דער לאָגיק פֿון דער גאַנצער געשיכטע קאָן מען קאַרל גראַגערס און עלזעס באַגעגעניש אַזױ זיך פֿאָרשטעלן:

— קאַרל... קאַרל... — האָט געפּרעפּלט עלזע, װען די אַרײַנגאַנג־טיר האָט זיך צוגעמאַכט.

— יאָ, איך! — האָט צופֿרידן אױסגערופֿן דער געקומענער, שטאָלץ אַ הײב טוענדיק דעם קאָפּ. זײַנע קלײנע, באַװעגלעכע אײגלעך האָבן אינעם האַלבטונקל פֿונעם קאָרידאָר זיגעריש אַ פֿינקל געטאָן.

עלזע האָט אױפֿגעציטערט: דער זעלבער קאַרל, די זעלבע טרוקענע שטים, דער זעלבער ענערגישער, האַזעדיקלעכער טאָן.

— װי קומסטו?.. — האָט זיך אַרױסגעכאַפּט בײַ עלזען.

— כ'דאַרף מײַן פֿליכט, גנעדיקע. ענדלעך װעלן מיר אױך דאָ אײַנ־פֿירן אָרדענונג, די נײַע אָרדענונג. מינימום אױף טױזנט יאָר, — האָט גע־רעדט קאַרל, ניט אײַנשטײענדיק אױפֿן אָרט. ער האָט געעפֿנט די טיר פֿונעם עסצימער און אַרײַן אַהין. — דיך האָב איך אױפֿגעזוכט אָן מי. כ'האָב דאָך געװוּסט, װוּ דו געפֿינסט זיך. געװוּסט דײַן נײַעם פֿאַמיליע־נאָמען... די קאַרטאָטעק פֿון דער אַדרעסן־ביוראָ איז געבליבן גאַנץ... כ'האָב דיך געפֿונען און געבראַכט די אױסגעהיטע געפֿילן... די גאַנצע צײַט זײ אױסגעהיט!

— גאָט! דו װײסט דאָך...

— אַז דו האָסט אַ מאַן?

— ער איז אַ ייִד...

— דײַן בלוט האָט ער ניט פֿאַרומרײניקט... ביאָלאָגיש...

— איך האָב מיט אים אַ קינד.

— דאָס קינד... דאָס איז אַ קאַפּיטל פֿאַר זיך.

— איך אַנטזאָג זיך אױך ניט פֿון מײַנע געפֿילן צום מאַן... ער איז נאָך אַן אָפּעראַציע, ליגט אין שפּיטאָל.

קאַרל האָט אַ פֿינטל געטאָן מיט די אױגן, װי אַן אומגעריכטער ליכט־אױפֿבליץ װאָלט זײ פֿאַרבלענדט, און קאַלט געפּאַסקנט:

— זײַן אָרט איז הינטערן שטעכדראָט.

— רײד ניט, קאַרל, אַזױ גרױזאַם.

— איך קאָנסטאַטיר בלױז. ס'איז דעם פֿיורערס װילן. מעגלעך, אַז אױך גאָטס, דעם אַלמעכטיקן.

— אָ, גאָט!

— כ'זוך, װוּ זיך אײַנצוקװאַרטירן. איך װעל אַרבעטן בײַ אײַך אין שטאָט. באַשערט, איך זאָל לעבן בײַ דיר.

— װי??

— באַ דיר. מיט דיר. גאָט אַליין באַפעלט עס. זײַן פינגער... דו װעסט מיר צוניץ קומען. אין אַלע הינזיכטן.

— קאַרל!

— װי אַ פּרוי — אַן אומפאַרהייראַטן מאַנצבל און װי אַ רײַנבלוטיקע דײַטשקע, װאָס האָט באַװיזן דערקענען דעם דאָזיקן קאַנט, די אָרטיקע אײַנװױנער, זייערע לעבנס־באַדינגונגען... איצט װעל איך זײַן אַ קװאַר־טיראַנט...

זאַמלענדיק בעשײַטע דעם מאַטעריאַל, האָב איך מיר געהאַט פאַר־צייכנט:

„עלזעס מאַן — יאַקאָװ לייקאָן, קומענדיק קיין בערלין שטודירן אַרכי־טעקטור, האָט געהאַט געדונגען באַ אירע עלטערן אַ צימער. געשען איז דאָס, װאָס האָט געדאַרפט געשען. דער לעבנספרײדיקער שײנער ברונעט, לויט אַלעמענס מיינונג, אַ פּאַרשוין, און דאָס לעבנסלוסטיקע בלאָנדהאָ־ריקע מײדל, אויך, לעכאָלהאַדײעס, אַ יעפּאַס־טויאַר, — האָבן זיך פאַרליבט, כאַסענע געהאַט. זייער ליבע האָט פאַרפעסטיקט דאָס געבוירענע טעכ־טערל, װעלכע די יונגע עלטערן האָבן אַ נאָמען געגעבן רעגינע — די דאָזיקע קליינע באַסמאַלקע זאָל באַקרוינען זײער ליבע און שאָלעם־באַיִס. נאָך דעם, װי היטלער האָט פאַרכאַפּט די מאַכט, איז דאָס יונגע, לעגאַבע די „געזעצן פון דער ראַסן־היגיִענע פאַרזינדיקט" פּאָרל אויסגעשטעלט געװאָרן אויף סאַקאָנעס־נעפּאָשעס. ניט האָבנדיק פאַרענדיקט שטודירן, האָט יאַקאָװ זיך אומגעקערט אהיים. עלזע מיטן טעכטערל איז אײנגיכן געקור־מען צום מאַן".

די דאָזיקע אַלטע נאָטיץ איז נײטיק אויסצוברײטערן. לאָמיר פּרוּװן אַ ביסל טיפער אַרײַנבליקן אין די הינטערקוליסן פון די געשעענישן.

מע דאַרף אָנעמען, אַז קאַרל האָט קײנמאָל ניט געמאַכט קײן סאָד פון זײַן לײַדנשאַפט און זיך דערקלערט עלזען אין ליבע, געװאָרנט, אַז ער קאָן אָן איר ניט לעבן. גענומען אַזש דראָען... ס'איז בעעמעס אומדער־הערט: ער, אַן עכטער דײַטש, אַ בלאָנדער, העל־אויגיקער גערמאַנער, האָט געמוזט אָפּטרעטן דעם װעג עפּעס אַן אָנגעטראָגענעם אהער „אָסט־יודע", עפּעס אַ פרעמדשטאַמיקן מיזרעך־ייִד. „ליבע — דאָס איז סאַם", — האָט אַמאָל פעסטגעשטעלט אַ לײַדנדיקער פון אַן אומגליקלעכער ליבע. פאַר קאַרלען איז די ליבע בעעמעס געװען סאַם. די „ראַסן־לערע" האָט געהאָלפן „אידעאָלאָגיש" באַגרינדן דעם פּערזענלעכן האַס. „אויב דיך האָט אײַנגעביסן אַ פליי, צי דען װעסטו ניט פאַרטיליקן אַלע פלײ?" יאַקאָװ איז אַ פליי! אַלע די דאָזיקע „אָסט־יודען" דאַרף מען צעקװעטשן, אויסהאַרגענען!

אין די עסאַ־ אָדער עסעס־פאָרמאַציעס האָט מען קאַרלען ניט אָנגע־נומען צוליב זײַן ניט גענוגנדיקן װוקס, אָבער היטלערס „נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע" פּאַרטײ האָט פרײַנטלעך צוגעטוליעט אַלעמען, אַלעמען. אויך די, װאָס האָבן געליטן און געהאַסט.

צוערשט האָט קאַרל געגאַרט אָפּקריגן עלזען און שטילן דעם האַרצ־

ווייטעק, וועלכן ס'פארשאפן געטראָפּענע אייגנליבע און געקרענקטער מענער־שטאָלץ.
אָבער איצט...

## 3

דער צופאל האָט אראָפּגעשארט פון דער שפּיל־ברעט דעם דערפּאָל־גרייכן ליבע־קאָנקורענט. נאָר קארל גראָגער, פארשיקערט פון מאכט און האס, האָט זיך געקאָנט בארויקן נאָר דעמלט, ווען ער וועט וויסן, אז דער דאָזיקער קאָנקורענט זיינער איז אינגאנצן ליקווידירט, פּארטיליקט, ווי א פליי. קארל האָט געוווּסט, אז יאקאָוו לייקאָן, ווי אלע ייִדן, איז פאר־מישפּעט אונטערצוגיין, און די אויספירונג פונעם אורטייל איז נאָר א פראגע פון צייט. ער, גראָגער, האָט אָבער ניט געהאט קיין געדולד, ניט געוואָלט ווארטן. בלוט, בלויז בלוט האָט איצט געקאָנט שטילן דעם נעקאָמע־דאָרשט, מאכמעס א רייִנראסיקער אריִער, א פאָרשטייער פונעם הארן־פאָלק, דערגרייכט זיין ראסישן און גייסטיקן הויכפּונקט ערשט דאן, ווען ער דערפילט דעם רייעך פונעם סוינעס בלוט, ווען ער דערזעט דעם סוינע א צעשמעטערטן און טויטן. אָ, ווי לאנג האָט קארל גראָגער גע־ווארט אף דער דאָזיקער מינוט! דערצו האָט מען געדארפט וואָס גיכער ארויסשלעפּן א רייִנראסיקע דייטשקע פון די פארדארבערישע נעצן, אין וועלכע זי איז געווען אריינגעפאלן.

אזוינע צי ענלעכע געדאנקען האָבן געריכטעט גראָגערס ווייטערדיקע שריט.

לאָמיר פּרוּוון עס דערוויזן.

צוערשט אַן אויסצוג פון „רעגינעס טאָגבוך":

„היינט איז מאמא געקומען פון שפּיטאָל מיט א שרעקלעכער נייס: פאפא איז ארויסגעפירט געוואָרן אין אן אומבאקאנטן לאגער, און ער איז ערשט דעם זעקסטן טאָג נאָך דער אָפּעראציע. מאמא וויינט. קוקנדיק אף איר, וויין איך אויך. א גליק, וואָס דער אָנקל קארל [צום ערשטן און לעצטן מאָל רופט אָן רעגינע קארל גראָגערן „אָנקל". — אווטאָר.] זאָגט, אז ער האָט פארבינדונגען אין די נייע אנשטאלטן, וועט ער זיך דערוויסן, ווו פאפא איז אהינגעקומען, און וועט אלץ טאָן, עס זאָל אים קיין בייז ניט געשען. איך ווייס ניט, וואָס עס טוט זיך אין שטאָט. ווי נאָר ס'איז אויסגעבראָכן דער קריג, אזוי לאָזט מיך מאמא ניט ארויס פון שטוב. אוודע איז זייער שרעקלעך אין גאס, ווייל מע שיסט דאָרט און מע שיסט. עס הערן זיך שרעקלעכע געשרייען, געוויינען און גוואלדן. מאמא טרייבט מיך אפילע פון פענצטער אוועק".

מיר ווילן ניט אָן א גרונט באשולדיקן דעם דאָקטאָר קארל גראָגער אין מאָרד. אָבער אונדזער פארדאכט שטארקט א דאָקומענט — א צעטעלע, וואָס איז געפונען געוואָרן נאָך דער מילכאָמע אינעם סייף פונעם דירעקטאָר פון שפּיטאָל, ווו יאקאָוו לייקאָן איז אָפּערירט געוואָרן.

„זאָפאָרט ארויסגעבן אונדזערע מיטארבעטער דעם אַנגעוויזענעם דורך זיי קראַנקן פון דער כירורגישער אָפטיילונג, ווײַל דאָס איז א געפערלע־כער פאר דער עפנטלעכקײַט קאָמוניסט, וואָס דארף עוואקויִרט ווערן אין א ספעציִעלן לאגער".

אפן פאפירל — אן אומדײַטלעכע אונטערשריפט און א זייער דײַטלע־כער שטעמפּל פון דער זיכערהײַט־פּאָליציי — געסטאפּאָ.

עמעס, אינעם צעטל איז ניט אָנגעוויזן דעם קראנקנס נאָמען. עס ווארפט זיך אָבער אין די אויגן א כאָשעדיקע, פילזאָגנדיקע דעטאל: די דאטע אפן מאָרד־דאָקומענט פאלט צונויף מיט דער דאטע פון רעגינעס נאָטיץ וועגן איר פּאָטערס ארויספירונג אין אן „אומבאקאנטן" לאגער. אויסער דעם, איז נאָר איין־איינציקער קראנקער באזײַטיקט געוואָרן פון שפּיטאָל אף אזא אויפן... מע מוז אויך אָפּמערקן, אז לייקאָן איז ניט געווען קיין קאָמוניסט, שוין אָפּגערעדט — א „געפערלעכער"...

הייסט עס, אז מיטן קעגנער האָט קארל זיך צערעכנט מיט איין ווונק פונעם פינגער. ניטאָ דער קעגנער! די הויפּט־שטרויכלונג צו עלזעס הארץ איז, א דאנק גאָט און דעם פיורער, באזײַטיקט געוואָרן אָן שום שווע־ריקייטן.

שפּילן פאר עלזען די ראָל פון א נאָבעלן מענטשן האָבן קארלען גע־האָלפן די בלוטיקע געשעענישן פון יענע טעג. די לעבנגעבליבענע ייִדישע באפעלקערונג איז נאָך די פּאָגראָמען ארײַנגעטריבן געוואָרן אין געטאָ. באלד נאָכדעם איז דער געטאָ־שפּיטאָל מיט אלע זײַנע קראנקע און דעם מעדיצינישן פערסאָנאל אונטערגעצונדן און פארברענט געוואָרן... האָט קארל געהאט א גוטן גרונט צו טרייסטן די פארצווייפלטע עלזע:

— פריי זיך, וואָס יאקאָוו איז ניט אומגעקומען אין די פלאמען, און הער אוף צו לויפן איבער פארשיידענע אנשטאלטן. פארלאָז זיך אף מיר. איך וועל אינטערוועניִרן, ווו מע דארף. עס טאָר אָבער ניט ארויסרופן קיין פארדאכט. פארשטייסט דאָך, פרעגסט זיך נאָך אף אזא, וואָס איז אויסערן געזעץ... נאָר פאר דיר וועל איך אלץ טאָן. כ׳האָב פארבינדונגען...

וואָס בלײַבט איבער א פארצווייפלטן, אומבאהאָלפענעם מענטשן? אים איז טײַער די קלענסטע טרייסט, דער שוואכסטער האָפענונג־פּונק. ער פילט אפילע ניט, ווען דער טרייסט־קוואל איז פארסאמט. אזוי איז געשען אויך מיט עלזען.

## 4

מײַנע אן אלטע נאָטיץ:

„קארל גראָגער האָט געזאָרגט, עס זאָל עלזען און איר קינד קיין זאך ניט פעלן. זי האָט אלץ אײַנגעקויפט אין די געשעפטן מיט די אופשריפטן: „נאָר פאר דײַטשן!". יעדן אינדערפרי פלעגט מען צושטעלן איר אין שטוב ארײַן מילך, פרוכט, גרינוואָרג. די ארײַנגעפאלענע אינעם געווירבל פון מערדערײַען און בלוטיקן ווילקיר און אָן מאטעריעלע מיטלען גע־בליבענע פרוי האָט קארל גראָגער פארזיכערט אויסקומעניש און שוץ.

מע האָט זי ניט באומרויִקט צוליב דער פריִערדיקער פארבינדונג מיט א ייִדן. די היטער פון דער נײַער „אָרדענונג” האָבן ווי פארגעסן אין איר טעכטערל מיטן „געמישטן” בלוט.

נאָך דעם, ווי זי האָט ארײַנגעלייגט יאקאָוון אין שפּיטאָל, איז עלזע געשלאָפן אין איין בעט מיט איר באסיעכידע. אזוי איז לײַכטער געווען איבערטראָגן די שטענדיקע מוירע און זיך באשיצן פון קארלען...

אינגיכן זײַנען אין לייקאָנס ווינונג פאָרגעקומען אייניקע ענדערונגען. מע האָט אָפּגעזאָגט די שטוב־ארבעטערן, און איר צימערל, וואָס בא דער קיך, האָט פארנומען רעגינע”.

אף דעם איז מיסטאמע באשטאנען קארל, און עלזע איז, קענטיק, גע־ ווען געצוווּנגען זאָגן איר טאָכטער:

— קינד מײַנס, ביסט א קלוג, פארשטענדיק מיידעלע. מיר האָבן איצט א ליידיק צימערל. מיר וועלן אים שיין באשטעלן, אויספּוצן... פאר דיר אליין...

באקוקנדיק דאָס צימערל נאָך דער מילכאָמע, האָט מען זיך געקאָנט איבערצײַגן, אז עס איז בעעמעס געווען געשמאקפול מעבלירט: א העל קינדערש שרײַבטישל, א טעפּיכל און א בראקעט לעבן בעטל, פיל שפּיל־ צײַג, רײַך איליוסטרירטע ביכער. אף א וואנט איז געהאנגען אײַנגעראמט אין בראָנז רעגינעס פּאָרטרעט.

איך האָב לאנג־לאנג געקוקט אף אים. דאָס בילד אירס שטייט מיר נאָך איצט פאר די אויגן: די ברייטלעכע נאָז, די שווארצע געקרײַזלטע האָר, ווי בא א נעגערל, האָבן דאָס מיידל געמאכט ענלעך אף א ייִנגל. איך טראכט וועגן דאָזיקן קינד און ווי כ׳וואָלט הערן גראָגערס הארבע ווערטער:

— מיט אזא געזיכט איז איצט זייער געפערלעך... דערצו — מיש־בלוט...

ווערלנדיק נויסע־כיין זײַן בא עלזען, דערגיט ער באלד:

— איך בין אָבער מיט אײַך!

דערווײַל האָבן די געשעענישן געיאָגט און איבערגעיאָגט איינע די אנדערע. אין „רעגינעס טאָגבוך” האָט זיך עס אָפּגעשפּיגלט אזוי:

„כ׳פארשטיי ניט, פארוואָס מאמא האָט מיר אָנגעטאָן א זילבערן קיי־ טעלע מיט א צייכעמל און געהייסן עס טראָגן, אלע זאָלן זען. אף וויפל איך געדענק, האָט מאמא געזאָגט, אז מיט פאפא האָבן זיי זיך פארשריבן אין דײַטשלאנד אין דער ציווילער מעטריקאציע, און מיר זײַנען „קאָנ־ פעסיאָנסלאָז”, דאָס הייסט אָן א רעליגיע. איך בין קיינמאָל ניט געווען אין קיין קירכע. און איצט, זאָגט מאמא, מוז איך טראָגן א צייכעמל. אויב ניט, וועל איך מוזן אָנטאָן א געלן שטערן, כ׳וועל ניט טאָרן גיין איבערן טראָטואר און וועל מוזן גיין אין עפּעס א געטאָ הינטער שטעכדראָט. מאמא האָט מיר באפוילן זיצן אין שטוב, קומענדיק פון שול. פארבאָטן שפּילן זיך מיט די קינדער אין הויף. זי זאָגט, אז מײַן אויסזען איז פאר מיר גאָר געפערלעך. האָב איך געפרעגט, וואָס דאָס באטײַט. האָט זי מיר געענטפערט, אז איצט זײַנען אזוינע צײַטן. פארשטיי איך אלץ ניט. כ׳פארשטיי נאָר, אז ניט אלץ האָט זי מיר אויסגעזאָגט. מײַן

מאמא איז א שיינע, צארטע, בלאָנדע פרוי. מײַן פאפא איז א הויכער טונקלהאָריקער, שיינער מאַן. אלע זאָגן, אז איך בין ענלעך אפן פאפא, אז טעכטער זײַנען מײנסטנס ענלעך אף די פאָטערס, איך בין אָבער ניט קיין שיינע".

מיר קאָנען זיך פאָרשטעלן: עלזע האָט מיט אלע מיטלען געפרווּוט ראטעווען איר טאָכטער. אף א „האלב־יודין" האָבן געלויערט די נירנ־בערגער „געזעצן צום שוץ פון דײַטשישן בלוט". דעריבער האָט עלזע געגלייבט, אז א ווײנונג, ווו עס לעבט א בערלינער דײַטש, א פאראנט־וואָרטלעכער מיטארבעטער פון דער נײַער אדמיניסטראציע, איז איצט א זיכערע נעסט. מע דארף נאָר זען, רעגינע זאָל זיך קײנעם ניט ווארפן אין די אויגן.

דאָס באשטעטיקט אויך פאָלגנדיקער אויסצוג פון „רעגינעס טאָגבוך":

„ס'האָט ניט געהאָלפן דאָס צײלעמל, וואָס איך טראָג. אין קלאס האָט מען מיך הײַנט אָנגערופן „יידן־אָפשפראָץ". איך האָב דאָס דערציילט מאמא. זי האָט זיך דערשראָקן און באשלאָסן מיך מער ניט לאָזן גיין אין שול. מאמא וועט אליין מיט מיר לערנען אין שטוב, ווי לאנג ס'וועט דויערן דער קריג. איך דארף זיך אויסלערנען דײַטש נאָך בעסער, ווי איך קען. כ'האָב געזאָגט, אז איך וועל פלאפלען מיטן הער גראָגער. האָט מיר עס מאמא שטרענג פארבאָטן און באפוילן אים ניט שטערן, ווײַל ער איז באשעפטיקט מיט א זייער וויכטיקער ארבעט".

## 5

אין וואָס איז, אייגנטלעך, באשטאנען קארל גראָגערס ארבעט? מיט וואָס פאר א מיסיע איז ער געקומען אין א פרעמד לאנד?

זוכנדיק אן ענטפער אף אָט דער פראגע, האָב איך בעשײַטע זיך גע־האט פארצייכנט:

„די שכיינים האָבן ניט געקאָנט זאָגן עפּעס קאָנקרעטס וועגן גראָגערס באשעפטיקונג, אויסער דאָס, אז ער איז, אפּאָנעם, ניט געווען פארבונדן מיט קיין שטעלע און אז ער פלעגט דאָסראָוו בלײַבן אין שטוב. דאָס ליכט אין יאקאָוו לייקאָנס געוועזענעם קאבינעט פלעגט ברענען ביז טיף אין די נעכט ארײַן. דורכן פענצטער פלעגן זיך טראָגן קלאנגען פון א גראמאָפאָן, און קימאט שטענדיק די זעלבע סימפאָנישע מוזיק. מע זאָגט, אז ס'איז געווען בעטהאָווענס „הערא͏ָיקא".

דער נײַער אײַנוווינער אין לייקאָנס דירע, קארל גראָגער, שטענדיק זויבער געראזירט, ארומגעשוירן, זאָרגעוודיק אָנגעטאָן, פלעגט צומאָל ערגעץ אוועקפאָרן, און שטענדיק מיט דער שרײַב־מאשינקע אינעם ברוי־נעם פוטליאר. פון שטאָט פלעגט ער אָפט זיך אומקערן מיט פעקלעך ביכער. עפשער איז ער געווען א שרײַבער צי א געלערנטער. אינטערע־סירט האָט ער זיך מיט אלץ: ווי עס לעבט זיך די אָרטיקע מענטשן, ווי איז די לאגע פון דער לאנדווירטשאפט און דער אינדוסטריע. ער האָט ארויסגעוויזן אינטערעס פאר דער געאָגראפיע פונעם לאנד, פאר איר

פאונע און פלאָרע. ער פלעגט ניט אויסמײַדן כאַפּן א שמועס מיט די שכיינים: מיט איינעם — פרײַנטלעך באַגריסנדיק זיך אויף די טרעפּ, מיט א צווייטן — אינעם סעדל אויפן הויף, ווו מע האָט געפלאַנצט בלומען. אַלעמאָל העפלעך, צוריקגעהאַלטן, מיט נײַגעריקע, א ביסל צוגעזשמורעטע אויגן. צו זיך האָט ער אָבער קיינעם ניט אײַנגעלאַדן. קיין זײַטיקער מענטש איז איצט ניט אַרײַנגעקומען אין לייקאָנס דירע. דעריבער איז אויך די שטוב־אַרבעטערן אָפּגעזאָגט געוואָרן, און עלזע האָט געוואָרפן די שטעלע אין דער קאָנטאָר, ווו זי איז געווען אוועק אַרבעטן".

בעלי־סאָפּעק האָט עלזע ניט איין מאָל געפרעגט קאַרלען, וואָס שרײַבט ער, וואָס דרוקט ער עס אויף דער מאַשינקע, רעכנט אויפן אַריפמאָמעטער, און אַלץ — בעסאָד־סוידעס. קיין קלאָרע טשוווע האָט זי, זיכער, ניט באַקומען. קיינער זאָל ניט פאַלן אויף דעם מינדסטן שפּור פון זײַן טעטיקייט, האָט קאַרל געהאַלטן זײַן צימער אָפּגעשלאָסן אויפן נײַ־אַרײַנגעשטעלטן פּאַטענטירטן שלאָס. דאָס צימער פלעגט ער אַליין אויפראַמען און עלזען אַהער ניט אַרײַנגעלאָזט. עפּשער דערפאַר, איר צו פאַרשפּאָרן האַרץ־קלעמעניש? ס'איז דאָך יאַקאָווס געוועזענער קאַבינעט, כאָטש דאָ איז איצט געשטאַנען אינגאַנצן נײַ מעבל, געהאַנגען נײַע גאַרדינען, א נײַע עלעקטרישע ליוסטרע, אויפן שרײַבטיש — א נײַער עלעקטרישער לאָמפּ, — אַלץ געבראַכט פון דײַטשלאַנד. (אַגעוו, שטייט נאָך בײַ מײַן באַקאַנטן דאָס דאָזיקע שטרענגפּאָרמיקע, האַרבלעך־קאַלטע מעבל פון העלן האָלץ, דאָס מעבל, וועלכן דער „קאָלאָניזירונג־שטאַב" פון עסעס האָט פאַרטיילט די דײַטשן, וועלכע פלעגן קומען זיך באַזעצן אין ליטע.)

מיט וואָס האָט זיך פאָרט באַשעפטיקט קאַרל גראַגער? אויף זײַנע בלאַנקען האָט ער אָנגעגעבן — „געאָפּאָליטיקער". דערפאַר האָט ער זיך, מאַשמאָעס, ניט געשטערט צו זאָגן עלזען, אַז ער פאַרנעמט זיך מיט געאָפּאָליטיק און אוואַדע דערקלערט איר דערבײַ:

— געאָפּאָליטיק איז א נײַ וואָרט פון דער וויסנשאַפט, פון דער גערמאַנישער וויסנשאַפט וועגן לעבנסרוים פאַר פעלקער, וועגן דער אייגנשאַפט פון גרויסע מעלוכעס זיך צו אַנטוויקלען ווי א לעבעדיקער אָרגאַניזם, וואָס וואַקסט לויט ביאָלאָגישע געזעצן... דער זעלבער נאַטירלעכער אָפּקלײַב אינעם קאַמף פאַר עקזיסטענץ, ווי אין דער נאַטור. דער שטאַרקערער בלײַבט... קעמפנדיק, ווערט ער גרויס און אומשטערבלעך...

ווי געוויינלעך, האָט קאַרל גערעדט לאַנגזאַם, מיט אַן איינטאָניקער, מידלעכער שטים. האָט ער עפּשער צופיל זיך אויסגערעדט? ניין, ניין, קיין וואָרט ניט מער, ווי עס זאָגט וועגן געאָפּאָליטיק דער „דײַטשישער טאַשן־לעקסיקאָן".

געוויסנהאַפט דערפילנדיק זײַנע פליכטן, פלעגט קאַרל זיך מיִען ביז האַלבער נאַכט. באַזונדערס איז ער געווען צופרידן, ווען ער האָט צוגעגרייט זײַן ערשטע „רעקאָמענדאַציע". פאַרענדיקט אָפּקלאַפּן זי אויף דער מאַשינקע, האָט ער לאַנג אַרומגעשפּאַנט איבערן קאַבינעט אונטער די

קלאַנגען פון מוזיק. ווי ווונדערלעך בעטהאָווען רופט זיך איבער מיט זײַנע געפילן און שטימונגען! נאָך דעם דראַמאַטישן גערודל פונעם העלד, נאָכן טרויער איבער די קאָרבאַנעס, וועלכע יעדער קאַמף פאַר־לאַנגט, — א שאַרפער קער צום נײַעם לעבן. אזא מוזיק קאָן אופטרייסלען די שטאַרקסטע פעסטונג... דעם פאַרענדיקטן מאַנוסקריפּט האָט קאַרל אַרײַנגעלייגט אין א גרויסן שטײַפן קאָנווערט, פאַרזיגלט מיט טריוואַקס און פאַרשלאָסן אין זײַן סייפל. מאָרגן וועט דער בריוו מיט דער ספּע־ציעלער פּאָטשט אוועקגיין אהין, ווו ער דאַרף אוועק... און אָט איז אויך די מוזיק אנשוויגן געוואָרן. געענדיקט שפּילן, איז די גראַמאָפאָן־פּליטע אווטאָמאַטיש געבליבן שטיין. איצט האָט ער דאָס פולע רעכט אָפּצורוען, אויסשלאָפן זיך. אין קאַבינעט שטייט א סאָפע, א האַרטלעכע, אן אסקע־טישע. ס'איז דאָ קילבלעך... און דאָרט, הינטער עטלעכע ניט פאַרשלאָ־סענע טירן, אין דער ווייכער טאָפּלבעט, איז דער וואַרעמער קערפּער פון דער ליבסטער...

עלזע האָט זיך א צאַפּל געטאָן, דערפילנדיק קאַרלען בא דער זײַט:

— אָ, גאָט, פונדעסטוועגן בין איך זינדיק!

— מיר זײַנען שטויבעלעך, הילפלאָזע, צאַפּלענדיקע פלאַטערלעך אי־נעם בלענדיקן ליכט, — האָט קאַרל לעכאַטכילע אבסטראַהירט דעם געשפּרעך און באַלד געוואָרן קאָנקרעטער: — וואָס מיר האָבן געקאָנט, האָבן מיר געטאָן, דו, איך...

— אָ, גאָט, מיר זײַנען זינדיק...

— ניט צוליב אונדזער זינד איז יאַקאָוון באַשערט געווען אומצוקומען, און אונדז ביידן זיך באַהעפטן, — האָט דערווידערט קאַרל. — צי קאָן א שטערבלעכער אנטקעגנשטעלן זיך דעם שיקזאַל? פאַראַן א קראַפט, וואָס באַדינגט און פאַרגיטיקט אויף אַלץ... באַצאָל מיר פאַר יענע אָוונטן, וועלכע איך בין אָפּגעשטאַנען הינטער דײַן פענצטער, און אויך פאַר דעם, וואָס מיר איז אויסגעקומען באַהאַלטן זיך, דערזעענדיק דיך שפּאַצירן געאָרעמט מיט יענעם אָסט־יודע; פאַרגיטיק פאַרן ניט באַקומענעם קוש צו דער צײַט, פאַר מײַן אויסגעהיטער טרײַשאַפט מיט לײַב און זעל... און קיל אָפּ דעם בראַנד, וואָס האָט ניט אופגעהערט פלאַקערן אין מיר...

עלזע האָט געוויינט. אירע טרערן האָבן געלאָשן אין קאַרלען דאָס פײַער, וועגן וועלכן ער האָט גערעדט. אויסגעניכטערט זיך, אַראָפּגעני־דערט ווי פון די הימלען, האָט ער פעסטגעשטעלט: מע דאַרף צום אַלעמערשטן באַפרײַען די ליבסטע פון יענע גײַסטיקע נעצן, פון וועלכע זי האָט זיך, קענטיק, נאָך ניט אינגאַנצן אַרויסגעפּלאָנטערט. צוריקברענגען זי צום שטאַם! דאָס איז באַזונדערס וויכטיק קריגס־צײַט, ווען עס קומט פאָר דער גרויסער אָפּפלוס פון ריינעם גערמאַנישן בלוט, און דער פיורער האָט געשטעלט די ערשטראַנגיקע אופגאַבע — פאַרמערן די דײַטשישע נאַציע! ער דערלויבט עס טאָן אפילע אָן דער אָפּיציעלער בראָכע פון דער קירך...

— עלזע, ווי קומט עס, אז דו האָסט מער קיין קינדער ניט געהאַט?

## 6

מיט וואָס האָט פונדעסטוועגן זיך באַשעפטיקט קאַרל גראָגער?

די אַרומיקע האָבן געוווּסט, אַז ער האָט פאַרענדיקט עקאָנאָמישע וויסנשאַפטן, באַזיצט דעם דאָקטאָר־טיטל און איז אַ געאָפּאָליטיקער. נאָר כּוישעד זײַן אים...

און בעצמעס, ווער האָט געקאָנט אַזוינס כּוישעד זײַן?

גראָגערס „שטרענג געהיימע אַרבעטן", וואָס זײַנען לאַנגע יאָרן אָפּ־געלעגן אין שטויב און פּינצטערניש, האָבן דערזען דאָס ליכט.

אַ שטאַרקער לאָמפּ פון אַן אַפּאַראַט צו לייענען מיקראָפילמען דרינגט אַדורך דעם מאַשינשריפט־טעקסט און פּראָיעצירט אים אויף אַן עקראַנדל. אַרום־און־אַרום איז שטאָקפינצטער, און פון אָט דער פינצטערניש, ווי פון געגנעם, טויכן אַרויס אומגעהייערע פאַרטראַכטן. מיר באַקענען זיך מיט גראָגערס „רעקאָמענדאַציעס צום פּאָרשלאָג פונעם שטאַנדאַרטענ־פירער פליק וועגן אַרויסהייבן פונעם מיזרעך־רוים 31 מיליאָן אײַנוווינער פון ניט־דײַטשישן אָפּשטאַם".

די „רעקאָמענדאַציעס" זײַנען אָנגעפּיקעוועט מיט אַן אַ שיר ציפער, אויספירן און אַפילו נײַ־אויפגעשטעלטע מאַטעמאַטישע פאָרמולעס. דאָ גייט אַ רייד וועגן נאַטירלעכן צוווּקס און דער שטערבלעכקײַט פון דער אָר־טיקער באַפעלקערונג, וועגן דער פּרוכטבאַרקײַט פון דער ערד און די מעגלעכקײַטן פון דער פּיצוכט, וועגן די נאַטירלעכע רײַכטימער פונעם לאַנד און זייער עקספּלואַטאַציע.

מירן לאָזן אין אַ זײַט די „וויסנשאַפט" און וועלן ציטירן בלויז אייי־ניקע אַבזאַצן פון גראָגערס אויספירן:

„לויט מײַן מיינונג, דאַרף מען טראַכטן וועגן פאַרטאָפּלען די 31 מיליאָן אָרטיקע אײַנוווינער, באַשטימטע צו עוואַקויִרן, ווײַל דער פּראָצענט פון מענטשן מיט מערקצייכנס פון אַ העכערער ראַסע איז פיל קלענער, ווי דער הער שטורמבאַנפירער פליק שטעלט זיך פאָר".

אַ ביסל ווײַטער לייענען מיר:

„די באַשטימטע צו עוואַקויִרן אײַנוווינער דאַרף מען, לויט מײַן מיי־נונג, ניט רעגיסטרירן, ניט קאָנצענטרירן אָדער אָפּמערקן מיט געוויסע אָפּצייכנס. אונדזער אַדמיניסטראַטיווער אַפּאַראַט טאָר ניט פאַרשווענדן דערויף קאָסטבאַרע צײַט. זיי אַלעמען דאַרף מען עטאַפּנווײַז ליקווידירן. [דאָ האָט קאַרל גראָגער געמאַכט אַ פאַרזען און באַנוצט דאָס ריכטיקע וואָרט „ליקווידירן" אָנשטאָט דעם באַדינגלעכן „עוואַקויִרן" און, ניט איבערלייענענדיק דעם קסאַוויאַד, איז אָפּגעשיקט ניט קיין פאַריכטן. — אוטאָר.] מע מוז נעמען אין אַכט די עקאָנאָמיק. באַהערשנדיק און לויטן נײַעם באַגריף געדמאַניזירנדיק דעם ריזיק־גרויסן מיזרעך־רוים, וועלן מיר נייטיק האָבן אַ ריזיקע צאָל אַרבעטס־הענט".

דעריבער שלאָגט ער פאָר:

„דערווײַל עוואַקויִרן בלויז די ניט אַרבעטפייִיקע — אַלטע לײַט, אינ־וואַלידן, אַרבעט־סימוליאַנטן און קינדער ביז צוועלף יאָר. די פרויען דאַרף

מען סטעריליזירן. וועגן דער סטעריליזאַציע פון די מענער זאָל דאָס ענדגילטיקע וואָרט זאָגן די מעדיצין, צי דאָס דאָזיקע מאָסמיטל קאָן זיך ניט אויסווירקן נעגאַטיוו אָף דער ארבעט־פּראָדוקטיווקייט".

אַז קיינער, איבערהויפּט דער שטאַנדאַרטענפיורער פליק, וועמענס פּרעסטיזש די „רעקאַמענדאַציעס" האָבן געזאָלט געבן אַן ערנסטן קלאַפּ, זאָל אים, גראַגערן, ניט פאַרוואַרפן ווייכהאַרציקייט און ליבעראַליזם, האָט ער פּאַטעטיש פאַרענדיקט זײַן שרײַבעכץ:

„ס'וועלן פאַרבײַגיין דרײַסיק יאָר, און די אַרטיקע פעלקער וועלן זיך אויסדאַמפּן ווי וואַסער־טראָפּנס אָף אַן אָנגעגליטן שטיין".

איצט קאָנען מיר פעסטשטעלן, אַז אין אַ קורצער צײַט ארום נאָך דעם, ווי די דאָזיקע „רעקאַמענדאַציעס" זײַנען אַנטשטאַנען, האָט דער צענטראַ־לער אָרגאַן פון די עסעס־פאָרמאַציעס „דאָס שוואַרצע קאָר" פאַרענדיקט זײַנע „אָנווײַזונגען וועגן דער קאָלאָניזירונג פונעם מיזרעך־רוים" מיט אַזוינע ווערטער: „...און די אַרטיקע פעלקער וועלן זיך אויסדאַמפּן ווי וואַסער־טראָפּנס אָף אַן אָנגעגליטן שטיין!"

איבערלייענענדיק עס אין דער צײַטונג, האָט גראַגער געוויס דערפילט מוראַשקעס אָף זײַן רוקן: דאָס איז זײַן אויסדרוק, זײַנע ווערטער! אַזוי הויך איז אָפּגעשאַצט געוואָרן זײַן מי!

## 7

„וואָס וועט זײַן מיט מיר, וואָס וועט זײַן? איך ווייס שוין אַלץ. מײַן פּאַפּאַ איז אַ ייִד, מאַמאַ — אַ דײַטשקע. דעריבער בין איך, ווי מע רופט עס איצט, אַ מישלינג. איך ווייס, אַז זײַן אַ מישלינג איז איצט זייער און זייער שלעכט, אַפילו לעבנסגעפערלעך. ווען איך האָב געפרעגט מאַמאַ, וואָס וועט זײַן מיט מיר, האָט זי מיר פאַרבאָטן לייענען די צײַטונג און געזאָגט, אַז מיר דאַרפן ניט מוירע האָבן, אונדז באַשיצט דער הער קאַרל גראַגער. איך פאַרטראַג ניט דעם הער גראַגער. ער איז מיר ניט סימפּאַ־טיש, שמייכלט אַזוי מאָדנע. אויסער דעם, האָט ער פאַרנומען פּאַפּאַס קאַבינעט".

רעגינע, וועמענס נאָטיץ מיר האָבן ציטירט, האָט זיך ניט פאַרגע־שטעלט, אַז צוליבן פאָטער האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אָף איר און דער מוטער אַלע אומגליקן. און דאַפקע דעם פאָטער איז, אַפּאַנעם, געווידמעט דאָס פאָלגנדיקע פראַגמענטל אין איר „טאָגבוך":

„איך האָב דערהערט שטילע, ווייכע טריט. און בין געלאָפן דיר אַנט־קעגן, געלאָפן עפענען די טיר, נאָך איידער דאָס גלעקל האָט זיך צעקלונ־גען. מיך האָט באַגעגנט פוסטקייט, און די טריט זײַנען פאַרזונקען אין אַ מוירעדיקער שטילקייט. קער זיך אום, קער זיך אום! איך גיי אויס פון בענקעניש. דו וואָלסט מיר בײַגעשטאַנען און עפשער אויך געזאָגט, וואָס וועט זײַן מיט מיר?"

אינגיכן האָט זיך אָנגעהויבן אַן עפנטלעכע קאַמפּאַניע קעגן די מענטשן מיט „געמישטן בלוט". די פּרעסע האָט געטרומייטערט וועגן זייער „פאַר־

דארבנדיקער ווירקונג אויף דער געזעלשאַפט״, אָנגערופן זיי „די בייטש און דאָס אומגליק פון דער מענטשהייט״...

אופלעבנדיק אין זיכקאָרן יענע טעג, האָבן די איינוווינער פונעם הויז, ווו די לייקאָנס האָבן געלעבט, דערציילט:

„עלזע איז אַרייַנגעפאַלן אין ייִעש. געוויינלעך א פריינטלעכע, ליבלעכע צו מענטשן, האָט זי איצט אלעמען געגומען אויסמיידן. פאַרלירנדיק די לעצטע האָפענונג וועגן יאַקאָוון, האָט זי געטראַכט וועגן איינס — ווי ראַטעווען מען כאָטש רעגינען?״

און קאַרל גראַגער האָט זי זיכער צוגעגרייט צו דעם, וואָס איר קינד איז פאַרגעשטאַנען:

— כ׳וויל דיך ניט שרעקן, כ׳וויל דיך אויך ניט פאַרבלענדן. מיר, נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטן, קוקן דער ווירקלעכקייט גלייך אין די אויגן, מעג זי זיין ווער ווייסט ווי שווער און הארב. אונדז שרעקט ניט קיין בלוט. מיר ווערן פאַרהאַרטעוועט, פאַרגיסנדיק אונדזער אייגן ריין בלוט, אַזוי אויך — דאָס פרעמדע, אומריינע. זיי וויסן, אַז לויט די נייע באַשטימונגען איז אַזא, ווי רעגינע, א מישלינג פון ערשטן גראַד. דעם שיקזאַל פון דער דאָזיקער צווישנראַסע לייזט סטעריליזאַציע. דעמלט ווערן אַזוינע ניט עוואַקויִרט און זייערע רעכט ווערן מער ניט באַשרענקט. פאַרשטייט זיך, און די באַשטימונגען זעען עס פאָר, דאָס מישלינג מוז האָבן א געהעריק גוטן אויסערלעכן אויסזען. לאָמיר ריידן אָפן — מיט אַזא אויסזען, ווי רעגינעס, קאָן מען ניט בלייבן לעבן, מעג מען אפילע זיך לאָזן סטעריליזירן... נאָר דאָס איז דאָך דיין טאָכטער, וועל איך שוין זאָרגן, מע זאָל איר ניט מאכן קיין שטערונגען...

עלזע האָט פאַרבראָכן די הענט. ניין, ניין! זי קאָן ניט, זי וועט ניט מאסקים זיין! זי וועט לויפן מיטן קינד, לויפן ביז עק וועלט!

קאַרל האָט געפרוווט זי באַווירקן:

— וווהין וועסטו לויפן? ס׳האָט ניט קיין זין צו לויפן פון אונדז. ניט הײַנט, וועלן מיר מאָרגן זיין דאָרט, ווּוהין דו וועסט לויפן. באַרויִק זיך. פאַר דיר וועל איך אלץ טאָן. אויב ס׳וועט זיך פאָדערן, וועל איך אפילע האנדלען קעגן מיין געוויסן. ס׳איז נייטיק א צעטל, אַז איבער רעגינען איז דורכגעפירט געוואָרן די פּראָצעדור, א דאָקומענט... איגעם יאם ריינעם בלוט וועט איין מישלינג ניט האָבן קיין באַדייט. עס קאָן בלייבן. די סטעריליזאַציע וועלן מיר דורכפירן נאָר פאָרמעל. ווייןן ניט. ווייסט דאָך, אַז כ׳האָב דיך ליב און בין גרייט צו טאָן פאַר דיר אלץ, אלץ...

א צוזאמענגעבראָכענע האָט עלזע געפּרעפּלט:

— כ׳האָב ניט געגלייבט, אַז אַזוינס וועט געשען, קאָן געשען. מיר דאכט זיך, אַז אלץ איז ליגן, אלץ איז אומוואָר, אלץ איז וואַנזין...

— און איך האָב ניט געצווייפלט, אַז אַזוי וועט זיין. דעם פיורערס אלע פאָרזעונגען ווערן פאַרווירקלעכט. ער באַגייט ניט קיין פעלערן...

נאָך אַן אויסצוג פון „רעגינעס טאָגבוך":

„מיר כאָלעמט זיך אַלץ דער זעלבער כאָלעם. אַ ריזיקע הידרע, אַזאַ, ווי אין דער „ניבעלונגען־זאַגע", קריכט צו מיר, באַפאַלט מיך און וויל דערשטיקן. איך כאַפּ זיך אויף און דערפריי זיך, וואָס ס'איז בלויז אַ כאָ־לעם. דרעמל איַין, און ווידער די זעלבע הידרע. נאָר פּאַריקע נאַכט איז איינע פון אירע קעפּ געווען ענלעך אַף קאַרל גראָגערס קאָפּ — אַ ברויני־לעכע, מיט איַינגעפאַלענע באַקן, מיט גרינע אויגן און אָפּשטייענדיקע אויערן. איך האָב מיך אופגעריסן פון שלאָף, בין אופגעשפּרונגען און זיך געלאָזט צו מאמאס שלאָפצימער. די טיר איז אָבער געווען צוגעשלאָסן. אַ צעשראָקענע, אַ וויינענדיקע האָב איך געגומען אין איר קלאַפּן. מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז כ'האָב דערהערט דעם הער גראָגערס אַ הוסטל און דער מאמאס פאַרשטיקט געוויין. דאַן האָט מאמא מיט אַ ציטעריקער שטים געזאָגט: „רעגינעלע, ווייסט דאָך, אַז איך וויל איצט בלײַבן אַליין. מיר טוט זייער ווי ד'ער קאָפּ". האָב איך זיך צוריקגעקערט אין מײַן צימערל. עמעס, כ'האָב געוואָלט פאַרבײַגייענדיק עפענען די טיר פון פּאַפּאַס קאַבינעט. אָבער ניט געוואַגט זי אָנרירן, כאָטש איך האָב זייער און זייער געוואָלט וויסן, צי כ'האָב ניט קיין טאָעס געהאַט, כווישעד זײַענדיק, אַז דער הער קאַרל גראָגער שטערט מאמא שלאָפן".

## 8

אין רעגינעס העפטל מערקט זיך, אַז זי שרײַבט אַלץ אָפּטער. אין דער אייגנאַרטיקער טפיסע, אין וועלכער זי איז פאַרשפּאַרט געוואָרן, זײַנען דער בלײַער און דאָס פּאַפּיר געווען אירע טרײַסטע פרײַנט. זיי האָט מען זיך געקאָנט אינגאַנצן פאַרטרויען.

פון אַלע אירע פאַרצייכענונגען וועלן מיר אָפּקלײַבן די, וועלכע שפּיג־לען אָפּ די אַנטוויקלונג פון די געשעענישן און זייער פּלוצעמדיקן איי־בערבראָך.

פון „רעגינעס טאָגבוך":

„איך בין קראַנק. מיך האָט אויסגעהערט אַ דאָקטער און צוגעשריבן אַ סאַך רעפּועס. איך טרינק זיי, און מיר ווערט ניט בעסער. דורכן פענצטער זע איך אַ לויטערן הימל, און אין קאָפּ בײַ מיר שטייט אַ ווײַ־טעקדיקער נעפּל. מיר איז שווער צו לייענען, אָפּט וואַרפט עס מיך אין קעלט. כ'פאַרשטיי ניט, פאַרוואָס וואַקלען זיך מיר די פיס, שווינדלט אין די אויגן. מע האָט בײַ מיר אַ סאַך מאָל גענומען בלוט אַף אַנאַליזן, נאָר מיר ווערט אַלץ ניט בעסער. מאמא טרייסט מיך, אַז דער הער קאַרל גראָגער וועט באַזאָרגן פון דײַטשלאַנד מעדיצין, און איך וועל גלײַך געזונט ווערן. ווען וועל איך זיך שוין דערוואַרטן אַף אָט דער מעדיצין? איך האָב שוין דעם נײַטיקן דאָקומענט, האָב רעכט אומעטום צו גיין, דאַרף פאַר קיינעם ניט מוירע האָבן, קאָן אומגעשטערט באַזוכן די שול, אַפילע פאָרן קיין דײַטשלאַנד. איך האָב אָבער ניט קיין געזונט. די האַנט כאַלעשט אָפּ, שרײַבנדיק".

מיט אַן ערעך צוואַנציק יאָר צוריק האָב איך זיך געהאַט דערוווּסט פֿון לײַקאַנס שכיינים, אַז אין פֿרילינג 1943 איז רעגינע געשטאָרבן פֿון לײַקעמיִע, אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט. קאָן אויסקומען, אַז דאָס מיידל איז פֿאַרשניטן געוואָרן פֿון אַן אומהיילבאַרער, שרעקלעכער קרענק. אָבער אייניקע ערטער אין איר „טאָגבוך" צווינגען זיך פֿאַרטראַכטן, רופֿן אַרויס אַ באַרעכטיקטן כשאַד. לעמאָשל:

„מאַמאַ האַלט מיך אין איין פֿרעגן, וואָס האָט מיר געטאָן דער דאָקטער, בײַ וועלכן איך בין געוועזן וועגן נייטיקן דאָקומענט. מיר האָט דער דאָקטער קיין זאַך ניט געטאָן, בלויז געפֿרעגט, וואָס מיר איז. איך האָב זיך באַקלאָגט, אַז כ׳שלאָף שלעכט. אַזוי האָט געהייסן מאַמאַ, און איך האָב צוגעגעבן, אַז מיר כאָלעמען זיך פֿילקעפּיקע הידרעס, וואָס שטיקן מיך".

וואָס האָט געטאָן רעגינען דער דאָקטער, וועלכער האָט געזאָלט אַרויסגעבן דעם פֿיקטיוון סטעריליזאַציע־דאָקומענט? אַפּאָנעם, אַז די דאָזיקע פֿראַגע האָט עלזען שטאַרק געמאַטערט, ווײַל רעגינע קערט זיך אום צום דאָזיקן איניען אין עטלעכע ערטער פֿון אירע פֿאַרצייכענונגען:

„מאַמאַ פֿרעגט און פֿרעגט, צי דער דאָקטער האָט מיר עפּעס געגעבן אַ וועלכע־ניט־איז טאַבלעטקע אָדער אַן אַנדערע מעדיצין. מיך האָט ער אָבער אַפֿילע מיט קיין פֿינגער ניט אָנגערירט. איך בין געשטאַנען לעבן אַ ווײַס עמאַלירט טישל, ענלעך צו אַן איבערגעקערטן קאַסטן מיט אַ רונדער לאָך פֿון פֿאָרנט, און דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט ווי אַ האַמער — טוק, טוק! כ׳האָב מוירע פֿאַר דאָקטוירים, האָב זיי פֿײַנט. ווער האָט זיי ליב? און איצט זע איך זיי אָפּט".

קורץ נאָך דער מילכאָמע איז באַוווּסט געוואָרן, אַז אין אָסווענצים האָבן די היטלעראָווצעס סטעריליזירט אַסירים, באַנוצנדיק דערצו אַ ספּעציִעלע רענטגען־אַפּאַראַטור. הינטער אַ פֿענצטערל, ווו מע פֿלעגט די פֿאַרורטיילטע פֿאַרהאַלטן, קלוימערשט אויסצופֿילן אַ פּערסאָנעלע אַנקעטע, איז געווען אײַנגעשטעלט דער אַפּאַראַט, וואָס פֿלעגט באַשטראַלן די מענטשן און אַרויסרופֿן בײַ זיי שווערע פֿיזישע ליידן און שטערבלעכע כאַלאַסן. דער דאָזיקער פֿאַקט וואַרפֿט, דאַכט זיך, אַ גענוג קלאָרע שײַן אויף דער סיבע פֿון רעגינעס טויט.

לעכאַטכילע האָט קאַרל גערעדט וועגן שאַפֿן פֿאַר רעגינען אַ פֿיקטיוון דאָקומענט, אַז זי איז סטעריליזירט געוואָרן, ווײַל עלזע וואָלט בעשום־אויפֿן ניט מאַסקים געווען פֿאַרן פּרײַז פֿון פֿאַרקריפּלען פֿיזיש איר קינד דערוועלבן פֿאַר אים „גלײַכבאַרעכטיקונג". זי האָט אָבער זיך ניט געכאַפּט, אַז קאַרל פֿירט מיט איר אַ פֿאַלשע שפּיל, ווען ער איז פֿלוצעם באַשטאַנען, רעגינע זאָל לעפּאָנעם־וועגן זיך ווײַזן דעם דאָקטער, קאַרלס אַ גוטער פֿרײַנט, מיט וועלכן אַלץ איז אָפּגערעדט. עלזע דאַרף מיט רעגינען קומען אין שפּיטאָל דערליידיקן די פֿאָרמאַליטעטן. זאָל זי דערנאָך איר טעכטערל אוועקפֿירן אַהיים אויף אַ דראָזשקע, מע זאָל מיינען, אַז דעם איז

טאקע עפעס געטאָן געוואָרן... קארל האָט פארזיכערט, אז דער דאָקטער וועט צום קינד זיך אפילע ניט צורירן. עלזע מעג אים גלייבן...

דער דאָקטער האָט זיך בעעמעס ניט צוגערירט צו רעגינען. זי איז בלויז געשטאנען עטלעכע מינוט באם „ווײַס עמאלירט טישל, ענלעך צו אן איבערגעקערטן קאסטן מיט א רונדער לאָך פון פאָרנט"... אויב רעגינע איז פארשלאפט געוואָרן, וואָס קערן זיך דערצו אָן גראָגער, דער דאָקטער? ס'איז א בלוט־ראַק, א גוירל־קראנקײַט, גאָטס אומבעראכמאָ־נעסדיקער אורטייל. קעגן אים איז דער מענטש אָנמעכטיק. זי זעט דאָך, עלזע, ווי ער, קארל, האָט געטאָן אלץ, וואָס ער האָט געקאָנט, באזאָרגט פון דײַטשלאנד די טײַערסטע פאטענטירטע רעפועס...

אין די געהיימע היטלעריסטישע דאָקומענטן האָט מען אויך געפונען גראָגערס אזא „אָפּרוף":

„מע דארף באגריסן די דאָקטוירים קאלובער און בארק פארן דער־פינדן דעם מעטאָד צו סטעריליזירן בא פרויען דעם אייערשטאָק. דאָס איז א באקוועמער מעטאָד, וואָס רופט ניט ארויס קיינע אנדערע שטע־רונגען, אויסער דעם טויט".

און אָט איז די לעצטע נאָטיץ, וואָס איך האָב בעשײַטע געמאכט, אויספאָרשנדיק די לעצטע פאזע פון אונדזער געשיכטע:

„נאָכן ברענגען צו קווורע רעגינען איז עלזע — אין שווארצע קליידער, מיט א שווארצן וואָל איבערן פאָנעם, ווי ארופציִענדיק אָף זיך דעם טרויער פון דער גאָרער וועלט, — ערגעץ אוועקגעפאָרן. דערנאָך ווידער געקומען און זיך באשעפטיקט מיט איר טאָכטערס קייווער: געשטעלט א מאצייווע, פארפלאנצט בלומען, א קליין ווערבעלע צוקאָפּנס. זי האָט ווידער געפרווט עפעס דערוויסן זיך וועגן גוירל פון איר מאן און זײַנע קרויוים. צו יענער צײַט איז די געטאָ שוין געווען פולשטענדיק פאר־טיליקט — אירע רעשטן אופגעריסן, פארברענט, אויסגעגליכן מיט דער ערד, און די לעצטע אסירים אומגעבראכט. עלזע האָט זיך געזעגנט מיט די שכיינים, געזאָגט, אז זי פאָרט אהיים, צו אירע עלטערן אין בערלין. די שטאָט ווערט איצט שטארק באָמבארדירט, און איר, עלזען, וועט עפשער טרעפן דאָס גליק אומצוקומען פון א באָמבע".

איר קווארטיראנט מיטן האקנקרייץ אין לאַץ, מיטן שלאנג־קאָליריקן רעגנמאנטל און מיטן פול אָנגעשטאָפּטן געלן פאָרטפעל פלעגט ווײַטער, ווי געוויינלעך, אָפּט ארויספאָרן און אומקערן זיך. אזוי, ביז ער האָט אין איינעם א הייסן זוניקן נאָכמיטיק זיך אָפּגעטראָגן פונדאנען. (פונקט אין אזא נאָכמיטיק האָט ער מיט דרײַ יאָר צוריק געהאט אָנגעקלונגען אין דער מאהאגאָני־טיר...) די סאָוועטישע ארמיי האָט זיך דערנעענטערט. איז גראָגער אָפּגעצויגן, איבערלאָזנדיק דאָס מעבל, דאָס געשיר, די גאנצע שטוב־ווירטשאפט, ווי עס שטייט און גייט. עפשער מיט א קיוון אויך איבערגעלאָזט זײַנע ריינע בלאנקען... זײַן צימער און די גאנצע ווױנונג האָט ער זאָרגעוודיק פארשלאָסן, געהאָפט מיסטאמע אינגיכן אומצוקערן זיך".

צו אָט דער אלטער נאָטיץ וואָלט איך איצט צוגעשריבן: „...און זיך געטרייסט מיט דער ארויסזאָגונג פון א פּרײַסישן מילכאַמע־טעאָרעטיקער פון פאָריקן יאָרהונדערט, אז קיין מאפּאָלע איז ניט ענדגילטיק, נאָר בלויז א לעקציע, וועלכע מע דאַרף גוט דורכשטודירן, גרייטנדיק זיך צום נײַעם אָנגריף און נאָך שטארקערן קלאַפּ".

9

...דער קרײַז שליסט זיך. אים האָט אָנגעהויבן און אים פארענדיקט דאָקטאָר קארל גראָגער, איצט, צוואנציק יאָר נאָכן אונטערגאנג פונעם דריטן רײַך, שוין פּראָפעסאָר דאָקטאָר, א גראָוולעכער, פולבלעכער, מיט שיטערע האָר און א העכערן שטערן.

— מײַנע הערן, — וועט ער זיך ווענדן צו די ריכטער, אויב מע וועט אים שטעלן פארן מישפּעט אין זײַן היימלאנד, — ווער קאָן דערווײַזן, מײַנע הערן, אז איך בין דער אוטאָר פון יענע, ווירקלעך הארבע, מע קאָן זאָגן, גרויזאמע „רעקאָמענדאציעס"?

זיי זײַנען אָבער אונטערגעשריבן מיט די איניציאַלן „ק. ג."...

— ווער קאָן דערווײַזן, אז דאָס זײַנען מײַנע איניציאַלן? ווער?! — וועט שוין א קנאל טאָן די געווײנלעך רויקע, גלײַכגילטיק־טרוקענע שטים פונעם באשולדיקטן.

יאָ, די איניציאַלן זײַנען גאָטישע. איצט שרײַבט זיך דער פּראָפעסאָר אונטער מיט לאטײַנישע בוכשטאבן.

— ווער קאָן באהויפּטן, אז דאָס בין איך און ניט קורט גאנזמאן, ניט קאָנראד געוועקע צי קאספּאר גרובער? — וועט געלאָסן זיך פארטיידיקן דער באשולדיקטער, זײַענדיק זיכער, אז דאָס געריכט שטייט אפּריאָרי אויף זײַן צאַד. אליין די ריכטער וועט דאָך זײַן ניט שטארק אָנגענעם, אויב עמעצער וועט נעמען זיך ריַען אין זייערע אייגענע ביאָגראפיעס. וועט גראָגער ווערן נאָך האָפערדיקער: — און אויב, לאָמיר אָננעמען, אז דאָס זײַנען טאקע קארל גראָגערס איניציאַלן, צי דען איז איין ווײַסע ציג פאראַן אויף דער וועלט? אין אונדזער אכציקמיליאָניקן פאָלק זײַנען, גאָט צו דאנקען, פאראן קארל גראָגערס איבערגענוג!

פונדעסטוועגן שליסט דעם קרײַז דער פאקטישער אוטאָר פון די „רעקאָמענדאציעס" — דער פארוואלטונגס־מיטגליד פון דער באנײַטער „דײַטשישער געאָפּאָליטישער געזעלשאפט", דער רעדאקטאָר פון איר אָרגאַן „געאָפּאָליטיק און קעגנווארט"...

און לייקאָנס מישפּאָכע? פארוואָס ענטפערט ניט קארל גראָגער פארן דירעקטן מאָרד פון דרײַ מענטשן? (פינקטלעכער וועט זײַן — פון צוויי, ווײַל עלזע האָט דאָך אליין געזוכט אויף זיך דעם טויט...) אינעם באשולדיקונגס־אקט, צונויפגעשטעלט דורך יוריסטן, וואָס האָבן אליין אמאָל געטראָגן האקנקרייצן, ווערט מענטשן־מאָרד ניט דערמאָנט. פאר אזא באַ־

שולדיקונג זײַנען, קלוימערשט, ניטאָ קיין קאָנקרעטע באַווײַזן. קיינער האָט דאָך ניט געזען, אַז דער הער פּראָפעסאָר דאָקטאָר זאָל האָבן גע־מאָרדעט מיט די אייגענע הענט...

## 10

א דריי טוענדיק דאָס הענטל פונעם ראַדיאָ־אופנעמער, האָב איך מיטן סקאַלע־ווײַזער זיך פאַרטשעפּעט אין א כוואַליע פון איינער א „פרײַער" סטאַנציע אין מײַרעוו־דײַטשלאַנד. דער דיקטאָר האָט געמאָלדן, אַז ס׳איז טראַנסלירט געוואָרן אַן ארויסזאָגונג וועגן געאָפּאָליטיק אין אונדזערע הײַנטיקע פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און געאָגראַפישע באַדינגונגען... געווען איז עס זומער, 1965.

דעם דאָזיקן ציקל דאָקומענטאַלע נאָוועלן און בילדלעך, לירישע מיניאַטורן און סקיצן האָב איך אָנגעהויבן שרײַבן הינטערן שטעכדראָט פון קאָוונער געטאָ. ווי נאָר א געלעגנהײַט, פלעג איך פארצייכענען, גאנץ אָפט אף א שיפרירטן אופן, סײַ מײַנע אייגענע איבערלעבענישן, סײַ דאָס, וואָס געשעט ארום. א גרויסער טייל פונעם פארצייכנטן רוי־מאטעריאל, ווי אויך פון די שוין אָנגעשריבענע נאָוועלן און בילדלעך איז אומגעקומען אין די פלאמען פון דער אונטערגעצונדענער געטאָ. א טייל, דערין אייניקע העפטן מיט נאָטיצן, איז מיר אָבער געלונגען אָפצוראטעווען. דאָס האָט מיר דערמעגלעכט אופצושטעלן דעם ציקל, וועלכן איך גיב דאָ איבער דעם לייענער.

# די אײביקע פּען

מיר זײַנען ניט געווען באַקאַנט. ווער איך בין, האָט ער, מאַשמאָעס, געוווּסט, ווײַל ער האָט מיך אָפּגעשטעלט אינמיטן גאַס אין דער געטאָ, אָנגערופן באַם נאָמען און, בעטנדיק טאַלעכע מאָל אַנטשולדיקן, אָנגעהויבן:

— איך האָב אײַך געוואָלט פרעגן... אײגנט־לעך, ניט פרעגן, נאָר בעטן... אײגנטלעך, ניט בעטן, נאָר פאָדערן — פאַרצײכנט, פאַרשרײַבט און באַשרײַבט אַלץ! די וועלט זאָל וויסן, די וועלט זאָל אופציטערן!

דערווײַל האָב איך אופגעציטערט, ווי עס ציטערט אוף אַ מענטש, בײַס מע טוט זיך אַ ראַיע אין זײַנער אַ טיפער, אײטערנדיקער וווּנד. האַרבלעך, ניט ווילנדיק, פאַרוואָס דאַפקע אַזוי, האָב איך אים אָפּגעענטפערט:

— כ׳האָב ניט קײן פּען.

דאָס איז געווען אַן עמעס. פּרווונדיק זיך עוואַקויִרן באַם אויסברוך פון דער מילכאָמע, האָב איך געלאָזט אוף העפקער דאָס ביסל אײגנס און עס אָנגעווירן. וואָגלענדיק מיט מײַן מישפּאָכע איבער די וועגן און שטעגן פון ליטע נאָך דעם, ווי די היטלעריסטישע כאַיאָלעס האָבן אונדז אַריבערגעיאָגט, איז מיר פאַרלוירן געגאַנגען אויך דאָס, וואָס כ׳האָב גע־האַט באַ זיך. אין געטאָ זײַנען מיר, איך און מײַנע נאָענטסטע, אַרײַנ־געטריבן געוואָרן ווי מע שטײט און גײט — אָן אַ העמעד אפן לײַב, אָן אַ נאָזטיכל אין קעשענע. מײַן פּילפעדער, אַן עכטער פּאַרקער מיט אַ גאָל־דענער פּען, איז געווען פון די ערשטע כפּײצים, צו וועלכע ס׳האָבן זיך אַ צי געטאָן די פּאַשיסטישע רויבער, וועלכע האָבן אונדז געהאַט פאַר־האַלטן אונטערוועגנס.

— כ׳האָב ניט און מיר איז גאָר ניט נײטיק קײן פּען, — האָב איך דער־קלערט דעם מענטשן, וואָס איז צו מיר צוגעשטאַנען, ווערנדיק אונטער־שטרײַכן, אַז כ׳האָב ניט קײן שײַכעס צו שרײַבערײַ. מע האָט זיך דאָך געקאָנט מעשאַער זײַן, אַז אין געטאָ זײַנען די געוועזענע פּען־מענטשן

אין א באזונדער סאקאָנעסדיקער לאגע. ווער ווייסט, ווער ער איז, דער דאָזיקער קליינוווּקסיקער פארמאָרעשכוירעטער מאנצבל, וועלכער קוקט מיך אזוי פארביסן אָן?

— וואָס הייסט, אײַך איז ניט נייטיק? ווּעמען, אויב אזוי, איז יאָ נייטיק א פּען? — מיט א האסטיקער באוועגונג האָט דער אומבאקאנטער ארויס־געכאפּט פון בוזעם א פילפעדער און זי בליץ־שנעל ארײַנגעשטופּט מיר אין דער הויזן־קעשענע: — אָט האָט איר אַן עכטע, א גאָלדענע... אַן איי־ביקע פען... איר הערט, שרײַבט, די וועלט זאָל וויסן, די וועלט זאָל אופציטערן!

כ'האָב זיך געוועדט, ניט געוואָלט נעמען די ווערטפולע מאטאָנע. דער אומבאקאנטער האָט אָבער זיך אָפּגעטראָגן, איבערלאָזנדיק מיך מיט זײַן פּען אין דער אויסגעשטרעקטער האנט.

ניט איין מאָל, אַן אויסגעפּײַניקטער פון הונגער, האָב איך געהאלטן באַם אויסטוישן די דאָזיקע פּען אויף א לעבל ברויט צי א זעקל קארטאָפל, און עס ניט געטאָן. ס'איז דאָך א געשאנק, און וואָס פאר א געשאנק! דערצו נאָך מיטן אָנזאָג: „די וועלט זאָל וויסן, די וועלט זאָל אופציטערן!"

אוואדע איז מײַן האנט צו שוואך, און ס'איז ניט פאר מײַנע קויכעס מאכן אופציטערן די וועלט. נאָר אויב איך האָב היינטערן שטעכדראָט עפּעס יאָ געהיים פארצייכנט, געשריבן, האָב איך עס געטאָן מיט דער גע־שאָנקענער אייביקער פען.

## „פויגל־פרײַ"

שטרעבנדיק צו שענערע און דערהויבענערע אוילאָמעס, האָבן מיר אין אונדזער גאָר פרײַער יוגנט אָפט געפּעסטעט דעם אבסטראקטן באגער צו קאָנען פרײַ זוכן און זיך פארמעסטן, פרײַ טרוימען און זינגען, זינגען, ווי דער פויגל אין די צווײַגן...

און אָט — א גרויזאמע איראָניע פון דער געשיכטע: מיר זײַנען געוואָרן „פויגל־פרײַ". Vogelfrei — לויטן רעכט־באגריף פון די אלט־גערמאנישע בארבארן. און דאָס באטײַט: פארלירן אלע מענטשלעכע רעכט, פרײַ זײַן, ווי די פויגלען פארן יעגער. יעדערער מעג מיט אונדז טאָן, וואָס אים פארגלוסט זיך, און קיינער טאָר אונדז ניט בײַשטיין, ניט צוטיילן קיין שוץ, ניט געבן קיין מאָקעם־מיקלעט.

נעכטן איז נאָך הייליק געווען דער מענטש — זײַן לעבן, זײַן פערזענ־לעכע פרײַהײַט, זײַן אייגנס. הײַנט איז דאָס אלץ העפקער. מע כאפּט אונדז אין די גאסן, מע שלעפּט ארויס פון די שטיבער און מע פארשלעפּט ווער ווייסט וווהין, אָן א פארוואָס און אָן א פארווען. גענוג דײַן אָפּשטאם אָדער פּאָליטישע אָנשויונג, זאָלסט ווערן „פויגל־פרײַ".

אָ, וואָס מיט אונדז געשעט אינמיטן העלן טאָג, פאר אלעמען אין די אויגן!

א גרופּע עלטערע ייִדן צווינגט מען אָפּקערן דעם טראָטואַר מיט זייערע בערד. די דאָזיקע לוסטיקע שפּיל איז אײַנגעפֿאַלן עטלעכע באַוואָפֿנטע יונגאַטשעס מיט ווײַסע אָרעמבענדער. פֿלײַסן זיך היטלערס מעשאָרסים, באַווײַזן, וואָס זיי קאָנען: שטויסן, בריקען, צעטרעטן אַף טויט אַן עלטערן מאַן, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿאָלגן...

איינער פֿון דער זעלבער קנופּיע מיט א ביקס אַף דער פּלייצע פֿאַרהאַלט אין גאַס עפּעס א מאַנצבל:

— גיב אָפּ דײַן זייגערל! מיט גוטן!

פּרוווט דער פֿאַרהאַלטענער זיך ווערן: סטײַטש, פֿאַרוואָס זאָל ער אָפּגעבן? ניט געוואָלט עס טאָן „מיט גוטן”, פֿאַרשפּאַרט אים א קויל די מי. דער מערדער נעמט אַראָפּ דעם זייגער פֿון דער טויטער האַנט און באַפֿוילט צוויי פֿאַרבײַגייער אָפּטראָגן דעם האָרוג אין א זײַט.

אָדער: א מאַכנע ייִדישע מענער, צו פֿינף אין א ריי, מיט שטולן אַף די קעפּ ווערט געטריבן איבער דער שטאָט. (דײַטשן כויזעקן: „דער שטולגאַנג”.) עפּעס אַן אַנשטאַלט פֿון דער נײַער מאַכט דאַרף נייטיק האָבן שטולן. וואָס קאָן ביליקער זײַן ווי דער אומזיסטער „יודען־טראַנספּאָרט”? די אײַנפֿירער פֿון דער נײַער אָרדענונג זײַנען דערפֿינדעריש!

איינער פֿון די, וועמען ס'איז איצט אַלץ דערלויבט, וואַרפֿט אַן אויג אַף אַן אויסגעפּוצטער ייִדישער פֿרוי. (צו וואָס האָט זי זיך אויסגעפּוצט? סײַדן געטראַכט, אַז ס'איז זיכערער צו טראָגן אַף זיך די צירונג.) אינמיטן גאַס איז ניט באַקוועם. פֿירט זי אָפּ דער, וואָס מעג איצט אַלץ, אין א זײַטיקן הויף, געפֿינט דאָרט א שטעלכל, צווינגט זי אויסטאָן זיך, איז זי מעאַנעס, רײַסט אַראָפּ אירע אויריינגלעך צוזאַמען מיטן פֿלייש, נעמט צו אירע זאַכן, — א מאַטאָנע פֿאַר זײַן אייגענער פֿרוי...

שוין אין דער ערשטער נאַכט, ווי נאָר די „ריטער פֿונעם מאַרש אַף מיזרעך” האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין קאָוונע, האָט דעם הימל איבער דער שטאָט באַלויכטן דער פֿלאַם פֿון א מיזבייעך פֿאַרן גאָט פֿון האַס. ס'האָט געברענט אַן אונטערגעצונדן הויז מיט אַלע אירע ייִדישע אײַנוווינער. קיינעם איז ניט געלונגען אַרויסרײַסן זיך פֿון די פֿלאַמען — ניט דורך די טירן, ניט דורך די פֿענצטער. דעם וועג האָט יעדעס מאָל פֿאַרשטעלט א קוילן־האָגל. די אָנגעקומענע פֿײַערלעשער זײַנען, אַפּאַנעם, צום ערשטן מאָל אין זייער פּראַקטיק געשטאַנען מיט צונויפֿגעלייגטע הענט און צונויפֿגעדרייטע וואַסער־שלאַנגען און געקוקט אַף א סרייפֿע. די פֿײַערלעשער איז בלויז געווען באַפֿוילן היטן, די פֿלאַמען זאָלן זיך ניט אַריבערכאַפּן אַף די שכיינעסדיקע געבײַדעס. דער פֿלאַקער גופֿע האָט געדאַרפֿט דערברענען ביז אַש.

מיר האָבן באַקומען פּאַכעד פֿאַר אונדזערע טײַכן — פֿאַרן בעניגמעסדיקשטילן ניעמאַן און פֿאַר דער ראָמאַנטיש־פֿאַרטרוימטער ווילייע. ניט איין ייִד האָט געמוזט אַן אָנגעטאָנענער „אויסבאָדן” זיך אין זיי. ביקסן־רערן האָבן געשפּיגן מיט קוילן און געצווונגען די מענטשן בראָדזשען אַלץ ווײַטער, אַלץ טיפֿער אין וואַסער אַרײַן. ווער ס'האָט זיך ניט דערטרונקען

„פּרײַװיליק", איז פּאַרזונקען אינעם װאַסער־שטראָם, א דורכגעלעכער־טער פון קוילן...

באַטאָג, אפן הויף פון א גרויסן אויטאָ־גאַראַזש אין צענטער שטאָט געװעלטיקט באַזונדערס פּלײַסיק א גאַנצע כאָפּטע פאַרשטייער פון דער „נײַער אָרדענונג". עטלעכע צענדליק צוניפגעכאַפּטע אף דער גאַס ייִדי־שע מענער צװישן זיי אויסטאָן זיך ביז צו די אונטערװעש, אָפּקערן מיט די הוילע הענט דעם פּלאַץ און דעם שמוץ טראָגן אין די הויפנס הין און צוריק. פּלאַצט דאָס געדולד בא איינעם פון די געפּײַניקטע: ער װעט מער ניט לאָזן זיך שפּײַען אין פּאָנעם! נעמט מען אים מיט אײַזערנע פּרענטן ארײַנזעצן אין קאָפּ געהאַרכזאַמקײַט. געמאַכט די האַסכאָלע, טרעט מען צו דערװײַזן די איבעריקע געכאַפּטע, אז גאָט האָט זיך אָפּגעקערט פון זיי: מיט אײַזערנע רערן, פּלעקענער און לאָפּעטעס קאַטעװעט מען די מענטשן. צו די, װאָס זײַנען אומגעפאַלן, װענדט מען אָן גומי־שלאַנגען, מיט װעלכע מע װאַשט די אויטאָס. ארײַנגעשטעקט די שלאַנגען אין די מײַלער פון די צעמיימעסטע מענטשן, אװעקגעלאָזט דעם װאַסער־שטראָם אזוי לאַנג, ביז עס פּלאַצן די אינגעװיידן פון די אומגליקלעכע.

װידער װערן אף דער גאַס צוניפגעכאַפּט מענער. מע צװינגט זיי אופקלײַבן די הארוגים אין איין קופּע. דערנאָך װערן די נײַע קאָרבאָנעס ארײַנגעשטויסן אין קאָן פון דער זעלבער טויט־שפּיל. אויך זיי ברענגט מען אום אָן איין שאָס... א טיף אופגעטרייסלטער פאַרבײַגייער פּרוּװט זיך אײַנשטעלן, פּראָטעסטירן. שלײַדערט מען אים אויך ארײַן אין דער מאָרד־װאַקכאַנאַליע. אף דער צוניפגעװאָרפענער קופּע טויטע קריכט לע־סאָף ארוף איינער פון די מערדער און נעמט אויסבלאָזן אף א מויל־האַרמאָניק פּאָפּולערע לידלעך. די איבעריקע ראָצכים, שיקערע פון שנאַפּס און בלוט, לאָזן זיך אװעק אין א קאַראַהאָד, זינגענדיק און טאַנצנדיק, װי פּראָצים.

מיר זײַנען „פויגל־פרײַ" — העפקער װי די יאַגד־פויגלען. מע האַלט אונדז אין איין כאַפּן. אָן איבערקלײַב. יונג און אַלט. מענער און פרויען. די צוניפגעכאַפּטע פּאַרפּילן די שטאָטישע טפיסע. מיט זיי פּראַפּט מען אָן שולן, באָטעמעדראָשים. פון דאָרט טרײַבט מען אלעמען אין די פאָרטן פון דער אמאָליקער שטאָטישער פעסטונג. װאָס װעט געשען מיט די פאַרשפּאַרטע דאָרט מענטשן?

און װאָס דערװאַרט ביכלאַל אלעמען? מע מעג דאָך אָפּטאָן מיט אונדז קאָל דאָװאָר אָסור, און קיינער טאָר אונדז ניט בײַשטיין, קיינער ניט!

כ'טו א קלער: פונװאַנען נעמט זיך אזא אומענטשלעכע רעציכע? צי אין די טעװע פונעם מענטש אזא, אז ער דאַרף עמעצן האַסן, רוידעפן, מאָרדן? איך טראַכט און קום צו איין אויספיר: װוּ מענטשן װערן „פויגל־פרײַ", װעלן שטענדיק זיך אײַנגעפינען ראָצכים.

האָט איר ניט געטרוימט אין אײַער פריִער יוגנט צו קאָנען זײַן פרײַ, װי א פויגל? זײַנען מיר איצט װידער מעקאַנע די פויגלען?

ניין. אויב זײַן פרײַ, װילן מיר פרײַ זײַן, װי מענטשן.

# איינער פונעם אם־האסייפער

די פילצאַליקע פארביסן־שטרענגע און כמורנע־שווײַגנדיקע באוואַ־
כונג — אין קאסקעס, מיט אווטאָמאַטן, אריבערגעהאנגענע איבער דער
ברוסט, — האָט קיין גוטס ניט אָנגעזאָגט. קיינער פון די געטריבענע האָט
אָבער קיין האסאָגע ניט געהאט, וווּהין מע פירט זיי. קיינער האָט ניט
געוווּסט, פארוואָס מע האָט זיי, דאפקע זיי גענומען פון די הײַזער,
ארויסגעטריבן ווי זיי שטייען און גייען — האלב אָנגעטאָנענע, אנדערע
אפילע אין איינע נאכט־וועש, פון די בעטן אופגעהויבענע. עמעס, זיי
זײַנען יידן, זײַנען איצט העפקער. נאָר פארוואָס צווינגט מען דאָס מאָל
מיטנעמען מיט זיך אפילע די אייפעלעך, אויב מע פירט אָף ארבעט?

אויך די, וועמען ס'האָט אָפּגעגליקט ניט געכאפּט צו ווערן צי אויס־
מײַדן די ארומרינגלונג, האָבן ניט טויפעס געווען, וואָס דאָ געשעט. קיי־
נער האָט ניט געקאָנט ענטפערן אָף דער פראגע, פארוואָס און וווּהין
טרײַבט מען די מענטשן. צי דען בלויז אָפּצושפּעטן? צי דען בלויז דער־
פאר, די איבעריקע שטאָטישע אײַנוווינער זאָלן זיך אײַנקריצן אין זי־
קאָרן: „זײַט וויסן, אָף וואָס די נײַע און פון איצט אָן אייביקע אָרדענונג
איז פייִק, וואָס זי קאָן מאכן פון מענטשן! זאָלן אלע זען, וואָס זי דער־
לויבט זיך טאָן אינמיטן העלן טאָג, מעג עס זײַן זומער, מעג די זון
שעמערירן, מעג דער ליפּע־צוויט אָנזאַפּן די לופט מיט פארשיקערנדיק־
שמעקעדיקע רייכעס!"

בלוטיקע פּאָגראָמען, אויסגעקוילעטע מישפּאָכעס, אָן א שפּור פאר־
שווּנדענע מענער און פרויען, — ארויסגעפירטע אָף לאסט־אווטאָס, אוועק־
געטריבענע צופוס, — צו דעם אלץ איז מען שוין געוווינט געוואָרן. נאָר
אָט דער מעסוקן לאנגער מענטשן־קאראוואן, ארומגערינגלט מיט אזא
שטארקער באוואכונג, איז געווען א נײַע דעטאַל אין דער „נײַער אָר־
דענונג".

לאנגזאם באוועגן זיך די געטריבענע. אגעוו, טרײַבט מען זיי ניט, מע
איזדיעקוועט זיך ניט. די וואכלײַט זײַנען דאָס מאָל אײַנגעהאלטן, שטו־
מען. אויך די געטריבענע שווײַגן. זיי קוקן זיך אלץ ארום, פרעגן מיט
די בליקן איטלעך איינעם: „פארוואָס דאפקע אונדז? און וווּהין פירט מען
אונדז?"

פארקאָוועטע אין יִיִעש און איימעס־מאָוועס, שפּרײַזן די מענטשן. און
איבער אלעמענס קעפּ טארטשעט אָן אומגעוויינלעך הויכער באָכער. ער
גייט פארטיפט אין א בוך, וועלכן ער האלט צוגערוקט צו די אויגן. ס'איז
שווער אים צו פארגעסן, אָט דעם הויכן באָכער מיט די צעפּודלטע האָר,
אינעם אונטערהעמד, מיטן אָפענעם בוך פאר די אויגן.

וואָס האָט ער אזוינס געלייענט, אז ס'האָט אים געגעבן קויעך זיך
פארגעסן און אוועקטראָגן זיך אין גאָר אנדערע ספערעס? און עפּשער
ניט אזוי דער געלייענטער בוך, ווי דאָס לייענען אליין האָט אים אומגע־
קערט אין דער וועלט פון נאָרמאלע מענטשלעכע האסאָגעס? ער האָט
עפּשער פארשטאנען, אז ער גייט דעם לעצטן וועג און, ניט קאָנענדיק

עפּעס ענדערן, האָט ער, איינער פונעם אָם־האַסייפער, קיין אנדער וואָפן ניט געפונען, ווי דעם בוך? מיט פּאַראַכטונג האָט ער אָפּגעענטפערט די, וועלכע האָבן אים איינגעקלעמט אינעם טויט־קרייז, און מיטן ביטל־האיעש אָפּגעצאָלט פאַרן לאַגל פּיין און רישעס, וועלכן מע האָט אים צוגעטראָגן צו די ליפּן און געצווונגען אויסטרינקען ביזן דעק.

ס'איז מיר ניט געלונגען פעסטצושטעלן דעם נאָמען פונעם קאָדעש, וואָס איז, פאַרטיפט אין א בוך, געגאַנגען באַגעגענען דעם טויט און זיך אַרויסגעהויבן איבער דער גרויסער איידעע. איך טראַכט אָבער, אַז אויס־געטיילט האָט ער זיך פּאַשעט צוליב זיין הויכן וווּקס. וויפל ענלעכע צו אים האָבן זיך ניט אַרויסגעזען?

## מיט בלוט געשריבן

גאָר אינגיכן האָבן מיר שוין א סאַך פאַרשטאַנען. אויך פאַרשטאַנען, פאַרוואָס די טויכעכע האָט זיך אויסגעגאָסן אַף דער ייִדישער באַפעל־קערונג פון דער אָרעמער פאָרשטאָט ווילִיאַמפּאָלע — סלאָבאָדקע, ווי זי האָט געהייסן אינעם פאָלקס־לאָשן. פאַרכאַפּט קאָוונע, האָבן די היטלע־ראָווצעס און די פּריש אויסגעבאַקענע אָרטיקע באַהעלפער זייערע גענו־מען אין סלאָבאָדקע „שאַפן רוים" פאַר דער קומענדיקער געטאָ.

נאָך דער „נאַכט פונעם לאַנגן מעסער", וואָס די פאַשיסטישע קוילער האָבן דאָ באַלד געפּראַוועט, זיינען די לעבנגעבליבענע געצוווּנגען געוואָרן צוריקשטעלן דעם סיידער־האָוילעם. די פאַריגלטע בא א וואַך צייט לאָדנס און פאַרמאַכטע פענצטער האָבן שרעקעוודיק זיך געעפנט, און די זון האָט געפּרוּווט אַריינהויכן לעבנס־אָטעם אין די אָוולדיקע שטיבער. טירן, טויערן האָבן אומזיכער זיך געעפנט... דעם לעבן אנטקעגן?

מיט דער קאָוואָנע אונדז צו פאַרנאַרן קיין סלאָבאָדקע האָט געגומען דאָ הערשן רו, בייס אין שטאָט האָט ניט אופגעהערט בושעווען דער פּאָגראָם. געבליבן זיינען אָבער דאָ שרייִקע איידעס פון דער האַריגע־נאַכט — בלוט־פלעקן אַפן גאַסן־ברוק און צימער־דילן, אַף הייזער־ווענט און הויף־פּלויטן. זיי האָבן געסאַרפּעט אונדזערע בליקן, שטומערהייט זיך אָפּגערופן אונטער די פוסטריט בעקוילע־קוילעס.

טויט און גרויל האָבן דאָ אַף יעדן שפּאַן אַרופגעלייגט דעם שטעמפּל פון זייער מעמשאָלע. טרעטסט אַרוף אַף א קוטשמע פּרויען־האָר, אַרויס־געריסענע מיטן פלייש. שטויסט זיך אָן אין א פאַרגיפּסעוועט קינדערש פּיסל, וואָס וואַלגערט זיך אַף דער ערד. מע האָט עס געהאַט אַרויסגע־דרייט, אַרויסגעריסן פונעם לעבעדיקן קינדס געלענק...

עמעצער האָט דערציילט:

— שטעלט זיך פאָר, כ'קום אַריין אין דער דירע פון מיין גוטן באַ־קאַנטן, דעם אַרבעטער בענצל פּיין, און דערזע, עס וואַלגערט זיך אונטער א טישל אַן אָפּגעהאַקטע האַנט... שכיינים האָבן איבערגעגעבן, אַז בענצל האָט באַגעגנט די פּאָגראָמשטשיקעס מיט א האַק... האָט מען אים דער־

שאָסן און צעהאקט אף שטיקער פאר זײַן מישפּאָכע אין די אויגן. דער־נאָך האָט מען אלעמען דערמאָרדעט. באם אופקלײַבן די הארוגים איז די האנט געבליבן אומבאמערקט.

א לעבעדיקער איידעס פון די רעציכעס אינעם צוקינפטיקן געטאָ־ראיאָן האָט אָנגעוויזן אף א גרוי הילצערן שטיבל, אין וועלכן ס'האָבן דורכן אָפענעם פענצטער זיך ארויסגעזען פּאָליצעס מיט ספאָרים:

— דאָ האָט געוווינט דער אלטער סלאָבאָדקער ראָוו זאלמען אָסאָווסקי. בייס יענער נאכט־שכיטע איז ער געזעסן אײַנגעהילט אין א טאלעס, פארטיפט אין א סייפער. די אָנגעקומענע באנדיטן האָבן מיט א זעג אָפּ־געשניטן דעם ראָווס קאָפּ און אים אוועקגעשטעלט אפן געעפנטן בוך. פון די שטוביקע איז קיינער ניט געבליבן באם לעבן, איז דער קאָפּ אזוי אָפּ־געשטאנען עטלעכע טעג, די ווײַסע באָרד — אין א לוזשע פארטריקנט בלוט...

איינער, ווען די היטלעראָווצעס האָבן, צוגלײַך מיט אנדערע, גע־צוווּנגען מעקאבער זײַן די קאָרבאָנעס, האָט דערציילט:

— מיר קומען ארײַן מיט די טראָגבעטלעך אין דער דירע פון דער ציינדאָקטערן יאטקונסקי, און ס'ווערט מיר אזש ניט גוט: די דאָקטערן, א האלב־נאקעטע, מיט אָפּגעשניטענע בריסט וואלגערט זיך אפן דיל. דער־נעבן, אָפּגעגאָסענע מיט בלוט, — די קערפּערס פון אירע קינדער און דעם מאן. זײַן קאָפּ — אפן בופעט...

די דאָזיקע מײַסים־נוראָים, דער אפּאָגיי פון רעציכע, האָט, אפּאָנעם, געהערט צו א מערדער־באנדע, וואָס האָט זיך „ספּעציאַליזירט" אין אָפּ־האקן מענטשלעכע קעפּ און אייוורים. אומברענגען אף אזא אויפן פאר איין נאכט איבער טויזנט מענטשן וואָלטן אפילע די פלײַסיקסטע „שעפער פן דער נײַער אָרדענונג" פּאָשעט ניט געקאָנט באווײַזן. קעדיי אויספילן די „פון העכער געשטעלטע אופגאבע", האָט מען געמוזט אָנקומען צו ביקסן און אווטאָמאטן, און מאָרדן, ווו ס'איז אויסגעקומען, — אין די הײַזער און אפן גאס, אין די בעטן און אין די הויפן.

דעם דאָזיקן שווער געטראָפענעם פאָרשטאָט־ראיאָן האָט מען פאר־קראטעוועט, ארומגעשטעלט מיט א וואך און ארײַנגעטריבן אונדז אהער — בא דרײַסיק טויזנט מענטשן, די לעבנגעבליבענע יידישע באפעלקערונג פון קאָוונע.

איינמאָל האלט מיך אָפּ דאָ א באקאנטער און נעמט שטארק בעטן, כ'זאָל ארײַנגיין צו אים אף א רעגע. אין זײַן קליין צימערל איז א מוי־רעדיקע ענגשאפט פונעם אָנגעשטעלטן מעבל, פון די אָנגעוואָרפענע פּעק און טשעמאָדאנעס. ניט אויסריידנדיק קיין וואָרט, שטופּט דער באקאנטער אָפּ א גרויסן פּאק, און עס אנטפּלעקן זיך אף דער וואנט ברוין־רויטע פלעקן. אופמערקזאם אײַנגעקוקט זיך, באמערק איך, אז די פלעקן בילדן אויסיִעס — צעשמירטע, געבראָכענע, לאָמע. אויסיִעס, וועלכע שטעלן צונויף דאָס וואָרט „נעקאָמע".

— בלוט, ס'איז מיט בלוט געשריבן! — פּלאצט ארויס מײַן באקאנ־טער: — מיר האָבן דאָ געפונען א דערהארגעטן מאנצבל בא דער וואנט.

זײַן רעכטע האַנט — אין פֿאַרטריקנט בלוט. ס׳איז קלאָר — ער האָט גע־טונקען די פֿינגער אין אייגענעם בלוט און אָנגעשריבן פֿאַרן טויט די דאָ־זיקע צוואָע.

דער באַלעבאָס פֿונעם צימער נעמט פֿאַנאַנדערוקן דאָס מעבל, איבער־לייגן דאָס געפּעק. פֿאַרשטעלנדיק די אופֿשריפֿט מיט אַ שאַפֿקע, זאָגט ער אַנטשיידן:

— די אויפֿשריפֿט װעל איך היטן. זאָל זי בלײַבן ביז צו דער באַ־פֿרײַונג. און איר פֿאַרשרײַבט בײַ זיך — דאָס איז געווען דער מעכאַניק פֿון דער טוך־פֿאַבריק „דראָבע״ אַקיווע פּוכערט.

## שטילקייט

שוין. דער געטאָ־צוים איז אופֿגעשטעלט, און מיר זײַנען פֿאַרשפּאַרט הינטערן שטעכדראָט.

און געוואָרן איז דאָ פּלוצעם שטיל, זייער שטיל.

האָט עמעצער געזאָגט:

— ווי איר ווילט זיך, נאָר מיר געפֿעלט ניט די שטילקייט.

קיינער האָט זיך מיט אים ניט געאַמפּערט. פֿאַרקערט, מע האָט נאָך דערגעבן:

— שטיל, ווי אין אַ קייווער.

מיר זײַנען, ווי פֿאַרמישפּעטע, געזעסן אין די הײַזער צונויפֿגעפּרעסט אין ענגשאַפֿט. געשוויגן און זיך אַליין געפֿרעגט: „וואָס וועט ווײַטער זײַן? וואָס באַטײַט אָט די שווערע, פֿאַרטײַעטע שטילקייט?״

דער ערשטער טאָג הינטערן אָפּגעשלאָסענעם געטאָ־צוים האָט זיך געצויגן ניט אויסצוהאַלטן. זעלטן־ווען האָט עמעצער געוויזן זיך אין גאַס. פֿאַרבינדונג פֿון איין הויף מיטן אַנדערן האָט מען אויפֿגעהאַלטן דורך די אויפֿגעריסענע לעכער אין די פּאַרקנס.

ס׳איז געווען שטיל. ס׳איז געווען שטיקנדיק הייס.

די שטילקייט אין אונדזער דירע האָט אינמיטן העלן טאָג צעשטערט אַ קלאַפּ אין דער טיר. אַ מיטליאָריקע פֿרוי, אָנגעטאָן אין אַ שוואַרץ קלייד, מיט אַקוראַט צוגענייטע אַפֿן האַרץ און אויף דער פּלייצע זײַדענע געלע מאָגנדאָווידס, האָט, איבערטרעטנדיק מיט יִיראַס־האַקאָוועד אונדזער שוועל, זייער העפֿלעך געפֿרעגט:

— ניטאָ דאָ אַמאָל מײַן אַבראַשע?

דערזען אונדזערע פֿאַרכידעשטע בליקן, האָט די מאַרע פֿון איר פּאָנעם גענומען זיך בײַטן. שטרענגער, פֿאָדערנדיקער איז געוואָרן איר שטים:

— מײַן אַבראַשען זוך איך!

און ניט בעטנדיק קיין דערלויבעניש, ניט קוקנדיק אויף קיינעם, מיט אויפֿגעבלאָזענע נאָז־לעפֿלעך, ווי וועלנדיק מיטן כוש־האַרייעך עפּעס דער־שפּירן, זיך געלאָזט איבערן שטיבל. דורכגענישטערט אַלע צימערן און

ניט געפונען, ווען זי האָט געזוכט, איז זי מיט געבײַלטע פויסטן און מיט א ביטערן גײַאָמער ארויסגעלאָפן:

— גאזלאָנים, מײַן אבראשען גיט מיר אָפּ!

אונדזערער א שאָכן האָט דערציילט, אז די פרוי גייט אזוי ארום איבער דער געטאָ שוין דעם ווײַלטן מעסלעס, אָן אופהער — באטאָג און בא־נאכט. ווו נעמט זי קויעך?

— א מענטש איז טאקע שטארקער פון אײַזן, — האָט עמעצער מיט נאָך א בײַשפּיל געוואָלט באשטעטיקן דעם אורעלטן אויספיר.

— צאָרעס מאכן שטארק, — האָט א צווייטער דעם פויעל־יויצע גע־זוכט אין דער סיבע גופע.

א דריטער האָט ווי אונטערגעפירט דעם סאכאקל פון אלעמענס רייד:

— דער לעצטער אופלאקער פון לעבן ברענט מיט א שטארקן פלאם...

וווּנדערן דארף מען זיך גאָר, וואָס מיר ווערן ניט מעשוגע.

און ווידער איז די שטילקײַט ארײַן אין איר רעכט — נאָך דריקנדי־קער, פארביסענער, איימעדיקער.

אָוונט־צו האָט דער אוילעם זיך געגומען פארטראכטן וועגן דער אָנקו־מענדיקער נאכט. שווארצער פון שווארץ, איימעדיקער פון אלע איימעס, פול מיט שיסערײַען, יעלאָלעס, פארוווּנדעטע און הארוגים זײַנען געווען די לעצטע נעכט אין שטאָט. וואָס גרייט אונדז די ערשטע נאכט אין דער אָפּגעשלאָסענער געטאָ? מיט וואָס שוואנגערט די שטילקײַט הינטערן צוים? עפשער נארט זי גאָר אָפּ? עפשער לויערט עס אזוי דער מאלכאמאָ־וועס, קעדיי צו קאָנען וואַרפן זיך אפן פארשלעפערטן קאָרבן און אים פארצוקן — לײַכט און אָף איין מאָל?

האָבן זיך אײַנגעפונען צווישן אונדז אזעלכע, וואָס טראכטן ניט בלויז וועגן זיך, און אָנגעהויבן ריידן וועגן בילדן א זעלבשוץ, ווי אין די צאַ־רישע צײַטן בייס די פּאָגראָמען. מענער שלאָפן אין דרויסן! וואכן אין די הויפן! טאָמער אן איבערפאל, דארפן זיי אופהייבן א טומל, אופוועקן אלע־מען. א געשריי זאָל אופגיין צו די הימלען! דורך די געמאכטע לעכער אין די פּארקנס וועט מען לויפן פון הויף צו הויף. שרײַען און לויפן איז דאָס סאמע נאטירלעכסטע רעכט פונעם קאָרבן. קיין אנדער ווידערשטאנד וועסטו איצט דאָ ניט שטעלן. ס׳איז שטרענג פארבאָטן באזיצן געווער. אפילע פאר א פּיניש מעסער, וואָס א דײַטש האָט צופעליק געפונען בא א באָכערל, זײַנען דערשאָסן געוואָרן די אײַנוווינער פונעם שטיבל. נאָר אויב אלע וועלן שרײַען און לויפן? דרײַסיק טויזנט מענטשן וועלן אופ־הייבן א געשריי און נעמען לויפן!..

מיר זײַנען געבליבן וואכן אונטערן פרײַען הימל. די אָוונטיקע קילקײַט האָט א קאָפּ אָפּגעפרישט. ס׳איז לעכאָלהאדייעס אָנגענעמער איבערצו־נעכטיקן אין דרויסן, איידער אינעם דושנעם, מיט מענטשן אָנגעפּראָפּטן הויז. עמעצער האָט זיך אײַנגעמאָסטעט אָף אן ארויסגעטראָגענער באנק, א צווייטער — אָף א פאנאנדערגעלייגט בעטל. אנדערע האָבן זיך געמאכט א געלעגער פּאָשעט אפן גראָז. קיינער האָט זיך, פארשטענדלעך, ניט אויסגעטאָן.

מע איז געלעגן און געטראַכט: ווי וועט מען לעבן? פון וואָס וועט מען לעבן? איז שוין טאַקע אַ סאָף צום ווילקיר, צו די מאַסן־האַריגעס אָדער ס'איז די שטילקייט פון פאַר אַ גרעסערן שטורעם? מע האָט געקוקט אַפן אָפּגעשאָטענעם מיט קאַלטע שטערן סאַמעט־בלויען הימל, פאַרטאַנענע אין די אייגענע מאַכשאָוועס, און געשוויגן, ווי וועלנדיק זיך צונויפגיסן מיט דער אַרומיקער שטילקייט.

בלויז איין עלטערער מאַנצבל האָט זיך קיין אָרט ניט געפונען. ער איז אַרומגעקראָכן איבערן הויף, געקוקט דורך אַלע שפּאַרונעס און לאַנג זיך פאַרהאַלטן בײַ אַ שפּאַלט אינעם טויער. אים איז דאַכטעס ניט ניכע געווען דאָס נעכטיקן אין דרויסן. ער האָט זיך געהאַלטן בײַ דער מיינונג, אַז עס קאָן אַרויסרופן כשאַד און אָנטאָן צאָרעס אַלעמען.

ער האָט זיך געוואָרפן פון אָרט צו אָרט און, ווי מוירע האָבנדיק די שטילקייט צו שטערן, אײַנגערוימט יעדן אײנעם אַפן אויער:

— אַף יענער זײַט גאַס לײַכט זיך. אַ פענצטער איז דאָרט שלעכט פאַרהאַנגען. דײַטשן וועלן עס דערזען און אַלעמען צעשיסן. ווי היט מען עס ניט אָפּ דעם שטרענגן באַפעל וועגן פאַרטונקעלונג? ווי, פרעג איך אײַך?

און בײַ יעדן אײנעם האָט ער געפרעגט, וואָס זאָל מען טאָן? אַריבערלויפן די גאַס און וואָרענען די מענטשן, איז סאַקאָנעס־נעפאָשעס. ס'האָט זיך שוין אָנגעהויבן די פּאָליצײַ־שאָ. ס'איז באַפוילן האַלטן אַלע טויערן געשלאָסן ביז אינדערפרי. אפשער זאָל ער וואַרפן אַ שטיין אין דעם שלעכט פאַרהאַנגענעם פענצטער? ווער זיצט עס ביכלאַל בײַ ליכט אין געטאָ, דערצו נאָך אַזוי שפּעט?

אַ גאַנצע נאַכט האָט דער ליכט־פּאַס געשײַנט אינעם פענצטער, און אַ גאַנצע נאַכט האָט דער ייִד קיין רו ניט געהאַט. ער האָט געשאָטן מיט קלאָלעס און כאַראָמעס אַף די אומפאַראַנטוואָרטלעכע טיפּן, וואָס ברענגען אומגליקן אַרויף אַפן קלאַל. ער האָט זיך געצאַפּלט, זיך געראַנגלט מיט עפּעס אַ געהיימער קראַפט, ווי אַ נאַכט־פלאַטערל מיט דער שויב, בייס עס וויל אַרײַנדרינגען צו אַ ברענענדיק פײַער אין צימער.

אָן אייביקייט איז אונדז אויסגעקומען צו וואַרטן, ביז די קורצע זומער־נאַכט האָט אויסגעהויכט דעם אָטעם. דער באַגין האָט פאַרמעקט דעם ליכט־פּאַס, וואָס האָט אַזויפיל זאָרג פאַרשאַפט אונדזער שאָכן.

דער אומרויִקער ייִד, אַן אויסגעבלייכטער, מיט אַן אײַנגעפאַלן פּאָנעם און אַ שוואַרצער שטשעטינע האָר אַף די באַקן, האָט ענדלעך זיך דערוועגט אופריגלען דעם טויער. דערזעענדיק אַף דער גאַס אײנעם, אַ צווייטן פאַרבײַגייער, איז ער טייקעף געלאָפן אויסגיסן זײַן צאָרן אַף די אײַנוווינער פונעם אַנטקעגנדיקן שטיבל. צוריקגעקומען איז ער פּאַמעלעך, שווער שלעפּנדיק די פיס, פאַרטראַכט און פאַרטײַעט אין זיך.

אַרום איז נאָך אַלץ געווען שטיל. אין אָט דער שטילקייט האָט דער ייִד, איצט שוין אַ באַרויִקטער, אַ געהאַמעוועטער, אַרײַנגעמורמלט:

— אַ פרוי איז דאָרט געגאַנגען צו קינד. געבוירן אַ מיידעלע. מע האָט עס אַ נאָמען געגעבן — געטאָ... געטעלע...

# רינעלעס אַנדענק

רינעלע נעמונײַצקי האָט ניט זוכע געווען פאַרשפּאַרט צו ווערן אין געטאָ. איר אָנדענק האָט אהער אַרײַנגעבראַכט מײַן גוטער־פרײַנט, די כירורגישע קראַנקנשוועסטער ר. ע. פון איר האָב איך די געשיכטע וועגן גורל פון אָט דעם מיידעלע געהערט און כ'וועל זי פּרוּוון, ווי מע זאָגט, פאַרייביקן. זאָל בלײַבן עפּעס א זייכער פון רינעלען.

...טאָג־אײַן, טאָג־אויס אינעם אָפּעראַציע־צימער האָט די קראַנקנשוועסטער זיך געהאַט אָנגעזען ניט ווייניק מענטשלעכע לײדן. נאָר זינט די מילכאָמע איז אויסגעבראָכן, זינט ס'האָבן אָנגעהויבן בושעווען אין שטאָט די פאַשיסטן, איז דער אָפּעראַציע־צימער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א פיליאַל פונעם גענעם. א קײַלעכיקן מעסלעס האָט מען געבראַכט אהער שווער־פאַרווּנדעטע: קאָרבאָנעס פון מעסער־שטעך און אופרײַס־קוילן, געפּלעטטע מיט אײַזן־פּרענטן און געטראָפענע פון הייס געווער.

מיטן שטראָם פאַרוווּנדעטע איז אין דער כירורגישער אָפּטיילונג אַרײַנגעפאַלן אויך די עלפיאָריקע רינעלע. מע האָט זי געפונען אין דער היים — א געכאַלעשטע, אָן אָפּגעגאָסענע מיט בלוט לעבן אירע דערמאָר־דעטע עלטערן. איר האַנט, געטראָפן פון אן אופרײַס־קויל, איז געהאַנגען בלויז אַף א הויט־פּאַסיק בא דער פּלייצע. האָט מען געמוזט די האַנט אַמ־פּוטירן.

צי מאַכמעס דאָס איז געווען אין יענעם טאָג דער ייִנגסטער פּאַציענט, וועלכן מע האָט געבראַכט אין שפּיטאָל, דער ייִנגסטער קאָרבן, צי ווײַל דאָס מיידעלע האָט געדולדיק, אָן געשרייען און גוואַלדן איבערגעטראָגן אירע מוירעדיקע ווייטעקן, צי מאַכמעס עס איז געווען א ליב און שיין קינד, — די קראַנקנשוועסטער איז צו רינעלען צוגעזאָטן געוואָרן: געגעבן איר אייגן בלוט אַף איבערצוגיסן, ניט אָפּגעטראָטן פונעם מיידעלע, ביז זי האָט זיך ניט אויסגעטשוכעט פונעם נאַרקאָז.

געקומען א ביסל צו־זיך, האָט רינעלע ביטער געוויינט אַף איר פאַר־לוירענער האַנט.

— ניט וויין, רינעלע, — האָט די קראַנקנשוועסטער זי געטרייסט. — דײַן האַנט וועט אָפּוואַקסן. דערמאָנסט זיך, דיר זײַנען אָפּגעוואַקסן די אַרויסגעפאַלענע ציינדלעך. וועט אויך אָפּוואַקסן די האַנט.

— איר זאָגט עמעס, טאַנטע? — האָט דאָס מיידעלע געעפנט גרויסע פאַרכידעשטע אויגן, און לאַנג, לאַנג האָבן געציטערט אירע פאַרטריקנטע ליפּן, ניט אַרויסברענגענדיק קיין קלאַנג.

ביידע האָבן געשוויגן. ביידע מיט טרערן־קנוילן אין קעל. נאָר פּלו־צעם האָט דאָס מיידעלע ווידער אָנגעהויבן נאָיען:

— וואָס וועל איך איצט טאָן אָן טאַטע־מאַמע?

...די אַרײַנגעדרונגענע צו זיי אין דירע צעיושעטע ברויִם האָבן צוגע־רויבט באַם פאָטער דאָס געלט, זײַן זייגערל און גענומען זיך צו דער מוטער, געשלעפּט זי צום דיוואַן. דער פאָטער האָט זיך אײַנגעשטעלט פאַר איר. האָט עס א דונער געטאָן אין צימער. טאַטע־מאַמע זײַנען אומגע־

פאלן. זי, רינעלע, איז צוגעלאָפן צו זיי. האָט עס ווידער א דונער געטאָן. און זי איז פארזונקען אין א פינצטערן יעסורים־טהאָם. בייס מע האָט זי אופגעוועקט און ארויסגעטראָגן פון צימער אף א טראָגבעטל, האָט זי ווידער גערופן טאטע־מאמע. נאָר זיי זײַנען געבליבן ליגן אפן דיל, ווי זיי זײַנען געלעגן.

— וואָס וועל איך איצט טאָן אָן זיי? — האָט רינעלע, אונטערכליפּענדיק, געפרעגט נאָכן דערציילן איר גרוילפולע געשיכטע.

מע האָט געמוזט בארויקן דאָס קינד. איז דער קראַנקנשוועסטער אײַנגעפאלן עס אזוי צו טאָן:

— דײַן פאפע און מאמע זײַנען פארוואונדעט, ווי דו. מע האָט זיי אָפּעּרירט. איצט וועלן זיי געזונט ווערן.

— טאָ פארוואָס ליגן זיי ניט אָט אָ־דאָ, ווו מע אָפּערירט?

— זעסט דאָך, רינעלע, אז דאָ איז קיין אָרט ניט פאראן. ווען ס׳וואָלט געווען כאָטש איין פרײַע בעט. זעסט, אפילע דיך מוז מען האלטן אין קאָרידאָר. דײַן טאטע־מאמע געפינען זיך אין אן אנדער שפּיטאָל.

די קראַנקנשוועסטער האָט צוגעזאָגט רינעלען צו באזוכן אירע עלטערן, ווי נאָר זי וועט האָבן א פרײַע מינוט, און ברענגען א גרוס פון זיי...

— דערציילט נאָר ניט, אז מע האָט מיר אראָפּגענומען א האנט, — האָט רינעלע אן אופגעצײַטערטע געבעטן.

— כ׳וועל זאָגן, אז בא דיר איז דורכגעשאָסן א פוס, דעריבער קאָנסטו צו זיי ניט קומען, — האָט די קראַנקנשוועסטער געגלעט דאָס קינד איבערן קעפּל.

רינעלעס פארנעפּלטע אויגן האָבן אופגעשטראַלט מיט האָפענונג. נאָר באלד איז זי ווידער ארײַנגעפאלן אין פארצווייפלונג:

— און אז כ׳וועל געזונט ווערן פריִער פארן טאטן אָדער דער מאמען, וואָס וועל איך אליין, אָן זיי טאָן אין שטוב?

די קראַנקנשוועסטער האָט אויך דאָס מאָל זיך אן אָייצע געגעבן:

— וועסט לעבן בא מיר, ביז זיי וועלן ארויס פון שפּיטאָל. דאַן וועלן זיי דיך צונעמען.

רינעלע האָט זיך בארויִקט, איז אײַנגעשלאָפן און אָפּגעשלאָפן ביז איינדערפרי. אופגעכאַפּט האָט זי זיך א שמייכלענדיקע. די קראַנקנשוועסטער איז געווען בא איר בעטל.

— איר ווייסט, טאַנטע, — האָט אָנגעהויבן דאָס מיידעלע, — מיר האָט זיך געכאָלעמט, אז די מאמע האָט מיך אָפּגענומען פון דער שול. ס׳איז געווען אזוי גוט, אזוי שיין אין דרויסן. די זון האָט געשײַנט. א סאַך, א סאַך קינדער האָבן זיך געשפּילט אפן הויף. איך האָב געטאַנצט אף א שפּרינג־שנור...

רינעלע האָט פּלוצעם מיט איר געזונטער האנט א כאַפּ געטאָן דעם ליידיקן ארבל פונעם שפּיטאָל־העמד. איר בלאַס פּאָנעם איז אזש געל געוואָרן. טרערן האָבן זיך א גאָס געטאָן, און זי האָט גענומען ווישן די אויגן מיטן איינציקן פויסטל.

די קראַנקנשוועסטער האָט זיך אָפּגעקערט אין א זײַט...

דעם זעלבן טאָג איז רינעלע געשטאָרבן בא דער קראַנקנשוועסטער אף די הענט אין גרויסער היץ און קראַמפּן.

— איך קאָן ניט, קאָן זי ניט פאַרגעסן, — מאַכט צו מיר א צעקלעמטע די קראַנקנשוועסטער. — ווו נאָר איך זע איצט א קינד, טראַכט איך: די זון, די פרײַהײַט זאָלן, כאָלילע, ניט בלײַבן פאַר דעם בלויז א פוסטער טרוים, ווי פאַר רינעלען.

## צי מעג מען עסן טויבן?

מיר האָבן אלץ געדאַרפט אָפּגעבן: דאָס געלט און די ווערטפולע זאַכן, אלע נײַע בגאָדים און דאָס וועש, בעט־צײַג און די פעלצן, די עלעקטרי־שע מאַכשירים און פאָרטפעלן... דער ערשטער רעקוויזיציע־באַפעל איז באַשטאַנען פון צען פונקטן. כעוורע לייצים האָט זיך געוויצלט: „היטלערס אסערעס־האַדיבּרעס".

און אָט, א נײַס: „ביז מאָרגן איבערגעבן דער מאַכט אלע קי, קעלבלעך, ציגן"... און, ווי שטענדיק, ווערט געדראָעט מיט טויט־שטראָף פאַרן אוי־ווער זײַן אפּן באַפעל.

דער אוילעם איז אופגערודערט געוואָרן: אין געטאָ זײַנען פאַראַן ברעקלעך קינדער, אייפעלעך, קראַנקע. ווי וועלן זיי אויסקומען אָן א טראָפּן מילך?

ס'איז קיין צײַט ניט געווען צו האַלטן זיך אייצעס. די באַפעלן האָבן אָן אופהער זיך געשאָטן אף אונדזערע קעפּ, די רעקוויזיציע־טערמינען זײַנען אלץ קירצער געוואָרן.

„אין פאַרלויף פון א טאָג איבערגעבן אלע פאַראַנענע אין געטאָ טויבן. אין קעגנפאַל — די העכסטע שטראָף!"

— קלאָר. טויבן קאָן מען אויסנוצן ווי א פאַרבינדונגס־מיטל, און מיר דאַרפן זײַן איזאָלירט, אָפּגעשלאָסן אף טויזנטער שלעסער, — האָט עמע־צער געפרווט לאָגיש באַגרינדן די נײַע גזיירע און, געפינענדיק אין איר א פּאָזיטיוון מאָמענט, געמאַכט ווײַטערדיקע אויספירן: — הייסט עס, אז מע וועט אונדז לאָזן לעבן, קוים האָבן זיי מוירע, מיר זאָלן ניט האַלטן קיין טויבן...

טויבן האָבן זיך מער ניט געטאָרט באַווײַזן אין די הימלען פון דער געטאָ, ניט געטאָרט מער פלאַטערן איבער די גרויע, אײַנגעהויקערטע שטיבלעך פון סלאָבאָדקע.

א גזיירע איז א גזיירע. מע האָט געמוזט אויסכאַפּן די טויבן. נאָר אָנ־שטאָט אָפּצוגעבן זיי די צוירערים, האָט מען די טויבן אין דער שטיל גע־קוילעט, ווי א קאָרבן פאַרן גאָט פון האַס און רעציכע. און אז געקוילעט, צי וועט מען ארויסוואַרפן טויבן, ווי עפּעס אומנוציקס, אומווירדיקס? מיר האָבן געהונגערט. האָט מען די טויבן געקאָכט, געגעסן.

א גוטערפרײַנט האָט מיר פאָרגעשלאָגן געקאָכט טויבן־פלייש. כ'בין געווען ביז כאַלאָשעס הונגעריק. נאָר דאָס מויל האָט זיך ניט געעפנט.

פונעם געדאַנק אַליין, וואָס דאָס איז פאַר אַן אַכילע, האָט אַ קנויל זיך געשטעלט אין האַלדז.

— צי מעג מען עסן טויבן? — האָב איך געפרעגט דעם מענטש, וואָס האָט מיך געוואָלט מעכאַבעד זײַן.

— מע מעג. טויבן זײַנען קאָשער, — האָט ער, איראָניש שמייכלענדיק, אַרויסגעזײַט. דערנאָך בייזלעך אַ זאָג געטאָן: — וואָס דען, אָפּגעבן זיי לעבעדיקע די בלוט־הינט?

## לעקאָוועד ראָשעשאָנע

הײַנט באַגינען האָט מיר אָפּגעגליקט. מע האָט מיך אַרײַנגענומען אין אַ בריגאַדע, וואָס ווערט געשיקט אַף צוואַנג־אַרבעט אין אַן אָרט, ווו מע קאָן ווי־עס־איז איבערקומען דעם טאָג, און דעריקער — אײַנשאַפן זיך אַ ביסל שפּײַז־פּראָדוקטן: אײַנקויפן אָדער אויסטוישן עפּעס פון די גע־בליבענע בא אונדז כפייצים אַף אַ שטיקל ברויט, אַ ביסל קאַרטאָפל אָדער גרינוואַרג.

און אָט שלעפּ איך זיך שוין מיט מאַזל צוריק „אַהיים". אַף מײַן פּליי־צע — אַ טאָרבע מיט קאַרטאָפל און מערלעך. אַף דעם וואַרט מיט אומ־געדולד מײַן הונגעריק הויזגעזינד. איצט זאָל נאָר געלינגען דורכגיין בע־שאָלעם דעם קאָנטראָל באַם געטאָ־טויער.

מיר זײַנען אין דער בריגאַדע איבער הונדערט מענער. אַלע — מיט עפּעס באַלאָדן. אַלע האָפן מיר, אַז פּונקט ווי נעכטן, ווי אייערנעכטן, וועט די טויער־וואַך אויך הײַנט „קוקן דורך די פינגער" אַף די פּעקלעך, און אונדזערע מישפּאָכעס וועלן עטלעכע טעג האָבן מיט וואָס אונטערצו־האַלטן די נעשאָמע.

מיד פונעם היפּשן מעהאַלעך און פון שלעפּן אַף זיך די נײַ־וואַרזײַרטע „ייִדישע טאָרבעס", דערנעענטערן מיר זיך צום טויער. מיר זעען פונדער־ווײַטנס, אַז דאָרט איז רויִק. עטלעכע דײַטשן דרייען זיך פויל אַרום און וועלן אַוואַדע זיך פוילן אַ קוק טאָן, וואָס מיר טראָגן.

ערשט איצט באַמערקן מיר, אַז אַ לויטערער פריהאַרבסטיקער פאַר־נאַכט האָט אַרופגעלייגט אַ וואַרעמען בראָנזענעם שטעמפּל אַף דער וועלט — אַף די שטיבלעך, אַף די מענטשן. עס גייט אַזש אָפּ די פאַר־פרוירענע נעשאָמע...

— ייִדן, הײַנט איז ערעוו ראָשעשאָנע, — טוט עמעצער פּלוצעם אַ זאָג אין דער קאָלאָנע. — אַזאַ שיינער ראָשעשאָנע...

צו שפּעט האָט ער געזאָגט, עס זאָל קאָנען אַרויסרופן באַ עמעצן אַ כשאַד, כאָטש מיר האָבן שוין געהערט, אַז די היטלעראַווצעס גרייטן אָפּט צו דאַפקע צו די ייִדישע רעליגיִעזע יאָמטויווים „סורפּריזן" פאַר די טוישווים פון זייערע געטאָס. פאַרגעסן אין דעם, טראַכט יעדערער וועגן איינס: ווי כאַפּט מען זיך אַרײַן אין געטאָ מיטן „פּעקעלע".

די מענטשן פון די פֿאָדערשטע רייען זײַנען בעשאָלעם דורכגעגאַנגען דעם טויער... ערשט מיטאמאָל — א גוואלד, א האַלדערײַ, און עס דער־הערט זיך א שאָס, איינער און א צווייטער.

— אזוי מארשירט מען?

דאָס שרײַט א דײַטש באם טויער און באפעלט:

— שטיין בלײַבן!

און ווידער א שאָס. אָנשטאָט בלײַבן שטיין צעפאלט זיך די בריגאדע. עמעצער פרוווט אָפּצינען זיך אָף צוריק. נאָר די קאָנוואָירן שטייען ווי א וואנט הינטער אלעמען און שטופּן אונדז פאָרויס, פאָרויס. ניטאָ קיין צוריק!

— אזוי מארשירט מען פארבײַ דײַטשן? — רעוועט איינער פון דער טויער־וואך, צילנדיק אין אונדז מיט זײַן קאראבין. — שטיין בלײַבן, די רייען אָרדנען!

— ייִדן, בלײַבט שטיין! — בעטן זיך קוילעס.

נאָר קיינער פאָלגט ניט. מיר רוקן זיך פאָרויס צום אָפענעם טויער מיטן איינציקן ציל — ארײַנכאפּן זיך אין געטאָ.

— די „יודענזעק" ארונטער! אָף אַן אָרט לאָזן! — באפעלט ווידער א דײַטש.

— ייִדן, ס'טויג ניט! מע גרייט אונדז עפּעס לעקאָוועד ראַשעשאָנע... — טוט עמעצער א קרעכץ, אראָפּנעמענדיק דעם זאק פון דער פּלייצע.

מיר נעמען זיך איבערקוקן, זיך איבערוקן — עפּשער וועט א שטיקל אָרדענונג האמעווען די ראָצכים. זייער בלוט־גיר האָבן זיי שוין געקאָנט שטילן — עס וואלגערן זיך טויטע אפן ברוק...

פּלוצעם, ווי א קאטאפּולטירטער, פליט אדורך דעם טויער א יאטל מיט א פול זעקל אין דער האנט.

א וואכמאַן לויפט אים נאָך, שיסט אין אים און טרעפט ניט. דעריאָגנ־דיק דאָס יאטל, צילט ער אין אים מיט דער ביקס פון גאָר נאָענט. דאָס יאטל פאלט אָף די קני. צוזויפלייגנדיק די דלאָניעס ווי צום געבעט, אפּע־לירט ער צום היטלעראָוועץ:

— הער פאָסטן, גנעדיקער הער פאָסטן, שיסט ניט!

טרוקן טוט א קנאק דאָס געווער־צינגל. עס שווײַגט די ביקס. דער דײַטש ציט האסטיק אָפּ דעם וואָפן־שלאָס און איבערצײַגט זיך: אויסגע־שאָסן אלע קוילן. כאפּט ער זיך צום פּיסטאָלעט. דאָס יאטל שפּרינגט אוף, טוט זיך א לאָז פײַל־אויסן־בויגן. שוין אָן דעם פּעקל. הארט פאַרן פארקערעווען אין א געסל טרעפט אים די פּיסטאָלעטן־קויל.

ווי דערשפּירנדיק פײַער אונטער די פיס, טוען מיר זיך א וואָרף צום טויער, רײַסן זיך ארײַן אין געטאָ, צעלויפן זיך, נאכגעיאָגט פון קוילן.

מיך מײַדן זיי אויס. א סימען — כ'פאל א לעבעדיקער ארײַן צו די אייגענע, האלטנדיק פארקראמפּט דאָס זעקל אין האנט, און צעכליפּע זיך, ניט קאָנענדיק לאָנג קומען צו־זיך.

— וואָס איז געשען, וואָס? — פרעגן דערשראָקן די ארומיקע.

און איך כליפּע, דאָס פאָנעם פארגראָבן אין די דלאָניעס.

כ'האָב געקאָנט זײַן דער מאַנצבל, וואָס איז אומגעלומפּערט געלעגן אַ טויטער אויפֿן ברוק לעבן זײַן אויסגעשאָטן זעקל קאַרטאָפּל, און איך האָב געבראַכט קאַרטאָפּל פֿאַר מײַן מישפּאָכע. כ'האָב געקאָנט זײַן דאָס יאַטל, וואָס האָט, קניִענדיק, געבעטן ראַכמים, און איך האָב אויסגעמיטן דעם ניסאָיען.

וואָלט איך געפֿאַלן אויף די קני?

מיר האָט ווײ געטאָן פֿאַרן מאַנצבל, פֿאַרן יאַטל, פֿאַר זיך, פֿאַר גאָר דער וועלט... כ'האָב זיך געשעמט...

און ווידער: וואָלט איך געקניט?

די, וואָס האָבן זיך דורכגעריסן דורכן טויער, האָבן ניט מאַרשירט אַזוי, ווי די היטלעראָווצעס האָבן געפֿאָדערט.

## אין „אַקציע" לעפּאָנעם־וועגן

קוקסטו דורכן פֿענצטער פֿון אונדזער צימער אויפֿן צווייטן שטאָק, זעסטו פֿאַרזשאַווערטע בלעכענע דעכער און גרויע שינדלדעכער פֿון איינשטאָקיקע הילצערנע געטאָ־שטיבלעך, זעסטו דעם שטעכדראָט־צוים און הינטער אים, שוין אויף דער „אַרישער" זײַט, — אַ גרויסן פּלאַץ, באַוואַקסן מיט גראָז.

נאָר אין יענעם וואַרעמען זוניקן טאָג האָב איך געזען אַן אַנדער בילד: באַוואָפֿנטע היטלעראָווצעס און ליטווישע פֿאַשיסטן — אין קאַסקעס, אין דער אוניפֿאָרם פֿון דער אַלטער בורזשואַזער אַרמיי, האָבן אַרומגערינגלט דעם גרינעם פּלאַץ מיט קוילנוואַרפֿער. פֿון אַלע זײַטן האָט מען געצומען טרײַבן אַהער געטאָ־אַסירים. ווער פֿון די געטריבענע האָט געפּרוּווט אַנטקעגנשטעלן זיך אָדער איז ניט גענוג האַסטיק געגאַנגען, דעם האָט מען געשלאָגן מאַקעס־רעצעך. עלטערע מענטשן זײַנען געפֿאַלן צעמיי־מעסטע מיט פֿריקלאַדן, אָפּגעגאָסענע מיט בלוט. כ'האָב געזען, ווי איינער פֿון די מערדער האָט אַרויסגעכאַפּט בײַ אַ פֿרוי איר קינד פֿון די הענט און פֿאַר די פֿיסלעך עס אַ שלײַדער געטאָן אין האַמוין אַרײַן, ער זאָל פֿאַרשפּאָרן טרײַבן די מוטער אַהין מיט קויעך...

אינגיכן איז דער פּלאַץ איבערפֿולט געוואָרן מיט צעטומלטע, איבערגעשראָקענע מענטשן — אָנגעטאָנענע און האַלב־נאַקעטע, דערוואַקסענע און קינדער. האָבן זיי נאָך געקאָנט אויף עפּעס האָפֿן, בײַס אַוטאָמאַטן און קוילנוואַרפֿער זײַנען גרייט געווען עפֿענען דאָס פֿײַער?

נאָר פּלוצעם איז אָנגעפֿלויגן אַ בראַמענדיקער מאָטאָציקל. פֿון אים איז אַראָפּגעשפּרונגען אַן אוניפֿאָרמירטער דײַטש, פֿאָכענדיק מיט עפּעס אַ דאָקומענט:

— אָפּהאַלטן! אָפּהאַלטן!

די ליטווישע פֿאַשיסטן האָבן אַראָפּגעלאָזט דאָס געווער, זײַנען זיך צונויפֿגעקומען אין גרופּקעס, און די געטאָ־אַסירים, וואָס האָבן געוואַרט אויפֿן טויט, זײַנען זיך צעלאָפֿן אין אַלע זײַטן.

די גאנצע צײַט, בייס מע האָט געטריבן די מענטשן פון די הײַזער און געגרייט די בלוט־באָד אפן פלאַץ, האָבן עטלעכע דײַטשן זיך ארומגע־דרייט דאָ און דאָרט מיט פילם־ און פאָטאָ־אפאראטן. זיי האָבן פאָטאָג־ראפירט די רעציכע, אף זייער לאָשן — „אקציע", און זיך געהיט, אז קיין איין דײַטש זאָל ניט פארפיקסירט ווערן אף דער טאשמע. דער אָבער, וואָס האָט אָפגעשטעלט דעם „ספעקטאקל", איז פילמירט און פאָטאָגראַ־פירט געוואָרן פון אלע זײַטן און אפן ערשטן פלאַן.

אין א וואָך ארום האָט אופגעטרייסלט די געטאָ אן ענלעכע „אקציע". אלע, ווען מע האָט געכאפט אין גאס אָדער פארנומען פון די שטיבער, זײַנען אוועקגעטריבן געוואָרן הינטער דער שטאָט, ווו מע האָט זיי צע־שאָסן. מיט דער „אקציע" האָבן דאָס מאָל אָנגעפירט דײַטשן. נאָר קיי־נער האָט ניט פילמירט און ניט פאָטאָגראַפירט...

האָט אונדז גענומען מאטערן די פראגע: צו וואָס, צו וואָס איז אראנ־זשירט געוואָרן די „אקציע" לעפאָנעם־וועגן? אינגיכן האָט זיך באשטע־טיקט אונדזער האשאָרע, אז קוידעמקאָל זײַנען די ראָצכים אויסן געווען ווירקן אף דער פסיכיק — דערוויַיזן די מענטשן אין געטאָ, אז רעפרע־סיעס קאָנען זיך ענדיקן בכי־טאָוו, און דעריבער דארף מען זיך באהערשן, בלײַבן צו אליץ קאלטבלוטיק, ניט אופהייבן קיין פאניק און ניט שטעלן קיין ווידערשטאנד. און נאָך א וויכטיקער מאָמענט: די היטלעראָווצעס האָבן זיך באזאָרגט מיט קאָנקרעטע „באווײַזן", אז ניט זיי האָבן עס דורכ־געפירט די פאָגראָמען און עקזעקוציעס... אויסער דער געמיינסטער הענ־קער־ארבעט, האָבן די אָרטיקע פאשיסטן אָפגעטאָן פאר זייערע באלעבאָ־טים ניט קיין קליינינקער שמוציקע דינסט — געהאָלפן זיי פאבריצירן פאר זיך „אליביס" — „אומשולד"־דאָקומענטן. ניט אומזיסט האָט די בערלינער פרעסע געהאט באלד פארעפנטלעכט פאָטאָס, וואָס האָבן געדארפט פאר־שווארצן דאָס פאָנעם פון די ליטווינער אין די אויגן פון דער וועלט.

## לעבנס־קוויטלעך

מענטשן, אלע די, וואָס ווילן לעבן נאָכן בלוטיקן מאבול, זײַט אונדז מויכל. זײַט מויכל אונדזערע שוואכקײַטן, די שוואכקײַטן, וואָס זײַנען אייגנטימלעך מענטשן.

ס'איז אונדז זייער ביטער, זייער און זייער שלעכט. יעדערער באזונ־דער און אלע איניינעם צאפלען מיר זיך אין דער שטײַג, וווהין מע האָט אונדז ארײַנגעטריבן. אָפהענטיקע פארלאָזן זיך אף ניסים, אָבער א סאך פרוּוון עפעס טאָן מאמאָשעסדיקס, פרוּוון זיך העלפן. אָפטמאָל, ס'זאָל זיך ניט דאכטן, אז זיי פארלאָזן זיך אף ניסים...

אין דער גרויסער פארלוירנקײַט האָט פיל פון אונדז ארומגעכאפט א מאניע זיך צו באזאָרגן מיט צעטלעך פון קאָלערליי ארבעט־פלעצער. אן עמעסער צײַגעניש־פיבער איז עס. מע זוכט, מע קריגט, מע בײַט זיך מיט פאפירלעך. מע פרוּווט מיטן סייכל־האיאָשער פעסטשטעלן, וועלכע פון זיי

זײַנען „גוטע״ און װעלכע — „שװאַכע״, דאָס הייסט, װעלכע קאָנען האָבן א שטיקל װערט בא די היטלעראָװצעס און אף װעלכע זיי װעלן אין דער אנטשיידנדיקער רעגע זיך אפילע ניט אומקוקן.

דער אוילעם זאמלט די קװיטלעך, װאָס מע באקומט נאָכן טאָג צװאנג־ארבעט. מע האָפט, אז אָט די קליינינקע פירקאנטיקע שטיקעלעך פּאפּיר, אף װעלכע ס'איז ארופגעשטעלט בלויז דער שטעמפּל מיטן שפּארבער און האקנקרייץ פון דער אונטערנעמונג, װוּ מע האָט דעם טאָג אָפּגעהאָרעװעט, װעלן שיצן זייערע אייגנטימער. װאָס מער קװיטלעך, אלץ בעסער. אנדערע, די מער מעיוכעסע, האָבן בא זיך שטענדיק די צײַגעניש, אז זיי זײַנען באשעפטיקט אין דער ייִדישער „זעלבסטפארװאלטונג״ פון געטאָ. זיי מיינען, אז דאָס װעט אי זיי, אי זייערע מישפּאָכעס באװאָרענען פון ארויספירעניש און אומקום. די, װעלכע טראָגן אן אָרעמבאנד פון א „טשין״ אין דער ייִדישער געטאָ־אדמיניסטראציע, שפּירן זיך שיר ניט װי הינטער אן אײַזערנער װאנט.

און דאָ האָט אלעמענס מויכעס אינגאנצן צעמישט א נײַע יעדיִע: דער היטלעריסטישער שטאָט־קאָמיסאר האָט דורך זײַן מעמונע פאר „יודען־אנגעלעגענהײַטן״ איבערגעגעבן דער ייִדישער געטאָ־אדמיניסטראציע פינף טויזנט צײַגענישן צו צעטיילן די האנטװערקער, װעלכע האָבן אף זײַן באפעל זיך געהאט רעגיסטרירט מיט אייניקע טעג צוריק. נײַע פּאַ־פּירלעך, נײַע דאָקומענטן...

א לויטערער, מעכײַעדיקער סענטיאבער־טאָג. װייניק מענטשן האָט מען גענומען הײַנט צו דער ארבעט. דרייט מען זיך ארום פּוסטעפּאס איבער דער געטאָ. אז מע דערװויסט זיך װעגן די נײַע צײַגענישן, װערט באלד איבערפול דער הויף פון דער ייִדישער געטאָ־אדמיניסטראציע, װוּ עס הייבט זיך טאקע אָן זייער פּארטיילונג. כאָשעדיק איז דאָס, װאָס א צײַגעניש װערט ארויסגעגעבן אויך פאר יעדן פאמיליע־מיטגליד פונעם רעגיסטרירטן האנטװערקער.

פארשפּרייט זיך בליץ־שנעל דער קלאנג, אז ניט קיין פּאָשעטע דאָקו־מענטן זײַנען עס, נאָר עמעסע לעבנס־קװיטלעך. װער סע װעט אזא בא־זיצן, בלײַבט לעבן. װער ניט — װערט ארויסגעפירט. מעגלעך — אף אומקום.

פרומע ייִדן װערן דערשיטערט: ס'איז הײַנט שמיני־אצערעס! אין אָט דעם טאָג װערט יאָר־יערלעך אין הימל ארויסגעגעבן איטלעך איינעם זײַן, אום יאָמקיפּער געכאסמעט, גוירל־קװיטל. דאָס מאָל געשעט עס אף דער ערד בעפּויעל־מאַמעש — מי לעכאִים, מי לעמאָװעס...

א צערודערונג, א בעהאָלע. מאכנעס מענטשן פארפּלייצן דעם פּלאץ פארן הויז פון דער געטאָ־אדמיניסטראציע. מע פּרוּװט ארײַנדרינגען אינ־װייניק — בעטן, מאָנען, פאָדערן פאר זיך א צײַגעניש. מע צעטראָגט טיר־און־טויער. מע רײַסט זיך ארײַן אין דער געבײַדע. גיט אהער די לעבנס־קװיטלעך! װוּ זײַנען די טײלער?!

די „אסקאָנים״ װײַזן איינער אפן אנדערן. איינעם פון זיי איז מען שיר ניט דוירעס. א צװייטער ראטעװעט זיך, שפּרינגענדיק דורכן פענצטער.

נעמט דער אוילעם אליין באלעבאטעווען: שופלאָדן, שאפקעס ווערן אופ־געריסן און דורכגענישטערט. ניטאָ די צײַגענישן!

מע נעמט איבעריידן, אז פאר גרויסע געלטער אָדער ווערט־זאכן קאָן מען אײַנהאנדלען א צײַגעניש, טאקע בא די נײַע קאַהאַלשע קאָכלעפל. באלד ווערט אויך דערוויזן מיט פאקטן, אז מעקוראָווים פון די טאקיפים אין דער יידישער געטאָ־אדמיניסטראציע זײַנען שויך, באַרעכהאשעם, פארזאָרגט מיט לעבנס־קוויטלעך, זיי און די איבעריקע אנשיי־שלוימיינו.

דער אוילעם, שפּירנדיק, אז עפּעס ניט גערעכטס ווערט בעשטיקע אָפּ־געטאָן הינטער זײַן רוקן, נעמט מיט געבײַלטע פויסטן פאָדערן יוישער. טײַנעס מישן זיך צונויף מיט פארצווייפלטע וואָרעננגען און דראָונגען צו די, וועלכע באגייען א הימלשרײַענדיקע אוולע.

אלץ דרייסטער ווערט אָבער ארויסגעזאָגט די מיינונג:

— פארוואָס דארפן לעבן בלײַבן בלויז די, וועמען די דײַטשן האָבן נייטיק?

דערווידערט א פאריסענע שטים:

— ס׳איז פאר האנטווערקער! פאר פאכלײַט, וואָס ארבעטן מיט זייער שווייס!

די דאָזיקע ווערטער האלטן אונטער היסטערישע קוילעס:

— מיר פינצטערן א גאנץ לעבן, מיר האָרעווען! אף אונדז האלט זיך די געטאָ. מעגן מיר כאָטש איין מאָל פון עפּעס געניסן. נאָר פאר האנט־ווערקער!

שרײַט עמעצער אלעמען אריבער:

— אלע ווילן לעבן, אלע!

דער געדראנג ארום הויז פון דער געטאָ־אדמיניסטראציע ווערט אלץ גרעסער. מענטשן פארלירן דעם קאָנטראָל איבער זיך. די אופרעגונג שטײַגט, צעוואַלגערט אלע צוימען:

— ווּ זײַנען זיי, די מאכערס! אופהענגען זיי!

פאראַן אויך אזוינע, וואָס רופן צו דיסציפּלין:

— יידן, האלט זיך אײַן! דײַטשן וועלן אָנלויפן. אָד־און־וויי וועט זײַן צו אונדז אלעמען. וועט אײַך זײַן בעסער, אז די ראָצכים וועלן באלעבאַ־טעווען? בלוט וועט זיך גיסן, און איר וועט שווײַגן, ווי די צוציקעס.

אף דעם קומט אן ענטפער:

— ווען אייגענע באגייען אן אומגערעכטיקײַט, טוט שטארקער וויי. בעסער באאוולט ווערן פון פרעמדע.

ס׳געפינט זיך אויך אײַן א מעיושעווע מיינונג, וואָס וויל בארוּיקן די געמיטער:

— מימאָנעפשעך, אויב די צעטלעך זײַנען באשטימט פאר באלמעלאָ־כעס, זאָל אזוי בלײַבן. אזוי איז מינאסטאם באשערט. מע מוז מאשלים זײַן מיטן גזאר. אויב אָבער עס רעדט זיך וועגן פארטיילן לויט אײַנ־זעעניש, פרעגט זיך: וויאזוי עס טאָן? מיט וואָס איז, לעמאָשל, מוישע כאָשעווער פון טעוויען? סײַדן ווארפן גוירל. לויט א לאָטעריי... וועמענס מאזל ס׳וועט אויסטראָגן...

די דאָזיקע ווערטער האַלטן אונטער אַנטשלאָסענע קוילעס:
— יידן, ווער האָט רעכט צו פּאַסקענען: דער בלייבט לעבן און יענער גייט פאַר אַ קאָרבן?!

די מענטשן־מאַסע קאָן זיך ניט באַהערשן — שוימט, ברויזט, איז קאַפּאַבל איבערקערן וועלטן. וואָס איז דער וווּנדער? דער מאַלכאַמאָוועס פאַרפּאָכעט זיך איבער איר מיט זיין קאָסע, און די מילדע סענטיאַבער־זון לאָזט זיך בענימעסדיק אַראָפּ צום מיירעווודיקן הימל־ראַנד, צינדט דאָרט אָן אַ מוירעדיק־גרויסן, בלוטנדיקן מיזבייעך־שייטער.

...איך באַוויי'ז זיך זעלטן אין גאַס, מייד אויס איבעריקע באַגעגענישן מיט מענטשן. מע טאָר ניט וויסן, אַז אונדזער געזעלשאַפטלעך אַקטיווע מישפּאָכע, באַקאַנט מיט איר פּראָגרעסיווער אָנשויונג און אַנטיפּאַשיסטישער טעטיקייט, געפינט זיך אין געטאָ. אומקערנדיק זיך קיין קאָוונע נאָכן אומגעלונגענעם פּרווו זיך צו עוואַקויִרן, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז ווי נאָר די היטלעראָווצעס האָבן פאַרכאַפּט די שטאָט, אַזוי האָבן צעיִרשעטע אָרטיקע פאַשיסטן אונדז געזוכט אין דער היים. געזוכט און ניט געפונען. איצט, ווען זיי דערוויסן זיך...

זיך איך, ווי ווייט מעגלעך, אינעם ווינקל, וווּ מיר האָבן אַ שטיקל אָפּדאַך געפונען. פּלוצעם זוכט מיך אָפּ אַ גוטער באַקאַנטער, וואָס פאַרנעמט איצט אַן אָנגעזעענעם פּאָסטן אין דער געטאָ־אַדמיניסטראַציע, און גיט מיר איבער בעסאָד פון די אַנדערע דירע־שכיינים אַ „האַנטווערקערציי גענעניש".

— זייט וויסן, — דערקלערט ער דערביי, — אַז איצט זייט איר אַ בעטאָנשטשיק. כ'האָב אייך אַריינגעטראָגן אין דער ליסטע. עטוואָס געענדערט אייער פאַמיליע־נאָמען. מיר האָבן, פאַרשטייט איר, געמאַכט נייע ליסטעס. אַריינגעשטעלט פאַרדינסטפולע מענטשן.

איך בין געפּלעפט, נעם מורמלען:
— צו וואָס? וואָס זאָל איך מיט דעם...

— אָ, רעדט ניט! — האַקט מיך איבער דער געקומענער. — מע קאָן ניט זאָגן מיט דער פולער זיכערקייט, נאָר מעגלעך, אַז ס'איז אַ לעבנסדאָקומענט. מיר זיינען כוישעד, אַז די דייטשן ווילן איבערלאָזן נאָר, ווי זיי דריקן זיך אויס, „נוצלעכע יודען". האָבן מיר באַשלאָסן: אויב אַ טייל פון דער געטאָ־באַפעלקערונג איז באַשערט צו בלייבן אויף אַן אָרט, ס'הייסט, בלייבן לעבן, דאַרפן אינעם טייל זיין פאַרגעשטעלט אַלע שיכטן פון דער געזעלשאַפט. דאַרפן בלייבן ווערטפולע, פאַרדינסטפולע מענטשן. מע מוז זוכן אַ גערעכטע לייזונג.

— אַ גערעכטע? קאָן מען אין אַזאַ צוזאַמענהאַנג ריידן וועגן גערעכטיקייט? — ציטער איך אַזש אויף. — און ווער קאָן פעסטשטעלן — יאָ פאַרדינסטפול, ניט פאַרדינסטפול? ווער האָט דאָס רעכט צו נעמען אויף זיך...

— איך וויל ניט דיסקוטירן, — האַקט מיך איבער דער געקומענער,

אײַלנדיק אוועקצוגיין. — ניטאָ מער קיין קויעך צו דיסקוטירן. פינף טויזנט צײַגעענישן אַף קאָרעוו דרײַסיק טויזנט נעפּאַשעס! זײַט א בעריע און פּאַרטײלט געדעכטיק... מיר גיבן איצט צו איין לעגיטימאַציע אַף א פאַמיליע, פאַרן מישפּאָכע־ראָש. עפּשער וועט עס גילטן אויך פאַר די איבעריקע מיטגלידער. פאַרגעסט ניט, אז ס׳איז, קאָן מען זאָגן, א לעבנס־דאָקומענט.

געוויס איז מײַן באַקאַנטער געקומען, באַוועגט פון די בעסטע געפילן צו מיר, און איך האָב אים קימאַט ווי ניט באַדאַנקט פאַר דער אַרויסגעוויזענער אויפמערקזאַמקײַט. ער איז אַוועק א באַרויִגעזער.

אַפן טיש איז געבליבן ליגן ניט קיין גרויס קאַרטל פון שטײַף ווײַס פּאַפּיר. אַף אים איז מיט קידעש־לעוואָנע־אויסיעס געוועזן אָפּגעדרוקט: „צײַגעניש פאַר יידישע האַנטווערקער״. אין רעכטן ווינקל אונטן מיט קליינע בוכשטאַבן: „אונטערגעשריבן אין אופטראַג פונעם געביטס־קאָמיסאַר אין קאָוען (קאָוונאָ)־שטאָט — פּריץ יאָרדאַן״. קיין אונטערשריפט איז אָבער ניט געוועזן. א פּולשטענדיק אַנאָנים פּאַפּירל — אָן א נאָמען, אָן א פּאָטאָ. אויך שטעלן א שטעמפּל און אײגנהאַנטיק אונטערשרײַבן זיך אַף א דאָקומענט פאַר יידן האָט אונדזער העגקער יאָרדאַן געהאַלטן פאַר א פּכיסעס־האַקאָוועד.

לאַנג בלײַבט ליגן אויבנוף די „האַנטוועדקער־צײַגעניש״. לאַנג דריי איך זיך א דערשיטערטער אַרום איבערן צימער. כ׳בין פון הײַנט אָן א בעטאַנשטשיק. א לעבנס־קוויטל האָט מען מיר אַרײַנגעטראָגן אין שטוב. מע האָט מיך צוגערעכנט צו די „פאַרדינסטפולע״ און מע וויל מיך באַוואָרענען פון אומקום. און ווו איז מײַן פרוי און קינד? מײַן פּאָטער און ברודער? און די פיל, פיל אַנדערע? בלויז פינף טויזנט פון קאָרעוו דרײַסיק בלײַבן לעבן! איך קאָן זײַן צווישן די פינף. גאָט מײַנער, ווי מײַדט מען אויס דעם ניסאָיען?

כ׳האָב ווי מוירע געהאַט אָנרירן דאָס דאָקומענטל. עס שיר ניט געוואָלט צערײַסן. נאָר באַטראַכט זיך: עפּשער עמעצן אָפּגעבן? דערווײַל עס פאַרוקט אונטער דער צעראַטע אַפן טיש, פאַרוקט עס מיט דער שטומער באַקאָשע, ניט צו דאַרפן צו דעם אומקערן זיך אָדער גאָר אָנקומען.

דער שיקזאַל איז געוועזן צו מיר גנעדיק. כ׳האָב אויסגעהיט זיך פון א באַגעגעניש מיט די מעכאַבלים און אויסגעהיט געוואָרן פונעם ניסאָיען.

גאָר אײַנגיכן האָבן די „צײַגענישן פאַר יידישע האַנטווערקער״, אין אונדזער אומגאַנגס־שפּראַך — „יאָרדאַן־שײַנען״, פאַרלוירן זייער גילטיקײַט. די לעבנס־קוויטלעך זײַנען ווי באָטל־אומעוווטל געוואָרן.

זײַט מויכל, מענטשן, די אַלע, וואָס האָבן זיך געיאָגט נאָך די דאָזיקע פּאַפּירלעך. פאַרורטײלט אונדז ניט פאַר אַרויסגעוויזענע שוואַכקײַטן און קליינמוט. ווענדט אָן די מידאַס־האָראַכאַמים פאַר באַגאַנגענע טאָעסן און אַפילע כאַטאָיִם. טאָגטעגלעך — בעכאָל אײס אובעכאָל שאָ[1] — קוקן מיר דעם טויט אין די אויגן. און ניט אַלע האַלטן דאָס אויס.

---

[1] בכל עת ובכל שעה — צו יעדער צײַט און יעדער שאָ.

## אף מאָרגן נאָך אַן „אקציע"

כ'וואָלט געוועזן א באַלן א קוק טאָן אפן טערמאָמעטער. לויטן קאַלענ־דאר איז סאָף סענטיאַבער, און קיין סימען ניט פונעם הארבסט: דער הימל איז בלוי און לויטער. א שעפּע זונשײַן בלענדט די אויגן, נאָר מיך שוי־דערט פון קעלט. און, ווײַזט אויס, ניט נאָר מיך. די מענטשן, וועלכע איך זע ארום זיך, זײַנען אײַנגעשרומפּן, אײַנגעהויקערט, ווי זיי וואָלטן פרירן. וויפל גראַד פראָסט קאָן ווײַזן דער טערמאָמעטער?

נעכטן אינדערפרי, איידער דאָס איז געשען, האָבן מיר זיך מעכײַע געווען מיט די ווארעמע צערטלעכקײַטן פונעם „ווײַבערשן זומער". און הײַנט העגנט אין דער לופט, דורכגענומען אף דורך און דורך מיט פראָסט, דער העמשעך פונעם שרעקלעכן נעכטיקן נאָכמיטיק און פון דעם נאָך שרעקלעכערן פארנאכט.

נעכטן נאָכמיטיק: באוואָפנטע היטלעראָווצעס מיט האנט־גראנאטן אף די גארטלען האָבן ארומגערינגלט א געטאָ־קווארטאל, ארויסגעטריבן פון די הײַזער די אײַנוווינער און אָפּגעקליבן טויזנט מענטשן. ס'האָט געהייסן, אז מע טיילט אויס די ניט פייקע צו ארבעט, קעדיי זיי אריבערצופירן (אינעם אָפיציעלן היטלעריסטישן לאָשן — „אומזידעלן") אין א „ספּעצי־עלער" געטאָ. דאָרט זאָל קלוימערשט ניט גילטן די ארבעט־פליכט און מע לעבט אין בעסערע באדינגונגען... מיט רעציכע האָט מען צעשיידט מיש־פּאָכעס: איינעם — אהער, דעם צווייטן — אהין, אף יענער, דער „שלעכ־טער" זײַט. יאָ, אזוי האָט דער אוילעם געפּאסקנט: אהין — איז די „שלעכטע" זײַט. מע האָט די אָפּגעקליבענע, שטרענג באוואכטע טויזנט מענטשן אוועקגעטריבן צופוס בארג־ארוף, אויסער דער שטאָט, אוועק־געטריבן ווי זיי שטייען און גייען.

און פארנאכט: א ווײַטע לאנגדויערנדיקע קוילנוואַרפער־שיסערײַ האָט זיך געטראָגן פון דאָרט, וווהין מע האָט די טויזנט „ניט־ארבעטפיי־קע" אוועקגעטריבן.

ווען ס'איז טונקל געוואָרן, האָט זיך פון בארג אראָפּגעלאָזט א קאָלאָנע קריגסגעפאנגענע — א פּראָצעסיע פון שווײַגנדיקע גרויע שאָטנס. שוין ניט צום ערשטן מאָל, ווי מיר זעען זיי באטאָג זיך שלעפּן פארבײַ דער געטאָ בארג־ארוף, פון אָוונט — אראָפּלאָזן זיך פון בארג צוריק אין שטאָט ארײַן. עמעס, הײַנט, צוליב דער בעהאָלע, האָבן מיר ניט באמערקט, ווי זיי זײַנען ארוף אפן בארג. וואָס טוען זיי דאָרט? אונדז האָבן דערגרייכט קלאַנגען, אז מע צווינגט זיי אין דער זאָנע פונעם נײַנטן פאָרט פון דער אמאָליקער שטאָט־פעסטונג גראָבן מאסן־קווארים און פארשיטן, נאָך דעם, ווי זיי ווערן פארפולט מיט הארוגים...

ניט נאָר מיר אליין איז בייס דער נעכטיקער מענטשן־כאַפּעניש כאָ־שעדיק געוואָרן דער אויסרייד וועגן דער „ספּעציעלער געטאָ פאר ניט־ארבעטפייקע". האָט דאָך דער געסטאַפּאָוועץ, אָפּקלײַבנדיק די מענטשן, באשטימט אהין מײַן באקאנטן, דעם אינזשעניער נון — א הויכער, ברייט־

פלייציקער גוואר. אויך די אויסגעצייכנטע ספּאָרטלערן פּרייסקעל איז אוועקגעטריבן געוואָרן מיט די, וועלכע „טויגן ניט אַף ארבעט"...

איך בין קימאט זיכער, אז מיר האָבן נעכטן איבערגעלעבט נאָך איין „אויסשיטערונג", נאָך איין „אקציע", נאָך איין מאסן־שכיטע. פונדעסט־וועגן פארלירן אנדערע ניט די האָפענונג, ריכטיקער געזאָגט, ווילן זי ניט פארלירן. איבערהויפּט האָפן די געליטענע. און בעעמעס, ווער קאָן מאַש־לים זײַן מיטן געדאנק, אז אַט האָסטו געהאט טאטע־מאמע, ברידער און שוועסטער, א פרוי, א קינד, און אַט זײַנען זיי ניטאָ. טרייסטו זיך: מע האָט זיי אריבערגעפירט ערגעץ אין א געטאָ, אין א לאגער. מעגלעך, אז די דײַטשן האָבן אָפּגענארט, און די באדינגונגען זײַנען דאָרט הארבער, ווי בא אונדז. אָבער זיי לעבן, די לײַבלעך אייגענע און טײַערע. ווי קאָן גאָר אנדערש זײַן? מע וועט דאָך ניט נעמען סטאם אין דער וועלט ארײַן אומ־שולדיקע מענטשן און...

נאָר די ווײַטע, אומענדלעכע שיסערײַ? און דער גרויער קאראוואַן קריגסגעפאנגענע? ליידער, ווייסן מיר שוין, וואָס דאָס באטײַט... און דאָס אוועקשיקן צום טויט קרעפטיקע מענטשן, און דאָס איבערלאָזן אַף דער „גוטער" זײַט פיזיש שוואכע, לעכאָלהאדייעס, ניט קיין ארבעטפייִקע?

איינער דערקלערט עס אזוי:

— גיט מיר א שמעק טאבעק פאר אונדזער לעבן. הײַנט — זיי, מאָרגן — מיר. אלציינס, ווער עס גייט אוועק אין אן אקציע, ווער עס בלײַבט. ס'איז נאָר א פראגע פון צײַט. מע שפּילט זיך מיט אונדז אין קאץ־און־מויז, מע פירט אונדז אין בלוט־באָד ארײַן...

קומט א צווייטער מיט זײַנע אויספירן:

— מיינט ניט, אז זייער אָפּקלײַב האָט ניט זײַן לאָגיק. אז מע וועט לאָזן אין געטאָ יידן איינע אין איינע, וועלן דאָך קאָנען אופקומען ספּיי־קעס אין דער „ראסן־לערע", לויט וועלכער מיר זײַנען מינדערווערטיקע באשעפענישן. איז נאט אײַך א הויקער, א קריפּל, א כאָלוש... דאָס בא־טײַט, אז זיי וועלן אונדז לאָזן זשיפּען.

ווי קאָן מען אָבער לעבן אין דער מוירעדיקער קעלט פון נאָך אן „אק־ציע"?

## ניסים

שוין עטלעכע כאדאָשים, ווי מיר זײַנען פארשפּארט הינטערן שטעכ־דראָט. מיר שטייען אוף, ניט ווייסנדיק, צי ס'וועט אויסקומען זיך לייגן שלאָפן. מיר לייגן זיך שלאָפן, ניט זיכערע, אז אונדז וועט זײַן באשערט באגעגענען דעם נײַעם טאָג־אופגאנג. קוילן פאסעווען די געטאָ א רונדן מעסלעס. דירעקט אָנגעצילטע, טרעפן זיי אין מענטשן. זיי טוען אָפּ זייער בלוטיקע מעלאָכע אויך צופעליק — ארײַנפליִענדיק דורך א פענצטער, דורכזעצנדיק א דינע הילצערנע וואנט. און שטענדיק — „אקציעס", „אק־ציעס"...

מיר שטייען אפן ראנד פון אומקום. פונדעסטוועגן טליִעט אין דער מערהײַט פון אונדז די האָפענונג. מע איז איבערצײַגט, אז לאנג קאָן עס ניט בלײַבן. צי קאָן דערטרינקען די וועלט, די שיינע וועלט, א מאבל פון דורכויסיקער רישעס? עס מוז קומען די ישועה. זאָל זײַן דורך א נעס, אן איבערנאטירלעכן וווּנדער, זאָל זײַן אין דער לעצטער, אין דער סאמע לעצטער מינוט.

וואָס טראכטן ניט אויס פארורטיילטע? וועלכע מעשונעדיקסטע האַ־שאָרעס שטעלן זיי ניט אוף, ארויסקוקנדיק אפן וווּנדער, וואָס דארף צו־נישט מאכן דעם הארבן פּסאקדין? מענטשן, אָפטמאָל ניכטערע און זייער זאכלעכע, נעמען אליין גלייבן אין אומגלייבלעכסטן, ווילן איבערצײַגן אין דעם אפילע אנדערע.

— מע זאָגט, אז צען טויזנט אעראָפּלאנען האָבן די טעג באָמבארדירט בערלין. עס נעמט א סאָף צו דער מילכאָמע.

— מע גיט איבער, אז היטלער איז פאקטיש ניטאָ מער. זײַנע גענע־ראלן האָבן פארכאפּט די מאכט און לייגן פּאָר שאָלעם.

— דאָס איז א שטרענגער סאָד, נאָר זײַט וויסן, ס'איז א זיכערע יעדיִע, אז אין די יאנעווער וועלדער, א קילאָמעטער פערציק פונדאנען, האָט זיך אראָפּגעלאָזט א סאָוועטישער דעסאנט, וואָס גייט באפרײַען קאָוונע.

אָפּגעזונדערט פונעם ארום, אָפּגעשניטן פון דער גאָרער וועלט — אָן א צײַטונג, אָן ראדיִאָ — איז מען אָנגעשפּיצט צו יעטווידער יעדיִע, וואָס גרייכט דעם אויער. דערגייט עפּעס א קלאנג, ווערן באלד באשאפן זײַנע מעשונעדיקסטע ווארִיאנטן. ווער איר, לעמאָשל, פרעגן, וויִאזוי לאָזט זיך שיקן א דעסאנט אין די יאנעוועו וועלדער, בייס דער פראָנט האָט זיך אוועקגערוקט קיין מיזרעך אף הונדערטער קילאָמעטער פונדאנען? און פארוואָס גייט מען באפרײַען דאפקע קאָוונע? צי בלויז דערפאר, ווײַל מיר זײַנען דאָ פארשפּארט אין געטאָ? זוכט ניט קיין לאָגיק. עמעצער האָט שטארק געוואָלט, עס זאָל אזוי געשען, איז אופגעקומען די „זיכערע" יעדיִע, וועלכע איינער האָט דעם אנדערן געגומען פארטרויען בעסאָד... צו עמעצן איז, אפּאָנעם, דערגאנגען דער קלאנג וועגן דעם פאראקשנטן ווידערשטאנד, וואָס רעשטן פון סאָוועטישע מיליטער־טיילן שטעלן דעם סוינע אין די וועלדער פון ארום קאָוונע. און דאָס איז געווען גענוג.

מיר גופע איז אויסגעקומען בײַזײַן באם געבורט פון אן ענלעכער וווּנדער־יעדיִע.

א גרופּע מענער האָט זיך צוריקגעקערט פון דער צוואנג־ארבעט. ווי געוויינלעך, איז מען זי באפאלן מיט דער פראגע: „וואָס הערט זיך אין שטאָט?"

— אין שטאָט האָט מען געזונגען די סאָוועטישע ליד „דרײַ טאנקיסטן", געזונגען זי הילכיק, דרייסט, מונטער. דאָס געזאנג האָט זיך געהערט אין עטלעכע גאסן,— האָבן דערציילט די מענטשן.

די דאָזיקע יעדיִע האָט אלעמען אופגערודערט.

— ווען האָט מען געהערט? ווו? וויִאזוי?

— הײַנט אינדערפרי,— האָבן געענטפערט די געקומענע פון שטאָט.

האָט מען זיך פֿאַרטראַכט: „הײַנט אינדערפֿרי... אין שטאָט... מאָדנע. ס'איז שוין אָוונט, און ביז איצט האָט קיין זאַך זיך ניט געענדערט. די זעלבע שטעכיקע דראָטן, די זעלבע באַוואָפֿנטע באַוואַכונג, די זעלבע געלע לאַטעס...”

איבער דער געטאָ האָט זיך אָבער פֿאַרשפּרייט די נײַס וועגן סאָוועטישע שלאַכטלײַט, וועלכע מאַרשירן אין שטאָט מיט געזאַנגען...

אינגיכן האָט זיך אויפֿגעקלערט די געשיכטע: ס'האָבן געזונגען סאָוועטישע קריגסגעפֿאַנגענע, געשפּעט מיט דעם פֿונעם סוינע, וואָס האָט געוואָלט ברעכן זייער גײַסט.

דער דאָזיקער נײַער „נעס” האָט, פֿאַרשטייט זיך, ניט געבראַכט די דערוואַרטע ישועה. עמעצער פֿון צווישן אונדז האָט איבערגעלעבט אַ נײַע אַנטוישונג. מיר זײַנען אָבער געוועזן דאַנקבאַר יענע, וואָס האָבן אַן איבעריק מאָל אויפֿגעבלאָזן אין אונדז די טליִענדיקע האָפֿענונג־פֿונקען, דאַנקבאַר דערפֿאַר, ווײַל זיי האָבן, זאָל זײַן בלויז אויף אַן אויגנבליק, געלאָזט אונדז איבערלעבן די אילוזיע פֿון באַפֿרײַונג.

## מענטשן פֿון יענער־וועלט

מענטשן פֿון יענער־וועלט גייען אַרום צווישן אונדז. זיי זײַנען געשטאַנען פּנים־על־פּנים מיטן מלאך־המוות. נאָך מער — זיי האָבן געהאַט אַריבערגעטראָטן די שוועל פֿון זײַן אַלץ פֿאַרלענדנדיקער מלוכה.

מאָטל יעד, אַ באָכערל פֿון אַ יאָר זעכצן, באַווײַזט מיר אַ פֿאַרצויגענעם שראַם אויף זײַן האַלדז און פֿאַרשפּיליעט האַסטיק דעם קראַגן פֿונעם העמדל. זײַן מאַמע (אײַ, די פֿילגעפּרוּווטע, שרעקעוודיקע ייִדישע מאַמע!) וואָרנט אים, ער זאָל, כאַס־וחלילה, קיין וואָרט ניט לאָזן פֿאַלן וועגן דאָזיקן צייכן. פֿאַרטרויט ער מיר בעסאָד־סוידעס:

— אָט דאָ האָט מיך פֿאַרטשעפּעט די קויל. צוזאַמען מיט עפּעס אַ פּאָר הונדערט ייִדישע מענער, אויסגעטאָנענע ביז צום אונטערוועש, האָט מען מיך געהאַט אַרײַנגעטריבן אין גרוב. דערנאָך האָט מען אונדז צעשאָסן, נאָר ניט פֿאַרשאָטן. געלאָזט ליגן, צונויפֿגעוואַלגערטע אייגעם אויפֿן צווייטן. אַז די ראָצכים זײַנען אַוועק, בין איך אַרויסגעקראָכן פֿון גרוב און אַוועקגעפֿויזעט אין אַ זײַט. כ'האָב זיך באַהאַלטן צווישן קוסטעס. לויפֿן איז ניט געווען ווו. אַרום און אַרום האָט זיך געצויגן אַ הויכע ציגלנע וואַנט, פֿון אויבן מיט שטעכיקע דראָטן. ס'איז געווען די אַרומצוימונג פֿונעם פֿאָרט, וווּ מע האָט אונדז געהאַלטן פֿאַרשפּאַרט. כ'האָב מוירע געהאַט פֿון אָרט זיך רירן. כ'בין דאָך געווען אין אײנע אונטערוועש, אויסגעשמירטע אין בלוט. האָב איך געוואַרט, עס זאָל ווערן טונקל. דערווײַל זײַנען נײַע מענטשן צעשאָסן געוואָרן בײַ דער גרוב... פֿון אָוונט האָט מען אַרויסגעפֿירט פֿונעם פֿאָרט־קעלער אַ גרופּע פֿאַרשפּאַרטע פּרויען כאַפּן פֿרישע לופֿט. האָב איך מיך אַרײַנגעגאַנוועט צו זיי אין קעלער. און שטעלט זיך פֿאָר, כ'האָב דאָרט געטראָפֿן מײַן עלטערע שוועסטער. מע

האָט זי צוזאמען מיט מיר געהאט געכאפּט אין שטאָט. איך ווייס אליין ניט פונוואנען, נאָר די שוועסטער האָט פאר מיר אויסגעזוכט עפּעס א קליידל. כ׳האָב עס אָנגעטאָן און בין שוין ווי א מיידל געבליבן מיט די פרויען. די פארהאלטענע מענער האָט מען אלע ביז איינעם אומגעבראכט, אָבער די פרויען אין עטלעכע טעג ארום ארויסגעלאָזט... ווען כ׳האָב אָנגעקלאפּט אין אונדזער טיר, האָט די מאמע מיך ניט געוואָלט ארײַנלאָזן. זי האָט געהערט, אז מע האָט מיך דערשאָסן... „דאָס בין איך, מאמע, איך, מאָטל״, — האָב איך זי פארזיכערט. זי האָט געכאלעשט, דערזעענדיק מיך, אָן אופגעשטאנענעם טכיעס־האמייסים, דערצו נאָך אין א קליידל, מיט א טיכל אפן קאָפּ...

אויב מירן בלײַבן לעבן, וועלן מיר אלע זײַן מענטשן פון יענער־וועלט.

## טרײַשאפט

איך שטויס זיך אָפּט אָן אינעם יונגן ווײַבל, דער שכיינע אונדזערער. מיר לעבן דאָך אין איין געמיינזאמער דירע. פארבײַגייענדיק, לאָזט זי שטענדיק אראָפּ דעם בליק, און דאָס בלאסע פּאָנעם אירס שטארבט אײַנגאנצן אָפּ.

מיר זײַנען פּײַנלעך די דאָזיקע באגעגענישן. איך געהער, לעכאָלהאַ־דייעס, צו דער קאטעגאָריע „אינטעליגענטן״ און האָב זיך ניט צוגעשטעלט צום טויער, ווען די מוישלים אונדזערע האָבן גלײַך נאָכן שליסן די געטאָ געפּאָדערט, עס זאָלן זיך מאָרגן־פרי פרײַוויליק מעלדן פינף הונדערט „אינטעליגענטע, גוט געקליידעטע מענער צו אן אינטעליגענטער ארבעט״. איר מאן, וואָס איז געווען א פּאָשעטער עלעקטראָמאָנטיאָר, איז גאָר אײַנגעפאלן זיך צו מעלדן. איז ער, ווי מע זאָגט איצט אין געטאָ, „אוועק מיט דער אינטעליגענטן־אקציע״, און ווי אין וואסער ארײַן.

פארן לייגן זיך שלאָפן ערעוו דער „אינטעליגענטן־אקציע״ האָבן די אײַנוווינער פון אונדזער דירע, ניט צונויפגערעדטערהייט, זיך געהאט צונויפגעקומען צו א יישעוו־האדאס: וואָס קאָן באטײַטן די פּאָדערונג פון דער מאכט? זאָל מען גיין מאָרגן צום טויער אָדער ניט?

צופעליק אײַנגעקווארטירטע אין דער דירע, האָבן מיר נאָך גוט ניט געקענט איינער דעם אנדערן. האָט מען געדארפט זײַן געהיט מיט א וואָרט. נאָר אז מע האָט געוואָלט הערן, וואָס איך טראכט וועגן דעם איניען, האָב איך קורץ געענטפערט:

— איך וועל פרײַוויליק ניט גיין.

דער מאן פונעם יונגן ווײַבל איז אן אופגערעגטער אוועק צו זיך אין צימער.

פארן ארויסגיין אינדערפרי צום טויער, אָנגעטאָן אין א גוטן גארני־טער, א פריש אָפּגעראזירטער, אן אונטערגעצויגענער, האָט ער מיט פאָרוואורף צי אפילע מיט פאראכטונג א קוק געטאָן אף מיר, ווי איינער

זאָגט: „א ביזאָיען ניט צו דערפילן די פליכט לעגאבע דער געטאָ. איר זײַט דאָך אן אינטעליגענט”.

איך קאָן ניט פארגעסן דעם לעצטן קוק זײַנעם. הײַנט וואָס איז שוין דעמלט צו ריידן וועגן דער, וואָס האָט איר לעבן פארבונדן מיטן דאָזיקן מענטשן.

מיר האָבן זיך ניט געמאכט קיין אילוזיעס און געגלייבט די קלאנגען, אז מע האָט די גענומענע צו דער „אינטעליגענטער” ארבעט אומגעבראכט, אין דעם זעלבן טאָג צעשאָסן... אונדזער שכיינע, דאָס יונגע ווײַבל, וואָס האָט איר מאן פארלוירן, לאָזט, קענטיק, קיינע קלאנגען צו זיך ניט צו. זי ווארט טאָג און נאכט. שאָענלאנג בלײַבט זי פארשטארט באם פענצטער. פונעם צווייטן שטאָק, ווו מיר לעבן, האָט זי א גוטן אויסבליק אפן געסל. קוקט זי אויס אירע אויגן: עפשער, עפשער וועט ער זיך באווײַזן. דאָס ווײַבל איז צוגעשמידט צום פענצטער דורך עפעס א מוירעדיקער קראפט, וואָס נאָגט אויס איר כּײַעס. איר פריִער בלִיענדיק פּאָנעם איז פארוועלקט געוואָרן. און דער טרויער, דער צאר אין אירע אויסגעלאָשענע אויגן!

די געבליבענע אין געטאָ ראנגלען זיך פאר זייער אויסקומעניש. גייענ־דיק אף ארבעט אין שטאָט, שאפן זיי זיך עפעס אײַן צום עסן. דאָס ווײַבל האלט אוף די נעשאָמע מיטן ביסל שפּײַז, וואָס דער מאן אירער האָט באזאָרגט פארן ארײַנגיין אין געטאָ. און אז דער קליינער שפּײַז־רעזערוו וועט אויסגיין? זי מאכט זיך ניט קיינע כעזשבוינעס, מײַדט אויס די צוואנג־ארבעט, סײַדן מע טרײַבט זי אוועק איבערגוואלד. און ווידער זיצט זי אין שטוב, א צוגעשמידטע צום פענצטער.

א סאך יונגע ווײַבלעך, וואָס האָבן לעצטנס פארלוירן זייערע מענער, טרייסטן זיך. ניט געקוקט אף דעם, וואָס מע איז פארשפּארט הינטערן שטעכדראָט, טוליען זיי זיך צו מאנצבלען, זוכן בא זיי, עפשער ניט אזוי די צערטלעכקײַט, ווי שוץ. עס דאכט זיך, אז הינטערן רוקן פון א מאנצבל איז זיכערער דאָס נאקעטע לעבן. דאָס ווײַבל פונעם עלעקטראָמאָנטיאָר זוכט קיין זאך ניט. זי צאנקט.

מע האָט געפּרוּווט זי באווירקן: די שאָ, וואָס מע לעבט, מוז מען טראכטן וועגן לעבן. מע האָט אפילע איר געגעבן אָנצוהערעניש, אז מאן און ווײַב מוזן זיך טרײַ זײַן, איבערגעגעבן, דארפן אייביק זײַן. אָבער שטארבן צוזאמען, צוזאמען אונטערגיין זײַנען זיי ניט מעכוּייעוו. זי הערט עס אויס און גייט צום פענצטער — אויסקוקן, ווארטן.

גאָר אינגיכן האָט זיך אָנגערוקט די אנטשיידונג. אין א קאלטן, כמור־נעם טאָג פון סאָף הארבסט האָט מען אונדז צונויפגעטריבן אף א פּלאץ, אָפּצוקלײַבן מענטשן „צו ארבעטן אאוסווערטס”, ס'הייסט, ערגעץ אויסער דער געטאָ. דער אוילעם האָט אָבער באלד פעסטגעשטעלט, אז דאָרט, ווו מע זאמלט די אָפּגעקליבענע, איז די „שלעכטע זײַט”. ניט קיין אר־בעט, דער טויט ווארט אף זיי.

אז ס'האָט זיך דערנעענטערט די ריי פונעם יונגן ווײַבל, האָט זי, אָן אײַנגעקוטעטע אין א טונקעלער טוך, גאָר קיין אכט ניט געלייגט אפן געסטאפּאָוועץ, וואָס האָט מיטן ווונק פון דער האנט אָנגעוויזן, וווהין ער

באשטימט יעדן איינעם. ניט ווארטנדיק אפן צייכן, איז זי פּאַשעט געלאָפן צו דער „שלעכטער זײַט". מע האָט איר נאָכגעשריִען, זי זאָל זיך אָפּ־האלטן. פון דער דערפארונג האָבן מיר שוין געוווּסט, אז א יונגן מענטשן אָן א מישפּאָכע באטראכטן די דײַטשן פארן בעסטן ארבעטס־עלעמענט און לאָזן אים איבער אין געטאָ.

זי האָט קיינעם ניט געהערט צי ניט געוואָלט גאָר הערן. ס'האָט זי, מאשמאָעס, געטראָגן דער געדאנק, אז עפּשער וועט זי דאָרט, וווּהין מע וועט פירן, סאָפקאָלסאָף טרעפן דעם מאן. שווער, ניט מער אויסצוהאלטן איז געוואָרן די טרײַשאפט־לאסט.

## אף א לעווײַע

לעווײַעס זײַנען אויך פארבאָטן.

דער מעס אפן טראָגבעטל איז איבערגעדעקט מיט א ברעזענט. פיר מענער טראָגן אים איבערן לײַדיקן ברוק, מאכמעס אלע טראנספּאָרט־מיטלען זײַנען פארבאָטן אין געטאָ. די מענער מיטן טראָגבעטל פארנעמען זיך צום טײַך. דאָרט, אפן ברעג־שיפּוּי זײַנען ארומגעצוימט מיט שטעכ־דראָט צוויי שכיינעסדיקע שטאָכים. אף איינעם, אין א פרישׂ אויסגע־גראָבענער גרויסער און טיפער גרוב ווערט צונויפגעוואָרפן דאָס מיסט פון די מיסטקאסטנס אין געטאָ. אפן צווייטן שעטעך קומען צו קווורע די ניפטאָרים און הארוגים.

לעכאטכילע איז געווען באפוילן צוגרייטן אויך דאָ איין גרויסע, טיפע גרוב פאר די טויטע מענטשן און די געפייגערטע הינט און קעץ... ארגו־מענטירנדיק, אז פון אלגעמיין־שטאָטישע סאניטארע טײַמים קאָן מען ניט האלטן אָפן אזא גרוב, איז געלונגען צו פּויעלן, מע זאָל לאָזן בא־שטאטן די טויטע איטלעכן באזונדער. ס'איז אָבער שטרענג אָנגעזאָגט געוואָרן, אז די קוואָרים זאָלן אויסגעגליכן ווערן מיט דער ערד און זאָלן ניט באצייכנט ווערן מיט קיינע סימאָנים, שוין אָפּגערעדט — מאצייוועס. האָבן זיך ארײַנגעמישט יוריסטן: טאָמער וועט מען צוליב יורידישע מאָ־מענטן דארפן עקסהומירן א מעס, ווי וועט מען געפינען דעם בייטיקן קייווער? האָט מען דערלויבט באצייכענען די קוואָרים מיט נומערן אף קליינע ברעטלעך הארט בא דער ערד־אויבערפלאך.

לעווײַעס זײַנען אָבער געבליבן שטרענג פארבאָטן.

דאָס טראָגבעטל, איבערגעדעקט מיט א כאקי־קאָלירקן ברעזענט (שווארץ, די פארב פון מענטשלעכן טרויער, איז אויך געווען פארבאָטן), ווערט געטראָגן פון פיר מענער איבערן מיטן גאס. אף די טראָטוארן פון ביידע זײַטן — מענטשן, וואָס דארפן מאכן דעם אײַנדרוק פון צופעליקע פארבײַגייער. פּאמעלעך, טראָט בא טראָט, באוועגן זיי זיך אין דער זעלבער ריכטונג, וואָס דאָס טראָגבעטל.

איך געפין זיך אפן טראָטואר צווישן די, וועלכע באגלייטן צו זײַן אייביקער רו דעם הומאניסט און שיינגײַסט, דעם פּראָגרעסיוון אינטע־

ליגענט און אומדערמידלעכן קולטור־טוער, וואָס האָט א לעבן לאנג פאר־שפרייט בילדונג און וויסן צווישן די האָרעפּאשנע פאָלקסמאסן — דעם דאָקטאָר מוישע מאטיס. פון מויל צו מויל האָט זיך צעטראָגן די ידיעה וועגן זײַן טויט. און אָט זײַנען מיר געקומען אָפּגעבן דעם לעצטן קאָוועד דעם מענטשן און מארטירער — איינעם פון די ערשטע קאָרבאָנעס פון אונדזערע אומענטשלעכע לעבנס־באַדינגונגען הינטערן שטעכדראָט. געווען איז ער א בען־שיווים. נאָר געשטאָרבן איז ער, ווײַל מע האָט אים פאָר־שעט ניט געקאָנט געבן די געהעריקע מעדיצינישע הילף, בײַס ער איז קראנק געוואָרן. און קראנק געוואָרן איז ער ווידער צוליב די אומענטש־לעכע לעבנס־באַדינגונגען...

לעוויַיעס זײַנען פארבאָטן. מעגלעך, קעדיי אונדז נאָך מער צו דער־נידעריקן, ניט לאָזן, עס זאָלן אופקומען אין אונדז מענטשלעכע געפילן, און צו פארטיליקן די, וועלכע קומען נאָך אוף; מעגלעך, אויך אויס מוירע, עס זאָל אין געטאָ זיך ניט פארזאמלען קיין גרעסערער האמוין. ווער וועט אונדז אָבער פארבאָטן זיך ווײַזן אין גאס שוין נאָך דער ארבעט, פאר־באָטן פאמעלעך, פאמעלעך נאָכגיין אף די טראָטוארן דער מיט ברעזענט באַדעקטער מיטע?

ניט אָפּגערעדט און ניט וויסנדיק איינער פון צווייטן, זײַנען מיר זיך צונויפגעקומען אף די טראָטוארן און באַוועגן זיך שטומערהייט, ניט ארויסווײַזנדיק, אז מיר גיבן אָפּ דעם ניפטער דעם לעצטן קאָוועד. מיר ווײַזן אויך ניט ארויס, אז מיר האָבן עפּעס געמיינזאמס איינער מיטן צווייטן, מיר, געוועזענע פען־מענטשן, קולטור־טוער, ליבהאָבער פון לי־טעראטור און קונסט.

דאכט זיך, גאָרניט אזוי לאנג, ווי מיר פלעגן זיך באַגעגענען באַם דאָקטאָר מאטיס. זײַן אָפענע שטוב, זײַן אָפן הארץ און אָפענע קעשענע האָבן אין דער בורזשואזער ליטע געשאפן די נייטיקע פאָרבאַדינגונגען, אז יונגע ייִדישע שרײַבער זאָלן קאָנען ארויסגעבן זייערע אלמאנאכן און ביכער. באַ זײַן דירעקטער מיטהילף האָט מען אָפט צונויפגעקליבן מיט־לען אף צו עפענען פאָלקס־ביבליאָטעקן, אף אײַנצוואָרדענען אויסשטע־לונגען פון קינסטלער. ער פלעגט ארויסבאַקומען באַ דער מאכט די דער־לויבענישן צו אָרגאניזירן עפנטלעכע אופטריטן און באַגעגענישן מיט אויסלענדישע שרײַבער און פּראָגרעסיווע קולטור־טוער. די דאָזיקע אונ־טערנעמונגען פלעגן אָנפילן מיט א נעשאָמע־יעסיירע אונדזער גרויען אלטאָג, ברענגען אן עמעסן יאָמטעוו דעם פאָלקסמענטשן, וואָס האָט געבענקט נאָך קולטור און גײַסטיקע ווערטן. אז דער פלייטים־שטראָם פונעם אָקופּירטן דורך די היטלער־פאשיסטן פּוילן האָט געבראכט קיין קאָוונע שרײַבער, וויסנשאפטלער, געזעלשאפטלעכע טוער, זײַנען די טירן פון מאטיסעס שטוב געווען ברייט אופגעפראלט פאר די געיאָגטע און געפּלאָגטע.

צוליב דעם אלעם פלעגן מיר זיך אָפט טרעפן דאָרט. איצט האָט דאָק־טאָר מאטיס אונדז ווידער צונויפגעפירט... מיר האָבן דערזען איינער דעם צווייטן און דערפילט, אז די באַגעגעניש איז צו עפּעס מעכײַעוו.

מיר וועלן באגלייטן די מיטע ביזן סאָף גאס, ביז צום בארג־שיפּוי. ווײַטער טאָרן מיר ניט גיין. מיר וועלן בלײַבן אין געטאָ, ווו די לעבע־דיקע זײַנען מעקאנע די טויטע און באקומען ביז מעשוגאס ליב דאָס לעבן...

צי וועלן מיר בלײַבן לעבן, ווייסט קיינער ניט. אָבער בלײַבן מענטשן, קאָלזמאַן מירן לעבן, דאָס קערט זיך שוין אָן אין אונדז גופע. אף דער שטילער, געהיימער לעווײַע האָבן מיר אין דעם אן איבעריק מאָל זיך איבערצײַיגט.

## נאָר דעם עמעס!

מיר האָבן געוווּסט, ווי ס׳האָט זיך אָנגעהויבן. געווּסט, אז מאכנעס באוואָפנטע היטלעראָווצעס און אָרטיקע פאשיסטישע קוילער האָבן באַגינען ארומגערינגלט א געטאָ־קווארטאל און ארויסגעטריבן פון די הײַזער די מענטשן. פונווײַטן האָבן מיר געזען, ווי בארג־ארוף דעם שאָסיי, וואָס ציט זיך פארבײַ דער געטאָ, האָבן זיך באוועגט לאנגע קאָלאָנעס געטאָ־אסירים — מענער און פרויען, קינדער און זקיינים. מיר האָבן געזען, ווי זיי האָבן גענומען פארשווינדן הינטער די ביימער לענגויס דעם שאָסיי, ביז ס׳האָט זיי אינגאנצן פארשלונגען די נעפלדיק־גרויע ווײַט.

דאָס איבעריקע האָבן מיר זיך דערוווּסט פונעם ייִנגל.

געקומען א ביסל צו־זיך, האָט ער גיריק אופגעגעסן א פענעץ ברויט, פארטרונקען מיט א גלאָז גערשטן־קאווע, מיט וועלכע מע האָט אים מעכאבעד געווען, און, ווערגנדיק זיך מיט די ווערטער, גענומען דערציילן:

— מע האָט אונדז געשטופּט, מע האָט אונדז געטריבן, געשטויסן מיט די ביקסן. דער טאטע איז געגאנגען מיט מײַן שוועסטערל אף די הענט. מיך, מיר זאָלן זיך ניט פארלירן, האָט געהאלטן פאר א האנט די מאמע. זי האָט די גאנצע צײַט געוויינט. מע האָט אונדז קיין זאך ניט געלאָזט מיטנעמען. דעם טאטן האָט מען אפילע דעם מאנטל ניט געלאָזט אָנטאָן. די גאס איז געווען פול מיט מענטשן. אפן שאָסיי האט מען ניט געזען ניט דעם אָנהייב און ניט דעם סאָף פון די מענטשן, ווי אף א דעמאָנסטראַציע. דער טאטע האָט געזאָגט, אז מע פירט אונדז אף ארבעט אין א נײַעם לאגער. מירן לעבן אין באראקעס, מע וועט אונדז געבן ברויט און ארבעטס־קליידער. נאָר די מאמע האָט געקרעכצט: „ניט גוט, ניט גוט!״ לאנג, לאנג האָבן מיר זיך געשלעפּט. מיר זײַנען געווען הונגעריק, פארמאטערט. און ארום אונדז — סאָלדאטן אין דײַטשישע אוניפאָרמעס און אין אזוינע, ווי ס׳האָבן פריִער געטראָגן די סאָלדאטן אין ליטע. מיט קאסקעס, מיט אויסגעשטעלטע ביקסן און באגנעטן זײַנען זיי געווען. זיי האָבן אונדז געיאָגט, ניט געלאָזט אָפּכאפּן דעם אָטעם. פּלוצעם זײַנען אלע געבליבן שטיין. די מענטשן האָבן דערשראָקן זיך איבערגעשושקעט, אז ס׳איז דער נײַנטער פאָרט. ס׳איז זייער קאלט געווען. ערטערווײַז איז אפילע געלעגן א שניי. מיר זײַנען געשטאנען אין עפּעס א טאָל און געציטערט פון קעלט. מיטאמאָל האָבן די סאָלדאטן געהייסן אלעמען זיך

אויסטאָן. די מאמע האָט אויסגערופן: „ווײ, די קינדער וועלן זיך צוקילן!” האָט א סאָלדאט זי א שטויס געטאָן מיט דער ביקס און זיך צערעוועט: „טו זיך אויס, מעכאשייפע, אניט דערשיס איך אלעמען!” מיר זײַנען געבליבן אין די אונטערוועש. די שיך האָט מען אויך געדארפט אויסטאָן און ארײַנלייגן איין שוך אין אנדערן. די זאָקן האָט מען אונדז געלאָזט... דאן האָבן די סאָלדאטן ווידער גענומען אונדז טרײַבן: „אין באָד ארײַן! אין באָד!” ארופגעקראָכן א ביסל העכער, האָבן מיר דערזען בערגלעך זאמד און א לאנגע, טיפע גרוב. אלע האָבן זיך צעוויינט, צעשריִען. און די סאָלדאטן האָבן אלעמען גענומען שטופּן אין גרוב: „שפּרינגט, האָט ניט קיין מוירע!” מיטאמאָל האָט עס גענומען דונערן, טראסקען, און די מענטשן זײַנען איינער אפן צווייטן געפאלן אין גרוב ארײַן. די מאמע האָט מיך גענומען טרײַבן פון זיך: „אנטלויף, איציקל, אנטלויף!” ס'איז טאקע שרעקלעך געוועזן דאָ צו בלײַבן. האָב איך זיך א שאר געטאָן אין א זײַט, זיך ארומגעקוקט און דערזען — דער טאטע אין איינע אונטער־וועש, האלטנדיק אף די הענט דאָס אויסגעטאָנענע שוועסטערל, קושט זיך מיט דער מאמען... אין דער סומאטאָכע בין איך אריבערגעקראָכן דאָס זאמד־בערגל און גענומען לויפן. כ'בין פארקראָכן אין קוסטעס, זיך דאָרט אײַנגעניורעט. פונדערווײַטן האָט זיך געהערט די שרעקלעכע שיסערײַ און טראסקערײַ. און סארא געשרייען!.. באנאכט איז געוואָרן שטיל. איך האָב ביגנייווע זיך דערקליבן קיין סלאָבאָדקע, ארײַנגעקראָכן דורכן צוים אין געטאָ...

דער דאָקטער, צו וועמען מע האָט געבראכט דאָס אויסגעטאָנענע, בלויע פון קעלט און דערשראָקענע יינגל האָט געשאָקלט מיטן גראָוון קאָפּ, געקוועטשט מיט די פּלייצעס:

— ס'יינגל איז ניט באם פולן זינען. צי איז דאָס מעגלעך, דאָס, וואָס ער דערציילט? מע וואָלט אים געדארפט ווײַזן א פּסיכיאטער...

דערפילנדיק, אז מע גלייבט אים ניט, איז דאָס יינגל אופגעשפּרונגען פון שטול. דאָס רעקל, די געשטריקטע קאָפּטע, וועלכע מע האָט געהאט ארופגעוואָרפן אים אף די פּלייצעס, ער זאָל זיך דערווארעמען, זײַנען אראָפּגעפאלן. ער איז ווידער געשטאנען אינעם פארבלאָטיקטן העמד. מיט ציטערנדיקע פויסטלעך האָט ער גענומען שלאָגן זיך אין הארצן און שרײַען:

— איך זאָג דעם עמעס! זאָל איך אזוי לעבן, — דעם עמעס!

ער האָט זיך צעיאָמערט, און קיינער האָט אים ניט געקאָנט אײַנשטילן.

אויך פון אנדערע מעקוירעס האָבן מיר איינגיכן זיך דערוווּסט פראָ־טים וועגן דער שרעקלעכער שכיטע, נאָך וועלכער ס'איז געבליבן בלויז איין־און־איינציקער לעבעדיקער איידעס — יענץ יאטל, דער צוועלפיאָרי־קער איציק בלאָך. דאָס גרויליקע בילד, וואָס ער האָט אָנגעמאָלט, האָבן דערגאנצט אנדערע איידעס — קריגסגעפאנגענע, וועלכע מע האָט געצווונ־גען פארשיטן די מאסן־קוואָרים, אײַנוווינער פון די דערפלעך, וואָס ליגן בישכיינעס מיטן נײַנטן פאָרט. זיי האָבן דערציילט, אז די ראָצכים האָבן ארופגעהויבן אף די באגנעטן קינדער און געשלײַדערט אין די גריבער.

געוואָרפֿן אייפּעלעך אין דער לופֿט און געשאָסן אין זיי, ווי אין באַוועג־לעכע ציל־אָביעקטן. מיר האָבן געהערט וועגן האַלב־נאַקעטע און נאַקעטע מענטשן, וואָס האָבן זיך געראַנגלט מיט די הענקער; וועגן מאַסן־קוואָרים, איבער וועלכע די אָנגעשאָטענע, מיט בלוט דורכגעזאַפּטע ערד האָט קאָנ־וווּלסיוו זיך באַוועגט, און פֿון אונטער וועלכער ס'האָבן לאַנג זיך אַרויס־געשפּאַרט דומפּע גסיסע־קרעכצן און אַ ווייפּולע כאָרכלעניש פֿון לעבע־דיק פֿאַרשאָטענע מענטשן...

דאַכט זיך, אַלץ איז קלאָר... און פֿונדעסטוועגן פּלעגן זיך געפֿינען צווישן אונדז אַזעלכע, וואָס האָבן ניט געוואָלט, ריכטיקער געזאָגט, ניט געקאָנט גלייבן אין דעם אַלעם. דער מענטשלעכער מוֹיעך איז ניט געווען אימשטאַנד דאָס אַלץ צו באַנעמען.

און ווי וועט זײַן מיט דעם, וואָס איך פֿאַרשרײַב? צי וועלן שפּעטער די מענטשן אויף דער פֿרײַ גלייבן, אַז דאָס איז טאַקע געשען? דעריבער וויל איך, ווי יענץ פֿון דעם טויט־אָפּגרונט אַנטרונענע יִנגל, שווערן, אַז מיר אַלע, לעבעדיקע איידעס, דערציילן דעם עמעס און נאָר דעם עמעס!

## גריבער

וואָס האָט ער זיך צוגעטשעפּעט צו אונדז, דער דאָזיקער קלייניקער אַלטיטשקער, דער נאַכט־וועכטער פֿונעם שכײַנעסדיקן מיט דער געטאָ געהילץ־סקלאַד? וויפֿל געזונט האָט ער בײַ אונדז צוגענומען! און ניט בלויז געזונט...

אין געטאָ האָט אונדזער מישפּאָכע צוזאַמען מיט אייניקע נאָענטע מענטשן באַקומען אַ שטיקל אָפּדאַך אין אַ שטיבל האַרט בײַם פּאַרקן פֿון אָט דעם סקלאַד. דער הילצערנער פּאַרקן פֿונעם סקלאַד, וואָס איז אויבן באַצויגן מיט עטלעכע רייען שטעכדראָט, איז געוואָרן די גרענעץ צווישן דער „פֿרײַער" וועלט און דעם טכום פֿון די פֿאַרורטיילטע.

איינמאָל שפּעט אין אָוונט, ווען ס'איז שוין געווען פֿאַרבאָטן אַרומגיין, עפּנט זיך אויף בײַ אונדז די טיר, און מיר דערזעען פֿאַר זיך אַ קליין מענטשל מיט ווײַסע אַראָפּגעהאַנגענע וואָנצעס אויף אויסגעטריקנטן, וואַקסענעם פּאָנעם. ער שטעלט זיך באַלד פֿאָר ווי אונדזער שאָכן — דער נאַכט־וועכטער פֿונעם סקלאַד. ער באַרויִקט אונדז, מיר זאָלן זיך ניט שרעקן. קיינער ווייסט ניט פֿון זײַן געהיימער, קונציק פֿאַרמאַסקירטער לאָך אינעם פּאַרקן. „אין מײַן פּאַרקן", — באַטאָנט ער און גייט אַריבער צום אײַניען. פֿאַרשטייענדיק, אַז מיר הונגערן, האָט ער געבראַכט ברויט. ער ווייסט, אַז ער שטעלט אײַן מיט דעם דאָס לעבן, און, טאָך־קעדיי־דיבער, נעמט ער אַרויס פֿון אונטער דער פּאָלע אַ לעבל ברויט.

דערזעענדיק עס, האָבן מיר אַזש אָנגעהויבן שלינגען שפּײַעכץ. דעם מענטשן, וואָס האָט געבראַכט שפּײַז, האָבן מיר אָנגענומען פֿאַר איינעם

פֿון די גוטהאַרציקע ליטווינער, וועלכע האָבן אַף פֿאַרשיידענע אופֿאַנים, ריזיקירנדיק און אָפֿט באַצאָלנדיק מיטן לעבן, געהאָלפֿן די פֿאַרשפּאַרטע אין געטאָ זיך שיצן פֿונעם הונגער־טויט.

שפּײַז־פּראָדוקטן זײַנען געווען טײַער. דאָס געלט האָט פֿאַרלוירן זײַן ווערט. (מיר האָבן עס, אגעוו, ניט געהאַט, ניט געטאָרט גאַר האָבן.) פֿאַרן באַקומענעם ברויטל איז אויסגעקומען זיך אויסקוויטירן מיט עפּעס פֿון אונדזערע זאַכן.

פֿון דעמלט אָן איז דער וועכטער געוואָרן אונדזער שטענדיקער נאַכט־גאַסט. ער פֿלעגט ברענגען ברויט, א שטיקל פֿעטס. אוועקגיין פֿלעגט ער אויך ניט מיט ליידיקן. ס'האָט נאָר פֿאַרדראָסן, האַלעמײַ דער אַפּעטיט פֿונעם „ווילטוער” האַלט אין איין וואַקסן. לעכאַטכילע האָט ער זיך באַ־נוגנט מיט א העמד, א טיכל, א קישן־ציך, וועלכע מיר פֿלעגן אָפּרײַסן פֿון זיך. דערנאָך האָט ער אָבער גענומען פֿאַרלאַנגען זייגערלעך, רינגען, קאָסטיומען... פֿיל האָבן מיר אים ניט געקאָנט אָנבאָטן. דער נאַכט־וועכטער האָט עס אָבער אָנגענומען פֿאַר קאַרגשאַפֿט און געפּרוווט אונדז באַווירקן, מיר זאָלן ווערן ברייטגיביקער. יעדעס מאָל פֿלעגט ער, טשמאָקענדיק מיטן מויל אָן ציינער, איבערגעבן די „לעצטע נײַעס”. אַזעווס בסורעס זײַנען עס שטענדיק געווען: היטלערס ניצחוינעס אַף די פֿראָנטן, האַריגעס פֿון ייִדן אין אַלע שטעט און שטעטלעך פֿון ליטע. אַליין ניט באַמערקנדיק, פֿלעגט ער אָפֿט איבערכאַזערן איינס און דאָס זעלבע וועגן די שכיטעס אין די קאָוונער פֿאָרטן, אונטערשטרײַכנדיק, אַז אַלע אַרויסגעפֿירטע פֿון אונדזער געטאָ ווערן דאָרט צעשאָסן און צונויפֿגעוואַלגערט אין לאַנגע, טיפֿע גריבער. ער פֿלעגט אויך ניט פֿאַרגעסן צוגעבן, אַז מע גראָבט דאָרט אַלץ נײַע און נײַע גריבער...

אויסדערציילט עס, איז ער איינמאָל אַזש רויט געוואָרן פֿון אומגע־דולד:

— וואָס קאַרגט איר? אין גרוב וועט איר עס מיטנעמען, צי וואָס? עסט, קאָלזמאַן איר זשיפּעט, כאַפּט אַרײַן. וועט איר ניט קאַרגן, וועל איך ברענגען פֿון אַלדאָסגוטס. איך זאָג אײַך קיין ליגן ניט, איר וועט זען, מאָרגן געשעט בא אײַך ווידער עפּעס ניט גוטס...

זײַן בייזע נעוווע איז מעקוייעם געוואָרן. מע האָט אָפּגעשניטן פֿון דער געטאָ עטלעכע גאַסן און זייערע אײַנוווינער אוועקגעטריבן אין דער ריכטונג צום נײַנטן פֿאָרט.

פֿון אָוונט האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט צו אונדז דער שוימער און שעלמיש א פֿרעג געטאָן, צי מיר גלייבן שוין אין זײַנע פֿאָרויסזאָגענישן.

דערשיטערטע, צעבראָכענע, איז אונדז נאָך אויסגעקומען הערן זײַן סיפּער־האַמײַסע, ווי אַזוי ער איז געווען ניט פֿויל און נאָכגעפֿאָלגט די אוועקגעפֿירטע צום פֿאָרט. דאָרט האָט ער פֿונוווײַטן געזען, ווי מע האָט פֿון די מענטשן אַלץ צוגענומען, געצווונגען זיך אויסטאָן מוטער־נאַקעט און — צו די גריבער... און ניט אַלע גריבער זײַנען פֿאַרפֿולט... פֿאַרשטייענדיק, ווי וועט אונדז פֿון אַזעלכע נײַעס ווערן אַפֿן האַרצן, האָט ער מיטגעבראַכט

א פלעשל בראנפן. איצט, מילכאָמע־צײַט, איז עס געגליכן צו וואַליוטע. נאָר אזויווי מיר טײַנען, אז קיין גאָלד אָדער דאָלערן האָבן מיר ניט, איז ער מאסקים צו נעמען, לאָמיר זאָגן, א גוטן ווארעמען מאנטל. באלד איז שוין ווינטער...

ביז גאָר אומצופרידן, וואָס מיר האָבן זיך אָפּגעזאָגט פונעם ביטערן טראָפּן, האָט ער א באליידיקטער ארײַנגעשטעקט דאָס פלעשל מאשקע אין קעשענע און, אָנקוקנדיק אונדז מיט פאראכטונג, געלאָזט זיך צום ארויסגאנג.

— אָט מענטשן, — האָט ער געוואָרטשעט, — גריבער זײַנען פאר זיי אָנגעגרייט, און זיי שפּאָרן, פארגינען זיך ניט... פארשטייט איר כאָטש, וואָס איז דאָס אזוינס גריבער?

וואָס גריבער באטײַטן, האָבן מיר שוין צו גוט געוווּסט. און געטראכט, אז דער דאָזיקער נעפּעש, וואָס שטייט אליין מיט איין פוס אינעם קייווער און קאָן זיך ניט אָנזעטיקן מיט פרעמדן אייגנס, האָט זיך שוין לאנג אראָפּגעקײַקלט אין דער טיפסטער גרוב.

## מיר בלײַבן לעבן?

צען טויזנט מענטשן — גרויס און קליין, מענער און פרויען — א דריטל פון דער געטאָ־באפעלקערונג איז מיט איין מאָל, אין איין טאָג ארויסגע־ריסן געוואָרן פון לעבן. קאָן מען עס מיטן סייכל, מיטן נאָרמאלן מענטש־לעכן סייכל מאסיג זײַן?

אין א פּאָר טעג ארום איז דער דירעקטער באלעבאָס איבער אונדז, די קליינוווקסיקע ווילדע בריזע אין דער ברוינער עסאַ־אוניפאָרם מיטן קײַלעכיקן ברוינעם היטל, ווי א קוגל־טאָפּ, אָבערשטורמפיורער פריץ יאָרדאַן אראָפּגעקומען אף זײַן אווטאָ אין געטאָ. מיטן פוס האָט ער אופ־געפראלט די טיר פונעם צימער, ווו ס׳האָט אף אים געזאָלט ווארטן דער „יודען־עלטסטער". (אָנעמען די טיר־קליאמקע, וועלכע ס׳רירן אָן יידן, איז דעם רײנראסיקן גערמאנער ניט אָנגעשטאַנען.) אז דער גרײַז־גרויער דאָקטער ע., וועלכער איז געוועזן באשטימט פארן פאָרזיצער פונעם „עלטסטן־ראט פון דער געטאָ־געמיינדע", האָט, אָן א וואָרט צו זאָגן, זיך אופגעשטעלט (יידן איז געוועזן פארבאָטן צו באגריסן מיט ווערטער א דײַטש), אויסגעצויגן זיך, די הענט אראָפּגעלאָזט, האָט יאַרדאן היסטעריש אָנגעהויבן שרײַען:

— שווײַנע זײַט איר! געלאָזט האָבן מיר אײַך דאָ, איר זאָלט ארבעטן, און איר סאבאָטירט!

— הער אָבערשטורמפיורער, — האָט טרוקן אָנגעהויבן דער דאָקטער, — מיר זײַנען זייער באַאַרגט וועגן שיקזאל פון די צען טויזנט. וואָס איז מיט די מענטשן?

האָט עס דעם היטלעריסטישן מוישל ווי אופגעריסן פון אינווייניק:

— איך האָב דיך שוין געוואָרנט, אלטער הונט, אז דו טאָרסט מיר קיינע פראגן ניט שטעלן. דו האָסט צו געהאָרכן און אויספילן באפעלן! אלזאָ, זײַ וויסן — דעם לינקן אויער דײַנעם זעסטו? אזוי וועט איר שוין אָנזען אײַערע צען, צוואנציק צי הונדערט טויזנט... און גענוג זיך דרייען דעם קאָפּ וועגן זיי! איך בין אומצופרידן, זייער אומצופרידן, וואָס די געטאָ שטעלט ניט צו די געפאָדערטע צאָל ארבעטס־הענט. מע סאבאָטירט די ארבעט־פליכט, אײַער איינציקע פליכט... איר פּרווּוט וויַיזן, וואָס איר קאָנט. וועל איך ווײַזן, וואָס מיר קאָנען! מיט צען טויזנט זײַנען מיר פארטיק געוואָרן אין איין טאָג. בארעכן, וויפל עס וועלן בא אונדז פאר־נעמען די איבעריקע... נאָר... — דאָ איז דער היטלעראָוועץ א קאָפּ ווייכער געוואָרן, — מיר האָבן באשלאָסן אײַך צו לאָזן לעבן. די „אקציאָנען" זײַנען פארענדיקט, און איר בלײַבט שוין לעבן, אויב איר וועט ארבעטן. ארבעט מאכט דאָס לעבן זיס.

בא די ווערטער האָט ער ארויסגענומען א דאָקומענט און א וואָרף געטאָן דעם פאָרשטייער פון די יידן אפן שרײַבטיש:

— דאָס איז א טשעק אף צען טויזנט מארק. אף שפּײַז פאר ארבעטס־יודען.

צום ערשטן מאָל האָבן זיי ניט גענומען, נאָר עפּעס געגעבן. „אנטשע־דיקט" צו איין מארק פאר א קאָפּ פון א פארשניטענעם קאַדעש... מיר וועלן שוין לעבן...

פרומע יידן האָבן אוועקגעײַלט צום קאָוונער הויפּט־ראָוו, ער זאָל פּאסקענען, צי זיי דארפן בענטשן גוימל. דער ראָוו, שמועסט מען, האָט געזאָגט, אז ער מוז אין דעם איניען טיפער ארײַנדרינגען, א נישטער טאָן אין ספאָרים, און געבעטן צוויי מעסלעס פארן יישעוו־האדאס. בא דער געלעגנהײַט זאָל ער אויך האָבן דערקלערט:

— זײַט וויסן, יידן, אז אויב מירן בלײַבן לעבן, זײַנען די, וועלכע מע האָט אוועקגעפירט צו דער אקיידע אין די אקציעס, רעשאָים, און מיר זײַנען צאדיקים. וועט אָבער אויך אונדז באשערט זײַן אומצוקומען, זײַנען יענע געווען די צאדיקים, און מיר — די רעשאָים, ווײַל אונדז וועט פאָר־שטיין נאָך גוט אָנמוטשען זיך פארן טויט...

דערווײַל לעבן מיר. מירן שוין בלײַבן לעבן?

איך, מײַנע סאמע נאָענטסטע האָבן געקאָנט „אוועקגיין אין אן אקציע". אלע די, וועלכע איך באגעגן אין געטאָ, אף דער צוואנג־ארבעט, באקאנטע און אומבאקאנטע, וואָס טראָגן די געלע לאטעס אפן ברוסט און רוקן, אלע האָבן זיי געקאָנט „אוועקגיין אין אן אקציע" און זײַנען דורכן צופאל געשוינט געוואָרן. אויב די העכערע היטלעריסטישע מארד־אינסטאנצן האָבן טאקע באשלאָסן מער ניט טשעפּען די איבערגעבליבענע אין געטאָ קנאפּע צוואנציק טויזנט נעפאשעס, איז עס אין זכוס פון די אומגע־בראכטע. מיר לעבן אפן כעזשבן פון עמעצנס לעבן. ס'איז שוידערלעך, אומגעהייער שוידערלעך!

וועלן מיר ווערט זײַן דעם שרעקלעכן און גרויסן קאָרבן?

# אויסגעשטרעקטע הענט

ס׳האָט זיך געקאָנט דאכטן, אז מיר זײַנען גלײַכגילטיק געוואָרן צום טויט, וואָס לויערט אױף אונדז פון יעדן ווינקל, גייט אונדז נאָך פוסטריט, ווי א שאָטן.

דער אומקום פון א ליטווישער פרוי באם געטאָ־צוים האָט אָבער אלע־מען דערשיטערט. מע האָט געזען, ווי זי האָט זיך דערנעענטערט צום צוים, געטאָן א ווונק צו א ייִנגל אין געטאָ, ער זאָל צוגיין נעענטער, און אים צוגעוואָרפן א לעבל ברויט. מיט די הענט אײַנגעקלאמערט אינעם שטעכדראָט איז די פרוי געבליבן הענגען, פארשניטן פון א פאַשיסטישער קויל. די וואכלײַט האָבן זי אזוי איבערגעלאָזט הענגען: אַנצושרעקן, אָנ־צולערנען און וואָרענען אנדערע.

מיר ווייסן ניט איר נאָמען, פונקט ווי מיר ווייסן ניט, ווער זײַנען עס די, וועלכע האָבן געהאט מער מאזל פון איר. אָפט פלעגן די אײַנוווינער פון די שטיבלעך בײַשכיינעס מיטן צוים געפינען בא זיך אין די הויפן אריבערגעוואָרפענע קארטאָפל, מערלעך, קעפלעך קרויט. ווער טוט דאָס?

מע האָט אין געטאָ דערציילט אויך וועגן אזא פאל: א קינד פון געטאָ, וואָס ליטווינער האָבן באהאלטן בא זיך אין שטאָט, איז שווער קראנק געוואָרן. מע האָט עס געמוזט ארײַנלייגן אין שפּיטאָל. פון היץ האָט דאָס קינד גענומען ריידן ייִדיש. מענוואָלים האָבן וועגן דעם געמאָלדן פּאָלי־ציי. די געסטאפּאָ האָט ארעסטירט און דערשאָסן די מענטשן, וועלכע האָבן געפּרווט ראטעווען דאָס קינד. דערשאָסן אויך דעם קליינעם אָסיר. די נעמען פון די אומגעבראכטע זײַנען דערווײַל אונדז ניט באקאנט.

א ריי נעמען פון די כסידיי אומויס האָילעם האָבן מיר יאָ געקאָנט פעסטשטעלן.

דער דאָקטער וויטאוטאס זשאקיאוויטשיוס האָט באצאָלט מיטן לעבן פארן אויסבאהאלטן די מישפּאָכע פון זײַנעם א קאָלעגע, דעם דאָקטער מאטוסעוויטש, וואָס איז געלאָפן פון געטאָ.

דער קאָוונער טוישעוו בראָניוס קוטקא האָט אופגענומען בא זיך אין שטוב ייִדן, אנטלאָפענע פון אן אומקום־טראנספּאָרט. אױף מאָרגן איז ער געגאנגען אין זייער שליכעס צום געטאָ־טויער זיך דערוויסן, וואָס דאָרט טוט זיך, און איז דערשאָסן געוואָרן.

א ליטוויש באָכערל סטאסיס טאמאָשײַטיס האָט אריבערגעוואָרפן א ייִדן היינטערן צוים עטלעכע קעפלעך קרויט. א וואכפּאָסטן האָט עס באַ־מערקט און אָן שום וואָרענונג דערשאָסן דאָס באָכערל.

דער פאל מיט דער ליטווישער ארבעטערן אירענע גײַזשאוסקענע און איר ייִדישער פרײַנדן צייליע שוואבײַטע, וועמען זי איז געקומען ארויס־פירן „אױף דער פרײַ״, האָט אופגעשוידערט די געטאָ. שוין אױף יענער זײַט צוים זײַנען ביידע פרויען אונטערגעקאָסיעט געוואָרן פון היטלעריסטישע קוילן.

די נעמען פון ווילטוער ווערן צומאָל באקאנט נאָך א דורכפאל. בעסער שוין פון אזוינע ניט הערן און בלויז וויסן, אז פון געטאָ פארשווינדן אסירים... מיר פארשטייען, אז עמעצער פון „יענער זײַט״ האָט זיי אויסגעשטרעקט א האנט. ווער דאָס זײַנען, טאָרן מיר גאָר ניט וויסן. ס׳איז קאָנספּיראציע, א הייליקער סאָד. נאָך דער באפרײַונג וועט עס ווערן אויס סאָד.

אָבער אויך איצט ווייסן מיר פון א צאָל דרייסטע מענטשן, וועמען דער גורל האָט דערווײַל געשאנעוועט. מיט ציטער פאר זײַן ווילזײַן דערמאָנען א סאך געטאָ־אסירים דעם ארבעטער סטאסיס יאָווײַשאס, וואָס האָט בייס די פּאָגראָמען אויסבאהאלטן בא זיך א צוואנציק ייִדן אזוי לאנג, ווי ס׳האָט געבושעוועט די שכיטע. דאָס זעלבע האָט געטאָן דער אײַנוווינער פון דער שכיינעסדיקער מיט דער געטאָ יוראטעס־גאס באליס יאָנײַטיס.

מיט ניט קיין קלענערן ייִראס־האקאָוועד דערמאָנען מענטשן די מישפּאָכע פון א ליטווישן דיכטער. (איצט גיב איך אָן די פולע נעמען, וועלכע איך האָב בעשײַטע געהאט פארשיפרירט. מאלע וואָס ס׳האָט געקאָנט געשען מיט די קסאָווים...) דעם דיכטערס פרוי סאָפיע בינקענע און ביידע אירע טעכטער האָבן זייער דירע פארוואנדלט אין אן עמעסן מאָקעם־מיקלעט פאר צענדליקער ייִדן, געטיילט מיט זיי דעם לעצטן ביסן, געפונען ערטער, ווו ס׳האָבן זיך אויסבאהאלטן ביז צו דער באפרײַונג א סאך קינדער און דערוואקסענע.

ניט איין מאָל, ווערנדיק געטריבן צו דער צוואנג־ארבעט, האָב איך געזען בא דער געבײַדע פונעם ליטווישן אָפּערע־טעאטער דעם בארימטן זינגער קיפּראס פּעטראוסקאס. א הויכער, א שטאלטנער, מיט א ביסל אין א זײַט אופגעהויבענעם קאָפּ, פלעגט ער ארומשפּאצירן הין און צוריק. אָפּווארטנדיק א מאָמענט, די וואכלײַט זאָלן ניט באמערקן, פלעגט ער איבערגעבן עמעצן פון אונדזער קאָלאָנע א פּעקל שפּײַז און זאָגן: „צעטיילט זיך!״ שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווסט, אז ער און זײַן פרוי באהאלטן אויס א ייִדיש מיידעלע.

דעם ליטווישן פידלער וולאדאס ווארטשיקאס האָבן מיר געזען אפילע אין געטאָ — מיט געלע מאָגנדאָווידס אף דער ברוסט און רוקן. ווי כוייזעקנדיק פונעם טויט, איז ער דורכגעקראָכן דעם צוים און געבראכט שפּײַז, רעפואס פאר זײַנע גוטעפרײַנט. ניט איינעם פון זיי האָט ער ארויסגעפירט פון געטאָ און אויסבאהאלטן אין שטאָט.

איך ווייס פון ניט ווייניק נאָבעלע מענטשן. דאָס איז די דאָקטערן קוטאָרגענע און איר זון וויקטאָראס, די ביאָלאָגן ליקעוויטשענע, דער ארבעטער פּאולאוויטשיוס, וועמענס שטיבער זײַנען שטענדיק אָפן געווען פאר גערוידעפטע און געפּלאָגטע. מיטן דירעקטאָר פונעם שטאָטישן קינדערהיים „לאָפּשיאליס״, דעם דאָקטער באובליס, איז געווען אָפּגעמאכט אונטערצוווארפן באם ארײַנגאנג פון זײַן אנשטאלט קינדער, ארויסגעטראָגענע פון געטאָ...

דעם רעיעסטער פון מוטיקע מענטשן און העלדישע טאטן וואָלט מען

געקאָנט פירן ווײַטער. צענדליקער, צענדליקער ייִדן זײַנען פאַר־שווּנדן פון געטאָ. עמעצער „פון דער פרײַ" האָט זיי דאָך געמוזט עפענען א טיר, געבן א מאַקעם־מיקלעט. וואָס לענגער עס דויערט די אָקופּאַציע־נאכט, וואָס שטארקער עס ווערט דער טעראָר, אלץ מער העלדנט ווערן אונדז אויסגעשטרעקט פון יענער זײַט פונעם שטעכדראָט. און דאָס האָט אונדז, פאַרשפּאַרטע אין געטאָ, לײַכטער געמאכט דעם אָל פון דער געלער לאַטע. דאָס האָט אופגעלעבט דעם גלויבן אין מענטש, דעם גלויבן, וועלכן דער פאשיזם האָט געוואָלט צונישטמאכן. דאָס האָט אָנגערעגט צו ווידערשטאנד, און מע איז געוואָרן ניט אזוי גלײַכגילטיק צום טויט.

## דער מאַן האָט אָפּגעבליט

ערגעץ אין א הינטערהויף, אף אן אויסגעגאָסטן שטיקל גרויער געטאָ־ערד האָט אָפּגעבליט א הײַפּל מאָן.

ווי קומט אהער דער מאָן? פון קיינעם ניט פאַרפלאַנצט און דאָך ארויסגעשפּראָצט, אוועקגעצויגן זיך צו זון און בלויע הימל־הייכן, זיך צעבליט אין צונטער־רויט.

דער מאָן האָט אָפּגעבליט, דער ווינט האָט זײַנע קרוינבלעטער אראָפּ־געבלאָזט. די זון, די צײַט און אויך דער ווינט — זיי אלע האָבן צוגעלייגט צום מאָן א האנט. וויגט זיך איצט זײַן אויסגעטריקנט שטענגל און טוט קלאַפּן הייזעריק מיט די פאַרדארטע בלעטער זיך אין הארצן. שלאָגט ער זיך אלכעט, צי וואָס?

דער מאָן האָט אָפּגעבליט. דער ווינט האָט מיט א וואָלפישער רעציכע זײַנע שווארצע זריִעלעך צעשטויבט, צעווייעט זיי אין אלע זײַטן. וועט אופגיין אָט די זריִע נאָכאמאָל? וועט אויסכאָוועט דער מיט בלוט אדורכ־געזאַפּטער באָדן נײַע גרינע שטענגעלעך מיט בלעטער, מיט א בלומען־קנאָספּ, פאַרפולט מיט מאָנעלעך, באקרוינט מיט גלײַך־רויטע קרוינ־בלעטלעך?

לעסאָטע זע איך איינס: דער מאָן האָט אָפּגעבליט אין קלעם פון שטע־כעדיקן דראָט, אין א פאַרשטײַפּטער לופט פון איימעס־מאָוועס, וועלטן־אונטערגאנג און קאַלטן טויט. עס שטארבט דער הארבסט. נאָך אים וועט, ווי א הונגעריקע כײַע־ראָע, ווארפן זיך דער ווינטער אף די בידנע רעשטן פונעם מאָן, וואָס קלאַפּט זיך נעבעכדיק אין הארצן מיט פאַרדארטע בלעטער.

אָ, ווער וועט ברענגען יענע בסורע, אז מיר, באַגלײַך ווי מאָן, נאָך אופגיין וועלן, זיך צעגרינען, בליִען וועלן, און פריש־צאַפּלדיקע קרוינ־בלעטלעך נאָך צירן וועלן אונדז די קעפּ?

פון שווערער דוירעס־לאַסט געבויגן קומט א גראַווער זאַקן אָן און רוימט אונדז אײַן זײַן אוראַלטן יערושע־סאָד: דער טאָג פון כורבן איז אויך דער געבורטסטאָג פונעם גויעל.

## סאם

ער איז געוועזן מיד, דער פּאַליט פֿון פּוילן, אויסגעשעפּט, אין אלץ אנטוישט.

געוועזן איז ער פון ווארשע, איבערגעלעבט דאָס פאלן פון זײַן היימ־שטאָט, די ערשטע טעג פון דער היטלעריסטישער אינוואזיע. ווי פון דער פעסט, איז ער געלאָפן קיין מיזרעך, אַנגעשפּארט קיין ליטע. אים איז געלונגען געבן צו וויסן זײַן פרוי, ווו ער איז, און אַנגעזאָגט, זי זאָל צוזאמען מיט זייער קינד אײַנשטעלן דאָס לעבן און דערקלײַבן זיך צו אים. ער האָט מיט מאזל דערווארט זײַנע אייגענע פונקט א טאָג, איידער היטלער איז אַנגעפאלן אפן סאָוועטנפארבאנד. איצט, שוין אלע צוזאמען, זײַנען זייווידער געלאָפן. נאָר דאָס מאָל האָבן די נאציס זיי אַנגעיאָגט.

ער האָט געוווּסט, וואָס די היטלעראָווצעס טוען אין פּוילן. ער זעט, וואָס זיי טוען אין ליטע. יעדן טאָג גייט אָפּ די געטאָ מיט בלוט. יעדן טאָג קומען אָן יעדיִעס וועגן מאסן־שכיטעס און וועגן נײַע גריבער, וועל־כע מע גרייט פאר נײַע קאָרבאָנעס. פאר די אויגן — פארפּײַניקטע פון הונגער און קאטאָרגע־ארבעט. מע קאָן ניט פארגעסן די ארויסגעפירטע פון געטאָ... און דאָ איז אים נאָך ארײַנגעפאלן אין די הענט א פאשיסטיש בלעטל, וואָס מעלדעט מיט גרויסער פּאָמפּע, אז די דײַטשישע ארמיי־פירער זעען שוין אין די בינאָקלען מאָסקווע...

האָבן זײַנע נערוון ניט אויסגעהאלטן.

ווי צו זײַנעם א שאָכן, האָט ער זיך געווענדט צו מיר מיט אזא באַ־קאָשע:

— איר זײַט א היגער, אָן אָרטיקער טוישעוו. איר האָט, אָן סאָפעק, א באקאנטן אפטייקער. וואָלט איר מיר געקאָנט טאָן א גרויסע געפעלי־קײַט. איר פארשטייט, כ'האָב אויסגעהיט א פּרעכטיקן שווייצארישן האנט־זייגער, אָן עכטן „לאָנזשין", א מײַסטערשטיק פון זייגערמאכערישער קונסט. אלץ געטראכט, עס וועט צוניץ קומען אין א קריטישער רעגע. ס'פּאסירט דאָך, אז מע קויפט זיך אויס פון טויט מיט א טײַערן כייפעץ. רוקסט אונטער אזא זאך דעם רויצייעך, וואָס קומט דיך נעמען, און ער לאָזט דיך אָפּ. האָסטו דערווײַל אָן „אָטסראָטשקע". איצט גיב איך אָפּ דעם זייגער פאר דרײַ פּראָשקעס סאם.

כ'האָב געפּרוּווט אויסלאכן דעם בייזן אײַנפאל, געפּרוּווט איבערצײַגן דעם מענטשן, אז מע טאָר ניט ארײַנפאלן אין יִיעש, מע דאַרף זיך שטארקן. ס'איז נאָך ניט אלץ פארלוירן.

נאָר ער איז אקשאָנעסדיק באשטאנען אַף זײַנעם: היטלער באהערשט אייראָפּע, שטייט בא מאָסקווע. אלץ גייט אונטער. די מענטשהײַט קײַקלט זיך אין א טהאָם. ס'ווערט מעקוייעם היטלערס פינצטערע נעוווּע וועגן דער „טויזנטיאָריקער דריטער אימפּעריע". מיר שטייען אַף איר שוועל. אין דער געשיכטע הייבט זיך אָן א טקופע פון אומגעהייערן בארבאריזם. ס'דערגייען צו א פולשטענדיקן קראַך אלע מאָראל־נאָרמעס. די מענטש־

הײַט װערט צעטײלט אױף מערדער און געמאָרדעטע, און די איבערהאַנט באַקומען די מערדער.

— און איר זאָגט — ניט אַרײַנפֿאַלן אין ייִעש... — האָט ער פֿאַרענדיקט, שטיל פּרעפּלענדיק. — ברודער, זאָגט מיר ניט אָפּ, באַגײט אַ הומאַנישן טאַט, קריגט פֿאַר מיר סאַם. דרײַ פּראָשקעס. איך װיל ניט, מע זאָל מיך, מײַן פֿרױ און קינד טרײַבן צו דער גרוב, און מיר זאָלן נאָך דאַרפֿן זיך אױסטאָן פֿאַרן דערשיסן... זײַט אַ מענטש!

עטלעכע אָװנטן נאָכאַנאַנד איז ער צו אונדז געקומען. פֿלעגט זיך אַני־דערזעצן, אַראָפּלאָזן די אױגן, אױסקלײַגן די אױסגעטריקנטע הענט אױף די קני, און מיט אַ ציטעריקער שטים נעמען בעטן, איך זאָל באַקומען פֿאַר אים סאַם.

ער האָט זיך ניט באַרויִקט, און איך האָב אים צונױפֿגעפֿירט מיט מײַנעם אַ באַקאַנטן אַפּטײקער.

אין אַ פּאָר טעג אַרום, שפּעט אין אָװנט, קומט אַרײַן דער אַפּטײקער און דערלאַנגט מיר אַ האַנט־זײגערל, אַ „לאָנזשין”.

— קערט עס אום דעם אײגנטימער. זאָגט, אַז כ׳האָב צו טײַער גענו־מען.

דעם זעלבן אָװנט האָב איך זײַן ביטע ניט געקאָנט אױספֿילן. אױף מאָרגן גאַנצפֿרי האָט די געטאָ אױפֿגעטרײסלט אַ נײַע כאַפּעניש פֿון מענער צו „אױסנשטאָטישער” אַרבעט.

פֿון אָװנט, װען אַרום איז שטיל געװאָרן, האָט צו אונדז זיך אַרײַנגע־שלײַכט דער װאַרשעװער יונגערמאַן — אַ שטאַרק צעטראָגענער, אָבער זײַנע אױגן האָבן מאָדנע געלױכטן.

— גוטן־אָװנט, — האָט ער געזאָגט, טוענדיק שולדיק אַ שמײכל. — אַ גרוס אײַך פֿון יענער־װעלט.

ער האָט מיך אָפּגערופֿן אין אַ זײַט און אָנגעהױבן אַראָפּרײדן זיך פֿון האַרץ:

— שטעלט זיך פֿאָר, װאָס עס קאָן געשען. װען די בעהאַלטע האָט זיך אָנגעהױבן, װען די באַװאָפֿנטע מעכאַבלים האָבן זיך אַ לאָז געטאָן פֿון שטוב צו שטוב, האָב איך ניט אױסגעהאַלטן און אײַנגענומען אַ פּראָשעק... אײַנרײדן די פֿרױ, זי זאָל פֿאַרסאַמען זיך און דאָס קינד, האָט מיר ניט געקלעקט קײן קױעך. האָב איך די געבליבענע צװײ פּראַשקעס איבער־געגעבן דער פֿרױ. „טו מיט זײ, װאָס דו װילסט”, — האָב איך געזאָגט. װאַרטנדיק אױף די הענקער, האָב איך אײַנגענומען סאַם... דורך טרערן קוק איך אױף מײַן קרײַד־װײַסער פֿרױ און אונדזער טמימעסדיק־דערשראָקן קינד. כ׳װאַרט אױפֿן טױט, װאַרט. און דאָ — גאָרניט. מיך איבלט אַפֿילע ניט. פֿאַרקערט, דער קאָפּ װערט קלאָר, לײַטערט זיך אױס. אױפֿן האַרצן װערט מאָדנע לײַכט. אַן אָנגענעם געפֿיל באַהערשט מיך. נעם איך זיך צונױף און זאָג מײַן פֿלױנעסטע: „ס׳איז ניט קײן אײסעק זיצן און װאַרטן, ביז זײ װעלן קומען. מע דאַרף זיך באַהאַלטן”. זײַנען מיר אַרופֿגעקראָכן אױפֿן בױדעם און זיך פֿאַרשטעקט אין עפּעס אַ קופּע אַלטן סקאַרב. אַ גאַנצן טאָג זײַנען מיר דאָרט אָפּגעלעגן און אױסגעמיטן די געפֿאַר. װי

איר זעט, לעב איך. און מאָרגן קאָנען זיי אמאָל ברעכן האַלדז־און־נאַקן. עפּשער וועט איר זאָגן, וואָסערע פּראָשקעס האָט מיר דער אַפּטייקער אונטערגערוקט?

— כ׳ווייס ניט, — האָב איך געענטפערט. — נאָר דאָס זייגערל האָט ער אומגעקערט. אָט, ביטע...

## אויפן ברוק און אויפן טראָטואַר

אויבן — א גרויער, נידעריק אראָפּגעהאַנגענער הימל. אונטער די פיס — א גרויער, קויטיקער ברוק. געדריקט פון די ביידע גרויע מאַסעס, דורכגענומען פון דער האַרבסטיקער קעלט, קערן מיר זיך אום פון דער אַרבעט. אויסגעמאַטערטע, אויסגעהונגערטע, האָט מען אונדז קוים אויסגעשטעלט צו פיר אין א ריי. אָבער אין וועג זײַנען די רייען צעפאַלן. שלעפּט זיך אין אומאָרדענונג איבער די שטאָטישע גאַסן א גרויע מאַכנע מענטשן, באַוואַקסט פון שאָמרים מיט ביקסן. איטלעכער פון אונדז איז פאַרזונקען אין זײַנע שווערע געדאַנקען, וואָס ווערן באַגלייט מיט דער דומפּער פּויקערײַ פון אונדזערע האָלץ־שיך: קליפּ, קלאַפּ...

— נו, אומבאַזיגבאַרע! פאַרציט „מאָסקווא מאַיאַ"[1]...

דער בייזער אַרויסרוף קערט אונדז אום צו דער ווירקלעכקײַט. מיר דערזעען אויפן טראָטואַר אן אָרטיקן פאַשיסט, געקליידט אין דער אָפיצערן־אוניפאָרם פון דער בורזשואַזער ליטווישער אַרמיי. דער מונדיר — אן אַלטער, אָבער די גלאַנציק אָפּגעפּוצטע שטיוול און דאָס רײַט־שטעקל אין דער האַנט — שוין נײַע, היטלעריסטישע. קוקט אויף אונדז דער דאָזיקער נעפּעש מיט פאַראַכטונג, פּאַטשט מיטן שטעקל אין דער גלאַנציקער כאַליעווע פונעם שטיוול און ציִשעט שאָדנפרייִדיק:

— נו, אומבאַזיגבאַרע, וואָס?!

מיר ווייסן ניט, ווער ער איז, ווי ער הייסט. נאָר זעען, פילן, אז דאָס איז א קוילער, א פּאָגראָמשטשיק, א פאַרעטער.

שפּאַנען מיר שוין ווײַטער, וואַכזאַם נאָכפאָלגנדיק די פאַרבײַגייער.

און ווידער אן אומגעריכטע באַגעגעניש. מײַנע שכיינים פון דער ריי ווייסן אַוודאי ניט, אז דער יונגערמאַן, וואָס שפּאַצירט לעבן אונדז אויפן טראָטואַר געאָרעמט מיט א יונגער פרוי, איז דער ליטווישער דיכטער יואַזאַס קרומינאַס. מיר זײַנען געווען באַקאַנט. די ליטעראַרישע טעטיקײַט האָט אונדז געהאַט ניט איין מאָל צונויפגעפירט... דאָס האַרץ נעמט איצט האַסטיקער טיאָכקען. וועט ער זיך אומקוקן, באַמערקן? מיר זײַנען געווען אויסגעהונגערט ניט אזוי נאָך מיטלײַד, ווי נאָך פאַרשטענדעניש פאַר אונדזער גורל. ס׳האָט זיך געבענקט נאָך אן אופריכטיק וואָרט, נאָך א פרײַנטלעכן בליק, וואָס זאָל צעווייען דעם נאָכטאָם פון דער באַגעגעניש מיטן פאַנאַנדערגעגאַרטלטן פאַשיסט.

---

[1] מאָסקווע מײַנע.

אָן סאָפעק וועט דער דיכטער זיך אומקוקן, מיך באַמערקן. איך גיי דאָך האַרט באַם ראַנד פונעם טראָטואַר, אַף וועלכן עס שפּאַצירט איצט געמיטלעך־אינטים דאָס פּאָרל. איך באַמערק, ווי די דאַמע קוקט ליבלעך אַף איר קאַוואַלער, וואָס רוימט איר עפּעס אַרײַן אין אויער.

וועגן וואָס ריידן זיי? דערקלערן זיך אין ליבע? באַהאַנדלען דעם לעצטן ספּעקטאַקל פונעם טעאַטער, וועלכן מיר זײַנען פאַרבײַגעגאַנגען? שמועסן וועגן יעסענינען, וועלכן ער, קרומינאַס, האָט ניט שלעכט איבער־געזעצט און אונטער זײַן האַשפּאָע געשריבן ניט קיין שלעכטע לידער?

כ׳האָב ניט געהערט, וואָס זיי ריידן, נאָר אַלץ מער געפילט, אַז זיי פאַרלירן קיין וואָרט ניט וועגן די מענטשן, וועלכע ווערן, ווי פּי, פאַר־בײַגעטריבן אַפן ברוק. דער גורל פון אָט די פאַרורטיילטע גייט, אַפּאָנעם, ניט אָן דעם דיכטער.

כ׳האָב אופגעציטערט. אופגעשטעלט דעם קראַגן, אײַנגעניורעט דאָס פּאָנעם. פאַר קעלט? אויס מוירע? אָדער מיר איז פּאָשעט געווען א שאַנדע פאַר אָט דעם באַקאַנטן מײַנעם? מיסטאַמע צוליב אַלץ צוזאַמען. און כ׳האָב שוין ניט געוואָלט, קרומינאַס זאָל מיך באַמערקן, דערקענען... ער האָט זיך ניט אומגעקוקט אין אונדזער זײַט, אויך ניט געשפּעט פון אונדז. איז גלײַכגילטיק פאַרבײַגעגאַנגען, ווי מיר וואָלטן גאָר ניט עקזיסטירט. און אָט די גלײַכגילט איז געווען ווייטעקדיקער פאַר דער פאַראַכטונג און דעם כויזעק פונעם באַריידעוודיקן פאַשיסט.

ניין, כ׳בין ניט מעקאַנע געווען ניט דער „פרײַהײַט", ניט דער זאָרג־לאָזיקײַט פונעם געוועזענעם פעַן־קאָלעגע. טיף אין האַרצן האָט אפילע געגנומען זיך וועקן דער שטאָלץ, וואָס איך שלעפּ זיך צוזאַמען מיט די גערוידעפטע, וואָס איך געפין זיך אַפן ברוק און ניט אַפן טראָטואַר, אַף וועלכן ס׳איז פרײַער פאַרבײַגעגאַנגען דער אומבאַקאַנטער אוניפאָרמירטער גאָרגלשנײַדער און איצט גייט איבער אים דער באַקאַנטער דיכטער, גייט מיטן זעלבן וועג, וואָס איז, ווי כ׳האָב זיך אינגיכן דערוווּסט, שוין דאַן געווען אויך זײַן וועג...

## דו מוזט לעבן!

— וויאַזוי איך בין געבליבן לעבן, פרעגט איר?

דאָס פּיפּיקע באָכערל מיט דער טאַרטשענדיקער טשופּרינע העלע האָר, וואָס איז צו אונדז אַרײַן מיקויעך א קאָנספּיראַטיוון איניען, האָט אָנשטאָט צו ענטפערן אַף מײַן פראַגע, זי איבערגעכאַזערט, אָנשטעלנדיק דערבײַ אַף מיר זײַנע קינדערש מילדע, גרויע אויגן.

יעדערער פון אונדז האָט זיך זײַן נעס, וואָס האָט אים פאַרהיט פון טויט. זיך דערוווּסט, אַז דאָס באָכערל איז ניצל געוואָרן פונעם זיבעטן פאָרט, ווו עס זײַנען אומגעבראַכט געוואָרן טויזנטער ייִדישע מענער, בין

איך נייַגעריק געוואָרן צו וויסן, וויִאזוי איז דאָס אים געלונגען.

— אונדזער לערער פון ענגליש, דער „טערק"... — האָט דאָס באָכערל פארלעגן א שמייכל געטאָן. — איר געדענקט אים, דעם „טערק"?

אוואדע געדענק איך. ווען איך האָב געענדיקט די מיטלשול (גימנאזיע האָט עס דאן געהייסן), האָט דאָס באָכערל ערשט געהאט אָפּגעגעבן זייַן שאָלעם־אַלייכעם דער וועלט. צו זיבן יאָר האָט ער גענומען באזוכן די זעלבע שול, וואָס איך. יאָ, אונדזער לערער פון ענגליש, מוישע גאָלדמאנען, געדענק איך גוט.

א שלעכטע מאראָכע האָט געהאט בא אונדז דער לערער. ניט גענוג ערנסט האָט מען זיך באצויגן צום לימעד פון דער פרעמדשפּראך, און בעיִקער — דער לערער האָט ניט אימפּאָנירט. ער איז געווען א הויכער, א דארער. דער גלאַט־ראזירטער קאָפּ זייַנער האָט געגלאנצט, ווי אָפּגעפּוצט מיט וואקס. אפן געלבלעכן פּאָנעם מיט די אייַנגעפאלענע באקן — א לאנגע, שמאָלע נאָז, צוויי ענג צונויפגערוקטע אויגן. באםריידן פלעגט ער אויסשטשירען גרויסע פארייכערטע ציין. צו דעם — די אלטבאַכערישע בייזלעכע טרוקנקייַט. דאָס אלץ האָט ניט ארויסגערופן ניט קיין ליבע, ניט קיין אָפּשייַ פאר אים. „א טערק!" — האָט איינמאָל א ווייַסכעוורעניק אף אים געזאָגט. דער דאָזיקער צונאָמען האָט זיך צוגעקלעפּט צו אים לעוילעם־וואָעד.

שוין לאנג, ווי כ'האָב פארלאָזט די שול־באנק. צוזאמען מיט די פארשווונדענע וועלטן זייַנען ווי אוועקגעשווומען אין ווייַטע ווייַטענישן אויך די לערער. און אָט טויכט איינער פון זיי אוף אין דער דערציילונג פון זייַנעם א שילער:

— אונדזער „טערק" האָט מיך דערזען אין פּאָרט. געווען זייַנען דאָרט צונויפגעטריבן עטלעכע טויזנט ייִדן, דורכויס מאנצבלעך. קיינעם פון מייַנע אייגענע אָדער אפילע באקאנטע האָב איך ניט געטראָפן. האָט דער לערער זיך גענומען זאָרגן וועגן מיר. איר ווייסט, אוואדע, אז מע האָט אונדז אין פּאָרט שרעקלעך געפּייַניקט: מיר האָבן געמוזט ליגן אונטער דער גליִענדיקער זון און זיך פון אָרט ניט רירן, ניט ארויסלאָזן קיין פּיפּס, קיין הוסט, קיין נאָס ניט טאָן. מע האָט נאָכאנאנד אין אונדז געשאָסן. פארווונדעטע האָבן געשריִען, זיך געצאפּלט. האָט מען ווייַטער אין אונדז געשאָסן, האלעמייַ מיר ליגן ניט רוִיק... ווי נאָר מע פלעגט אָנהייבן שיסן, אזוי האָט דער לערער מיט זייַן קערפּער מיך פארשטעלט פון די קוילן. „דו מוזט לעבן!" — האָט ער געהאלטן אין איין איבערכאזערן. ער פלעגט מיך אויך פארוקן אין שאָטן פון א קוסט, הינטער א בערגל — צו זייַן מער געשיצט אי פון דער סמאליענדיקער זון, אי פון די פּייַפנדיקע קוילן. מע האָט זיך איזדיעקעוועט איבער אונדז א פּאָר מעסלעס, געהאלטן אָן א ביסן ברויט, אָן א טרונק וואסער און אָן אופהער אין אונדז געשאָסן. לעבעדיקע, טויטע און פארוווּנדעטע זייַנען געלעגן אין איין אָנגעוואלגער. פּלוצעם האָט מען געמאָלדן, עס זאָלן אופשטיין און ארויסגיין אלע ייִנגלעך, ייִנגערע פון דרייַצן יאָר. דער לערער, א פארשמאכטער און קוים

לעבעדיקער, האָט געגומען מיך אונטערטרײַבן: „גיי ארויס, גיי ארויס!" און איך האָב נאריש געפרעגט: „ווי קאָן איך גיין? מיר איז דאָך שוין באלד פופצן!" דער לערער האָט מיט א פארשטיקטער שטים אלץ ניט אופגעהערט: „ארויס פונדאנען, אנטלויף! דאָ זײַנען מיר אלע פארלוירענע. מע מוז זיך ראנגלען פארן לעבן! דו ביסט יונג, דו מוזט לעבן!" האָב איך מיך צוגעשטעלט צו דער כאָפּטע ייִנגלעך. מע האָט אונדז דורכגע־פירט דורך אונטערערדישע גענג, געעפנט אן אײַזערנעם טויער און ארויס־געלאָזט... די טויזנטער פארבליבענע מענער האָט מען, ווי באוווּסט, אלע ביז איינעם דערשאָסן. ס'איז אומגעקומען אונדזער לערער, וועלכן איך האָב דערקוטשעט די יאָרן. און דאפקע אים האָב איך צו פארדאנקען מײַן לעבן...

„דו מוזט לעבן!". האָבן די דאָזיקע ווערטער פונעם אומגעקומענעם לערער אונדזערן א טיפערן זין?

פארן באָכערל, וואס האָט דערציילט די געשיכטע, האָבן זיי געוויס געהאט. ער איז שפּעטער געוואָרן א פארטיזאַן.

## „איך שפּײַ אים אין פּאָנעם"...

שוין באלד א מעסלעס, ווי דער דאָקטער זאָרעך גערבער ראנגלט זיך מיטן טויט. ער שאצט אָפּ זײַן לאגע און פארשטייט אויסגעצייכנט, אז דער דאָזיקער געראנגל איז פאר אים אָן אויסזיכטן. די קויל האָט דורכגעלע־כערט א לונג, און א בלוט־אויסגוס אין דער פּלעווּרע שטיקט אים, וועט אים לעסאָף דערשטיקן. וועגן מאכן אן אָפּעראציע אין די באדינגונגען פונעם געטאָ־שפּיטאָל קאָן גאָר קיין רייד ניט זײַן. בלײַבט, הייסט עס, ווארטן אפן טויט...

ווען דער פארווונדעטער קומט נאָר צום באוווּסטזײַן, עפנט ער די אויגן און פרעגט אלץ דאָס זעלבע:

— ווייסט איר, ווי דאָס איז געשען?

— אוואדע ווייסן מיר, — באַרויִקט מען אים.

מיר האָבן בעעמעס אלץ געוווּסט. דאָס איז דאָך געשען אינמיטן העלן טאָג, אינמיטן גאס, פאר אלעמען אין די אויגן. דער דאָקטער האָט געײַלט צו א שווער־קראנקן. אײַלנדיק, האָט ער ניט באמערקט דעם אָנ־קומענדיקן וואכמאן און אים ניט באגריסט. ס'האָבן ניט געהאָלפן קיין אנטשולדיקונגען, קיין דערקלערונגען, אז ער, דער וואכמאן, איז געווען אין ציווילע קליידער, בלויז מיט א ווײַסן אָרעמבאנד, און ער, דער „פאר־שולדיקטער", האָט געײַלט צו א קראנקן. אָט איז א באווײַז — דאָס טשע־מאָדאנדל מיט די אינסטרומענטן פון דער ערשטער הילף, די רעפּועס, שפּריצן. מע קאָן אויך פעסטשטעלן, צו וועמען ער איז געלאָפן. „ווען ער זאָל פארזאמען, — האָט דערקלערט דער דאָקטער, — קאָן אומקומען א מענטש!"

נאָר וואָס פאַר א ווערט האָט א מענטש, ווען עס גייט א רייד וועגן „געזעצן". דער וואכמאַן שטייט געוויסנהאפט אף דער וואך פון „געזעץ און אָרדענונג", וועלכע זעען פאַר די העכסטע שטראָף פארן ניט גריסן א פאַרשטייער פון דער מאכט. עפּעס א קלייניקייט: צו דער צייט ניט אראָפּ־נעמען דאָס היטל! לעסאָף האָט דער וואכמאַן ארויסגעוויזן „גרויסמוט". „פאל אף די קני און בעט אנטשולדיקונג, ווען ניט"... — האָט ער באַ־פוילן, אראָפּנעמענדיק די ביקס פון דער פּלייצע.

— וואָס האָט ער געזאָגט, וואָס? — קרעכצט דער פאַרוואונדעטער. — קניִען? איר הערט, כ'וועל ניט קניִען! ניין, ניין!

ער האָט ניט געקניט, און דער פאשיסט האָט געהאלטן וואָרט. זײַן קויל האָט בלויז ניט אָפּגעטאָן איר ארבעט אף אן אָרט. און אָט — א שווער־פאַרוואונדעטער גויסעסט דער דאָקטער.

דער שטאַרבנדיקער רײַסט ווידער פאַנאַנדער זײַנע בלוי־אויפגעלאָ־פענע אויגנלעפּלעך און, ווי זיך באַפרײַענדיק פון א שרעקלעכן ווייטעק, טוט ער א שמייכל:

— ער האָט געפילט, דער מערדער, אז איך שפּײַ אים אין פּאָנעם... דאָס זײַנען געווען זײַנע לעצטע ווערטער.

## היטלעריסטישער און הינטישער „הומאניזם"

ווער מיט א בינטל טרוקענע צווײַגן, ווער מיט א זאַק אף די פּליי־צעס, ווער ביכלאל מיט ליידיקן — פאַרנאכט־צו האָבן מיר זיך צוריק־געקערט פון דער ארבעט. פּלוצעם — אן אויסגעשריי אין אונדזער קאָ־לאָנע. וואָס איז געשען? מיר זעען — אן אומגעפאלענער מאגצבל קאָר־טשעט זיך פאַר ווייטעק און קרעכצט:

— מײַן פוס, מײַן פוס!

גייענדיק אין שיך מיט האָלץ־זוילן, האָט דער געליטענער זיך אויס־געגליטשט און אויסגעלונקען אָדער גאָר צעבראָכן א פוס. כאַוויירים האָבן געפּרוווט אים אופהייבן, נאָר דער אומגעפאלענער, ניט קאָנענדיק אײַנ־שטיין, האָט זיך ווידער אראָפּגעלאָזט אף דער ערד.

אונדזער קאָלאָנע האָט זיך פאַרהאלטן. די רייען האָבן זיך צעמישט. די קאָנוואָירן זײַנען ארײַנגעפאלן אין גרימצאָרן — געזידלט זיך, גע־שריִען, אז אין אלץ איז שולדיק דאָס מיסט און זייער גוטהאַרצי־קייט...

מיטן וואָרט „מיסט" האָבן זיי באצייכנט דעם אָפּפאל פון די קאַרטאָפל, וואָס מיר האָבן איבערגעקליבן. דערמיט זײַנען טאקע פול געווען די זעק, וועלכע א סאך פון אונדז, צווישן זיי אויך דער אומגעפאלענער, האָבן געטראָגן אף די פּלייצעס. און מיט דער „גוטהאַרציקייט" האָבן די קאָנ־וואָירן געמיינט זייער דערלויבעניש מיטצונעמען אין געטאָ דאָס דאָזיקע „מיסט". די דײַטשן האָבן בייסמײַסע גאָר פאַרגעסן, אז אָט די דערלויבע־

ניש האָט געהאַט דעם צוועק אײַנצושפּאָרן הויצאָעס פון פירן דעם אָפּ־
פאַל אויף די שטאָטישע מיסט־הויפנס.

ווי מיר שטייען אַזוי און קאָנען זיך קיין אייצע ניט געבן מיטן צע־
קאַליעטשעטן מענטשן, פאַרהאַלט זיך לעבן אונדז אַ לײַכטע מאַשין. פונעם
אויפגעפּראַלטן טירל רוקט זיך צוערשט אַרויס אַ ברוין קײַלעכיק היטל און
נאָכדעם — דער ברוינהעמדלדיקער שטורמאָוויק אַליין. דערוווּסט זיך,
וואָס דאָ איז געשען, פרעגט ער פאַרוווּנדערט די קאָנוואָירן:

— וואָס וואַרט איר? צו וואָס זאָל אַ באַשעפעניש זיך מאַטערן?

אין זײַן האַנט טוט אַ בלאַנק דער שוואַרצער שטאָל פונעם פּיסטאָלעט.
אַ בליץ, אַ פאַרטויבנדיקער קנאַל, און אַ טויטע שטילקייט, ווי די גאַנ־
צע וועלט וואָלט פאַרהאַלטן איר אָטעם...

דאָס אויטאָ־טירל ווערט פאַרקלאַפּט. דער שטורמאָוויק שליסט אײַן
דעם מאָטאָר, און די מאַשין רײַסט זיך אָפּ פון אָרט.

און אָט איז אַ צווייטער עפּיזאָד, וואָס בעט זיך פאַרגלײַכן מיטן
ערשטן.

צום אַזויגערופענעם „סאַניטאַרן פּונקט” פונעם אַרבעטפּלאַץ האָט מען
אויף אַ טראָגבעטל געבראַכט אַ מאַנצבל, וואָס האָט געכאַלעשט בײַס דער
אַרבעט. צום שלימאַזל איז פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן דער קאָ־
מענדאַנט פון דער וואַך מיט זײַן וואָלפהונט. באַמערקט דאָס טראָגבעטל
מיטן מענטשן, האָט ער אַ ריטשע געטאָן:

— סאַנאַטאָריעס וועט איר מיר דאָ מאַכן? אויפשטיין! צו דער אַרבעט!

געזאָגט און געגעבן דעם הונט אַ צייכן אָנצולערנען דעם „פוילער”.

דער הונט, גוט אויסגעדרעסירט אָנצופאַלן אויף אסירים, האָט דאָס מאָל
ניט געפאָלגט. דער קאָמענדאַנט האָט איבערגעכאַזערט זײַן באַפעל אַ
צווייט מאָל, אַ דריט מאָל. און ווידער דאָס זעלבע. דער הונט, ציטערנדיק
מיטן גאַנצן קערפּער, איז געשטאַנען אויף אַן אָרט, ווי צוגעוואַקסן מיט די
פאַנאַנדערגעשפּרייטע פיס צו דער ערד. פּלוצעם האָט ער גענומען זיך
דרייען אַרום זײַן באַלעבאָס, ביטער וואָיענדיק, ווי בעטנדיק ראַכמים און
מעכילע פאַר זײַן אומגעהאָרכזאַמקייט.

דער קאָמענדאַנט איז אינגאַנצן אַרויס פון די קיילים און אַ שאַרפן
שמיץ געטאָן דעם הונט מיט דער נאַהײַקע. (אַזוי באַהאַנדלען זײַן פיר־
פיסיקן דינער איז ער ניט געווען געוווינט. דעריבער האָט זײַן פּאָנעם זיך
פאַרקרימט אין אַ ווייטעק־גרימאַסע.)

ערשט איצט האָט דער הונט געפאָלגט: זיך אַ וואָרף געטאָן צום פאַר־
שלאָפטן. נאָר אָנשטאָט בײַסן, רײַסן פון אים שטיקער, האָט ער גענומען
לעקן זײַנע הענט, זײַן פּאָנעם... דער ניט־געשריבענער „ריטערלעכער”
געזעץ — אַ ליגנדיקן שלאָגט מען ניט...

ערגעץ ווערט געזאָגט בײַ דאָסטאָיעווסקין, אַז מע טאָר ניט באַליידיקן
כײַעס, באַצייכענענדיק מיטן עפּיטעט „כײַיִשע אַכזאָריעס” גרויזאַמקייט
פון מענטשן.

ווען ס׳רעדט זיך וועגן היטלעראָווצעס, קאָן מען דערמיט מאַסקים זײַן.

## „האָפּנונגסלאָז"

איז בעסער צו וויסן, וואָס אונדז שטייט פאָר, אָדער, מאכמעס מע קאָן זיך סײַווי ניט העלפן, בעסער לעבן אין אומוויסן? די־אָ פראגע קומט אָפּט בא מיר אוף, ווען איך באגעגן מײַן גוטן באקאנטן ר. ס'איז א סאָלידער און זייער אינפאָרמירטער מענטש. ער האָט געוויסע קאָנטאקטן מיט דער „אויסנוועלט", דערפילנדיק פליכטן אין דער יידישער געטאָ־אדמיניסטראַציע. דירעקט צי אומדירעקט דערוויסט ער זיך עפּעס פון דעם, וואָס מע וועבט ארום אונדז. געוויס, ניט אלץ ווייסט ער. אָבער — א סאך מער, ווי מיר.

ווען איך דערזע אָט דעם מענטשן, טוט ניט ווילנדיק א טיאָכקע דאָס הארץ. אָפּגעבנדיק איינער דעם צווייטן שאָלעם־אלייכעם, וועל איך דאָך שטעלן די אלט־נײַע קאשע, וועלכע מע שטעלט איינער דעם צווייטן, בייס מע באגעגנט זיך אין געטאָ: „וואָס הערט זיך נײַס?" ער וועט עפּשער האָבן „נײַס", און זײַן וועלן עס ווידער ביטערע בסורעס.

— וואָס הערט זיך? — פרעג איך אים בייס איינער א באגעגעניש. — ווי איז אונדזער לאגע?

— האָפּנונגסלאָז, — גיט ער א זאָג, א מאך טוענדיק מיט דער האנט. — קיינער וועט ניט בלײַבן, קיינער!

אין שלעכטס ווילט זיך ניט גלייבן. פּרווו איך דערווידערן: עפּשער דאכט זיך אים בלויז. פארטרויט ער מיר, אז ס'איז, אפּאַנעם, אָנגעקומען אן אָנווײַזונג פון „העכער" צו ליקווידירן אונדז אלעמען. ביז איינעם! די, וועלכע מע וועט לאָזן זשיפּען א געוויסע צײַט, וועט מען סטערײַליזירן...

און ער כאזערט איבער א צעקלעמטער, אויסציִענדיק די זילבן:
— האָפּ־נונגס־לאָז...

דערהערנדיק עס, דערמאָנט זיך מיר א בילד פון דער פריִער קינדהײַט: ס'איז סאָף פון דער ערשטער וועלט־מילכאָמע. מיר לײַדן הונגער, קעלט. און דאָ איז נאָך מײַן ייִנגערער ברודער פארשלאפט געוואָרן, הוסט שרעקלעך, איז זייער אָפּגעצערט. הויט און ביין. די מאמע דערשלאָגט זיך צום בעסטן קינדער־דאָקטער אין שטאָט, נאָר קומט צוריק א צעבראָכענע, א באגאָסענע מיט טרערן. „ער האָט אים אנטזאגט, — וויינט זי ביטער. — ער האָט געזאָגט: „האָפּנונגסלאָז"... און אויסגעוואקסן איז דער ברודער דער קרעפּטיקסטער פון אלע דרײַ קינדער אין אונדזער מישפּאָכע.

דערצייל איך מײַן באקאנטן דעם פאל מיטן ברודער, אז אים האָט בעשײַטע א גרויסער ספּעציִאליסט אָפּגעזאָגט דאָס לעבן, באנוצנדיק דאָס זעלבע וואָרט „האָפּנונגסלאָז". און געהאט האָט ער א טאָעס.

— אשריי האמײַמין[1], — געזעגנט זיך דער באקאנטער, שטארק א דריק טוענדיק מיר די האנט.

---

[1] אשרי המאמין — וויל איז דעם, וואָס גלייבט.

# געלע שטערן

האָט ווער געזען שטערן אין א פארכמורעטן הארבסטיקן פרימאָרגן? איך האָב היינט געזען שטערן אינעם פארכמורעטן הארבסטיקן פרימאָרגן. זעקסעקיקע שטערן פון אלערליי קאָלירן: העל־געלע און טונקל־געלע, אָראנזשעווע, ברוינלעכע, ראָזלעכע. פרישפארביקע און אָפּגעבליאקעווע־טע. זויבער־ריינע און פארשמוצטע. מיט ארומגעדריוולטע און מיט זאָרגעוודיק ארומגעזוימטע ראנדן. צוגענייטע און צוגעשפיליעטע שטערן אף בגאָדים. שטערן, ווי שטעמפלען אף מענטשלעכע גוירא־לעס.

אמאָל האָט מען געהאלטן (פאראן אזוינע, וועלכע האלטן אויך היינט), אז יעדער מענטש האָט זיך זיין שטערן אין הימל. יעדערער פון אונדז פארמאָגט היינט אזש צוויי — אף דער לינקער זייט ברוסט און אפן רוקן. איצט, ווערנדיק געטריבן צו דער ארבעט, זע איך נאָר שטערן אף רוקנס. פונעם גרויען הימל ביז צו דער גרויער ערד — א טונקעלע וואנט פון באשטערנטע רוקנס.

דעם באפעל צו טראָגן מערקצייכנס אף דער ברוסט האָבן מיר ניט אזוי טראגיש אופגענומען. אָנגעטאָן זיי מיט א סטאָישן קרעכץ. ס׳איז, אייגנטלעך, ניט געווען פאר אונדז ניי. אונדזערע אורעלטערן האָבן אינעם מיטלאלטער געטראָגן אפן זעלבן אָרט די געלע לאטע. דאן האָט זי גע־זאָלט זיין א צייכן פון שאנד. די, וועלכע צווינגען אונדז טראָגן דעם געלן שטערן איצט, אינמיטן פונעם צוואנציקסטן יאָרהונדערט, שטייגן איבער זייערע מיטלאלטערלעכע פאָרגייער. זיי פארוואנדלען דעם צייכן פון שאנד אין א שטעמפל פון טויט און באפוילן די פארורטיילטע אים טראָגן סיי אף דער ברוסט, סיי אפן רוקן — ער זאָל דורכדרינגען דעם מענטש אף דורך און דורך.

שווער צו פארגעסן דעם ערשטן שטערן, וועלכן איך האָב דערזען אפן רוקן פון א מענטשן. דער שטערן האָט איינגעהויקערט דעם סעמיטאָלאָג און ליטעראטור־פאָרשער, דאָצענט פון קאָוונער אוניווערסיטעט דר. כ.־נ. שאפיראָ און, קענטיק, אים געדריקט מיט א שרעקלעכער לאסט. כ׳האָב באלד דערפילט דעם אייגענעם שטערן אפן רוקן. ער האָט דאן אָנגעצונדן זיך און געברענט, אויסגעברענט אין מיין פלייש א וווּנד.

און אייביקע, ניט פארהיילבארע וווּנד...

כ׳ווייס ניט, צי אמאָל, אין מיטלאלטער, האָבן אלע געטאָ־טוישווים אָן אויסנאַם געדארפט טראָגן די געלע לאטע. היינט מוזן עס אלע, אָן אונ־טערשייד פון געשלעכט און עלטער. אפילע קינדער אין די וויגן ווערן געכאסמעט.

כ׳ווייס ניט, צי די אמאָליקע הערשער האָבן מאקפיד געווען אפן אויס־זען און פארב פון דער „געלער לאטע״. היינט מוז די לאטע זיין אין דער פאָרם פון א זעקסעקיקן שטערן און מוז האלטן אכט סאנטימעטער אין דיאמעטער. אויך די פארב איז פעסטגעשטעלט — געל. די פארב פון

שאנד און שפּאָט — געל — איז איצט אויך די פאַרב פון טויט. (פּאַרוואָס דאַפקע געל, פאַרשטיי איך ניט. די זון — דער אייביקער מאָקער פון לעבן, די לעוואָנע — די אייביקע טרײַע באַגלייטערן פון דער ראָמאַנטיק אין לעבן — זײַנען דאָך אויך געל.)

מאַכמעס מאַנגל אין געלן שטאָף האָבן זיך אײַנגעפונען פאַרב־שאַטירונגען, אָפּווײַכונגען פונעם פעסטגעשטעלטן „סטאַנדאַרט". און ווי יעדע אָפּווײַכונג פון די גילטיקע פאַר אונדז „געזעצן", האָט עס געקאָסט קאָר־באָנעס. מע האָט באַצאָלט מיטן לעבן פאַרן טראָגן רויטלעכע שטערן. (באַשולדיקט האָט מען די מענטשן אין קאָמוניזם...) איינעם האָט מען געשאָסן פאַר ניט גענוג פעסט צונייען די שטערן צום בעגעד, א צווייטן — פאַרן טראָגן זיי נאָר צוגעשפּיליעט מיט א זיכערנאָדל. פאַרגעוואָרפן האָט מען די־אָ מענטשן, אז זיי האָבן בעדייע אראָפּצונעמען די געלע צייכנס און פאַרלאָזן די געטאָ.

די שטערן פלעגן זיך אָפּטראָגן, און ס'איז ניט געווען קיין שטאָף צו מאַכן זיך נײַע. האָט מען אויסגעשניטן שטערן פון קאַרטאָן, פון דיקט, אָפּ־געפאַרבן זיי אַף געל. אַזוינע שטערן האָט מ'זן געקאָנט טראָגן, אופגעהאַנ־גענע אַף א שטריקל, וואָס פלעגט זיך אָנטאָן איבערן קאָפּ. לײַכט אָנצוטאָן און, ווען נייטיק, לײַכט אליין אראָפּצונעמען. מע דאַרף צו קיינעם ניט אָנ־קומען, אז מע וויל אראָפּנעמען דעם שטערן פון רוקן, בייס מע גאַנ־וועט זיך ארויס פונעם אַרבעטפּלאַץ זוכן פּראָדוקטן, צי גאָר באַם אַנטלויפן פון דער באַוואַכטער בריגאַדע. אַף א דין שטריקל הענגענדיקע הילצערנע שטערן פלעגן פונדערווײַטן ניט ארויסרופן קיין כשאַד. אָבער אז דײַטשן פלעגן עס יאָ באַמערקן... האָט מען ווידער געצאָלט מיט איין און דער זעל־בער וואַליוטע — מיטן לעבן.

טראָגן אַף זיך דאָס געלע שטעמפּל באַטײַט טויט. עס אראָפּנעמען — ווידער טויט. ווו איז לעבן?

פאַר מײַנע אויגן וויגט זיך, פאַרשטעלנדיק אַלץ און אַלעמען, א וואַנט פון באַשטערנטע מענטשלעכע רוקנס. אַן אראָפּגעלאָזטע טונקעלע וואַנט פונעם גרויען הימל ביז צו דער גרויער ערד.

אין א פאַרכמורעטן האַרבסטיקן פרימאָרגן — געלע שטערן? עפּשער זײַנען עס גאָר געלע קליאָן־בלעטער, אראָפּגעפאַלענע פון וועלקנדיקן מענטשהײַט־בוים? און עפּשער — קראַנקע, אויסגייענדיקע שטערן אין דער דעמערונג פון דער וועלט?

## געקאַשערטע רעציכע

מיט קירקעס האַקן מיר אָן שטיקלעך לײם און וואַרפן זיי ארויס מיט לאָפּעטעס. פּאַמעלעך, פּאַמעלעך זינקען מיר אין דער שמאָלער און זייער לאַנגער טראַנשיי, וועלכע מיר גראָבן.

דער מײַסטער פון דער בוי־פירמע, ווו מע האָט אונדז געבראַכט אַף אַרבעט, האָט יעדן איינעם פון אונדז גלײַך אינדערפרי אָפּגעמאָסטן און

אָפּגעמערקט צו גראָבן אַ שטיק טראַנשיי — די הײַנטיקע „נאַרמע", און פֿון צײַט־צו־צײַט קומט ער קאָנטראָלירן, צי מיר פֿוילן זיך ניט. די וואַכ־לײַט שפּאַצירן זיך לענגויס דער טראַנשיי, גלײַכגילטיק צו דעם, וואָס מיר טוען. זיי גייט אָן איינס: מיר זאָלן ניט אַנטלויפֿן. וועגן דער אַרבעט קיי־מערט זיך דער אָפּגעפּרעסענער ציווילער מײַסטער אין דעם העלן היטל מיטן גלאַנציקן קאָזירעק, אין דער העלער ברעזענטענער קורטקע מיטן צייכן פֿון דער נאַצי־פּאַרטיי אויפֿן לאַץ. אַ דיקער פּלאָקן — דער שטענדי־קער באַגלייטער פֿונעם מײַסטער — רוט ניט אײַן אין זײַן האַנט... מיט איין וואָרט, מיר זײַנען הײַנט אַרײַנגעפֿאַלן צום „ווײַסינקן היטעלע".

„דאָס ווײַסינקע היטעלע" — מיטן דאָזיקן צונאָמען האָט מען געקרוינט דעם מײַסטער און אים אַפֿילע „פּאַרייביקט" אין פֿאַרפֿאַסטע לידער וועגן אונדזערע צאָרעס און פּלאָגן. איצט באַקענען מיר זיך אַליין מיטן דאָזיקן וואָלף־פּערסאָנאַזש פֿון אַ שפּאָגל־נײַער גרווילפּולער מיסטעריע.

באַלד ווערט קלאָר, אַז אויף הײַנט האָט „דאָס ווײַסינקע היטעלע" זיך שוין צוגעקליבן אַ קאָרבן — אַן עלטערן ייִדן, וואָס איז געבליבן טאַרטשען איבער דער ערד־אויבערפֿלאַך, בייס מיר אַלע האָבן, גראָבנדיק, באַוויזן אַראָפּצולאָזן זיך אין דער ערד ביז איבער די קני. יעדעס מאָל, ווען דער מײַסטער מאַכט זײַן אינספּעקציע, דערלאַנגט ער אַ זעץ מיט זײַן אומרויִקן פּלאָקן איבערן קאָפּ פֿון דעם דאָזיקן מענטשן, וואָס שטייט אָפּ אין דער אַרבעט, און באַפֿעלט פֿלײַסיק אַרבעטן ווײַטער...

— ייִדן, איך בין אַ פֿאַרלוירענער, — רופֿט פֿאַרצווייפֿלט אויס דער געשלאָגענער, נאָך דעם, ווי דער מײַסטער טראָגט זיך אָפּ. מאַכנדיק מיט דער קירקע נײַע אומזיסטע באַמיִונגען צו ברעכן די האַרטנעקיקײַט פֿון דער ליים, רופֿט ער ווידער פֿאַרצווייפֿלט אויס, אַז ער איז פֿאַרלוירן.

מיר קוקן פֿונדערווײַטן אויפֿן אומגליקלעכן מענטשן, ניט ווויסנדיק, ווי אים צו העלפֿן. פֿון אָרט טאָר זיך קיינער ניט רירן. בייס דער אַרבעט איז אַפֿילע פֿאַרווערט צו ריידן צווישן זיך. וואָס וועט זײַן? מיטאַמאָל קריכט אַרויף צום אָפּשטייענדיקן ייִדן זײַן אַרבעט־שאָכן, אַ קליין, אָבער, קענטיק, פֿיזיש קרעפֿטיק באָכערל, וואָס האַלט שוין אין פֿאַרענדיקן זײַן אייגענע „נאָרמע", און נעמט מיט דער קירקע האַסטיק־האַסטיק דלובען די ליים...

אַ וואַרעמער געפֿיל כאַפּט אונדז אַלעמען אַרום: ס'וועט געהאָלפֿן ווערן אַ מענטש, וואָס האָט זיך געהאַלטן פֿאַר פֿאַרלוירן.

נאָר דאָ, ווי פֿון אונטער דער ערד, הילכט אויף די טרוקענע שטים פֿונעם „ווײַסינקן היטעלע". ניט נאָר ער שרײַט. ער שלאָגט אויך מיט זײַן פּלאָקן, שלאָגט אומבעראַכמאָנעסדיק דעם, וואָס איז געקומען צוהילף, און באַגלייט זײַן יעדן קלאַפּ מיט די ווערטער:

— איך וועל פֿון אײַך אַרויסהאַקן, אַרויסהאַקן וועל איך דעם קריסט־לעכן מיטלײַד־געפֿיל!

אָט אין וואָס עס גייט!

דעם „קריסטלעכן" ראַכמאָנעס־געפֿיל האָט בעשײַטע גאַליק אָנגעגריפֿן פֿרידריך ניצשע און אים פֿאַרורטיילט אין זײַן פֿילאָסאָפֿישער דאָקטרינע. היטלער, ראָזענבערג און די אַנדערע נאַצישע גדוילים באַצייכענען איצט

דאָס עלעמענטאַרע געפיל פון הומאַניזשקייט אלס „ייִדיש־מינדערווערטיק״ און קאַשערן רעציכע. און מיר האָבן אפילע ניט כוישעד געוועזן, אז „דאָס ווײַסינקע היטעלע״ באַגרינדעט זײַן אכזאָריעס פילאָסאָפיש, אידייִיש...

## שניי און פרייד

ערשטער ווײַסער שניי און ערשטע ווינטער־פרייד, אראָפּגענידערטע צו אונדז אין געטאָ, איר וועט דאָ ניט דערקוויקן קיינעמס האַרץ, ניט אָנצינדן וועט איר קיין שײַן דאָ פון א העלן יאָמטעוו.

בלויז ווייטעקן דערוועקט ער, אָט דער ערשטער שניי, וואָס פאַלט אַף דער געשענדעטער ערד פון געטאָ — ווײַסע זאַלץ אַף וווּנדן, ווײַסע זאַלץ...

אמאָל, אמאָל... ווי לאַנג איז עס געווען אָט דער „אמאָל״? קוים א האַלבן קרײַז אַרום דער זון געמאַכט האָט אונדזער ערדקײַלעך און אָפּ־געטראָגן זיך צוריק אַף צענדליקער יאָרהונדערטער אין כוישעכפּולן אָוואַר.

אמאָל, אמאָל — דער ערשטער ווײַסער שניי און זײַן פאַרבינדעטע, די ערשטע ווינטער־פרייד... איצט זײַט איר ווידער דאָ. ווילט איר באַשטע־טיקן דעם אַלטן קלאַל, אז ס'קאָן א דיקער שיכט פון לויטער־קלאָרער וואַ־סער דעם וועג פאַר ליכט פאַרשטעלן, און בלענדיק־ווײַסע פליטערלעך דעם הימל־בלוי פאַרדעקן קאָנען?

אָ, ניין, איר ווילט הײַנט ניט באַשטעטיקן דעם אַלטן קלאַל, און ס'איז ניט אײַער שולד, וואָס ס'וועבט טאַכריכים הײַנט דער ערשטער ווײַסער שניי, און ערשטע ווינטער־פרייד א קינע ווערט גאָר.

און ניט אין אײַך איז עס געווענדט, אויב ס'וועט דער ערשטער שניי פאַר אונדז צוגלײַך דער לעצטער ווערן, און אויב די ערשטע ווינטער־פרייד קאָן איבערלעבן אונדזער לעצטע רעגע. ניט אײַער שולד און ניט אין אײַך איז עס געווענדט, שעליכים פון די הימלען.

אין אונדז, די מענטשן אַף דער ערד, די שולד מיר מוזן זוכן, אין אונדז אליין איז אַלץ געווענדט. טאָ העלפט אונדז אומקערן אײַך אײַער הימלשן באַטײַט און גיט אונדז קויעך ווידער צו פאַרוואַנדלען אײַך אין ערשטן ווײַסן שניי און אין דער ערשטער ווײַסער ווינטער־פרייד.

## נײַ־יאָר

הויך אָנגעשאָטענע שנייען, ברענענדיקע פרעסט. ליטע קרעכצט אונ־טערן יאָך פונעם היטלעריסטישן פאַרכאַפּער. מיר שמאַכטן און קומען אום אין דער אַרומגעצוימטער געטאָ.

ווי ווײַטע, דורך געדיכטע נעפּלען און שווערע וואָלקנס דורכגעדרונ־גענע אָפּהילכן, דערגייען צו אונדז יעדיעס וועגן די שלאַכטן בא מאָסקווע,

וועגן דעם הערא͏ישן ווידערשטאַנד, וועלכן די סאָוועטישע אַרמיי שטעלט די פאַשיסטן. מיר צווייפלען ניט, אַז דעם סוינס דערוואַרט אַ שענדלעכער סאָף און אַ גערעכטע האַרבע שטראָף. צי וועלן מיר עס אָבער דערלעבן?

היינט איז ניי־יאָר. טרייבט מען אונדז ניט צו דער אַרבעט. קאָן מען באַטאַג געהיים אויספּרוּוון דאָס, וואָס מיר וואַגן טאָן געוויינלעך שפּעט אין די אָוונטן. מיר זיינען זאַלבעדריט אינעם צימערל פון אונדזערן אַ כאַווער, וועלכער האָט מיט זיינע געשיקטע הענט אויסגעמײַסטרעוועט אַ פּרימיטיוון דעטעקטאָר־אופּנעמער. פאַריגלט די טיר און אַ קאָנטראָליר געטאָן, צי דאָס פענצטער איז גוט פאַרהאַנגען, ציט אונדזער ראַדיאָ־מײַ־סטער אַרויס דאָס אַפּאַראַטל.

ליידער קאָן דער אופנעמער כאַפּן בלויז די אַרטיקע סטאַנציע. מיר זיינען געצוווּנגען הערן דעם סוינס. נאָר פּונקט, ווי מיר האָבן זיך אויס־געלערנט לייענען צווישן די שורעס פון דער פיינטלעכער ציַיטונג, אַזוי כאַפּן מיר עפּעס טרייסטנדיקס אַרויס פון די פאַשיסטישע ראַדיאָ־אַודי־ציעס, מיט וועלכע ס'איז פאַרפעסטיקט דער עטער. דאָס מאָל דערוואַרט אונדז אַ ווייניק אַנגענעמער סורפּריז. די מעמבראַנעס צעריַיסט אַ היסטע־רישער געבריל: ס'ווערט טראַנסלירט היטלערס ניי־יאָר־רעדע. ניי־יאָר 1942. וואָס וועט דאָס נײַע יאָר ברענגען די לענדער, די מענטשן?

די איינציקע פאָר הער־טרייבלעך גייט באַ אונדז פון האַנט צו האַנט. אַלע פאַרשטייען מיר דײַטש, און שפּעטער וועלן מיר איינער דעם אַנדערן איבערדערציילן, וואָס איטלעכער האָט געהערט. ס'דערגייט מײַן ריי. איך בין, מאַשמאָעס, בלייך געוואָרן אָדער מײַן פּאָנעם האָט ווייטעקדיק אַ צוק געטאָן, ווײַל די כאַווײרים האָבן זיך אָנגעשפּיצט, געגומען איבערפרעגן:

— וואָס, וואָס האָט ער געזאָגט?

ווער האָט געקאָנט ווײַטער הערן דאָס מעשוגאַס פונעם בלוטדאָר־שטיקן מעטורעף? כ'האָב אַראָפּגעריסן פון זיך די הער־טרײַבלעך און אַ וואָרף געטאָן אויפן טיש. די כאַווײרים האָבן זיי געפּרוּווט אָנטאָן. ניט דערהערנדיק קיין זאַך אויסערגעוויינלעכס, זײַנען זיי ווידער צוגעשטאַ־נען:

— נו, וואָס האָט ער סאָפּקאָלסאָף געזאָגט?

אין מײַנע אויערן האָט ניט אופגעהערט קלינגען די פראַזע, וואָס איז שפּעטער אַזוי טרויעריק באַרימט געוואָרן. היטלער האָט זי דאָן צום ערשטן מאָל עפנטלעך אַרויסגעבראַכט. ניט באַהאַלטנדיק מער זײַנע בלוט־טיקע פּלענער, האָט ער געמאָלדן, אַז דער קריג וועט זיך ענדיקן מיט דער טאָטאַלער פאַרניכטונג פון די יידן. קיין צווייטן פּורים וועלן זיי ניט האָבן און וועלן ניט באַגעגענען מער קיין ניי־יאָר.

ווען כ'האָב איבערגעכאַזערט פאַר מײַנע כאַווײרים די דאָזיקע ווער־טער, האָבן זיי עטלעכע מאָל איבערגעפרעגט, צי כ'האָב זיך ניט טויע געווען. עפּשער האָט ער פאָרט ניט אויסגעדריקט זיך אַזוי שאַרף? איז עס מעגלעך? אַ טויט־אורטייל אויף אַלעמען אָן אויסנאַם, אויף אַ גאַנץ פאָלק!

די מעמבראנעס האָבן געהודעט פון די „הײַל"־געשרײַען און פון דער בלאָז־אָרקעסטער־מוזיק. און מיר דרײַ זײַנען געזעסן, ווי צום טויט פאַר־מישפּטטע.

נאָר א מאָדנע איראָניע פון גורל: היטלערס אַש האָט דער ווינט שוין לאנג פארטראָגן צו אַלדי רוכעס, און מיר, די דרײַ, וואָס זײַנען געזעסן באם ראַדיאָ־אַפּאַראַטל, האָבן דערלעבט ניט איין נײַ־יאָר.

## זײַן דאָרשט און אומרו

מע האָט געקאָנט מיינען, אז לייבל סעגאַלאָוו לײַדט מער פון אונדז אַלעמען. ער האָט זיך ארומגעדרייט שטענדיק א צערייצטער, אַן אומגע־דולדיקער, א בייזער. ער איז געווען אין קאַס אף יעדן איינעם, ווי אַלע וואָלטן געווען שולדיק אין זײַן ביטערער לאגע. און מיט וואָס, אייגנטלעך, איז זי געווען טראגישער, אויסזיכטלאָזער פון דער לאגע פון א ליאַדן געטאָ־אײַנוווינער? איז לייבלס פארלאנג צו לעבן שטארקער, ווי בא אַלע אנדערע? האָט ער מער רעכט צו לעבן?

בא א געלעגנהײַט האָט ער זיך מיסוואָדע געווען:

— איך ווער דערשטיקט, איר פארשטייט? כ'ווייס ניט, ווי איר, נאָר מיר פעלט אָטעם.

די פארשטיקטע שטים זײַנע, די אָנגעשטרענגט־ציטערנדיקע מוסקולן אף זײַן האַלדז האָבן ווי איידעס געזאָגט, אז ער מאַטערט זיך פיזיש.

לייבל איז געווען שרעקלעך איינזאַם. אין איינעם א פארנאַכט, אומ־קערנדיק זיך פון דער ארבעט, האָט ער ניט געפונען ניט טאַטע־מאַמע, ניט ברודער און שוועסטער. ווען ער בלײַבט דעם טאָג אין געטאָ, וואָלט ער אוודאי אויך אומגעקומען צוזאמען מיט זיי. ער איז ניט געגאנגען פרײַוויליק צו דער ארבעט. מע האָט אים געכאַפּט און מיט קויעך אוועק־געטריבן. פונדעסטוועגן איז ער זיך ניט מויכל דאָס ניט זײַן מיט די אייגענע אין יענער גרויזאַמער מינוט. ער האָט אויך ניט געקאָנט מויכל זײַן זיך, האַלעמײַ, פרוּווּנדיק לויפן פון די היטלעראָווצעס, האָבן זיי זיך פארלוירן — ער און זײַן געליבט מיידל. איצט איז ער איינזאַם, ווי א שטיין, האָט ניט וועגן וועמען צו טראַכטן, צו זאָרגן. סײַדן — טראַכטן און זאָרגן וועגן זיך אַליין, דעם געפאַנגענעם און פארשפּאַרטן אין א שטײַג.

— איך וואָלט געקאָנט הארגענען א פאַשיסטישן הונט מיט דער קירקע, מיט וועלכער מיר גראָבן די טראַנשייען. איך וואָלט אפילע געקאָנט פלעטן דעם הינטישן שארבן פון א נאַצי מיט א לאָפּעטע. אָבער... אָבער... מײַנע אייגענע זײַנען אומגעקומען בייס דער אקציע, וואָס מע האָט דורכגעפירט, ווי א שטראָף פארן קלוימערשטן שיסן פון דער געטאָ־זײַט אין א דײַטשישן זעלנער. אַלע ווייסן, אז קיינער האָט ניט געשאָסן. ס'איז געווען א בילבל, וואָס האָט אָפּגעקאָסט דאָס לעבן פון טויזנט מענטשן. וויפל אומשולדיקע לעבנס וועט אוועקנעמען איין בעעמעס אוועקגעלייג־טער פאַשיסטישער אויסוווּרף?

אזוי האָט לייבל אראָפּגערעדט זיך פון האַרצן. מע האָט געקאָנט מיינען, אז מאכנדיק אפן קאָל דעם דאָזיקן כעזשבן־האנעפעש, איז ער אויסן געווען צו געפינען א פארענטפערונג פאר זײַן זיצן מיט פארלייגטע הענט.

בא אן אנדער געלעגנהײַט (און דאָס איז געווען אונדזער לעצטע באגעגעניש) האָט ער בייזלעך געטאָן אזש א ברום:

— אויב איר וועט זען א סרייפע, פלאמען, זײַט וויסן, אז אויך מײַן האנט שטעקט אין דעם.

באלד דערנאָך האָבן מיר זיך דערוווּסט, אז לייבל איז געלאָפן פון געטאָ. טוענדיק עס, האָט ער ריזיקירט מער פון אן אנדערן שוין צוליב זײַן אויסזען — פעך־שווארצע קוטשעראווע האָר און שווארצע אויגן, א טונקלהויטיק פּאָנעם מיט א טיפּיש „סעמיטישער" נאָז. פונדעסטוועגן האָט ער זיך אנטשלאָסן.

...אין איינער א פראָסטיקער פעווראל־נאכט 1942 האַבן אופגעלויכטן די הימלען איבער קאָוונע. אפן ברעג פון דער ווילִיע האַבן געפלאקערט מיט איין מאָל דרײַ גרויסע אונטערנעמונגען, וואָס האָבן פּראָדוצירט הילצערנע פעלד־בײַדלעך פאר די פרירנדיקע היטלעריסטישע כאיאַלעס.

מיר, הינטערן שטעכדראָט, האָבן ניט געקאָנט אָפּרײַסן אונדזערע בליקן פון דער ריזיקער סרייפע, וואָס האָט איבערגעדעקט די שטאָט מיט א צונטער־רויטן קופּאָל, ניט געקאָנט זיך אָפּלויבן פונעם דערשיטערנדיקן בילד. די, וועמען לייבל האָט זיך געהאט פארטרויט, האָבן איבערגעלעבט א טאָפּלטע פרייד: צו דער סרייפע האָט דאָך צוגעלייגט א האנט אונדזערער א כאווער!

ער האָט זיך מער ניט אומגעקערט, לייבל. ווי ער וואַלט אין יענער נאכט ארויף אין די הימלען אינײנעם מיט די פונקען, מיט די פלאמען־צינגער, אין וועלכע ער האָט געלינדערט זײַן דאָרשט צו פרײַהײַט, דעם אומרו פון זײַן נעשאָמע.

## איבער קרִיעס

ווער האָט קליינערהייט ניט פארגאָסן קיין טרערן, לייענענדיק „אָנקל טאָמס שטיבל"? און ווער קאָן פארגעסן די הארצרײַסנדיקע סצענע וועגן דער אנטלויפנדיקער פון אירע פארפאָלגער עליזען מיטן קינד אף די הענט? איבער שווימענדיקע קרִיעס אפן טײַך האָט זי זיך געלאָזט, ווען די שקלאפן־הענדלער האָבן זיך נאָך איר געיאָגט. דאָס אײַז שפּאלט זיך אונטער די פיס. עליזע שפּרינגט פון איין קרִיע אף דער צווייטער. רויטע שפּורן לאָזן איבער אירע צעבלוטיקטע פוסטריט. זי דערגרייכט אַבער דעם אנטקעגנדיקן, פרײַערן ברעג...

מײַן אייגענע פרוי איז איצט געגליכן צו עליזען. מיט אונדזער איינ־יאָריק טעכטערל אף די הענט האלט זי אין שטענדיקן לויפן פון די הײַנטצײַטיקע מענטשן־פארפאָלגער. דער פילעוודיקער מוטערשער איינ־

סטינקט טרײַבט צו טאָן אלדאָס מעגלעכע און אומעגלעכע פאר איר אומ־באהאָלפן אייפעלע.

מיר האָבן שוין לענגער זיך געהאט אנטשלאָסן — ניט ווארטן אפן כעסעד פון גוירל. ארויסגיין מיט אים אין געפעכט — אף לעבן און טויט.

א פראָסטיקער אָוונט פון סאָף דעקאבער 1941. עס רוקט זיך אָן די פּאָליציי־שאָ. באלד טאָר מען זיך שוין ניט באוועגן אין די גאסן. אלע זײַנען מיר אף די ערטער, גרייטן זיך צום שלאָף. מיר ווארטן אפן ברו־דער. אויך דאָס מאָל וועט ער מיסטאמע אָנלויפן אין דער לעצטער רעגע.

אזוי איז עס טאקע. ער קומט א פארסאָפּעטער, א צעטומלטער און ברענגט מיט זיך א שלעכטע יעדיִע. א גוט אינפאָרמירטער מענטש פון דער יִדישער געטאָ־אדמיניסטראציע האָט אים פארטרויט בעסאָד, אז עפּעס גרייט זיך, עפּעס רוקט זיך אָן אף אונדז. א סימען — די אומגע־הייערע שיסערײַ הײַנט אָוונט בא די צוימען. שטענדיק ערעוו א גזאר אָדער אן אקציע שיסן די וואכלײַט א גאנצע נאכט בא די צוימען.

נאָך דער לעצטער, ביז איצט גרעסטער שכיטע (מיר האָבן זי אָנגע־רופן „די גרויסע אקציע") האָט דער מעמונע פאר די „יודען־אָנגעלעגנ־הײַטן" פארזיכערט, אזש געגעבן „אן ערנוואָרט פון א דײַטשישן אָפיציר", אז דער פּעריִאָד פון „אקציאָנען און איבערזידלונגען" איז געענדיקט, די געטאָ וועט איצט לעבן אין רו און אָרדענונג...

איז וואָס ווידער? איז די קלוימערשטע „רו און אָרדענונג", וואָס האָט געהערשט עטלעכע וואָכן, געווען בלויז א צוויִעסדיק שפּיצל פון די הענקער?

ס'קומט אויך אוף אזא האשאָרע: אזויווי ביז איצט האָבן די געסטאַ־פּאָווצעס קיין „פּאָליטישע" אָבלאוועס אָדער אקציעס אין געטאָ ניט גע־האט דורכגעפירט, קלײַבן זיי זיך עפּשער עס מאָרגן טאָן. מיר דערמאָנען זיך באלד, אז מיט אייניקע טעג צוריק האָט בא אונדז אין שטוב איינער א פארדעכטיקער פארשוין געטײַנעט, אז נאָכדעם ווי מע וועט מאכן א טאָלק מיט די אלע איבערגעבליבענע קאָמוניסטן, אנטיפאשיסטן, „פּראָ־גרעסיווע", וועלן די דײַטשן זיך בארויִקן, און ס'וועט נעמען א סאָף צו די צאָרעס... אונדזער מישפּאָכע האָט געהאט א גרונט צו זײַן באזונדערס וואכזאם.

— איך ריזיקיר. כ'וועל גיין דורכן צוים, — גיט האסטיק צו וויסן דער ברודער. ער איז שוין ניט איין מאָל, אָנגעטאָן אין א דאָרפּיש טולופּל, ארומגעגאנגען אָן לאטעס אין שטאָט. קעדיי אויסצוזען „אריש", האָט ער זיך געהאט פארלאָזט א פּאָר לאנגע וואָנצעס, אָפּגעפאָרבן אף העל די האָר.

— איך ריזיקער אויך. און מיטן קינד! טאָמער כאפּט מען מאָרגן קינדער? היטלער דארף קיין יִדישע קינדערלעך ניט האָבן! — זאָגט אנט־שלאָסן מײַן פרוי. שוין אין די רייד נעמט זי אָנטאָן אונדזער שלאָפנדיק מיידעלע. אָנגעפּעלצט אף דעם, וואָס נאָר געפונען אונטער דער האנט, אליין אָנגעטאָן אף זיך, וואָס עס לאָזט זיך, מעלדעט זי: — איך בין פאר־טיק.

דער ברודער איז געשטאַנען די גאַנצע צײַט אַן אָנגעטאָנענער.

מיר האָבן קימאַט ווי זיך ניט געזעגנט. ניט צעקושט זיך. קיין צײַט איז ניט געווען. קיין טרער ניט אַרויסגעלאָזט — ניט געווען קיין טרערן. מיר האָבן, פֿאַרקלעמטע, געטאָן אַ קוק איינער אויפֿן צווייטן, מעגלעך — צום לעצטן מאָל... איך האָב, טראָגנדיק דאָס קינד, זיי באַגלייט אַ שטיקל וועג. גיין ביזן צוים און אומקערן זיך וואָלט ניט געסטײַעט קיין צײַט. אַט־אַט, און עס שלאָגט די פּאָליציי־שאָ.

שטאָקפֿינצטער אין דרויסן. דער כּוישעך האָט אײַנגעהילט מײַן פֿרוי, מײַן ברודער, וואָס האָט איבערגענומען דאָס קינד. פֿראָסט און כּוישעך. בלויז דער סקריפּענדיקער שניי... שניי, שניי, מאַך ניט יאַדאַכעס מיט היטלערן, גיב ניט אַרויס מײַנע טײַערסטע!

געבליבן זײַנען מיר אין שטוב צוויי אַוויילים — איך און דער פֿאָטער. אין איין רעגע פֿאַרלוירן די לעצטע נאָענטע. פֿאַרלוירן? און עפּשער, עפּשער בלײַבן מיר דאָ אין געטאָ אויף אומקום און זיי וועט באַשירעמען דער גאָט פֿון די דרייסטע? עמעצער וועט אויף יענער זײַט אויסשטרעקן אַ האַנט, געבן אַ צײַטווײַליקן אָפּדאַך, פּונקט ווי עליזען פֿון „אַנקל טאָמס שטיבל"?

אין געטאָ האָט דער אוילעם אויף מאָרגן אײַנדערפֿרי אַ קאָפּ לײַכטער אָפּגעעטעמט. ס'האָט זיך טאַקע אָנגעהויבן אַן אַקציע, אָבער... אויף פּעלצן, פֿוטערוואַרג, וואָלענע יאַקן, הענטשקעס, סקאַרפּעטקעס... דעם פֿיורערס סאָלדאַטן זײַנען, נעמלעך, מיטן אַרײַנגעפֿאַלן אין פּאָסטקע פֿונעם רוסישן ווינטער, דאַרף זיי אַרויסהעלפֿן די געטאָ... יאָ, אונדזער נעכטיקע שרעק איז געווען, קאָן מען זאָגן, אומזיסט. נאָר רײַסן זיך אויף דער פֿרײַ, וואָגן דאַרף מען סײַ־ווי. הינטערן שטעכדראָט דערוואַרטן אונדז בלויז פּוראַניעס, גזיירעס, אומקום.

עס וועלן אַוועקגיין אַ גוטע פּאָר וואָכן, ביז מירן זיך דערוויסן, וואָס מיט אונדזערע אייגענע, די געלאָפֿענע אין יענער ווינטער־נאַכט, איז געשען. בעמעשעך פֿון די דאָזיקע פּאָר וואָכן האָבן מיר איבערגעטראַכט דאָס ערגסטע: מע האָט זיי פֿאַרהאַלטן בײַסן קריכן דורכן צוים; מע האָט זיי געכאַפּט באַם אַראָפּנעמען די געלע לאַטעס; זיי זײַנען אַרײַנגעפֿאַלן אין אַן אָבלאַווע; געסטאַפּאָ האָט זיי אַרעסטירט, דורכפֿירנדיק אַ נאַכטקאָנטראָל בײַ די ליטווינער, וועלכע האָבן זיי צוגעטוליעט; עמעצער האָט זיי אויף דער גאַס דערקענט און אָנגעוויזן פּאָליציי (איטלעכער שטאָטישער אײַנוווינער האָט ניט נאָר רעכט, ער איז מעכויעוו צו פֿאַרהאַלטן אַ ייִדן און איבערגעבן געסטאַפּאָ)... די פֿאַנטאַזיע האָט געמאָלט בילדער, איינס שרעקלעכער פֿאַרן צווייטן. ביז איינעם אַ פֿראָסטיקן נאָכמיטיק...

די בריגאַדע, ווו כ'האָב דעם טאָג געאַרבעט, קערט זיך פֿרי אום אין געטאָ. מיר האָבן הײַנט געראַמט שניי. דער שאַרפֿער ווינט און טרוקענער פֿראָסט האָבן ווי געצוווּנגען אונדזערע קאָנוואָירן מאַכן וואָס קירצערע מאַכזאָקעס. זיי האָבן פֿאַרגעבן אָפּראַמען אַ געוויסן שטעטך און צוגעזאָגט פֿירן „נאָך האַוזע", ווי נאָר מירן פֿאַרענדיקן. אַרום צוויי באַטאָג איז אַלץ געווען פֿאַרטיק, און די דײַטשן האָבן געהאַלטן וואָרט.

אן אומגעוויינלעך געפיל — אינמיטן העלן טאָג געפינען זיך אין געטאָ. ס'איז קאַלט, און יעדערער איילט א צופרידענער צו זײַנע אייגענע. צו וועמען זאָל איך איילן?

וויניק פאַרבײַגייער אין די געסלעך. בלויז באַם אזויגערופענעם „העלדזל", ווו דער צוים קוועטשט צונויף די געטאָ, איבערלאָזנדיק א פאַרבינדונג פון די צוויי געטאָ־טיילן דורך א שמאָל געסל, איז א געזעמל. א ייִדענע שטייט און ברעכט מיט די הענט:

— א באַלאַנעס פון א ווײַבל! אָט אָ־דאָ, אָקאָרשט, אונטער דער נאָז פון דײַטשן, קריכן דורכן צוים! און מיט א קינד אַף די הענט!

„עס זאָלן אמאָל ניט זײַן מײַנע?" — פאַלט מיר אײַן, און איך נעם לויפן אין איין אָטעם „אהיים".

מײַן פאָרגעפיל האָט מיך ניט אָפּגענאַרט.

— געמוזט, געמוזט זיך צוריקערן, — איז זייער אופגערעגט און קאָן צו־זיך ניט קומען מײַן פרוי. — ס'האָט געקאָנט ווערן צו שפּעט. איינער א טיפּ האָט זיך אײַנגעגנאַדיעט, איז געוואָרן צודרינגלעך, געגעבן אָנצוהערן, אז ער ווייסט, וואָסער ליטווינערן איך בין... און דאָס שוואַרצהאָריקע מיידעלע, ווייסט ער, איז פון דער בוינע אַרויסגעטראָגן... סײַדן איך וועל זיך אויסקויפן. מיט גאָלד, מיט ליבלעכקײַט. כ'האָב אים געבעטן האָבן געדולד ביז אין אָוונט. כ'וועל באַשטימט באַזאָרגן גאָלד־כפּייצים... ער איז מאַסקים געווען צו וואַרטן. און איך האָב מיך אָפּגעטראָגן...

ניט האָבנדיק איצט אין שטאָט קיין מער־וויניק זיכערן אָפּדאַך, האָט זי געזוכט א רעטונג אין געטאָ.

עליזע איז ווידער, לויפנדיק מיטן קינד איבער די שווימענדיקע און אונטער די פיס זיך קרישלענדיקע קריזעס, ניצל געוואָרן פון אירע פאַרפאָלגער.

ערשט איצט האָב איך זיך דערוווּסט די פּראָטים פונעם שפּרונג „אַף דער פרײַ", וואָס מײַנע אייגענע האָבן געטאָן אין יענער נאַכט.

מײַן פרוי האָט אויספירלעך געשילדערט זייער אָדיסיי:

— נאָכן צעשיידן זיך האָבן מיר פאָרזיכטיק אוועקגעטאָפּטשעט אינעם טיפן שניי. אָט שאַרן מיר זיך צו צום צוים. דער שניי, ווי ער וואָלט אופגעהעלט די כאַשכעס. און ס'ווילט זיך, עס זאָל זײַן וואָס פינצטערער. אַף יענער זײַט שטעכדראָט שפּאַנט דער פּאָסטן. ס'ווערט שרעקלעך דאָ זיך צו פאַרהאַלטן. מע מוז וואָס גיכער זיך אנטשליסן. האַסטיק נעמען מיר אַראָפּ פון זיך די לאַטעס. ווען דער פּאָסטן דערווײַטערט זיך א ביסל (און דאָס הערן מיר לויטן סקריפּ פון זײַנע טריט אינעם שניי), הייבט מײַן דרייסטער מיטגייער אוף דעם אונטערשטן דראָט פונעם צוים־געפלעכט. איך צי זיך אויס אַפן שניי, פויזע אַרויס פון געטאָ. דאָס קינד איז אויך מיט מיר. א גליק, אן עמעס גליק, עס האָט קיין פּיפּס ניט געטאָן, ווי ס'וואָלט בעכוש געפילט די געפאַר. האַסטיק טראָגן מיר זיך אָפּ, גייען זיך פאַנאַנדער. איצט טאָר מען ניט זײַן צוזאַמען. יעדערער מוז וואַגן איינ־ײנקער אליין. וווּהין איצט? אויך אין שטאָט האָט זיך אײַנגעשטעלט די פּאָליציי־שאָ. מיר איז אײַנגעפאַלן אַרײַנכאַפּן זיך אין דעם

דערבײַיִקן קלויסטערל. באַם אַרײַנגאַנג שטויס איך זיך אָן אין א הויכן, פולבלעכן מאַנצבל. ניט באַטראַכטנדיק, וואָס איך טו, פאַרטרוי איך אים דעם גאַנצן עמעס... אָן א וואָרט צו זאָגן, עפנט ער די שווערע קלויסטער־טיר און לאָזט מיך אַרײַן אינווייניק, טוענדיק א וואָרטשע: „בלײַב דאָ ביז אינדערפרי". וועט ער מיך אָפּמאַסערן, אַרויסגעבן? דער ערשטער באַגעגנטער מענטש אויסער דער געטאָ האָט ניט אַרויסגעגעבן. ווער איז דאָס געווען? מיר דאַכט זיך אַלץ, אַז ניט אומזיסט האָט ער געאַרבעט אַלס הייצער אָדער שוימער פונעם קלויסטערל. אויך ער האָט זיך אויס־באַהאַלטן... אָפּגעטרייסלט פון זיך דעם שניי, אײַנגעגניורעט זיך אין א ווינקל, זײַנען מיר, דערפרוירענע, איבערגעקומען די נאַכט. דערוואָרט די ערשטע מיספּאַלעלים, לאָז איך זיך אין וועג. געהאַט בעדייע, ווי מיר האָבן פריִער געטראַכט, אויספרווון אונדזער געוועזענע שטוב־אַרבעטערן. צו איר איז אָבער — פּאָלג מיך א גאַנג! צוויי באַוואַכטע בריקן דאַרף מען אַריבער! באַם ווילִיע־טײַך בלײַב איך שטיין א דערשלאָגענע: די וואַכ־פּאָסטנס אַף דער בריק טיילן זיך דײַטלעך אויס אינעם פרימאָרגן־גרוי. איך טאָר ניט גיין! עס קאָן זיי אײַנפאַלן קאָנטראָלירן דאָקומענטן. דאָס אייגענע לעבן מעג מען שטעלן אין קאָן. אָבער מיטן קינד האָט דאָס האַרץ ניט געלאָזט ריזיקירן. כ׳קוק זיך אַרום — אָן אָרעם געקליידטע עלטערע פרוי גייט באַ מײַן זײַט. א גוט פּאָנעם וואַרפט אַף מיר וואַרעמע, מיטפילנדיקע בליקן. ווענד איך זיך צו דער פרוי, בעט טאָן מיר א גרויסע טויווע: אַריבערטראָגן דאָס קינד איבער דער בריק. איך אײַל מיט דעם צום דאָקטער, בין אויסגעשעפּט און האָב נאָך א ווײַטן מעהאַלעך... די פרוי האָט א נעם געטאָן אונדזער טעכטערל, צוגעדריקט צום האַרצן, זאָגנדיק: „די נאַכט האָט זיך מיר געכאָלעמט א קינד"... כאָטש מײַן אויסער־לעכער אויסזען האָט ניט געקאָנט פאַראַטן, ווער איך בין און פונוואַ־נען איך קום, האָט די פרוי אָבער אַלץ פאַרשטאַנען און זיך ניט דער־שראָקן. פאַרקערט, זי איז געווען גליקלעך צו קאָנען העלפן. זי האָט מיר פאָרגעשלאָגן נעמען באַ איר א קינדער־וועגעלע. זי לעבט דאַ גלײַך דערבײַ. כ׳האָב זיך דערפרייט: א וועגעלע וועט זײַן אי באַקוועם, אי די בעסטע מאַסקירונג. קיינעם וועט דאָך ניט אײַנפאַלן, אַז געלאָפּענע פון געטאָ פירן זייערע קינדער אין וועגעלעך... אויך איבער דער ניעמאַן־בריק האָט די ליטווישע פרוי געפירט אונדזער קינד. טאָמער א קאָנטראָל, האָט זי געהאַט מיטגענומען איר פּאַספּאָרט. איך בין געגאַנגען פונווײַטן. דעם נאָמען פון דער פרוי האָב איך צוליב פאַרשטענדלעכע סיבעס ניט גע־פרעגט. זאָל זי שלאָפן רויִק... אַז מיר זײַנען געבליבן „אַף דער פרײַ", האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן אונדזערע וואָגלענישן פון אָרט צו אָרט. איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן די געציילטע טעג, וואָס מיר האָבן זיך אויס־באַהאַלטן אין צענטער שטאָט, אין א דאַכשטיבל פון א הויז, ווו ס׳האָט זיך געהאַט אײַנגעקוואַרטירט עפּעס א נאַצישער אַנשטאַלט. דאַפקע דאָן האָט אונדזער קליינס גענומען שטעלן אירע ערשטע זעלבשטענדיקע טריטעלעך. ס׳איז געווען אָן עמעסע סאַטיספאַקציע. אונטן — אָפּגעפרע־סענע היטלעראָווצעס אין אויסגעצאַצקעטע מונדירן, פאַריסענע „וועלט־

באצווינגער״, און דאָ — א קליין נעפעשל, וואָס זיי האָבן צום טויט פארורטיילט, האָט אָנגעהויבן זײַן מארש אין לעבן. די סאָנים אף צולאָ־כעס... קלאָר, אז מע איז געווען געצווונגען היטן זיך פאר א בייז־אויג, פאר א שלעכטן שאָכן, פאר א מאָסער. מע האָט ניט געטאָרט שטעלן אין געפאר די הילפסגרייטע מענטשן. אָבער אז די מעגלעכקײַטן האָבן זיך אויסגעשעפּט...

זי איז דעמלט אינמיטן העלן טאָג ארײַנגעקראָכן דורכן צוים אין געטאָ מיטן קינד אף די הענט.

דער וואכזאמער מוטערשער אינסטינקט האָט איר אָבער רוען ניט געלאָזט. זי האָט אקשאָנעסדיק געהאלטן זיך בא דער מיינונג:

— מע טאָר ניט זאָגן: „זאָל עס גיין, ווי עס גייט״. די קינדער זײַנען אפן ערשטן פּײַער. זיי מוזן ארויס פון געטאָ!

אײַנשטעלנדיק דאָס לעבן, האָט זי ווײַטער געזוכט און לעסאָף געפונען א נײַ אָרט פאר אונדזער קינד. מיר האָבן זיך אנטשלאָסן צום נײַעם פּרווו.

דאָס ארויסטראָגן אונדזער קליינס אין שטאָט האָבן מיר דאָס מאָל, אזוי צו זאָגן, אָרגאניזירט. באם טויער איז מיצאד דער יִדישער געטאָ־אדמיניסטראציע געווען אוועקגעשטעלט א „ציילער״ פון די ארויסגייענ־דיקע מענטשן אף ארבעט — א פּיפיק און דרייסט באָכערל, וועלכן אלע האָבן היימיש גערופן יאנקעלע. האָבנדיק א געוויסן קאָנטאקט מיט די וואכלײַט, האָט ער זיך דערוואָרבן צווישן זיי „אייגענע מענטשן״. פאר שויכעד פלעגן זיי זיך צומאָל מאכן ניט זעענדיק, ווי ס׳גייען ארײַן און ארויס געטאָ־אסירים, ניט ארײַנגערעכנטע אין די בריגאדעס. פאר א זילבערן רינגעלע האָט יאנקעלע דורכגעמאכט, דער וואכמאן באם טויער זאָל ארויסלאָזן מײַן פרוי און קינד — „צו א דאָקטער אין שטאָט״.

א קאלטער, רעגנדיקער הארבסטיקער אָוונט. אין א פירהויז פון א שטוב באם טויער שטייען מיר, איך, מײַן פרוי און קינד, ווארטן אף יאנקעלעס צייכן, אז מע מעג שוין... באם טויער לעשן זיך פּלוצעם אויס די פּראָזשעקטאָרן. מיר פארשטייען, אז די „פּארטונקעלונג״ איז אראנ־זשירט פון־אונדזערטוועגן. אן עמעס בראַווער יאט, דער דאָזיקער יאנ־קעלע! ער הייבט אוף זײַן האנט... מײַן פרוי כאפּט דאָס קינד אף די הענט און טוט זיך א ריס פאָרויס. איר סילועט, דערזע איך, שארט זיך אדורך דעם קוים געעפנטן טויער. די שרעקלעכע שפּאנונג לאָזט אָפּ. גאָט צו דאנקען, זי איז ארוף אפן טראָטואר פון דער „ארישער זײַט״! גאָר אומדערווארט צינדט אָן דער וואכמאן זײַן לאמטערנדל און לאָזט ארוף אף מײַן פרויס רוקן א שארפן ליכט־סנאָפּ. עס דארף קומען א שאָס...

— יאנקעלע! — שרײַ איך ווילד אויס, א וואָרף טוענדיק זיך צום טויער.

יאנקעלע האָט ניט געוווארט אף מײַן הילפרוף. ער האָט אין איין אויגנ־בליק א כאפּ געטאָן דעם וואכמאנס האנט מיטן לאמטערנדל און אראָפּגע־קוועטשט דעם ליכט־סנאָפּ צו דער ערד־צו.

דער וואכמאן האָט געטריבן קאטאָוועס...

מײַנע אײגענע האָבן זיך צונױפגעגאָסן מיט דער כאַשכעס פון דער פּאַרטונקלטער שטאָטישער גאַס.

און װוּ זײַנען זײ איצט?

מיטן קינד אױף די הענט לױפט אװאַדע מײַן פרױ איבער שװימענדיקע קרײַעס אױפן מוטנעם לעבנס־שטראָם. דאָס אײַז שפּאַלט זיך אונטער אירע בלוטנדיקע פיס. זי שפּרינגט פון קרײַע אױף קרײַע. די, װאָס יאָגן איר נאָך, קאָנען זי דערגרײכן מיט זײערע קױלן. זײ גײט דאָך ניט אַזױ אין כאַפּן און פאַרקױפן פאַר שקלאַפן, װי אין אומברענגען, אױסראָטן, פאַרטיליקן. פאַר די הונדערט יאָר, װאָס זײַנען פאַרבײַ, זינט עליזע איז געלאָפן פון די שקלאַפן־הענדלער, האָבן די פעלקער־מערדער שטאַרק פאַרפולקומט זײערע קלײ־מאַשכיס.

אַנטרינן, טײַערע, לױף! טראָג אונדזער קינד הױך איבער דער צעבושעװעטער סטיכיע. דערטראָג עס צו אַ זיכערן ברעג, דערװאַרט זיך אױף אַן אױסגעשטרעקטער האַנט און פאַרבאַהאַלט עס אין אַ באַװאָרנט װינקל. װאָס טונקעלער, װאָס פאַרהױלענער זאָל עס זײַן...

## גלײַכגילטיק

די שטילע שטאָקפינצטערע װינטערנאַכט איז געװען אײַנגעדעקט אין שנײען און אַרומגעכאַפּט מיט שטײַפע פראָסט־רײפן. אױף זײערע פּאָסטנס באַם געטאָ־צױם האָבן אונטערגעפרױרן און געלאַנגװײַליקט זיך די װאַכפּאָסטנס. ביז ס'איז זײ נימעס געװאָרן צו פרירן אין דער שטילקײַט און פינצטערניש. אױך האָבן זײ, אַװאַדע, אונדז ניט פאַרגונען דעם צײַטװײַליקן אױסלײז, װאָס מיר האָבן געפונען אינעם שלאָף, און זײַנען אַרױס אין אַ געװעט: װער װעט אױסלײגן מער מענטשן, שיסנדיק „אױף בלינד" דורך די װענט פון די שטיבער אין געטאָ. אַרױסגעלאָזט אַ צאָל קױלן און געגאַנגען קאָנטראָלירן, װיפל געטראָפענע זײַנען פאַראַן.

באַגינען דערװיסן מיר זיך: די װענט פון די הײַזלעך, װאָס באַם צױם, האָבן גוט געשיצט זײערע אײַנװױנער. פאַראַן בלױז אײן קאָרבן. עפּעס אַ בוכהאַלטער, אַן אַלטער באָכער, איז געטראָפן געװאָרן. און נאָר דערפאַר, װײַל ער האָט בעשום־אופן ניט געפאָלגט די צימער־שכײנים — צוזאַמען מיט אַלעמען אױסצײַען זיך אױפן דיל בײַ דער דרױסן־װאַנט. אַן אַרײַנגעפלױגענע קױל דורכן פענצטער האָט אים געטײט אױפן געלעגער.

איך האָב געקענט דעם מענטשן. ניט װעגן יאָ־פאָלגן אָדער ניט־פאָלגן איז דאָ געגאַנגען. גיכער פון אַלץ איז ער געװען גלײַכגילטיק צו דער באַנאַכטיקער שיסערײַ, צו די װאָרענונגען, װי גלײַכגילטיק ער איז געװען צו דעם, װאָס געשעט אַרום אונדז.

אין געטאָ איז ער אַרײַן דעם סאַמע לעצטן טאָג. ביז דער לעצטער רעגע איז ער געזעסן אין זײַן צימער פון דער אױסגעלײדיקטער שטאָטישער דירע. איבערגעלאָזט זײַן ביסל אײגנס אױף העפקער, איז ער געקומען אין געטאָ װי ער שטײט און גײט. די װאָך האָט אים אָנגעבײקערט די בײנער, האַלעמײַ ער האָט אַזױ לאַנג געלאָזט אױף זיך װאַרטן.

געקומען דער לעצטער, האָט ער קיין ווינקל, ווו זיך צוטוליען, ניט געפונען און אויך ניט שטארק געזוכט. ער האָט זיך געוואלגערט אונטערן פרייען הימל — ווו א טאָג, ווו א נאכט. נאָר אז אין געטאָ איז נאָך די אקציעס און „איבערזידלונגען" געוואָרן „גראמער", האָבן באקאנטע אים מיט גוואלד איינגעקווארטירט אין א געמיינזאמען צימער פון עפּעס א האלב־כּאַרעווער שטוב.

פארוואָקסן, אָפּגעריסן, קויטיק און טאָמיד הונגעריק איז ער געווען. פון הונגער און קעלט האָבן אים געציטערט הענט און פיס. דער הונגער האָט אין אונדז אלעמען געוואַיעט, ווי א כּײַע־ראָע, געריסן שטיקער פון אונדזער איינגעווייד און ארויסגעטריבן פון די באהעלטענישן — זוכן מיט־לען אופצוהאלטן די נעשאָמע. דער בוכהאלטער האָט זיך אין געטאָ ניט געהאט רעגיסטרירט און ניט באקומען אפילע די בידנע אָפּיציעלע שפּייז־נאָרמע. ער האָט אויך אויסגעמיטן גיין אף ארבעט, ווו מע פלעגט קריגן א צוגאָבלעך שטיקל ברויט און א טעלער פאָסטנע זופּ. האָט מען אים שוין יאָ מיט א קאָנוואָי געבראכט צו דער ארבעט, פלעגט ער פארגלי־ווערט בלייבן שטיין מיט דער לאָפּעטע, זיך פון אָרט ניט רירן און אריינכאפּן דערפאר גוטע קלעפּ. איינמאָל האָט זיין גלייכגילט אריינגע־בראכט אין גרימצאָרן א יונגן וואכמאן, וואָס האָט, וועלנדיק אויספּלייסן זיך פאר די עלטערע קאָלעגן, אראָפּגעפּאטשט אים די ברילן און זיי צעטראָטן. געבליבן אָן ברילן, האָט ער שוין קיין נייע גאר ניט געזוכט און געקוקט אף דער וועלט מיט מוטנע, צוגעזשמורעטע אויגן.

נאָר טאָמער פלעגט עמעצער זאָגן, אז מיר האָבן קיין ברייטרע ניט, מע מוז פּאָלגן, שלעפּן דעם יאָך, פלעגט ער, שוין גאָר ניט אזוי גלייכגילטיק, ענטפערן:

— וואָס גייען זיי מיר אָן? איך וויל זיי קיין זאך ניט געבן און וויל פון זיי קיין זאך ניט נעמען.

כוץ הונגער און קעלט, האָט דער מענטש נאָך געליטן שרעקלעכע יעסורים פון די געשווירן, וועלכע האָבן באזעצט זיין אויסגעשעפּטן קער־פּער. נאָר קיין מעדיצינישע הילף האָט ער ניט געזוכט. ס'האָט אויסגעזען, ווי ער זאָל וועלן שטארקער מאכן זיינע ליידן, וועלכע ער פלעגט פאר־טויבן מיט די ניגונים, וואָס ער האָט געהאלטן אין איין אונטערברומען, באזונדערס — דעם „מאכמעס וואָס?" פון אַנ־סקיס באוווסטער פּיעסע „דער דיבוק". איך כאַפּ זיך, אז פאר דער מילכאָמע האָט ער גאָר ניט געהאט קיין נעטיע צו איינזאמקייט. ער איז געווען א בינע־ענטוזיאַסט, א באל־נעגינע. געזונגען אין אָן אמאטאָרישן כאָר, גענומען אָנטייל אין ליבהאָ־בער־ספּעקטאקלען. מעגלעך טאקע, אז ער האָט אליין געשפּילט אינעם „דיבוק" און פארדווייקעט געזונגען דעם ניגן, מיט וועלכן עס עפנט זיך די פאָרשטעלונג: „מאכמעס וואָס נידערט די נעשאָמע אראָפּעט... דאָס נידערן, ס'אראָפּזינקען איז נייטיק דעם ארופשטייג..."

ניטאָ קיין דערהייבונג אָן ניסיוינעס און ליידן?

גלייכגילטיק? צי דען איז ער בלויז גלייכגילטיק געווען צו זיך און צו דער וועלט, דער קאָרבן פון דער באנאכטיקער „בלינדער" שיסערײַ?

# א באגעגעניש אין שטאָט

שוין די דריטע וואָך, ווי דער ברודער מײַנער כאַים איז פארשווונדן פון געטאָ. וויאַזוי קומט ער אויס אין שטאָט? האָט ער געפונען א שטיקל מאָקעם־מיקלעט, קאמפּס־כאווײרים? מיר האָבן זיך אָנגענומען מיט גע־דולד און געוואַרט. אַן אנדער ברײרע האָבן מיר געהאַט?

אין אײנעם אַן אָוונט איז אומגעריכט צו אונדז אַרײַן א ווײַטער באַ־קאַנטער, אַן אָנפירער פון א בריגאַדע, וועלכע מע פלעגט פירן צו דער ארבעט אין שטאָט. ער האָט געבראַכט א דערפרײיענדיקע ידיעה. באַטאָג איז צו אים אפן ארבעטפּלאַץ געקומען מײַן ברודער, געקומען אין א שינעל און א היטל פון דער אמאָליקער בורזשואַזער ליטווישער ארמײ, נאָר אָן עפּאָלעטן... ער האָט געבעטן איבערגעבן, אַז ער האַלט זיך אויף בא אַן אָרעמער ליטווישער מישפּאָכע אף א בוידעם. ס׳איז דאָרט מוירע־דיק קאַלט. גאָר שלעכט איז מיט אכילע. שפּײַז־קאַרטלעך, קאָלערלײַ באַשרענקונגען... בעט ער ברענגען אים עפּעס א כײפעץ, וועלכן מע זאָל קאָנען אויסבײַטן אף שפּײַז. כוץ דעם, וויל ער אָנהאַלטן אַן ענגערע פארבינדונג מיט דער געטאָ. שלאָגט ער פאָר, עמעצער זאָל מאָרגן ארויס־גײין מיט דער בריגאַדע פון אָט דעם באַקאַנטן, וואָס ארבעט באם אײַזנבאַן־וואָקזאַל. בײס דעם מיטיק־איבעררײַס וועט ער וואַרטן אינעם עפּנטלעכן אָפּטרעט.

איך רײד אָפּ מיטן בריגאַדיר, ער זאָל מיך מאָרגן מיטנעמען אין שטאָט.

וואָס טראָגט מען אוועק דעם ברודער? אין געטאָ איז אונדזער מיש־פּאָכע ארײַן מאַמעש נאַקעט־הויל — באַרויבט און באַגאַזלט. ווי גיט מען זיך איצט אַן אײצע? ארויסגעהאָלפן האָט א כאַווערטע, פאַרלײגנדיק אירע נײַע וואַרעמע שטיוועלעך.

אף מאָרגן גאַנצפרי בין איך טאַקע מיט דעם באַקאַנטנס בריגאַדע אף איר ארבעטפּלאַץ. די היטלערסאָלדאַטן שטעלן אונדז אויס אין א שערענגע און, אָפּמעסטנדיק יעדן אײנעם פון קאָפּ ביז פוס, נעמען זײ אָפּקלײַבן א גרופּע אף ארבעט אנדערשוו. כ׳לאָז אראָפּ דעם קאָפּ, האָב מוירע אופצוהײבן די אויגן.

— דעם נײַלינג אהער! — דערהער איך א שנײַדיקן אויסרוף אין דײַטש.

קײן סאָפעק ניט, אַז דאָס מײנט מען מיך. כ׳גיב זיך אָבער ניט קײן ריר.

פּלוצעם טוט מען מיך א כאַפּ פאַר די לאַצן און א שלײַדער צו די אָפּגעקליבענע. זידלענדיק מיט די געמײנסטע ווערטער און שלאָגנדיק מאַקעס־רעצעך, שטופּט מען אונדז צו א געדעקטן לאַסט־אויטאָ און מע באַפוילט „אײַנשטײַגן”.

פון מײַן געפּלאַנטער באַגעגעניש, הײסט עס, וועט שוין קײן זאַך ניט ארויס. אונטערן איבערהעמד אפן בויך זײַנען בא מיר צוגעבונדן די שטיוועלעך. אנדערש וואָלט איך זײ דאָך פון געטאָ ניט ארויסגעטראָגן. ווי וועל איך איצט מיטן פּעקל אונטערן האַרצן ארבעטן א גאַנצן טאָג? און ווי וועל איך עס צוריק ארײַנטראָגן אין געטאָ? באַם טויער טאַפּט מען אונדז דאָך אויס ביזן לײַב. ווען מע געפינט עפּעס, נעמט מען צו

און, אז גאָט גיט, ציילט מען נאָך אַרײַן א פּאַרציע מאַלקעס. נאָר דעריי־קער — די געפּלאַנטע באַגעגעניש וועט דאָך ניט צו שטאַנד קומען. ניין, איך טאָר ניט אַוועק פונדאַנען. כ׳פּרוּוו צוריקן זיך צו די מענער, וועלכע בלײַבן אויף אַן אָרט. ערשט — מע טוט מיך א כאַפּ פאַרן קאָלנער, מע נעמט מיך בריקען אין מעכילע אַרײַן, שטויסן אין די זײַטן, האַקן איבערן קאָפּ. ווען כ׳קריך ניט אַריבער דעם באַרט פונעם אוטאָ־קוזאָוו, וואָלט מען מיך דוירעס געוווען.

מע ברענגט אונדז צו פירן אין א הויף פון א געוועזענער מיטלשול, ווו ס׳איז איצט סטאַנציאָנירט א היטלעריסטישער מיליטערישער שפּיטאָל. מע באַפוילט זעגן און האַקן האָלץ. צוועלף אַזייגער באַקומען מיר א האַלבשאָעדיקע האַפּסאָקע. באַוואַכט פון א פּאָסטן, זעצן מיר זיך אויס אויף ניט צעזעגטע קלעצער און כליאַבען זשעדנע די וואַסערדיקע קרויט־זופּ, וואָס מיר באַקומען. ס׳איז א דורכגאַנג־הויף. פון צוויי זײַטן קומען מענטשן אַרײַן און אַרויס. עפּעס א שלעפּער ריַעט זיך אינעם מיסטקאַסטן, קלײַבט אָפּפאַל און וואַרפט אַלץ בליקן אין אונדזער זײַט. כ׳טו אויך צומאָל א קוק אויף אים. דערפילנדיק עס, קומט יענער צו א ביסל נעענטער. כ׳זע, ס׳איז א מיטלוווקסיקער, שרעקלעך אָפּגעריסענער מענטש, אַרומ־געגאַרטלט מיט א שטריק. זײַן פּאָנעם פאַרדעקט א טיף אַראָפּגערוקט צעשמאַטעט פעלץ־היטל מיט אַראָפּגעלאָזטע אויערלעך. עס זעט זיך א ברייטלעכע נאָז, גרויסע העלבלעכע וואָנצעס. אונדזערע בליקן באַגע־געגנען זיך. אין די אויגן פונעם מענטשן דערזע איך טרערן... ס׳איז דער ברודער! ער גיט א ווונק אפּן ווײַסן מויערל אין הויף, דעם עפנטלעכן אָפּטרעט, און שאַרט זיך אַוועק אַהין. כאַפּט זיך אַרײַן אינווייניק...

— הער פּאָסטן, דערלויבט אַרויסגיין... א דרינגענדע זאַך... — ווענד איך זיך אין א רעגע אַרום צום וואַכמאַן.

— אויף איין מינוט! — וואָרנט דער דײַטש.

ער בלײַבט זיצן אויף די קלעצער. וועט מיך היטן פונדערווײַטנס, ניט אַראָפּלאָזנדיק די אויגן פון דעם אָפּטרעט. אויף יעדן פאַל לייגט ער אַרויף זײַן ביקס אויף די קני.

ווען כ׳האָב מיך אומגעקערט און בין צוגלײַך מיט די איבעריקע אַסי־רים שוין געזעסן אויף די קלעצער, איז פון מויערל אַרויס דער „שלעפּער" און אָפּגעטראָגן זיך. דער וואַכמאַן האָט אים באַמערקט און א קער געטאָן זיך צו מיר:

— נאַ, האָסטו מיט יענעם דאָרט געמאַכט גוטן שאַכער־מאַכער? אויס־געביטן דײַנע וואַנצן אויף יענעמס לײַז... — דער דײַטש איז מאַמעש צע־קראָכן פון זײַן „שאַרפזין".

„איצט קאָנסטו כויזעקן", — האָב איך געטראַכט. מיר איז אַן עמעסער שטיין אַראָפּ פון האַרצן. דאָס האַרץ האָט זיך מאַמעש געצאַפּלט פון פרייד. אונדזער באַגעגעניש האָט געדויערט א קורצע ווײַלע, און אַלץ איז דערליידיקט: איך האָב דעם ברודער איבערגעגעבן דאָס פּעקל, און ער, ווי שטענדיק, אַן אָפּטימיסטישער, גוט אויפגעלייגטער האָט א שעפּטשע געטאָן:

— זאָג די כאַווײרים, אַז איך טו אַלץ, וואָס מעגלעך... כ'זוך פאַרבינ־דונגען, זוך קאַמפּס־כאַווײרים... שווער, געפערלעך... זאָל קיינער ניט טראַכטן, אַז איך בין אויסן צו ראַטעווען די אייגענע פעל... און לאָמיר פּרוּוון זיך טרעפן אין דרײַ טעג אַרום. אַפן וואָקזאַל צי דאָ. כ'וועל אויס־זען אַנדערש...

## דער ניסאָיען בײַ 20 גראַד פראָסט

איך נעם שוין טראַכטן, אַז די היטלעריסטישע בעסטיע, וואָס איז אַרײַנגעפאַלן אין די קלעמען פונעם רוסישן ווינטער, איז געצוווּנגען זיך רעכענען מיט רעאַלע פאַקטן. ווי דען אַנדערש קאָן מען דערקלערן, וואָס אינעם לאַגער פאַר סאָוועטישע קריגסגעפאַנגענע אַפן זעקסטן פאָרט בײַ קאָוונע, וווּ עס זײַנען שוין פאַרפּײַניקט געוואָרן עטלעכע צענדליק טויזנט מענטשן, האָט מען פּלוצעם אָנגעהויבן בויען אַ באָד, אַ דעזינפעקציע־קאַמער. צי דען האָבן די פעלקער־מערדער אויסגעניכטערט זיך אַ קאָפּ פונעם בליצקריג־טשאַד און זיך דערשראָקן פאַר די אייגענע גרויל־טאַטן? צי עפּשער, טראַכטנדיק וועגן אומזיסטער אַרבעטס־קראַפט, האָבן זיי באַ־שלאָסן אופהערן פאַרניכטן די געפאַנגענע? ווי עס זאָל ניט זײַן, אַפן פאָרט האָט מען אָנגעהויבן בויען אַ געמויערטן סאַניטאַר־אַנשטאַלט און צו דער אַרבעט טעגלעך געגומען אַ גרופּע אינזשעניערן און בוי־אַרבעטער פון שטאָט און געטאָ. אין אָט דער גרופּע בין איך אויך אַרײַנגעפאַלן.

אַרבעטן אין פאָרט האָט געהאַט אַ שטיקל זין: עפּשער וועט געלינגען מיט עפּעס העלפן די מוירעדיק לײַדנדיקע מענטשן? דערצו זײַנען צו אונדז דערגאַנגען ידיעות, אַז אין די אַרומיקע וועלדער קעמפן סאָוועט־טישע שלאַכטלײַט, פּאַרטיזאַנעווען. עפּשער וועלן מיר מיט דער הילף פון די קריגסגעפאַנגענע אויפכאַפּן אַ פאָדעם צו די קעמפער? מיר האָבן דאָך געהערט, אַז פון די לאַגערן האַלט מען אין איין לויפן. געוויס לויפן זיי אין די וועלדער...

דאַנטעס געגעם האָט אויסגעזען ווי אַ קינדערשפּיל אין פאַרגלײַך מיט דעם, וואָס מיר האָבן דערזען אין זעקסטן פאָרט. שוין באַם טויער האָט אונדז באַגעגנט אַ פּראָצעסיע פון לעבעדיקע מייסים — אין גרוי־ברוינע שמאַטעס, מיט טראָגבעטלעך, אַף וועלכע עס זײַנען געלעגן נאַקעטע סקע־לעטן, באַצויגענע מיט אַ דינער וואַקס־געלער אָדער בלויער הויט, די בייי־נער זאָלן זיך ניט צעשיטן. אין דער פאַרפרוירענער ערד האָט מען ניט באַוויזן אויסהאַקן געגוג גריבער פאַר די טויטע. האָט מען זיי דערווײַל, ביז דער פראָסט וועט אָפּלאָזן, צונויפגעלייגט אין שטאַבעלן, ווי פלאַכ־טעס האָלץ.

מיר זײַנען אַרײַנגעפאַלן אין אַ סוויווע פון קוים זשיפּענדיקע, אָפּגע־ריסענע, אָפּגעשליסענע מענטשן־שאָטנס, פון וועלכע די מערהײַט האָט געליטן פון טיפוס, דיזענטעריע און מיט איבערמענטשלעכער אָנשטרענגונג

באהאלטן פון די קאָנוואָירן זייערע כאַלאסן. אין קעגנפאל וואָלט מען זיי דאָך טייקעף דערשאָסן.

איך קאָן ניט פארגעסן דעם הויכן, מאָגערן באָכער מיטן אײַנגעפאלע־נעם מילך־ווײַסן פּאָנעם, אף וועלכן ס׳פלעגט צומאָל א ברען טאָן דער גלאַנץ פון זײַנע שווארצע אויגן, ווען ער פלעגט אופהייבן די ווִיעס. ווי נאָר מיר האָבן זיך באַוויזן אפן פּאָרט, האָט ער אויסגעמארקירט א גע־לעגנהײַט, צוגעשלײַכט זיך און פארטרויט אינדערשטיל:

— כ׳בין א ייִד פון לענינגראַד. כ׳באַהאַלט עס. ווען ניט, וואָלט מען מיך שוין לאַנג געהאַט דערשאָסן. כ׳האָב איבערגעקרענקט פלעק־טיפוס, ארומגייענדיק אף די פיס. אויסער דעם הונגער, ווערן מיר צעפרעסן פון לײַז. העלפט, מיט וואָס איר קאָנט, וועט איר פארדינען א גרויסע מיצווע.

גערעדט האָט ער רוסיש. דאָס וואָרט „מיצווע״ און די שווארצע אויגן האָבן געזאָלט באַשטעטיקן, אז ער זאָגט עמעס.

וואָס האָבן מיר, אויך אסירים פון הינטער א שטעכדראָט, געקאָנט טאָן פאר די גרויזאַם געפּײַניקטע מענטשן? אָבער העלפן מיט אן אָפּגעריסע־נעם פון זיך פּענעץ ברויט, מיט א ריין העמד זײַנען מיר יאָ געווען אימ־שטאַנד. מיר האָבן פּאָרט געהאַט א גרעסערן קאָנטאַקט מיט דער אויסנ־וועלט, פּאָרט געווען אָרטיקע טוישווים, געהאַט גוטעפרײַנט, וואָס האָבן אונדז אונטערשטיצט. האָבן מיר צונויפגעקליבן אין געטאָ און געטראָגן פאר די קריגסגעפאנגענע אין לאַגער ברויט, זייף, אונטערוועש, מעדיקאַ־מענטן. געוויס האָבן מיר אײַנגעשטעלט די אייגענע קעפּ. צי האָט מען אָבער געקאָנט האַנדלען אנדערש?

ס׳האָבן זיך באַשטעטיקט די קלאַנגען, וואָס זײַנען צו אונדז פריִער דערגאַנגען, אז פונעם לאַגער האַלט מען אין איין לויפן. ווי איז אָבער געווען צו די, וועלכע מע האָט געכאַפּט. מע פלעגט זיי צעקאַטעווען, ארײַנוואַרפן אין א קאַסטן באַם טויער און פארקלאַפּן מיט טשוועקעס די דעק. אזוי האָט מען געלאָזט די מענטשן אויסגיין פון הונגער, פארפרוירן ווערן. באַם ארײַנקומען און ארויסגיין פון לאַגער האָט אײַך דעמלט באַ־געגנט א קרעכצן אָדער יאָמערלעך פּישטשען פון שטאַרבנדיקע אין שווי־דערלעכע אינויִם. און דאָך האָט מען ניט אופגעהערט לויפן. מיר האָבן געפּרוווט דערגיין, וווּהין, אופגעשטעלט פארבינדונגען, געבויט פּלענער.

צי די לאַגער־וואַך האָט עס כוישעד געווען, צי זי האָט סטאַם אזוי אונדז געוואָלט אָנלערנען, אָנשרעקן, — שווער צו זאָגן, ווײַל איינמאָל אָוונט־צו, ווען מיר זײַנען שוין געווען אויסגעשטעלט צום גיין אין געטאָ, האָט אונדז ארומגערינגלט א סוואָרע צעיושעטע און ווילד צעהאָלדערטע פאַשיסטן. זייער אָנפירער האָט אונדז אָפּגעזידלט מיט די ערגסטע ווער־טער, אָנגערופן „הינטישע זין״, „וועלט־פארברעכער״, „קריגס־העצער״, „וועלט־אונטערצינדער״ אוכדוימע. דער דאָזיקער היטלעריסטישער לעקסי־קאָן איז געווען נאָר אן ארײַנפיר. באַלד איז געקומען דער באַפעל — אויסטאָן זיך!

דער פראָסט האָט געברענט, פאַרכאַפּט דעם אָטעם. אויסטאָן זיך בײַ אַ קעלט פון עפּעס צוואַנציק גראַד אונטער נול! ס׳איז אָבער ניט געווען קיין שפּאַס. מע האָט געציילט אין אונדז מיט ביקסן.

אַליין ניט באַנעמענדיק, וואָס מיר טוען, האָבן מיר אָנגעהויבן אַראָפּ־וואַרפן פון זיך די בגדים. די היטלעראָווצעס האָבן זאָרגעוודיק אויסגע־קערט יעדע קעשענע, דורכגעטאַפּט יעדן פאַלד, אופגעריסן יעדע פאַר־דעכטיקע נאָט. מיר האָבן זיך אויסגעטאָן ביז צום אונטערוועש. אויך דאָס איז געווען ווייניק... זיי האָבן געזוכט געהיימע בריוולעך, פאַרשיפרירטע קאָרעספּאָנדענץ.

די גאַנצע צײַט פון דער אונטערזוכונג האָבן זיך געשאָטן דראָונגען צו צעשיסן אונדז אויפן אָרט, אויב מירן ניט זאָגן, מיט וועמען פון די קריגסגעפאַנגענע האָבן מיר זיך באַקענט און געהאַט צו טאָן, מיט וועמען האַלטן מיר אויף אַ פאַרבינדונג אויסער דער געטאָ.

מיר זײַנען געשטאַנען אויסגעטאָנענע אויפן שניי. דער פראָסט האָט אַרײַנגעכאַפּט אין זײַן סאַרפּעדיקן קלעם אונדזערע הענט און פיס, גע־בראָכן די גלידער. נאָר מיר האָבן אויסגעהאַלטן. אונדז האָט אפילו צו־געשפּילט גליק, דאָס גליק פון קנעכט — מע האָט אונדז ניט געשלאָגן. מעגלעך, אַז דער אַכזאָריעסדיקער פראָסט, וואָס האָט געזאָלט אונדז אײַנ־ברעכן, האָט, ווי אַ בומעראַנג, געטראָפן אין די פײַניקער. זיי האָבן פּלו־צעם אָפּגעשטעלט די „אָפּעראַציע”.

דעם ניסאָיען זײַנען מיר אָפּגעקומען מיט עטלעכע לײַכטע צוקילונגען. קיינער פון אונדז איז ערנסט ניט קראַנק געוואָרן. אַפּאַנעם, אַלע קויכעס און נערוון, דער סייכל און דער ווילן האָבן זיך מיסיאַכעד געווען צו איין קאַוואָנע — אויסהאַלטן!

## אין דער פינצטער

אינדערפרי האָבן זיך באַוויזן מעלדונגען, אַז אַלע ביכער — וועלט־לעכע, אָן אונטערשייד פון שפּראַך און אינהאַלט, רעליגיעזע, אָן אונטער־שייד פון זייער כאַראַקטער און באַשטימונג — זײַנען פון הײַנט אָן פאַר־באָטן אין געטאָ. מע מוז זיי צונויפטראָגן אין אָנגעוויזענע זאַמלפּונקטן. און פאַרן אויוועך זײַן אויפן באַפעל, ווי געוויינלעך, — די העכסטע שטראָף!

פאַרנאַכט־צו זײַנען מיר געבליבן פּלוצעם אָן עלעקטרע.

דאַפקע הײַנט, צוגלײַך מיט דער נײַער גזיירע — די פינצטערניש. אויב ס׳איז אפילו צופעליק און צײַטווײַליק, צי האָט ניט דער צופאַל אַ טיפערן זין?

צוגלײַך מיטן פאַרבאָט צו באַזיצן ביכער איז פאַרבאָטן געוואָרן יעט־ווידע קולטור־טעטיקײַט אין געטאָ. אייגנטלעך, ווערט אַזאַ אַרבעט דאָ גאָר ניט געפירט. ספּעקטאַקלען, לעקציעס, קאָנצערטן — זײַנען פאַרבאָטן. (אַגעוו, וואָלט עס גאָר קיינעם ניט אײַנגעפאַלן זיי אײַנצואָרדענען.) ביב־ליאָטעקן, קינדער־שולן האָבן שוין לאַנג ניט געטאָרט זײַן טעטיק. איצט

איז ביכלאַל פאַרווערט געוואָרן לייענען. (אַזאַ פאַרבאָט איז ביז איצט כּאָל געווען נאָר אויף צײַטונגען). מיט קינדער טאָר מען פון הײַנט אָן ניט לערנען אפילו אינדיווידועל.

פון הײַנט גילט נאָך אַ פאַרבאָט: ניט דאַווענען. די אַרײַנגעפאַלענע אין געטאָ־ראַיאָן באַטעמעדראָשים זײַנען די גאַנצע צײַט געווען פאַרמאַכט. איצט איז פאַרווערט יעדע צונויפקומעניש פון רעליגיעזן כאַראַקטער אפילו אין פּריוואַטע הײַזער. מע טאָר אויך ניט דאַווענען בעיחידות.

קלאָר, די היטלעראָווצעס גייט אין דעם, ניט צו דערלאָזן, קנעכט זאָלן באַפרידיקן אַוועלכע־ניט־איז גײַסטיקע היצטאַרכעס. אַלע אָן אויסנאַם דאַרפן מיר אײַנזינקען אין כוישעך.

איך בלאָנקע איבער די פאַרנאַכטיקע געסלעך, אָנגעזעטיקטע מיט מאָרעשכוירע. דער לאַנג שוין אויסגעפאַלענער שניי איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויער מאַסע, וואָס קוואַטשעט אונטער די פיס. אַן עסעריקע קאַלטע נעץ נעמט דורך די ביינער. איך בלאָנקע און טראַכט, צי זײַנען ניט אַמאָל די נײַע גזיירעס אַן ענטפער אויף דעם, וואָס נאָך די ערשטע קלעפּ און די ערשטע דערשיטערונגען נעמען מיר צוביסלעך קומען צו זיך. מענטשן ווערן ווידער מענטשן... עפּעס רירט זיך אין דער אונטערערד, ווידערשטאַנד־קויכעס זאַמלען זיך הינטערן שטעכדראָט. מע שטעלט אויף קאָנטאַקטן מיט אונטערערדלער אין שטאָט. צי דען האָבן די היטלעראָווצעס עפּעס דערשמעקט?

אַזוי אַרומבלאָנקענדיק, באַגעגן איך איינעם, אַ צווייטן באַקאַנטן און דערוויס זיך, אַז באַטאָג האָט מען מיט מאַשינעס אַרויסגעפירט די ספאָרים פון דער אַמאָל באַוווּסטער „סלאָבאָדקער" יעשיווע, און ביז מאָרגן אָוונט מוזן אַלע אַליין צונויפטראָגן זייערע ביכער.

איך דערוויס זיך, אַז די וואָך האָט שוין דורכגעפירט אירע טרויעריק באַרימטע „פּרווו־קאָנטראָלן" — באַזוכט שטיבער, קעדיי פעסטצושטעלן, צי מע האָט אָפּגעגעבן די ביכער. בײַס די דאָזיקע רעוויזיעס האָט מען צוגענומען ניט נאָר ביכער, נאָר אויך שרײַב־פּאַפּיר, העפטן, פּילפּעדערס, בלײַערס. אין איין אָרט האָבן די זוכער דערזען אַ פלעשל טינט און געצווונגען די אײַנוווינער פון דער דירע עס אויסטרינקען. האָט דער אוילעם גענומען אויסגיסן דעם פאַראַנענעם טינט אין שטוב, אַרויסוואַרפן בלײַערס, פעדערס, צערײַסן העפטן און שרײַב־פּאַפּיר.

קנעכט דאַרפן זײַן בלינד. די פינצטערניש אַרום זיי מוז זײַן אַ פולשטענדיקע. ערעוו דער פיזישער פאַרניכטונג וויל מען, קענטיק, דערשטיקן אין אונדז דאָס מענטשלעכע, פאַרשטאַרקן אין אונדז דעם פאָרגעפיל פון אומפאַרמײַדלעכן אומקום, צונישט מאַכן יעדע אילוזיע פון באַפרײַונג.

ס'איז פינצטער אין געטאָ. קיין סימען פון שײַן. אויך די מענטשן זעען הײַנט אויס נאָך מער פאַרכוישעכט, נאָך מער צעבראָכן.

איך פאַרהאַלט זיך בײַ אַ איינעם אַ רעקוויזיציע־פּונקט. ווער עס ברענגט אַהער ביכער אונטערן אָרעם, ווער — אין אַ זאַק אויף דער פּלייצע. מע דערציילט, אַז אַנדערע פאַרברענען זייערע ביכער, ניט געקוקט אויף דער

געפאר, וואָס איז דערמיט פארבונדן. פאראן אָבער מענטשן, וועלכע קאָנען קיין ביכער ניט ברענען און טראָגן זיי אהערצו מיטן געדאנק, אז בא די מעכאבלים וועלן זיי עפשער אויסגעהיט ווערן, ביז ס'וועט שלאָגן די שאָ...

איך האָב ניט געהאט קיין ביכער. זיי פארלוירן צוזאמען מיט אלץ, וואָס כ'האָב געלאָזט אף העפקער באם פּרווו זיך צו עוואקויִרן. האָב איך פארשפּאָרט זיך שטעלן די פראגע: אָפּגעבן די ביכער צי ניט? נאָר טראכטן איז געווען איבער וואָס. בין איך געגאנגען, פארזונקען אין בײ־טערע מאכשאָווס. פלוצעם האָב איך עפּעס א שטויס געטאָן מיט דעם פוס. אפילע אין דער טונקלקײַט האָט מען געקאָנט פעסטשטעלן, אז ס'איז א בוך. אוואדע האָט אים עמעצער פארלוירן אונטערוועגנס צום רעקווי־זיציע־פּונקט. כ'האָב אופגעהויבן דעם בוך, זאָרגעוודיק אָפּגעווישט פון די טאָוולען דעם נאסן שניי, באהאלטן אים אונטערן מאנטל און פארנו־מען זיך אהיים־צו, נײַגעריק איבערטראכטנדיק: „וואָס פאר א בוך האָט מיר דער צופאל אונטערגערוקט?"

אונדזער שוטפעסדיק צימער האָט קארג באלויכטן א ברענענדיק קנייטל אין א פלעשל מיט נאפט. ביגנייווע פון די ארומיקע איז מיר גע־ראָטן כאפּן א קוק אפן געפינס. ס'איז געווען א באנד שעקספּירס טראגע־דיעס אף דײַטש. „וועט מיר נאָך זײַן באשערט צו לייענען פארן ענדיקן די כעזשבוינעס מיט דער וועלט?" — טו איך א טראכט.

כ'האָב פארוקט דעם בוך אין א שטעלכל און געווארט אף דער גע־לעגנהײַט אין אים בעשטיקע ארײַנצוקוקן.

אזא געלעגנהײַט האָט זיך מיר אינגיכן געמאכט, און כ'האָב, ווי מע זאָגט, אײַנגעשלונגען דעם בוך. פונעם לייענען האָט דער קאָפּ אזש גענו־מען שווינדלען, ווי בא א דאָרשטיקן, וואָס טרינקט זיך אפּאמאָל אָן ביז צום פּלאצן.

מיר האָבן געווען ניט געוווּסט, צי פּאפּיר און שרײַב־געצײַג זײַנען נאָך דער ביכער־גזיירע דערלויבט אין געטאָ. און ביכלאל, ווו וועסטו זיי קריגן, ווו וועסטו זיי האלטן? האָב איך גענומען אײַנכאזערן אף אויסווייניק בא־זונדערע שטעלן, אפילע גאנצע מאָנאָלאָגן פון די העלדן, וואָס האָבן גע־לעבט און געווירקט אין שעקספּירס אופגעבויטער וועלט. גייענדיק צו דער ארבעט און צוריקוועגס אין געטאָ, האָב איך די אויסגעכאזערטע ער־טער איבערגעזעצט אין קאָפּ אף ייִדיש. זיי האָבן זיך אזוי איבערגערופן מיט מײַנע געדאנקען און שטימונגען, אזוי בוילעט אויסגעדריקט אונדז־זערע אלעמענס געפילן. לעמאָשל: „פון ברוויזנדער נעקאָמע א רעפּוע לאָ־מיר גרייטן, צו היילן אונדזער וויי און בראָך".

א סענטענץ פון „האמלעט" האָט ווי געטרייסט: „שאנד־טאטן — מעג זיי צודעקן די ערד, — זיי וועלן זיך אליין פאראטן".

מיט א באזונדערער שארפקײַט האָט איצט געקלונגען פאר אונדז אלע־מען דער אָנהייב פון האמלעטס אומשטערבלעכן מאָנאָלאָג: „זײַן אָדער ניט זײַן, אין דעם באשטייט די פראגע. צי איידעלער איז שטיל, געדולדיק די שארפע פײַלן און די קלעפּ פון צאָרנדיקן גורל איבערטראָגן אָדער —

זיך אנטקעגנשטעלן יענעם יאם פון לייד און אינעם טויט־געשלעג א סאָף מאכן צו אלע פּלאָגן?"

אין ראָמעאָ און דזשוליעטעס טראגעדיע האָב איך געפונען שורעס, וועלכע קאָנען גילטן, ווי אונדזערע א צוואָע אף דוירעס: „פארנעמט מײַן וואָרט — ווען געגאָד דעם מערדער שוינט, באגייט זי מאָרד!"

די דאָזיקע און ענלעכע ערטער האָב איך אײַנגעכאַזערט אף אויסווייניק. אינגיכן איז מיר אפילע געראָטן עס צו פארשרײַבן.

ניט איך איינער האָב אפן כוישעך־גזאר קיין אכט ניט געלייגט.

# איינער פאר אלעמען

פארבײַסן די ליפּן, אראָפּשלינגען אלע שרעקלעכע ווולעס, אלע דערנידערונגען און שווײַגן, שווײַגן. אָדער... נו, אָדער? קעמפן? שטעלן א ווידערשטאנד? וויאזוי זאָלן קעמפן מענטשן, בארויבטע פון אלע רעכט, איזאָלירטע פונעם ארומיקן לעבן, פארשפּארטע הינטער שטעכדראָט? דאָס וואָלט באטײַט דעם אייגענעם טויט און, מעגלעך, אויך דעם פריצײַטיקן סאָף פון אלעמען...

אזוינע און ענלעכע געדאנקען מאטערן, צעפרעסן מאמעש די מויכעס און הערצער בא א סאך פון אונדז. די אומצאָליקע הארוגים, די טויזנטער שפּורלאָז ארויסגעפירטע פונדאנען, די טויזנטער פארבליבענע אלמאָנעס, יעסוימים האָבן ארויסגערופן פארצווייפלונג און אָפּהענטיקײַט.

א פארכאַפּטער פון די דאָזיקע שטימונגען, האָט מײַנער א באקאנטער געפרווווט אזוי פילאָסאָפירן:

— דאָ דארף זײַן שטיל, זייער שטיל. ווען איך טו א קוק אף די קינדערלעך און אלטע לײַט, איבערצײַג איך זיך נאָך מער, אז אונדזער אײַנציק וואָפן איז — געדולד, אויסדויער. נאָר אדאנק דעם וועט א טייל פון אונדז איבערקומען די פּוראָניעס, זיך דערווארטן די באפרײַונג. זאָל בלײַבן כאָטש א שטיקל שייוועט, א צווײַגל, פון וועלכן ס'וועט אפסנײַ אָנהייבן וואקסן דאָס פאָלק... אויב מירן שטעלן אן אָפענעם ווידערשטאנד, וועט מען אומברענגען אלעמען. איר זאָגט — מענטשלעכע ווירדע, מע מוז קעמפן. וויאזוי זאָל קעמפן א פליג קעגן א העלפאנד? דערצו נאָך א געפענטעטע פליג. פאָשעט לעכערלעך. דערפאר זאָג איך: געדולד, אויסדויער און שווײַגן, שווײַגן! מע טאָר אויך ניט פארגעסן, אז דאָ גילט קאָלעקטיווע אכרײַעס. גיט די קוילער נאָר א צוטשעפּעניש. האָט איר פארגעסן, אז פאר א געפונענער בוטאפּאָרישער שווערד בא עפּעס א יאטל האָבן ביטער באצאָלט זײַן מישפּאָכע און אלע אנדערע אײַנוווינער פונעם שטיבל? אין געטאָ צאָלן אלע פאר איינעם!

אָט דער אויסגעמאטערטער, דורך זיבן טויטן דורכגעגאנגענער מענטש האָט לאנג זיך געהאלטן בא זײַן דאָזיקער מיינונג, זי פארטיידיקט בא פארשיידענע געלעגנהײַטן, איבערהויפּט ווען אין געטאָ האָט זיך אײַנגעשטעלט א געוויסע רו. ביז איינמאָל...

דאָס איז געווען נאָך דעם, ווי מע האָט ווידער אכזאָריעסדיק צונויפ־געכאפּט עטלעכע טויזנט מענטשן און זיי פאַרשלעפּט ווער ווייסט וווהין. מיר האָבן זיך באַגעגנט מיטן פריידיקער פון געהאָרכזאַמקייט און האכ־נאָע. ביידע — צעבראָכענע, פאַרפּינצטערטע, האָבן מיר צוערשט זיך שווייַגנדיק אָנגעקוקט, דערנאָך זיך דערפרייט, וואָס מע זעט זיך ווידער, שפּעטער א ווייַלע — מיט נייַגער צו וויסן, וויאַזוי מע איז ניצל געוואָרן.
די שווערקייַט אפן הארצן האָט אונדז ביידן געהאַט פאַרפּרעסט די ליפּן.
מייַן באַקאַנטער איז דער ערשטער בייַגעקומען דאָס שווייַגן, אומ־דרייסט א פרעג טוענדיק:
— איר האָט זיך באַהאַלטן?
— און ווי האָט איר געמיינט, וואַרטן אף זיי? צי גאָר אויסקוקן אף גאַטס כעסעדז? ביז איצט זייַנען געדעכט געווען די, וועלכע האָבן געטאָן דעם הייפּעך פון די אָפּיצ׳עלע באַפעלן...
— אוי, אוי, — האָט אָפּגעזיפצט דער באַקאַנטער, — אוואדע זייַנען גערעכט די בונטאַווּשטשיקעס... אויב ס׳איז ווידער אַזוינס געשען, אויב עס כאַזערט זיך איבער אָן אופהער... הערט, ווי לאַנג וועט מען לייַדן און שווייַגן? צוקוקן און שווייַגן?! א גראַנאַטע, א באָמבע, ווען איך קריג... צי כאָטש אָפּשרויפן א רעלס פון דער אייַזנבאַן, ווען עס לאָזט זיך... וואָלט לייַכטער געווען שטאַרבן. און עפּשער וואָלטן מיר ערשט דאַן געהאַט א שאַנס צו בלייַבן לעבן?
— דאָ צאָלן אלע פאַר איינעם... קאָלעקטיווע אכרייַעס... — האָב איך אים דערמאָנט זייַנע אייגענע ווערטער.
— אויב אָבער דער איינער רעדט פאַר אלעמען, דריקט אויס אלע־מענס באַגער? — האָט אַזש אויסגעשריִען דער געוועזענער פריידיקער פון האכנאָע.

## וווהין פירט האכנאָע?

און אָט איז נאָך א פּאַל מיט א מענטשן, וואָס האָט געפּריידיקט נאָכ־גיביקייַט, פּאָלגעוודיקייַט. דעם דעוויז „אויספּילן באַפעלן און שווייַגן!" האָט ער דערהויבן ביז צו א געבאָט, וועלכן ער האָט איבערגעוואַלד געוואָלט אַרופצווינגען אף אלעמען.
פון באַרוף איז ער געווען א יוריסט, געאַרבעט ביז דער מילכאָמע אלס אויספּאָרשער. דאָס „אָפּיצ׳עלע געזעץ", פון וועמען עס זאָל ניט אַרויס־גיין, איז פאַר אים געווען דער העכסטער פּרינציפּ, דער יעסאָד פון דער געאָרדנעטער מענטשלעכער געזעלשאַפט. אים האָט ער מעכאַניש איבער־געטראָגן אף די נייַע באַדינגונגען.
ער האָט געהאַסט די היטלעראָווצעס. פאַרשילטנדיק זיי, האָט ער אָבער פּינקטלעך דערפילט זייערע באַפעלן. און פון אַנדערע עס פאַרלאַנגט. די אַרבעטספליכט האָט ער באַטראַכט ווי א הייליקן כויוו פון יעדן געטאָ־

מענטש, מאכמעס נאָר זי האָט, לויט זײַן מיינונג, געזיכערט דעם קיום פון די אסירים. ער האָט זײַן מיינונג ניט געענדערט אפילו דעמלט, ווען א סאך ענלעכע צו אים האָט דאָס לעבן געעפנט די אויגן און אויסגעניכ־טערט. „אָן שום רייד פאָלגן!" — האָט ער ניט אופגעהערט פאָדערן פון זיך און פון אנדערע, האלטנדיק עס פאר דער איינציקער אלטערנאטיווע אין דער שפיל מיטן טויט.

ווען ס'איז געקומען דער סאָף פון געטאָ און די דעפּאָרטאציע פון אלע אירע אײַנוווינער, האָט ער באשײַמפּערלעך דערזען, אז זײַן פּאָליטיק פון פאָלגן איז דורכגעפאלן. האָט ער מיט פרוי און קינד אײַנגענומען סאם.

דער סאם האָט אָבער זיך ארויסגעוויזן פאר צו שוואך און געווירקט בלויז אפן קינד. ברענגען די דערוואַרטע אויסלייזונג פאר טאטע־מאמע האָט דער טויט זיך ניט געאײַלט. אָנשטאָט אים האָבן זיך ארײַנגעריסן אין שטוב היטלעראָווצעס.

דערווײַל האָט מען געטריבן די געטאָ־אסירים צו די טראנספּאָרטן. די דײַטשן האָבן פארזיכערט, אז מע עוואקויִרט אלעמען אין ארבעט־לאגערן...

די עלטערן פונעם טויטן קינד האָבן אָבער געבעטן, מע זאָל זיי דער־שיסן אף אָן אָרט. צו וואָס טרײַבן, ערגעץ פירן? סײַווי האָבן זיי אײַנגע־נומען סאם, וועלן פארשלאפט ווערן אונטערוועגנס און צו קיין ארבעט ניט טויגן. צי קאָן מען ניט טאָן זיי דעם כעסעד — דערשיסן?

היטלערס דינער זײַנען גרייט געווען טייטן מענטשן צו יעדער צײַט און אף יעדן אָרט. פאר דעם האָבן זיי געקאָנט פארדינען נאָר א לויב פון דער קאָמאנדשאפט. נאָר דאָס מאָל האָט געגאָלטן א באפעל צונויפטרײַבן אלעמען אף דעם צענטראלן זאמלפונקט און ניט אויסברענגען אומזיסט קיין קוילן, סײַדן ווען ס'איז אומפארמײַדלעך, ווי, צום בײַשפּיל, — שיסן אָן וואָרענונג די, וואָס וועלן קריכן צום צוים.

דערהערט עס, זײַנען די עלטערן פונעם טויטן קינד צוגעפאלן מיט די הענט צום שטעכדראָט, ווי צו א רעטונג...

## „איבערזידלונג"

„איבערזידלונג", צי „אומזידלונג" — דאָס דאָזיקע דײַטשישע וואָרט האָט אזוי זיך אײַנגעבירגערט אין אונדזער אומגאנג־שפּראך, אזוי ארײַן אינעם אלטעגלעכן געברויך, אז מע שפּירט ניט די פרעמדקײַט פון וואָרט גופא און די הארבקײַט פונעם באגריף, וועלכן עס דריקט אויס.

„איבערזידלען", „אומזידלען" באטײַט אף דײַטש פּראָסט און פּאָשעט — איבערקלײַבן זיך אין א נײַעם וווינאָרט, אין א נײַער דירע. אמאָל האָט עס אָנגעווייעט דעם רייעך פון נײַע היימען, דעם דופט פון בלומען, דעם רייעך פון פרישע קאלך און אייל־פארב, די פרייד פון כאנוקאס־האבאיִס. איצט באטײַט עס — אומקום.

„איבערזידלונג" — וווּהין ווײַטער? מע האָט אונדז דאָך שוין

„איבערגעזידעלט“... אָ, מיט דעם קאָן מען גאָר ניט שאָלעם מאכן! ציניקער „איבערגעזידעלט“ פון דער איינגעזעסענער היים. א טייל מענטשן זאָגן קלאָר און אומבעראכמאָנעסדיק: „מע האָט איבערגעזידעלט אף יענער־וועלט“...

אנדערע גלייבן די אָפיציעלע ווערסיעס, אז מע האָט די מענטשן ארויסגעפירט אף ארבעט אין פארשיידענע לאגערן. זיי האָפן... קליגערע שווייגן, פאַרשטשעמענדיק אין זיך די ביטערע שאנד און דעם שנײדיקן ווייטעק.

מיט אייניקע טעג צוריק האָט מען ווידער פארקלענערט דעם געטאָ־שטעטל. א קווארטאל, וואָס איז באשטימט געוואָרן „אומצוקערן דער שטאָט“, האָבן מיר געדארפט באפרייען אין מעשעך פון איין שאָ און זיך „איבערזידעלן“ אין דער צענטראלער געטאָ. מע איז געלאָפן, ווי אָן א קאָפּ: ווער ס'האָט געשלעפט א בענקל, ווער — א שײטל האָלץ, ווער — אָן איבערגעקערטן טיש מיט די פיס ארוף, אָנגעלאָדן מיט בעבעכעס. מע קלאַמערט זיך אינעם לעבן.

ווען מע „זידעלט“ אונדז איבער אויסער דער געטאָ, ווערן אָפט צע־טיילט פאמיליעס. איינעם לאָזט מען אף אָן אָרט, א צווייטן מישפאָכע־מיטגליד פירט מען ארויס. אין אזוינע פאלן לאָזט מען קיינע זאכן ניט מיטנעמען.

— וואָס דארפט איר זיך מאטערן, שלעפן געפעק? אפן נײעם אָרט וועט איר ווערן אויסגעהאלטן מיט אלדאָס נייטיקע, — פארזיכערן ערנסט די דײטשן.

בלײבט איבער די פארורטיילטע צו גלייבן דעם אומפארשעמט טרייסטנ־דיקן שעקער.

פאר א נײער „איבערזידעלונג“ איז מיט טאראראם געמאָלדן געוואָרן, אז ווער ס'וועט פרײוויליק קומען צום טראנספּאָרט, וועט באקומען א לעבל ברויט, א שאכטל מארמעלאד, א פעקל האָלענדישן קעז און זײן מישפּאָכע וועט ניט צעטיילט ווערן... ס'האָבן זיך אײנגעפונען פרײוויליי־קע. די מענטשן האָבן געוואָלט כאָטש נאָך איין מאָל אין לעבן זאט אָפּעסן...

די מישפּאָכעס האָט מען דעמלט טאקע ניט צעטיילט אין געטאָ. צע־טיילט, אכזאָריעסדיק צעריסן האָט מען זיי אף דער באַן־סטאנציע, פארן ארײַנטרײַבן אין די פראכט־וואַגאָנען.

בייס איינער א מענטשן־כאַפּעניש צו אָן „איבערזידעלונג“ האָט א פרוי זיך געריסן פונעם דײטשס הענט, בעטנדיק ראכמים זי פרײַ צו לאָזן.

מאכט צו איר דער רויצייעך:

— וואָס ווידערשפעניקסטו? פריִער צי שפעטער, זאָוויזאָ מוזט איר אלע אומקומען.

האָט די פרוי געגומען טײַנען:

— בעסער שפעטער, הארעלע, בעסער שפעטער...

## ער האָט אויסגעקליבן געווער

א סאַך פון אונדז האָבן קרום געקוקט אפן פאַבריקמאַכער, אים פאַרור־טיילט, פאַראַכט. און ניט אָן א גרונט. בייס אַלע, אונטער דער דראָונג פון ביקסן און נאַהײַקעס, האָבן געהאָרעוועט מיט די לאָפּעטעס און קירקעס, זיך געבראָכן אונטער דער לאַסט פון זעק צעמענט אָדער אײַזן־באַלקנס, איז דער פאַבריקמאַכער געווען פּריווילעגירט. יעדן אינדערפרי, ווי נאָר מע ברענגט אונדז צו דער אַרבעט, אַזוי גייט ער אַרויס פון דער ריי — א נידעריקלעכער, א פּולבלעכער, אָן אָפּגעראַזירטער, אין גאַנץ זויבערע זאַכן, מיטן זויבערן מאַכשירים־טעשל אונטערן אָרעם, און לאָזט זיך שטאָלץ צו דער וואַכשטוב.

מיר האָבן געוווּסט, אַז כּוץ די עטלעכע פאַרוואַקסענע געמבעס פון אונדזערע קאָנוואָיִרן, וואַרט דאָרט אַף אים א שיסל געקעכץ, וואָס די היטלעראָווצעס גיסן אים צונויף פונעם איבערבלײַבעכץ אין זייער עס־געשיר, א הײַפל ברעקלעך ברויט. צום סאָף פונעם אַרבעטסטאָג וועט ער מיט א גלײַכגילטיק פּאָנעם, אָן א וואָרט אויסצוריידן, אַרײַנשטעלן זיך אין דער ריי, — ווידער א זויבערער, א זאַטער, אָן אויסגערוטער.

— אָן אונטערלעקער, וויל נויסע־כיין זײַן, — האָבן זיך געשאָטן פאַר־וואָרפן. — וואָלט ער כאָטש איבערגעשניטן א נאַצי דעם גאָרגל.

ער האָט אָבער די גאָרגלען בא קיינעם ניט געשניטן און רויִק, מיט דער זעלבער טעמפּלעכער מינע, פאָרגעזעצט אויספילן די פליכטן פונעם „היפישן באָרד־גאָלער” אין דער וואַכשטוב פון אונדזערע קאָנוואָיִרן.

אַזוי האָט זיך עס געצויגן, ביז ס'איז איינמאָל אַרויסגעלאָפן פון דער וואַכשטוב איינער פון די היטלעראָווצעס — א בלאָסער, א צעטראָגענער, מיט א פאַנאַנדערגעשפּיליעטן מונדיר.

— ווו איז דער פאַבריקמאַכער? ווו איז דער הונט? — האָט ער גע־שריִען.

אומזיסט האָבן די וואַכלײַט אײַנגעלייגט וועלטן, דורכגענישטערט דעם גאַנצן פּלאַץ. דער פאַבריקמאַכער איז ווי אויסגעטריקנט געוואָרן.

נאָך דער אַרבעט האָט מען אונדז באַזונדערס גרינטלעך בוידעק געווען, געציילט און איבערגעציילט די מענטשן, די רייען. אויסגעשטעלט אונדז און איבערגעשטעלט, נאָר די צאָל איז געבליבן די זעלבע. ס'האָט געפעלט א מענטש.

„נו, — האָבן מיר געטראַכט, — אַנטלאָפן דער באָכער, אַרויסגעריסן זיך. שטיל, כיטרע זיך געגרייט א מאָקעם־מיקלעט. מיילע, זאָל אים זײַן מיט מאַזל”.

דעם זעלבן טאָג, אָוונט־צו האָט עמעצער אָנגעקלאַפּט אין אונדזער טיר. „וועמען האָט עס געקאָנט אָנטראָגן? מע טאָר דאָך שוין באַלד ניט אַרומגיין אין גאַס”.

שטעלט זיך פאָר — ס'איז געווען דער פאַבריקמאַכער. נאָר אָן זײַן מאַכשירים־טעשל, די בגאָדים — צעקנייטשט, דאָס היטל אַראָפּגעלאָזט איבער די אויגן. ער איז געווען שטאַרק צעשראָקן און געהאַלטן אין איין

ארומקוקן זיך. ער האָט געבעטן זיך אָפּזונדערן מיט אים, ווו קיינער זאָל אונדז ניט זען און ניט הערן. פּאַנפּענדיק אונטער דער נאָז און שווער אָטעמענדיק, האָט דער שטענדיקער שוויַיגער באַקומען לאָשן:

— איך האָב געקאָנט, יאָ געקאָנט איינעם פון זיי איבערשנייַדן דעם גאָרגל. יאָ, דעם גאָרגל. נאָר ס'איז מיר געווען אַזוי שרעקלעך... איך בין ניט קיין פאַשיסט און קאָן ניט קוילען קיין מענטשן. האָב איך בעסער אויסגעקליבן, אויסגעקליבן אָט וואָס...

ער האָט אַרויסגעשלעפּט פון די קעשענעס א פּיסטאָלעט, א הויפן קוילן. פון זיין ווייַטערדיקער צעטומלטער דערציילונג האָט מען געקאָנט פאַרשטיין, אַז ער האָט שוין לאַנג עפּעס געפּלאַנעוועט, און נאָר היינט האָט עס אים אָפּגעגליקט. עטלעכע מאָל האָט ער איבערגעכאַזערט, אַז ס'האָט אים אָפּגעגליקט. ער האָט געהאַלטן באַם ענדיקן ראַזירן דעם לעצטן וואַכמאַן, ווי עמעצער האָט דרינגענד אים אַרויסגערופן, דעם דייַטש. ער איז אַרויס, איבערלאָזנדיק הענגען זיין רימען מיטן געווער. דער פּאַ־ריקמאַכער האָט אַרויסגעכאַפּט פון שייד דעם פּיסטאָלעט, די קוילן, וויפל זיי זיינען געווען, און איז אַנטלאָפן. זיך באַהאַלטן צווישן ברעטער און קלעצער, געפּויזעט איבער גריבער, אַריבערגעקראָכן דעם פּאַרקן. אַראָפּגע־ריסן פון זיך די געלע לאַטעס און א גאַנצן טאָג, ביז ס'איז טונקל געוואָרן, אַרומגעבלאָנקעט איבער דער שטאָט. ער האָט דאָרט ניט קיין באַקאַנטע און איז געווען געצוווּנגען אומקערן זיך אין געטאָ. אַריינגעקראָכן איז ער דורכן צוים, און דאָ, ווידער צום גליק, איז ער ניט געגאַנגען אַהין, ווו ער נעכטיקט. ווייַזט זיך אַרויס, אַז מע האָט אים שוין געזוכט...

— יאָ, מיר האָט אָפּגעגליקט, — האָט אָפּגעזיפּצט דער פּאַריקמאַ־כער. — האָט מען צוליב מיר כאָטש קיינעם ניט געטשעפּעט? ווען איך שנייַד איבער א גאָרגל, וואָלט אוואדע ערגער געווען. נאָר איצט, איצט וואָס זאָל איך טאָן? איך ווייס, איר האָט פאַרבינדונגען... קוילן האָב איך געבראַכט ניט נאָר פאַר זיך. פרייַער וואָלט איר, אוואדע, ניט געטרויט דעם „באָרד־גאָלער" פון דייַטשן. איצט וועט איר מוזן... איך האָב ניט, און איר האָט ניט קיין ברייַרע...

ניט ווייַל ס'איז קיין ברייַרע ניט געווען, האָבן מיר געהאָלפן דעם פּאַ־ריקמאַכער. ער האָט קאָשער פאַרדינט, מע זאָל האָבן צו אים צוטרוי.

ער איז אינגיכן געוואָרן א פּאַרטיזאַן.

## דער „גייַסט"

„פרייַהייַט איז ווי ליכט און לופט. דאָס דערפילט מען, ווען מע פאַרלירט זי". די דאָזיקע ווערטער פון אַן איטאַליענישן אַנטיפאַשיסט, וואָס האָט גע־שמאַכט אין מוסאָליניס טפיסע, קומען מיר איצט אָפּט אַרויף אויפן געדאַנק.

„דאָס לעבן איז ווי..." אָפּט זוך איך א קורצע און טרעפלעכע כאַראַק־טעריסטיק פאַרן לעבן הינטערן שטעכדראָט. צו וואָס קאָן מען פאַרגלייַכן דאָס לעבן פון א פאַרשפּאַרטן מענטש אין געטאָ? צומאָל דאַכט זיך, אַז

איטלעכער פון אונדז איז געגליכן צו א שוואך און מיד פלאטערל, וואָס איז פארקראמפט אין א מוירעדיקער פויסט. איין קוועטש — און אויס מיטן לעבן, ווי ניט געווען.

ווען־מענס האנט וועט צעקוועטשן דײַן לעבן? צי דען די האנט פונעם אונטער־אָפיצער אָטאָ הילשער?

יעדן אינדערפרי, ווען מע ברענגט אונדז צו טרײַבן אף דער ארבעט, שטעלן מיר זיך אויס און ווארטן, ביז דער אונטער־אָפיצער וועט פאר־בײַגיין די קאָלאָנע, אויסציילן די באקומענע קנעכט און באשטימען, ווער וואָס עס האָט צו טאָן. מיר זעען באשײַמפערלעך, ווי דער דאָזיקער ברייטפלייציקער, מיטלוווקסיקער היטלעראָוועץ מיט דער צוגעפלעטשטער נאָז אפן רונדן פּאָנעם לעבט אזש אוף, דערפילנדיק זיך אלס פולשטענ־דיקער באלעבאָס איבער אונדזער גורל.

געוויס טראכטן דעמלט פיל פון אונדז: „אונדזער לעבן איז אין זײַנע הענט, אין די גרויסע, אויסערגעוויינלעך ברייטע, מיט געלבלעכע האָר באוואקסענע הענט". נאָר דער אונטער־אָפיצער צעקוועטשט ניט קיין לעבנס אין זײַנע מעגושעמדיקע דלאָניעס. ער באָקסט. ער קוועלט פון האנאָע, בייס, צילנדיק מיט דער רעכטער פויסט אין עמעצנס קין, פאר־פּאָרט ער מיט דער לינקער „אונטערן לעפעלע". ווען דער געטראָפענער פאלט און שטייט ניט אוף, איראָניזירט דער רויצייעך:

— א צו טיפער קלאפּ? קעגן די געזעצן פון באָקס? און דאָך א ריכ־טיקער!

לעצטנס ווייסן מיר שוין, אז יעדן אינדערפרי וועט זיך איבערכאזערן איינס און דאָס זעלבע. ווען אונדזער קאָלאָנע וועט שטיין און פארגלי־ווערט קוקן אין איין פּינטל, וועט דער אונטער־אָפיצער פארבײַגיין, עמעצן זוכנדיק. מיר ווייסן, וועמען ער זוכט. געפונען אים, וועט ער צופרידן אויסרופן:

— „גײַסט"! דרײַ טריט פאָרויס!

דער מענטש, וועמען דער היטלעראָוועץ האָט געקרויינט מיטן צונאָמען „גײַסט", וועט, פּויקנדיק מיט זײַנע האָלץ־זוילן, ארויסגיין פון דער ריי. ער איז הויך, מאָגער, ארומגעבונדן מיט א שטריק די טראנטעס, וועלכע דארפן פארבײַטן בגאָדים. אָנשטאָט א היטל איז אף זײַן קאָפּ ארופגעטאָן א צעקנאָדערטע שמאטע. זײַן פּאָנעם איז קליין, אײַנגעדארט. גרויס איז בא אים בלויז די נאָז. זי סטארטשעט אפן אײַנגעדארטן פּאָנעם, ווי א צוגעקלעפּטער אָדלער־שנאָבל.

דער „גײַסט" וועט אָפּציילן דרײַ טריט פאָרויס. דער אונטער־אָפיצער וועט זיך פאנאנדערפאָכען און צילן אומבאדינגט אין דער „סעמיטישער" נאָז. אָבער דער „גײַסט" וועט, ווי געוויינלעך, פלינק אָפּקערן אין א זײַט דעם קאָפּ, און דעם אונטער־אָפיצערס פויסט וועט בלויז א שטויס טאָן די לופט. דער דײַטש וועט דאָן שמייכלען. אויך דעם „גײַסטס" פּאָנעם וועט אויסקרימען א שמייכל. דער אונטער־אָפיצער וועט איצט אויס־דרוקספול אָפּציטירן די לעצטע שורעס פון געטעס א בארימטער ליד: „ווארט נאָר א ווײַלע, אויך דו וועסט באלד רוען", און וועט באפוילן דעם

„גײַסט" טראָגן זעק מיט צעמענט צו דער בעטאָן־מאַשין. אָן ארומגעי כאפטער פון א ווילדן צאָרן, וועט דער היטלעראָוועץ בלוטיק צעמיימעסן דעם ערשטן פון אונדזער קאָלאָנע, וואָס וועט אים קומען אונטער דער האנט.

און אזוי טאָגטעגלעך, פון דעם מאָמענט, ווען אָטאָ הילשער האָט אנט־ דעקט דעם דאָזיקן, דאכט זיך, קוים לעבעדיקן, אָבער צוגלײַך מאָדנע ווידערשטאנדספייִקן מענטשן. דערזעענדיק אים צום ערשטן מאָל, האָט דער אונטער־אָפיצער אויסגעדריקט זײַן אומצופרידנקײַט:

— צום טײַוול, וואָס שיקט מען מיר די לומפּן, וואָס טויגן שוין צו גאָרניט? ס'איז דאָך ניט קיין מענטש, נאָר א הוילער גײַסט.

זינט דעמלט איז צוגעשטאנען צום ייִדן דער צונאָמען „גײַסט".

איינמאָל, נאָך דעם, ווי דער אונטער־אָפיצער האָט געצילט און ניט געטראָפן אין דער קרומער נאָז, און אויך נאָך דעם, ווי ער האָט אָפּגע־ ציטירט געטען, האָט ער ניט געשמייכלט, נאָר בייז ארויסגעפּלאצט:

— אזוי פיל ריינראַסיקע קומען אום אף די פראָנטן, און אזא מיסט־ פליג לעבט, אָטעמט, שלאָפט, וואַרשײַנלעך, מיט ווײַבער. צי מיינסטו ניט, „גײַסט", אייביק צו לעבן? האָ?

אין די לעצטע ווערטער האָט מען געקאָנט דערפילן א פארבאָרגענע שרעק.

דעם „גײַסטס" געוויינלעך בלייך, פארגעלט פּאָנעם איז בלוי געוואָרן. די נאָז האָט עטלעכע מאָל א צוק געטאָן. ווי גייענדיק אף פּראָטעזן, האָט ער זיך אוועקגעשאַרט צו די זעק צעמענט. ער האָט געהאָרעוועט ביז מיטיק — אינגאנצן באדעקט מיט שטויב, מיט א גרין־גרויען צעמענט־ שיכט אפן פּאָנעם, אף וועלכן ס'האָבן געפינקלט קליינע, פארפאָראָשעטע אייגעלעך.

אין דער מיטיק־האַפּסאָקע האָט ער געקאָנט א ביסל אָפּכאַפּן דעם אָטעם. פארקראָכן אין א זײַטיק ווינקל און אײַנגעמאָסטעט זיך אף אן איבערגעקערט פעסל, פלעגט ער דאָ אויסכליאַבען דאָס געקעכץ פון קרויט־בלעטער אָדער צוקער־בורעקעס.

פונוואנען האָט זיך מיטאמאָל גענומען אין דעם פארוואָרפנסטן העק פונעם בוי־פּלאַץ דער אונטער־אָפיצער? דערצו נאָך אַז דעם רימען, אָן זײַן געווער. דער „גײַסט" איז אופגעשפּרונגען און ווי א מעטורעף געננ־ מען לויפן. פארוואָס איז ער געלאָפן? עפּשער דערפאר, ווײַל ער האָט דערזען א היטלעראָוועץ אָן געווער? ארום־און־ארום איז דאָך אָבער א הויכער ברעטערנער פּארקן מיט גאנצע דרײַ רייען שטעכדראָט — אויבן, און די קאָנוואָיִרן וואכן. קענטיק, אז אף אן אויגנבליק האָט דער אינ־ סטינקט באקומען די אויבערהאנט איבערן סייכל.

ניט ווײַט איז ער אָפּגעלאָפן אף זײַנע האַלץ־זוילן. דער אונטער־אָפּי־ צער האָט אים געכאַפּט פארן קארק, אופגעהויבן ווי א הינטל און מיט זײַן לינקער האנט, מיט דער שרעקלעכער באָקסיאַרישער „לינקער" ארײַנגעזעצט אין דער „סעמיטישער" נאָז. איצט האָט ער שוין געטראָפן

און מיט עקל אָפּגעוואָרפן פון זיך דעם מיט בלוט פאַרגאָסענעם מענטשן, זיגעריש א זאָג טוענדיק:

— ענדלעך! אויך דו וועסט איצט רוען...

„פרײַהײַט איז ווי ליכט און לופט"... אונדזער לעבן איז דער געפּאַנגענשאַפט איז ווי... מיט וואָס קאָן מען פאַרגלײַכן דאָס לעבן פון דעם פאַרשפּאַרטן מענטש אין געטאָ?

## יאָרצײַט נאָך דער מאַמען

8 יוני 1942. הײַנט האָב איך יאָרצײַט נאָך דער מאַמען.

דער לעצטער קוש מײַן טויטער מאַמען אינעם אײַזקאַלטן שטערן קילט ביז איצט מײַנע ליפּן. צוויי יאָר זײַנען פון דעמלט אַריבער. בלויז צוויי יאָר?

ווען דער מאַמעלעס צאַרטע טריט האָבן אין דער בלוי־גרינער דעמערונג פון א זומערדיקן באַגין אוועקגעהילכט אין דער אייביקייט אַרײַן, האָב איך זיך גאָר אַנדערש ניט פאָרגעשטעלט, אז דער אָפּשײַן פון איר אַניוועסדיקן געשטאַלט וועט זיך קיינמאָל ניט אָפּטאָן פון מײַן איטלעכן קער און ווענד. אָבער דער גורל, דער גרויסער צולאָכעס־מײַסטער, האָט אויסגעמעקט, צונישט געמאַכט דעם גאַנצן אָוואַר אונדזערן. הײַנט, צוויי יאָר נאָך יענעם באַגין, איז שוין בײַטיק, אז דאָס יאָרצײַט־ליכטל זאָל אויפהעלן מיט זײַן ווייפולער שײַן דאָס דערווײַטערט־פאַרשאָטנטע פּאָנעם פון מײַן פרי פאַרשניטענער מאַמען.

צום ערשטן יאָרצײַט האָבן מיר נאָך באַוויזן שטעלן איר א מאַצייווע, פאַרפלאַנצן בלומען אויפן קייווער. די בלומען האָבן זיך אָנגענומען, אײַנגעוואָרצלט זיך אינעם אָנשיט, וואָס הויערט איבער די ערדישע רעשטן פון א מענטשן־לעבן אין „נאָרמאַלע" צײַטן. אינגיכן איז אויסגעבראָכן דער שטורעם און צונישט געמאַכט דעם ווערט פון לעבעדיקע, שוין אָפּגערעדט פון טויטע. געבליבן איז א טעל פון אַלץ. די לעצטע שיראַיִם פון אונדזער לעבן מאַכן נאָך איימעפולער די אָרומיקע פאַרוויסטונג.

עטלעכע מאָל אויפן וועג צו דער אַרבעט איז מיר אויסגעקומען פאַרבײַגיין דעם בעסאַלמען, ווו די מאַמע מײַנע איז באַהאַלטן. דעם שוואַרצן שטיין מיט איר אויסגעקריצטן נאָמען האָב איך ניט אַרויסגעזען פון צווישן דער פאַרגליווערטער איידע מאַצייוועס, וואָס איז דערווײַל נאָך געבליבן אומבאַרירט פון די רעשאָיִם. ער קוקט אָבער אויף מיר, דער שטיין, האָב איך געפילט, מיט די אומעטיק־גוטע גרויע אויגן פון דער מאַמען, און ווייטעקדיק־שטיל, צניִעסדיק־שטיל, ווי בלויז די מאַמע האָט עס געקאָנט, לאָזן זיי פאַלן אויף אונדזער גורל שווערע טרערן. דער מאַמעס טרערן... איך זע זיי, דער מאַמעס פאַרווייִנטע אויגן, ווי דאַן, בייס זי פלעגט לייענען די צײַטונגען מיט די ידיִעס וועגן היטלערס מײַסים־נוראָיִם אין די פאַרכאַפּטע לענדער. אונדזער בראָך איז אָן אַן ערעך גרעסער. דער מאַמעס האַרץ וואָלט זיכער ניט אויסגעהאַלטן, ווען זי טוט

איצט א קוק אף אונדז. וואָס זאָג איך — א האַרץ? א שטיין וואָלט, דאכט זיך, געפּלאצט, דערזעענדיק, וואָס פון אונדז איז געוואָרן.

איך טאָר ניט ארויס פון דער באוואכטער ריי, טאָר ניט צוגיין צו דער מאמעס קייווער... מיר טרעטן טאָגטעגלעך איבערן קייווער פון אונדזער אמאָליקן לעבן אין שטאָט, מיר, וועלכע האָבן אלץ פארלוירן. איך פּער־זענלעך האָב, אויסער אלץ, אויך פארלוירן מײַן בינטל קסאָווים, אָנ־הייבנדיק פון די ערשטע קינדער־לידער, וועלכע איך האָב געשריבן צו צען יאָר, און ענדיקנדיק מיטן צוגעגרייטן צום דרוק בוך נאָוועלן. ס׳איז פארלוירן געגאנגען דער מישפּאָכע־אלבאָם, פון וועלכן ס׳האָט ארויסגע־קוקט אונדזער פארגאנגענהײַט, ווי פון א שפּיגל. איין בילד, א בילד פון דער מאמען, איז, ווי דורך א נעס, ניצל געוואָרן. הײַנט, צום יאָרצײַט, האָב איך עס ארויסגענומען פון דער באהעלטעניש און ארײַנגעקוקט אין דעם. מוישע לעווין, דער האַרציקער פרײַנט און פּעזן־כאווער, דער וווּנ־דערלעכער שרײַבערישער אָפּשפּראָץ פון דער ווילנער פאָלקס־מאסע, האָט, פארערנדיק מײַן מאמען, דאָס בילד געמאָלן. טאָ זאָל עס הײַנט זײַן א דערמאָנונג אויך נאָך אים. לויט דערגאנגענע צו אונדז ידיִעס, איז ער געווען פון די ערשטע קאָרבאָנעס אין זײַן היימשטאָט.

איך קוק אפן בילד. עס טויכן אף אים אוף שטריכן פון אונדזערע אומגעבראכטע קרויווים און צוזאמען מיט זיי — פּענעמער, אויגן, בליקן פון נאָענטע און ווײַטע, באקאנטע און אומבאקאנטע, — פון אונדזער פאר־שניטענעם שטאם.

## קינדער שפּילן זיך

כ׳האָב אים ניט געקאָנט באַרויִקן. דאָס ייִנגל האָט געכליפּעט. פון אופּ־רעגונג האָט עס אים געוואָרפן, ווי אין א קאַדאָכעס. כ׳האָב אראָפּגענומען פון זײַן קאָפּ דאָס גרויסע, צעשמאטעטע היטל מיטן צעבראָכענעם דאשעק, וואָס איז אים געווען אריבערגעפאלן איבער די אויגן, און דערזען א שרעקלעך אויסגעמאָגערט, מיִעס פּאָנעם, אָפּגעשאָטן מיט גרויסע זומער־שפּרענקלעך, זייער א לאנגע נאָז, א שפּיציקער קין, א זייער ברייט מויל. אונטער דער נאָז איז אים עפּעס געווען אָנגעשמירט מיט קויל. וואָנצקעס, צי וואָס?

דאָס יאטל האָט געטראָגן א פארברודיקט העמדל פון א דערוואקסע־נעם — די ארבל אָפּגעריסן, די פּלייצעס אראָפּגעהאנגען. די הויזן, אויך אין לאטעס און לעכער, זײַנען געווען מעסוקן גרויס אף אים. כ׳האָב א גלעט געטאָן איבערן קאָפּ דאָס קליינע ייִדעלע מיט די געלע לאטעס און צוריק אָנגעטאָן אים דאָס היטל. ס׳איז זומער, ס׳איז הייס, אָבער אין געטאָ טאָרן מאנצבלען ניט ארומגיין בעגילוי־ראָש...

אף מײַן עטלעכע מאָל איבערגעכאזערטע פראגע, האלעמײַ ער וויינט, האָט דאָס יאטל ענדלעך געענטפערט, אונטערכליפּענדיק:

— איך... איך וויל ניט... וויל ניט זײַן היטלער... — און ווידער זיך צעכליפּעט.

— װעסט ניט זײַן, ניט זײַן, — האָב איך אים געפּרוּװט באַרויִקן, ניט פאַרשטייענדיק אַליין, װאָס ער װיל ניט זײַן.

פּילנדיק, אַז עמעצער נעמט זיך פאַר אים אָן, איז דאָס יאַטל צוביס־לעך שטיל געװאָרן, װי ס'װאָלט אויסגעגאַנגען באַ אים דער געיאָמער־קוואַל. נאָר אָפּגעריסענע שלוכצן פלעגן זיך אַרויסרײַסן פון זײַן מויל.

איצט האָב איך זיך דערזען אַרומגערינגלט פון אַ גאַנצער כאָפּטע נײַגעריקע קינדער, װאָס זײַנען פון אַלע הויף־װינקעלעך זיך צונויפגעקומען באַם טויער, װוּ כ'האָב געטראָפן דאָס װײנענדיקע ייִנגל. זיי זײַנען זיך צונויפגעקומען, די קינדער, אַלע מיט גרויסע געלע מאַגנדאַווידס, װי באַ דערוואַקסענע, און געגאַפּט, װאָס דאָ װעט געשען.

— ער װיל ניט זײַן היטלער, נעמען מיר אים ניט אַרײַן אין שפּיל, — איז פאַרשײַט אַרויסגעטראָטן אַ מיידעלע מיט צוויי טאַרטשנדיקע צעפּ־לעך, איבערגעבונדענע מיט שטריקלעך.

דאָס װיינענדיקע ייִנגל האָט זיך גענומען טוליען צו מיר און, פון עפּעס דערמוטיקט, אַרויס מיט באַשולדיקונגען קעגן זײַנע כאַווייִרים:

— אַזוי שפּילן זיי זיך ניט מיט מיר, נאָר היטלער מוז איך זײַן. מע שלאָגט, מע שיסט, מע באַגראָבט מיך אין אַ גרוב...

געטאָ־קינדער, װי קינדער פון דער גאַנצער װעלט, שפּילן זיך.

די זון שײַנט, דער מאַלכאַמאָוועס מיט דער גרייטער קאָסע שוועבט איבער אונדזערע קעפּ, און קינדער שפּילן זיך.

נאָכן פאַל מיטן יאַטל, װאָס האָט געמוזט פאָרשטעלן היטלערן, האָב איך זיך פאַרינטערעסירט, װי פאַרברענגען אונדזערע קינדער.

זיי האָבן געשפּילט אין „אַקציעס". אייניקע „דײַטשן" האָבן געסאָר־טירט פאַרבײַמאַרשירנדיקע „ייִדן" — אַף לינקס און רעכטס. די, װאָס אַף רעכטס, האָט מען געטריבן „צום פאָרט". די „ייִדן" האָבן געפּרוּװט אַרויס־רײַסן זיך, אַנטלויפן. די „דײַטשן" האָבן עס ניט דערלאָזט — מיט געשרייען, זידלערײַען, מיט אַ שטופּערײַ און שלעגערײַ... אין „פאָרט" — באַ עפּעס אַ גראָבן אין עק הויף, האָט מען די „ייִדן" „געשאָסן" — געצוווּנגען זיי אויסלייגן זיך אַף דער ערד און בלײַבן טויט ליגן...

אַ צווייטע, נאָך מער פאַרשפּרייטע, איז געוועזן די שפּיל אין „געטאָ־טויער". פון דער אַרבעט אין שטאָט קערן זיך אום „בריגאַדעס" אַף נאַכטלעגער אין געטאָ. די „ייִדן" טראָגן מיט זיך פּעקלעך „שפּײַז", בינט־לעך „האָלץ". באַם טויער װערן זיי אַרומגעטאַפּט און דורכגעזוכט פון „דײַטשן".

— װאָס איז דאָס? — פרעגט שטרענג אַ „דײַטש", אַרויסנעמענדיק באַ אַ „ייִדן" פון קעשענע אַ הויפן שטיינדלעך.

— קאַרטאָפל.

— װער האָט דיר דערלויבט?

— פאַר מײַנע הונגעריקע קינדער, הער פּאָסטן.

— אָט האָסטו פאַר דײַנע קינדער! — דערלאַנגט דער „דײַטש" דעם „ייִדן" איבערן קאָפּ מיט אַ פּלעקל.

דער געשלאָגענער צעשרײַט זיך אַף אַן עמעס:
— איך וויל מער ניט זײַן קיין ייִד!

א נײַע באהעלטעניש־שפּיל איז זייער אָנגענומען בא אונדזער קליינ־וואַרג. מע פאַרקריכט אונטער גאַנעקעס, אַף בוידעמער, אין שטעלכלעך, אין קאַסטנס, אין סאַפעס, אזוי, אז „דײַטשן", וועלכע קומען „כאַפּן מענטשן", זאָלן זיי ניט געפינען. עס איז, אייגנטלעך, ניט קיין שטיפערײַ פון קונדייסים. ס'איז א רעפּעטיציע פאַר דער טראַגישער ווירקלעכקײַט־שפּיל. מע דאַרף זיך אזוי קונציק באַהאַלטן, אז עמעס דײַטשן זאָלן דיך ניט געפינען. די, וועלכע ווערן ניט אַנטדעקט, קריכן שטראַלנדיקע אַרויס פון די באַהעלטענישן — דאָס מאָל זײַנען זיי געראַטעוועט...

ווי אין לעבן, אזוי אויך אין דער קינדער־שפּיל — „ייִדן" און „דײַטשן", פאַרפאָלגטע און פאַרפאָלגער, קאָרבאָנעס און ראָצכים.

די זון שײַנט, דער מאַלכאַמאָוועס שוועבט איבער אונדז מיט דער גרייטער קאָסע, און קינדער שפּילן זיך אין ווירקלעכקײַט — אין לעבן און טויט.

## אינעם פאַרמעסט מיטן הונגער

און אויב מע וועט אונדז ניט אומברענגען, ווי וועלן מיר עקזיסטירן? אונדזער שפּײַז־נאָרמע איז: 100 גראַם ברויט (אָפט מיט א צומיש פון קאַרטאָפל און מעל־סוראָגאַט) א טאָג, צו 100 גראַם גרויפּן אָדער אַרבעס און 125 גראַם פערדנפלייש — א וואָך. ווי לאַנג וועלן מיר ציִען מיט אזא דערנערונג? און ווי וועלן אויסקומען אונדזערע קינדער?

האָבן מיר טאַקע געמיינט, אז דאָס, וואָס די פאַשיסטישע קוילן וועלן ניט אָפּטאָן, וועט פאַרענדיקן דער הונגער־טויט. נאָר...

לעכאַטכילע זײַנען עס געווען אונדזערע פּילגעפּרוּווטע און אײַנפּאַר־לערישע פרויען. ווי האָט געזאָגט שאָלעם־אַלייכעמס טעוויע וועגן גאָלדען, זײַן ווײַב: „פון גאַרניט בראָקט זי לאָקשן, מיט די פינגער קאָכט זי זאַ־טירקעס"... אזוי האָבן זיי גלײַך אין אָנהייב געקאָכט זופּ פון לעבע־דע־גראָז, געמאַכט קאָטלעטן פון קראָפּעווע, קוגל — פון קאַרטאָפל־שאָלעכץ...

אויך די מענער האָבן זיך אײַנגעשפּאַנט, ווען מע האָט זיי גענומען טרײַבן צו דער אַרבעט. מע איז געקומען אין באַרירונג מיט מענטשן פון דער פרײַ... מע האָט אָפט באַצאָלט דערפאַר מיטן לעבן, פונדעסטוועגן האָט עס ניט אָפּגעשראָקן פון „מאַכן א פּעקל": אַרויסטראָגן פון געטאָ אוועלכן־ניט־איז כייפעץ אָדער בעגעד, אויסטוישן עס אין שטאָט אַף שפּײַז און אַרײַנטראָגן, ריכטיקער געזאָגט, אַרײַנשמוגלען אין געטאָ, אומקערנ־דיק זיך פון דער אַרבעט.

און ווידער האָבן אונדזערע מעסירעסנעפעשדיקע פרויען איבערגע־שטיגן די מענער אין דער קונסט פון „מאַכן דאָס פּעקל". צומאָל פלעגט זיך עס ענדיקן מיט דער געסטאַפּאָ: מע איז אַרײַנגעפאַלן, אַרומשמײַענדיק

אין שטאָט אָן די לאטעס, מע איז אריַינגעפאלן אין די לאפּעס פון דער טויער־וואך, ווען זי האָט אָנגעטאפּט די „טרייפענע סכוירע“. איינער קומט אום, די אנדערע פּרווון אויס זייער מאזל וויַיטער, און אַף אונדזערע טישן באוויַיזט זיך א קארטאָפל, א ברעקל פעטס, א שטיקל צוגאָבלעך ברויט. מע טראָגט עס אריַין אין געטאָ, באהאלטן אונטער די בגאָדים, אין „קאָמפּרעסן“ אפן ליַיב, אין בלעכענע עס־קענדלעך מיט טאָפּלטע דעקן, אין אויסגעהוילטע שיַיטן האָלץ, בייס מע דערלויבט אריַינטראָגן ברענ־האָלץ. ס׳איז געווען אן עמעסער פארמעסט מיטן הונגער און זיַינע אפּאָסטאָלן — די היטלעראָווצעס: ווער וועמען וועט איבערקליגן.

און אז מע לאָזט אונדז א געוויסע ציַיט אָפּכאפּן דעם אָטעם, ווערט אין געטאָ א שטיקל „ווילשטאנד“. בליצן אוף אונדזערע פרויען מיט זייער קולינארישער פאנטאזיע: מע מאכט „געהאקטע הערינג“ פון קרויט, „לעבער־פּאשטעט“ — פון ארבעס, „צימעס“ — פון צוקער־ריבן. מע קליגט זיך צו שטעלן טשאָלנט אַף פערדנפלייש און ביינער. איינע גיט איבער דער צווייטער די נײַסטע קולינארישע רעצעפּטן...

אָפּט ווערט אומעגלעך דורכצוטראָגן שפּיַיז דורכן טויער. איז אינעם געראנגל פארן אויסקומעניש אופגעקומען א נײַע „פּראָפעסיע“ — א גאנ־צער שיכט פון הענדלער באם געטאָ־צוים. אין דער אומגאנג־שפּראך האָט מען זיי אָנגערופן — „צוימניקעס“. איבערקליגנדיק אָדער אויך „אונטער־שמירנדיק“ די וואכליַיט, שמוגלען זיי אריַין זעק מיט מעל און קארטאָפל, קרויט און בורעקעס, זיַיטלעך פלייש און שטיקער פעטס. דאָס אלץ שטעלן צו הענדלער פון „יענער זיַיט“, וועלכע מע פארגיטיקט מיט בגאָדים, ווערטזאכן, וואָס דרייסטע אסירים האָבן געהאט אויסבאהאלטן בייס די רעקוויזיציע־זוכונגען. דער האנדל גייט צומאָל אריַין אין אזארט. ווי אָפּטוענדיק די פּאשיסטן א צולאָכעסדיק שמאדשטיקל, האָבן כעוורעליַיט אריַינגעשמוגלט דורכן צוים א לעבעדיקע קאלב — צו קוילען אַף קאָשער פאר פרומע ייִדן...

ניט איינעם פון די „צוימניקעס“ האָט א קויל פארשניטן אַף זיַין „פּאָסטן“. ניט איינעם האָבן די וואכליַיט „גענומען“ א לעבעדיקן און, פארשטייט זיך, פארפּיַיניקט. אָבער דאָס שרעקט ניט אָפּ זייערע קאָלעגן פון וויַיטערדיקע, קאָפּברעכעריש־געוואגטע שריט, וועלכע ברענגען אריַין שפּיַיז אין געטאָ. ניט אומזיסט האָט עמעצער ארויסגעזאָגט דעם געדאנק, אז מע וואָלט געדארפט שטעלן א דענקמאָל דעם „צוימניק“, דעם, וואָס ריזיקירט צומיינסטן אין אונדזער געראנגל מיטן הונגער־געשפּענסט.

## שוואלבן

אין איינעם א באגינען האָט א לעבעדיקער גרוס פונעם נאָענטן פריי־לינג אריַינגעצוויטשערט אין אונדזער פענצטער. צוויי שוואלבן האָבן געפּאטשט מיט זייערע פליגעלעך, געפלאטערט און געפּילדערט. זיי פלעגן פארשווינדן און ווידער קומען.

כ׳האָב זיך צוגעקוקט און באַמערקט, אַז די שוואַלבן בויען אַ נעסט אונטערן געזימס פון אונדזער שטיבל, און ס׳האָט מיר באַנק געטאָן: היינטערן שטעכדראָט, אין געפאַנגענשאַפט — אַ נעסט פון פרייַע פויגלען! זיי פאַרשטייען, נעבעך, ניט, וווּהין זיי האָבן זיך פאַרקליבן...

כ׳האָב געפונען אַ שטעקן, אַרויס אין דרויסן און זיך געקליבן צונישט מאַכן דעם יעסאָד פון דער פויגלשער נעסט — די צונויפגעקלעפּטע מיט ברעקלעך ליים און בלאָטע, שטרויעלעך, פעדערלעך. אופגעהויבן די האַנט און זי פאַרהאַלטן. אַ פאַרגאַפטער האָב איך נאָכגעקוקט די צוויי בירגער פון די פרייַע ראַכוועסן, וואָס האָבן אַריינגעבראַכט אַ גרוס פון פרילינג צו אונדז אין יאָמער־טאָל. אַראָפּגעלאָזט דעם שטעקן, בין איך נאָך לאַנג געשטאַנען און באַוווּנדערט די קלוגשאַפט פון דער נאַטורס באַשעפענישן.

„ווען ס׳וועט זיך אָנרוקן די סאָקאָנע, — האָב איך געטראַכט, — וועט איר, שוואַלבן, אַ פּאָכע טאָן מיט די פליגלען און הייַדא — אין די הימלען! ווי עס זינגט זיך אין דער ליד: „ווער ס׳האָט פליגלען, דער קאָן פליִען, איז בא קיינעם ניט קיין קנעכט!״

פליגלען! ווו נעמען מיר, מענטשן, די קליגסטע פון אַלע באַשעפענישן, ווו נעמען מיר פליגלען?

דערפאַר ביסטו, מענטש איינער, אַ מענטש, זאָלסט זיך באַשאַפן פליג־לען פון שטאָל און דרייסטקייַט, פון בלייַ און אַנטשלאָסנקייַט.

## דאָס רעכט צו באַפעלן

מיר האָבן זיך דערוואַרט אַפן סאָף פונעם אַרבעטסטאָג און, אַ ביסל אופגעלעבטע, גענומען זיך זאַמלען צום אָפּמאַרש „אַהיים״.

— צו־פיר אויסשטעלן זיך!

ניין, דאָס איז ניט געווען די געוויינלעכע קאָמאַנדע פונעם וואַכמאַן. דאָס מאָל האָט הילכיק, מיט אַן עכטן מיליטערישן קנאַק אין דער שטים אויסגערופן אונדזער ליבלינג — דאָס פריילעכע באָכערל, וואָס איז שטענ־דיק געגאַנגען אין דער ערשטער ריי פון דער קאָלאָנע. גערן האָבן מיר גענומען אויספילן זייַן קאָמאַנדע. נאָר דאָ האָט זיך דערהערט אַ געשריי אין דייַטש:

— ווער האָט געוואָגט באַפעלן? ווער, פרעג איך?!

ס׳איז געווען אונדזער וואַכמאַן.

— דו! דו! דו! — האָט ער, אַ צעקאָכטער, גענומען טייַטלען מיטן פינ־גער, אַף וועמען ס׳איז אים איינגעפאַלן. — דרייַ טריט פאָרויס, מאַרש! — און אַראָפּגענומען דעם קאַראַבין פון דער פּלייצע.

דאָס האָט מיט קיין גוטס ניט געשמעקט.

— הער פאָסטן, — איז אַרויסגעטראָטן אונדזער קונדעס, אויסגעצויגן זיך מיליטעריש, די הענט צוגעדריקט צו די זייַטן: — איך!

אַ שאָס האָט אַ קנאַל געטאָן. אַ בלוי־גרין וואָלקנדל, שמאָל און בייַ־געוודיק, ווי אַ שלאַנג, איז געבליבן שוועבן אין דער לופט. די קויל האָט

געטראָפן פינקטלעך, און ס'איז ניט געוואָרן אונדזער ליבלינג — דאָס פריילעכע באָכערל, וואָס פלעגט שטענדיק מאַרשירן אין דער ערשטער ריי פון דער קאָלאָנע.

דער מערדער האָט נאָך אַלץ געבושעוועט:

— ווער האָט אים געגעבן דאָס רעכט? נאָר מיר, דײַטשן, האָבן רעכט צו הערשן און באַפעלן. פּאָלגן דאַרף מען נאָר מײַן קאָמאַנדע: צו פיר אויסשטעלן זיך!

## מײַגלעקלעך

א ייִנגל מיט א לענגלעך אויסגעצערט פּאָנעם, מיט גרויסע, פאַרומערטע שוואַרצע אויגן און א הויכן בלאַסן שטערן איז געזעסן און געצייכנט. לאַנגזאַם האָט זיך באַוועגט זײַן האַנט, און די אויגן זײַנען נאָכגעגאַנגען די באַוועגונגען פון די פאַרביקע בלײַערס, וואָס האָבן געמאָלט אויפן פּאַפּיר א צוים פון שטעכדראָט און בלומען לענגאויס דעם צוים. די בלומען, אומנאַטירלעך גרויסע, האָבן זיך געצויגן אַרויף, געוואָלט אַריבערוואַקסן די דראָטן, די סלופּעס.

ס'האָט זיך פּלוצעם אָן עפן געטאָן די טיר. דאָס ייִנגל האָט אופגעצאַפּלט, האַסטיק פאַרדעקט דאָס געמעלעכץ און שאַרף זיך א קער געטאָן צום אַרײַנגאַנג. זײַנע אויגן האָבן איצט געפינקלט, ווי פּולע, רײַפע פלוימען, ווען די שקיִע טוקט זיך אין זיי. אַרײַן איז דער פאָטער. ער איז צו צום זון, אים א גלעט געטאָן איבערן קאָפּ:

— באַהאַלטסט עפּעס?

— ס'איז גאָרניט, — האָט דאָס ייִנגל זיך פאַרענטפערט. — מיר האָבן אויפן בוידעם געפונען די־אָ בלײַערס, האָב איך געמאָלט... און זיך דערשראָקן, טאָמער איז עס א פרעמדער. — א פאַרשולדיקטער האָט ער אָפּגעדעקט די צייכענונג. — כ'האָב געמאָלט מײַגלעקלעך.

דער פאָטער, אַן אײַנגעבויגענער, זייער ערנסטער, האָט א שמייכל געטאָן:

— מײַגלעקלעך, זאָגסטו? פון ווען אָן זײַנען עס מײַגלעקלעך רויט?

דאָס ייִנגל האָט פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און גענומען ווידער צודעקן די צייכענונג.

— מײַגלעקלעך זײַנען ווײַס, — האָט דער פאָטער דערקלערט זײַן אכטיאָריקן זון, וואָס האָט הינטערן צוים קיין בלימל ניט געזען, און באַלד זיך פאַרכאַפּט: — און עפּשער ביסטו גאָר גערעכט. מײַ, מײַ איז רויט... פאַר אונדז אויך אַזוי! אַרום־און־אַרום בליט און גליט דער רויטער, פרײַער מײַ... העכער פון די צוימען, איבער די צוימען... געוויס, עס קאָן אַזוינס געמאָלט זײַן.

# דאָס געוויין פון די ניט־געבוירענע

האָט איר ווען געהערט וויינען ניט־געבוירענע קינדער? אויב ניט, זאָלט איר דערפון אָפּגעהיט ווערן! איך האָב, ליידער, יאָ געהערט.

כ׳האָב געהערט דאָס געוויין פון ניט־געבוירענע קינדער, און ביז איצט הילכט עס אין מײַנע אויערן. ס׳איז שרעקלעך. מע קאָן פון זינען אראָפּ.

...אױף דער גאס אין געטאָ האָט דער שאַרפּיורער שטיוץ דערזען אונדזער שוואַנגערע שכיינע. ער האָט זי אָפּגעשטעלט, פאַרשריבן איר שקלאַפן־נומער. קעדיי נאָך זיכערער צו זײַן, פאַרשריבן אויך איר פאַמיליע־נאָמען און אָנגעזאָגט, אז דאָס קינד, וואָס וועט געבוירן ווערן, זאָל מען ברענגען צו אים אין אנשטאלט, אין געסטאַפּאָ.

— דאָס... דאָס איז דאָך נאָך פון פריִער... פון פאַר דער געטאָ, אן ערשטלינג, — האָט דערשראָקן געזאָגט די צוקינפטיקע מוטער.

דער געסטאַפּאָוועץ האָט ארײַנגעלייגט זײַן נאָטיצביכל אין קעשענע און שאָדנפריידיק געוואָרנט:

— א לעבעדיקס ברענגען, א צאַפּלדיקס! פאַרשטאנען? אין קעגנפאל ביסטו מיט דײַן הער געמאל — קאַפּוט!

א גאנצע נאכט נאָך דעם האָט אונדזער שכיינע געוויינט. איר געוויין איז צולעצט זיך פאַרגאנגען אין א שטילער, אומענדלעך צעצויגענער, איינטאָניקער יעלאָלע. ס׳האָט זיך געקאָנט אויסדאכטן, אז דאָס קלאָגט, באַקלאָגט זיך אליין דאָס נעפּעשל, וואָס איז א ניט־געבוירנס פאַרורטיילט אומצוקומען. ס׳האָט געמאָנט, געפאָדערט זײַן רעכט...

אונדזער אָרעמע, אומגליקלעכע שכיינע איז געווען דער ערשטער קאָרבן. דעם זעלבן טאָג האָט מען אלעמען מודיִע געווען, אז אין געטאָ איז פאַרבאָטן צו געבוירן קינדער. ווער עס וועט געבוירן, ווערט געטייט...

די דאָקטוירים, געזעלשאַפטלעכע טוער, פּען־מענטשן האָבן זיך באַראַטן, ווי צו באַגעגענען די דאָזיקע מוירעדיקע גזיירע. די מיינונגען זײַנען געווען פאַרשיידן. געקומען איז מען אָבער צום אויספיר: ראַטעווען, וואָס עס לאָזט זיך. צום אלעם ערשט העלפן געהיים די פרויען, וועלכע ס׳דראָעט די געפאַר צו ווערן מוטערס.

איין מענטש איז געווען לאַכלוטן קעגן. דער באַוווּסטער אדוואָקאַט און פּראָפעסאָר פון קאָוונער אוניווערסיטעט ס. ב. האָט, נעמענדיק א וואָרט אין דער דיסקוסיע, אופגעהויבן זײַן האנט און זייער קאַטעגאָריש דערקלערט:

— ווי א יוריסט, וואָרן איך: אַבאָרט איז מאָרד!

איבערכאַזערנדיק עטלעכע מאָל די דאָזיקע אלט־באַקאנטע פאָרמולירונג, האָט ער זיך אנידערגעזעצט. ווילד האָבן געגלאנצט זײַנע אויגן... אָרעמער פּראָפעסאָר! פון איבערלעבענישן און הונגער איז ער געווען צעדולט. אױף די פליגלען פון קראנקן דימיען האָט ער זיך, מיסטאמע, אוועקגעטראָגן צום פּולט אין געריכט־זאַל צי אין אן אוניווערסיטעט־אאודיטאָריע.

כ׳האָב אים געזען, געהערט, ווי ער האָט אויסגעדריקט זײַן שטאַנד־פּונקט. און ס׳איז מיר אויסגעקומען, אז אין זײַנע ווערטער מישט זיך אַרײַן דער געיאָמער פון אונדזער שכײנעס ניט־געבוירן קינד. עס האָט געפּאָדערט זײַן נאַטירלעך רעכט געבוירן צו ווערן און לעבן.

ניין, ניין, מיר האָט זיך עס ניט אויסגעדאַכט. איך האָב דאָך אַף דער וואָר געהערט דאָס געוויין פון א ניט־געבוירן אייפעלע... דער דאָקטער האָט ארויסגערופן בא אונדזער שכײנע א פריי־געבורט. און ווי אַף צולאָ־כעס, אקעגן אלע געזעצן פון דער נאַטור, האָט דאָס פינף־זעקסכאַדאָ־שימדיקע נעפעשל געאָטעמט, געלעבט. א גאַנצע נאַכט האָט עס יאָמערלעך געפּישטשעט, עפּעס געבעטן...

די מוטער האָט, ליגנדיק א פאַרכאַלעשטע, שטיל געטײַנעט:

— גיט עס ניט אָפּ. וואַרט אָפּ. גיט עס ניט אָפּ, קאָלזמאַן עס לעבט. זאָל עס נאָך א ביסל לעבן...

ס׳האָט געלעבט ביז באַגינען.

דאָס מאָל איז פונעם הענקער צוגענומען געוואָרן די פרייד פון אומ־ברענגען א לעבעדיק, צאַפּלדיק קינד.

## בייס איינער א נעסיִע

שטעלט זיך פאָר, איר זײַט א שקלאַף, איר שטייט באַגינען אַפן שקלאַפן־מאַרק, וואַרט, די הארן זאָלן קומען נעמען אײַך צו דער אַרבעט. געוויינלעך ווייסט איר פון פריִער, ווו איר זײַט באַשטימט, און איר שליסט זיך אָן אין דער געהעריקער בריגאַדע. נאָר דאָ טוט מען אײַך מיט קויעך א נעם אַרויס פון דער ריי און מיט א זעץ אין דער זײַט צווינגט מען אײַך ערגעץ גיין. איר קוקט פאַרלוירן זיך אַרום, בעט מיטן בליק הילף בא די, וואָס בלײַבן אַף זייערע ערטער. יענע באַגלייטן אײַך מיט א צעשראָקענער און הילפלאָזער באַדויערונג, און איר מאָלט זיך אויס אין די געדאַנקען דעם סאָף פון אײַער בידנעם לעבן אַף דער ערד. איר נעמט טראַכטן וועגן אײַערע לײַבלעך־אייגענע, וועלכע איר לאָזט דאָ איבער הינטערן שטעכדראָט אָן א זײַ־געזונט...

די איינציקע שוואַכע טרייסט: דער דײַטשישער אונטער־אָפיצער, וואָס איז זיך מיסאַסעק מיטן אופכאַפּן די מענטשן, א קליין מענטשל מיט גראָבע ליפּן און גרויסע אַרויסטאַרטשנדיקע אייבערשטע ציין, פּרוווט אײַך באַ־רויִקן:

— האָט ניט קיין אַנגסט. איר פאָרט אַרבעטן. לויט אײַער ספּעציִאַלי־טעט. אין א וואָך אַרום קומט איר צוריק.

מיר, דאָס זײַנען פינף בוי־אינזשעניערן און פינף „הילפס־אַרבע־טער".

דער קליינער לאַסט־אויטאָ מיט דער ברעזענטענער בויד, וווהין מע האָט אונדז אַרײַנגעטריבן, הוידעט זיך איבערן צעפּאָרענעם ברוק פון די פאָרשטאָט־געסלעך. וווהין פאָרן מיר? בא דער אָפענער זײַט פון דער

בויד זיצן צוויי וואכלײַט מיט ביקסן אױף די קני. זייערע פּענעמער זײַנען געווענדט צו אונדז. מיר קוקן אָנגעשטרענגט אױף זיי, דעריקער — פֿאַרבײַ זיי.

איינס מערקן מיר: מיר פֿאָרן בעעמעס ניט אין דער ריכטונג פֿונעם עקזעקוציע־פּלאַץ — דעם נײַנטן פֿאָרט. פֿירט מען אונדז טאַקע ארבעטן? וווהין?

דײַטלעך זעען מיר, אז דער אוטאָ לאָזט הינטער זיך די שטאָט און טראָגט זיך געשווינד איבערן אספאלט פֿון א שאָסיי. עס אנטלויפֿן פֿון אונדז קילאָמעטער נאָך קילאָמעטער, טעלעפֿאָן־סלופּעס, סאָסנע־וועלדלעך, דערפֿלעך. מיר דערווײַטערן זיך אלץ מער און מער פֿון דער געטאָ, פֿון אונדזערע אייגענע.

וווהין? וווהין?

מיר זיצן און שווײַגן. טאָרן איינער מיטן צווייטן ניט ריידן. טאָרן זיך פֿון אָרט ניט רירן. גראָבט זיך איטלעכער אין זײַנע אייגענע טרויעריקע מאַכשאָוועס און ווערט פֿון זיי ווי געפּענטעט.

פּלוצעם פֿארטאָרמאָזירט די מאשין מיט א שטארקן גרילץ. דאָס אונ־טער־אָפֿיצערל, וואָס איז געפֿאָרן אין דער קאבינע, איז באלד בא דער אָפֿענער זײַט פֿון דער בויד, לאָזט אראָפּ דעם באָרט און הייסט אלעמען ארויסקריכן.

פֿאר אונדזערע אויגן: א קליינשטעטלשע גאס, צעוואָרפֿענע שטיבלעך, אײַנגעטונקטע אין גרינס, און א גרויסער דרײַשטאָקיקער מויער פֿון טונקל־רויטע ציגל, ארומגעצוימט מיט א פּארקן פֿון אײַזערנע שטאכעטן.

בעקיצער, מע האָט אונדז בעעמעס געבראכט ארבעטן. מיר דארפֿן אויסמעסטן די אויסגעליידיקטע געבײַדע און אָנצייכענען אן עסקיז פֿון איר איצטיקן צושטאנד, מאכמעס די אלטע פּלענער אירע זײַנען פֿארפֿאלן געוואָרן און די דײַטשן קלײַבן זיך איבערבויען דעם מויער אױף עפּעס א נײַעם צוועק. מיר דערוויסן זיך באלד, אז דאָס איז דאָס באוווסטע אין ליטע קאלוואריִער מעשוגאָים־הויז, וואָס איז אָפּגעריייניקט געוואָרן פֿון די קראנקע...

אונדזער אונטער־אָפֿיצערל וויל, מיר זאָלן אפֿגיך פֿארענדיקן די אר־בעט, צו קאָנען זיך אומקערן אהיים וואָס פֿריִער, ווײַל דאָרט ווארט אױף אים זײַן „ליבכען”. ער וויל אויך, מיר זאָלן זען, אז ניט נאָר ער האָט אױף אונדז די פֿולע דייע, נאָר אז ער איז ביכלאל א קאַליאַכל. גיט ער אונדז פֿון דער העלער הויט „פֿרײַהײַט”: באפֿוילט גיין נאָר איבערן טראָ־טואר, דערקלערנדיק, אז קיין דײַטשן זײַנען אין שטעטל ניטאָ, און די, לויט אים, ליטווישע „שווײַנע” מעג אָנשטיין זיך צו באנוצן מיטן וועג, וועלכן עס באטרעטן ניט־אריִער. ער ברעכט ווי בעקיוון אויך אנדערע, פֿאר אונדז גילטיקע טאקאָנעס: פֿירט אונדז אוועק אין באָד, פֿירט יעדן איבערטאָג זיך ראזירן אין דער שטעטלשער שערערײַ.

מיר גייען ווידער ווי מענטשן איבערן טראָטואר... ליידיק זײַנען די שטעטלשע געסלעך. א סאך שטיבער זײַנען אויך באטאָג מיט פֿארמאכטע לאָדנס. זעלטן־ווען מיר באגעגענען פֿארבײַגייער. מע קוקט אונדז דעמלט אָן מיט גרויס כידעש און אפֿילע דערשרעק. איינע אן אלטע ליטווינערן

האָט, דערזעענדיק אונדז, גענומען אָפּטרעטן אַף צוריק, זיך איבערגע־צײלעמט און אויסגערופן:

— אָ, יעזוס־מאריא, ייִדן!

מיר פאַרשטייען אַלעמענס איבעראַשונג. די ליטווישע פּראָווינץ איז שוין איבער א יאָר „ייִדן־ריין”...

דערוווּסט זיך וועגן אונדז, נעמען דרייסטערע אָרטיקע טוישווים אָפּוואַרטן דעם מאָמענט, ווען מיר ווײַזן זיך אין גאַס, און גיבן אונדז איבער פּעקלעך מיקאָל־טווו — ברויט און געריכערטע פליישן, אייער און קעז. דאָס אונטער־אָפּיצערל שטערט זיי ניט, מאַכט זיך ניט זעענדיק. ער לעקט דאָך אויך אָפּ א ביינדל פון דעם, וואָס אונדז פאַלט צו.

און איצט, נאָך דער פאַרהעלטניסמעסיק פאַרצויגענער האקדאָמע, קום איך צו דעם, וואָס איך בין אויסן געווען צו דערציילן.

איין פרימאָרגן גייען מיר אזוי אלע צען ייִדן פון דער שערערײַ, גייען צעוואָרפן איבערן טראָטואַר, באַגלייט פונעם נאָכלעסיק זיך נאָכשלעפּנדיקן אונטער־אָפּיצערל, און דערזעען שטיין אפן זעלבן טראָטואַר א נײַן־אָדער צען־יאָריק אָפּגעריסן מיידעלע מיט פּעך־שוואַרצע דערשראָקענע אויגן, אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנט פון א הילצערן שטיבל. דאָס מיידעלע לאָזט פון אונדז דעם בליק ניט אראָפּ. מיר באַטראַכטן זי: איר טונקלהויטיק פּעגעמל, די קוטשעראַווע הערלעך, דאָס שמאָלע, „טיפּישע” אָדלער־נעזל... וואָס איז דאָ צו קלערן — ס׳איז א ייִדיש קינד, עפּשער דאָס איינציקע לעבנגעבליבענע נעפּעשל פון א גאַנצער איידע... א גוטהאַרציקע און דרייסטע ליטווישע מישפּאָכע האָט עס צוגעטוליעט...

מיר בלײַבן א רעגע שטיין, די אויגן ארײַנגעלאָזט אינעם קינד. אָט־אָט און אלע צען פאַלן מיר צו אים צו, פרעגן, ווער ס׳איז.

דערפילט אונדזער אופמערקזאַמקײַט, נעמט דאָס מיידעלע אײַנשרומפּן זיך, אירע ליפּן ציטערן, און טרערן נעמען רינען איבער אירע באַקן. איינער פון אונדז דערנעענטערט זיך צו איר, וויל עפּעס זאָגן אין ייִדיש, נאָר אלע האַלטן מיר אים אָפּ אָן ווערטער: ניט שטעלן דאָס קינד אין סאַקאָנע! ניט האָבן קיין צוטרוי אפילע צו א „גוטן” דײַטש!

פּאַמעלעך ציִען מיר זיך אָפּ פונעם מיידעלע. אויך מיר וואָלטן גרײַלעך זיך צעיאָמערט, צעשריִען... נאָר מיר גייען, שפּרײַזן, ניט אומקוקנדיק זיך אַף צוריק... און ווידער א שטיקל נעכאָמע: ס׳וועט ניט געראָטן היטלערן אונדז אומצוברענגען ביז איינעם!

## א שטיקל בלויער הימל

איך האַלט אין האַנט א בלוי בלעטל פּאַפּיר, אַף וועלכן ס׳איז אָפּגע־דרוקט „א טויט די דײַטשישע אָקופּאַנטן!”. איך לייען און גלייב קוים די אייגענע אויגן. כ׳לייען ווידער, לייען איבער נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל דעם שוואַרץ אַף בלוי אָפּגעדרוקטן טעקסט. ס׳איז די ערשטע פּראָקלאַמאַציע,

דאָס ערשטע פלוגבלעטל, וואָס איז אַרײַנגעפאלן צו אונדז הינטערן שטעכדראָט. ס'איז דער ערשטער פרײַהײַט־אָנזאָגער, וואָס האָט דער־גרייכט צו אונדז, א גרוס פון דער פרײַ, אַן איבעראשונג, וועלכע ס'איז אזש שווער צו באַגרײַפן און אָפּשאצן.

— פונוואנען? — פרעג איך מײַן ברודער, וואָס האָט מיר אונטערגע־רוקט דאָס בלעטל.

— לייען, און שוין, — טוט ער א ווונק אפן הימל און צעשמייכלט זיך.

איך אײַל זיך ניט, לייען אָס בא אָס, וואָרט בא וואָרט. כ'וויל ניט אויסטרינקען מיט איין שלונג דעם שטאַרקן, דערפרישנדיקן לעבנס־עליקסיר.

און אָט זײַנען אונטערשריפטן. מיך כאפּט ארום א דערמונטערנדיקער ציטער, ווען איך דערזע די נעמען פון באקאנטע און גוטעפרײַנט: סאַ־לאָמייע נעריס, גירא, צווירקא, ווענצלאָווא, שימקוס, באלטושיס... ס'איז דער שטאָלץ, דאָס שײַנדל פון דער ליטווישער ליטעראַטור.

א צעטומלטער שטיי איך מיטן פלוגבלעטל אין האנט. כ'פארגעס אף א רעגע, ווו מיר זײַנען. אין זיקאָרן קומט אוף די כומעש־מײַסע וועגן דער טויב, וואָס האָט געבראכט אן איילבירט־בלעטל נויעכן און די אײַנוווינער פון זײַן טייווע, וועלכע האָבן ארומגעוואָגלט איבער די אומענדלעכע וואסער־ראכוועסן. דאָס איז געווען א סימען, אז ערגעץ איז פאראן יאבאָ־שע, ס'גרינען דאָרטביימער, ס'קומט א סאָף צום מאבל.

ניט וויניקער האָט פאר אונדז באטײַט דאָס פלוגבלעטל, וואָס א דרייסטער יונג האָט אַרײַנגעטראָגן אין דער אָפּגעשניטענער פון דער גאָ־רער וועלט געטאָ־שטײַג.

די היטלעראָווצעס האָבן געטרומייטערט, אז יעדערער, וואָס האָט גע־פּרוווט לויפן אף מיזרעך, איז אָנגעיאָגט און אומגעבראכט געוואָרן. מיר זײַנען אָבער געווען זיכער, אז א סאך געלאָפענע האָבן פאָרט זיך דורכ־געריסן, זיך דורכגעשלאָגן, דערגרייכט א זיכערן ברעג, האגאם אונדז אליין איז עס ניט געראָטן.

די „דעראָבערער פונעם אָסטראום” האָבן געהאלטן אין איין פּאָסמאַ־קעווען זיך, שילדערנדיק מיט קאָלערליי פישטשעווקעס, וו'אזוי זיי האָבן פארהאלטן די אָנגעזעענע ליטווישע שרײַבער. און אָט איז דערגאנגען צו אונדז א גרוס פון זיי, א גרוס פון דער פרײַער, גרויסער ערד. צו אונדז אין דער געפאנגענשאפט שטרעקן כאוויירים און קאָלעגן אויס א האנט, א גרייטע צו העלפן. זיי מונטערן און מוטיקן, רופן אנטקעגנשטעלן זיך, קעמפן.

ניין, ניט קיין פּאָשעט פלוגבלעטל איז עס געווען. א שטיקל הימל־בלוי האָט אראָפּגענידערט אין אונדזער איימעק־האבאכאָ. אפילע מיט זײַן פארב האָט עס דערמאָנט אין דער הימלשער בלויקײַט, וואָס באלעבט דעם גײַסט און וועקט דעם אומרו, צינדט דאָס בלוט און באוועגט צום געראנגל.

# איין שאָס

אָרעמער איינזאמער בונטאר!

וועגן וואָס האָט ער געטראכט? וואָס איז ער אויסן געוועזן? און עפּשער האָט ער וועגן קיין זאך ניט געטראכט און איז קיין זאך ניט אויסן געוועזן. בלויז ניט געקאָנט זיך מער צוימען, געשטערבט עפּעס טאָן. „איין שאָס, כאָטש איין מאָל אויסשיסן!" און אָט... ענדלעך איז ער באוואָפנט!

שוין לאנג, ווי ס'האָט זיך אָנגעהויבן די פּאָליציי־שאַ. נאָר ער קאָן ניט איינזיצן. ער האָט געוווער! ער האָט עס באקומען נאָך א לאנגן מאסע־אומאטן מיט א ספּעקוליאנט, מיט וועלכן ער פלעגט זיך טרעפן אין שטאָט אף דער ארבעט און איינהאנדלען בא אים שפּייז. ער האָט אָפּגעגעבן דעם לעצטן ווערטפולן כייפעץ — א גאָלדענע קייט, וואָס די מאמע זיינע, איינשטעלנדיק דאָס לעבן, האָט אויסגעהיט. ניט אף ברויט און ניט אף קארטאָפל, ווי די מאמע האָט זיך געהאט פאָרגעשטעלט, האָט ער אויס־געביטן די אלטע מישפּאָכע־רעליקוויע.

מיטן באהאלטענעם אונטערן העמד געוווער, וואָס האָט אים געברענט דאָס לייב, גערעגט, אונטערגעהעצט, איז ער געקראָכן דורך די דראָטן און ארויס אף דער „פרייער" זייט. איצט האָט ער דעם פּיסטאָלעט גע־האלטן גרייט אָפּצוראמען יעדע שטרויכלונג, וואָס וועט אים דעם וועג פארשטעלן.

און מע האָט אים פארשטעלט דעם וועג, און ער האָט אויסגעשאָסן, צופעליק אויסגעשאָסן אין דעם, וועלכן ער וואָלט עפּשער אליין אויס־געקליבן צו שיסן, און... ניט געטראָפן.

אן איינזאמער שאָס האָט א הילך געטאָן און פארזונקען אין פינצטערן טהאָם פון דער כמורער, קאלטער נאכט. איין שרעקעוודיקער שאָס...

די געטאָ איז באלד דורכגעלאָפן די יעדיע, אז קריכנדיק דורכן צוים, האָט עמעצער געשאָסן אין קאָמענדאנט!

מיר האָבן נאָך גוט פארגעדענקט, ווי איין מאָל איז שוין אוועקגעלאָזט געוואָרן אן ענלעכער קלאנג. קיינער האָט דאן ניט געשאָסן. דאָס איז געוועזן א פאָשעטער בילבל. און אומגעבראכט האָט מען „אלס פארגיטי־קונג" טויזנט פון אונדזערע ברידער און שוועסטער. וויפל מענטשלעכע לעבנס וועט קאָסטן אן עמעסער שאָס אין היטלערס א מעשאָרעס? ווער וועט דאָס מאָל צאָלן מיט זיין בלוט?

קיינער איז אין דער דאָזיקער נאכט ניט געשלאָפן. ניט געקוקט אפן פארבאָט ארומצוגיין, האָבן באלד אלע שוין געוווסט, אז מע האָט דעם אָנפאלער פארהאלטן. מע האָט אפילע געוווסט, ווער דאָס איז, ווי ער הייסט, וואָס ער טוט, ווו ער האָט געוווינט ביז דער מילכאָמע.

וואָס וועט זיין? מע האָט דאָך אפּגעמעסן געשאָסן!

לאנג איז ניט אויסגעקומען צו ווארטן. שוין באגינען האָבן די וואכ־לייט צונויפגעכאפּט פופציק מענטשן — איינוווינער באם צוים־אָפּשניט, ווו דער שאָס איז געפאלן, ארייינגעזעצט זיי אין א לאסט־אווטאָ, ארומ־

געפירט איבער דער געטאָ און נאָכדעם — בארג־ארוף, אהין, פונוואנען קיינער קערט זיך ניט אום... די היטלעראָווצעס האָבן געמאָלדן, אז דאָס איז פאָרלויפיק אן אוואנס. אין וואָס די פולע שטראָף וועט באשטיין, וועט אָנגעוויזן ווערן פון „העכער". אלע, אלע וועלן באלד דערפילן, וואָס עס באטײַט אופהייבן א האנט אף א דײַטש!

דערווײַל האָט מען אפן פלאַץ אין צענטער געטאָ אופגעשטעלט א טליִע.

א פארצויגענע וועלט מיט כמארעס. די זון איז גאָר ניט אופגעגאנגען, ווי ס׳וואָלט קיין טאָג ניט געווען. בלויז איין לאנגער, מוטנער, אשקאָליריקער פארנאכט און א טליִע.

פאָליצייִשע רײַטער און פוסגייער האָבן זיך א לאָז געטאָן צונויפטרײַבן די געטאָ־אסירים, זיי זאָלן זען, ווי ס׳ווערט באשטראָפט אזא איינער, וואָס וואגט... ניט קיין סאך צונויפגעטריבן. עפשער, מוירע האָבנדיק פאר א צו גרויסן האמוין, האָבן די היטלעראָווצעס זיך באנוגנט מיט פרויען און עלטערע לײַט, וועלכע האָבן עס געדארפט אראָפנעמען דעם מוסער־האסקל.

א קוים לעבעדיקע, אן אײַנגעוויקלטע אין א טוך, האָט מען מאמעש צוגעשלעפט צו דער טליִע די מוטער פונעם אָנפאלער. דערנאָך האָט זיך דערהערט א הויך, גרילצנדיק געשריי. צו דער טליִע איז אליין גע־לאָפן די שוועסטער פונעם פארזינדיקטן — אין א צעשפיליעט קאָפטל, מיט לאנגע, ווילד־צעשויבערטע האָר. מער קיין קרויווים זײַנען ניט געווען, האָט מען א שטארק באוואכטן געפירט צו דער טליִע דעם שול־דיקן גופע. די הענט פארבונדן אף הינטן, איז ער געגאנגען פאמעלעך, ווי אײַנזינקענדיק בא יעדן טראָט אין דער ערד. ארופגעקליבן זיך מיט שווערייקײַט אפן בענקל אונטער דער טליִע, האָט ער פלוצעם א הייב געטאָן דעם קאָפּ. און, ווי אף עפעס זיך אנטשליסנדיק, געטאָן אים א קער אף לינקס, אף רעכטס. און אז מע האָט אף אים דעם שלייף ארופגעוואָרפן, האָט ער אויסגעצויגן זײַן האלדז און ארויס־געכריפעט:

— ברידער, זײַט מויכל!

שלימאזלדיקער איינזאמער בונטאר! פאר וואָס האָט ער געבעטן מע־כילע? פאר דעם, וואָס ער האָט ניט געטראָפן אין ציל? פאר דעם, וואָס אים איז ניט געלונגען צו אנטלויפן פון געטאָ? פאר דער קאָשמארפולער נאכט און פארן סאמאמאָוועסדיקן טאָג, וואָס זײַן שאָס האָט פארשאפט די מענטשן הינטערן שטעכדראָט? פארן צווינגען זײַנע לײַדנסברידער קוקן אין די אויגן פון טויט, וואָס האָט, ווי א שווארצער געשפענסט, אראָפגענידערט אף דער טליִע? און עפשער האָט ער געבעטן מויכל זײַן אים פאר די קאָרבאָנעס, וואָס זײַן איינציקער שאָס האָט שוין געקאָסט און וועט נאָך מיסטאמע קאָסטן?

מיטן סייכל האָבן מיר אים פארורטיילט און אין הארצן מויכל געווען.

# זעלבסטפֿאַרשטענדלעך

די ווײַטערדיקע שורעס דאַרפֿן גילטן נאָר ווי אַן אָנדײַט. זאָלן זיי דערמאָנען, זאָלן זיי מאָנען אַ טיקון פֿאַר דער גרויסער מעגטשלעכער טעמע, וועלכע איך וועל דאָ נאָר באַרירן.

אין דעם פֿאַל איז עס געווען אַזוי.

אַ ווינטיקער, רעגנדיקער האַרבסט־אָוונט. אין דער טיר פֿון דער באַוווסטער ליטווישער שרײַבערן סאָפֿיע טשורליאָנענע האָט אָנגעקלונגען ניט קיין הויכע, יונגע, בלאָנדהאָריקע פֿרוי. אַ בלאַסע, דערשראָקענע, האָט זי געבעטן שענקען איר עטלעכע מינוט.

אינעם ענגן צימערל, אָן אַרומגעשטעלטן מיט ביכער־שרענק און ביכער־פּאָליצעס — דער שרײַבערנס קאַבינעט — האָט די געקומענע, ווי אַ שולדיקע אין עפּעס, גענומען זיך פֿאַרענטפֿערן:

— נעמט ניט פֿאַר אומגוט, וואָס איך שטער אײַער רו. זײַט מוחל. ס'איז די צײַט אַזאַ. אַן אומרויִקע, אַ בלוטיקע... קוים האָב איך זיך אַרויסגעריסן פֿון הינטערן שטעכדראָט. און אָט בין איך בײַ אײַך. פֿון געטאָ...

די שרײַבערן האָט אויפֿגעציטערט. נאָך אָנגעשטרענגטער, נאָך אויפֿמערקזאַמער גענומען אויסהערן די אומגעריכט געקומענע, וואָס האָט דערציילט:

— מיר, דערוואַקסענע, וועלן רײַסן צוימען, לויפֿן אין די וועלדער, וועלן זיך אויסבאַהאַלטן בײַ גוטע מענטשן. מירן טאָן, ווי איינער קאָן און וואַגט, ווי איינעם וועט געלינגען. וואָס טוען מיר אָבער מיט אונדזער קלײנוואַרג? דאָס פֿאַרגעפֿיל פֿון געיאָגטע און געפּלאָגטע נאַרט אונדז ניט אָפּ: אונדזערע קינדער זײַנען יעדע רגע אויסגעשטעלט דער טויטגעפֿאַר. אָ, ווען זיי געפֿינען זיך בײַ אָנגעטרויטע, הילפֿסגרייטע מענטשן! דעמלט וואָלטן מיר געהאַט פֿרײַערע הענט צו וואַגן, געקאָנט זײַן דרייסטער... מיר האָבן באַשלאָסן זיך ווענדן צו אײַך... בעטן אײַער הילף... העלפֿט ראַטעווען אונדזערע קינדער!

די שרײַבערן האָט פֿאָרשעריש אַרײַנגעקוקט אין די פֿײַכטע העלע אויגן פֿון דער אומבאַקאַנטער, ווי וועלנדיק דערגיין, צי מע קאָן איר טרויען. אַ ביסל געשוויגן, קענטיק, געיִישעווט זיך אין די געדאַנקען, און דאַן געזאָגט:

— איך בין גרייט, כאָטש דאָס איז אַ שפּיל מיטן טויט. איך בין אַ קראַנקער מענטש, לײַד מיטן האַרצן. בײַ אַ שטאַרקער אויפֿרעגונג קאָן עס איבערהויפּט זיך אָפּשטעלן. פֿונדעסטוועגן בין איך גרייט. נאָר... כ'לעב צוזאַמען מיט מײַן טאָכטער, מיט איר מאַן און קינדער. מוז איך פֿרעגן די טאָכטער, צי זי איז אײַנשטימיק. איר פֿאַרשטייט דאָך, מיט וואָס מיר ריזיקירן. וואַרט צו אַ מינוטעלע.

די שרײַבערן איז אַרויס אין צווייטן צימער. די געקומענע האָט זיך אויפֿגעהויבן, געוואַרט שטייענדיקערהייט. נאָר לאַנג וואַרטן איז איר ניט אויסגעקומען. אַפּאָנים, אַז קיינער האָט זיך דאָ ניט געקווענקלט.

אין דער טיר האָבן זיך באַוויזן די שרײַבערן און איר טאָכטער דאָ־נוטע. די לעצטע איז צוגעפאַלן צו דער אומבאַקאַנטער, ארומגענומען זי, ווי אַן אַלטן גוטנפרײַנט, און מיט אַ פאַרשטיקטער פון טרערן שטים געריידט:

— ברענגט, ברענגט אײַער קינד. מירן זוכן ערטער פאַר נאָך קינדער. ווי דען אַנדערש — מיר וועלן אויסבאַהאַלטן. זעלבסטפאַרשטענדלעך, מיר וועלן העלפֿן, מיט וואָס מירן נאָר קאָנען.

די שרײַבערן, איר טאָכטער און איידעם וולאַדיס זובאַוואַס האָבן געטאָן די לעבנסגעפערלעכע הייליקע אַרבעט פון העלפֿן געטאָ־אַסירים, געטאָן, וויפל זיי האָבן געקאָנט און נאָך מער, ווי זיי האָבן געמעגט...

די געקומענע יענעם האַרבסט־אָוונט בעטן הילף איז געווען מײַן פרוי בוסיע, און איינס פון די קינדערלעך, וואָס די דאָזיקע מישפּאָכע האָט געראַטעוועט פון אומקום, — אונדזער טעכטערל עסיע.

## דער רויך פון קוימענס

די פראַקטיקע, ווײַניק־שאַרפע לופט סמאַליעט די קעל, די ברוסט איז פאַרקוועטשט, ווי אין צוואַנגען. אַ מוירעדיקע לאַסט איז דער אייגענער קערפּער: אויף אים האָבן מיר דאָך ארופגעשלעפּט, וואָס עס לאָזט זיך, — בגאָדים, שמאַטעס. די קעפּ זײַנען ארומגעוויקלט מיט טיכער, שאַליקעס. באַדעקטע מיט געפּריר־נעדעלעך, זעען זיי אויס ווי קעפּ פון מעשונעדיקע כײַעס. מיר שפּירן ניט אונדזערע פיס אין די שווערע האָלצשיך. די וויקלשנורן, געמאַכטע פון זעק, וואַרעמען קימאַט ניט. יעדער טראָט פאַר־שאַפט פּײַן. ניטאָ קיין קויעך זיך צו שלעפּן. מיר גייען דאָך הײַנט דעם ווײַטן מעהאַלעך פון געטאָ ביזן אַרבעטפּלאַץ שוין צום צווייטן מאָל — הין און צוריק.

הײַנט האָבן מיר אויסגעלאָדן וואַגאָנען ברענהאָלץ, און קימאַט יעדע־רער פון אונדז שלעפּט אַ שײַט האָלץ אויף דער פּלייצע. מע האָט דערלויבט מיטנעמען, קעדיי אָנצוואַרעמען אונדזערע, ווי די דײַטשן האָבן זיך אויסגעדריקט, „שווײַנסבודען", ס׳הייסט, כאַזערשע קאָנורעס.

די שײַט האָלץ קנעט און קנעט אײַן אין דער פּלייצע אַ טעמפּן ווייטעק, און דער שניי אונטער אונדזערע שווערע טריט — סקריפּ, קרעכץ, סקריפּ, קרעכץ...

איך כאַפּ אַ קוק אַפן מאַנצבל, וואָס שפּאַנט אין דער פאָדערשטער ריי מיט אַ טיף אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ: דאָס אָפּגעטראָגענע מאַנטעלע איז איבערגעבונדן מיט אַ שטריק, אויף וועלכן עס באַמבלט זיך אַ בלעכן עס־געשיר. איך קוק אַפן אומבאַקאַנטן און זע זיך.

איך בין אויך מיט אַ שטריק אַרום די לענדן, און אויף אים איז אָנגע־האַנגען מײַן עס־געשיר. מיט אים שיידסטו זיך איצט ניט אויף קיין רעגע. ס׳איז דער נאָפל, דורך וועלכן דײַן אויסגענאָגטער גוף האַלט נאָך אויף די פאַרבינדונג מיטן לעבן. אויף דער אַרבעט — אַ שיסל זופּ. ס׳פּאַסירט,

אז דאפקע דאָן, ווען דו געפינסט זיך בא דער קיך, רייניקט מען די קעס־לען. אויב עס שפּילט דיר צו דאָס מאזל, סקראָבעט מען דיר אָן א ביסל פונעם איבערגעבליבענעם געקעכץ אפן דעק. האָסטו שוין וואָס מיטצונע־מען „אהיים" אין דײַן עס־געשיר.

מיר קערן זיך אום פון דער ארבעט. מיט גוואלד טרײַבט מען אונדז צו איר, כאָטש מע צאָלט א גאנץ הויכן לוין — א טאָג לעבן פאר א טאָג ארבעט. דערצו נאָך אָן אדערוף — א שיסל געקעכץ און צוויי הונדערט גראם ברויט.

מיר קערן זיך אום אף נאכטלעגער. דאכט זיך, אז מיר זײַנען שוין פולשטענדיק אויסגעשעפּט. אָבער ווען דער וועג פארקערעוועט זיך צום בארג־שיפּוי, וואָס נידערט אראָפּ צו דער בריק איבער דער פארפרוירע־נער ווילִיע, און דורך דעם פארנאכטיקן נעפּל דערזעען מיר די געטאָ אף יענער זײַט בריק, נעמען די פיס גאָר אנדערש גיין. מע לעכצט וואָס גיכער דערקלײַבן זיך צו די אייגענע.

די קאָלאָנע פאלט זיך פאנאנדער, ס'צעמישן זיך די רייען, ניט געקוקט אף די שטרענגע וואָרענונגען פון די קאָנוואָירן. אפילע די שיסערײַ, וואָס דארף העלפן אופשטעלן אָרדענונג, הערט אוף שרעקן. אונדזערע אויגן שמידן צו די ווײַסע דרײַעקן, פירעקן, טראפּעציעס אף יענעם ברעג טײַך — די פארשנייטע דעכער פון די געטאָ־שטיבלעך. איבער זיי רייכערן קוימענס. הײַנט רייכערן זיך די קוימענס!

ווי פיל באדײַט עס פאר אונדז. הייסט עס, ניט געווען הײַנט קיין פּוראָנִיעס, אויב מענטשן צעפירן פײַער, ווארעמען זייערע געצעלטן און קאָכן אוואדע אוועלכע־ניט־איז אכילע.

ס'רייכערן קוימענס איבער דעכער. שוין פונדערווײַטנס שפּירן מיר די ווארעמקײַט פון ברענענדיקע אין די אויוונס שײַטן האָלץ. די פּראָס־טיקע, ווײַניק־שארפע לופט הערט אוף צו סמאליען די קעל און קוועטשן די ברוסט. די פיס שפּירן מער ניט קיין מידקײַט, שפּירן ניט די לאסט פונעם גוף, וועלכן זיי טראָגן. אפילע דער שווערער שײַט האָלץ פארלירט זײַן וואָג, און די פּרײַז, וועלכע מיר האָבן באצאָלט פארן טאָג לעבן, זעט אויס ניט צו הויך.

ס'רייכערן זיך קוימענס איבער דער געטאָ! צום נידעריק אראָפּגע־לאָזטן שטאָלפארביקן הימל ציִען זיך העלבלעכע זײַלן רויך — דער רויך פון מיזבייכעס פארן אייביקן גאָט פון לעבן.

## ראכמאָנעס אף א דײַטש

פאר דײַטשן אין גרוי־פּיִאָלעטעווע אוניפאָרמעס האָבן מיר, אייגנט־לעך, ניט געדארפט מוירע האָבן. דאָס זײַנען געווען זעלנער פון א נײַעם אָפּטייל פון דער זעניט־ארטילעריע, וואָס איז געקומען „פארשטארקן די שוץ פונעם לופטרוים" איבער אונדזער שטאָט. זיי האָבן אף אונדז קיין דייע ניט געהאט, ניט געטאָרט גאָר האָבן מיט אונדז קיין מאגע־אומאסע.

פונדעסטוועגן זײַנען מיר געוואָרן אומרויִק, ווען איינער פון די גרויִ־
פּיאַלעטעווע האָט זיך גענומען דרייען ארום אונדז. אן „אריִער" האָט דאָך
געמעגט טאָן מיט אונדז, וואָס אים גלוסט זיך.

מיר האָבן געראַמט דעם שנײ לעבן עפּעס א סקלאַד, און דער שנײ
טוט זיך דאָס זײַניקע — שיט און שיט, ניט לייגנדיק קיין אכט אף דעם,
וואָס אונדזערע קויכעס גייען אויס. דער שנײ פאַלט אזוי שטיל, אזוי
אָפּגעהיט, אָבער אקשאָנעסדיק, ווי ער וואָלט וועלן פארליאַפּען די גאַנצע
וועלט מיט א ווײַסן, קאַלטן טינק. פון אונדז פארלאנגט מען, מיר זאָלן
מיט ברייטע דיקטענע לאָפּעטעס אָפּשאַרן דעם שנײ פונעם פּאָנעם פון
דער וועלט. די וואכלײַט טרײַבן אונדז אונטער, און יענער דײַטש, וואָס
דאַרף שיצן די ברידער זײַנע פון לופט־אָנגריפן, טרעט ניט אָפּ.

פלוצעם דערהער איך, ווי ער ווענדט זיך צו א וואכמאַן:

— קאַמעראַד, גיב מיר א פּאָר יִידן, וואָס ריידן דײַטש. זאָלן זיי
אופראַמען אונדזער צימער, דאָ דערבײַ אין דער קאַזאַרמע. כ'קער זיי דיר
באַלד אום. ראַמען שנײ איז איצט אן אומזיסטע מי, און דו באַקומסט
סיגאַרעטן.

צוזאַמען מיט נאָך צוויי מענער האָט ער אויך מיך אוועקגעפירט.

מיר האָבן זיך פארוואונדערט, ארײַנקומענדיק אין א ווארעמען און
אופגעראַמטן צימער מיט עטלעכע שוין פארבעטע אײַזערנע בעטלעך. וואָס
בלײַבט דאָ נאָך אופצוראַמען? ס'האָט אויסגעזען, אז אויך דער דײַטש
אײַלט זיך ניט צו געפינען פאַר אונדז א באַשעפטיקונג. איינעם טונקעלן
ווינקל פון צימער האָט ער זיך א ראַיע געטאָן אין א ברעטערנער שאַפקע
און געקומען מיט א סאָלדאַטיש לעבעלע ברויט. צעשניטן עס אף דרײַ
כאַלאָקים, האָט ער זיי אונדז האַסטיק דערלאַנגט:

— נעמט, פארבאַהאַלט.

מיינענדיק, אז ער האָט אונדז געוווּנען אף זײַן צאַד, האָט ער גע־
פרעגט:

— פון קאָוונאָ זײַט איר?

— יאָ, — האָבן מיר געענטפערט.

— פון געטאָ?

— יאָ.

— זאָגט, ביטע, — איז געוואָרן דער דײַטש עפּעס אומרויִק, — זאָגט,
האָט מען געבראַכט צו אײַך א טראַנספּאָרט יִידן, עוואַקויִרטע פון מינכען?

— יאָ.

— האָט איר באַמערקט א שלאַנקע טונקלהאָריקע פרוי מיט צוויי
קליינע מיידעלעך — קלאַרא, צען יאָר, העדוויג, אכט יאָר אלט? קאָנט איר
מיר אָנווײַזן, ווו מע האָט די געבראַכטע אײַנגעקוואַרטירט?

— אפן נײַנטן פאָרט, — האָט זיך בא מיר ארויסגעריסן.

— ווײַט פונדאַנען? זעט איר, איך האָב מיך ספּעציִעל געמאָלדן אהער־
צו, קיין קאָוונאָ, כ'זאָל קאָנען העלפן מײַן פרוי און אונדזערע מיידעלעך.

— מע האָט זיי עוואַקויִרט אף יענער־וועלט! — האָט האַרב א זאָג גע־
טאָן איינער פון אונדזער דרײַלינג.

— לײַגסט! — איז אופגעבראכט געװאָרן דער דײַטש. — ס׳איז אומעג־לעך!

— און פאַרװאָס מײנט איר, אז ס׳איז אומעגלעך? — מיש איך זיך אַרײַן.

— דערפאַר, װײַל ס׳איז אומעגלעך! — האָט אױסגעשריִען דער זעל־נער. — אין דער מעלדונג איז דײַטלעך געשטאַנען: עװאַקוירן זיך.

— איצט איז אַלץ מעגלעך. איר האָט ניט קײן פרוי, איר האָט ניט קײן קינדער! — האָב איך אָן ראַכמאָנעס א שמיץ געטאָן, װי מיט א בײַטש, און געגומען שילדערן, װי מע מאָרדעט מענטשן אין גײַנטן פאָרט. כ׳האָב אים ניט געשאַנעװעט, ניט אָפּגעהאַלטן זיך פון איבערגעבן גרױליקע פּראָטים פון די מאַסן־עקזעקוציעס. מיר האָבן װעגן זײ דאָך שױן איבער־געגנוג אָנגעהערט זיך.

װי אָן אונטערגעשאָסענער, האָט דער דײַטש געכאַפּט זיך פאַרן קאָפּ. טוענדיק א װילדן רעװוע, איז ער ארופגעפאַלן אַפן בעט, לעם װעלכן ער איז געשטאַנען, און געגומען היסטעריש יאָמערן:

— גאָט, גאָט, װאָס האָסטו געמאַכט פון אונדז!

צום ערשטן מאָל אַף אונדזער ביטערן ליידנסװעג האָבן מיר געקראָגן ראַכמאָנעס אַף א דײַטש.

## מאָרגן, אַפן זעלבן אָרט...

— בעניע. אים זאָלן מיר שיקן?

— כ׳מײן, ס׳איז דער פּאַסיקסטער קאַנדידאַט.

— און טאָמער פּאַסירט מיט אים עפּעס? װעט מען זאָגן: געבליבן אָן עלנט יאָטל אין געטאָ, האָט מען עס געשיקט אַף אומקום.

— געװיס, מירן האָבן צו זיך טײַנעס, ניט קאָנען זיך מויכל זײַן.

— אָבער זאָגט, אַדעראַבע, װער פונעם קלײנװאַרג אַריִענטירט זיך בעסער פון בעניען? ער איז פּיפּיק, ער איז דרײסט. דערמאָנט זיך, אַדעראַבע, װי ער האָט בײס דער לעצטער אַבלאַװע דורכגעגליטשט זיך אַלע פּאָליצײ־זאַסטאַװעס און געװאָרנט די כאַװײרים.

— דערצו איז ער ניט ענלעך אַף קײן ייִדיש קינד.

— יאָ, אָבער ליטװיש רעדט ער מיט אַן אַקצענט.

— װעלן מיר אים הײסן פאַרשטעלן זיך פאַר א שטאַמלער. אױב מע װעט אים פאַרהאַלטן, זאָל ער שטאַמלען. באַזונדערס פאַרהאַקן זיך אַפן „רײש״.

מע האָט באַהאַנדלט אױך אַנדערע קאַנדידאַטורן, נאָר װידער אומגע־קערט זיך צו דער ערשטער.

— הײסט עס, בעניע.

מע האָט אים אױפגעזוכט. געבראַכט אַף דער באַראַטונג פון דער אונ־טערערדישער אָפּעראַטיװער גרופּע.

ערנסט־פאַרכמורעט האָט דאָס עלפיאָריקע יאָטל אױסגעהערט דאָס, װאָס מע האָט אים פאַרטרױט.

אין שטאָט איז הײַנט אַן אַבלאַווע. און דאַפקע הײַנט האָבן צוויי על־טערע כאַוויירים געדאַרפט גיין אַהין צו אַ וויכטיקער באַגעגעניש מיט איינעם אַ מענטשן. איצט, מע זאָל גיין, ווערט מען אַף געוויס פאַרהאַלטן. וועט אויסקומען אָפּריידן מיטן מענטשן, ווען און ווו זיך צו טרעפן אַן אַנדערס מאָל. קינדער טשעפּעט מען ניט בייס די אַבלאַוועס. זיי קאָנען אומגעשטערט אַריבערכאַפּן זיך איבער דער בריק אין שטאָט אַרײַן. אָט פאַרוואָס בעניע וועט דאַרפן גיין צו דער הײַנטיקער באַגעגעניש.

מע האָט מיט אים אײַנגעכאַזערט, וואָס ער דאַרף, אַרײַנקומענדיק צו די פרעמדע מענטשן, זאָגן, מע זאָל אים גלייבן. דעם מאַן, מיט וועלכן ס׳וועט אים אויסקומען צו ריידן, וועט ער דערקלערן, פאַרוואָס די כאַ־וויירים זײַנען ניטאָ.

אין בעניעס קעשענעס האָט מען אָנגעלייגט שטיקלעך פאַרשיידן ברויט. טאָמער, די שאַ זאָל ניט זײַן, מע פאַרהאַלט אים, וועט ער קאָנען טײַנען, אַז ער איז געגאַנגען בעטלען ברויט, און קאָנען עס דערווײַזן.

אָפּגעוואַרט, דער וואַכמאַן, וואָס גייט אַרום לענגויס דעם צוים־אָפּשניט, זאָל זיך דערווײַטערן, האָט אַ כאַוועך פון דער אָפּעראַטיווער גרופּע גע־האָלפן בעניען דורכקריכן די דראָטן. באַלד האָט דאָס אָפּגעריסענע בלאָנדע יאַטל זיך אָפּגעטראָגן פונעם געטאָ־ראַיאָן און אוועקגעײַלט, וווהין ס׳איז געווען באַפוילן. ער זאָל ניט פאַרגעסן דעם אַדרעס, האָט ער אים די גאַנצע צײַט איבערגעכאַזערט אין קאָפּ. געפינען די אָנגעוויזענע שטוב איז פאַר בעניען אַ מײַסע פון גאָרניט. דערצו האָט מען אים גענוי אויס־געמאָלט, ווי ער דאַרף אַהין זיך דערקלײַבן, טאָמער וועט צוליב דער אַבלאַווע זײַן פאַרצוימט די אָדער יענע גאַס. מע האָט אים אויך אויסגע־מאָלט, אין וואָס פאַר אַ טויער ער דאַרף אַרײַן, אַף וואָס פאַר אַ פענצטער ער דאַרף אַ קוק טאָן און זען, צי דאָס פאָרהענגל איז אָפּגעצויגן. נאָר דאַן מעג ער אַרײַן.

— שענקט אַ הונגעריקן אַ שטיקל ברויט, ווײַס צי שוואַרצס, דאָס איז קיין כילעק ניט, — האָט בעניע געזאָגט אין ליטוויש, אַרײַנקומענדיק צו די מענטשן.

ער האָט שיר ניט אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער, דערהערנדיק דעם ענטפער:

— וואָס זאָל מען טאָן, ס׳איז קריג. הונגעריקע זײַנען פאַראַן אַ סאַך...

יאָ, יאָ, דער זעלבער ענטפער! אַזוי האָט מען אים געענטפערט אין געטאָ, אײַנרעפּעטירנדיק דעם געשפּרעך, וועלכן ער וועט האָבן אין שטאָט.

עפּעס אַ הויכן מאַנצבל האָט ער איצט גענוי איבערגעגעבן, וואָס ער האָט אים געדאַרפט איבערגעבן, און געבעטן, ער זאָל זאָגן, ווען איז ער ווידער גרייט זיך צו באַגעגענען מיט די כאַוויירים פון געטאָ. שוין צום סאָף האָט בעניע זיך געכאַפּט, אַז ער האָט עפּעס געדאַרפט שטאַמלען. אין אײַלעניש האָט ער עס פאַרגעסן. ווען שטאַמלען? צו וואָס? האָט ער אַלץ גענומען איבערכאַזערן אַפּסנײַ און זיך צעטומלט, איז רויט געוואָרן, אָנגעהויבן אַפּאַנעמעסן שטאַמלען.

אויך דער מאנצבל, מיט וועלכן ער האָט גערעדט, איז עפּעס צעטומלט געוואָרן, האָט פאַרביסן די אונטערשטע ליפּ און מיט זײַנע אויגן ווי אָפּגעשלײַדערט פון זיך בעניען.

דער אומבאַקאַנטער מענטש האָט געשוויגן. אַקשאָנעסדיק געשוויגן און מער ניט געוואָלט האָבן צו טאָן מיטן קליינעם שאַליעד.

— פּעטערל, איר דאַרפט מיר זאָגן, איר מוזט אומבאַדינגט זאָגן, ווען און ווו מע דאַרף קומען, — האָט בעניע זיך געקליאַנטשעט. זײַן שטים האָט געציטערט, ער אליין האָט געציטערט.

דער מאַנצבל האָט זיך פאַרטראַכט, אַרומגעכאַפּט דעם קאָפּ מיטביידע דלאָניעס, די עלנבויגנס אײַנגעשפּאַרט אין טיש. בעניע האָט דאָך ניט געקאָנט וויסן, וויפל זאָרג עס האָט איצט דער דאָזיקער שווײַגעוודיקער מענטש: ווו זאָל ער אַהינטאָן דאָס פאַרגרייטע געווער פאַר די קעמפער פון געטאָ? ווו זאָל ער זיך אליין אַהינטאָן? ווו איבערנעכטיקן?

לעסאָף האָט דער מאַנצבל זיך אַנטשלאָסן:

— גיב איבער... אַזוי טאַקע גיב איבער: מאָרגן, אויפן זעלבן אָרט, אין דער זעלבער צײַט. אַנו, כאַזער איבער, זאָלסט פאַרגעדענקען.

בעניע האָט גוט פאַרגעדענקט.

א וואכמאַן האָט אים אָבער פאַרהאַלטן, בייס ער איז געקראָכן דורכן צוים צוריק אין געטאָ אַרײַן. איינער פון דער אָפּעראַטיוועָר גרופּע, וואָס האָט אים אָפּגעוואַרט, האָט דערהערט זײַן פאַרצווייפלטן אויסגעשריי און דערזען, ווי דער פּאָסטן שלעפּט פאַר א האַנט דאָס יאַטל. בעניע האָט א צעשראָקענער געדרייט דעם קאָפּ אין אלע זײַטן און געשריִען, געשריִען אָן אויפהער.

באַמערקנדיק דעם עלטערן כאַווער, האָט ער נאָך הילכיקער אויסגערופן:

— מאָרגן, אויפן זעלבן אָרט, אין דער זעלבער צײַט!

דאָס דאָזיקע מעשונעדיק שרײַענדיקע יאַטל האָט דער פּאָסטן איבער־געגעבן דער טויער־וואַך, וועלכע האָט באַשלאָסן אָנצולערנען דעם כוצ־פּעניק. אויפן פּלעצל באַם טויער, אלע זאָלן זען און קאָנען איבערדערציילן אַנדערע, האָט מען פון בעניען אַראָפּגעצויגן די הייזלעך, אוועקגעלייגט אויף א בענקל און געגומען אַרײַנצײלן די געהעריקע פּאַרציע: צוואַנציק שמיץ אויפן נאַקעטן הינטערכײלעך — ער זאָל פאַרשפּאָרן א צווייט מאָל גיין בעטלען.

מע האָט אים געשמיסן, און בעניע האָט כליפּענדיק, שרײַענדיק פאַר ווייטעק, ניט אויפגעהערט אויסרופן:

— מאָרגן... אויפן זעלבן אָרט... אין דער זעלבער צײַט!..

די היטלעראָווצעס האָבן זיך פאַרווײַלט. אָט א צעדרייט יאַטל! קלאָר, אַז עס האָט א מיש אין קאָפּ... אַרײַנגעצימבלט אים די העלפט מאַלקעס און געהייסן אָפּטראָגן זיך צום טײַוול.

יאָ, צום שלימאַזל האָט בעניען צוגעשפּילט דאָס מאַזל. מע האָט אים ניט דערקאַטעוועט.

די עלטערע כאַווײרים האָבן אים אָפּגעפירט צו זיך, געלייגט קאַלטע

קאָמפּרעסן, געטרייסט. עמעצער האָט א פרעג געטאָן, וואָס האָט ער אזוינס אָן אופהער געשריִען.

ליגנדיק מיטן פּאָנעם אראָפּ, קאָרטשענדיק זיך פאר ווייטעק און קרעכצנדיק, האָט בעניע דערקלערט:

— כ'האָב געמיינט, געמיינט... כ'וועל שטארבן און ניט באוויַיזן איי־בערגעבן... און טאָמער וואָלטן זיי מיר אויסגעשניטן די צונג? וואָס דאַן? האָב איך געשריִען. עמעצער וואָלט דערהערט. עמעצער וואָלט פארשטא־נען. מע וואָלט איַיך איבערגעגעבן, און איר וואָלט פארשטאנען, אז מע דארף קומען מאָרגן, אפן זעלבן אָרט, אין דער זעלבער צייַט.

## די שפּראַך פון לעבן

„ווו נעמט מען אזא דאָקטער, וואָס זאָל קאָנען מייַנע ווונדן היילן? ווו נעמט מען אזא דיכטער, וואָס זאָל קאָנען מייַן לייד דערציילן?"

איך ברום הייַנט אין זיך די שורעס פון דער ווונדערלעכער ייִדישער פאָלקסליד. ס'איז הארבסט, ס'איז קאלעמוטנע אין דרויסן און אפן הארצן, און דער אומעטיקער ניגן הערט ניט אוף אין מיר צו ברומען, ארויס־רופנדיק אלץ נייַע און נייַע קאשעס צו זיך, צו דער וועלט און ווידער און דעריקער צו זיך: ווו נעמט מען ווערטער צו קאָנען „אויסדערציילן" כאָטש א ברוכטייל פון דעם, וואָס מיר לעבן איבער? ווי ווערט מען באפליגלט מיט א ניצעך פון דאנטעס מוזע, צו קאָנען איבערגעבן כאָטש א ווייַטן אָפּהילך פונעם „לעבן" אין אונדזער טאָל פון טויט און טרערן?

איך באגעגן זיך צומאָל מיט איינעם, א צווייטן פון די געוועזענע פּען־מענטשן, וואָס דרייען זיך נאָך ארום אין אונדזער שטעטל. פון די געשפּרעכן מיט זיי קום איך צום אויספיר, אז קיינער פילט זיך ניט בעקויעך צו שאפן דאָ עפּעס „וואָגיקס", „בלייַבנדיקס". עס שרייַבט זיך ניט...

פונדעסטוועגן האָט מען זיך לעצטנס צעשריבן אין געטאָ. ס'האָט זיך צעזונגען דער אנאָנים. עס ווערן פארפאסט לידער, קופּלעטן אף פּאָפּו־לערע מעלאָדיעס, וועלכע האָבן זיך „אָנגענומען" — זייַנען אוועק פון מויל צו מויל. די מעכאברים שילדערן מאָמענטן פון דער געטאָ־ווירק־לעכקייַט, לאכן בייַסיק אויס אונדזערע רעדלפירער, קלאָגן אף די אלגע־מיינע צאָרעס און דער אומגערעכטיקייַט לעגאבע דעם פּאַשעטן פאָלקס־מענטש, וואָס לייַדט סיי פון די נאצישע מוישלים, סיי פון די ייִדישע געטאָ־טאַקיפים. פונעם מאבל פארפאסטע פערזן קלינגט זעלטן־ווען ארויס א שורע, וואָס זאָל טראָגן אף זיך דעם כויסעם פון עכטער פאָלקס־דיכטונג. טאָ ווו איז דאָס שטארקע וואָרט, וואָס זאָל ווערן א ווירדי־קער איידעס פון אונדזערע איבערלעבענישן, זאָל, ווי מע זאָגט עס, אויסהאלטן דעם אויספּרוו פון דער צייַט און דערגייַן צו די מענטשן פון נאָך דער ליקעכאָמע?

איך קוק אף מייַנע בעכיפאָזן געמאכטע פארצייכענונגען און געפין ניט אין זיי דאָס, וואָס עס ווילט זיך געפינען. מיר דאכט זיך אלץ, אז

אומבאהאָלפֿן איז דער אויסדרוק, בלאָס — דאָס געפֿיל און געדאַנק. צי ווײַל גאָט האָט ניט געגעבן דאָס, וואָס ער האָט געקאָנט געבן, צי ווײַל ס'איז פּאַשעט אומעגלעך עפּעס רעכטס ארויסברענגען פֿון אונטער דער פּען — די גלידער ברעכן פֿון דער קאַטאָרגע־ארבעט, מע פֿאַלט אוועק, ווי אונטערגעקאָסיעט, אָפּטראַמפּלענדיק דעם גרויסן מעהאַלעך צו און פֿון דער ארבעט. דאָס צימער איז ניט געהייצט, און די הענט פֿרירן. דאָס געמיט איז דערדריקט, דער זיקאָרן וויל ניט דינען, און די שעפֿערישקייט איז אָפּגעטעמפּט.

ס'איז שפּעטער האַרבסט. א ווינטער, ווי א ווײַסע רויב־חיה, קוקט שוין פֿון דער לאָקערונג אף אונדזער נעבעכדיקן קיום. מיר לעבן דאָ ענג צונויפֿגעפּרעסט, צונויפֿגעטוליעט, ווי פּאַרמישפּעטע, וואָס דערוואַרטן א בעשוטפעסדיקן פּסאַקדין און ווילן אין דער געמיינשאַפֿט לײַכטער זיך מאַכן דעם אומבעראַכמאָנעסדיקן אָל. איבער אונדזער דורכגאַנג־צימער האַלט אָן די גאַנצע צײַט א טומלדיקע באַוועגונג פֿון די שכיינים. די נויטן פֿון איטלעכן מענטשן טרײַבן צו קאָלערליי טועכצן. מע שטערט שרײַבן? מע לאָזט ניט צונויפֿנעמען די געדאַנקען? ס'איז גוט אַזוי. זאָל דאָס לעבן פּולסירן!

זוכנדיק דעם ווירדיקן איידעס און שטאַרקן אויסדרוק פֿון אונדזערע דורכגעטראָגענע ליידן, געפֿין איך אים אונטער דער האַנט: ס'איז דאָס הײַפּל געשווינטע, די ביז איצט לעבנגעבליבענע, וואָס וועלן זיך צערעדן, אויב זיי וועט זײַן באַשערט צו באַגעגענען דעם פֿרײַען זון־אויפֿגאַנג, מיט אַזאַ שפּראַך, מיט וועלכער ס'קאָן ריידן נאָר דאָס לעבן אַליין.

## פֿאַרלוירן אינעם געווירבל

איין מאָל א כוידעש ברענגט מען אין געטאָ אף א זונטיק די אַזויגערופֿענע „האָלץ־בריגאַדע", וועלכע מע האָט ארויסגעפֿירט האַקן וואַלד ערגעץ אין דער טיף פֿון ליטע. איינמאָל, קומענדיק אף א זונטיק, האָט די בריגאַדע מיטגעבראַכט אין געטאָ אַן איבעריקן מענטשן. דער בריגאַדיר האָט, קענטיק, אונטערגעקויפֿט (אָפּן געטאָ־זשאַרגאָן — „אָפּגעשמאַדט") די קאָנוואָירן מיט א פּאָר צענדליק אייער און א שטיק שפּעק, באַקומענע פֿון פּויערים, וואָס האָבן ארויסגעפֿירט פֿון וואַלד דאָס פֿאַרגרייטע געהילץ. א זאָרג זיי האָבן, די קאָנוואָירן, — זאָל נאָך איינער ארײַן „אין קאַסטן" (דאָס איז שוין א זשאַרגאָן פֿון די דײַטשן), וועט ווערן אף דער וועלט מיט א ייִד ווייניקער.

א נײַער מענטש צווישן אונדז. אַזאַ, וואָס האָט נאָך אָקאָרשט געאָטעמט מיט פֿרײַהייט...

דער אָנבליק פֿונעם נײַ־צוגעקומענעם אָסיר האָט געכאַפּט באַם האַרצן. קליין איז ער געווען און אײַנגעזונקען אין א צעפֿליקט שאָפּן פּעלצל. פֿונעם צעשויבערטן קראַגן האָט אָנגעשטרענגט ארויסגעקוקט א פּיצל פֿאַרהאַרטעוועט פּאָנעם. דער שטערן — שמאָל, קימאַט ביז צו די ברעמען

באדעקט מיט געדיכטע, קוטשעראווע טונקעלע האָר. די צעקאַליעטשעטע נאָז האָט אומעגלעך געמאַכט, כאָטש לעפּיערעך, אָפּשאַצן, ווי אַלט איז דאָס מענטשל. בלויז דער שוואַרצער פּוך איבער זײַן אייבערשטער ליפּ און די אַראָפּגעוואַקסענע פּייעס אױף די באַקן האָבן ווי אונטערגעזאָגט, אַז ס'איז אַ יונג באָכערל.

אָרעם, פאַריאָסעמט און פאַרפּאָלגט ברודערל אונדזערס! צו וואָס האָט מען דיך אַרײַנגעבראַכט אין שטײַג פון די פאַרורטיילטע?

איך בין געווען אָנגעקומען אינמיטן שמועס מיט אים, ווען, ענטפערנ־דיק עמעצן פון די דערבײַזיצער אױף אַ פראַגע, האָט ער געזאָגט:

— מײַן סענוקאַס, טײַפ, יאָ, מײַן זיידע געזאָגט אין טאָג פון סושאָר־דענען — מיר איז הײַנט באַרמיצווע.

אַ געמיש פון ייִדיש מיט ליטוויש. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאַפקע אין טאָג פון דער צעשיסונג איז אים געוואָרן דרײַצן. געווען איז עס מיט קנאַפּע צוויי יאָר צוריק.

אין אַ מעשונעדיקער שפּראַך, וואָס איז באַשטאַנען פון ייִדישע און ליטווישע ווערטער, האָט דאָס באָכערל אופגעקלערט די סיבע פון זײַן צעקאַליעטשעטער נאָז. בײַס מע האָט זיי אַרײַנגעטריבן אין אַ וואַלד, געבראַכט פאַר אַ גרוב און געהייסן זיך אויסטאָן, איז ער פאַר שרעק געלאָפן. מע האָט אים נאָכגעשאָסן און געטראָפן אין נאָז. מע האָט זיך געיאָגט נאָך אים, איז ער פלינק אַרופגעקראָכן אױף אַ יאַדלע־בוים און זיך באַהאַלטן צווישן די צווײַגן. פון דאָרט האָט ער געזען, ווי מע האָט אַלע־מען פון זייער שטעטל צעשאָסן, צונויפגעוואַלגערט אין דער גרוב און פאַרשאָטן. דערנאָך...

דערנאָך האָט ער געוואָגלט איבער כוטאָרס און דערפער. די נאָז האָט ווײַ געטאָן, לאַנג זיך ניט פאַרהיילט. די נאָז איז אויך געוואָרן זײַן אומ־גליק, אים שטענדיק אַרויסגעגעבן. פּויערים, וועלכע האָבן אים צוגעע־טוליעט, האָט ער געהאָלפן אין דער ווירטשאַפט. געפּאַשעט בעהיימעס, כאַזיירים, ביז בייזע ציינגער פלעגן צעטראָגן די ידיעה, אַז דער „בענאַ־סיס", ס'הייסט דער, וואָס אָן דער נאָז, געפינט זיך אין דער געגנט. פּאָליצײַען פלעגן אָנלויפן אים זוכן. שלאָפן פלעגט ער שטענדיק אין שײַער אױפן היי און בײַס אַן אָבלאַווע באַוויזן נעלעם ווערן.

אין איינער אַ פּראַסטיקער נאַכט האָט ער זיך אײַנגעבעטן באַם רײַכן פּויער, בא וועלכן ער האָט האַרבסט־צײַט געאַרבעט, לאָזן אים איבער־שלאָפן אין שטוב. האָט יענער, קענטיק, קעדיי פון אים פּאָטער צו ווערן, אַרויסגערופן פּאָליציי...

ס'האָבן זיך פאַרעדט אונטערוועגנס די צוויי פּאָליצײַען, וואָס האָבן אים געפירט. האָט ער אָנגעטראָפן אַ גינציקע רעגע און אַ שפּרונג גע־טאָן אין אַ זײַט, פאַרשווונדן אין קוסטעס און — אין וואַלד. די קוילן האָבן אים ניט אָנגעיאָגט, שוין אָפּגערעדט, אַז ס'האָבן אים ניט דעריאָגט די פּאָליצײַען. אין לויפן האָט קיינער מיט אים זיך ניט געקאָנט פאַרמעסטן, ווי אויך — אין לײַדן הונגער. געקאָנט האָט ער גאַנצע מעסלעסן הונגערן און שווײַגן. נאָר ניט געקאָנט האָט ער פאַרשווײַגן דעם פאַרעטערישן

פויער. אַרײַנגעגאַנווועט זיך אין זײַן בעהיימעס־שטאַל, געפֿונען דאָרט עטלעכע אַלטע פֿלעשער, זיי צעהאַקט, און די שטיקלעך גלאָז האָט ער צעמישט אין די קאָרעטעס מיט דער פֿאַילע פֿאַר די קי און כאַזיירים. ווען די בעהיימעס, זײַנע געהאָדעוועטע און געכאָוועטע בעהיימעס, האָבן גענומען מיטשען, ריטשען, קאָרטשען זיך פֿאַר ווייטעק, איז ער אַ צו־פֿרידענער אַוועק אויספֿרווון דאָס מאַזל אַנדערשוווּ.

ביז ער האָט זיך אָנגעשטויסן אויף דער בריגאַדע פֿון געטאָ.

דעם באָכערלס דערשײַנען איז פֿאַר אונדז ניט געווען קיין בייזוווּנדער. דער לעצטער סאָריד פֿון אַ שטעטל ייִדן האָט אַרויסגערופֿן טיפֿן מיטלײַד, אָבער ניט קיין כידעש. מיר האָבן דאָך געוווּסט, אַז אויסגעקוילעט זײַנען אַלע ייִדן אין דער פּראָווינץ. ווו־ניט־ווו בלאָנקען אַרום פֿאַרלוירענע אינעם געווירבל יעכידים און ראַנגלען זיך פֿאַר זייער קיִעם. איינער אַזאַ איז פֿאַרוואָגלט געוואָרן צו אונדז.

מיר האָבן געהאָפּט עפּעס צו דערגיין פֿון אים וועגן קעמפֿער, וואָס זוכן און געפֿינען שוץ אין די וועלדער, געהאָפּט, עפּשער וועט זיך לאָזן אויפֿשטעלן אַ שטיקל פֿאַרבינדונג מיט זיי. ער האָט דאָך גאַנצע צוויי יאָר זיך אַרומגעשלעפּט איבער פֿעלדער און וועלדער...

שפּירנדיק, אַז אויף אונדזערע פֿראַגעס קאָן ער ניט ענטפֿערן, האָט דאָס באָכערל זיך פֿאַרלוירן און דערשראָקן גענומען שיקלען אין די זײַטן. האָט ער געגרייט זיך געבן אַ שפּרונג אין אַ זײַט, אַנטלויפֿן? עטלעכע מענטשן — ווער שטייענדיק, ווער זיצנדיק רינגלען אים אַרום. האָט ער ניט געהאַט קיין אויסוועג און איז טיפֿער אײַנגעזונקען אין טולופּל.

מיר האָבן אים געלאָזט צורו, געזען, ער זאָל אַ ביסל קומען צו־זיך. מע האָט אים ווי־עס־איז באַקליידט, באַזאָרגט אָן אָרט איבערצונעכטיקן, געזען, ער זאָל אויסמײַדן שווערע אַרבעט. זאָל ער אָפּכאַפּן אָטעם ביז צו דער קומענדיקער צאָרע, וואָס וועט זיך דאָ אַראָפּלאָזן אויף אַלעמען.

ניט לאַנג איז אים באַשערט געווען צו געניסן פֿון רו. נאָך איינער אַ נײַער מענטשן־כאַפּעניש און אַרויספֿירעניש איז ער ווי אין וואַסער אַרײַן. צי מע האָט אים געכאַפּט און אַרויסגעפֿירט, אָדער, זײַענדיק געווינט צו אַנטרינען פֿון פֿאַרפֿאַלגער, האָט ער, ווי אַ פֿלינק כײַעלע, אַרויסגעכאַפּט זיך אויף דער אַנדערער זײַט פֿונעם שטעכדראָט און אָנגעהויבן אָפּסנײַ וואָגלען און לאָקערן, שפּרינגען און לויפֿן — זײַן גערעאַנגל פֿאַרן קיִעם.

אַ פֿאַרלוירענער אינעם געווירבל, איז ער אָן יעטווידער שפּור פֿאַר־לוירן געגאַנגען אין אים.

## ווי וועט פֿאַלן דער צוים?

ווען מע האָט אים גענומען אויפֿשטעלן, האָט זיך שוין געלאָזט הערן די מיינונג:

— נאָך איידער דער צוים וועט פֿאַרטיק ווערן, וועט מען אים דאַרפֿן צענעמען.

דאָס איז ניט מעקוייעם געוואָרן. מע האָט אים פארענדיקט. און אונדז, ווי פּי, באשטימטע צו קוילען, אריינגעטריבן היגטער אים. נאָר פריער צי שפעטער — ער וועט, ער מוז פאלן!

צי וועלן מיר אופשטיין אין איינעם א פרימאָרגן און ניט געפינען ניט דעם צוים און ניט די, וואָס באוואכן אים?

וועלן קינדערלעך אין א ווארעמען פארנאכט קומען צו לויפן מיט א געפילדער און אָנזאָגן, אז דער צוים איז פארשוווּנדן?

אָדער ס׳וועלן פון בארג זיך אראָפּלאָזן די קאראוואנען מענטשן, וועלכע מע האָט ארויסגעטריבן פון געטאָ אהין, בארג־ארופצו, אף ניט מער צוריקצוקומען, און וועלן באפאלן דעם שטעכדראָט, וועלן אים צערייסן, אומווארפן די סלופעס.

צי וועט דער צוים פאלן פרילינג־צייט, ווען די וועלט דערוואכט?

און עפשער וועט דער צוים פאלן אין א קילער לעוואָנע־נאכט, נאָך דעם, ווי א רייטער אף א ווייסן פערד וועט אויסשאלן די בסורע, אז די, וועלכע האָבן אים אויסגעטראכט, האָט די ערד איינגעשלונגען? אין דער געטאָ וועט ווערן א גערודער. יידן וועלן מעקאבל זיין מאָשיעכן. ווערט דאָך געזאָגט אינעם פּאָסעק, אז אף מאָשיעכן דארף מען זיך ריכטן טאָגטעגלעך...

צי וועט דער צוים פאלן בייס א שלאקסרעגן, א דורכגעמישטן מיט דונערן און בליצן? די ערד וועט ציטערן, און דאָס ווילדגראָז, וואָס איז אָנגעוואקסן לענגויס דעם שטעכדראָט, וועט זיך בייגן און נייגן צו דער גוטער מאמע־ערד און וועט אליין זיך אויסרייסן מיט די ווארצלען — קעדיי אָפּטרעטן דאָס אָרט פאר מענטשן־טריט.

וועט דער צוים פאלן בלויז דערפאר, וואָס מיר ווארטן, שמאכטן און גייען אויס מיט די קויכעס? צי דארפן מיר אים ניט צענעמען, מיט פייער און אייגענעם בלוט אָפּווישן פון דער ערד? און מעג עס באטייטן אונדזער סאָף!

צי וועלן דעם צוים אופברעכן דאָ און דאָרט די גוטע און דרייסטע פון אונדזערע שכיינים אף דער „פרייער" זייט? אופברעכן, זאָגנדיק: „לויפט, מיר נעמען אייך אוף!"

און עפשער וועלן אין דער פינצטער באפאלן דעם צוים קעמפער פון וואלד צוזאמען מיט די אוועקגעגאנגענע אהין שעליכים פון געטאָ און אים פארטיליקן, קיין סאָריד־אופאָליט ניט לאָזן?

מיסטאמע וועט דער צוים פאלן אונטער די קלעפּ פון די באפרייער, וואָס לייגן זיך דורך דעם וועג אהער מיטן קויעך פון זייערע הייסע הערצער און פאר דער פרייז פון אייגענעם לייב־און־לעבן.

אוואדע וועט פאלן דער צוים. צי וועלן מיר עס זוכע זיין, אויב מירן זיצן מיט צונויפגעלייגטע הענט און בלויז ווארטן? אָ, אונדזערע געפענטעטע, אין קנעכטשאפט־קייטן פארקאָוועטע הענט! נאָר ווי האָט געזאָגט דער דיכטער: „בלויז דער, ווער ס׳דעראָבערט זיך די פרייהייט, פארדינט זי!"

פארדינען מיר, זיינען מיר ווערט, דער צוים זאָל פאלן?

# דער גרימצאָרן פון די געשלאָגענע

די בלוטיקע פּאָנעס מיטן שווארצן האקנקרייץ־שפּין אף ווייַסע דיסקן באַמבלען זיך, אראָפּגעלאָזטע אף די פלאגשטאָקן. טרויער בא די אָקו־פּאנטן — זיי האָבן געבראָכן האלדז־און־נאקן לעבן דער וואָלגע. פרייד בא אלעמען, וואָס שמאכטן אונטערן היטלעריסטישן יאָך. דאָס איז דאָך אוואדע דער אָנהייב פונעם סאָף, דער סאָף פון די פעלקער־מערדער. אָבער מיר, פארשפארטע הינטערן שטעכדראָט, באקומען גלייַך צו פילן, אז פאר אן אויגנבליק פרייד דארף מען זייער טייַער צאָלן.

ווי געוויינלעך, אזוי אויך אינעם „טרויער־טאָג", טרייַבט מען אונדז צו דער ארבעט. אָנקומענדיק אף אן אָרט, שטייען מיר אויסגעמושטרירטע און ווארטן. דאָס מאָל צעטיילט מען אונדז ניט אין גרופּעס, מע גיט ניט קיין לאָפּעטעס אָדער אנדערע מאכשירים. מיר שטייען און ווארטן.

דער „שעף" — א היכער, פעטלייַביקער אונטער־אָפיצער, א ליבהאָבער צו בושעווען און טומלען — קומט אָן א פארמאָרעשכוירעטער. א שווארץ טרויער־בענדל — אין לאץ פון זייַן מונדיר. די הענט אראָפּגעלאָזט, פאר־שטייַפט אין פויסטן. אומדערווארט גייט ער ארויס מיט אזא לאָשן:

— הייַנט איז בא מיר א צו ערנסטער טאָג, איך זאָל אכטונג געבן אף דעם, וואָס אונטערמענטשן טוען. מירן זיך הייַנט פארנעמען מיט אופ־קלערונג.

א פּאָר שאָ נאָכאנאנד האָט דער דאָזיקער „אויבערמענטש", פארנע־מענדיק זיך מיט „אופקלערונג", צעלייגט אף טעלערלעך די טעזיסן פון דער ראסיסטישער מענטשן־פארטיליקונג. מיט א סאך פּראָטים האָט ער געשילדערט, וויאזוי מיר ווערן אומגעבראכט, און ארויסגעהויבן זייַן אָנטייל אין דעם. מיר האָבן זיך דערוווסט, אז זייַן מאָרד־קאריערע האָט ער אָנגעהויבן אין פוילן, זעצט פאָר אין ליטע און האָט בעדייע זי צו פארענדיקן אף קאווקאז, ווו עס ווארט אף אים דער פּאָסטן פון א געגנט־לעכן „פיורער"...

— פרייט זיך ניט פאר דער צייַט! רעדט זיך ניט אייַן, אז אייַך דער־ווארט א בעסערער שיקזאל, ווי די אלע ברידער אייַערע, וועלכע מיר האָבן אויסגעלייגט. דעזינפיצירנדיק די וועלט, זייַנען זיי איבערטראנס־פּאָרטירט געוואָרן צום אורפּאָטער אבראהאם, — האָט ער קאלטבלוטיק, מיט א ניט כאראקטעריסטישן פאר אים אייַנגעהאלטענעם טאָן, געפריי־דיקט: — אייַך איז באשערט אייגנס — אומקומען. אלע ביז איינעם! איר דארפט אף דעם ווארטן, גרייטן זיך, ווי מע זאָגט, פסיכאָלאָגיש. יאָ, איך כאזער איבער, פסיכאָלאָגיש גרייטן זיך. איר דארפט באנעמען, אז איר זייַט מינדערווערטיקע באשעפענישן, מער מאלפּעס, איידער מענטשן. דעריבער איז אייַער פליכט אונטערצוגיין, אָפּטרעטן דאָס אָרט פאר הויך אנטוויקלטע וועזנס, וואָס דארפן רעגירן אף דער וועלט. איך, צום ביי־שפּיל, קאָן איעדן פון אייַך ליקווידירן — שיסן אָדער גאָר צובינדן איין פוס צו איין אווטאָ, דעם צווייטן פוס — צו א צווייטן אווטאָ, און געבן א צייכן, די מאשינעס זאָלן זיך פאנאנדערפאָרן אין פארשיידענע ריכטונגען. א

פּרעכטיקע שווישפּיל, בייס אַן אונטערמענטש ווערט פֿאַנאַנדערגעריסן אָפּצווייען... נאָר הײַנט איז אַ צו ערנסטער טאָג זיך צו פֿאַרנעמען מיט אַזוינע שפּאַסערײַען.

ס׳איז געווען אַ זעלטן שיינער טאָג פֿון אָנהייב פֿעוורואַל. די זון פֿלעגט אַרויסקוקן פֿון הינטער פֿאַרבײַשווימענדיקע ווײַסע פּוך־וואָלקנדלעך, ווי ווענלנדיק פֿעסטשטעלן, צי די וועלט איז ווערט איר צערטלענדיקע שײַן, דעם אָנקומענדיקן פֿרילינג. אַרום איז אַלץ העל, זוניבער. זאַרגלאָז קרײַזן פֿויגלען אין דער לופֿט.

„שטראַמשטיין״, דאָס הייסט פֿון אָרט זיך ניט רירן, מיט קיין אייוועד ניט טאָן קיין באַוועג און הערן דעם אויסווורף, איז געוואָרן אומדערטרעג־לעך שווער. מאַשמאָעס, אַז דאָס איז ער אויך אויסן געווען, ווײַל ער האָט מיט אַ קענטיקער שאָדנפֿרייד אָנגעהויפֿט בילדער פֿון אַלץ נײַע און נײַע, איינע פֿאַר דער אַנדערער שווידערלעכערע רעציכעס.

אָבער נאָך דער וויסטער מאַפּאָלע בא דער וואָלגע האָט דער „אויבער־מענטש״ פֿאַרלאָרן אויך דעם פֿאַרמעסט מיט אונדז — רעכטלאָזע אַסירים. זײַן גרימצאָרן האָט זיך אָנגעשטויסן אין אונדזער פֿאַראַכטונג און פֿאַר־שטיינערטן גלײַכגילט. קיינער איז ניט אײַנגעבראָכן געוואָרן, ניט געכאַ־לעשט אָדער אַראָפּ פֿון זינען. מיר האָבן זיך געקוויקט מיט דער שיינקײַט פֿון דער נאַטור, געפֿרייט זיך, וואָס בא די סאָנים איז הײַנט אַ טרויער־טאָג, און געטראַכט וועגן דער נאָענטער באַפֿרײַונג.

די שלאַכט בא דער וואָלגע איז דאָך אויסגעשפּילט!

## אַרום איינער אַ שטאַדלאָנעס

— איך בין בא אײַך, ווי מע זאָגט, מיט אַ שטאַדלאָנעס. עס האַנדלט זיך וועגן קינדער, וועגן קינדער פֿון געטאָ, וועלכע מע דאַרף אַרויסטראָגן אויף דער „פֿרײַ״, אײַנאָרדענען זיי דאָרט. מאָרגן מוז איינע אַ פֿרוי אַרויס־גיין מיט דער בריגאַדע, וועלכע ס׳נעמט אויף אַרבעט די וואָליקעס־פֿאַבריק. איך האָב צו אײַך דעם פֿולן צוטרוי און וויל זײַן אָפֿנהאַרציק: ס׳איז אָפּגעמאַכט, די פֿרוי זאָל זיך טרעפֿן אין דער פֿאַבריק...

דער באַל־דייע אין דער ייִדישער געטאָ־אַדמיניסטראַציע, בא וועמען איך פּרוּוו אָנווענדן מײַן שטיקל אויטאָריטעט, פֿאַרשטייט, וועגן וואָס עס גייט אַ רייד. דעריבער האַקט ער מיך איבער:

— איך וויל אויך זײַן אָפֿנהאַרציק און אַרויסזאָגן מײַן שטאַנדפּונקט. איך וויל אײַך פֿרעגן: פֿאַרוואָס ווילט איר זײַן אַן אויסנאַם?

איך האָב דערפֿילט אינעם אונטערגעשטראָכענעם „איר״, אַז דאָס מיינט ער ניט מיך פּערזענלעך, נאָר די, אין וועמענס נאָמען איך בעט. לויט דער אינטאָנאַציע פֿונעם וואָרט „איר״ האָב איך אויך געפּרוּווט אָפּשאַצן זײַן באַציִונג צו „אונדז״. נאָר אָט צערעדט ער זיך ווידער. און טאַקע אויפֿהייבנדיק די שטים, און טאַקע זייער טאַקיף:

— פאַרוואָס ווילט איר זיך אויסטיילן פון אַלעמען? וואָס עס וועט זײַן מיטן קלאַל, וועט זײַן מיטן יאָכיד. און ביכלאַל, וואָס איז עס פאַר א וואַרפן קינדער אַף העפקער? וואָס וועט פון זיי דאָרט, אַף דער „פרײַ״, ווערן, אויב מירן ניט זײַן? פאַסטעכער, גאַסן־מוידן... איז אַף אונדז ניגזער געוואָרן אומצוקומען, דאַרפן מיר געמיינזאַם גיין אונדזער גוירל אַנט־קעגן — אַפן אַלטן, אויסגעפּרוווטן און ווירדיקן וועג פונעם ייִדישן קי־דעש־האַשעם...

בייס מיר ריידן, קומט אַרײַן קאַבינעטל אַרײַן, ניט אַנקלאַפּנדיק, א מאַנצבל מיט אן אָרעמבאַנד פון א „שיכטלייטער״, ס׳הייסט אן אָנפירער מיט א וואַכטע. דערזעענדיק מיך, האַלט ער זיך אָפּ פון אויסלייגן זײַן איניען און וואָרט. איך בין אָבער ניט גענייגט צו פירן א וויקועך אין אָנוועזנהײַט פון א דריטן, דערצו פרעמדן מענטשן. נאָר אז דער דריטער טראַכט ניט אַוועקצוגיין און, אַרויסנעמענדיק א פּעקל אַרבעטקאַרטן, וויל ער שוין צוטרעטן צו זײַן, אַפּאָנעם, דרינגענדיקן איניען, נעמט דער, צו וועמען איך בין געקומען, האַסטיק פאַרענדיקן מיט מיר:

— עס וועט גאָרניט אַרויס. איר פאַרשטייט, אויב לאָזן מיטגיין מיט דער בריגאַדע איין א מענטשן, מוזן מיר ברעכן די אָרדענונג, אַרויס־נעמען א שטענדיקן מיטגליד פון דער בריגאַדע און שיקן ערגעץ אַנ־דערשוווּ. בא דער איצטיקער אָנגעשפּאַנטער סיטואַציע האָב איך אַף דעם גאָר קיין מאָראַליש רעכט ניט. טאָמער פאַסירט וואָס?

כ׳האָב געפילט, אז דעם, וואָס רעדט אַזוי פּאַטעטיש־דערהויבן און קלוימערשט פּרינציפּיעל, וועל איך ניט איבערצײַגן און ניט איבערשפּאַרן. דערצו נאָך טאַרטשט דאָ דער „שיכטלייטער״, צוליב וועלכן מע טאָר גאָר אָפן ניט ריידן. אָבער געמוזט האָב איך כאָטש ווי־ניט־איז דערוווי־דערן. האָב איך א ביסל פאַרנעפּלט געגעבן אָנצוהערן וועגן דער וויכטי־קײַט פון מײַן שטאַדלאָנעס:

— עס האַנדלט זיך וועגן קינדער. נעמט איר זיך דאָס מאָראַלישע רעכט?

— איך נעם!

ס׳איז איבעריק געוועזן ווײַטער צו שטרײַטן, איבעריק צו דערוואַרטן הילף פון אָט דעם מענטשן. אַוועקגייענדיק מיט גאָרניט, האָב איך זיך פאַרגעזעצט אין די מאַכשאָוועס דעם וויקועך מיט אים. איך בין דאָך געבליבן שולדיק דעם ענטפער אַף זײַן טעזיס פונעם קידעש־האַשעם. די פרויען, וועלכע טראָגן אַרויס קינדערלעך פונעם וואַלפּס מויל, ריזיקירן און באַצאָלן אָפט מיטן לעבן. די מענטשן אין שטאָט און דאָרף, וועלכע טוליען צו א ייִדיש קינד, ריזיקירן און באַצאָלן מיט זייער לעבן, אויב מע כאַפּט זיי. איז עס ניט קיין היינטצײַטיקער קידעש־האַשעם, ריכטיקער געזאָגט, קידעש־האַמאָוועס, צי גאָר קידעש־האַמענטש?

פונעם געדאַכטן וויקועך בין איך אַריבערגעשפּרונגען צו דער פּראַק־טישער זײַט פון דער זאַך: ווי דערמעגלעכט מען פאָרט דער פרוי אַרויס־צוגיין אַהין, ווו זי האָט בייטיק? געטראַכט, אויפגעשטעלט פּלענער.

איך פֿאַרשטיי ניט, ווי־אַזוי מיר האָבן זיך ווידער געטראָפֿן פּאָנעם־על־פּאָנעם מיט יענעם „שיכטלייטער“, און טאַקע דעם זעלבן אָוונט. מעגלעך, אַז ער האָט מיך ספּעציעל געזוכט, מאַכמעס ער האָט אָן הקדמות אָנגעהויבן:

— קומט מיט דער פֿרוי מאָרגן אינדערפֿרי צום טויער. אויב איר קאָנט ניט, זאָל זי אַליין מיך דאָרט אופֿזוכן און זאָגן, אַז זי איז באַשטימט צו גיין אין דער וואָליקעס־פֿאַבריק. ס׳פּאַסירט, ניט אַלע בריגאַדע־מענטשן קומען צו דער אַרבעט. וועט זיך שאַפֿן אַ פֿרייַ אָרט. אויב ניט, וועלן מיר שוין עפּעס צוטראַכטן, די פֿרוי זאָל אַוועק אַהין, ווו זי דאַרף... ניט שטענדיק איז קעדייַ אָנצושפּאַרן צו דער העכסטער אינסטאַנץ. לאָזט צורו אַף לעהאַבע די „פּרינציפּיעלע“...

כ׳האָב, פֿאַרשטייט זיך, מיט פֿרייד אָנגענומען די אַזוי אומדערוואַרט פֿאָרגעשלאָגענע הילף. און דערבייַ איבערגעטראַכט, ווי־אַזוי דער דאָזיקער „אומפּרינציפּיעלער“ מענטש האָט געקאָנט זיך דערוויסן וועגן מייַן שטאַדלאָנעס. סייַדן זייַן אופֿגערעגטער שעף האָט זיך אויסגעטייַנעט פֿאַר אים וועגן „קידעש־האַשעם“ און וועגן קינדער, וועלכע מע וויל „אַרויסוואַרפֿן אַף העפֿקער“... אויסגעהערט יענעמס טייַנעס, האָט ער געמאַכט אַן אייגענעם אויספֿיר.

## צוליב אַ פּאָטאָ

אופֿן פֿלעצל באַם טויער האָט מען עפֿנטלעך געשמיסן אַ מיידל. געשמיסן האָט זי ניט קיין קלענערער אין ראַנג, ווי דער נייַער מעמונע אַף די „יידן־אָנגעלעגנהייַטן“ באַם שטאָט־קאָמיסאַר, דער ברוינהעמדלדיקער „אַדעליקער“ אָרדענסבורג־יונקער מיולער — אַן עמעסער מעטורעף, באַר צום גליק ניט קיין בלוטגיריקער אַכזער. געשמיסן האָט ער מיט דער הוילער האַנט אופֿן מיידלס נאַקעטן לייַב, און זי איז לייַכט אָפּגעקומען.

מע האָט אויך געוווּסט צו דערציילן, אין וואָס איר זינד איז באַשטאַנען. מיולער האָט זי געכאַפּט אין אַ שטאָטישער פֿאָטאָ־אַטעליע. כאָטש זי האָט ניט אויסגעזען „טיפּיש“, איז זי דעם היטלעראָוועץ געוואָרן כאָשעדיק. (אַגעוו, איז איינע פֿון זייַנע שוואַכקייַטן געווען צו זען שיר ניט אין יעדן שטאָטישן אייַנוווינער אַ געלאָפֿענעם פֿון „זייַן“ געטאָ. פֿלעגט ער ניט אופֿהערן פֿאַרהאַלטן און קאָנטראָלירן מענטשן אין גאַס.)

די פֿאַרהאַלטענע איז געווען כיינעוודיק, שטאַלטנע און געקאָנט צוציען אַ מאַנצבילש אויג. ניט האָבנדיק קיין אַנדערן טערעץ צו פֿאַרפֿירן מיט איר אַ שמועס, האָט מיולער אַ פֿרעג געטאָן:

— ביסטו ניט צומאָל „אַאוס מייַנעם געטאָ“?

דאָס מיידל האָט זיך פֿאַרלוירן און, טראַכטנדיק, אַז קיין דאָקומענט האָט זי ניט, אָנוויַזן, ווו זי וווינט אין שטאָט, קאָן זי ניט, איז שוין גלייַכער זאָגן דעם עמעס. יאָ, זי איז פֿון געטאָ.

— און וואָס טוסטו אין דער פאָטאָ־אַטעליע? — האָט, אַן אָופגעשרויפּ־טער פון זײַן גרויסער האצלאָכע, געפרעגט דער ברוינהעמדלדיקער.

— איך וויל זיך פאָטאָגראַפירן, — האָט דאָס מיידל ווידער געזאָגט דעם עמעס.

— זיך פאָטאָגראַפירן? — זײַנען מיולערס קעלבערנע אויגן שיר ניט אַרויסגעקראָכן פון זייערע לעכער. — צו וואָס זיך פאָטאָגראַפירן?

פאַרשטייט זיך, דאָס מיידל האָט פאַרשוויגן, אַז די פאָטאָ איז איר נייטיק פאַרן פאַלשן „אַרישן" דאָקומענט, וועלכן אַ גוטער־פרײַנט אין שטאָט האָט איר געזאָלט מאַכן.

— אין געטאָ האָבן מיר ניט קיין שפּיגלען. וויל איך זען, ווי איך זע אויס. לאָזן זיך אָן אָנדענק...

— ווי דו זעסט אויס, וועלן אַלע זען! — האָט דער היטלעראָווער צופרידן געפּאַסקנט און אַוועקגעפירט זי צום געטאָ־טויער, פּאַסמאַקעווענ־דיק זיך שוין אונטערוועגנס פון דער האַנאָע, וואָס אים שטייט פאָר.

ער האָט זי טאַקע מיט גרויס האַנאָע אָפּגעשמיסן.

אַף מאָרגן איז דער נאַצישער מעטורעף געקומען זוכן אין געטאָ דאָס „נעכטיקע" מיידל. דער טאַם פון אײַנצייילן איר נאָך אַ פּאָרציע שמיץ האָט, ווײַזט אויס, געצונדן זײַנע געבליטן. ווי אַ באַזעסענער האָט ער זיך געוואָרפן אין אַלע זײַטן, געשריִען, געפאָדערט, מע זאָל אים טייקעף אויפזוכן די פאַרברעכערן, ווײַל איר קומט נאָך שמיץ. נעכטן האָט זי באַקומען פאַרן אַרומשמײַען איבער דער שטאָט. הײַנט וועט זי קריגן פאַרן אַראָפּנעמען די געלע לאַטעס...

דאָס מיידל האָט אָבער ניט געוואַרט אַף אַ צווייטער באַגעגעניש מיטן „אַדעליקן" פּאַשיסט. אָן אַ פאָטאָ, אָן אַ דאָקומענט האָט זי זיך אַרײַנגע־וואָרפן אין קעסלגרוב פון דער „פרײַער" שטאָט.

## אַ דיאַלאָג באַנאַכט

— מע שיסט!

— שוין צײַט זיך צוגעוווינען. ס'איז דער אַקאָמפּאַנעמענט פון אונדזער לעבן.

— אַקאָמפּאַנעמענט... אַ שיינער אויסדרוק. ווייסט, דו ביסט ניט נאָר אַ ווילער יאַט. דו ביסט אַ פּאָעט. ווידער שיסט מען! ניין, כ'קאָן ניט מער! ס'איז אַזוי שווער זיך צוגעוווינען צום דאָזיקן אַקאָמפּאַנעמענט. זאָג, דאָס שיסט מען סטאַם אַזוי?

— אַוואַדע. סטאַם אַזוי. די וואַכלײַט באַם צוים פאַרווײַלן זיך. אַזאַ צײַט־פאַרטרײַב.

— טאָ פאַרוואָס איז דײַן האַנט קאַלט, ווי אײַז, און די פינגער דײַנע צוקן?

— דערפאַר איז הייס מײַן האַרץ. זײַן ציטער גיבן איבער מײַנע פינגער.

— דו ביסט אַן עמעסער פּאָעט.

— דאָס וועט יעדערער ווערן לעבן דיר. אפילו אין געטאָ.

— דערמאָן ניט די געטאָ. פארגעס זי. וואָס פאר א וווּנדערלעכע, אויס־געשטערנטע נאכט! דערציי, דערצייל, וועגן וואָס דו ווילסט. ווי שטענ־דיק. דו קאָנסט דאָך איבערדערציילן גאנצענע ביכער. און הײַנט שווײַג־סטו. ווילסט אוועקגיין?

— וואָס רעדסטו! ווען איך שווײַג לעבן דיר, נעמען מײַנע געפילן...

— ששש־א... מע גייט.

— האָב ניט מוירע. מיסטאמע אזא פּאָרל, ווי מיר.

— אזא פּאָרל... כ׳הער, מע זוכט א זײַטיק ווינקל אין הויף. אזוי, ווי מיר... וואָס האָסטו צוגעטראכט? זיך קושן? דאָס איז צופיל.

— צופיל?

— יאָ. מע טאָר ניט.

— מע טאָר ניט?

— מע טאָר ניט, כאָטש איך טראכט אָן אנדערס מאָל, אז אָט, כ׳וועל שטארבן, ניט האָבנדיק פארזוכט דעם טאם פון לעבן... זאָג, מיר וועלן אויך אומקומען? אונדז וועט מען אויך צופירן צו דער גרוב, הייסן זיך אויסטאָן און דערשיסן? פארגראָבן אין דער פײַכטער ערד... ניין! ניין!

— מיינסט, אז איינע איז באשערט שטארבן, און די אנדערע — ניט?

— שרעקסט מיך?

— ניין. מע דארף בלויז זײַן גרייט אף אלץ. מיר זײַנען אין געטאָ.

— ווידער געטאָ. קוק, סארא הימל! שטערנדלעך ווינקען אונדז צו... א הונט בילט. ערגעץ ווײַט־ווײַט הינטערן שטעכדראָט... כ׳בין מעקאנע...

— דעם הונט?

— פארשטייט זיך, ניט אים. נאָר פויגלען בין איך אָפּט מעקאנע. זיי טוען א פאָכע מיט די פליגלען, פארשווינדן... ווי מיינסטו, מאָרגן וועט קיין שלעכטס אונדז ניט געשען? אוי, מע שיסט ווידער! פארוואָס שווײַגסטו? ביסט מיד? עפּשער הונגעריק? מ׳האָט דיך געשלאָגן אף דער ארבעט?

— כ׳האָב דאָך געזאָגט, אז איך שווײַג אזוי גערן לעבן דיר.

— הייסט עס, אז איך דארף מיטשווײַגן. און כ׳בין אזא פּלאפּלערקע.

— א זיס מיידל ביסטו.

— הער אוף! כ׳פארבאָט קושן אפילו די הענט. וואָס בין איך, זאָלסט מיט מיר טאָן, וואָס דו ווילסט?

— א זיס מיידל ביסטו, און זײַ וויסן — כ׳ליב... ביז דער סאמע גרוב...

— ווידער גריבער...

— זײַ מויכל. מיר איז דאָס הארץ ניט רויק. זאָג, אײַערע וואכלײַט שטייען צו צו שיינע מיידלעך? אוואדע קוקן זיי דיר נאָך.

— איך האָב ניט מוירע. זייערע ראסן־געזעצן פארבאָטן דאָך... ווי הייסט עס בא זיי — ראסנשאנדע...

— געזעצן... דאָרט, ווו כ׳האָב הײַנט געארבעט... א וואכמאן האָט אויסגעקליבן דאָס שענסטע מיידל און ערגעץ אוועקגעפירט. צוריקגעקו־מען איז ער אליין. האָסטו דיר ראסנשאנדע!

— אַט פאַרוואָס דו שווײַגסט.
— מעגלעך, אַז דערפֿאַר.
— האָב ניט מוירע. מיט מיר וועט אַזױנס ניט געשען. איך וועל...
— וואָס ווײסטו? וואָס? אַט, ווען איך בין אַן אָדלער! ווײסט, ווי ער טראָגט אַרויס זײַנע קינדער פֿון געפֿאַר? נעמט אַרײַן זײַנס אַן אויפֿל אין שנאָבל, טוט אַ פֿלאַטער הויך־הויך.
— ששש־אַ, שטילער רייד. שטילער... און לאָז, כ׳וועל דיך אַ קוש טאָן. צום ערשטן מאָל. נאָר ניט צום לעצטן. הערסט, ניט צום לעצטן! און איצט — געלאָפֿן! מע פֿאַריגלט די טירן. מירן זיך טרעפֿן מאָרגן?
— לאָמיר האָפֿן.
— ס׳וועט ניט זײַן קיין אַקציע?
— לאָמיר האָפֿן.
— מירן בלײַבן לעבן?
— לאָמיר האָפֿן.
— אַ גוטע נאַכט.
— אַ גוטע, גוטע נאַכט.

## דער דאָקטער פֿון פֿאַרווערטע כאַלאַסן

„איך בין געשטאַנען פֿאַר אים אויסגעצויגן, מיט אַ הוילן קאָפּ, די הענט אַראָפּגעלאָזט, דאָס היטל — אין דער רעכטער — אַזוי, ווי ס׳איז אונדז באַפֿוילן שטיין פֿאַר זיי. און ער איז בעהאַרכאָווע געזעסן באַם שרײַבטיש אין זײַן קאַבינעט — אין אַ בלאַנק־זויבערן, זאָרגעוודיק אויסגעפּרעסטן מונדיר, אַ יונגיטשקער, אַן אויסגעכאָליעטער, און מיט ביטל געקוקט אויף מיר.
— וויפֿל טיפֿוס־פֿאַלן האָט איר פֿאַרצייכנט אין געטאָ? — האָט ער געפֿרעגט, פֿאַרײַסנדיק דעם קאָפּ. זײַן נערוועז פּײַקלען מיט די פֿינגער אין טיש האָט באַטײַט, אַז ער וואַרט אויף אַן ענטפֿער.
— קיין איינעם ניט, הער שאַרפֿיורער! — האָב איך געענטפֿערט.
איז ער אויפֿגעשפּרונגען און, טוענדיק אַ זעץ מיט דער פּויסט אין טיש, אויסגעשריִען:
— זאָגסט ליגן!
ער האָט מיך געדוצט, כאָטש לויטן עלטער האָב איך אים געקאָנט אָנגיין פֿאַר אַ טאַטן, און ווערדליק דעם מעדיצינישן וויסן און פּראַקטיק, — פֿאַר זײַנעם אַ פּראָפֿעסאָר.
— זאָגסט ליגן! — האָט ער געשריִען. — אויף דער אַרישער זײַט פֿונעם זעלבן וועליאַנער געסל האָבן מיר פֿאַרצייכנט עטלעכע פֿאַלן פֿלעק־טיפֿוס. ווילסטו מיר אײַנריידן, אַז אין געטאָ איז ניטאָ, אין געטאָ, וווּ מע הונגערט, וווּ מע לעבט אָן זייף, אָן אַ באָד, וווּ ס׳איז קאַלט, און ענג, און שמוציק...
— ניטאָ, הער דאָקטער, הער שאַרפֿיורער־דאָקטער, הער אײַנזאַץ־פֿיר־

רער, — האָב איך אים ווידער דרייסט געענטפערט, נאָר אין די טיטלען פונעם דאָזיקן יונגלינג האָב איך מיך פארפלאָנטערט. — אונדזער סאני־טארע דינסט איז אף דער וואך. די הינט און קעץ, די עפּידעמיע־טרעגער, האָבן די הערשאפטן אויסגעשאָסן אין געטאָ...

בא אָט די ווערטער מיינע האָט דער דייטש א שמייכל געטאָן. אוואדע איז אים פאר די אויגן אופגעשווומען דער בעסמעדרעש אין געטאָ, ווו די וואכלייט האָבן צונויפגעוואָרפן די געשאָסענע הינט און קעץ, „זיי זאָלן דאוונען צום יידישן גאָט״... פילנדיק, אז די שטימונג פונעם דייטש לייטערט זיך, האָב איך זיך דערוועגט פרעגן:

— פילייכט, צוליב אלגעמיין־סאניטארע מאָמענטן, פארשטענדלעך, וועט דערלויבט ווערן באערדיקן די געשאָסענע פירפיסיקע?

האָט דער דייטש מיך אנטשיידן איבערגעהאקט:

— אויסגעשלאָסן! דאָס קומט ניט אין באטראכט! אזוי לאנג, ווי די דאָזיקע טויטע פארנעמען אין דער סינאגאָגע איערע פלעצער, זיינען מיר זיכער, אז איר וועט זיך דאָרט ניט פארזאמלען, ניט דאוונען, ניט קריכן צו איער גאָט יעהאָווא... איער פליכט איז ארבעטן! צוליב דעם לעבט איר. און איך וואָרן: אויב איך וועל אנטדעקן בא איך איין טיפוס־פאל, ווערסטו בא מיר אופגעהאנגען דער ערשטער!

— כ׳בין גרייט צו הענגען, הער שארפיורער! — האָב איך מיליטעריש אָפּגעראפּאָרטירט מיין דירעקטן שעף. און דאָס האָט געווירקט, ווי א קישעף״.

כ׳האָב דאָ איבערדערציילט דאָס, וואָס מיר האָט געהאט פארטרויט דער אינפעקציאָניסט, דאָקטער מ.ב., וואָס איז געווען באשטימט פארן פאראנטוואָרטלעכן פאר דער סאניטארער לאגע אין געטאָ.

איך זע אָפּט דעם דאָזיקן מענטשן. א הויכער, סוטולעוואטער, שטעלט ער ברייטע טריט, פאָכעט באם גיין מיט די לאנגע הענט, ווי רודערנדיק אינעם לעבנס־שטראָם.

איך ווייס: ער גייט צו זיינע געהיים געהאלטענע כאלאָים, וועלכע קרענקען אף די פארווערטע אין געטאָ כאלאסן. ער האָט ווי „אראָפּגעלאָזט אין אונטערערד״ בויך־טיפוס און דיזענטעריע, דעריקער דעם טויט־געשפּענסט פון אלע לאגערן — פלעק־טיפוס. איך ווייס זיין מעטאָד אין אזוינע פאלן: ער צווינגט די שכיינים און די אייגענע פונעם פארשלאפטן פארלאָזן דאָס צימער, באפרייען אים פארן קראנקן ביזן „קריזיס״. באם כוילע לאָזט ער איבער א צעטל מיטן דיאגנאָז: „גריפּ״ אָדער „מאָגן־גריפּ״, צי גאָר „לונגען־אָנצינדונג״.

איך זע אים, דעם דאָקטער, שפּאנען איבער די געסלעך מיט אן אופגעהויבענעם קאָפּ. דער אויסדרוק פונעם פּאָנעם גיט אָבער אויס די אומרויקע מאכשאָווע, וועלכע מאטערן דעם מענטשן. מעגלעך, אז ער האָט באקומען א ביסל אספּירין, דאָס איינציקע הייל־מיטל, וואָס מע ווארפט אמאָל צו דער געטאָ. מאכט ער זיך כעזשבוינעס, וויאזוי אים גערעכט צו פארטיילן, וועגט אָפּ אין די געדאנקען, וועמען פון די קראנקע איז די רעפּוע צום נייטיקסטן. און עפּשער טראכט ער וועגן א נייעם פאל פון א

פארוווערטן כאלאס, וועלכן ס'איז באזונדערס שווער צו האלטן בעסאַד? עפּשער איז גאָר אומעגלעך צו איזאָלירן דעם כוילע און ס'דראָעט א געפאַר, אז אנדערע זאָלן זיך אָנשטעקן און דעם סאַד ארויסגעבן?

דער דאָקטער גייט ארום איבער דער געטאָ אויך באנאכט. אים איז עס דערלויבט. גאָר אָפט, ווייסן מיר, טרעפט א קויל אזוינע ארומגייער, איידער זיי באוויַיזן צייַגן דעם אָנקומענדיקן וואכמאן זייער דערלויבעניש „פריַי זיך באוועגן צו יעדער צייַט".

דער דאָקטער פארמאָגט א זעלטענעם זיקאָרן. אין אים טראָגט ער די אדרעסן און נעמען פון די געהיים געהאלטענע קראנקע. ער ווייסט גענוי די צעוואָרפענע ערטער, ווו עס טליִעט דאָס פיַיער פון טויט־סאַקאָנע. דאָ און דאָרט פארלעשט ער דעם אויסברוך פון א סרייפע. ניט שאנעווענדיק זיך, שטעלנדיק אין געפאר זיַין אייגן לעבן, באהאלט ער אויס די קראנקע, פאר וועמען די פאשיסטן האָבן איין טרופּע — א קויל.

אין צענטער פון דער געטאָ אף א טליִע וויגט דער הארבסטיקער ווינט א געהאנגענעם. כ'האָב געזען דעם דאָקטער פארבייַגייַן די טליִע. ער האָט אינסטינקטיוו אריַינגעצויגן דעם קאָפּ אין אופגעשטעלטן קראגן פון מאנטל. כ'קען דעם דאָקטער פון פריִער און ווייס, אז פאר דער מילכאָמע פלעגט ער אין די גרעסטע פרעסט ארומגיין אף דער טעריטאָריע פון שפּיטאָל אין איין כאלאט, אָן א היטל, ניט מוירע האָבנדיק זיך צו פארקילן. דעריבער קאָן איך איצט אָן קווענקלעניש זאָגן: ניט פון ווינט און ניט פון קעלט האָט ער זיך געשיצט. אין אָנבליק פון דער טליִע האָט ער אוואדע א טראכט געטאָן וועגן דער דראָונג, וואָס איז געפאלן אף זיַין אדרעס: „אויב איך אנטדעק אין געטאָ איין טיפוס־פאל, ווערסטו אופגעהאנגען!"

איין פאל... ער באהאלט עטלעכע צענדליק. נעמט דער דאָקטער שפּריַיזן נאָך האסטיקער, אנטשלאָסענער פאָכען מיט די הענט, ווי באשיצנדיק זיך פון עמעצן. מעגלעך, אז ער האָט א טראכט געטאָן וועגן זיַין פרוי און זייערע צוויי קינדער, צי וועגן דעם, אז די היטלעראָווצעס פארניכטן, לויט זייער אויסדרוק, „ראזירן אָפּ פון דער ערד־אויבערפלאך" גאנצע באראקן מיט קריגסגעפאנגענע, צווישן וועלכע עמעצער ווערט קראנק אף פלעק־טיפוס. און עפּשער האָט אפּסניַי אופגעפלאמט אים פאר די אויגן די סרייפע פונעם געטאָ־שפּיטאָל, וועלכן די ראָצכים האָבן גלייַך נאָכן אופשטעלן דעם צוים פארברענט צוזאמען מיט אלע קראנקע און מעדיציניש פערסאָנאל? געטאָן האָבן זיי דאָס מיטן אויסרייד, אז אין שפּיטאָל זיַינען פאראן אָנשטעקנדיקע כאלאָיִם. דאָס איז געווען א געמיינער ליגן. אָבער איצט זיַינען דאָך בעעמעס פאראן אזוינע אין געטאָ.

און ווידער עפנט דער דאָקטער די טיר פון זיַינעם א כוילע אף „לונגען־אָנצינדונג". דאָס שטיבל איז ליידיק פון מענטשן. די טיר איז שטענדיק אָפן פאר אים און דער קראנקנשוועסטער, וואָס קומט (קלאָר, אָן א כאלאט) דעזשורען. דער דאָקטער, וואָס קעמפט קעגן אָנשטעקנדיקע קראנקייַטן, האָט אָנגעשטעקט מיט מעסירעסנעפעש זיַינעם א יונגן קאָלעגע און עטלעכע מעדיצין־ארבעטערנס.

— נאָר אין איין אָרט איז דאָס טיפּוס־פֿײַער געווען שטאַרקער פֿון אונדז און געבערעגט דאָרט בײַ פֿיר כאַדאָשים, פֿאַרכאַפּנדיק אַ צאָל נײַע מענטשן. אָבער לעסאָף האָבן מיר אויך אים פֿאַרלאָשן קימאַט מיט די הוילע הענט, — האָט בײַ אַ געלעגנהײַט מיר פֿאַרטרויט דער דאָקטער.

איך ווייס, אַז איינער פֿונעם דאָקטערס קאַמפּס־דעוויזן איז געווען: זויבערקײַט! מיר דוכט אָבער, אַז דעם מעדיציניִשן זיג האָט פֿאַרזיכערט אַ באַזונדער מין זויבערקײַט — נעשאָמע־ריינקײַט.

## ראָשע־לאָשן... מאַמע־לאָשן...

ס׳באַווײַזן זיך די ערשטע צוריקגעקומענע מענטשן פֿון דער אַרבעט און באַלעבן די האַלב־אויסגעשטאָרבענע געסלעך. מע גייט, מע שפּאַנט איבער די שמאָלע, קרומע און לאָמע טראָטואַרלעך און נאָך מער — איבערן ברוק, וועלכער איז צוליבן פֿאַרבאָט פֿון יעטווידן טראַנספּאָרט אײַנגאַנצן פֿרײַ פֿאַר פֿוסגייער. אַלע אײַלן: ווער — אין זײַן ווינקל אַף נאַכטלעגער, ווער ס׳נוצט אויס די געלעגנהײַט, וואָס מע באַוועגט זיך אין געטאָ, צוצוכאַפּן זיך מיט וויניקער ריזיקע צו אַ פֿרײַנט, צו אַ באַקאַנטן. באַטאָג וואָלט מען ניט געוואַגט אַרומשפּאַצירן.

ס׳איז האַרבסט. אַ ווינט, פֿאַרכמורעט ווי דער גאַנצער אַרום, פֿאַרטרײַבט די מענטשן אין זייערע אָפּדעכער. דעריבער האָט נאָך מער געקאָנט פֿאַרווונדערן דאָס, וואָס אינמיטן גאַס, אַפֿן ברוק האָבן זיך פֿאַרהאַלטן אייניקע מענטשן און זיך גאָר אַרײַנגעלאָזט אין אַ שמועס.

אַן אָפּגעריסענער, אָפּגעשליסענער מאַנצבל, איבערגעגאַרטלט מיט אַ שטריק, מיט אַ בינטל שפּענער אונטערן אָרעם, האָט איבערגעיאָגט אַ פּאָרפּאָלק, וועלכן ער איז אַ ווײַלע נאָכגעגאַנגען, און געזאָגט מיט פֿאַרוווּרף:

— שעמט איר זיך ניט? שעמט איר זיך ניט ריידן אַף דעם ראָשע־לאָשן? דאָ, אין געטאָ?! די שפּראַך פֿון די, וואָס האָבן געשענדעט די מענטשהײַט!

געזאָגט און מאַמעש געציטערט פֿונעם געהאַמעוועטן צאָרן.

דאָס אָפּגעשטעלטע פּאָרפּאָלק — ביידע שוין ניט קיין יונגע, לויטן אויסזען, אינטעליגענטע מענטשן, מיט אַ שטעמפּל פֿון גרויסשטאָטישקײַט אַף זייער הוילעך. ער — אין אַן אָפּגעטראָגן, נאָר זויבערן מאַנטעלע, אין פּעדאַנטיש אויסגעפּרעסטע הויזן. זי — טונקל געקליידט, מיט אַ שוואַרצן קאָפּטיכל, פֿון אונטער וועלכן ס׳האָט זיך אַראָפּגערוקט אַפֿן שטערן אַ זאָרגעוודיק אײַנגעלייגטער גרוילעכער לאָק. די געלע, פּינקטלעך אַרומגענייטע מאָגנדאָווידס — נײַע, בלאַנקעדיקע, מיט דער דײַטשישער אויפֿשריפֿט „יודע״. דאָס פּאָרפּאָלק איז געווען איבעראַשט, ניט געוווּסט צי גאָר ניט געהאַט וואָס צו ענטפֿערן דעם שטרענגן באַשולדיקער.

דערפֿילנדיק עס, איז דער מאַנצבל, וואָס האָט זיי פֿאַרהאַלטן, נאָך אַזעסדיקער אַרויס אין אָנגריף:

— איר וועט געוויס באלד אָנהייבן זיך פארטיידיקן: קולטור, ציוויליזאציע... יאָ, אײַערע שאַנד־לאטעס שפּיגלען אָפּ זייער גאנצע קולטור און ציוויליזאציע... געגנוג מיט דער שפּראך, אף וועלכער עס ריידן די נידער־טרעכטיקסטע ברוּזים...

אויסערלעך אײַנגעהאלטן, פארבייגנדיק זיך מיט אָפּשײַ, האָט דער דײַטש־ריידנדיקער מאנצבל זיך פארענטפערט:

— אנטשולדיקט, ביטע. מיר זײַנען פליכטלינגע, „פּליטים״, ווי איר זאָגט, פון דײַטשלאַנד...

— אזוי גאָר, — האָט זיך אָנגעצונדן דער מאן מיטן בינטל שפּענער אונטערן אָרעם, — אויב אזוי, וואָלט איר באדארפט נאָך מער האסן... פילט איר ניט, אז יעדעס ארויסגעזאָגטע וואָרט אף אָט דער שפּראך שניידט דאָס הארץ, ווי מיט א מעסער? איך קאָן זיך ניט מוחל זײַן, וואָס איך בין יאָרנלאנג געווען א לערער פון דער דאָזיקער שפּראך, פארשאָלטן זאָל זי זײַן, פארשאָלטן די, וועלכע באנוצן זי, לעווילעם־וואָעד!

עפּנטלעך לאָזן פאלן אזוינע רייד איז געווען א סאקאָנע. ס׳זאָל דער־הערן אן אומפרײַנט, קאָן עס קאָסטן דעם קאָפּ. נאָר קיינער האָט זיך פון אָרט ניט גערירט. די פרוי איז געשטאנען א טויט־בלאסע, א פאר־גליווערטע. בא איר מאן האָט געצוקט א פּלייצע. די דאָזיקע אינסטינק־טיווע באוועגונג האָט אים ווי געשטויסן ריידן, זיך פארענטפערן. אפן האלבן קאָל, מיט אן אינערלעכן ציטער האָט ער דערקלערט:

— דאָס איז דאָך... ס׳איז די שפּראך פון געטע און שילער.

די־אָ ווערטער האָבן געווירקט אפן געוועזענעם לערער פון דײַטש ווי אופרײַס־שטאָף.

— וואָס מיר געטע, וואָס מיר שילער! — האָט ער ארויסגעפּלאצט, אזש אופשפּרינגענדיק. — וואָס זײַנען זיי ווערט, אויב זייערע אייניקלעך קאָ־נען טאָן דאָס, וואָס זיי טוען! פאשיזם, ראסיזם... ראסן־געזעצן... מאָרד־באפעלן... און אלץ אף אָט דער שפּראך!

— ביטע, אנטשולדיקט, ביטע, — האָט זיך געבעטן דער פּאָליט פון דײַטשלאַנד. — פארשטייט אונדז, פארשטייט. ס׳איז די שפּראך פון געטע און שילער, פון היינע און אײַנשטיין... ס׳איז אונדזער מוטערשפּראך. אויב איר ווילט, איז עס די מוטער פון אײַער שפּראך, פון אײַער יִדיש, פון אײַער, ווי איר זאָגט, מאמע־לאָשן...

מאָדנע ווייך, מאָדנע צארט האָט אופגעקלונגען אין זײַן מויל דאָס וואָרט „מאמע־לאָשן״. די נעמען פון די דערמאָנטע גרויסע מענטשן האָט ער ארויסגעבראכט מיט א קענטיקן יִיראס־האקאָוועד. אין זײַן שטים האָט זיך דערהערט אן אינטאָנאציע, וואָס האָט צוגעגעבן די ווערטער א טיי־פערן זין.

דער לערער פון דײַטש איז געווען ווי דערשיטערט און לאנג געשוויגן.

— מוטערשפּראך... מאמע־לאָשן... — האָט ער לעסאָף גענומען שטאמ־לען.

דער וויקועך איז איבערגעריסן געוואָרן.

א נײַ־אָנגעלאָפּענער כוצפּעדיקער ווינט האָט אראָפּגעשטויסן די דרײַ מענטשן פון אָרט און אוועקגעטריבן אין איין ריכטונג, לענגויס דער גאַס. דער געוועזענער לערער, אַן ארומגעגארטלטער מיט דער שטריק, צודריקנ־דיק צו זיך דאָס בינטל שפּענער, האָט זיך אוועקגעטראָגן פאָרויס. דאָס פאָרפאָלק איז אלץ מער אָפּגעשטאנען, האָט אלץ מער זיך דערווײַטערט פון אים.

## קינע

ס'איז ניט קיין שיינע מידע — קינע. אָבער אַן אייגנטימלעכע דעם מענטש.

אין יענע, ווי אונדז דאכט זיך איצט, ווײַטע צײַטן, ווען מיר זײַנען געווען מיט לײַטן גלײַך, האָט עס אויסגעזען בעדערעך־האטעווע, אויב עמעצער איז מעקאנע געווען א צווייטן אף ווילשטאנד אָדער האצלאָכע, שאָלעם־באַיִס אָדער געראָטענע קינדער. קינע בא שרײַבער, קינסטלער, ארטיסטן האָט מען באטראכט שיר ניט ווי א געווונטשענע דערשײַנונג. „קנאת סופרים תרבה חכמה"[1], — האָט פעסטגעשטעלט א ווערטל פון קאדמוינים.

פּארמעגן, האצלאָכע, שאָלעם־באַיִס, שעפערישע דערפאָלגן... וועמען גייט דאָס אלץ אָן הײַנט? מיר טאָרן קיין זאך ניט פּארמאָגן, אונדזער פאמיליע־לעבן הענגט אף א האָר, מע צעשיידט פרויען פון מענער, ס'איז פארבאָטן צו געבוירן קינדער. שעפערישע טעטיקײַט איז פארווערט... האָט שוין בעמיילע דאָס נאטירלעכע, דאָס מענטשלעכע קינע־געפיל בא־קומען נײַע מאָסן.

אָט: אַן עמעסער פארמעגן איז בלאָנדע האָר, העלע אויגן, א פאריסן נעזל — א „גוטער אויסזען" — דאָס איז הײַנט עפעס ווערט. און צום „גוטן אויסזען", אויב מע האָט נאָך א גוטע ליטווישע אויסשפּראך! אזא איינעם איז מען טאקע מעקאנע: „אָ, ווען איך זע אויס אזוי!"

און אז מע טרעפט דאָ א בלאָנדע פרוי (איבערהויפּט טאקע — א פרוי), קומט אוף ניט ווילנדיק די פראגע: „וואָס זיצט זי אין געטאָ?"

און וואָס וואָלסטו געטאָ, מענטש איינער, אף איר אָרט?

פאראן אף דעם א גרייטער ענטפער: „כ'וואָלט ריזיקירט, געלאָפן, ווו די אויגן טראָגן, געזוכט מענטשן, עמעסע מענטשן, געלאָפן אין וואלד"...

ניט שיין, ניט פארמעגלעך, ניט גליקלעך (וואָס איז גליק אין געטאָ?) דארף מען דאָ זײַן, נאָר בלאָנד, העל־אויגיק. ווער עס האָט א „גוטן אויסזען", קאָן זיך דערלויבן טרוימען, האָפן, אז ער וועט זיך ארויסרײַסן פונעם קלעם. ער קאָן כאָוון דאָס געפיל, אז ער איז ניט אינגאנצן אנט־

[1] קינאס סאָפרים טארבע כאָכמע — דאָס אייפערן בא שרײַבער פארמערט כאָכמע.

וואָפנט. אף דער „ארישער זײַט" וועט מען אים ניט דערקענען, ניט פארהאלטן, ניט איבערגעבן געסטאפּאָ. מיט אן אילוזיע איז לײַכטער.

צו די, וואָס זיצן אין געטאָ, האָבנדיק א „גוטן אויסזען", קומט מען אפילע מיט פּרעטענזיעס, האלעמײַ זיי שטעקן הינטערן צוים.

ס'איז לײַכט צו מאכן פאָרוווּרפן יענעם. מעגלעך, אז די „גוט אויס־זעענדיקע" מאכן זיך אליין פאָרוווּרפן, וואָס זיי פּרוּוון ניט, וואגן ניט. מאשמאָעס, אז די אויסערלעכע הילע איז נאָך ניט אלץ. צום „גוטן אויס־זען" דארף מען נאָך עפּעס. מוט? דרייסטקײַט? העפקערישן, קאָפּברעכע־רישן אוואנטיוריזם?

עס דאכט זיך, אז זיי, די „גוט אויסזעענדיקע", זײַנען מעכויעוו צו ריזיקירן מיטן קאָפּ (וואָס איז דאָ צו פארלירן?), מעגן ריזיקירן מיט די סאמע נאָענטסטע (בא אונדז גילט, ווי באוווּסט, קאָלעקטיווע אכרײַעס אין פאל, אויב מע ווערט געכאפּט). זיי טאָרן ניט בלײַבן גלײַכגילטיק און לאָזן ניט־אויסגענוצט זייער גרויס פארמעגן — דעם „גוטן אויסזען".

מע איז מעקאנע אין געטאָ מענטשן מיט בלאָנדע האר און העלע אויגן.

## ס'ברענט דאָס פײַערל

זי גייט ארום, ווי א קאנאטן־גייערן. זי ווייסט אָבער, אז טאָמער ווערט זי געשטרויכלט, פאלט זי ניט ארוף אף קיין אויסגעשפּרייטער רעטונג־נעץ. אונטער איר איז דער אָפּגרונט.

זי גאנוועט זיך ארויס פון געטאָ דורכן צוים, באוועגט זיך אין שטאָט אָן לאטעס, קלאפּט אין פרעמדע טירן און מאכט מיט איר יידישער אויס־שפּראך פרעמדע מענטשן א לעבנסגעפערלעכן אָנבאָט.

אנומלט איז איר אויסגעקומען צו שפּרינגען דורך א פענצטער און אנטלויפן, בייס דער, ווען זי האָט דעם אָנבאָט געמאכט, האָט זיך גע־כאפּט צום טעלעפאָן... א גליק, וואָס פאָרגעקומען איז עס אפן ערשטן שטאָק און דאָס פענצטער איז מאכמעס דעם ווארעמען וועטער געשטאנען אָפן. הײַנט האָט זי געהאט אָנגעקלונגען אין איינער א טיר און, האלטנדיק נאָך די קליאמקע, דערזען אין קאָרידאָר הענגען א היטלעריסטישע פאָ־ליצײַ־אוניפאָרם. א גליק, וואָס זי האָט ניט באוויזן ארויסצוקומען מיטן לאָשן.

— איך האָב א טאָעס, — האָט זי א מורמל געטאָן און פארקלאפּט די טיר.

נאָכן דערזען די אוניפאָרם האָט דער אימפּעט זי אוועקגעטראָגן אין עק שטאָט, ווו ס'ווינט די אָרעמקײַט. קליינע, אלטע, צו דער ערד צו־געדריקטע שטיבלעך. אין וועלכער פון זיי אָנקלאפּן? אָנקלאפּן בא אזא שעמערירנדיקער זונשײַן און ארופוויייען אף מענטשן א כמארע...

זי זוכט אויס, ווי איר שײַנט, דאָס אָרעמסטע שטיבל.

אן עלטערע ליטווינערן באגעגנט זי אין פירהויז און ווארט אן אומ־צופרידענע, אומגעדולדיקע. נאָך דעם, ווי די אומגעבעטענע אוירעכטע

זאָגט, אז זי איז הונגעריק, מיד פון וועג, עפנט די ליטווינערן אומוויליק די טיר אין קאמער אריַין. די געקומענע אנטפלעקט טייקעף איר סאָד, דעם ציל פון איר באזוך. נעמט די באַלעבאָסטע ציטערן:

— איך קאָן ניט אויסבאהאלטן קינדער. גייט, גייט שנעלער אוועק...

מע וויל פון איר פּאָטער ווערן. מע טרײַבט זי ארויס. די געקומענע פארבינדט פעסטער דאָס טיכל ארום פּאָנעם, פארנעמט זיך צו דער טיר. אין קאָפּ איז א נעפּל. אין הארצן קנוילט זיך א קלאָלע. א קלאָלע, ווי א שטיין, צו ווארפן אין דער וועלט און אין די מענטשן.

„אפן פּריפּעטשיק ברענט א פײַערל, און אין שטוב איז הייס"...— פון הינטערן וועגטל דערטראָגט זיך פלוצעם א דין־דין קעלכל, וואָס ציט אויס אף די העכסטע טענער די באוווּסטע יידישע פאָלקסליד...

א רעגע שטייען ביידע פרויען מיט די בליקן אײַנגעזויגן איינע אין דער צווייטער.

— זײַט געזונט, — זאָגט די יידישע פרוי און גייט שנעל ארויס, גייט, ווי די אויגן טראָגן. לאָזט זיך מיטן קאנאט, וואָס הענגט איבערן טהאָם פון לעבן, און ס׳באגלייטן זי טרייסטנדיקע קלאנגען: „אפן פּריפּעטשיק ברענט א פײַערל"... ס׳ברענט דאָס פײַערל... ברענט און ווערט ניט פארברענט...

## מענטשן און פערד

עס קלימפּערן פּאָדקעוועס אינעם ברוק — צאָק, צאָק...

„רײַטער אין געטאָ!" די דאָזיקע בסורע האָט זיך געטראָגן האסטיקער פארן געמאָסטענעם, איינטאָניקן צאָקען פון די פיר פּאָר פּאָדקעוועס און מענטשנריין געמאכט די געטאָ־געסלעך. אלע האָבן אָנגעשטרענגט דאָס געהער, און דער אָפּהילך פונעם פּאָדקעווּעס־געקלימפּער האָט געפּויקט אין אים — צאָק, צאָק...

די צוויי רײַטער האָבן אוואדע זיך געוווּנדערט: ס׳איז א ווארעמער אָוונט, כ׳יעסדיק־פריש איז די לופט. פון דער ארבעט האָט מען אלעמען צוריקגעבראכט, די פּאָליציי־שאָ איז ווײַטלעך, און די געטאָ איז ווי אויסגעשטאָרבן. האָבן די רײַטער, גיפטיק שמייכלענדיק, געהוידעט זיך אין די זאָטלען. ווען זיי זײַנען ארופגעריטן אפן זאמדיקן שטיקל פּלאַץ פארן הויז פון דער יידישער געטאָ־פארוואלטונג, האָט שוין די פּאָדקעווּעס־פּויקערײַ ניט באוויזן וואָרענען די פארזאמלטע דאָרט מענטשן. איי־בעראשטע, האָבן זיי זיך אופגעפּאָלאָשעט און געפּרווּוט מאכן פליטע.

האָט איינער פון די רײַטער אויסגעשאָסן אין דער לופט און אויסגעשריִען:

— שטיין בלײַבן!

די מענער האָבן, ווי דער דין איז, אראָפּגעכאפּט זייערע היטלען פון קאָפּ און געבליבן שטיין, צוגעקאָוועטע צום אָרט. א ברייערע איז דען געווען? וועסטו פּרווּון לויפן, וועט דער טויט דיך אָניאָגן מיט א קויל.

עפשער, אויב מע וועט ניט דערווידערן, וועט ער באַנוגענען זיך מיט אַ פּוסטער דעמאָנסטראַציע פֿון זײַן איבערמאַכט, און מע וועט אָפּקומען מיט שרעק. אַזוינס האָט שוין פּאַסירט.

טראָט בײַ טראָט האָבן די רײַטער זיך דערנענטערט צום מענטשן־געזעמל. אַראָפּגעשפּרונגען פֿון די זאָטלען, האָבן זיי מיט אַ ווונק צוגערופֿן צוויי מענער — די ווּקסיקסטע פֿון צווישן אַלעמען, זיי געהייסן צוהאַלטן די פֿערד פֿאַר די לייצעס און וואַרטן.

— און איר קאָנט לויפֿן! — האָבן די דײַטשן אַ פֿאָכע געטאָן מיט זייערע רײַט־שטעקלעך צו די איבעריקע.

די מענער האָבן האַסטיק אָנגעטאָן די היטלען, און דער פֿאַרשטאַרטער אוילעם, ווי ווערנדיק פֿון טויט לעבעדיק, האָט זיך צעשאָטן. אויפֿן פּלאַץ זײַנען געבליבן די צוויי טונקל־ברוינע פֿערד, די צוויי מענער, וואָס האָבן זיי געהאַלטן פֿאַר די לייצעס, און אַ שטילער טכילעס־אָוונט.

די רײַטער — אין שטײַפֿע גרינע מונדירן מיט שוואַרצע קראַגנדלעך, אין רײַטהויזן מיט גרינע לעדערפֿאַסן אויפֿן געזעס — זײַנען פֿאַרשוווּנדן אינעם הויז פֿון דער געטאָ־פֿאַרוואַלטונג, לאָזנדיק פֿלאַטערן הינטער זיך די אײמע: „רײַטער אין געטאָ!". וויפֿל מענטשלעכע לעבנס וועט אַוועקנעמען זייער הײַנטיקער באַזוך? זײַנען זיי געקומען איבערגעבן אַ באַפֿעל וועגן אַ נײַער גזירע? צי גאָר הייסן פֿאַרשאַפֿן צירונג, טעפּיכער, טײַערע פּעלצן — פֿאַר זיי אַליין, פֿאַר זייערע ווײַבער און געליבטע? אויך אַזוינס האָט שוין פּאַסירט.

דערווײַל איז געהאַנגען אַ סאָד איבערן הויז, ווו די פֿאַרשטייער פֿון דער מאַכט זײַנען פֿאַרשוווּנדן. די לייצעס פֿון זייערע פֿערד האָבן דערווײַל געהאַלטן פֿאַרקראַמפּט צוויי אסירים, געהאַלטן און געשוויגן, באַנומענע פֿון קאָלערליי ניט קיין פֿרייִלעכע געפֿילן און פֿאַרגעפֿילן.

די פֿערד — מאָדנע שטילע, געהאַמעוועטע — האָבן קוים־קוים אונטערגעשאָקלט מיט די קעפּ און מיט גרויסע אומעטיקע אויגן אַרײַנגעקוקט אין אָוונטיקן כאָלאָל, אין די אומבאַקאַנטע מענטשן, וועלכע האָבן איבערגענומען אַף זיי די שליטע. און זיי, די מענטשן, האָבן אויפֿגעהערט האַלטן אַזוי פֿאַרקראַמפּט די לייצעס. זייערע הענט האָבן זיך אַ הייב געטאָן צו די קעפּ פֿון די פֿערד און גענומען מיט די פֿינגער קעמען די גריוועס, גלעטן די הויט אינעם שניט צווישן די אויגן, וואָס איז בײַ פֿערד פֿון היטלעראָווצעס פּונקט אַזוי סאַמעטן־גלאַט, ווי בײַ אַלע פֿערד אַף דער וועלט.

דערשפּירנדיק צערטלעכקײַט אָנשטאָט דעם דרוק פֿון שאַרפֿע אײַזערנע שפּאָרן, האָבן די פֿערד אויסגעשטרעקט די קעפּ צו די, וואָס טוען זיי וווּל, און פֿאַר האַנאָע אונטערגעסאָפּעט, צומאַכנדיק די אויגן.

דער הימל אָן שטערן און אָן דער לעוואָנע — איין שטיק טונקל־בלוי גלאָז. דער אַרום אָן ליכט און אָן שאָטן — איין פֿאַרגליווערטע גרויִלעכע מאַסע. דאָס הויז, ווו די רײַטער זײַנען פֿאַרשוווּנדן, האָט מיט זײַנע אויסגעלאָשענע פֿענצטער עפּעס איימעפּולס געהאַלטן אין זיך פֿאַרטײַעט. און אויפֿן פּלאַץ פֿאַרן הויז האָבן רעכטלאָזע קנעכט געצערטלט פֿערד פֿון

זייערע הארץ. מענטשן און פערד האָבן אַף א רעגע ווי געפונען איינער באם אנדערן שוץ פון ריַיטער, וועלכע טראָגן אָן דעם געפּאַך פון טויט, ווו נאָר זיי באוויַיזן זיך.

## זיַי מויכל, אלטיטשקע!

מיר לעבן אין איין צימער מיט אן אלטער, איינזאמער פרוי. אַף א בעממעס אויסטערלישן אויפן איז זי בעשאָלעם איבערגעקומען אלע אק־ציעס. גלייביקע האָבן שוין געזאָגט, אז דער זכוס פון איר זיידן, א באַ־ ווּוסטן קאָוונער ראָוו, איז איר ביַיגעשטאַנען... אינדערעמעסן איז איר ביַיגעשטאנען די אָנגעשפּיצטע וואכזאמקיַיט און די פייִקיַיט זיך צו אָריִענטירן בייס א געפאר. זי פלעגט פּאָשעט אויסמיַידן באגעגענישן מיט דיַיטשן.

זי האָט, פארשטייט זיך, ניט געקאָנט ניט באמערקן, אז צו אונדז קומט אָפט אריַין יונגווארג, מע רעדט זיך דורך אין דער שטיל, מע סוידעט זיך אָדער מע גייט ארויס אין דרויסן שמועסן... די אלטיטשקע פלעגט אין אזוינע פאלן אונדז וואכזאם נאָכקוקן. פול מיט כשאד, פאריבל און אפילע רוגזע איז דעמלט געווען איר בליק.

איינמאָל האָט זי זיך ניט איַינגעהאלטן און ארויס מיט א פּאָרוואורף:

— פארוואָס האלט איר סוידעס? אויב איר ווייסט, וואָס עס רוקט זיך אַף אונדז אָן, דארפן עס אלע וויסן.

— וואָסערע, מישטיינסגעזאָגט, סוידעס. און פארוואָס מיינט איר, אז מיר ווייסן מער פון אנדערע אין געטאָ? — האָב איך זיך פארטיידיקט, וויסנדיק, אז מיר האלטן טאקע סוידעס, מיר מוזן זיי האלטן. אָבער וואָס שיַיעך דעם פארדאכט, אז מיר ווייסן וועגן פּאָרשטייענדיקע גזיירעס אָדער נעגישעס, האָט זי פּאָשעט א טאָעס. מיר זיַינען בא דער מיינונג, אז מע מוז זיך אנטקעגנשטעלן די נאציס, און מאכן דעריבער געוויסע אויספירן.

— איך ווייס, איר, יונגע... מיר זיַינען איַיך אן איבעריקע לאסט... — האָט זי אָנגעהאלטן מיט אירע טיַינעס.

— וואָסערע לאסט? — האָט איך געקווטשעט מיט די פלייצעס. — יע־ דערער באשטייט איצט זיַין וועלטל אליין... וואָס קאָן מען טאָן, די ציַיט איז אזא...

— ריזיקירט ניט אַף אונדזער כעזשבן! — האָט זי ארויסגעפּלאצט און איַינגעניורעט זיך בייז אין איר ווינקל.

ס׳האָט מיר א טיאָכקע געטאָן אין הארצן. אוואדע ריזיקירן מיר, אויב מיר טוען עפּעס קעגן די גילטיקע פּאר אונדז „געזעצן״, און ריזיקירן טאקע אפן כעזשבן פונעם קלאל. נאָך קיין מאָל אין דער געשיכטע פון יִדישע ליידן האָט ניט אזוי, ווי איצט, געגאָלטן דער אלטער אויסדרוק: „ישראל ערבין זה בזה״[1]. מיר קאָנען זיך פּאָרשטעלן די שרעקלעכע

[1] יִשׂראָעל אַרייווין זע באָזע — ייִדן זיַינען פאראנטוואָרטלעך איי־ נער פארן צווייטן.

רעפּרעסיעס, וואָס וואָלטן זיך אַ שאָט געטאָן אַף דער געטאָ, ווען מע זאָל אופדעקן, אַז מיר גרייטן זיך צו ווידערשטאַנד, אָרגאַניזירן זיך, זאַמלען געווער, פירן אַ סאַבאָטאַזש־טעטיקייט. ניטאָ קיין קאַמף אָן ריזיקע, אָן קאָרבאָנעס. מיר האָבן דעם קאַמף אָנגעהויבן. דאָס איז, אייגנטלעך, אונדזער סאָד. און זײַ מויכל, אַלטיטשקע, אויב מיר האַלטן אים בעסאָד.

## די סובסטאַנץ פון שרעק

די היטלעראָווצעס איז, בילטי סאָפעק, געווען באַקאַנט די באַהויפּטונג פון אַן איכטיאָלאָג, אַגעוו אַ דײַטש, אַז ווען מע לאָזט אַרײַן אין אַן אַקוואַריום אַן אָפּעריִרטן פיש, נעמען די איבעריקע פון אים אַנטלויפן. אַזוי געשעט אויך, ווען אַ רויבערישע באַשעפעניש פון דער וואַסער־וועלט פאַרוווּנדעט אַ פיש. אין די־אָ פאַלן, איז זיך מעשאַער דער איכטיאָלאָג, צעגייט אין וואַסער אַ געוויסע סובסטאַנץ, וועלכע געפינט זיך אין דער הויט פונעם פאַרוווּנדעטן פיש. די איבעריקע פיש פון זעלבן מין דערפילן די דאָזיקע „סובסטאַנץ פון שרעק" און נעמען זיך באַהאַלטן אָדער אַנטלויפן אין גרויסער פּאַניק.

אינעם געטאָ־שטײַג זײַנען אַרײַנגעטריבן געוואָרן טויזנטער פּסיכיש טראַוומירטע מענטשן. מע האָט בא זיי ניט נאָר אוועקגענומען אַלע רעכט, די היים, האָב־און־גוטס. אײנער האָט פאַרלוירן אַלע זײַנע נאָענטסטע, אַ צווייטער איז אַליין געשטאַנען פּאָנעם־על־פּאָנעם מיטן טויט און נאָר דורך אַ צופאַל ניצל געוואָרן. סײַ באַטאָג, סײַ באַנאַכט — רויבערײַען, מערדערײַען. די לופט דאָ איז בעעמעס אָנגעזעטיקט מיט דער סובסטאַנץ פון שרעק, וואָס פאַרלײַכטערט די היטלעראָווצעס הערשן און פאַרקנעכטן די מענטשן.

געוויס, די סובסטאַנץ פון שרעק טוקט זיך אינעם פּײַנפולן בליק פון דעם פאַרצווייפלטן געטאָ־מענטש. זי איז אָפּגעשטעמפּלט אַף די אויסגעבלייכטע קינדערשע פּענעמלעך און קוקט אַרויס פון זיך לעשנדיקע אויגן פון זקיינים. די סובסטאַנץ פון שרעק פילט זיך אינעם פּאָרזיכטיקן טראָט פון מעיושעוודיקע מענטשן און אַפילע אינעם האַסטיקן גאַנג פון יוגנטלעכע.

צי ווערן מיר אָבער באַהערשט בלויז פונעם אינסטינקט? צי ווערט טאַקע דאָס, וואָס מיר טראַכטן און טוען, דיקטירט בלויז דורכן פּאַכעדגעפיל?

זאָלן מיר נעמען דעם נעכטיקן פאַל מיטן געפונענעם רעוואָלווער בײַם דעם קאָנטראָל באַם געטאָ־טויער. אײנער אַ יאַט האָט אים געפּרוווט אַרײַנטראָגן אין אַ בינטל שפּענער און באַצאָלט דערפאַר מיטן לעבן. דעם רעוואָלווער האָט ער בא עמעצן געקראָגן אין שטאָט, פאַר זיך צי פאַר עמעצן געטראָגן אין געטאָ. דער דאָזיקער בוילעטער פאַל און פילפיל אַנדערע — געווייַנלעכערע, אַלטעגלעכערע — פונעם קאַמף פאַרן קיִעם דאָ דערווײַזן, אַז ניט אַלץ, וואָס גילט פאַר פיש, גילט אויך פאַרן מענטשן.

# אלגירדאס סאוויצקאס

אפֿן געטאָ־בעסאלמען איז נאָך אַלץ געווען פֿאַרבאָטן שטעלן מאציי־
ווען צי מערק־טאָוולען. מע האָט אויך ניט געטאָרט אופֿשיטן אַן ערד־
בערגל אַף די קוואָרים.

אַף איינעם א פרישן קייווער איז אָבער אויסגעוואַקסן א בערגל ערד,
באַפּוצט מיט פעלדבלומען און א שוואַרץ ברעטל מיט א העלער אויף־
שריפט אין ליטוויש: „אלגירדאס סאוויצקאס".

ארויסגייענדיק פון דער האַנאָכע, אַז דער פאַרבאָט מיט עפּעס צו
באַצייכענען די קוואָרים איז כאָל בלויז אַף יידן, האָבן סאוויצקאסעס
פרוי און אירע גוטע־פרײַנט געוואַגט אויוועך זײַן אַף די טאַקאָנעס —
אָנגעשאָטן דאָס בערגל ערד, אוועקגעשטעלט דאָס ברעטל. דאָס איז גע־
ווען דער איינציקער אויסדרוק פון קאָוועד, וועלכן מע האָט געקאָנט
אָפּגעבן דעם ליטווישן מארטירער, וואָס האָט פרײַוויליק פאַרבונדן זײַן
גוירל מיט דער געטאָ און איז דאָ אומגעקומען.

דאָס לעבן פון אָט דעם קוים פיר־און־צוואַנציקיאָריקן מענטשן
איז איבערגעריסן געוואָרן אין איינער א נאַכט אפֿן ברעג פונעם ווויליע־
טײַך. מיט א שטעקן אין האַנט האָט ער באַוואַכט א גאָרטן אפֿן ברעג־
אָפּהאַנג. דעם דאָזיקן וועכטער־פּאָסטן האָט אים די יידישע פאַרוואַלטונג
פון די גערטנער צוגעטיילט מיט א קיוון: ער זאָל פאַרשפּאָרן גיין אין
שטאָט צו שווערער ארבעט, ווו מע קאָן באַגעגענען אומגעוווּנטשענע
טיפּן און זײַן אויסגעשטעלט קאָלערליי געפֿאַרן.

ווי א גאָרטן־שוימער פלעגט סאוויצקאס באַקומען א געוויסן לוין „אין
נאַטור" — קאַרטאָפל, בורעקעס, קרויט, קריגסצײַט, דערצו נאָך פּאָר א
פאַרשפּאַרטן אין געטאָ, איז דאָס געווען אַן עמעס גליק. איז ער נאַכט־
אײַן, נאַכט־אויס געגאַנגען אויספילן זײַנע פליכטן — היטן די גערטענער.

לענגויס דעם ווויליע־ברעג האָט ארומגעשפּאַנט א צווייטער שוימער —
איינער פון דער געטאָ־וואַך, איינער פון די ליטווישע אויסוווּרפן, וואָס
זײַנען אוועק דינען היטלערן.

שטייען צוויי שוימרים אַף זייערע פּאָסטנס: איינער אוניפאָרמירט, מיט
א ביקס אַף דער פּלייצע; דער צווייטער — מיט א שטעקן און געלע לאַ־
טעס אפֿן צעטראַמפּלטן בעגעד. איין אויסגעשטערנטער הימל איבער
זייערע קעפּ, די זעלבע ערד, די ערד פון ביידנס היימלאַנד, אונטער די
פיס.

פּאַמעלעך ציט זיך די צײַט. דעם, וואָס מיטן געווער, ווערט לאַנגווײַ־
ליק. זוכט ער א פאַרווײַלונג. און וואָס קאָן איצט זײַן ציקאַווער, ווי א
כויזעק טאָן איבערן שוימער מיטן שטעקן? איז ער גיט פויל, קריכט ארויף
דעם ברעג־שיפּוי און פאַרפירט א שמועס:

— נו, יאַנקל, לעבעדיקע סטראַשידלע! טראַכסט נאָך לאַנג צו שרעקן
סאָראָקעס מיט דײַן פלאָקן?

— בעסער זײַן א סטראַשידלע פאַר סאָראָקעס, איידער...

— זע נאַר, זע, ווי דײַן צונג מאָלט עס א פּײַנעם ליטוויש. גאָרניט, ווי א יאנקל.

— ס'איז מײַן שפּראך.

— ליטוויש? א ליטווינער?

— א ליטווינער!

— א ליטווינער אין געטאָ! אזא שאנד!

— איך בין דאָ מיט די גערוידעפטע, מיט די אומשולדיק פארפאָלגטע, מיט מײַן ייִדישער פרוי און אונדזער קינד. א שאנד איז דאָס, וואָס דו טוסט. א פלעק אף אונדזער פאָלק.

— און דו וואגסט נאָך, ייִדנקנעכט! — צעריטשעט זיך דער וואכמאן און כאפּט זיך צו דער ביקס.

ס'קנאלט אוף א שאָס, א צווייטער. דער גאָרטן־שומער פאלט, און זײַנע מוירעדיקע געשרייען רודערן אוף די נאכט־שטילקײַט.

דערהערט די שיסערײַ, די געשרייען פונעם פארוווּנדעטן, זײַנען גע־קומען צו לויפן סאוויצקאסעס פרוי, שומרים פון די שכיינעסדיקע גער־טענער. דער מערדער, פארציִענדיק דעם רויך פון א סיגארעט, איז גע־שטאנען מיט דער גרייטער ביקס לעבן זײַן קאָרבן און קיינעם ניט צוגע־לאָזט, געוואַרט, דער מענטש זאָל אָפּגיין מיט בלוט.

ערשט דאן האָט ער ארופגעוואָרפן די ביקס אף דער פּלייצע און אוועק זיך מיטן ברעג, וועלכן ס'האָבן שטיל געשווענקט די טונקעלע וואסערן פון דער סוידעספולער ווילייע.

## דעם פארבינדלערס מוטער

נאָכאנאנד בלאָנקעט זי ארום באם צוים: אינדערפרי, באטאָג, אין אָוונט, אויסקוקנדיק עמעצן. ווען די בריגאדעס קערן זיך אום פון דער ארבעט, איז זי לעבן דעם טויער: עפּשער וועט דער זון זיך באווײַזן.

אלע אירע אייגענע זײַנען אומגעקומען. געבליבן איין זון — א קרעפּ־טיקער יונג, אן אָנשפּאר און די איינציקע טרייסט פון דער מוטער. זי איז געווען זיכער, אז ניט דער הונגער, ניט די קאטאָרגע־ארבעט, ניט אלע אנדערע פּלאָגן וועלן אזא איינעם ניט אײַנברעכן. ער וועט גויווער זײַן אפילע דעם טויט און בלײַבן לעבן אפצולאָכעס אלע סאָנים. איצט איז ער אָבער פארשוווּנדן. מיט דער האסקאָמע און בראָכע פון איר, דער מוטער, איז ער פון שטוב ארויס און צוזאמען מיט אנדערע פינף יאטן אוועק זוכן פארטיזאנער, קעדיי שפּעטער צו פארבינדן זיי מיט די קעמפער פון דער געטאָ.

אזוי איז ער געוואָרן אן אויסשפּירער, א שאָליִעך, א פארבינדלער.

דאָס אלץ האָט מען ניט געהאלטן בעסאָד פון דער מוטער, כאָטש אף די געהיימע באראטונגען, וואָס זײַנען פאָרגעקומען אין איר קעמערל, איז זי ניט בײַגעווען. זי פלעגט דעמלט ארויסגיין פון שטוב און וואכן אף דער גאס, אופמערקזאם נאָכקוקנדיק איטלעכן פארבײַגייער...

זיי זײַנען ארויס אינמיטן זומער, און איצט איז שוין באלד הארבסט. די פרימאָרגנס זײַנען קאלטע. פארגעלט זײַנען שוין די בלעטער אף די עטלעכעביימער, וואָס זײַנען ארײַנגעפאלן אינעם געטאָ־ראיאָן.

און דער זון איז אלץ ניטאָ. וויפל מאָל האָט זיך איר אויסגעדאכט, אז זי זעט אים אין דער קאָלאָנע, וואָס קערט זיך אום פון דער ארבעט. ס׳האָט אויך פאסירט, אז דאָס הארץ פלעגט בא איר שיר ניט ארויס־שפרינגען פון דער ברוסט: אָט איז ער, ס׳איז זײַן גאנג, זײַן וווּקס... אָדער — אָט דערנעענטערט זיך צום צוים איר זון, לאָקערט, דער וואכמאן זאָל אָפּקערן זיך... ער זוכט א געלעגנהײַט ארײַנצוקריכן אין געטאָ. נאָר אלע מאָל האָט זי א טאָעס געהאט.

זי פלעגט זיך צײַטנווײַז טרייסטן: זאָל ער שוין בעסער ניט אומקערן זיך. דאָ דערוואַרט אלעמען דער טויט. איר זון האָט זיך ארויסגעריסן פון שטײַג, און גאָט צו דאנקען. ער איז בא איר א שטארקער, א שטאנדהאפ־טיקער. ער דארף קעמפן, נעקאָמע נעמען. און ווען ער וואלט געווען מיט איר, וואָלט ער דען געקאָנט ענדערן די לאגע פון דער מוטער, וואָס שמאכט אין געטאָ?

ס׳איז איר אָבער שווער געווען זײַן איינזאם.

— איך בעט אײַך, — האָט זי זיך געווענדט צו איר זונס כאווײרים, — קומט זיך ווידער צונויף בא מיר. דאָס אָרט איז א רויקס. כ׳וועל אײַך ניט שטערן. ווי פריִער, וועט איר בלײַבן אליין און פארנעמט זיך מיט אײַערע איניאָנים.

זי איז געדולדיק געגאנגען צום טויער, צום צוים און, ווען ס׳פלעגן זיך צונויפקלײַבן בא איר אין צימערל די אונטערערדלער, האָט זי גע־וואכט לעבן דער שטוב. זי איז ווידער געווען באשעפטיקט, געהאט וועגן וועמען צו זאָרגן.

נאָר פארוואָס פארהאלט זיך דער זון? מע ווייסט דאָך ניט, וואָס דער מאָרגן קאָן ברענגען. איר זון איז אן אויסשפּירער, א פארבינדלער. פאר־וואָס זשע קומט ער ניט פירן די כאווײרים אין וואלד ארײַן? פארוואָס זאמט ער זיך?

מיר האָבן געוווּסט, אז אפן וועג אין וואלד איז די גאנצע גרופּע אומ־געקומען אין א צונויפשטויס מיטן סוינע. פון דער מוטער האָט מען עס געהאלטן בעסאָד. מע האָט ניט געטאָרט אָפּנעמען בא איר די האָפענונג. זי האָט דאָך אזוי געדולדיק געוואַרט. דערצו האָט זי אליין געזאָגט, אז איר איז גענוג צו וויסן: איר זון איז א קעמפער, אן אויסשפּירער, א פארבינדלער.

## וואָס וויל מען פון די סאָניעס?

דערשטוינטע קוקן מיר זיך איבער און פרעגן איינער דעם אנדערן אָן ווערטער: „וואָס וויל מען הײַנט פון די פרויען מיטן נאָמען סאָניע? פאר־וואָס הייסט מען זיי אויסשטעלן זיך אין שפּיץ פון די קאָלאָנעס, וועלכע ווערן גענומען צו דער ארבעט?”

הינטערן טויער, שוין אף דער „ארישער” זײַט, ווערט אונדז באפוילן ניט אײַלן זיך, גיין טראָט בא טראָט. צוגלײַך טוט מען א קאָמאנדע צו די סאָניעס: „קעפּ הויך! צום קאָנטראָל ווענדן!”

כאָטש דער באפעל גייט אָן די סאָניעס אליין, קערן זיך אויס אלע־מענס בליקן צו דעם „קאָנטראָל” — צו די עטלעכע געסטאַפּאָווצעס און דער באוואכטער דורך זיי יונגער פרוי, וואָס קוקט דערשראָקן אף די פארבײַגייער.

אפן וועג צום ארבעטפלאץ און אף דער ארבעט גופא איז אונדז די אומגעווייגלעכע געשיכטע פון קאָפּ ניט ארויס. אויסלאָדנדיק פלאטפאָר־מעס געהילץ, האָט בא יעדן זעץ פון א ברעט, בא יעדן דומפּן פראל פון א קלאָץ געטאָן א פויק אין קאָפּ בא אונדז די פראגע: „וואָס וויל מען פון די סאָניעס?”

און זיי, די עטלעכע סאָניעס פון אונדזער בריגאדע, וועמען די זאך איז דירעקט אָנגעגאנגען, האָבן דעם גאנצן טאָג זיך געהאלטן צוזאמען: צעטראָגענע, פארצאָרעטע, האָבן זיי מעכאניש צונויפגעלייגט אין שטאַ־בעלן די אויסגעלאָדענע ברעטער. מיט אומרו און מיטלײַד האָבן מיר געקוקט אף די פארפינצטערטע פרויען. עמעצער האָט בעקאָל ארויסגע־בראכט די פראגע, וואָס האָט אלעמען געמאטערט:

— וואָס וויל מען פון די סאָניעס?

און ווען דאָס אײַז פון שווײַגן האָט זיך גערירט, האָבן, אזוי ווי קרײַעס, געגומען שווימען די ארויסזאָגונגען.

— זי זוכט עפּעס א סאָניע, — האָט געפּאסקנט איינער וועגן דער פרוי, וואָס איז געשטאנען אין דער ארומרינגלונג פון די געסטאַפּאָווצעס.

— ס'איז אזוי, — איז מאסקים געווען א צווייטער. — מע דארף אָבער זאָגן ניט „זי זוכט”, נאָר „זיי זוכן”. און אויך דאָס איז א האלבער ענט־פער אף דער רעטעניש.

אויסשטעלנדיק זיך נאָך דער ארבעט צום אָפּמארש, האָבן די סאָניעס געפּרווט צעמישן זיך צווישן די איבעריקע פרויען. די וואכלײַט האָבן עס ניט דערלאָזט. ווידער מיט די סאָניעס אין דער שפּיץ, האָבן מיר מיט א פארשטענדלעכער הארצקלאפּעניש זיך דערנעענטערט צום געטאָ־טויער. אונדזער פּאכעד איז געווען בארעכטיקט. שוין פונדערווײַטן האָבן מיר דערזען דעם „קאָנטראָל”, וואָס אינדערפרי.

די סאָניעס האָבן זיך פלוצעם פארהאלטן. די רייען זײַנען ארוף איינע אף דער אנדערער און געבליבן שטיין. זײַנען די וואכלײַט ארויס מיט זייער לאָשן און מיט זייערע ביקסן־קאָלבעס — אונדז געטריבן צום טוי־ער, ווו עס זײַנען געשטאנען געסטאַפּאָווצעס, נאָר שוין אָן דער פרוי. איינער פון זיי האָט געהאלטן א קליין קינד הויך אופגעהויבן אף די הענט.

— אלע, די געזיכטער צום קאָנטראָל! — האָט זיך דערהערט א באַ־פעל.

מע האָט ניט געטאָרט אײַלן זיך, אָבער די פיס, ווי אָפּגעריסן זיך פון ברוק, האָבן אונדז געטראָגן פאָרויס. מיר זײַנען דורך דעם טויער, ארײַנ־געכאפּט זיך אין אונדזער אָפּצוים, ווי אין א מאָקעם־מיקלעט. בעשאָלעם

איז יעדערער פארשווונדן אין זײַן ווינקל. אָבער דער פאל מיט די סאָניעס האָט רוען ניט געלאָזט. מע האָט אים געטײַטשט, געפּרווּט אויסקלאָרן זיך דעם איניען.

אָט איז איינע, מאשמאָעס, די ווארשײַנלעכסטע ווערסיע.

געסטאפּאָ האָט געפונען בא דער ליטווישער פרוי, וועלכע איז גע־בראכט געוואָרן צום טויער, אן אויסבאהאלטן ייִדיש קינד. דאָס אליין איז דער געסטאפּאָ ווייניק. זי דארף געפינען אויך דעם קינדס עלטערן און אלע אנדערע, וואָס האָבן זיך באטייליקט אין „ברעכן דאָס געזעץ״. מעגלעך, אז נאָך לאנגע אינוּיִם האָט די ליטווישע פרוי אויסגעזאָגט, אז דעם קינדס מוטער הייסט סאָניע. סאָניע, און מער ווייסט זי ניט. האָט די פרוי געזאָלט דערקענען צווישן די סאָניעס פון געטאָ די „שולדיקע״ מוטער און, ווי ס'ווײַזט אויס, ניט דערקענט... זײַנען די געסטאפּאָווצעס געפאלן אף אן אנדער האמצאָע: האָבן געבראכט צום טויער דאָס געפונענע קינד. זײַן מוטער אָדער פאָטער, דערזעענדיק עס, וועלן זיך ארויסגעבן...

מיר האָבן זיך דערוווּסט, אז אלע סאָניעס זײַנען בעשאָלעם דורך דעם קאָנטראָל. אויך צום קינד האָט זיך קיינער ניט געוואָרפן.

איז מען ארויס מיט נײַע האשאָרעס:

— דער נאָמען „סאָניע״ איז גיכער פאר אלץ אויסגעטראכט.

— מעגלעך, אז דעם קינדס מוטער באהאלט זיך ערגעץ אויסער דער געטאָ און ווייסט ניט וועגן שרעקלעכן אומגליק, וואָס האָט געטראָפן איר קינד און זײַן רעטערן.

— און עפשער איז עס גאָר אן אָנשוילעכע וואָרענונג פאר אלע די, וואָס טראכטן צו באהאלטן קינדער אָדער אליין לויפן פון געטאָ? ווי איי־נער זאָגט: זײַט וויסן, פון געסטאפּאָ וועט איר ניט אנטרונען ווערן.

נאָך איין פרווו צו ברעכן דעם גײַסט פון מענטשן? אן אומזיסטער פּרווו.

## דער אנגינע צו פארדאנקען

איַי, די שלעכטע, אייטערנדיקע מאנדלען מײַנע! און די אנגינעס! שטענ־דיק לײַדסטו פון זיי: וויטעקן אין די שלעסער פון די הענט און פיס, א קלעמעניש און שטעכעניש אין הארצן. שטענדיק פילסטו זיך ניט מיט אלעמען, ווען סע גיבן זיך צו פילן די מאנדלען. בלויז איין מאָל...

געקומען בין איך פון דער ארבעט א הונגעריקער און דערפרוירענער, מיט א שווערן קאָפּ און א ווייטעק אין האלדז, געקומען מיט אן אנגינע. לייג איך צו א קאָמפּרעס, וויקל ארום מיט א טוך דעם האלדז און בלײַב שוין זיצן אין שטוב. אין דרויסן איז א קאלטער, שפּעט־הארבסטיקער אָוונט. א ווינט אן אכזער דרייט זיך וואָיענדיק ארום אונדזער שטיבל און פאטשט אף זײַנע ווענט און שויבן א נאסן שניי. אי דער פאסקודנער וועטער, אי איך פיל זיך גאָרניט וואזשנע, בלײַבט טאקע נאָר צו זיצן אין שטוב. אויך די, וואָס האלטן אף אונדז אן אויג, זיצן אוואדע אין אזא וועטער אין זייערע קאָנורעס.

אָרדן איך זיך אײַן אין א ווינקל מיטן רוקן צו דער טיר און שרײַב.

ס׳האָט מיך פארכאפּט א טעמע. דעם סוזשעט פון דער נאָוועלע האָב איך געהאט אויסגעטראָגן, געהאט פאר איר א נאָמען: „דעם שרײַבערס נעקאָמע״. עס האָט זיך געהאנדלט וועגן א שרײַבער אין געטאָ, וואָס האָט, לעכצנדיק נעקאָמע נעמען, דורכגעמאכט פארשיידענע שלימאזלדי־קע פּעריפּעטיעס און געקומען צום אויספיר, אז זײַן קלייזײַען איז די פען, און זײַן נעקאָמע וועט באשטיין אין דעם, וואָס ער וועט באשרײַבן די מײַסים־נוירויִם, וואָס די היטלעראָווצעס באגייען. ער איז געוואָרן דער באל־פּינקעס פון געטאָ, געגרייט א גוויִעס־איידעס פארן מישפּעט פון דער געשיכטע.

זיץ איך אזוי און שרײַב מיט האסמאָדע. פּלוצעם רײַסט זיך אויף די טיר. קערעווע איך אינסטינקטיוו אויס דעם קאָפּ, און עס שטארבן מיר אָפּ די גלידער: אף דער שוועל שטייט דאָס ניט צעשיידלעכע שארפיורער־פּאָרל, די צוויי אדיוטאנטן פונעם געטאָ־קאָמענדאנט. ניט געקוקט אפן הינטישן וועטער, האָבן זיי דורכגעפירט אן אינספּעקציע.

ווי דער דין איז, שטיי איך אויף, מיטן פּאָנעם געווענדט צו די ארײַנ־געקומענע. דאָס העפטל פארשטעל איך מיט מײַן קערפּער און מאָל זיך שוין אויס, ווי די דײַטשן טוען עס א כאפּ...

— אנגינא? גריפּ? דיפטערי? — רופט אויס איינער פון די אדיוטאנטן, צילנדיק זײַנע אויגן אין מײַן ארומגעבונדענעם האלדז, און פארקלאפּט די טיר.

דײַטשן, ווי באוווסט, שרעקן זיך איימעס־מאָוועס פאר אָנשטעקנדיקע קרענק.

אײַ, די שלעכטע, אייטערנדיקע מאנדלען מײַנע! שטענדיק לײַד איך פון זיי. נאָר דאָ האָבן זיי מיר אָפּגעטאָן א גרויסע טויווע. דער אנגינע צו פארדאנקען בין איך עפּשער געבליבן לעבן.

## איז גאָט פאראן?

א באַרויבטער פון אלע זײַנע רעכט, אן ארײַנגעטריבענער אין א שטײַג, אָנמעכטיק צו ענדערן דעם ארויסגעטראָגענעם אף אים טויט־אור־טייל, קוקט אויס דער פארצווייפלטער מענטש צום הימל. עפּשער וועט פון דאָרט קומען די יעשועע? אמאָל האָט מען דאָך געגלייבט, אז דאָרט איז פאראן אן אלמעכטיקער.

דער הימל, די שטערן, די זון צי די לעוואָנע זײַנען אָבער גלײַכגיל־טיק צו דעם, וואָס געשעט אף אונדזער בידנער ערד. נאָר עפּשער דאָרט, גאָר־גאָר אויבן, העכער, אין דער אומענדלעכקײַט איז פאראן דער גע־רעכטער, וואָס שטראָפט פאר כאטאָיִם און פארגיטיקט דעם צאדיק?

אויב גאָט איז פאראן נאָר דאָרט הויך־הויך, וואָס פאר א שײַכעס האָט ער צום פּאָשעטן באָסערוועדאָם אף דער ערד?

כ׳קאָן ניט פֿאַרגעסן דעם פֿאַל, פֿון וועלכן איך בין געווען אַן איידע־
ריִע. מע האָט אונדז, גלײַך פֿון היטלערן אָנהייב קריג, פֿאַרכאַפּט
אונטערוועגנס און צוגעפֿגעטריבן אינעם שטעטל אַניקשטשײַ. אַלע ייִדי־
שע מענער האָט מען פֿאַרשפּאַרט אין די אָרטיקע באָטעמעדראָשים. אין
יענעם, וווּ איך בין אַרײַנגעפֿאַלן, האָט איינער אַ מאַנצבל פֿאַר זיך און
זײַן ייִנגל פֿאַרכאַפּט אַן אָרט אויבנאָן, באַם סאַמע אָרנקוידעש. אין מע־
שעך פֿון טאָג האָבן צעיושעטע פֿאַשיסטן אונדז אַלעמען באַרויבט. באַ־
נאַכט זײַנען זיי, שיקערע, צעהוליעטע, געקומען זיך פֿאַרברענגען. זיי
האָבן באַפֿוילן אַלעמען אויסלייגן זיך אַפֿן דיל און מיט שײַטן האָלץ גע־
שלאָגן אַף רעכטס און לינקס, געשאָסן אין אויילעם, געשאָסן אין אָרנקוי־
דעש. דער ייִד, וואָס האָט געזוכט גאָטס שוץ, האָט איצט באַהאַלטן זײַן
ייִנגל הינטערן אָמעד.
די שיסערײַ האָט לעסאָף אויפֿגעהערט, און מיר זײַנען געבליבן אינעם
פֿינצטערן בעסמעדרעש, אַ פֿאַרפֿולטן מיט געשרייען פֿון די פֿאַרוווּנדעטע
און דער גרוילפֿולער שטומעניש פֿון די הארוגים. אַ מוטנע שײַן האָט צו־
ביסלעך זיך אַרײַנגעשפּאַרט דורך די לענגלעכע פֿענצטער, און כ׳האָב
דערזען, ווי פֿון הינטערן אָמעד הייבט אויף דער שאָטן פֿונעם טאַטן זײַן
ייִנגל און לאָזט אַרויס אַ ווילדן אויסגעשריי:
— ייִדן, זיי האָבן דערשאָסן מײַן אײַזיקלען!
אין אַ רעגע אַרום האָט אויפֿגעהילכט דעם אומגליקלעכן פֿאָטערס קלאָ־
לע:
— אַ קלאָג צו דיר, גאָט!
מע האָט אונדז אָפּגעהאַלטן אין בעסמעדרעש עטלעכע טעג קימאַט אָן
אַ טרונק וואַסער, אָן אַ ביסן ברויט. קלעפּ און נעגישעס — באַטאָג, שי־
סערײַען און קאָרבאָנעס — באַנאַכט. אַן אַלטער ייִד מיט אַ גראָוער האָד־
רעסדיקער באָרד איז געלעגן פֿאַרכאַלעשט מיטן פּאָנעם אַרויף און, קוים
זשיפּענדיק, ווי געזוכט מיט די איבערגעטריקנטע ליפּן דעם העכסטן
אויסדרוק פֿון גאָטלעסטערונג:
— גאָט, גאָט, פֿאַרברענט זאָלסטו ווערן!
כ׳האָב שפּעטער־צו געזען אין געטאָ טיף־גלייביקע, וואָס האָבן אָפּ־
געשוירן זייערע בערד און פּייעס, האָבן ניט געדאַוונט, מיט פֿאַרביסענער
שאָדנפֿרייד געגעסן כאַזער, ווען ס׳איז נאָר געווען בענימצע.
געווען אויך רעליגיִעז געשטימטע קאַנאָיִם, וועלכע האָבן געטײַנעט:
— גאָט שטראָפֿט ניט אומזיסט. ייִדן האָבן גענומען די היסכײַוועס צו
היטן זײַנע געבאָטן. וואָס האָבן זיי געטאָן די לעצטע צײַט? געזינדיקט קעגן
דער הייליקער טוירע, געמאַכט יאַדאַכעס מיט די גאָטלאָזע באָלשעוויקעס.
מיט גאָט שפּילט מען זיך ניט.
מיט איינעם אַזאַ איז מיר אויסגעקומען צו פֿאַרפֿירן אַ שטיקל וויקועך.
— איז גאָט אַזוי בלוטדאָרשטיק? — האָב איך געפֿרעגט. — ער זעט,
ווי מע קוילעט אין געטאָ, ווי מע פֿירט צו דער אַקיידע אַפֿן נײַנטן פֿאָרט
פֿרויען, קינדער, זקיינים, און ער שווײַגט.
האָט יענער געפּרוווט דערווידערן:

— גאָט שטראָפט אונדז פאַר זינד, באַגאַנגענע מיט מעשׂים און אין די געדאַנקען. אויב ער וויל אונדזער טויט, האָבן מיר עס פאַרדינט.

— די פּאָשיסטן ווילן אונדזער טויט, און איר זײַט מאַסקים צו דעם, וואָס זיי טוען.

— איך בין ניט מאַסקים, אָבער מקבל־באַהבֿה בין איך גאָטס פּסק־דין. — און מײַן באַל־וויקוועך ברענגט מיר דערבײַ אַ פּסוק: — „אשר יאהב ה׳, יוכיח״[1] — דעם, וועמען גאָט האָט ליב, מאַכט ער פאַרוואָרפן, טאַדלט און שטראָפט. ייִדן איז שלעכט, ווײַל גאָט האָט זיי אויסדערוויילט...

דערציייל איך אים:

— ניט לאַנג האָט אַ גאַלעך געפּריידיקט אין קאַסטיאַל, אַז היטלער איז גאָטס שאַליעך...

פאַר דער מערהײַט געטאָ־אַסירים — וועלטלעכע, פרײַדענקערישע מענטשן איז די פראַגע, צי ס׳איז יאָ פאַראַן גאָט אָדער ניט, שוין לאַנג געווען געלייזט. די טײַכן בלוט און טרערן האָבן צעוואַקלט דעם גלויבן באַ אַ סאַך פרומע מענטשן, געבראַכט זיי צו קפירע און אפּיקאָרסעס.

— ניטאָ קיין גאָט! — האָט נאָך אַן אַקציע געהאַקט זיך קאָפּ אין וואַנט אַ געוועזענער יעשיוועבאָכער. — אויב ער איז דאָ, זאָל ער מיך טייטן אויפן אָרט!

דער פאַרעלטערטער, פּרימיטיווער אַרגומענט פונעם אטעיִסטישן קאַמף האָט אויף זײַנע ליפּן געקלונגען ווי דער אויסגעשריי פון אַ בונטאַר.

נאָך אַ פאַל. באַם מעקאַבער זײַן אויפן געטאָ־בעסוילעם זײַנעם אַ זון, וואָס איז דערשאָסן געוואָרן פאַרן „שלעכט דורכמאַרשירן דעם טויער״, האָט דער פאָטער, אַ פרומער ייִד, זיך צעטײַנעט:

— ניין, איך וועל ניט זאָגן באָרעך דײַען עמעס! גאָט איז ניט גערעכט, און זײַן מישפּעט איז ניט גערעכט!

איִעוו איז פאַר אים ניט געווען קיין בײַשפּיל.

כ׳ווייס אָבער אויך: מע האָט אָפּערירט איינע אַ מיידל אין דער היים, באַנאַכט. די גאַנצע צײַט פון דער אָפּעראַציע איז איר פאָטער אַרומגעגאַנגען אַרום שטיבל און געזאָגט אויפן קאָל טילים. גאָט זאָל קומען צו־הילף...

מע האָט דערציילט אויך אַזאַ געשיכטע.

איינער אַ מיטליאָריקער מאַן האָט אויסגעפּרוווט זײַן מאַזל — געלאָפן פון געטאָ, געוואָלט אויסבאַהאַלטן זיך באַ אַ באַקאַנטן פויער. מע האָט אים געכאַפּט, געפּאַרשט אין דער געסטאַפּאָ און אַרויסגעטראָגן אַזאַ אורטייל: אָן באַוואַכונג, אויף אייגענער ריזיקע זאָל ער צוריקגיין אין געטאָ. אויב דאָס וועט אים געלינגען, דאָס הייסט מע וועט אים ניט פאַרהאַלטן אונטערוועגנס, בלײַבט ער לעבן.

דעם גאַנצן וועג „צו די אייגענע״ האָט דער ייִד, מיט אויפגעהויבענע אויגן צום הימל, געבעטן הילף באַם אַלמעכטיקן. ער איז בעשאָלעם דער־

[1] אשער יויהאוו האשעם, יויכיאַך.

גאנגען. און דאָס איז פאַר אים געווען אַ באַווײַז, אַז ס׳איז פאַראַן אַ גאָט אין הימל. האָט ער אים גענומען דינען מיט אַלע כּוחות און ראַמאַך אייווּרים.

די מוירע פאַרן טויט, דער ביז מעשוגאַס דערפירנדיקער ווילן איבער־צולעבן און דער געדאַנק, אַז נאָר אַן איבערנאַטירלעכע קראַפט קאָן ברענגען די יעשועַ, האָבן אַזוי דערשיטערט אייניקע פרײַדענקער, אַז זיי זײַנען אַרײַנגעפאַלן אין אַ מיסטיש־רעליגיעזן טראַנס. ווי זיך טרינקענ־דיקע אינעם יאַם פון מענטשלעכער לייד, האָבן טייל זיך אָנגעכאַפּט אינעם שטרויעלע פון דער רעליגיע.

אין פאַכעד פאַרן גוירל פון זײַן הייסגעליבטן צעניאָריקן בעניאָכיד און בענזקונים איז דער געוועזענער בוכהאַלטער ב. או. פאַנאַטיש פרום געוואָרן, אויפגעהערט זיך ראַזירן, געדאַוונט, געפאַסט טאַנייסים. פון אונ־טער דער ערד באַקומען און געלייגט טפילן, כאָטש די דײַטשן האָבן גע־שאָסן, געפינענדיק באַ עמעצן טפילן, ווײַל אין די שעל־ראָשן און שעל־יאָדן קאָן מען באַהאַלטן דינאַמיט... ער פלעגט בעשטיקע דאַוונען דרײַ מאָל אַ טאָג. בעקיצער, אָפּגעהיט די טאַריאַג מיצוועס. זײַן יינגל פלעגט ער אַף גאַנצענע טעג פאַרשפּאַרן אין אַ געמאַכטער באַהעלטעניש — אין אַ טאָפּל־וואַנט באַ זיך אין צימער. אין אָט דער באַהעלטעניש זײַנען ער, זײַן פרוי און קינד צוזאַמען אומגעקומען, אַרומגעכאַפּטע פון פלאַמען — די היטלעראָווצעס האָבן בייס דער לעצטער מענטשן־אַרויספירעניש אונ־טערגעצונדן די שטוב. מע האָט דערציילט, אַז פון די פלאַמען אַרויס האָט עמעצער געשריִען צו גאָט, גערופן זײַן הילף...

בישכיינעס מיט אונדז האָט געלעבט אַ ייִד, אַ בען־שישים, געלעבט איינזאַם, אָפּגעזונדערט, פאַרשלאָסן אין זיך. ער האָט געהאַט סמיכעס אַף ראַבאָנעס, איז אַמאָל געווען זייער פרום. איצט האָט ער ניט געדאַוונט, ניט געפּרוווט אפילע היטן שאַבעס צי אַ יאָמטעוו. ווו מעגלעך, פלעגט ער דעמאָנסטרירן זײַן אַפּיקאָרסעס. ער האָט געגעסן אָן אַ היטל אַפילע דאַן, ווען דאָס איז אויסגעקומען אין דער קעלט, אַף דער אַרבעט אונטערן פרײַען הימל.

— איר טוט אָפּ גאָט? — האָט אים עמעצער איראָניש געפרעגט.

— מיר האָבן ניט קיין גאָט! — האָט ער אַרויסגעפּלאַצט. — אַדעראַ־בע, זאָגט, צי איז ביכלאַל דאָ אַ גאָט?

## עס לאָזט זיך ניט פאַרווישן

ס׳איז מיר אַרײַנגעפאַלן אין די הענט אַ צעקנאָדערט שטיקל פון שטרײַכערס העץ־בלעטל „דער שטירמער״. ווי באַוווּסט, איז אונדז פאַר־באָטן לייענען צײַטונגען. כ׳האָב אָבער דאָס דאָזיקע, מיט גאָטישע בוכ־שטאַבן אָנגעפּיקעוועטע שטיקל פּאַפּיר באַהאַלטן אין קעשענע און אין גע־היים דורכגעקוקט פון ברעג ביז ברעג. און שוין האָט זיך אַנטפּלעקט

דאָס שמוציקע פּאַרצעף־פּאָנעם פונעם דאָזיקן „וואָכנבלאַט צום קאַמף פאַר די וואַרהייט": אַלטבאַקאַנטע בלוטגיריקע פלוידערייען, מאָרד־העצע און שטוס, אויסגערעכנטע צו פאַרסאַמען אָפּגעשטאַנענע מויכעס. ציקאַווע איז אָבער געווען די אינפאָרמאַציע מיטן טיטל „דער גרויסער ליגן". עס רעדט זיך וועגן אַ געשטעלטער פּיעסע אין אַ שווייצאַרישן טעאַטער, וואָס שילדערט אַ היטלעריסטישן קאָנצלאַגער. דער דראַמאַטורג — אַ געלאָפענער אַרעסטאַנט פון אַזאַ לאַגער. פירט אויס „דער שטיורמער": אַלץ אין דער פּיעסע איז קיזעוו־ועשעקער, ווייל פון אַ דייטשישן קאָנצלאַגער קאָן מען ניט אַנטלויפן...

דער דאָזיקער אויספיר איז מיר לאַנג פון זינען ניט אַרויס. איז עס אַן אָנצוהערעניש, אַז קיינער פון די, וואָס שמאַכטן הינטערן נאַצישן שטעכדראָט, טאָרן ניט בלייבן לעבן? אין געטאָ געפינען זיך ניט ווייניק „אומלעגאַל" לעבנגעבליבענע — אַנטלאָפענע פון די צעשיסונגען אין די קאָווער פאָרטן, אַרויסגעקראָכענע פון מאַסן־קוואָרים... אין שטאָט און דאָרף באַהאַלטן זיך געוועזענע געטאָ־אַסירים. אונדזער יוגנט רייסט זיך אין די וועלדער, האָפט צו דערשלאָגן זיך צו פּאַרטיזאַנער און קעמפן, נעקאָמע נעמען. מיר אין געטאָ לעבן אויך דערווייל...

טאָ זאָלן שטרייכער און אַלע פון זיין גלייכן וויסן, אַז קיינמאָל איז קיינעם ניט געראָטן צו פאַרווישן די שפורן פון פאַרברעכנס, מעגן זיי ווער ווייסט ווי זאָרגעוודיק פאַרמאַסקירט ווערן. מע קאָן זיי ניט פאַרווישן און ניט אויסמעקן!

וועט איר, לעבעדיקע איידעס פון אונדזער בראָך, בעשאָלעם דורכגיין אויך די ווייטערדיקע גענעם־קרייזן, וואָס שטייען אונדז פאַר, און זיך דערוואַרטן דעם סאָף פונעם בלוט־מאַבל? דעמלט וועט איר אָפּגעבן די באַגלייבטסטע איידעס־דערקלערונג וועגן דעם, וואָס די טרעגער פון פעלקער־סינע ברענגען דער וועלט. דערווייל זאַמל איך אייערע אַרויסזאָגונגען, פאַרנאָטיר פאַקטן פון אייער ביטערער דערפאַרונג. עפּשער האָבן די פאַרשריבענע זייטלעך מער שאַנסן זיך צו דערוואַרטן דעם גוטן סאָף פון אַלע סאָפן...

צומאָל פרעג איך זיך, צי מע דאַרף, צי מע מעג גאָר אַלץ פיקסירן. האָט דאָך איינער אַ באַל־פּינקעס פון די אַמאָליקע שכיטעס געלאָזט וויסן, אַז ער האַלט זיך אָפּ פון אויסשרייבן אַלץ, קעדיי ניט צו פאַרשעמען דעם מין מענטש, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן אין גאָטס געשטאַלט.

געוויס. ס'וואָלט פאַרשעמט געוואָרן דער מענטש... פונדעסטוועגן זאָל דערציילן, ווער עס האָט וואָס צו דערציילן, און זאָל יעדערער, וואָס קאָן האַלטן אַ פּען, פאַרשרייבן זיינע איבערלעבענישן. זאָל ניט פאַרגעסן ווערן אויך דער פאַקט, אַז נאָך אַ קוישבאָל־מאַטש צווישן צוויי פאַשיסטישע קאָמאַנדעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין שטאָט, האָבן די זיגערישע „ספּאָרט־לייט" באַקומען אַ באַלוינונג — די געלעגנהייט צו שיסן פינף און צוואַנציק ייִדישע מענער. מיט פרייד האָט זי אויסגענוצט די דאָזיקע געלעגנהייט...

# ליבע

דערהערנדיק דעם גערויש פון אן אווטאָ, האָבן מיר זיך צוריקגעצויגן פון דער גאַס און זיך באַהאַלטן הינטער א טויער פון א הויף. מיר האָבן דאָך געוווּסט, ווער עס קומט אין געטאָ אף זייערע אווטאָמאָבילן...

דורך א שפּאַלט אינעם הילצערנעם טויער האָבן מיר געזען, אז ס׳האָט זיך פאַרבײַגעטראָגן א ברוינער אווטאָ מיט א צוגעפּלאַטשטן פאָדערשטן טייל, ווי דער שנוק בא א קראָקאָדיל, און געבליבן שטיין ניט ווײַט בא א שטיבל. פון דער מאַשין זײַנען אַרויסגעקראָכן צוויי אין גרין־גרויע אוניפאָרמעס. פאַריכט די שוואַרצע קראַוואַטן, האָבן זיי זיך אַרומגעקוקט.

— גאָט מײַנער, געסטאַפּאָווצעס, עס־דע... — האָט דערשראָקן א שעפּטשע געטאָן עמעצער לעבן מיר. — טוט א קוק אפן לינקן אַרבל...

א ציטער האָט אונדז אַרומגעכאַפּט, דערזעענדיק דעם שרעקלעכן צייכן.

די געסטאַפּאָווצעס האָבן באַקוקט דאָס שטיבל. איינער פון זיי, דער נידעריקערער און, ווײַזט אויס, אויך דער קלענערער אין ראַנג, האָט זיך אויסגעצויגן פאַר דעם פּיל העכערן פון אים און דערנאָך פאַרשוווּנדן אין שטיבל. באַלד איז ער צוריקגעקומען, אַרויספירנדיק א הויכן מאַנצבל און א פרוי.

— לאָזט, לאָזט, — האָב איך מיך א צי געטאָן צום שפּאַלט אינעם טויער.

כ׳האָב געקענט דאָס פאָרפאָלק, וואָס מע האָט אַרויסגעפירט. ער שטאַמט פון ליטע, איז א שווייצאַרישער בירגער און הייסט אַלעקסאַנדער בלומענטאַל. זײַן פרוי איז א קאַטוילין פון בעלגיע און הייסט הענריעטאַ. די מילכאָמע האָט זיי פאַרוואָרפן צו אונדז.

אויסגעהערט דעם עלטערן געסטאַפּאָוועץ, וואָס האָט זיי עפּעס דער־קלערט, טײַטלענדיק די גאַנצע צײַט מיטן ווײַזפינגער, האָבןביידע בלו־מענטאַלס זיך אומגעקערט אין שטיבל, באַגלייט פונעם נידעריקן דײַטש.

דער עלטערער געסטאַפּאָוועץ, וואָס איז געבליבן באַם אווטאָ, — אן אויסגעטריקנטער, א ביסל אײַנגעהויקערטער דראָנג מיט א לענגלעך פּאָ־נעם און שפּיציקן קין, — האָט מיטן שנויץ פון זײַנע גלאַנציקע שטיוול געקלאַפּט אין די שינעס, ווי אויספּרווונדיק, צי ס׳איז גענוג אָנגעבלאָזן לופט. דערנאָך, אָנשפּאַרנדיק זיך מיטן רוקן אין דער מאַשין, איז ער שטיין געבליבן.

דאָס אַלץ איז געשען אין א וואַרעמען זומערדיקן נאָכמיטיק. דער הימל איז געווען לויטער, בלוי. אפן גאַס — קיין לעבעדיקער נעפעש. די זון האָט געגאָסן איר שײַן אף די גרויע הילצערנע הײַזלעך, אויסגעשטעלטע לענגויס א שמאָלן טראָטואַר פון צעשפּאָלטענע בעטאָן־פּליטן. ס׳האָט אויסגעזען, אז אַלץ אַרום האָט אף עפּעס געוואַרט — דער ברוינער, לענג־לעכער אווטאָמאָביל מיטן צוגעקלעפּטן צו אים געסטאַפּאָוועץ, מיר הינ־טערן טויער, די פאַרטײַטעטע מענטשן אין די שטיבער. ס׳האָט זיך געדאַכט, אז אויך די זון אין הימל איז שטיין געבליבן אין דערוואַרטונג.

ענדלעך האָבן אױפֿן שװעל פֿונעם שטיבל זיך באַװיזן די בלומענטאַלס, אָנגעטאָנענע אין בעסערע בגדים, מיט מאַנטלען אױף די הענט, מיט טשעמאָדאַנען. אַרױסבאַגלײט האָבן זײ צװײ פֿרױען און אַן עלטערער מאַנצבל. מע האָט זיך גענומען געזעגענען, זיך געדריקט די הענט, געקושט זיך, שמײכלענדיק...

בײדע געסטאַפּאָװצעס האָבן געדולדיק געװאַרט, ביז די בלומענטאַלס װעלן זיך אָפּגעזעגענען, װי זײער האַרץ גלוסט. דאַן האָט דער עלטערער געעפֿנט דאָס טירל פֿון דער מאַשין, העפֿלעך פֿאַרבעטן אַהין דאָס פּאָרפֿאָלק. געהאָלפֿן אַפֿילו דער יונגער דאַמע אַרײַנשטעלן איר טשעמאָדאַנדל.

דער מאָטאָר האָט זיך צעזשומעט, אַרױסגעשטױסן אַ בלױלעך װאָלקנדל רױך און זיך אָפּגעריסן פֿון אָרט.

מיר האָבן נאָך לאַנג געקוקט אױפֿן פּוסטן געסל. פֿאַרבײַגײער האָבן אַלץ ניט געװאָגט זיך באַװײַזן. די מענטשן, װאָס האָבן אַרױסבאַגלײט די בלומענטאַלס, זײַנען געשטאַנען און, װי מיר, געקוקט אַהין, װוּ דער אױטאָ איז פֿאַרשװוּנדן. מיר זײַנען לעסאָף אַרױס פֿון הינטערן טױער און צוגעגאַנגען צו זײ.

— אָט, גליקלעכע מענטשן! קײן שװײצאַריע אָפּגעפֿאָרן! — האָט מיט פֿרײד, מיט אַ באַהאַלטענער קינאה אָנגערופֿן זיך אַן עלטערע פֿרױ מיט אַ צעקנײטשט פּאָנעם, אײנע פֿון די אַרױסבאַגלײטער.

קײן שװײצאַריע? פֿון הינטערן שטעכדראָט — אין דער בײטראַלער, רױִקער שװײצאַריע? צו פֿאַנטאַסטיש, עס זאָל זײַן עמעס.

דערפֿילט דעם אומצוטרױ צו אירע רײד, האָט די פֿרױ, זשעסטיקולירנדיק מיט די הענט, גענומען אונדז פֿאַרזיכערן:

— יאָ, מיט מײַנע אײגענע אױערן האָב איך געהערט. דער דײַטש האָט זײ געהײסן גוט און שײן זיך אָנטאָן, מיטנעמען די בעסטע זאַכן. צו פּופּצן קילאָ אױף אַ מענטש. איך פֿאַרשטײ דײַטש און האָב געהערט, װי ער האָט געזאָגט, אַז דער שװײצאַרישער קאָנסול אין ליטע האָט זיך געזאָרגט װעגן זײ, און ס'איז אָנגעקומען די דערלױבעניש אומצוקערן זיך קײן שװײצאַריע. װאָס איז דער װוּנדער? דער דײַטש האָט אַפֿילו געזאָגט, אַז די רײַזע מיטן אַעראָפּלאַן ביז בערלין איז באַצאָלט, און דאָרט װעט דער שװײצאַרישער אַמבאַסאַדאָר װעגן זײ זיך זאָרגן, דעקן אַלע הוצאָות...

דער מאַנצבל, װאָס איז געװען אַרױס פֿונעם שטיבל, האָט שװער אָפּגעזיפֿצט. באַקוקט אַלעמען, װי װעלנדיק זיך איבערצײַגן, צי ער מעג רײדן אָפֿן, האָט ער געזאָגט:

— מעגלעך, עמעצער אין אױסלאַנד האָט טאַקע געזאָרגט זיך װעגן די בלומענטאַלס. ס'איז אױך מעגלעך, אַז זײ האָבן געמאַכט אַװעלכע באַמיִונגען אומצוקערן זיך אַהײם. עפּשער איז עס איצט דערגאַנגען צו געסטאַפּאָ... נאָר מיר געפֿעלט ניט, מיר געפֿעלט זײער ניט די לעצטע פֿראַזע פֿון יענעם דראָנג. ער האָט געזאָגט צום שאָפֿער... איך קען אױך דײַטש. ס'געפֿעלט מיר ניט אַזאַ זאָג: „אַלזאָ, צום פֿלוגפּלאַץ, צו דער רײַזע אין די הימלען"...

ס'האָט זיך אײַנגעשטעלט א ווייפולע שטילקייט, ווי נאָך א לעווײַע. ס'האָבן געשוויגן די אײַנוווינער פונעם שטיבל. ניט געוואגט א וואָרט אויסריידן האָבן אויך מיר. וואָס האָבן מיר געקאָנט גאָר זאָגן? שטיין אין א געזעמל איז געווען פארבאָטן. קיינער האָט אָבער ניט געקאָנט אוועקגיין, ניט האָבנדיק אויסגעקלאָרט די אומגעוויינלעכע געשעעניש: געטאָ־אסירים זאָלן האָבן אָפּגעפּליגן קיין שווייצאריע! פון די, וואָס ווייסן עפּעס, האָט זיך געוואָלט הערן נאָך און נאָך דעטאלן.

— אויך מיר געפעלט ניט די געשיכטע, — האָט אָנגעהויבן די צווייטע פרוי, וואָס האָט ארויסבאגלייט די אוועקגעפאָרענע. זי האָט גערעדט שטיל, ווי ארויסגעבנדיק א סאָד. — פון העלער הויט איז נעכטן הענרי־עטא ארויסגערופן געוואָרן אין געסטאפּאָ. זי איז צוריקגעקומען א צעטראָגענע, א צעבראָכענע. איך בין געווען אין דער היים און אלץ געזען. איר מאן איז צו איר צוגעשטאנען: „וואָס האָט מען געוואָלט פון דיר?" זי האָט ניט געענטפערט, איז ארופגעפאלן אים אפן האלדז און זיך צעיאָמערט. פארוואָס זי האָט געוויינט, האָט זי מיר שפּעטער אויסגעזאָגט, בייס מיר זײַנען געבליבן אליין.

— נעכטן האָט זי געוויינט, און הײַנט איז זי עפּשער די גליקלעכסטע אין דער וועלט, — האָט לעבעדיק צוגעגעבן די פרוי מיטן צעקנייטשטן פּאָנעם.

— די גליקלעכסטע? — האָט אופגעציטערט די יינגערע. — נו, ווייסט איר, ניטאָ קיין גליקלעכע צווישן אונדז און וועלן ניט זײַן... כ'וועל ארויסגעבן דעם סאָד, וועט עס עפּשער זײַן א לערע פאר אנדערע. הענרי־עטא האָט מיר פארשווירן קיין וואָרט ניט זאָגן איר מאן... מע האָט איר פאָרגע־שלאָגן זיך שיידן מיט אים און פארלאָזן די געטאָ, וועט זי קאָנען אומקערן זיך אהיים. צי פּאסט עס פאר א קריסטן שטעקן הינטערן שטעכדראָט צו־זאמען מיט די פארשאָלטענע... זי איז ניט מאסקים געווען, אָף קיין פאל ניט מאסקים געווען. און הײַנט קומט אויס, אזביידן האָט מען באפרײַט... אָרעמע, אומגליקלעכע הענרי־עטא...

געזאָגט עס און אוועק. אלע זײַנען זיך פאנאנדערגעגאנגען, ניט ארויס־ברענגענדיק מער קיין איין וואָרט. איך בין אוועק, טראכטנדיק, אז הענ־רי־עטא איז ניט בלויז אן אָרעמע, אומגליקלעכע... ווי זאָל מען אָנרופן א מענטשן, וואָס האָט ניט געוואָלט פאר דער פרײַז פון ליבע קויפן די פרײַ־הײַט און, מעגלעך, אויך דאָס לעבן?

אין א קורצער צײַט ארום האָבן מיר אף דער ארבעט זיך געטראָפן מיט קריגסגעפאנגענע. א מאָמענט, ווען די וואכלײַט האָבן געכאפּט א שמועס צווישן זיך, האָט איינער א קריגסגעפאנגענער זיך געווענדט צו אונדז:

— מע האָט ארויסגעפירט די טעג פון געטאָ א יונג פּאָרל, א הויכן מאן און א שלאנקע פרוי? מע האָט זיי געבראכט צו אונדז...

איך האָב געגומען פארפינקטלעכן פּראָטים.

ס'איז צונויפגעפאלן די צײַט פון טאָג, ס'האָבן געשטימט אלע אנדערע איינצלהײַטן. די געבראכטע אין לאגער פון די קריגסגעפאנגענע זײַנען

געווען, אָן סאָפּעק, די בלומענטאַלס, און געבראַכט האָבן זיי אַהער די צוויי געסטאַפּאָווצעס. מיט רעוואָלווערן אין די הענט צוגעפּירט זיי צו די שטענדיק גרייטע גריבער אַפן לאַגער־בעסאַלמען, געהייסן אויסטאָן די אייבערשטע זאַכן. דערנאָך האָט דער עלטערער געסטאַפּאָוועץ אָפּגערופן די פרוי אין א זײַט, עפּעס גערעדט צו איר, געוואָלט, אַפּאַנעם, זי אין עפּעס איבערצײַגן, אפילע געהאַט דאָס געווער אַרײַנגעלייגט אין קעשע־נע. נאָר די פרוי האָט פּלוצעם זיך א ריס געטאָן צום מאַן, וואָס איז געשטאַנען בא דער גרוב, אַרופּגעפאַלן אים אַפן האַלדז...

ווידער האָט דער געסטאַפּאָוועץ אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער און אויסגעלאָשן דאָס לעבן פון די צוויי יונגע מענטשן.

## און די טליִע וואָרט

דער וואַכטע־אָנפירער, דער אַזויגערופענער אײַנזאַץ־פירער — א פּיפּיקער, געזונטער עסעסאָוועץ — האָט זיך פאַרפאַכעט, בעדייע האָבנ־דיק אַראָפּלאָזן עטלעכע פײַערדיקע פּעטש. אָבער דאָס באָכערל, וועמען די פּעטש זײַנען געווען באַשטימט, האָט, אינסטינקטיוו צי באַוווסטזיניק, פאַרשטעלט זיך דאָס פּאָנעם מיטן עלנבויגן, און דער אײַנזאַץ־פירער האָט זיך צעשלאָגן די האַנט אינעם ביינערדיקן עלנבויגן פונעם כוצ־פּעניק...

דעם יונגן אָסיר האָט עס טײַער געקאָסט. פון אָנהייב האָט זיך א שאָט געטאָן אַף אים א האָגל פון קלעפּ, דערנאָך האָט דער היטלעראָוועץ אים אַנידערגעשלײַדערט און גענומען טרעטן מיט די פיס, ריטשענדיק:

— ווּעסט זיך אַנטקעגנשטעלן, האַ?

ווען דער אײַנזאַץ־פירער איז מיד געוואָרן, האָט ער באַפוילן אַרײַנ־וואַרפן זײַן קאָרבן אין קעלער — „פאַרן שטעלן א ווידערשטאַנד דער מאַכט".

און געווען איז הײַנט דער אײַנזאַץ־פירער גראַדע גוט געשטימט. נאָך דער אויסגעצייכנט אָפּגעשלאָפענער נאַכט איז דער קאָפּ געווען ניכטער און פריש, ווי דער זומער־באַגין, וואָס האָט אָנגעזעטיקט די וועלט מיט א מעכײַעדיק־קילבלעכער לופט. צופרידן מיט זיך און מיטן וועטער, איז ער אַרויס צו זײַנע קנעכט, וואָס האָבן שוין געוואַרט, ער זאָל זיי פאַר־טיילן אַרבעט. אַלע פּענעמער זײַנען געווען צו אים געווענדט מיט דעם געהעריקן אָפּשײַ און מוירע. אָבער די הענט האָבן זיך אים געביסן, און ס'האָט זיי ווי א מאַגנעט א צי געטאָן יענץ טונקלהויטיקע באָכערל, וואָס האָט זיך געקליבן כוצפּעדיק א שמייכל טאָן.

אויך דער געשלאָגענער איז הײַנט געווען אויפגעשטאַנען מיט א גוטן געמיט. ער האָט אַליין ניט געוווסט פאַרוואָס, צי מאַכמעס דעם וווּנדער־לעכן וועטער, וואָס האָט זיך אײַנגעשטעלט נאָך די כמורנע און רעגנדיקע טעג, צי ווײַל נעכטן אַף דער גאַס האָט א פאַרבײַפאָרנדיקער שאָפער אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון דער קאַבינע און אויסגערופן צו זייער קאָ־

לאַנגע: „האַלט זיך! לאַנג וועט איר שוין ניט ליידן!״ דאָס איז געווען נעכטן. און היינט פירט מען אים אין קעלער...

— איך וועל ניט אַנטלויפן. כ׳קאָן דאָך קיין טראָט ניט שטעלן, — האָט, קוים פלאָנטערנדיק מיט די פיס, אײַנגאַנצן אַ צענעריקטער און פאַרבלוטיקטער, געזאָגט דער יאַט צום וואַכמאַן. — איר קאָנט מיך בינדן, אַרײַנוואַרפן, וווּהין איר ווילט, נאָר ניט אין קעלער.

אַנשטאָט אַן ענטפער האָט דאָס באַכערל באַקומען אַ זעץ מיט דער ביקס אין זײַט. ער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, נאָר ניט אופגעהערט בעטן ראַכמים:

— פירט מיך ניט אין קעלער. דאָרט איז מײַן מאַמע. אין דער קיך...

איצט האָט דער וואַכמאַן פאַרשטאַנען: דעם יונגס מוטער אַרבעט אין דער „יודענקיכע״, און ער וויל ניט, זי זאָל וויסן, אַז איר זון ווערט אַראָפּגעלאָזט אַהין, ווו מע האַלט ניט נאָר קאַרטאָפּל, קרויט און בוריע־קעס, נאָר אויך די, אף וועמען ס׳וואַרט די טליע. איז טאַקע גלײַכער אויסמײַדן גוואַלדן און יעלאָלעס. האָט דער וואַכמאַן אַראָפּגעלאָזט אין קעלער דעם פאַרורטייילטן ניט דורך דער קיך, נאָר דורך עפּעס אַן אײַ־זערנעם ליוק, עפּענענדיק און פאַריגלענדיק אים פון דרויסן.

דעם באַכערלס מאַמע האָט אים ערשט ניט לאַנג צוריק געהאַט דער־ציילט, אַז דער מאַנצבל, וואָס איז לעצטנס געווען פאַרשפּאַרט אין קע־לער, האָט דעם גאַנצן טאָג געזונגען. זיי, די קיך־פרויען, שיילן קאַרטאָפּל, בראָקן קרויט, און יענער, אף וועמען עס וואַרט די טליע, זינגט. מעשוגע האָט מען געקאָנט ווערן...

הייסט עס, אַז מע הערט דאָרט אויבן, אין דער קיך, וואָס אין קעלער טוט זיך. מוז מען זײַן שטיל, ניט הוסטן, ניט קרעכצן. די אונטערגעהאַק־טע לונגען פײַפן, אין האַלדז כאָרכלט. ער ווערט שיר ניט דערשטיקט, אײַנהאַלטנדיק דעם הוסט. ס׳פּעלט לופט. ס׳איז דושנע, פינצטער־כוישעך...

אין דער קיך האָבן עטלעכע פרויען געגרייט דעם אָנבײַסן פאַר די, וועלכע מע האָט אַרויסגעטריבן צו דער אַרבעט. פאַרנאַכט, בייס אַלע ווען זיך אומקערן, וועט מען עפנטלעך הענגען דעם פאַרורטייילטן, קעדיי אַלע זאָלן זיך אַראָפּנעמען אַ מוסער־האַסקל...

די עטלעכע קיך־פרויען האָבן שוין געוווּסט, אַז אונטערן דיל, אין קעלער, איז דאָס מאָל פאַרשפּאַרט דער איינציקער זון פון זייער כאַווער־טע, דער שטילער האָרעפּאַשניצע, וואָס זיצט אין ווינקל און שיילט קאַר־טאָפּל.

## קיעוו

שווער פאָרויסצוזען די ביייזווייליק־איבערגעשפּיצטע קאַוואָנעס פון אונדזערע טאַליאַנים. זיי קאָנען אַ ליאַדע רעגע איבערײַסן די שפּיל אף לעבן און טויט, וועלכע זיי פירן מיט אונדז שוין איבער צוויי יאָר. אַלע סימאָנים ווײַזן, אַז זיי גרייטן דעם טראַגישסטן פינאַל. דאָ ניט לאַנג האָט מען דאָך ווידער מיט דער שווידערלעכסטער רעציכע אַרויסגעריסן באַ

דרײַ טויזנט מענטשן פון אונדז און זיי ערגעץ פארשלעפּט. אלץ רעדט דערפאר, אז אונדזערע טעג זײַנען געציילטע. צי קאָן מען זיך מאכן אילוזיעס נאָך ווארשע, ווילנע, ביאליסטאָק? ס׳איז געקומען די ריי פון קאָוונער געטאָ.

ניט ווילנדיק, וואָס די קומענדיקע שאָ קאָן ברענגען, האָב איך באהאלטן מײַן ביסל קסאָווים. אָבער, קאַלזמאַן דו לעבסט, דארף מען דאָך ווײַטער שרײַבן. וועל איך אָנהייבן א נײַעם, ניט לײַכט דערוואַרבענעם העפט. עפשער וועלן די פארשריבענע זײַטלעך דערגיין צו די מענטשן, וועלכע וועלן לעבן נאָך אונדז, און זיי עפעס־וואָס דערציילן וועגן דעם, וואָס מיר זײַנען אויסגעשטאנען.

...צען אזייגער אָוונט. אין גאס טאָר מען שוין ניט ארומגיין. כ׳בין אָקאָרשט געקומען „אהיים״. די מענטשן, מיט וועלכע מיר לעבן אין איין צימער, רוען שוין. כ׳ציגד אָן אין מײַן אָפּגעזונדערט ווינקל א קאנעצל און זעץ זיך שרײַבן.

הײַנט איז זונטיק. הײַנט האָט מען אונדז געלאָזט צורו. מיט זייער טאָגטעגלעכער מעלאָכע פארנעמען זיך די צוירערים, בעדערעך־קלאל, אין די וואָכעדיקע טעג. דעריבער זײַנען מיר הײַנט אויסגעהיט געוועזן פון נעגישעס און פוראָניעס. אָבער מאָרגן? וואָס דערוווארט אונדז מאָרגן? נאָר לאָמיר עס דערווײַל פארגעסן. הײַנט איז געוועזן א רו־טאָג. הײַנט איז דער 26־טער יאָרטאָג פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. הײַנט איז באפרײַט געוואָרן קיִעוו. מיר ווייסן עס!

די היטלעראָווצעס שטעלן זיך געוויס ניט פאָר, אז אין געטאָ, אין א געהיימען קעלער האָט א מיטגליד פון דער אונטערערדישער קאמף־אָרגאניזאציע הײַנט, פונקט ווי יעדן טאָג, געהערט ראדיאָ... מיר זײַנען ניט אָפּגעריסן פון דער וועלט!

דאָס קאנעצל ברענט און שיילט אויס פונעם כוישעך א העלן פלעק. איך זיץ אינעם קרײַז און שרײַב, פארשרײַב, אז הײַנט פון אָוונט האָבן מיר זיך צונויפגעקליבן בא אונדזערן א כאווער אין א קאָנספּיראטיווער דירע אין א זײַטיק געסל, זיך אויסגעזעצט ארום א טיש. אין א העלדזול פון א פלאש האָט געברענט א ליכט און קוים באשײַנט אונדזערע פּנעמ־מער. אפן טיש האָט זיך באוויזן א פלעשל היימישער ווײַן, עס זײַנען פארטיילט געוואָרן פענעצלעך ברויט. מע האָט ארופגעשטעלט עטלעכע גלעזלעך...

דער מאכניס־אוירעך, אונדזער כאווער כ. ק., האָט אופגעהויבן דעם קאָס:

— פאַר די קעמפער! פארן ניצאָכן! פאַר קיִעוו!

עמעצער האָט שטיל־שטיל פארצויגן די בא אונדז באליבטע ליד וועגן פארטיזאן זשעלעזניאק:

כערסאָן ט׳זיך באוויזן, מירן דורכגיין מיט שפּיזן...

אלע ארום טיש האָבן אונטערגעהאלטן דעם זינגער. צוגלײַך זײַנען אין אונדזער דימיען לעבעדיק געוואָרן די כאווײרים, וועמען ס׳איז די

טעג געראָטן ארויסרײַסן זיך פונדאנען. מיר האָבן שוין געוווּסט, אז אײ־
ניקע פון זיי זײַנען געפאלן, פארשניטענע פון קוילן, בייסן קריכן דורכן
צוים, אייניקע — אונטערוועגנס צום וואלד. מיר האָבן זיך פאָרגעשטעלט,
ווי די איבעריקע נעמען אוף דעם אומגלײַכן קאמף מיט פײַנטלעכע לאָ־
קערונגען און רײַסן זיך פאָרויס, פאָרויס... זיי האָבן דאָך אויסגעלייגט
דעם וועג צו די פארטיזאנער פאר זייערע כאוויירים, וואָס ווארטן אומ־
געדולדיק אין געטאָ.

...דאָס קאנעצל אין מײַן ווינקל צאנקט. כ׳מוז פארענדיקן און באַ־
האלטן די אָנגעשריבענע זײַטלעך. לאנג וועט נאָך אויסקומען באהאלטן
זיי? קיעוו איז דאָך שוין באפרײַט!

## אונדזער שרעקלעכער אָריענטיר

ס׳איז, אייגנטלעך, ניט וויכטיק, ווי מיר האָט זיך אײַנגעגעבן אנט־
לויפן צום ערשטן מאָל פון געטאָ. נאָר עפשער איז קעדײַ צו דערציילן
כאָטש בעקיצער, ווי דאָס איז געווען.

צוויי מאָל בין איך אוועק פון טויער מיט גאָרניט.

און אָט בין איך דאָ צום דריטן מאָל. ס׳א קאלטער אָוונט פון סאָף
נאָיאבער, דורכגעווייקט פון א שניי־ און רעגן־געמיש. דער וועטער האָט
צוגעשפּילט. איטלעך איינער איז פארניורעט אין זיך און ס׳גייט אים ווײ־
ניק אָן דער צווייטער.

מיר שטופּן זיך, א מאכנע מענער, באַם קנאָפּ באלויכטענעם ארויס־
גאנג פון געטאָ אָף ארבעט צו דער נאכט־וואכטע. די קאָנוואָירן שרײַען,
זידלען זיך און שלאָגן — „שטעלן אײַן אָרדענונג‟. אינעם געדראנג כאַפּ
איך זיך אדורך דעם טויער, א ניט ארײַנגערעכנטער אין דער בריגאדע,
פון וועלכער איך דארף באלד נעלעם ווערן. מײַנע געלע לאטעס זײַנען
ניט צוגענייט, נאָר צוגעשפּיליעט צום מאנטל מיט זיכערנאָדלען.

— זײַט אזוי גוט, נעמט מיר אראָפּ די לאטע פון רוקן, — ווענד איך
זיך אין דער שטיל צום מאנצבל הינטער מיר.

האָט ער דערהערט? איז ער גרייט צו שטעלן זיך אין א געוויסער
סאקאָנע? איך פארלאנגזאם דעם טראָט, דערנעענטער זיך צו אים. כ׳דער־
פיל פינגער אָף מײַן רוקן, זיי באפרײַען מיך פון א לאסט. כ׳שטעק אויס
א האנט אָף הינטן. מע לייגט מיר ארײַן אין איר דעם געלן מאָגנדאָוויד.
פון דער ברוסט נעם איך אליין אראָפּ די לאטע און באהאלט שוין ביידע
אין קעשענע. טאָמער...

דער מאנצבל, וואָס האָט מיר געטאָן די טויווע, די שכיינים אין דער
ריי פארשטייען אוואדע מײַנע קאוואָנעס און זײַנען מיר געוויס מעקאנע:
אָט, א גליקלעכער! ער שפּרינגט באלד ארויס אָף דער פרײַ, ראטעוועט
זיך...

איך מוז איצט, כאָטשבי צײַטווײַליק פארלאָזן די געטאָ, ביז די גע־
פאר, וואָס האָט זיך אָנגערוקט דירעקט אָף אונדזער מישפּאָכע, וועט זיך

א ביסל צעשטרייען. נאָר ביכלאל איז די געטאָ א זיך טרינקענדיקע שיף. ווער ס'איז בעקויעך, דארף אנטלויפן. פארשטייט זיך, אז ס'איז געפער־לעך. ניט אלע זײַנען גרייט צו ריזיקירן. ניט אלע האָבן אוועלכן־ניט־איז אָנהאלט אף דער „פרײַ", ווייסן ניט פון קיין טיר, וואָס זאָל פאר זיי זיך דאָרט עפענען. בין איך עס דער גליקלעכער? גייט דאָך ארום בא אונדז א גלײַכווערטל: „זײַן אין געטאָ איז א שפּיל מיטן טויט, אין שטאָט — א שפּיל מיט דער געסטאפּאָ". וואָסערע פון זיי איז געפערלעכער? מעג־לעך, אז איך פארקירץ אליין מײַן וועג צו דער גרוב...

כ'שאר זיך ארויס פון דער ריי און ווארט אפן שאָס, וואָס דארף א קנאל טאָן הינטער מיר. וועל איך אים בלויז הערן?.. דאָס געסל איז שמאָל, טונקל. די קאָנוואָיִרן זײַנען נאָך אלץ פארטאָן מיטן אײַנשטעלן זייער אָרדענונג...

עס געלינגט מיר! איך כאַפּ זיך ארײַן אין אן אָפענעם טויער. דאָרט דארף איך אָפּווארטן, די בריגאדע זאָל זיך דערווײַטערן. איך דארף אויך אויסטאָן מײַן היטל און אָנטאָן דעם קאפּעליוש, וועלכן כ'טראָג אונטער דער פּאָלע פון מאנטל.

אינסטינקטיוו טו איך א פּראל אָפּ אף צוריק: א קאָנוואָיִר פון א בריי־גאדע, אין וועלכער איך האָב א לענגערע צײַט געארבעט, טוט דאָרט א היצטארכעס. בין איך ווידער אף דער גאס, קוק אויס א צווייטן אָפענעם טויער. כ'מוז אומבאדינגט אָנטאָן דעם קאפּעליוש. דאָס איז א שטיקל מאסקירונג: ייִדן איז דאָך פארבאָטן טראָגן קאפּעליושן...

ענדלעך!.. האלעמײַ זאָל איך לייקענען — ס'האָבן מיר גוט אונטער־געציטערט די קני, דערפילנדיק די גלאטע הארטקײַט פון טראָטואר־פּליטן. שוין געווען אָפּגעווינט... איך שטויס מיך אָן אין אן עסעסאָוועץ. טרעט ניט אָפּ אין א זײַט, נעם ניט אראָפּ פאר אים דעם קאפּעליוש, וועלכן כ'האָב שוין מיט מאזל ארופגעזעצט אף מײַן קאָפּ, נעם ניט ארויס די הענט פון די קעשענעס. דאָס אלץ בין איך איצט ניט מעכוייעוו צו טאָן... ס'איז טונקל. דער ראנד פונעם קאפּעליוש איז טיף פארבויגן איבער מײַן פּאָנעם.

אפן אָפּגערעדטן אָרט ווארט שוין אומגעדולדיק מײַן טרײַע און דרייס־טע לעבנסבאגלייטערן, וועלכע האָט שוין א גאנץ היפּשן סטאזש אין „ארומשווימען" איבער דער שטאָט אָן לאטעס. זי איז בלאָנד, האָט העלע גרויע אויגן, א פאריסן נעזל און קאָן קאָן אָנגיין פאר א ליטווינערן אָדער אפילע „רייַנבלוטיקער" דײַטשקע. האָבנדיק אף איר צאד דעם „ארישן" אויסזען, ריזיקירט זי די גאנצע צײַט פון דער אָקופּאציע. איצט ווארט זי אפן „ראנדעווו" מיט מיר.

איך גיי זי האסטיק פארבײַ, געבנדיק א צייכן ניט צוצוגיין צו מיר: עפּשער שפּירט מען מיר נאָך. צו לאנג האָט געדויערט די פּראָצעדור פון מאכן פּלייטע. מײַן פרוי טוט מיך אָבער א נעם אונטערן אָרעם, ווי וועלנדיק געבן א דרינגענדיקע הילף. צוגעטוליעטע „שפּאצירן" מיר איצט,ביידע שטאָטיש אָנגעטאָנענע, זי — אפילע אין א שיין פּילצן היי־טעלע. ווער וועט כוישעד זײַן, אז דאָס זײַנען אנטלאָפענע פון געטאָ?

און ווער וועט צווייפלען, אז ס'איז ניט קיין פארליבט פּאַרל, וואָס שיצט זיך אונטערן שירעם סײַ פונעם נאסן שניי, סײַ פון א זײַטיקן בליק?

מיר גייען אזוי אָפּ א רעכטן מעהאלעך. די הײַזער ווערן שיטערער, די פארבײַגייער — זעלטענער. די אינווייניקסטע שפּאנונג לאָזט אָפּ. מיר פילן בעכוש, אז קיינער פארפאָלגט אונדז ניט און מיר קאָנען זיך פאר־נעמען צום ציל. בלויז איין מאָל איז מײַן באגלייטערן דאָרט געווען. אײ־נעם דורכויסיקן כוישעך דארף זי איצט געפינען דאָס כוטערל פונעם פויער, וואָס האָט צוגעזאָגט מיך א שטיקל צײַט אויסבאהאלטן בא זיך. אופגעהויבן זיך מיטן שאָסיי בארג־ארוף, בלײַבט אונדז אָפּגיין א קילאָמעטער זעקס אין דער ריכטונג פונעם פײַער־אָפּשײַן אפן האָריזאָנט!

קלאנגען, אז מע ליקווידירט די מאסן־קוואָרים און מע פארברענט די הארוגים אין נײַנטן פאָרט, זײַנען שוין געווען דערגאנגען צו אונדז. א שטארקער ווינט פלעגט אָנטראָגן אין געטאָ דעם רייעך פון געברענטע פלייש און ביינער. איצט זעען מיר דעם פלאם.

געווען אין געטאָ אזוינע, וואָס האָבן נאָך אלץ געצווייפלט, צי דאָס אלץ — סײַ די שכיטעס, סײַ דאָס פארברענען די טויטע — קאָן געמאָלט זײַן. איצט זעען מיר מיט די אייגענע אויגן... א סאָף צו די איליוזיעס וועגן גוירל פון די ארויסגעפירטע אין די אקציעס. דער פלאם פון זייערע ברענענדיקע קערפּערס איז אונדזער אָריענטיר. דאָס געזוכטע כוטערל געפינט זיך דערנעבן. גייען מיר אהין דורך כוישעך, ווינט און בלאָטע, אקעגן דעם אלץ גרעסער ווערנדיקן פײַער און שטארקער ווערנדיקן רייעך פון סמאלינעס.

— פארגעס עס ניט! — רײַסט מײַן פרוי איבער דאָס פארקלעמטע שווײַגן. — פארגעדענק אפן גאנצן לעבן!

„אפן גאנצן לעבן"... מישטיינסגעזאָגט, מײַן לעבן. גיט מיר פאר אים א שמעק טאבעק אין אָנבליק פון אָט יענעם בראנד. עס פארגייט דער כיישעק צו לעבן. דעם מוט האלט א ביסל אוף דער געדאנק, אז ס'וועט אונדז געלינגען שאפן א שטיקל אדרעס פאר אונטערערדלער, אן אָרט, ווו מע זאָל גרייטן אנטיפאשיסטישע פלוגבלעטלעך. עס האנדלט זיך פאר מיר אויך וועגן א מעגלעכקײַט צו שרײַבן.

מיר גייען אנטקעגן אונדזער שרעקלעכן אָריענטיר. זײַנע פײַער־צונגען רײַסן די וועלט פאר אירע שווארצע קודלעס. דער פלאקער קרעכצט, יאָמערט...

דערפרוירענע, אויסגעווייקטע, פארבלאָטיקטע, טרעטן מיר אריבער די שוועל פון די, וואָס זײַנען גרייט אונדז העלפן. א מיטליאָריק פויערש פּאָרפאָלק, מיט פענעמער צעאקערטע אין קנייטשן, ווי די ערד, וואָס זיי באארבעטן, באגעגנט אונדז פרײַנטלעך.

דער פויער גייט ארויס אף א רעגע — אָפּצולאָזן דעם הונט פון דער קייט... די פויערטע איז אונדז מעכאבעד מיט פריש שווארצברויט, וואָס שמעקט מיטן רייעך פון לעבן, און פעטע זויערמילך. אפן פריפעטשיק זידט א טאָפּ קארטאָפל.

מיר זיצן באַם טיש און שווײַגן. א יונג באָכערל און א קליין פלאַקס־
האָריק מיידעלע — די קינדער פון די באַלעבאַטים — קאָסיען אַף אונדז
נײַגעריק פון דער זײַט. אויך זיי וועט מען דאַרפן זיך פאַרטרויען, ארײַנ־
ציִען אין דעם שטרענגן און שווערן סאָד פון די דערוואַקסענע... איך פיל,
אז מיר זײַנען נויסע־כיין בא אונדזערע מאַכניס־אָרכים. נעמט נאָך ווײַ־
טעקדיקער נאָגן די פראַגע: שאַצן די מענטשן אָפּ די סאַקאָנע, וועלכע
מיר האָבן ארופגעבראַכט אַף זייער, ווי ס'האָט אויסגעזען, רויקער געסט?
און צו זיך קומט קימאַט א פאָרוואורף: האָבן מיר רעכט עס צו טאָן?

— איך וועל נאָך הײַנט אומקערן זיך אין שטאָט, — זאָגט פלוצעם מײַן
פרוי, ווי וועלנדיק דורך איר אוועקגיין פאַרמינערן די טויט־געפאַר,
וועלכע באַדראָעט איצט די פרײַנטלעכע מענטשן.

— ווו וועט איר גיין. ס'א זינד א הונט ארויסצוטרײַבן אין אזא ווע־
טער, — מאַכט דער פויער.

— איך מוז אָבער... טאָר דאָ ניט בלײַבן...

די פויערטע טוט פלוצעם זיך א שאַר צו צום פענצטער, ציט א ביסל
אָפּ דעם לײַנענעם פאָרהאַנג.

— קוקט, — זאָגט זי ציטעריק און נעמט זיך ציילעמען. — איך האָב
געשווירן...

דער אָפּשײַן פונעם מוירעדיקן שײַטער־פײַער רײַסט זיך ארײַן אין
שטוב, דער אָפּשײַן פון אונדזערע ברענענדיקע טאַטע־מאַמע, ברידער און
שוועסטער. זייער פלאַם — אונדזער שרעקלעכער אָריענטיר — צינדט אָן
הערצער, מאַכט מענטשן פאַר קעמפער. אין זכוס פון די פלאַקערנדיקע
קאָרבאָנעס זײַנען מיר ביז איצט געבליבן לעבן. אין זייער זכוס זײַנען
מענטשן גרייט זיך מאַקריוו זײַן פון אונדזערטוועגן. האָבן מיר עס פאַר־
דינט?

...ניט לאַנג האָב איך באַשווערט מײַנע ווילדע גאַסטגעבער. ס'האָט זיך
ארויסגעוויזן, אז שוין פריִער האָבן דאָ געפונען שוץ עטלעכע געלאָפּענע
פון געטאָ (בײַס מײַן אָנקום זײַנען זיי פאַרטײַעטע געזעסן אינעם שכײַ־
נעסדיקן צימערל). נאָך מיר זײַנען צוגעקומען נאָך אייניקע אנטרונענע
פון אונדזער שטעטל. אויך א געלאָפּענעם פון לאַגער קריגסגעפאַנגענעם
האָבן געגעבן אָן אָפּדאַך די דאָזיקע הילפסגרייטע מענטשן. קיינעם פון
די גערוידעפטע האָבן זיי ניט געקאָנט אנטזאָגן. זיי זײַנען אָבער געווען
ניט גענוג אָפּגעהיט, האָבן איבערגעשאַצט די אייגענע קויכעס און ניט
דערשאַצט די געפאַר.

כ'האָב ניט געהאַט קיין רעכט זיי אָפּצורייידן פון טאָן דאָס, וואָס זיי
האָט אונטערגעזאָגט דאָס געוויסן. כ'האָב זיי אָבער געוואָרנט זײַן פאָר־
זיכטיק, ניט פאַרלאָזן זיך אַף גאָט, ווײַל אויך ער היט דעם, וואָס היט זיך
אליין.

וועגן אופשטעלן דאָ א קאָנספּיראַטיוון פּונקט האָט קיין רייד ניט
געקאָנט זײַן. כ'האָב פאַרלאָזט די דאָזיקע שטוב מיט א שווער האַרץ און
צוגלײַך מיט א טיפן דאַנק צו די, בא וועמען אונדזער טראַגעדיע האָט
אָנגעצונדן דאָס עמעסע מענטשלעכע פײַערל. ווידער איז אויסגעקומען

אָנצוטאָן די געלע לאַטעס, וועלכע איך האָב געהאַלטן אין קעשענע אַל קאָל צאָראָ שעלוי טאָווי[1], און אַרײַנבאַקומען זיך צוריק הינטערן שטעכדראָט.

ליידער האָבן זיך באַרעכטיקט מײַנע כשאָשעס. אין עטלעכע כאָדאָשים אַרום איז געשען דער אומגליק. צוזאַמען מיט די אויסבאַהאַלטענע מענטשן האָט באַצאָלט מיטן לעבן דער פויער יאַנאַס יוריאַוויטשיוס פונעם דאָרף זשעמײַטקעמיס, הינטער קאָוונע, וואָס איז געלעגן האַרט בײַ יענעם שרעקלעכן אָרט ענטיר.

## די לעצטע?

בײַ אַ געלעגנהײַט האָט מיר איינער אַן עלטערער ייִד פאָרגעלייענט זײַנע פּערזן, פאַרפאַסטע אין געטאָ. ס׳איז געווען אַ גאַנץ פּרימיטיווע גראַמען־פלעכטערײַ. פונדעסטוועגן האָב איך די ערשטע פאָר שורעס פון זײַנער אַ ליד פאַרגעדענקט. אָפט כאַזער איך זיי אַפילע איבער אין זיקאָרן:

> מיר זײַנען די לעצטע שיראַים פון שטאַם,
> געשלײַדערטע שפּענדלעך אַפן ברויזנדן יאַם.

איבערכאַזערנדיק, טראַכט איך: טאַקע די לעצטע? „ייִדנריין״ איז שוין לאַנג די ליטווישע פּראָווינץ. אין ווילנע זײַנען געבליבן בײַ טויזנט פאַר־שפּאַרטע ייִדן אין אַן אַרבעט־לאַגער. אין שאַוול זשיפּעט אַ קליינע געטאָ פון אַ פאָר טויזנט נעפאַשעס. אין קאָוונע... מיר זײַנען דאָ נאָך בײַ צען־צוועלף טויזנט אַסירים.

דער פראָנט רוקט זיך אָף מײַרעוו, דערנעענטערט זיך צו אונדז, און די באַגריפן „עוואַקואַציע״, „ליקווידאַציע״ הענגען דראָענדיק איבער דער געטאָ. ס׳האָבן זיך באַנײַט די קלאַנגען, אַז מע וועט אונדז סטעריליזירן...

איך טרעף אַ באַקאַנטן, אַ גוט אינפאָרמירטן מענטשן, וועלכער דער־שמעקט אָפּט, ווי מיר האַלטן אין דער וועלט. אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, און כ׳ציטיר אים אָפּ די צוויי געגראַמטע שורעס, וואָס איך האָב פאַר־געדענקט, און פרעג, צי ער האַלט אויך, אַז מיר זײַנען טאַקע די לעצטע.

ענטפערט ער מיר זייער פּאַרי:עשט:

— סײַדן, אַ נעס זאָל געשען. די קלאַנגען וועגן סטעריליזאַציע האָבן אַ יעסאָד. סײַדן, מע וועט ניט באַווײַזן. די געסטאַפּאָ האָט בעדייע אונדז צו ליקווידירן — אַלעמען ביז איינעם!

זײַנען מיר טאַקע די לעצטע? נאָר עפּשער...

## געבליבן מיטן אייגענעם גורל

— הערט אויס, איך וויל אײַך עפּעס דערציילן, — מאַכט צו מיר אַ קליין זשוואַוו ייִדל, מיט וועלכן איך האָב אַ לענגערע צײַט געאַרבעט אין

[1] על כל צרה שלא תבוא — פאַר יעדן בייזן פאַל.

איין בריגאדע. איצט זײַנען מיר צופעליק ביידע געשטאַנען אין דער ריי צו באַקומען די שפּײַז־נאָרמע. — וואָס וואָלט איר געטראַכט, ווען אָב־שטאָט אוועקצופירן אײַך אַף אײַער שטענדיקן אַרבעטפּלאַץ, צום אָנשיט באַם טײַך־ברעג, פירט מען אײַך גאָר אוועק אַף דער אײַזנבאַן פאַר־פלעכטן מיט שטעכדראָט די פענצטערלעך פון פראַכט־וואַגאָנען; און נאָך דער אַרבעט, אָנשטאָט צו ברענגען אײַך אין געטאָ, ווערט איר אוועק־געפירט אַף לאַסטמאַשינעס ניט אַנדערש ווי אַפן גײַגטן פאָרט. מע פאַר־שפּאַרט אײַך דאָרט אין אַן אונטערערדישער טפּיסע הינטער אײַזערנע גראַטעס... וואָס וואָלט איר געטראַכט? אוואדע, אַז געגרייט האָט איר וואַגאָנען אַרויסצופירן דעם רעשט מענטשן פון געטאָ, אַרויספירן אַף אומקום, ווי מע האָט עס געטאָן אין ווילנע. געטראַכט וואָלט איר אויך, אַז אײַך גופא האָט מען געבראַכט אָפּצוקוילען... קיינער גייט דאָך קיין לעבעדיקער ניט אַרויס פון דעם פאָרט...

שטייען מיר אַזוי בײַ די גראַטעס, וועלכע טיילן אונדז אָפּ פונעם קוים באַלויכטענעם קאָרידאָר, וואַרטן, מע זאָל אונדז קומען אַרויספירן שיסן. ס'דערהערן זיך טריט, ס'טראַמפּלען הילצערנע זוילן אַף בעטאָן. אין קאָ־רידאָר לאָזט זיך אַרײַן אַ מאַכנע אָפּגעריסענע, פאַרכוישעכטע מענטשן. אַלע שטעלן זיך אויס אין אַ ריי, גייען צו צו איינעם, וואָס נעמט אַראָפּ זיי קייטן פון די פיס, און דאַן צעקריכן זיך אַלע איבער די קאַמערעס. אויך פאַרבײַ אונדז גייען דורך עטלעכע מאַנצבלעך. כ'דערזע אַ ווײַטן באַקאַנטן. פאַר דער מילכאָמע האָבן מיר געלעבט אַף איין גאַס. פאַרהאַלט ער זיך לעבן מיר בײַ די גראַטעס און פרעגט דערשטוינט:

— און וואָס טוט איר דאָ?

— מע האָט אונדז געבראַכט... מיר האָבן פאַרקראַטעוועט פענצטער־לעך פון פראַכט־וואַגאָנען. מיסטאַמע ליקווידירט מען די געטאָ, — ענטפער איך. — נו, און איר, וואָס טוט איר דאָ?

— מיר... מיר ברענען טויטע... די דערשאָסענע... ס'איז קלאָר, מע ליקווידירט אונדזער געטאָ. ווי אומעטום. נאָר די, וואָס ברענען די מייסים, וועט מען נאָך אַ שטיקל צײַט לאָזן לעבן... נאָך פאַראַן אַ סאַך אַרבעט... עפּשער בײַטן מיר זיך? אײַער קאַמערע איז ניט פאַרשלאָסן. די דײַטשן קאָנטראָלירן נאָר די אַלגעמיינע צאָל מענטשן. קיין נעמען האָבן מיר דאָ ניט, אפילו ניט קיין נומערן. עפּשער בײַטן מיר זיך? דאָ איז מען זיכער מיט עטלעכע כאַדאָשים לעבן. און עסן גיט מען צו זאַט... די דײַטשן זאָגן, אַז אַרבעט האָבן זיי פאַר אונדז איבערגענוג אויך אַנדערשווו... בײַטן מיר זיך? איך קאָן זיך שוין דעם טויט ניט דערוואַרטן... נאָר שנעל, שנעל מאַכן מיר עס. לאַנג טאָר איך זיך ניט פאַרהאַלטן בײַ אײַערע גראַטעס...

ווער איך צעטומלט: „עפּשער טאַקע בײַטן זיך? אָפּגעבן דעם אייגענעם און נעמען יענעמס גוירל". דער באַקאַנטער איז גרייט, וואַרט אַף מײַן האַסקאָמע.

— זאָל שוין זײַן, ווי יעדערן איז באַשערט, — באַשליס איך.

ביידע שווײַגן מיר אַ ווײַלע.

— זאָל זײַן אַזוי, — גײט דער באַקאַנטער אַוועק צו זײַן קאַמערע און פאַרשווינדט הינטער דער אײַזערנער טיר.

אַזוי זײַנען מיר געבליבן איטלעכער מיט זײַן גורל, ווי ס'ווערט דער־ציילט אין דער פאָלקסמעשׂה. איינער איז געקומען קלאָגן זיך פאַרן רבי־בוינעשעלוילעם אַף זײַן ביטערער דאָליע. האָט גאָט אויסגעשטעלט גוי־ראָלעס פון אַ סאַך מענטשן, צווישן זיי אויך פון דעם, וואָס איז געקומען זיך באַקלאָגן, און געזאָגט: „קלײַב זיך אויס". האָט דער מענטש געקוקט, געקליבן, געוויגן, געמאָסטן, איבערגעטראַכט און אַ כאַפּ געטאָן דעם איי־גענעם גורל.

— נו, און ווי איר ווייסט, האָט מען די וואַגאָנען מיט די פענצטערלעך, וועלכע מיר האָבן פאַרגראַטעוועט, טאַקע אָנגעפּראַפּט מיט עטלעכע טויזנט מענטשן פון געטאָ און פאַרשלעפּט ערגעצוווּ. אונדז, מיר זאָלן ניט אויס־פּלאַפּלען וועגן די צוגעגרייטע וואַגאָנען, האָט מען פאַרהאַלטן אין פאָרט אַף איבער נאַכט און נאָך דער אַרויספּירעניש צוריקגעבראַכט אין געטאָ, — האָט פאַרענדיקט דאָס קליינע, זשוואַווע ייִדל, מיט וועלכן מיר האָבן זיך באַגעגנט אין באַשפּײַזונגס־פּונקט.

דערווײַל איז דערגאַנגען אונדזער ריי צו באַקומען די ברויט־פּאָרציע.

## פאַשיסטישער „גרויסמוט"

דער שעף פון די קאָנצלאַגערן אין ליטע ביכוווידע־וועאַצמוי שטורמ־באַנפירער ווילהעלם געקע האָט אין דער באַגלייטונג פון זײַנע יאַצער־מעשאָרסים צום ערשטן מאָל פאַר דער צײַט פון זײַן באַלעבאַטעווען באַזוכט די האַנטווערקער־שול אין געטאָ.

וואָס איז די סיבע פונעם באַזוך? צי דען אַ קוק צו טאָן, ווי עס ווערן געגרייט די צוקינפטיקע קנעכט?

ווי ס'איז געווען צו דערוואַרטן, האָט מען באַלד געגומען טײַטשן דעם דאָזיקן שריט פון אונדזערע מושלים. עמעצער האָט דערציילט, ווי ליב דער הויכגעשטעלטער עסעסאָוועץ איז געווען צו די קינדער. ער האָט זיי געטאַפּט די הענטלעך, באַדויערט, וואָס זיי זײַנען בלוי פון קעלט. גוט אויסזידלענדיק דעם שול־פאַרוואַלטער, האַלעמײַ ער זאָרגט זיך ניט פאַר זײַנע דערצויגלינגען, האָט דער פאַשיסטישער קאַרפּנקאָפּ מיטלײַדפול באַטאָנט, אַז די „אָרעמע דערפרוירענע קינדערלעך" זײַנען אויסגעבלייכט, אויסגעמאָגערט. קענטיק, אַז זיי ווערן שלעכט דערנערט. דעריבער האָט ער אין אַלעמענס אָנוועזנהײַט באַפוילן זײַנע געהילפן ברענגען פאַר דער שול הייצוואַרג, אָנגעוויזן, וויפל פלייש, פּוטער און צוקער מע דאַרף צוגעבן צו דער שפּײַז־נאָרמע פון יעדן קינד, וואָס לערנט זיך אַ פאַך, אַפילע צוגעזאָגט האָלענדישן קעז און מאַרמעלאַד...

אויך אַ צווייטע ניט געוויינלעכע געשעעניש האָט אַרויסגערופן כידעש. דער געסטאַפּיסטישער אַכזער קיטעל (ס'האָט פּאַסירט, ער האָט באַגעגנט אַ קינד, געהייסן אים עפענען דאָס מויל און, אָנשטאָט דער צוגעזאָגטער

קאָנפעט, ארײַנגעשאָסן), דער אכזער קיטעל האָט אַף זײַן אייגענער מאַ־שין צוריקגעבראכט אין געטאָ צוויי קינדער, וועלכע ער האָט אנטדעקט אויסבאהאלטענע בא ליטווינער. געבראכט בײדע קינדער, פרישע, גע־זונטע, און געהייסן איבערגעבן די עלטערן. אפילע ניט געפרעגט, וועր דאָס זײַנען. געווײנלעך איז דער גורל פון אזוינע קינדער און זייערע עלטערן געווען א געכאסמעטער — די גריבער און פלאמען פונעם נײַנטן פאָרט.

דעם פלוצעמדיקן „גרויסמוט״ פון די פאשיסטן האָט מען קאָמענטירט פארשיידן. „אָפּטימיסטן״ האָבן אין אים אײַנגעזען א דערמוטיקנדיקן סי־מען: די מאַפּאָלעס אַף די פראָנטן צווינגען די הענקער זיך צו פאר־טראכטן, צווינגען אופהערן מאָרדן. ס'איז דאָך איצט ניט מער הארבסט 1941...

די געשוווירענע סקעפטיקער האָבן זיך געהאלטן בא זייער שטענדיקער מיינונג: דערוואַרט ניט קיין גוטס פון פאשיסטן!

די ווירקלעכקײַט אליין האָט גאָר שנעל אנטשיידן, ווער ס'איז גערעכט. אלץ האָט זיך אופגעקלערט אין עטלעכע טעג ארום, בײַס דער אקציע אַף קינדער און אלטע לײַט, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן.

דער שטורמבאַנפירער געקע, וואָס האָט אזוי מיטגעפילט די „אָרעמע דערפרוירענע קינדערלעך״, האָט מיט די אייגענע הענט געוואָרפן אוי־פעלעך אין געדעקטע לאסט־אווטאָס, אָנגערייצט הינט אַף מוטערס, וועלכע האָבן זייערע קינדער ניט אָפּגעלאָזט. ער האָט געקאַטשעט זיך פון גע־לעכטער, הערנדיק די הארצרײַסנדיקע געשרייען פון די אומגליקלעכע פרויען, צעביסענע פון די אָנגערייצטע הינט, צעמיימעסטע פון צווייפּי־סיקע ברוּים. יאָ, ער האָט בארעכטיקט דעם פיורערס צוטרוי און „אָפּגע־רייניקט״ די געטאָס און קאָנצלאגערן אין ליטע פון „נוצלאָזע עסערס״. דער דאָזיקער הענקער מיט הויכבילדונג, דער ליבהאָבער פון די „שיינע קונסטן״ — פון ליטעראטור, מאָלערײַ און מוזיק — האָט מיט זײַן אכזאָ־ריעס איבערגעשטיגן אלע זײַנע פאָרגייער בא אונדז.

ווידער זײַנען גערעכט געווען די אזויגערופענע „פעסימיסטן״. זיי האָבן געהאט געוואָרנט, אז פאשיסטן בלײַבן פאשיסטן. היטן זאָל מען זיך פאר זייער „גרויסמוט״ ניט ווייניקער, ווי פאר זייער רעציכע. די „גוטהאר־ציקײַט״, וועלכע זיי ווײַזן צומאָל ארויס, איז בלויז א מיטל אײַנצושלע־פערן דעם קאָרבן, אָפּצוטעמפּן זײַן וואכזאמקײַט.

## די שפּיל אין בערעלעך

אוואדע האָט קיינער זיך ניט פאָרגעשטעלט, וואָס דער דאָזיקער גע־ווײנלעכער, קילבלעכער און זייער לויטערער טאָג פון סאָף מארט וועט ברענגען די אסירים פונעם געטאָ־פּיליאַל, דעם לאגער באם אעראָדראָם. פון דער ארבעט איז מען צוריקגעגאנגען האָפערדיק: שטאָטישע טויש־

ווים האָבן איבערגעגעבן וועגן נײַע מאפאָלעס פון די „וועלט־באַצווינגער״, וועגן דעם, אז היטלער איז זיך ווידער מוידע אין „פראָנט־פארקירצונגען און אויסגלײַכונגען״... דער פראָנט דערנענטערט זיך. מיט אים דערנענ־טערט זיך דער סאָף צום קאָשמאַר, דער סאָף צו דער אָקופּאַציע!

ס'איז שוין פאַר קיינעם ניט געווען קיין סאָפעק, אז אוועק איז דער לעצטער ווינטער אין דער קנעכטשאַפט, און געוויס האָט קיינער זיך ניט פאָרגעשטעלט, אז אין אזא לויטערן טאָג פון אָנהייב פרילינג וועט געשען אזוינס...

נאָך דעם, ווי מע האָט די דערוואַקסענע ארויסגעפירט צו דער ארבעט, זײַנען אין לאַגער ארײַנגעפאָרן עטלעכע לאַסט־אווטאָס מיט איבערגע־דעקטע בוידן און געבליבן שטיין באַם ארײַנגאַנג פון באַראַק פאַר קליינע קינדער און עלטערע לײַט. פון די אווטאָס זײַנען אראָפּגעשפרונגען עט־לעכע עסעסאָווצעס און ארײַן אהין.

— מע וועט זיך שפילן אין בערעלעך, — האָבן זיי געמאָלדן די על־טערע לײַט, וואָס האָבן אופגעפאַסט אפן קליינוואַרג. — דערקלערט עס די קינדער, זיי זאָלן זיך ניט שרעקן.

א מאָדנע שפיל איז עס געווען: מע האָט אויסגעשטעלט די קינדער אין א שערענגע — איינס הינטערן אנדערן, ווי צו א „געגנדזן־מאַרש״, און געהייסן זיי אויסשטרעקן אין א זײַט די רעכטע הענטלעך. דעמלט האָבן די היטלעראָווצעס מיט שטריק צונויפגעבונדן די אויסגעשטרעקטע הענט פון די קינדער צו צען אין א גרופע.

— מיר וועלן זיך שפילן אין בערעלעך, אין בערעלעך! — האָבן די דײַטשן גענומען זינגען, צוטופענדיק צום טאַקט מיט די פיס. ציִענדיק פאַר די שטריק, האָבן זיי ארויסגעפירט אין דרויסן די גרופעס צונויפגע־בונדענע קינדער.

אזוי האָט קליינוואַרג ארויסגעטאַנצט צו די אווטאָס און איבער צוגע־שטעלטע לייטערלעך ארײַנגעקראָכן אין די בוידן. אָן טומל, מיט אָן אָר־דענונג.

קוים שלעפנדיק די פיס, זײַנען די עלטערע לײַט נאָכגעגאַנגען די קינדער, באַגלייט זיי אין דעם „ספעציִעלן״ לאַגער פאַר ניט־ארבעטפייִקע.

ניין, איך וועל ניט פרווון, וועל גאָר ניט וואַגן באַשרײַבן דאָס, וואָס הינטערן שטעכדראָט האָט זיך אָפּגעטאָן, ווען די עלטערן האָבן זיך אומ־געקערט פון דער ארבעט. ניטאָ פאַר דעם קיין ווערטער. כ'וועל נאָר פאַר־צייכענען, אז מע האָט געשאָלטן גאָט און דעם מענטשן, וועלכן ער האָט באַשאַפן אין זײַן געשטאַלט. מע האָט פאַרשאָלטן זיך דעם טאָג פון גע־בוירן. אייניקע האָבן גענומען מיספּאַלעל זײַן, גאָט זאָל זיך דערבאַרעמען אף די אומשולדיקע ברעקעלעך. אנדערע האָבן גערופן נעמען נעקאָמע. אָבער וויִאזוי? און מיט וואָס? די נעקאָמע פאַרן בלוט פון א קליין קינד האָט דאָך דער טײַוול אליין ניט צוגעטראַכט.

ניין, קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן אף די קלינגעוודיקע קלעפּ פונעם האַמער אינעם שטיק אופגעהאַנגענעם רעלס, וואָס האָבן גערופן צום

אָונט־עסן. ווען מע האָט א צווייט מאָל געקלונגען — לאנג און אומגעדולדיק, — האָט עמעצער פון די מענטשן אין באראק א זעץ געטאָן זייַן ליימענעם עס־געשיר אין דיל. אים האָבן נאָכגעטאָן אלע. שערבלעך פון שיסלען און טעפלעך האָבן זיך געוואלגערט אונטער די פיס, ווי שפּליטערס פון צעבראָכענע וועלטן. און פונעם אויסגעבראָכענעם געיאָמער האָבן בעפּויעל־מאמעש געציטערט די פענצטער־שויבן.

אפילע דער זייער שטרענגער און אומבערעכמאָנעסדיקער לאגער־קאָמענדאנט איז ניט אימשטאנד געווען צווינגען די מענטשן נעמען זייער שטיקל ברויט און גיין שלאָפן. באשטראָפן פאר ווידערשפּעניקייַט מיט טויט? דער טויט וואָלט איצט געווען אן אויסלייזונג. דער קאָמענדאנט האָט אויך ניט געקאָנט ארויסטרייַבן די מענטשן אַף מאָרגן אינדערפרי צו דער ארבעט. קיינער האָט ניט געפאָלגט.

דעם היטלעראָוועץ האָט ארומגעכאפּט אן איימע: אזא אומאָרדענונג! אזא ווילקיר! און יענע שערבלעך (פול זייַנען מיט זיי די דורכגענג צווישן די נארעס) האָבן אויסגעזען ווי א צייכן פונעם סאָף פון דער וועלט און ווי לעבעדיקע געגרילצט אונטער די פיס, אזש מוראשקעס זייַנען געקראָכן איבערן לייַב.

א סאָפעק, צי דער קאָמענדאנט וואָלט אייַנגעגאנגען אַף דער „שפּיל אין בערעלעך", ווייַל קאָלזמאן מע האָט געהאלטן אין לאגער די „ווערעם", האָבן זייערע עלטערן געארבעט, און דאָס האָט פילפאך געדעקט די שפּייַזקאָסטן פון די „בוצלאָזע עסערס". ליקווידירן וואָלט מען זיי געקאָנט אין דער זעלבער צייַט, ווען פאר די עלטערן וועט שלאָגן די שאָ.

פון דעם, וואָס מע האָט זיך צוגעייַלט אומברענגען די קינדער, איז א טאָג ארבעט געגאנגען אין גיוועץ. דער קאָמענדאנט האַט אים בעקאוואָנע מאקריוו געווען. אפן אנדערן טאָג גאנצפרי האָט ער געלאָזט מעלדן, אז ס'איז אָנגעקומען א גוטע יעדיִע פון די קינדער. ער האָט א טעלעגראמע, וואָס וועט ווערן עפנטלעך פאָרגעלייענט, ווען אלע וועלן זיך אויסשטעלן צום גיין ארבעטן.

פון עפּעס א פאפיר האָט דער היטלעראָוועץ הויך אפן קאָל און מיט גרויס אָנשטעל געלייענט, אז די קינדער זייַנען עוואקויִרט געוואָרן, קעדיי צו פארלייַכטערן די דערוואקסענע, וועלכע דארפן פלייַסיק און פראָדוקטיוו ארבעטן. די קינדער זייַנען אָנגעקומען אין דעם באשטימטן אָרט, ווו עס זייַנען אייַנגעאָרדנט פאר זיי קינדערגערטנער מיט אָפּטיילונגען לויטן עלטער. דאָרט וועלן זיי דערצויגן ווערן אונטער דער אופזיכט פון דערפארענע פּעדאגאָגן.

— און איצט, גענוג געווייַנט, גענוג געפוילט זיך! גענוג די ליידיקגייערייַ! מוטיק צו דער ארבעט! ענערגיש אויספילן די פליכט! — האָט דער קאָמענדאנט פארענדיקט, צוגעבנדיק: — כ'וועל ניט שטראָפן פארן פארניכטן מעלוכיש אייגנטום. כ'האָב באשטעלט נייַע שיסלען...

— ווען מיר קריגן עפּעס א בריוול, אן אָנגעשריבנס פון די דערוואקסענע, וואָס זייַנען מיטגעפאָרן, — האָט עמעצער דערוועגט זיך צו זאָגן.

— וואָס?! איר טרויט ניט דײַטשן?! — איז דער קאָמענדאנט געוואָרן מאָלע־כיימע, זיך געלאָזט מיטן גומי־פלעקל אהין, פונוואנען ס׳האָט זיך געהערט יענע ביטע, און גענומען מיימעסן די מענטשן איבער די קעפּ.

קלעפּ איבער מענטשלעכע שאַרבנס האָבן אָפּגעקלונגען אינעם קיל־בלעכן און זייער לויטערן פרילינגדיקן אינדערפרי.

## ווי לאנג דויערט א האלבע שאַ?

זיי זיצן פארגליווערט און שווײַגן: אן עלטערער מאַגערער מאנצבל מיט א נאקעטן קאָפּ, וואָס ציטערט אף זײַן דינעם האלדז, און א מיטל־יאָריק פּאָרפאָלק. זייערע אויגן זײַנען צוגעשמידט צו א ליידיק הילצערן קינדערבעטל, צו דער פארשפרייטער אף אים גרויער קאָלדרע.

זיי זיצן און ווארטן. קיינער האָט ניט קיין זייגער, מע זאָל קאָנען כאפּן א קוק און וויסן, ווען עס ענדיקט זיך די האלבע שאָ.

ווי לאנג דויערט א האלבע שאָ, וואָס מע גיט זיך צו אנטשיידן — לעבן בלײַבן אָדער אומקומען?

דער וואכמאן מיטן אווטאָמאט איבער דער ברוסט שטייט בא דער שוועל און רייכערט קאלטבלוטיק א סיגארעט. ער וואָלט געקאָנט א קוק טאָן אף זײַן זייגער און זאָגן, וויפל איז געבליבן, ביז ס׳וועט קומען זײַן עלטסטער. עפּשער וועט נאָך קלעקן צײַט, א נעס זאָל געשען? פאר דעם איז דאָך גענוג אן אויגנבליק.

דאָרט, אין דרויסן, באַלעבאטעוועט דער טויט. קינדערשע געוויינען און פארצווייפלטע יעלאָלעס פון מאמעס מישן זיך צונויף מיט וויסטע זידלערײַען און געשרייען אין דײַטש. דעם טומל פארטויבן ראדיאָ־הילכער מיט פריילעכע טענץ און קנאקעדיקע מארשן.

און אינעם מישמאש הערט ניט אויף צו שמײַסן אלץ די זעלבע און זעלבע פראגע פון די צעיושעטע פאשיסטן: „פאראן דאַ קעצלעך?"

מיט דער־אָ פראגע האָט צו די דרײַ, וואָס זיצן באם בעטל, זיך גע־האט געווענדט דער געשטופּלטער העלהאָריקער היטלעראַוועץ, ארײַנ־פאלנדיק צו זיי מיט זײַן באנדע.

— ווו איז דאָס קעצל? — האָט ער געשטויסן מיטן אווטאָמאט אינעם בעטל.

נאָך איידער מע איז צו זיי געקומען, האָבן די דרײַ באוויזן צו זען דורכן פענצטער, ווי פונעם אנטקעגנדיקן שטיבל האָט מען ארויסגעטראָגן פאר די קערקלעך צוויי אויפּעלעך און זיי ארײַנגעשלײַדערט אין דער בויד פון א לאסט־אווטאָ, דערנאָך ארײַנגעשטויסן אהין עטלעכע עלטערע קינדער. די מאמעס, וואָס האָבן זיך געריסן צו די קינדער, האָט מען אָפּגעשלײַדערט מיט רעציכע.

— ווו איז דאָס קעצל? — האָט זיך ניט באַרויקט דער געשטופּלטער, אויסטאפּנדיק אלע געלעגערס, ארומנישטערנדיק אין אלע ווינקלען פונעם שטיבל.

דער מאנצבל און דאָס פּאַרפּאַלק זײַנען געשטאנען ווי פֿאַרשטיינטע.

— כ׳גיב אײַך א האלבע שאָ, — האָט דער געשטופּלטער, שוין א ביסל געלאסענער, געזאָגט. — ווען איר ניט אָנווײַזן, ווו דאָס קעצל איז פֿאַר־שטעקט, פֿאָרט איר אליין אָנשטאָט דעם. און דערווײַל — זעצט זיך, באטראכט זיך.

איבערגעלאָזט בא דער טיר דעם שוימער, האָט ער מיט זײַנע געהילפֿן אוועקגעטראָגן זיך ווײַטער.

דער טומל, די יעלאָלעס און געשרייען פֿון גאס האָבן זיך ארײַנגעריסן אין צימער דורכן פֿענצטער, דורכגעדרונגען די ווענט, דעם באלקן. ס׳האָט זיך געדאכט, אז אויך פֿון הויף, פֿונעם שטעלכל, ווו ס׳איז אײַנגעריכט געווען א באהעלטעניש פֿאר דער מוטער מיטן קינד, טראָגן זיך פֿאַר־צווייפֿלטע קולעס.

און אויב מע האָט שוין דאָס קינד פֿון דער שכיינע ארײַנגעוואָרפֿן אינעם געדעקטן אווטאָ?

צוגעזאָגטן מיטן בליק צום קינדס בעטל, קאָרטשען זיך די דרײַ מענטשן צונויף, שווײַגן נאָך פֿארביסענער. זייערע מאכשאָוועס שטעלן זיך אָפּ אף איין פֿראגע: ווי לאנג וועט נאָך דויערן די האלבע שאָ? עפּשער א גאנצע אייביקײַט?

פּלוצעם רײַסט זיך אוף די טיר. ס׳פֿאלט ארײַן דער געשטופּלטער — די פּילאָטקע וווילינגעריש פֿארדרייט אין א זײַט, א פֿרעכער שמייכל שפּילט אף זײַנע פֿליישיקע ליפּן.

— נאָך אכט און דרײַסיק סעקונדעס, — מעלדעט ער, קלוימערשט א קוק טוענדיק אפֿן האנט־זייגערל. — ווו איז דאָס יינגל?

דאָס מאָל דריקט ער זיך אויס פּינקטלעך — „דאָס יינגל״, עס זאָל קיין מיספֿארשטייעניש ניט זײַן.

די דרײַ פֿארגראָבן נאָך טיפֿער די אויגן אינעם בעטל און זיצן, ווי פֿריִער — שטומע, אײַנגעשרומפּענע, פֿארשטארטע.

— נעמען זיי! — גיט א קאָמאנדע דער געשטופּלטער.

די דרײַ מענטשן שטייען אוף און שארן זיך וואקלדיק צום ארויסגאנג. עס ווארט שוין אף זיי א געדעקטע לאסטמאשין.

כ׳וויל, מע זאָל וויסן זייערע נעמען: יאקאָוו קארנאָ און דער פּראָווי־זאָר געלמאן מיט זײַן פֿרוי.

## איר לעצטער אופטריט

אירע באקענטע, אירע שכיינים האָבן זיך געוווּנדערט. נאָך מער האָט זי אליין, די שוישפּילערן סאָפֿיע ערדי, זיך געוווּנדערט, וואָס אָט, שוין איבער צוויי יאָר, ווי דער טויט מײַדט זי אויס. אזויפֿיל קאָרבאָנעס ארום איר, אזויפֿיל מענטשן פֿארשלעפּט מען אף אומקום, און זי שאנעוועט דער טויט. נאָך יעדער אקציע קאָן זי ניט קוקן די מענטשן אין די אויגן, פֿילט זיך ווי שולדיק אין דעם, וואָס אנדערע זײַנען אוועק און זי איז געבליבן.

זי איז א שוישפּילערן, א ייִדישע אַקטריסע. דערצו שוין ניט יונג, טויג ניט צו פיזישער אַרבעט. קאָן איצט קיינעם קיין נוצן ניט ברענגען. עסט לעכעם־כעסעד, ברויט, וואָס אַנדערע רײַסן אָפּ פון זיך. און די מעכאַבלים רייניקן אָפּ פון מאָל צו מאָל די געטאָ פון „נוצלאָזע עסערס"... אַזויפיל יונגע פאַלן אַרײַן אין אָט דער קאַטעגאָריע, און זי — ווי זי וואָלט געבוירן געוואָרן אין אַ גליקלעך העמדעלע. צי בלײַבט זי לעבן אַדאַנק איר אויסזען? צי רופט זי אַרויס צו זיך אַזאַ דערעכערעץ, אַז ס'פאַרהאַלט זיך די האַנט פונעם מערדער?

נאָר אויך איר ריי איז דערגאַנגען בײַסן כאַפּן קינדער און אַלטע לײַט.

זי האָט זיך ניט אויסבאַהאַלטן, געבליבן אין איר ווינקל, געוואַרט. און זיך דערוואַרט.

דערזען פאַר זיך די כאַפּערס, האָט זי זיך אויפגעהויבן און העפלעך געבעטן:

— וואַרט איין מינוט. נאָר איין מינוט, ביטע.

און ווײַל זי האָט זיך ניט געוועדט, האָבן די אָנגעקומענע ניט דער־ווידערט.

זי האָט אַרויסגענומען אַ שפּיגעלע, אָנגעפּודערט זיך, אָנגעפאַרבט די ליפּן. געטאָן עס, ווי פאַר אַן אויפטריט אין טעאַטער.

די שעליכים פונעם טויט — אין קאַסקעס, מיט אווטאָמאַטן אין די הענט — האָבן דערשטוינט געשוויגן, געדולדיק געוואַרט.

פאַרענדיקט דעם טואַלעט, האָט די שוישפּילערן אַרופגעוואָרפן אויף זיך אַ בונט קאַפּטל, דאָס איינציק אויסגעהיטע, זיך אויסגעגלײַכט, שטאָלץ אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אָפּוואַרפנדיק אויף הינטן די קוטשמעס העלע, גראָוו־ווערנדיקע האָר, און געלאָזט פאַלן דעם לעצטן זאַץ פון איר לעצטער רעפּליקע אויף דער לעבנס־בינע:

— אויך שטאַרבן דאַרף מען שיין!

## דער געטאָ־פאָטאָגראַף

מיר האָבן זיך פאַר אים געהיט. אַ גרונט דערפאַר איז געווען: ער איז אַרומגעגאַנגען איבער דער שטאָט אָן באַוואַכונג. (עמעס, אין רינשטאָק, מיט די געלע לאַטעס, ווי אַלע ייִדן.) געגאַנגען איז ער פאַריכטן ראַדיאָס בײַ פאַרשיידענע היטלעריסטישע סראָרעס: אין זייערע אַנשטאַלטן און פּריוואַטע וווינונגען.

פאָטאָס פון געטאָ־לעבן האָבן זיך בײַ אונדז פּלוצעם באַוויזן. (פאַר־שטייט זיך, נאָר בײַ יעכידים און בעסאָד־סוידעס.) מע האָט געשמועסט, אַז דאָס פאָטאָגראַפירט ער, דער פּריווילעגירטער ראַדיאָ־טעכניקער.

באַזיצן אַ פאָטאָ־אַפּאַראַט, פאָטאָגראַפירן האָט געשמעקט מיטן טויט. האָט מען נאָך מער גענומען זיך היטן פאַרן ראַדיאָ־טעכניקער, וואָס האָט פּלוצעם זיך אַנטפּלעקט ווי אַ פאָטאָגראַף. און דאָ נאָך — אַזוינע פאָטאָס! אַ סך פון זיי האָבן, ווי מע זאָגט, „פאַרייביקט געשיכטע" און זײַנען

געוועז באַדײַטנדיקע באַשולדיקונג־דאָקומענטן קעגן דער פאַשיסטישער בלוט־הערשאַפט. זיי האָבן פאַרפיקסירט אַ הענג־עקזעקוציע אין געטאָ און מאָמענטן פון אַקציעס און „איבערזידלונגען״. אַ סאַך פאָטאָס זײַנען געמאַכט געוואָרן באַם געטאָ־טויער: קאָלאָנעס מענער און פרויען, מיט בעטלער־זעק אויף די פּלייצעס ווערן קאָנטראָלירט אָדער „דעפּילירן״ פאַרבײַ דער טויער־וואַך, וועלכע שלאָגט די מענטשן מיט גומי־פּלעקלעך. די פאָטאָס האָבן אָפּגעשפּיגלט אונדזער בידנעם שטייגער: די צעשמאַטעטע האַלבאָשע און דאָס שוכוואַרג מיט די האָלץ־זוילן, וואָס מיר האָבן געטראָגן, אונדזערע שרעקלעכע וווין־באַדינגונגען. פון די שטומע פאָטאָקאַרטלעך האָט אַראָפּגעשריגן דער ווייַ פון אויסגעמאָגערטע, ווי פאַרפאָלגטע כײַעלעך, צעשראָקענע קינדער, אָפּגעשטעמפּלטע מיט דער געלער לאַטע.

...עס זײַנען געווען טעג פון צעווילדעוועטן אָנגריף אויף דער געטאָ. מע האָט זי געריסן, געפּליקט אויף שטיקער. געסטאַפּאָ האָט געזוכט „בונקערס״, דאָס הייסט באַהעלטענישן, געזוכט אונטערערדישע קעמפער. מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז אויך דעם „געטאָ־פאָטאָגראַף״ וויל מען כאַפּן. וואָרעם דעם ראַדיאָ־טעכניקער, וואָס פאַרנעמט זיך מיט פאָטאָגראַפיע? דערמיט קאָן מען זיך אַליין שטעלן אין אַ גרויסער געפאַר. נאָר טאָמער זוכט אים טאַקע געסטאַפּאָ, זײַנען דאָך אַלע כשאָדים קעגן מענטשן אומבאַגרינדעט. מער נאָך, ער איז אַ קעמפער! נאָך אַ געוויסן יישעוו־האַדאַס האָבן מיר באַשלאָסן: מע וואָרנט אים.

אַ פּאָר מינוט נאָך דעם, ווי מע האָט אים מודיע געווען וועגן דער געפאַר, איז צום שטיבל, וווּ ער האָט געלעבט, צוגעפאָרן אַן אויטאָ. עטלעכע געסטאַפּאָווצעס זײַנען פון אים אַרויסגעשפּרונגען און, אָפּקאָנטראָלירנדיק דעם שטוב־נומער, אַרײַנגעכאַפּט זיך אינעווייניק.

דער ראַדיאָ־טעכניקער איז שוין אָבער געווען אַרויסגעלאָפן דורך דער הינטערטיר. צום גליק, האָט ער געוווינט האַרט באַם צוים. צום גליק, האָט דער פּאָסטן ניט באַמערקט, ווי ער איז דורכגעקראָכן דעם דראָטגעפלעכט און פאַרשוווּנדן אין אַ דערבײַיִק געסל מיטן פאָטאָ־אַפּאַראַט אונטער דער מאַנטל־פּאָלע און אָנגעפּאַקטע קעשענעס מיט נעגאַטיוון־טאַשמעס.

## אַ לעבעדיקער איידעס

ס'איז ער, דער זעלבער יאַט. ווו האָט ער עס אַזוי פאַרשטויבט צי אויסגעשמירט אין קאַלך זײַנע האָר? כ'האָב שוין געוואָלט אופהייבן אַ האַנט אָפּצושטויבן זיי, נאָר... דער קאָפּ פונעם צוואַנציקיאָריקן באָכער איז געווען גראָוו. דרײַ כאַדאָשים זײַנען אַדורך, זינט מיר האָבן זיך דאָס לעצטע מאָל געזען. פאַר דער צײַט האָט ער געפּרוווט דערגרייכן פּאַרטיזאַנער, איז אַרײַנגעפאַלן אין געסטאַפּאָ, געווען אין נײַנטן פאָרט...

איצט איז ער ווידער מיט אונדז. דאָס פּנים אויסגעצויגן, די הויט — אַזש דורכזיכטיק, די אויגן — טינקעלער, גרעסער, ווי פריִער, — מאַמעש

זיי ברענען. קוקנדיק אף אים, האָב איך א טראכט געטאָן: אזוי האָבן מיסטאמע אויסגעזען גרויסע קעמפער, דענקער, נעוויִים, ווען זיי פלעגן טראָגן א נייעם עמעס אין לעבן אריין.

קיינער טאָר ניט וויסן, אז אָט דער יאט און זיינע כאוויירים האָבן זיך באנאכט אריינגעגאנוועט דורכן צוים אין געטאָ. און קיינער טאָר ניט וויסן, ווו די דאָזיקע מענטשן באהאלטן זיך איצט. אין אָט די באהעלטע־נישן, „מאלינעס" אף אונדזער לאָשן, וועט זיי אויסקומען ניט לאנג צו בלייבן. זיי וועלן אוועק אין וואלד, צו די פארטיזאנער, מיט וועלכע עס איז שוין אופגעשטעלט א גוטע פארבינדונג. דאָרט וועט דער קאמף, וועלכן זיי האָבן אָנגעהויבן אין אונטערערד, אין ביז גאָר טראגישע באדינגונגען, פארוואנדלט ווערן אין אן אָפענעם געראנגל מיטן סוינע.

נאָר דערווייל, ארומגערינגלט מיט שטרענגער קאָנספּיראציע, געפינען זיי זיך אין „מאלינעס". זיי האָבן זיך אויסגעבאָדן, זיך איבערגעטאָן, די אלטע בגאָדים פארברענט. פונדעסטוועגן טראָגט פון די געקומענע א שרעקלעכער גערוך, א גערוך פון פוילנדיקע מייסים. און די היטלעראָוו־צעס נישטערן ארום, זוכן די אנטלאָפענע פון נייננטן פאָרט, פון וועלכע עס טראָגט דער־אָ רייעך...

די געקומענע, ווייסן מיר, האָבן אף א פאנטאסטישן אופן זיך ארויס־געריסן אף דער פריי. מיר האָבן צו זיי דעם פולן צוטרוי. דאָך איז שווער צו באנעמען, וואָס דער גראָוו־געוואָרענער באָכער דערציילט:

— דער געגעם איז ניט קיין אויסטראכטעניש... איך בין דאָרט אליין געווען, געזען מיט די אייגענע אויגן צונויפגעלייגטע שטאבעלן פון שייטן האָלץ און מייסים... הענט, פיס, קעפ סטארטשען ארויס פונעם געהילץ... פלוצעם — אן אופרייס. ס'צעפלאקערט זיך א שטאבעל. דער שייטער זעצט אין הימל אריין לאנגע פייער־צינגער, צעשפרייט אין די זייטן פעכיקע קנוילן רויך, וואָס טראָגט פאנאנדער א גערוך פון סמאלינעס און א טערפקן איפעש. דער פלאם באפארבט אין צונטער־רויט די פענע־מער פון געשפענסטער, וועלכע אייסעקן זיך ארום אים. די דאָזיקע האלב־לעבעדיקע מענטשן טראָגן לאנגע גרויע שינעלן, שפיציקע היטלען. קייטן קלימפּערן אף זייערע פיס. אין די הענט האלטן זיי דרייצייניקע מיסט־גאָפּלען, מיט וועלכע זיי קלייבן צונויף די מענטשלעכע קערפּער־טיילן, וואָס וואלגערן זיך אף דער ערד. אָט האָט איינער אופגעהויבן א קאָפּ פון א פרוי מיט לאנגע קאשטאן־האָר, א צווייטער — א קינדיש פיסל אין א ווייס שיכעלע. דער קאָפּ און דאָס פיסל פליִען אין די פלאמען... איך, איך בין געווען איינער פון די דאָזיקע געשפענסטער! כ'האָב געברענט מייסים!

געשוויגן א רעגע, איז דער באָכער מאמשיך א קאפּ רויִקער:

— מיר פלעגן אופגראָבן מאסן־קוואָרים, פלעגן ארויסשלעפּן פון דאָרט די טויטע, צונויפלייגן זיי אין שטאבעלן — א שיכט האָלץ, א שיכט מיי־סים. יעדן שיכט באגאָסן מיט בענזין. פארנאכט־צו פלעגן מיר אָנצינדן דעם שייטער מיט טערמיט־לאָדונגען. א גאנצן מעסלעס האָט ער דאן געברענט. און אזוי טאָג־אויס, טאָג־איין... איינמאָל האָב איך געמיינט,

אז איך טראָג צום שײַטער מײַן געהארגעטן טאַטן, א קימאט נאקעטן. ווי־ניט־ווי איז ער געווען צוגעדעקט מיט צעפליקטע איבערבלײַבעכצן פון זײַן אונטערוועש... ווען ס׳פלעגט אויסקומען צו לייגן אף די טראָג־ברעטער נאקעטע פרויען, פלעג איך פארמאכן די אויגן. ניט געוואָלט זיי פארשעמען מיטן בליק פון א מאנצבל. מיסטאמע איז צווישן זיי געווען אויך מײַן מאמע...

ווידער ווערט אנשוויגן דער באָכער. עס גייט דורך א היפשע צײַט, ביז ער נעמט ווײַטער דערציילן:

— אוי, האָבן זיי זיך געווערט, די טויטע, ניט געוואָלט ברענען! גע־וואָלט בלײַבן כאָטשבי טויטע איידעס. ס׳פלעגט אויסזען, אז זיי לעבן פלוצעם אוף אפן שײַטער. א פוס טוט א צוק. א האנט, געבײַלט אין א פויסט, טוט זיך א הייב און פאלט אָנמעכטיק ארונטער, פארשווינדנדיק אינעם פלאם־פײַער. מיט מײַנע אויגן האָב איך געזען... דאָס קאָן מען ניט פארגעסן! פון דער היץ האָט געפּלאַצט דער בויך פון א שוואנגערער פרוי, וואָס איז געלעגן באם ראנד פון שײַטער, און אף דער ערד איז ארויסגעפאלן א קינד. אָקאָרשט געבוירן. אינעם אָפשײַן פון די פלאמען האָט עס ווי געוואָלט באגריסן די וועלט, דאָס לעבן... דער וואכמאן האָט מיך גענומען שלאָגן, האלעמײַ כ׳הייב ניט אוף דאָס אייפעלע און וואַרף עס ניט אין פײַער. מיך האָט געראטעוועט א כאַווער. ער האָט ארופגע־כאפּט אף זײַן גאָפּל דאָס טויטע גופל, א וואָרף געטאָן אפן שײַטער, אויס־רופנדיק: „דער גרעסטער וועלט־פארברעכער מוז פארברענט ווערן!”. דער היטלעראָוועץ האָט זיך צעשמייכלט און אופגעהערט מיך שלאָגן. אָבער אנדערע מענטשן האָב איך דאָך יאָ געברענט! געהאָלפן די מערדער פאר־ווישן די שפורן פון זייערע פארברעכנס. איז עס דען ניט קיין זינד? האָבן מיר, די מייסים־ברענער, זיך ניט פארזינדיקט לעגאבע דער געשיכטע?

דער דערציילער ווארט אף מײַן ענטפער. זאָג איך:

— אײַער אנטלויפן איז אויך געשיכטע. ס׳איז נעקאָמע...

— נעקאָמע... — כאפּט מיך אונטער דער באָכער. — מיר, די מייסים־ברענער, האָבן, ווי איר ווייסט, זיך אָרגאניזירט, קימאט מיט הוילע הענט אויסגעבויערט א לאָך אין אן אײַזערנער טיר, געפויזעט דורך טונעלן, זיך ארויסגעקײַקלט פון בערג, געקראָכן איבער בעטאָנענע ווענט... אזוי זײַנען מיר אין איינער א נאכט אנטלאָפן פון גענעם... גלייבט מיר, גע־פינענדיק זיך דאָרט, ווערט שוין ניט דער איקער בלײַבן לעבן, כאָטש יעדער מענטש וויל לעבן. ס׳האָט זיך געוואָלט נעמען נעקאָמע, דערציילן דער וועלט... איך בין דאָך אן איידעס, א לעבעדיקער איידעס, וואָס האָט ארויסגעטראָגן פון פײַער א מוירעדיקן סאָד.

## פרויען דערציילן

און אָט זײַנען אייניקע עפּיזאָדן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט מיט אונדזערע פרויען אין ספּעציעלע לאַגערן, וווהין זיי זײַנען פארשלעפּט

געוואָרן נאָכן ליקווידירן די געטאָ. די דאָזיקע דערציילונגען וועלן, פאַר־שטייט זיך, ניט אויסשעפּן דאָס, וואָס די פרויען האָבן איבערגעלעבט. זיי קאָנען בלויז צוגעבן אייניקע שטריכן צום אַלגעמיינעם בילד פון זייער און אונדזער ליידנסוועג.

## אָן א העמד

געקומען אין לאַגער, האָט מען אונדז אויסגעטאָן נאַקעט און אָפּגעראַ־זירט. „פון היגיענע וועגן״, — האָבן דערקלערט די עסעסאָווצעס. אינדער־עמעסן זײַנען אונדזערע האָר אוועק פאַר „רוישטאָף״ אויף ווייכע און לײַכטע מאַטראַצן... אָנשטאָט די צוגענומענע מאַלבושים האָט מען יע־דערער פון אונדז אַרויסגעגעבן איין אָפּגעטראָגן העמד און איין צע־טראַמפּלט קליידל — „אויפן גאַנצן לעבן״...

האָבן מיר געהיט, געציטערט איבער דעם דאָזיקן איין־איינציקן פאַר־מעגן, אָן וועלכן מע איז געווען הויל־נאַקעט, ווי אָפּגעשונדן. ווי האָט מען אָבער געקאָנט וואַשן דאָס העמד, עס זאָל ניט פאַרלײַזיקט ווערן, אַז אַפילע אין טרינקוואַסער איז געווען א דוחק? מיר פלעגן קריגן אָפּ־געמאָסטן א גלאָז וואַסער א טאָג. נאָר ניט אָפּהיטן ציכטיקײַט איז געווען דאָס זעלבע, ווי מאַכן שותפעס מיטן מאַלכאַמאָוועס.

ס׳האָט אונדז אָפּגעגליקט, גראָבנדיק אויף א פעלד א לאַנגן און טיפן קאַנאַל. מיר האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף גרונטוואַסער — א דין ריטשקעלע אויפן דעק פון גראָבן... פלעגן מיר ביגנייווע פון די קאָנוואָיִרן אַרומ־וואַשן זיך, איין מאָל אַפילע געוואַגט אויסוואַשן די העמדער. עטלעכע פרויען פלעגן פאַרשטעלן די, וואָס כאַפּט אַראָפּ איר העמד, טוט עס האַסטיק א שווענק און ציט עס אַרויף א נאַס׳ אויפן לײַב.

געקומען פאַרנאַכט אין לאַגער אַרײַן, איז עפּעס א פרוי אײַנגעפאַלן אויסטריקענען דאָס נאַסע העמד. אויפגעהאַנגען עס אויפן שטעכדראָט פונעם צוים און געבליבן היטן. די שטראַלן פון דער פאַרגייענדיקער זון זײַנען מילד, וואַרעמען, און ס׳וואָלט געוויס זיך געהאַט אויסגעטריקנט דאָס העמד. דאָ האָט מען אָבער געקלונגען צום „אָוונט־קאַווע״ — אָפּנעמען א שעפּלעפל ביטערע ברוין־שוואַרצע פליסיקײַט און א פּענעצל ליימיק ברויט.

פאַרגעסן אין אַלץ, האָבן זיך אַלע א לאָז געטאָן צו דער פעלדקיך. די פרוי, וואָס האָט איר העמד געטריקנט, האָט געצווייפלט: גיין צי ניט גיין? פונדעסטוועגן האָט זי באַשלאָסן צולויפן אָפּנעמען כאָטש די פּאָר־ציע ברויט.

צוריקוועגס האָט זיך איר אַנטקעגנגעטראָגן א געלעכטער. ס׳האָבן געלאַכט די לאַגער־פרויען, זיך מאַמעש געקאַטשעט פון געלעכטער. א קו פון א פאַרבײַגעטריבענער טשערעדע האָט געהאַט אַרופגעכאַפּט אויף די הערנער דאָס אויפגעהאַנגענע העמד און אוועק מיט דעם.

— פרויען, מײַן איינציק העמד! — האָט היסטעריש זיך צעשריִען די געליטענע. זי איז צוגעפאַלן צום צוים, בעטנדיק ראַכמים באַם פּאַסטעך,

ער זאָל אומקערן דאָס העמד. אים אפילע צוגעזאָגט באַדאַנקען. מיט וואָס? וואָס קאָן געבן א געפּאנגענער מענטש, דערצו נאָך אָן א העמד אפן לײַב?

דער פאסטעך האָט עטלעכע מאָל געפּרווּוט אראָפּנעמען דאָס שלי־מאזלדיקע העמד פון די הערנער. די קו האָט אָבער יעדעס מאָל פליגק זיך אויסגעדרייט און איז העט־ווײַט אוועקגעלאָפן.

מיסטאמע האָט דער פאסטעך, וואָס האָט אוועקגעטריבן די טשערעדע, זיך גיט פאַרגעשטעלט, אז ער לאָזט איבער א מענטש אָן א העמד אפן לײַב. און די אָוונטן זײַנען שוין קילבלעכע, די נעכט און באגינענס — קאַלטע. א מענטש אָן א ווארעמען מאלבעש בלײַבט איצט נאָך אָן א העמד, אָן דעם העמד, וואָס איז אים ארויסגעגעבן געוואָרן אפן „גאנצן לעבן"...

## טיף אײַנגעוואָרצלט

די זון באַקט אָן ראַכמאָנעס, כאָטש ס'איז סענטיאַבער. פון דער כמימע איז דער אספּאַלט אזש ווייך ווי טייג. אף אונדזערע שיך — פודן אָנגע־קלעפּטע ליים. שוועד צו הייבן די פיס נאָך א טאָג קאַטאָרגע אין די ליימיקע טראַנשייען, וועלכע מיר גראָבן. מיר קערן זיך אום אין לאַגער — הונגעריקע, אויסגעשעפּטע, פאַרצווייפלטע. און דער קרעמאַטאָרי־קוימען רייכערט...

אָנגעקומען „אהיים", אויסגעזופּט די „אָוונט־קאַווע", צעשיטן מיר זיך איבערן לאַגער־שעטעך, צעזעצן זיך אין שאָטן פון די הילצערנע באַראַק־לעך, ווו מיר נעכטיקן. ביז מע לאָזט אזוי זיצן, בלײַבן מיר אין דרויסן.

בא איינעם אזא באַראַקל האָט זיך געהאַט אײַנגעמאָסטעט א געוועזענע מאָלערן און אף א געפונען שטיקל קאַרטאָן מיט א ברעקעלע קויל עפּעס געצייכנט. דער מאָלערן האָבן „פּאָזירט" צוויי יונגע, ליבלעך־צוגעטוליע־טע אַרעסטאַנטנס.

ערשט ווי פון אונטער דער ערד איז לעבן דער מאָלערן אויסגעוואַקסן אונדזער אופזעער, א ראָטענפיורער פון עסעס, א בלוטדאָרשטיקער גאַזלען, וואָס ווייסט נאָר שלאָגן, פּײַניקן אָדער שיקן אין קרעמאַטאָרי. ער איז א רעגע געשטאַנען, באַקוקט דאָס געמעל, די איבערגעשראָקענע „מאָדעלן".

— אך, גאָט, ווי טיף דאָס לעבן זיצט, — האָט ער א וואָרטשע געטאָן און איז אוועק, קיינעם גיט שלאָגנדיק, ניט שטראָפנדיק.

מיר זײַנען געבליבן אָן לאָשן. זײַנע ווערטער און די ניט־אייגנטימ־לעכע פאַר אים רעאַקציע האָט געקאָנט דערשטוינען. דאַכט זיך, געמאַכט אונדז פאַר אויס מענטשן — דערנידעריקט, צעבראָכן, צעטראָטן, — און ס'העלפט ניט. צוויי יונגע פּענעמער — שיינע, לעבנסדאָרשטיקע, מיט האָפענונג־פלעמלעך אין די אויגן, — האָבן אראָפּגעקוקט פון דער צײַ־כענונג, וואָס א מענטש האָט געשאַפן אין שאָטן פון קרעמאַטאָריע־רויכן.

טיף איז אײַנגעוואָרצלט דאָס מענטשלעכע...

## די שוואַרצע פאַרב

ס׳איז טיפער האַרבסט. מיר גראָבן נאָך אַלץ טראַנשייען לעבן עפּעס אַ שאָסיי. און אַז די טראַנשייען וועלן פאַרטיק ווערן, וואָס וועט זײַן מיט אונדז?

— מע וועט אונדז דערווײַל ניט שיסן. מיר זײַנען זיי נייטיק, — טרייסטן זיך אַנדערע. — הינטער אונדזערע פּלייצעס באַהאַלטן די עסעסאָווצעס זיך אויס פונעם פראָנט.

און דער רעגן גיסט, פּליוכעט. מיר זײַנען פּיטש־נאַס, אַף דורך־און־דורך דערפרוירן. רוקן מיר זיך צונויף אין אַ ווינקל פון דער טראַנשיי און זוכן דאָרט אַ שטיקל שוץ פון די וואַסער־שטראָמען, וואָס דער פאַרכמאַרעטער הימל הערט ניט אויף צו גיסן, און טראַכטן: „ווען מען ס׳איז באַשערט צו פאַלן פון אַ קויל און ווען מען — אונטערגעקאָסיעט צו ווערן פונעם אומוועטער".

מיטאַמאָל האָבן די עסעסאָווצעס געבראַכט צו שלעפּן און אונדז צוגעוואָרפן עטלעכע אָפּגעטראָגענע שוואַרצע שינעלן. הייסט עס, אַז מיר זײַנען זיי טאַקע נייטיק, די וואַכלײַט...

זייערע שוואַרצע שינעלן, אַרופגעוואָרפענע איבער אונדזערע קעפּ... אַ שטיקל שוץ פונעם ווינט און דעם רעגן האָט עס געקאָנט זײַן. און מיר האָבן מיט עקל צוריקגעשלײַדערט די מאַטאָנע. בעסער קראַנק ווערן, בעסער אומקומען, איידער...

איינער פון די עסעסאָווצעס האָט געפּרוווט זיך פאַרשטעלן, פאַרוואָס מיר טוען עס, און גאַליק אַ זאָג געטאָן:

— שוואַרץ, וואָס? עס געפעלט אײַך ניט די עסעס־פאַרב?

## די ווערט פון אַ נאָדל

וויפל איז ווערט אַ קליין שטיקל דראָט מיט אַ שאַרפן שפּיץ אַף איין בריג און מיט אַ לעכעלע אַפן אַנדערן? אָבער אין לאַגער? עס צעפאַלן זיך אַף דיר די טראַנטעס. דו מוזט זיי ווי־ניט־איז צוזאַמענשטשאָבען, אופהאַלטן, אויב דו ווילסט אופהאַלטן דײַן לעבן. ווי וועסטו עס אָבער טאָן אָן נאָדל־פאָדעם? אַ קאַפּצן גיט זיך אַן אייצע, זאָגט מען. ניטאָ קיין באַוול, דריוולט מען אויס אַ פאָדעם פון מאַלבעש. אָבער דאָס קליינע שטיקל שטאָלענע דראָט מיטן לעכעלע, ווו נעמט מען אַ נאָדל?

בא איינער אַ פרוי האָט זיך אָפּגעזוכט אַ נאָדל. שוין לאַנג האָט דער שטאָל פאַרלוירן זײַן גלאַנץ. די נאָדל איז באַדעקט מיט זשאַווער. מיר שלאָפן דאָך אין ניט באַהייצטע דיקטענע בײַדלעך אַפן אָפענעם פעלד, ווו פון דער נעץ שימלען די קליידער.

אַ פאַרזשאַווערטע נאָדל, אָבער פאָרט אַ נאָדל! אין אַ פרײַער מינוט גייט זי פון האַנט צו האַנט. מע פאַריכט די מאַלבושים, די אַנעטשעס, וואָס פאַרבײַטן אונדז זאָקן.

די אײגנטימערן פון דער נאָדל היט זי, ווי דעם גרעסטן פארמעגן. פאר געבן באנוצן זיך מיט דער נאָדל פאלט איר צו א צוגאָבלעכער ביסן ברויט, א לעפל זופ.

דארף פאסירן, אז איינע פון אונדזערע פרויען האָט פארלוירן די אנטליִענע נאָדל. זי האָט געזוכט, אלע האָבן געהאָלפן זוכן, זיך ארויסגעשלאָגן פון די קויכעס זוכנדיק, און אומזיסט. צענדליקער, צענדליקער אָפגעריסענע לאגערניצעס זײַנען געבליבן אָן א נאָדל!

די נאָדל־אײגנטימערן האָט נאָך אלץ ניט באנומען, וואָס איר האָט געטראָפן, אזוי פריטשמעליעט איז זי געווען. זי האָט בלויז געציטערט פון אופרעגונג און געמורמלט:

— מײַן שפײַזערן, די נאָדל. אזא רײַכקײַט, אזא רײַכקײַט...

די שולדיקע האָט געבראָכן מיט די הענט — וואָס זאָל זי טאָן, וואָס זאָל זי טאָן? און זיך גענומען פארענטפערן:

— זײַט מויכל, אף נעמאָנעס, כ׳האָב ניט געוואָלט... נאָך דער מילכאָמע, אז מירן, אימירצעשעם, באפרײַט ווערן, גיב איך אײַך אָפּ א גאנץ פעקעלע נאָדלען...

א רעגע זיך אָנגעקוקט, זײַנען ביידע פרויען ארופגעפאלן איינע דער אנדערער אפן האלדז און זיך צעיאָמערט.

## זײַן פארגעניגן

מע קאָן ניט זאָגן, אז מיר האָבן ניט געהאט קיין פיצל מענטשלעך פרייד אין לאגער. מיר האָבן געלעבט מיט די דערינערונגען פונעם אמאָל, בעשטיקע געזונגען, האגאם דאָס איז געווען פארבאָטן, גערעדט וועגן ביכער, זיך געלערנט ריידן רוסיש... א שיינער וועטער, א געדיכטע זופ, ווײַטע באָמבע־אופרײַסן — האָבן פארשאפט פרייד.

אויך אונדזער שטענדיק שווײַגעוודיקער, פלעגמאטיש־גלײַכגילטיקער עסעסאָוועץ, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער שפּײַז־פארטיילונג, האָט זיך געהאט זײַנעם א פארגעניגן: זונטיק נאָכמיטיק זיך אוועקזעצן אף דער באנק פארן קיך־באראק, אויסגעפוצט אין דער פאראדנער אוניפאָרם, אוועקלייגן לעבן זיך עטלעכע לעבלעך ברויט אוןווארטן, עס זאָל זיך צונויפקומען א כאָפּטע לאגער־פרויען. א וואָרף געטאָן דאָס ברויט די ארעסטאנטנס, פלעגט ער צוקוקן, ווי זיי פאלן עס נעמען, און אָפּלאָזן זײַן הונט — צו בארוזקן די שטרײַטנדיקע...

דאָס פלעגט זיך איבערכאזערן יעדן זונטיק.

ניט איין מאָל האָבן מיר זיך געהאט פאָרגעוואָרפן, האלעמײַ מיר דערנידעריקן זיך און פארווײַלן דעם סאדיסט. די עלטערע פון צווישן אונדז האָבן לעסאָף „פארשטרײַקט" — אופגעהערט שפּילן פארן גאזלען אף דער גלאדיִאטאָרן־ארענע און גערופן מער ניט אָנעמען זײַן „פילאנטראָפּיש" ברויט.

ניט אלע האָבן געפאָלגט. איינע האָבן געטײַנעט, אז דאָס ברויט איז אונדזערס. ער האָט עס ארויפגעגאנוועט אין מעשעך פון דער וואָך פון

אונדזערע בידנע פּאַרציעס, דארפֿן מיר עס, זײַנען גאָר מעכוּיעוו צונעמען. אנדערע האָבן זיך פֿארענטפֿערט, אז אדאנק דעם שטיקל צוגאָבלעך ברויט האַלטן זיי אונטער די צאנקענדיקע קויכעס. א יונג מיידל האָט דערקלערט, אז דאָס ברויט דארף זי נייטיק פֿאר איר אָפּגעשוואכטער קראנקער מוטער.
מיר האָבן זיך ניט געגריבלט, ניט געפּרוווט פֿעסטשטעלן, ווער ס׳איז גערעכט. נאָר געדאנקט האָבן מיר דעם קאַוועיאָכל, וואָס דער אויסוואורף פֿארוויילט זיך בלויז איין מאָל א וואָך, זונטיק.

## ניט אײַנגעבראָכן

דער ווינטער האָט זיך אָנגערוקט. ס׳איז קאלט געוואָרן, א שניי איז געפֿאלן. האָבן מיר פֿון א גרויסער בלעכענער פּושקע זיך געמאכט א שטיקל אייוועלע, צו קאָנען אָנוואַרעמען א קאפּ דאָס בײַדל, ווו מיר נעכ־טיקן. דארף פּאסירן, אז אן עלטערע פֿרוי האָט צוגעשטעלט אפֿן אייוועלע אָפּקאָכן קרויטבלעטער אין א קאָנסערוון־פּושקע און אליין אָפּגעגאנגען אין א זײַט. באם אייוועלע האָט זיך געוואָרעמט א צווייטע פֿרוי, א גע־וועזענע אָפּערע־זינגערן. עפּנט זיך צום שלימאזל די טיר, און דער ראַ־פּאָרט־פֿיורער גופֿע דערזעט, אז מע קאָכט עפּעס אינעם בײַדל. מאכט ער ניט קיין שיִעס און פֿארשרײַבט דעם נומער פֿון דער פֿרוי, וועלכע ער האָט געכאפּט שטיין באם אייוועלע. אומזיסט האָט זי געטײַנעט, אז ניט זי קאָכט עס. דער נומער, וואָס אַף איר ברוסט, איז שוין געווען פֿארשריבן.
אוועק איין טאָג, א צווייטער. מיר האָבן שוין געהאָפֿט, אז די געשיכ־טע מיטן געקעכץ איז פֿארגעסן געוואָרן. אָבער אפֿן דריטן טאָג, נאָכן אומ־קערן זיך פֿון דער ארבעט, האָט מען אלעמען אופֿגעזאמלט אפֿן פּלאַץ אינמיטן לאגער. מע האָט אויסגערופֿן דעם נומער פֿון דער „שולדיקער״. איצט האָט זי זיך ניט פֿארטיידיקט, און דער לאגער־קאָמענדאנט אליין האָט מעקײַעם געווען די מיצווע פֿון ארײַנצייילן איר פֿינף און צוואנציק שמיץ.
גומענע פּלעקלעך, אָנגעפּילטע מיט בלײַ, האָבן געדראָשן איר לײַב, און די געשמיסענע האָט קיין פּיפּס ניט געטאָן. פֿארביסן די ליפּן און גע־שוויגן.
מיר האָבן דעם אָוונט אונדזער ברויט־פּאָרציע ניט גענומען. הונגע־ריקע, צעבראָכענע זײַנען מיר ארײַנגעקראָכן אין די בײַדלעך, אײַנגע־גראָבן זיך אינעם שטרוי און געוויינט, געוויינט א גאנצע נאכט.
אינדערפֿרי האָט די געליטענע געבעטן, מע זאָל איר העלפֿן אופֿשטיין צום „אפּעל״ — זאָלן די שמײַסער ניט מיינען, אז מע האָט זי אײַנגע־בראָכן.
דער לאגער־קאָמענדאנט האָט אליין קאָנטראָלירט, צי די באשטראָפּ־טע איז ארויס צו דער ארבעט. אָנגעקוקט זי מיט כויזעק, האָט ער א זאָג געטאָן:
— איצט קאָנסטו זינגען די אריִע פֿון דער אָפּערע „דער געשמיסענער הינטן״.

ער האָט פאַרגעדענקט, דער אויסוואורף, אַז בייס איינער אַן אינספּעק־ציע האָט ער געטראָפן די דאָזיקע פרוי זינגען און זיך דערוווּסט, ווער זי איז.

מיר האָבן די געשמיסענע דערפירט ביז צו די טראַנשייען, זי איינגע־אָרדנט אין אַ געשיצט ווינקל און יעדערע צוביסלעך אויסגעדלובעט אין דער געפרוירענער ערד אויך איר „נאָרמע". זי זאָל ניט פרירן, האָבן מיר מאַסאַזשירט איר די הענט און פיס, דאָס פּאָנעם. אויך מיר האָבן געוואָלט דערוויַיזן אונדזערע סראַרעס, אַז מענטשן קאָן מען ניט איַינברעכן.

— אַ גליק, וואָס געשמיסן האָט מען מיך. די אַלטע וואָלט ניט אויס־געהאַלטן, — האָט, בײַלנדיק די פויסטן, געזאָגט די צעקאַטעוועטע שיינע, שטאַלטנע און שטאָלצע פרוי.

אין עטלעכע וואָכן אַרום האָט מען געביטן דעם לאַגער־קאָמענדאַנט.

באַלד דערנאָך איז עס געשען. אין איינעם אַ באַגינען האָבן מיר אומ־זיסט געוואַרט די געוועזענע אָפּערע־זינגערין. איצט, ווען דער, וואָס האָט געשמיסן, איז שוין ניט געווען, האָט זי, ווײַזט אויס, געהאַלטן, אַז זי מוז ניט אומבאַדינגט אופשטיין. איז זי געבליבן ווײַטער שלאָפן. אויף אייביק.

## אַ פרוי אויף אַ שטיין

געטריבן פון שוואַרץ־געקליידטע עסעסאָווצעס און זייערע הינט, האָבן מיר זיך געשלעפּט איבערן פאַרשנייטן וועג. ווער ס'האָט ניט אויסגע־האַלטן און געפאַלן, איז דערשאָסן געוואָרן. דער קאַראַוואַן פון מענטשן־שאָטנס האָט איבערגעלאָזט הינטער זיך אויפן העלן פליין שוואַרצע שפּורן — פאַרשניטענע לעבנס. אַזוי האָט מען עוואַקויִרט אונדזער פרויען־לאַגער, ווען דער פראָנט האָט זיך דערנעענטערט. די ווירקלעכקייט האָט באַשטע־טיקט אונדזער באַליבט ווערטל: „די ישועה איז אויף דער נאָז, און דער כאַלעף — אויפן האַלדז".

מיר שלעפּן זיך, שלעפּן זיך... און דאָ, אויף אַ גרויסן שטיין, וואָס האָט אַרויסגעסטאַרטשעט פונעם שניי באַם ראַנד פון וועג, איז אויסגעוואַקסן אַ פרוי, איינע פון אונדזערע פרויען, אין הוילע טראַנטעס און איינגאַנצן באָרוועס. אויסגעוואַקסן הויך איבער אַלעמען, האָט זי פון דער זײַט, ווי אַ פאַרגליווערטע געשפּענסט־סטאַטוע, אופגעוונמען די דעפּיליאַדע פון די מענטשן־שאָטנס, שרײַענדיק:

— פאַרשאָלטן זאָלן זיי זײַן און אין בלוט זאָל מען זיי דערטרינקען, די ראָצכים, די ראָצכים! מײַן קלאָלע זאָל זיי טרעפן און מײַן בראָך זאָל זייער לעבן פלעטן! איך פאַרשילט זיי אויף אייביק, אייביק! פאַרגעדענקט מיך, איך בין כּײַע שאַליט, כּײַע שאַליט!

די עסעסאָווצעס האָבן איר יידיש ניט פאַרשטאַנען און געלאָזט זי אומגעשטערט שרײַען. ס'האָט זיי פאַרוויַילט די אויסטערלישע סצענע מיט דער, ווי זיי האָבן זיך אויסגעדריקט, „מעשוגענער סאָווע". זיי האָבן זי ניט געטריבן מיטגיין און ניט דערשאָסן. זי וועט דאָך פון אָרט ניט אַראָפּ. אירע באָרוועסע פיס וועלן צופרירן צום ניט פאַרשנייטן, איַיז־

קאלטן שטיין, אף וועלכן זי האָט אוואדע געזוכט א רעטונג, און דער פראָסט וועט איר נעשאָמע ארויספרעסן.

אָבער אָפּגייענדיק א רעכטן מעהאלעך, האָבן זיי, קענטיק, זיך באַ־טראכט, אז די פרוי אפן שטיין קאָן זיך אמאָל דערוואָרטן דעם אויסלייז: די הארמאטן־שיסעריַי, וואָס קומט פון מיזרעך, ווערט אלץ שטארקער, אלץ נעענטער. האָבן זיי פון דער וויַיט געגומען זיך פארמעסטן אין ציל־שיסן, זיך אזוי לאנג פארמאָסטן, ביז די גרויליקע פרוי־סטאטוע איז אראָפּ־געפאלן פון איר שטיינערנעם פּאָסטאמענט.

אד־קאן — דערציילונגען פון פרויען, געוועזענע ארעסטאנטנס פון קאָוונער געטאָ.

## א סאנאטאָריע...

מיר זיַינען געשטאנען אונטערן רעגן אפן זאמל־פּלאץ באַם געטאָ־טויער און געווארט, מע זאָל קומען אונדז נעמען צו דער ארבעט. דורכ־געווייקטע, דורכגעקעלטערטע, איז אונדז פאָרגעשטאנען א לאנגער טאָג פון שווערער ארבעט אונטערן פריַיען הימל.

געקומען זיַינען דאָס מאָל נאָך אונדז נייַע וואכליַיט. וועלן זיי ניט זיַין אכזאָריעסדיק? וועלן זיי לאָזן איבערכאַפּן דעם אָטעם? וועלן זיי ניט שטערן איַינשאפן זיך באַ די שטאָטישע איַינוווינער א ביסל שפּיַיז?

כ׳געדענק ניט, צי עמעצער האָט זיך באקלאָגט פאר א נייַעם וואכמאן אף אונדזער וויסטער לאגע, צי דער וואכמאן אליין האָט אָנגעהויבן. אלנ־פאלס, ער האָט געלאָזט פאלן אזוינע ווערטער:

— באַ איַיך איז א סאנאטאָריע אין פארגלייַך מיט די ערטער, פונוואַ־נען מיר קומען.

ווי אונדזער „סאנאטאָריע" זעט אויס, האָבן מיר שוין צו גוט געוווּסט. אז די נייַע וואכליַיט קומען פון קאָנצלאגערן אין פוילן און מיזרעך־פריַיסן, האָבן מיר זיך אויך באלד דערוווּסט. ניט געוווּסט האָבן מיר דער־וויַיל, וואָס דאָרט טוט זיך, און זיך ניט פאָרגעשטעלט, אז אינגיכן וועט א גרויסער טייל פון אונדז אריַינפאלן אהין.

זאָל מיר דערלויבט ווערן איבערדערציילן אייניקע עפּיזאָדן, א טראָפּן פון דעם, וואָס די געוועזענע אסירים פון קאָוונער געטאָ האָבן דאָרט איבערגעלעבט. כ׳מיין, אז אויך אינעם דאָזיקן טראָפּן וועט זיך אָפּשפּיג־לען דער יאַם.

## אָפּגעהאקטע הענט

מאמעש ווי א הייליקע אווידע פלעגן די עסעסאָווצעס דורכפירן דעם „אפעל" — דאָס אויסמושטרירן און דאָס ציילן די לאגער־אסירים באגינען באַם אופשטיין און פון אָוונט פארן צעגיין זיך איבער די בעראקן אף

נאכטלעגער. די טראַדיציאָנעלע קאָמאַנדעס „מיצען אַב!“ (אויסטאָן די היטלען) און „מיצען אַאויף!“ (אָנטאָן די היטלען) האָבן די אסירים גע־דאַרפט אויספילן בליץ־שנעל און אַלע, ווי איין מענטש. די „אַפּעלן“ פלעגן זיך פאַרציִען שאָען, ביז אַלץ פלעגט זיך באַקומען לויטן געשמאַק פון די באַפעלגעבער. ס'האָט אויסגעזען, אַז זיי, די „אַפּעלן“, זיינען געוואָרן אַ זעלבסטצוועק, ווי צוליב זיי זיינען ביכלאַל די לאַגערן געשאַפן געוואָרן.

אינדערפרי זיינען מעכויעוו געווען אויסשטעלן זיך אויפן אַפּעל־פּלאַץ אַלע אָן אויסנאַם — די לעבעדיקע און די געשטאָרבענע בעמעשעך פון דער נאַכט. יאָ, אַפילו די טויטע! אויך זיי האָבן געדאַרפט אָנטיילנעמען אין דער צערעמאָניע. עס האָבן געמעגט פאַרגיין שאָען, די אויסגעמאַ־טערטע מענטשן האָבן געמעגט דורכגעווייקט ווערן ביזן ביין אונטערן רעגן, פאַרגליווערט ווערן פון קעלט, כאַלעשן אָדער גאָר פאַלן טויט אויף אָן אָרט, — קיינעם האָט עס ניט געקימערט. די צאָל קעפּ, וואָס איז אריין און אַרויס פון די באַראַקן, האָט געמוזט שטימען!

אַ מאַטערניש איז געווען מיט די געשטאָרבענע באַנאַכט... צוויי קוים לעבעדיקע סקעלעטן האַלטן אונטער די אָרעמס אַ מעס און קאָנען ניט ווי געהעריק אויסטאָן און אָנטאָן די היטלען. די מייסים שטערן דער קאָ־לאָנע פוס־אין־פוס צומאַרשירן צום טויער, וווּ די געשטאָרבענע ווערן צוגויפגעוואָרפן אין אַ קופּע.

איז עמעצער פון די לאַגער־סראָרעס געפאַלן אויף אַ האַמצאָע: צו וואָס שלעפּן צום „אַפּעל“ די מייסים? ס'איז דאָך פיל באַקוועמער אָפּהאַקן זיי די לינקע הענט מיט די אויסגעטאַטויִרטע נומערן און ברענגען צו דעם קאָנטראָל!

אַזוי איז טאַקע געבליבן. אויפן טיש פונעם „לאַגער־שרייבער“ פלעגט יעדן פרימאָרגן אויסוואַקסן אַ בערגל נאַקעטע, ביזן עלנבויגן אָפּ־געהאַקטע הענט. אופמערקזאַם איבערלייענענדיק יעדן האַנט־נומער, פלעגט דער „שרייבער“ אים אויסמעקן פון דער רעשימע, און די האַנט, שוין אַן אומנוציקער קעגנשטאַנד, פלעגט אַריינפליִען אין אַ מיסט־וועגל, וואָס האָט געהאַט איין מאַרשרוט — צו די אויוונס פונעם קרע־מאַטאָרי.

## גאָלד

די לאַגער־פירערער זיינען שוין לאַנג ניט געווען אַזוי צעקאָכט: ווו איז עס געהערט געוואָרן! אַזוינע שלעפּער! אַזאַ אָרעמען טראַנספּאָרט האָבן זיי נאָך ניט געהאַט! קיין איין גאָלדן רינגעלע, קיין איין גאָלדענע מאַט־בייע! אַפילו אַ זייגערל איז באַ קיינעם ניט געווען בעניִמצע. ניט אַנ־דערש, זיינען די עסעסאָווצעס געקומען צום אויספיר, אַז די ניי־אָנגעקו־מענע האָבן, דערהערנדיק דעם באַפעל אָפּצוגעבן אַלע ווערטזאַכן, באַ־

וויזן זיי באצײַטנס אראָפּצושלינגען. בלײַבט איין אויסוועג: אויסשווענקען זיי די געדערים און אזויארום ארויסבאקומען דאָס גוטס, וואָס ווערט אויסבאהאלטן.

קיין ריצנייל, ביטערזאלץ צי אנדערע רעפּועס האָט מען צוליב דעם ניט געדאַרפט. אונטער דער האנט איז געווען א מער עפעקטיווער, דערצו אומזיסט מיטל — די וואסער פונעם לאגער־ברונעם. אין אים האָט גע־שוויבלט און געגריבלט מיט באקטעריעס, וועלכע האָבן געווירקט שטאר־קער, ווי די שטארקסטע מעדיצין. ניט אומזיסט פלעגן די „אלטע״ לאגער־ניקעס אָפּגעבן א העלפט פון זייער נעבעכדיקער פּאַרציע ברויט פאר א קווערטל געקאָכטער וואסער.

די נײַ־אָנגעקומענע האָבן, פארשטייט זיך, דערפון ניט געוווּסט. מע האָט דערלויבט אָנטרינקען זיך, זײַנען זיי, דאָרשטיקע, פארשמאכטע, צוגעפאלן צום ברונעם. ניט געשפּירט אפילו דעם עקלהאפטן טאם פון דער וואסער.

שוין דעם זעלבן טאָג האָבן זיי זיך געקאָרטשעט פון ווייען — די דיזענטעריע־באצילן ווירקן טייקעף. עס זײַנען געוואקסן די רייען בא די אָפּטרעטן.

אף מאָרגן האָבן די לאגער־באלעבאטים אָפּגעקליבן פון נײַעם טראנס־פּאָרט דרײַ מענער — ניט פון די יינגסטע, ניט פון די עלטסטע — מיטל־יעריקע, סאָלידע, לויטן אויסזען קרעפטיקע און געהאָרכזאמע. באפוילן זיי אויסטאָן זיך, אראָפּקריכן אין דער אָפּטרעט־גרוב און אויסגעפינען יענע ווערטזאכן, וועלכע די מענטשן פון זייער טראנספּאָרט האָבן געהאט אויסבאהאלטן אין די בײַכער מיטן ציל צו בארויבן דאָס דריטע רײַך. אראָפּקריכן און ניט וואגן ארופצוקומען, ביז די שיסלען, וועלכע מע האָט זיי געגעבן, וועלן ניט פול זײַן מיט גאָלד.

די איבעריקע נײַ־אָנגעקומענע, געפּײַניקטע פון שרעקלעכע קראַמפּן, האָבן געמוזט צוקוקן, ווי די דרײַ מענער וועלן צוריקערן דער דײַטשישער מאכט, וואָס איר קומט. זײַנען אלע געשטאנען אין שרעק און ציטערניש. זיי האָבן דאָך געוווּסט, אז געקומען זײַנען זיי שוין פון אלץ בארויבטע. נאָר עפשער, עפשער וועלן די מענער אין דער גרוב עפּעס יאָ גע־פינען און אויסקויפן דעם כעט פון זייער אָרעם זײַן. עמעצער פון די אל־טע לאגערניקעס האָט זיי געטרייסט, אז אין דער גרוב קאָן מען טאקע געפינען טײַערע כפייצים. א פריערדיקער טראנספּאָרט איז אָנגעקומען ניט אזוי ארומגעשונדן, און זײַנע מענטשן, דערזעענדיק, אז מע נעמט אלץ צו, האָבן באוויזן ארײַנצוווארפן אין די אָפּטרעטן זייערע ביז איצט אויסגעהיטע ווערטזאכן. דאַרף מען האָפן...

אויך די עסעסאָווצעס האָבן ניט פארלוירן די האָפענונג. מע טאָר ניט צולאָזן דעם געדאנק, אז די נײַע שלעפּער זאָלן אלץ האָבן אָפּגעגעבן אנ־דערע, און זיי, די אָרטיקע לאגער־טוער, וועמען ס'וועט אויסקומען צו אייסעקן זיך מיט די דאָזיקע שלעפּער, ביז מע וועט זיי דארפן ליקווידירן, וועט קיין זאך ניט צופאלן.

לאנג האָבן זיך פאַרהאַלטן די מענער אין דער אָפּטרעט־גרוב, און די דײַטשן איז נימעס געוואָרן וואַרטן.

— איר זײַט דאָרט אײַנגעשלאָפן, צי וואָס? געפעלט אײַך די לופט דאָרט, צי וואָס? אַרויס מיט די קאָסטבאַרקײַטן!

די דרײַ מענער זײַנען געווען געהאַרכזאַם: אַרויסגעקראָכן פון דער גרוב און אויסגעשטרעקט די שיסלען, פאַרפולטע מיט צויע...

דאָס איז געווען אַן אומגעהערטע כוצפּע. האָט מען זיי מיט שטעקענער פאַרקאַטעוועט אױף טויט.

## „ווערט־ערפאַסונג"

אויסשטשירענדיק זײַנע ציין, האָט דער ראַטענפיורער אָטאָ עטלעכע מאָל איבערגעכאַזערט פאַר די אסירים:

— איר וועט לעבן, לעבן!

האָט ער געכויזעקט? ניט שוין זשע האָט ער אַ גרונט עס צו זאָגן? ניט שוין זשע וויל ער טרייסטן, צוגעבן מוט זיך צו האַלטן? ווער קאָן אים גלייבן, דעם הויכן, פּולבלעכן שלעגער, וועלכן מע האָט געקרוינט מיטן צונאָמען „באָקסיאָר". אָפּט פלעגט געגנוג זײַן זײַנער אַ זעץ מיט דער פויסט אין האַרצן אָדער קין, דער געטראָפענער זאָל בלײַבן ליגן טויט אויפן אָרט. און איצט נעמט דער „באָקסיאָר" באַהויפּטן: „איר וועט לעבן!" אויב אזוי, דאַרף ער אופהערן באָקסן, די לאַגער־באַלעבאַטים דאַרפן מילדערן דעם רעזשים און כאָטש אַ ביסל פאַרבעסערן די באַשפּײַזונג פון די אסירים, ניט מאַטערן זיי אױף דער אַרבעט און שאַפן אין די באַראַקן די עלעמענטאַרסטע לעבנס־באַדינגונגען.

אין לאַגער האָט זיך אָבער קיין זאַך ניט געענדערט. מע איז געפאַלן אױף דער אַרבעט, מע איז אויסגעגאַנגען אױף די נאַרעס, און דער קרעמאַטאָרי־קוימען האָט זיך גערייכערט... בלויז אָטאָ האָט אופגעהערט טרענירן זײַנע הענט און קיינעם ניט געבאָקסט מיט זײַנע פויסטן. אגעוו, עפּעס ניט זייער וועזנטלעכס איז יאָ געשען: מע האָט אופגעהערט שערן אױף גלאַט די אסירים.

האָט דער אוילעם מיט פרייד איבערגערעדט:

— מע וועט אונדז לאָזן טראָגן „פריטשאָסקעס". מירן אויסזען ווי מענטשן. עפּשער לאָזט מען טאַקע לעבן?

איין מאָל האָט אָטאָ, דערקלערנדיק, אַז מירן שוין לעבן, צוגעגעבן:

— איצט וועלן אפילע אײַערע האָר ברענגען נוצן דער גרויס־דײַטשישער אימפּעריע. איר פאַרשטייט — „ווערט־ערפאַסונג"!

דער דאָזיקער באַגריף איז לאַגער־אסירים גוט באַקאַנט. וואָרטלעך באַטײַט עס: ווערטן־אופזאַמלונג, און אין דער היטלעריסטישער טערמינאָלאָגיע — פולשטענדיקע באַרויבונג פונעם מענטשן. לעבאַטכילע — אויסקוועטשן דאָס לעצטע ביסל כּוח אױף דער צוואַנג־אַרבעט; און נאָכן טויט — באַרויבן די באַרמינענס, אויסרײַסן זייערע גאָלדענע ציין, קעדיי

צו פֿאַרפֿולן דעם פּאַראָרעמטן דײַטשישן אימפּעריש גאָלד־פֿאָנד; פֿאַרטאָן דאָס מענטשלעכע פֿעטס, אויב אַזאַ איז אַף די מײסים נאָך פֿאַראַן, אין דער זײף־פּראָדוקציע; איבעראַרבעטן די מענטשלעכע בײנער אַף באַמיסטיקונג־שטאָפֿן... איצט וועלן אויך די האָר ניט גײן אין ניוועץ.

מע האָט אופֿגעהערט שערן די אסירים. בלויז איבערן מיטן קאָפּ — פֿון שטערן ביזן נאַקן — האָט דער לאַגער־פֿאַבריקמאַכער מיט דער שער־מאַשינקע דורכגעפֿירט אַ שמאָלע סטעזשקע אין די האַר. יעדע וואָך באַ־נײַט זי — קענטלעך געמאַכט די אַרעסטאַנטן, זײ זאָלן ניט טראַכטן וועגן אַנטלויפֿן.

די דאָזיקע נײַע דעטאַל אין דער „נײַער אָרדענונג" האָט מען אָנגע־רופֿן לעקאָוועד איר שעפֿער — „היטלער־שטעג".

אָטאָ האָט אַרומגעשמײַעט אַרום זײַנע אסירים, געפּאַכעט מיט די לאַנ־גע, אָן אַרבעט געבליבענע הענט, און שיִער ניט געפּלאַצט פֿון פֿאַרדראָס:

— אַלץ די אינסטרוקציע... זעסט, וואָס דאָ טוט זיך. מענטשלעכע האָר איז אויך אַן אַרטיקל...

אַן אַנדערשמאָל האָט ער אַלײן זיך ווי געטרײסט, דערקלערנדיק די אסירים דעם טיפֿן זין פֿון דער „האָר־אינסטרוקציע":

— אײַערע שאָפּענע קעפּ קאָנען ניט באַגרײַפֿן, וואַסערע ווונדערלעכע זאַכן מע מאַכט פֿון מענטשישע האָר. קאָנאַטן פֿאַר אונטערוואַסער־שיפֿן — אײנס, שטעקשיך פֿאַר זײערע מאַנשאַפֿטן — צוויי, מאַטראַצן — דרײַ, ספּעציעלן פֿילץ — פֿיר, ספּעציעלע זאָקן — פֿינף... און נאָך און נאָך... זעט איר, אונדזער אײַנפֿאַלערישקײַט?! ווי שעפּסן זײַט איר באַ אונדז...

די הענט האָבן זיך אָבער פֿאָרט געביסן אָטאָן. אַזוי פֿיל באַשעפֿענישן האַלטן זיך קוים אַף די פֿיס און בעטן זיך, מע זאָל זײ דערלאַנגען דעם לעצטן קנאַק אין קין אָדער אונטערן לעפֿעלע, און דאַ — שאַנעווע זײ! שאַנעווען? אַזאַ אָנווײַזונג איז, עמעס, ניטאָ נאָך, אָבער די אינסטרוקציע ניט שערן זײ... אַלץ די „ווערט־ערפֿאַסונג", צום דאָנערוועטער!

## דער אַנטלאָפֿענער

אַז ס'איז פֿאַרשוווּנדן דאָס שוואַרצכײנעוודיקע, שטענדיק שווײַגעוו־דיקע, ווי אַ שפּאָן אויסגעטריקנטע יאַטל מיט די גרויסע קאַרשן־אויגן, האָט מען זיך געכאַפּט ערשט פֿאַרן סאָף פֿונעם אַרבעטסטאַג.

עס פֿעלט אַ מענטש! איז געוואָרן יענע בעהאָלע.

אין לאַגער מעג מען, מע איז אַפֿילע מעכוייעוו שטאַרבן פֿון הונגער, פֿון אומדערטרעגלעכער האָרעוואַניע. די לאַגער־מוישלים וועלן ניט האָבן קעגן, זאָלסט אויסהויכן די נעשאָמע אונטער אַן אַרופֿגעוואַלגערטן אַף דיר באַרג שטײנער אָדער זאָלסט צעקוועטשט ווערן צווישן צוויי אָנגע־

לאָדענע וואגאָנעטקעס. ס'איז געווען „נאָרמאל", אויב אַן אויסגעשעפּטער מענטש שלאָפט איַין אויף דער נארע זיַין אייביקן שלאָף אָדער שטייט ניט אויף נאָך דעם, ווי ער קריגט זיַין פּאָרציע שמיץ. נאָר פון העלער הויט נעלעם ווערן — איז שטרענג פארבאָטן.

ווען ס'איז פארשוווּנדן דאָס יאטל, איז די גאנצע באוואכונג אליאַר־מירט געוואָרן. אדאנק אירע פּירפּיסיקע געהילפן האָט זי אַן שווערקיַיט געכאפּט דעם פארשווּנדענעם. מע האָט אים געפונען אַן אויסגעצויגענעם אפן גראָז פון א לאָנקע אינעם דערבייַיִקן וועלדל. אין שיַין פון דער מיל־דער אָוונטיקער זון האָט ער געכאפּט א דרעמל, ניט האָבנדיק קיין אנונג, וואָס פאר א טומל זיַין פארשווינדן האָט ארויסגערופן.

— איך קאָן ניט זען, ווי מע שלאָגט, — האָט ער, זשמורענדיק די אויגן, זיך פארענטפערט.

— ער איז פון זינען אראָפּ, — האָט געפּאסקנט איינער פון די וואכ־לייַט.

די שטראָף ווערט אָבער צוליב דעם ניט פארגעבן. די שטראָף אין לאַ־גער גילט ניט אזוי פארן שולדיקן, וועמענס גורל ס'איז סיַיווי געכאס־מעט, ווי פאר די איבעריקע אסירים, וואָס זיַינען דערוויַיל מעכויעוו נאָך צו לעבן.

— איך קאָן ניט זען, ווי מע שלאָגט, — האָט דאָס יאטל געפּרעפּלט.

— און צוזען, ווי מע שלאָגט דיך, קאָנסטו? — האָט געפרעגט א צוויי־טער עסעסאָוועץ, אָנהייבנדיק מיימעסן דעם געלאָפּענעם.

דאָס יאטל איז געפאלן אויף דער ערד, צונויפגעדרייט זיך אין א קנויל און אזוי געבליבן ליגן. מע האָט אים געבריקעט, ער זאָל אופשטיין, גע־שטויסן מיט ביקסן־קאָלבעס. און ער, ווי ניט אים מיינט מען עס. ווי ער איז געלעגן, אזוי איז ער געבליבן ליגן.

— א מעשוגענער, — האָבן פעסטגעשטעלט די לאגער־מוישלים.

פאר אנטלויפן מוז מען שטראָפן עפּנטלעך. ווי שטראָפט מען אָבער אזא איינעם, וואָס קאָן ניט זען, ווי מע שלאָגט אנדערע און בלייַבט אינ־גאנצן גלייַכגילטיק, בייס מע שלאָגט אים אליין?

— זאָל ער, אויב אזוי, אליין שלאָגן אנדערע, — האָט פאָרגעלייגט עמעצער פון די וואכלייַט.

מע האָט אים אריַינגעשטופּט א פלאָקן אין האנט, צוגעפירט צו עט־לעכע אסירים און באפוילן שלאָגן זיי. דאָס יאטל איז געשטאנען מיט אופגעריסענע אויגן און ניט פארשטאנען, וואָס מע וויל פון אים. ס'האָט ניט געהאָלפן דער צוזאָג, אז מע וועט אים אלץ מויכל זיַין, אויב ער וועט שלאָגן.

— ניקס צו מאכן — א וואנזיניקער, — האָבן ענדגילטיק באשלאָסן די עסעסאָווצעס און זיך מעיאשעוו געווען, וואָס וויַיטער צו טאָן.

איינער פון זיי, וואָס האָט געשעמט מיט זיַינע האמצאָעס, האָט עפּעס צוגעטראכט. ער האָט ארויסגענומען פון יאטלס האנט דעם פלאָקן, אים אריַינגעשטעקט אין דער ערד און צוגעשמידט דעם יאטלס פוס

אף א קייט צום פלאָקן. דערנאָך האָט ער אים געגעבן א לאָפּעטע און באפוילן:

— טו זיך א דריי ארום דעם פלאָקן, ציִענדיק די קייט. זעסט, ס'ארא קרײַז דו האָסט אָנגעצייכנט אף דער ערד? אָט אזא רונדע גרוב זאָלסטו אויסגראָבן, פארשטייסט, וואנזיניקער?

דאָס יאטל האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און אָנגעהויבן גראָבן. מע זאָל נאָר קיינעם ניט שלאָגן.

זײַן „אָוונט־קאָווע" האָט ער ניט באקומען. די לאגערניקעס האָט מען געצוווּנגען פארבײַגיין די גרוב מיטן באקומענעם ברויט און די שיסלען טרינקעכץ. מע האָט שטרענג געהיט, קיינער זאָל דעם יאטל ניט צוווארפן קיין ביסן.

דאָס יאטל האָט באגלייט די פארבײַגייענדיקע מיט א מילדן שמייכל — אבי מע שלאָגט ניט.

א הונגעריקער האָט ער געגראָבן אויך באנאכט.

אינדערפרי, פארן ארויסגיין צו דער ארבעט, האָט מען צו דער גרוב צונויפגעטריבן אלע אסירים. אפן דעק איז געלעגן צונויפגעקאָרטשעט דאָס יאטל, זײַן פוס צוגעשמידט מיט דער קייט צום פלאָקן. קיינע קלעפּ האָבן אים ניט אופגעוועקט, ניט אופגעהויבן. ער איז געבליבן צו זיי גלײַכ־גילטיק. געבליבן גלײַכגילטיק אויך צו דער אופגייענדיקער זון, וואָס איז ניט אויסגעלאָשן געוואָרן פון צאר, גלײַכגילטיק צום הימל, וואָס האָט ניט אופגעהערט צו זײַן בלוי און לויטער, ווי קיין זאך וואָלט ניט האָבן פאסירט.

דאן איז באפוילן געוואָרן צו פארשיטן דעם „וואנזיניקן" מיטן זאמד, וואָס ער האָט באוויזן ארויסוווארפן פון דער גרוב, ער זאָל שוין קיינמאָל ניט וואגן אנטלויפן...

## די ציין־אינווענטאריזאציע

אויסער א פּאָר צעטראמפלטע הויזן און א העמד פון זעלבן גרוי־בלוי־געשטרײַפטן שטאָף אפן אויסגענאָגטן קערפּער פארמאָגט דער לאגער־ארעסטאנט מער גאָרנישט. מיט וואָס זאָל ער זײַן נוציק דעם דריטן רײַך, אז אפילע די האָר פון קערפּער זײַנען שוין לאנג אָפּגעשוירן און אוועק אף מאטראצן?.. דער אויסגעטריקנטער לאגערניק טויג ניט ווי רוישטאָף פאר דער זייף־אינדוסטריע. זײַנע ביינער וועט מען נאָך קאָנען איבער־ארבעטן אף באמיסטיקונג פאר דער לאנדווירטשאפט... נאָר ביז וואָס־ווען בלײַבט אים די הייליקע פליכט פון ארבעטן און זיך באטייליקן אין אויספילן די טעגלעכע „טויטן־נאָרמע", וואָס איז פון פאָרויס באשטימט פארן לאגער.

פונקט ווי באם לעבן, אזוי אויך גלײַך נאָכן טויט האָט די מאכט זיך פארנומען מיטן לאגערניק. מע האָט קאָנטראָלירט זײַנע ציין און ארויס־

געריסן די גאָלדענע. און אזויווי דער דאָזיקער האכנאָסע־מאָקער פון דער דײַטשישער מעלוכע און פון די לאגער־באלעבאטים איז די לעצטע צײַט קימאט אינגאנצן אויסגערונען, זײַנען די היטלעראָווצעס געוואָרן שטארק פארזאָרגט. ווו קומען אהין די גאָלדענע ציין?

האָט דער קאָמענדאנט בײַס איינעם אן „אפעל" באפוילן אלע אסירים צוגיין צום טישל פונעם רעגיסטראטאָר, דעם אזויגערופענעם „שרײַבער", און ברייט עפענען דאָס מויל. א ציינדאָקטער האָט פארצייכנט, וועלכע גאָלדענע ציין, פראָטעזן און בריקן דער ארעסטאנט פארמאָגט, פאר־צייכנט פינקטלעך, פאכמעניש.

נאָכן פארענדיקן די פראָצעדור האָט דער קאָמענדאנט געוואָרנט, אז ווײ וועט זײַן דעם, בא וועמען אין מויל ס'וועט עפעס פעלן פון די גאָל־דענע אָביעקטן. טאָמער פאלט אזא ארויס פון־זיך, דארף מען דעם ווערט־פולן קעגנשטאנד באלד איבערגעבן דער לאגער־פארוואלטונג. דאָס וועט ווערן אָפּגעמערקט, קעדיי דער ארעסטאנט זאָל שפּעטער ניט האָבן קיין אומאָנגענעמלעכקײַטן, ווײַל דער, וואָס וועט באגאנווענען די מעלוכע, וועט שטרענג באשטראָפט ווערן...

די ציין־אינווענטאריזאציע האָט דערמאָנט אלעמען, ווו מע האלט אין דער וועלט. די, וועלכע האָבן געהאט ארויסגעריסן זייערע גאָלדענע ציין און אויסגעביטן אָף ברויט, האָבן לעכאטכילע זיך דערפרייט, וואָס זיי איז געראָטן אָפּצונארן די הענקער, אָבער באלד פארייִעשט געוואָרן פון דעם, וואָס עס דערוואַרט זיי. די, וועלכע האָבן זיך ערשט געקליבן נאָכ־צוטאָן די דאָזיקע פּיפּיקערע כעוורעלײַט, האָט פארדראָסן, האלעמײַ זיי האָבן פארשפעטיקט, און זײַנען אויך ארײַנגעפאלן אין דעם זעלבן ייִעש. צעקלעמט זײַנען ארומגעגאנגען יענע, וואָס האָבן ניט געהאט אין מויל קיין גאָלד. וואָס גאָלדענע ציין, ווען גאָלדענע ציין, אויב עס קומט אום דער מענטש, די וועלט.

נאָר דאָ האָט עמעצער אויסגערופן:

— וואָס האָט איר אראָפּגעלאָזט די נעזער? און אז זיי וועלן שוין קאָנטראָלירן אונדזערע מײַלער און געפינען לעכער אָנשטאָט גאָלד, איז וואָס? וואָס וועלן זיי אײַך, מייסים, שוין קאָנען טאָן? העכסטנס — מענאַ־שעק זײַן... הערט מײַן אייצע: רײַסט ארויס אײַערע גאָלדענע ציין, בײַט זיי אויס אָף אכילע און עסט געזונטערהייט.

די שווערע שטימונג איז א קאפּ געמילדערט געוואָרן.

## אין דער „הייליקער" נאכט

ערעוו ווײַנאכט האָט א גרופּע אסירים געמוזט אופשטעלן אינמיטן לאגער א הויכע, שלאנקע, מיט וואלד און פרײַהײַט שמעקנדיקע יאָלקע.

האָט מען ווען־ניט־איז אזוינס געזען? וואָס איז, מאָשייִעכס צײַטן?

די עסעסאָווצעס האָבן דערקלערט:

— ווײַנאַכט! אַלע מענטשן, מעגן זיי זײַן לאַגער־אַרעסטאַנטן, דאַרפֿן פֿילן דעם דאָזיקן פֿײַערטאָג פֿון מענטשן־ליבע און פֿרידן אויף דער ערד.

— די לעצטע ווײַנאַכט פֿאַר זיי, דעריבער ווילן זיי עקסטרע אָפּמערקן די כאַגע, — האָט אַ זאָג געטאָן צו זײַנע כאַווײרים איינער פֿון די מענער, וואָס האָבן אויפֿגעשטעלט די יאָלקע.

און אַז מע האָט זי אויפֿגעשטעלט, האָט דער זעלבער באַריידעוודיקער לאַגערניק זיך אָנגענומען מיט דרייסטקײַט און אַ פֿרעג געטאָן די עסעסאָווצעס:

— מיט וואָס וועלן די הערשאַפֿטן באַפֿעלן אויספּוצן דעם „טאַנענבאַום״?

— אָ, עס וועט זיך שוין אײַנגעפֿינען שפּילצײַג, — האָט מען אים ערנסט געענטפֿערט.

באַלד איז געקומען דער באַפֿעל צוצופֿעסטיקן קווער צו דער יאָלקע אַ באַלקן, גוט אונטערשפּאַרנדיק זײַנע ברעגעס. פֿון אָט דעם באַלקן האָט מען אַראָפּגעלאָזט פֿיר שטריק מיט שלייפֿן אויף די ענדן.

איצט האָט מען שוין ניט געדאַרפֿט דערקלערן, וואָס פֿאַר אַ „יאָלקע״ דאָס איז. אַלע האָבן אויך פֿאַרשטאַנען, אויף וועמען עס וואַרטן די שטריק... פֿיר „פֿאַרזינדיקטע״ אַסירים, יונגע יאַטן, האָט מען מיט עטלעכע טעג צוריק פֿאַרשפּאַרט אין קאַרצער פֿאַר אַ „פֿאַרברעכן״. טראַגנדיק אויף באָרװעסע פֿיס אומגעלומפּערטע שטעקשיך מיט הילצערנע זוילן, האָבן זיי זיך אָנגעריבן ווונדן. די ווונדן האָבן געייטערט, געוואָרן פֿון טאָג צו טאָג גרעסער, טיפֿער. אַלע האָבן געוווּסט, אַז אַזעלכע ווונדן דערפֿירן צו דעם קרעמאַטאָרי, און זיי, די יאַטן, האָבן געוואָלט לעבן. האָבן זיי אָפּגעריסן פּאַסן פֿון זייערע, מישטיינסגעזאָגט, לײַלעכער און אַרומגעוויקלט די ווונדן.

דער לאַגער־קאָמענדאַנט האָט באַמערקט די אַרומגעוויקלטע פֿיס...

פֿינף און צוואַנציק שמיץ אַפֿן נאַקעטן לײַב און קאַרצער איז פֿאַר די „פֿאַרזינדיקטע״ געווען, קענטיק, בלויז אַן אַוואַנס.

ס׳איז אָנגעקומען די „הייליקע נאַכט״ — ווײַנאַכט. מע האָט אויסגעמושטירט די לאַגער־אַסירים אַנטקעגן דער „יאָלקע״, וואָס איז געשטאַנען אינעם אַרומיקן כוישעך און קעלט, אין אָפּגעגאָסענע מיט פּראָזשעקטאָרן־שײַן. דער קאָמענדאַנט, באַגלייט פֿון זײַנע געהילפֿן, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין דער פֿולער פּאַראַד־אוניפֿאָרם, אַפּילע מיט אַ זילבערן שווערדל, אָנגעהאַנגען אַפֿן רימען. עפּעס אַ קלייניקײַט, ווײַנאַכט! ער האָט אַרויסגענומען אַ פּאַפּיר און פֿאָרגעלייענט דעם „טאַגעסבאַפֿעל״ לעקאָווען דעם פֿײַערטאָג. אין אַלעמענס אויערן האָבן, ווי מעסערס, זיך אײַנגעשניטן די ווערטער:

— אין נאָמען פֿונעם גרויס־דײַטשישן רײַך און זײַן פֿירער אַדאָלף היטלער... אופֿהענגען פֿאַרן פֿאַרניכטן רײַכס־פֿאַרמעגן...

דאָס איז געווען די אָפיציעלע ווערסיע. פאַקטיש האָט עס געזאָלט זײַן א שטראָף פאַרן פּרוּוו צו שטערן דער לאַגער־אָנפירונג אויספילן די טעגלעכע „טויטן־נאָרמע".

מע האָט אופגעהאַנגען די פיר יאַטן אונטערן געשאַל פון הילכערס, וואָס האָבן פאַנאַנדערגעטראָגן אין דער פינצטערער ווײַט די באַרימטע דײַטשישע ווײַנאַכט־ליד „שטילע נאַכט, הייליקע נאַכט"... דערנאָך איז די אסירים שטרענג באַפוילן געוואָרן מאַרשירן מיט אופגעהויבענע קעפּ אַרום דעם „טאַנענבאַום".

אונטער די קלאַנגען פון אַלץ דער זעלבער ליד וועגן דער שטילער און הייליקער נאַכט האָט מען געצווונגען די מענטשן מאַרשירן אַרום דער „יאָלקע", די בליקן געווענדט צו די העל באַלויכטענע, באָרוועסע, מיט ווונדן באַדעקטע פיס פון די אופגעהאַנגענע. לאַנג, לאַנג האָט מען גע־צווונגען די מענטשן אַזוי מאַרשירן — זיי זאָלן גוט זיך צוקוקן און פאַרגעדענקען...

מיר פאַרגעדענקען עס. אַזוינס קאָן מען ניט פאַרגעסן.

# אינהאלט

*Елинас Мейерис Лейзерович*

ИХ ВЗГЛЯДЫ ВСТРЕТИЛИСЬ

М., «Советский писатель», 1972, 384 стр. План выпуска 1972 г. № 190. Художник *Г. А. Кравцов.* Редактор *С. В. Гордон.* Худож. редактор *Е. Ф. Капустин.* Техн. редактор *Т. С. Казовская.* Корректор *А. Б. Стрельник.* Сдано в набор 10/V 1972 г. Подписано к печати 29/IX 1972 г. Бумага 84×108$^{1}/_{32}$ № 1. Печ. л. 12 (20,16). Уч.-изд. л. 22,37. Тираж 4000 экз. Заказ № 1432. Цена 86 коп. Издательство «Советский писатель». Москва К-9, Б. Гнездниковский пер., 10.

Ордена Трудового Красного Знамени Московская типография № 7 «Искра революции» Главполиграфпрома Государственного Комитета Совета Министров СССР по делам издательств, полиграфии и книжной торговли. Москва, пер. Аксакова, 13.